הרב ד״ר מאיר שווארצמאן

# דער ייִדישער פּלאַם



ה׳ תשי״ח 1958

וויניפּעג — קאַנאַדע

# פאָרוואָרט

דער יידישער פלאַם ווערט קיינמאָל ניט פאַרלאָשן, וואו דער ייד געפינט זיך, צי אין ארץ ישראל, צי אין די פאַרוואָפענסטע געגענדן אין די תפוצות, סיי אין געדיכטן ישוב, און סיי אין די ווילדערנישן פון די קאָנטינענטן, טליעט אין אים דער ג־טליכער פונק. דער ניצוץ אלקי, די נקודה הפנימית.

ביי געהויבענע יידן צעפלאַמט זיך דער פלאַם, ער דער־וואַרמט אים אַלע זיינע רמ״ח אברים ושס״ה גידים, זיין האַרץ זיין מוח, זיין נשמה און אַלע זיינע חושים. אַלע זיינען באַווירקט פונם ג־טליכן פייער.

דער יידישער פלאַם איז דער עמוד האש, וועלכער גייט פאָראויס און ווייזט דעם יידן זיין יידישן וועג.

דורך ימים און מדבריות, דורך די ווילדערנישן פון פעלקער, דורך סביבות פון אָפּנויג און אפּיקורסית, פון פרייגייסט און פריקת עול מלכות שמים, באַשטראַלט דער יידישער פלאַם דעם יידן און לאָזט אים ניט אריינפאַלן אין שאול תחתית אריין.

ווארויל איז דעם געהויבענעם יידן וועלכער שפּירט און פילט, זעט, און טאַפּט אָן ממש מיט זיינע גייסטיקע הענד דעם יידישן פלאַם, דעם עמוד האש.

אפילו דער „עמך ייד״ דער עם הארץ, דער קאַלטער, דער דערווייטערטער, פונם יידישן פלאַם, אויך ביי אים אין האַרצן טליעט אַ פונק. אַ ג־טליכער פונק. בערגער אַש האָבן אים נאָר פאַרשאָטן, אָבער זיי קאָנען אים ניט פארלעשן...

ווען עס דערוועקט זיך אַמאָל ביים יידן פון פאָלק אַ תשוקה, צו דערהויבענקייט, אַ געפיל פון חרטה, אַ באַגער צו תשובה, קאָן ער פון זיך אָפּטרייסלען די אַש, און דער ג־טליכער פונק וועט זיך צעפלאַמען... כתרנגלתא דמתנערא מעפרא..

יידישע יום טובים האָבן אַ געוואַלדיקן כח צו העלפן דעם יידן, סיי דעם למדן, סיי דעם חסיד, סיי דעם אויפגעקלערטן און סיי דעם עם הארץ, ער זאָל זיך דערנענטערן צום הייליקן מקור צום אייביקן קוואַל און צום יידישן פלאַם.

די קאַפּיטלעך איבער יידישע יום טובים וועלכע געפינען זיך אין דאָזיקן בוך, וועלן זיכער דערוואָרעמען איטלעכן לייענער און אים דערנענטערן צום הייליקן קוואַל און צום ברענענדיקן קיינמאָל אויסגעלאָשענעם פלאַם.

דער חשובער לייענער דאַרף אָבער געדענקען אַז די קאַפּיטלעך איבער די יידישע יום טובים זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע יאָרן, אין דער צייט פון די לעצטע וועלט מלחמה, אין דער צייט פונם ענגלישן מאַנדאַט איבער ארץ ישראל און שפּעטער ווען הקב״ה האָט באַווירקט די פאַראייניקטע פעלקער, זיי זאָלן אָנערקענען די יידישע מדינה כאָטש אויף אַ טייל פון היסטאָרישן פון אים צוגע־זאָגטן הייליקן לאַנד כדי די תועים זאָלן ניט מיינען, אַז די גאולה איז שוין געקומען...

פאַרן לייענען פון איטלעכן יום טוב קאַפּיטל, איז געוואונשן דער לייענער זאָלן פריער זען דעם דאַטום, ווען דער, אָבער יענער קאַפּיטל איז געשריבן געוואָרן.

דער לייענער וועט געפינען אינם בוך אַ קורצע מאָנאָגראַפיע פונם נשר הגדול, פון רמב״ם ז״ל, אויף וועמענס מצבה אין טבריה איך האָב געזען אויסגעקריצט דעם פיל זאָגענדן טיטול:

**ממשה עד משה לא קם כמשה**

דער לייענער וועט אויך זען אינם בוך צוואַנציק קאַפּיטלעך וועגן ערשטן גערער רבי ז״ל, דער בעל חידושי הרי״ם. די דאָזיקע צוואַנציק קאַפּיטלעך זיינען דער ערשטער טייל פון דער מאָנאָגראַפיע „דער ערשטער גערער רבי״.

אין יאָר תשי״ד האָב איך זוכה געווען צו באַזוכן דאָס הייליקע לאַנד, כ׳האָב אויך אָנטייל גענומען אין דער פערטער כנסיה הגדולה פון אגודת ישראל.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרעגסן יענעם הייליקן מעמד. ווען איבער צען טויזנט חרדים ויראים, האָבן אַנטייל גענומען אין דער דערעפענונג פון דער כנסיה הגדולה, און פאַקלאַמירט אויפסניי אַז: **אורייתא קודשא בריך הוא וישראל חד הוא.**

איך פיר אַוועק דעם לייענער איבער אַלע טיילן פונם הייליקן לאַנד, איבער ירושלים, טבריה, צפת, חיפה, תל אביב, יפו, איבער יידישע קיבוצים און מושבות, איבער יידישע בערג און טאָלן פעלדער און גערטנער און צווישן פאַרשידענע שבטים פון אחינו בני ישראל, איך בין אייך מבטיח, אַז ס׳וועט איטלעכן אָנכאַפּן אַ חשק און אַ תשוקה צו באַזוכן ארץ ישראל. און די ליבע צו ארץ ישראל וועט ביים לייענער פאַרשטאַרקט ווערן.

דער דאָזיקער ספר איז מיט כוונה געשריבן אין יידיש, כדי פאָלקס מענטשן זאָלן זיך אויך קאָנען דערנענטערן און וואַרעמען ביים יידישן פלאַם.

## מאיר שוואַרצמאַן

יושב ראש נכבד פון ועד הרבנים

אין וויניפעג — קאַנאַדע.

שבט, תשי״ח

# אינהאַלט

א

# נייע פיר קשיות

זייט מיר מוחל, רבותי, פאַר דעם וואָס איך וועל היי־יאָר ניט באַרירן די מה נשתנהס פון דער הגדה; איך וועל דורכלאָזן אַלע מאָטיוון פונם הערלעכן און גייסטרייכן סדר. ניט וועגן מצה און ניט וועגן מרור, ניט וועגן חרוסת און ניט וועגן די ארבע כוסות — אפילו דעם אפיקומן וועל איך דורכלאָזן היי־יאָר...

איי, טאָמער וועט זיך חלילה טרעפן אַן אומגליק ביים סדר, ווען אַן עם־הארץ וועט מאַכן די ברכה „על אכילת מרור" אויף אַ פערטל עוף, און „אשר נתן לנו תורת אמת" (וועלכע ער געדענקט נאָך פון זיין בר־מצווה) אויף די געפילטע פיש, וואָס זיין ווייב אָדער שוויגער האָט צוגעגרייט לכבוד פסח...

מילא, וואָס קאָן איך העלפן איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט היי־יאָר ניט צו באַטראַכטן אין מיין פּסחדיקן אַרטיקעל וועגן פּסחדיקן ענינים, וויל איך זיך ניט „באַדערן" אפילו מיט די „ארבעה בנים". ניט מיטן חכם, ניט מיטן רשע, ניט מיטן תם, און על אחת כמה וכמה ניט מיטן שאינו יודע לשאול...

עס ווילט זיך פרעגן אַ נייע „מה נשתנה". מה נשתנה, מיט וואָס איז אַנדערש דאָס אידישע פאָלק פון דעם פינישן פאָלק וואָס האָט גלייך נאָכן וואָפּענשטילשטאַנד באַקומען זיין אומאָפּהענגיקייט און איז געוואָרן אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך?...

מה נשתנה, מיט וואָס זיינען אַנדערש די פיליפּינען אינזלען, וואָס געפינען זיך אין מיטן פּאַציפישן ים, פון ארץ ישראל, וואָס ליגט ביים ברעג פונם מיטללענדישן ים?...

מה נשתנה, פאַרוואָס ווערט ישראל אַזוי ברוטאַל באַהאַנדלט פון אַלע פעלקער? צי דערפאַר ווייל דער איד דער האָט דער וועלט געלערנט וועגן ג־ט און רעליגיע, וועגן גייסטיקע און דערהויבענע אידעאַלן, וועגן יושר און גערעכטיקייט?... צי דערפאַר, ווייל יידן האָבן דער וועלט געגעבן אַזעלכע געטלעכע נביאים און פּאַראַייביקט זייער פלאַם־פייערדיקע רייד אין די פיר און צוואַנציק ביכער פונם תנ"ך, אָדער ווי די גויים רופן עס — בייבל?...

מה נשתנה, מיט וואָס זיינען פּאָרט אנדערש די פיליפּינען אינזלען פון ארץ ישראל, דאָס לאנד פון הייליקטום, דאָס וויגעלע פון אלע רעליגיעס, וואָס באהערשן די וועלט? דאָרט, אויף יענע אינזלען, רעגירן די קינדער פונם לאנד און עס לעבן זיך דאָרטן אויס, לויט זייער לעבנס־שטייגער, די וואָס זיינען פּארוואָרצלט אין זייער פאָטער אָדער מוטער־לאנד.

פּארוואָס ווערן יידן אזוי ברוטאל בארויבט פון דער אָקופּירנדיקער מאנדאטן־מאכט? פאר וועלכע זינד? פאר וועלכע חטאים? צי זיינען די טויערן פון א״י געווען אָפן פאר איטלעכן פליט און לאנדלאָזן יידן, און זיי, די טויערן, זיינען פארהאקט געוואָרן ערשט ווען די טעראָריסטן האָבן אָנגע־הויבן אויפרייסן בריקן און צעפּולווערן מיליטערישע פונקטן?...

דער „ווייסער פּאַפּיר" איז דאָך פארעפנטלעכט געוואָרן, דאן ווען דער ישוב האָט נאָך געהאט אמונה און גלויבן אין ענגלאנד... און בראוו און אָרנטלעך זיינען דאָך דאן נאָך געווען אפילו די היינטיקע געפערלעכע...

צי האָבן דען בלויז די פיליפּינער געקעמפט פאר דער טובה פון די פאראייניקטע פעלקער, און די אידן זיינען געווען דעזערטירער?... מיט וואָס האָט מאנילא, די הויפּט־שטאָט פון די פיליפּינען, זוכה געווען מער ווי ירושלים?...

ירושלים, די קרוין פון דער וועלט און די פרייד פון אלע איינוואוינער פון דער ערד, ליגט צו שאנד און צו שפּאָט, מיט שטעכיקע דראָטן בלאָ־קאדירט, אירע איינוואוינער זיינען פארצוימט און אויסגעשטעלט צו אלע צרות און פּיין; ירושלים, די שטאָט פון קדושה, און טהרה, דער טרוים ניט בלויז פון ישראל, נאָר אויך פון אלע פעלקער, וועלכע האָט אָנגעוואָרפן א פחד און שרעק אפילו אויף היטלערס פעלדמארשאלן, און טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געהאט די פולע הסכמה פונם „הייליקן" גראנד מופטי זי צו באָמ־בארדירן, האָבן זיי עס פאָרט ניט געוואגט... מיט ירושלים שפּילט מען זיך ניט. עפּעס א געהיימע קראפט האָט זייערע טייוועלשע פּלענער צונישט גע־מאכט. ירושלים איז פון היטלערס רוצחים ניט באַרירט געוואָרן.

אין ירושלים איז איצט אָבער יאָ דערקלערט געוואָרן קריג־צושטאנד. פון וועמען? פון קינדער וואָס „רעספּעקטירן" און „ליבן" די בייבל... פון תלמידים, וואָס זינגען פארן שלאָפן גיין קאפּיטלעך תהלים... און לייגן צוקאָפּנס אונטערן קישען דעם תנ״ך אלס א שמירה...

צי וואָלטן די אמעריקאנער אזוי באהאנדלט מאנילא, די הויפט־שטאָט פון די פיליפינען?...

מה נשתנה, מיט וואָס איז פאַרט אנדערש מאנילא פון ירושלים, און די פיליפינען אינדזלען פון ארץ ישראל?...

אין די ווייטע מרחקים, הינטער די הרי חושך, צו פוסנס פון די הימאַ־לייען־בערג, צווישן אינדיע און סיאם (טיילאנד), אין שכינות פון פראנ־צויזישער אינדאָ־כינע און כינע אליין, געפינט זיך ערגעץ א מדינה בורמא, וועלכע פארמאָגט סך הכל צוויי הונדערט און דרייסיק טויזנט אכט הונדערט ביין און דרייסיק קוואדראט מייל לאנד מיט א באפעלקערונג פון כמעט אזוי־פיל וויפיל אידן ציילן היינט. און די דאָזיקע בורמא האָט אויך געהערט צו דער בריטישער אימפעריע — און־...

מה נשתנה בורמא פון ארץ ישראל? פארוואָס איז בורמא אנערקענט געוואָרן פון ענגלאנד אלס פרייע אומאָפהענגיקע מדינה, מיט א רעגירונג כיד המלך, ממש א לאנד מיט לענדער גלייך. און די בורמער איינוואוינער זיינען שוין „ציוויליזירט" גענוג צו קאָנען אָנפירן אן אייגענעם מלוכה־אפאראט מיט אן ארמיי, מיט פאָליציי, מיט אן אייגענעם בודזשעט, וואָס ווערט באשטימט פון אן אייגענעם פארלאמענט.

און יידן? ניין, יידן האלטן נאָך ניט אזוי ווייט. זיי זיינען נאָך ניט פעאיק צו פארוואלטן אן אייגן לאנד פון 9 ביז 10 טויזנט קוואדראט מייל... מה נשתנה?

יידן האָבן צוגעשטעלט דער וועלט מיניסטאָרן. פאר פינאנץ (מאָר־געגנטוי אין אמעריקע), פאר קריג פירונג (האָר־בעלישע, אין ענגלאנד), פאר אויסערלעכע ענינים (ליטווינאָוו אין רוסלאנד); יידן האָבן געדינט און זיך דערדינט צו הויכע ראנגען אין מיליטער, ביי פארשיידענע פעלקער — פאנאנדערגעבויט וועלט־אינדוסטריעס, אויסגעזוכט וועלט־מערק פאר סחורות פאר אלעמען: פאר דייטשלאנד, פוילן, רוסלאנד, ענגלאנד, פראנקרייך, האָ־לאנד, בעלגיע... און די בורמער איינוואוינער? אפשר ווייסט איר, רבותי, וואָס זיי האָבן פאר דער וועלט עפעס געלייסטעט און געשאפן? אדרבא, לאָזט מיר עס וויסן, שטילט מיר מיין נייגעריקייט, איך וועל אייך דערפאר דאנקבאר זיין... אָבער די אונטערשטע שורה — בורמא איז פריי, זי איז באפרייט געוואָרן פון ענגלאנד, פון דער קאָלאָניאלער מאכט פון גרויס בריטאניע...

מה נשתנה, מיט וואָס איז פאָרט אנדערש דאָס בורמא פאָלק פונם — אתה בחרתנו מכל העמים?...

מיט וואָס איז אנדערש בורמא פון ארץ ישראל? פארוואָס האָבן די זעלבע ענגלענדער אריינגעבלאָזן אזוי פיל פרייד און שטאָלץ אינם בורמא לאנד און אין ארץ ישראל, דאָס וויגעלע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע האָט זי פאראורזאכט עד היום אזויפיל צער, אזויפיל פארביטערטקייט, אזויפיל שאנד פאר זיך, פארן הייליקן לאנד און פארן פאָלק ישראל?...

מה נשתנה?...

* * * * *

אין דער זייער געדיכט באפעלקערטער אינדיע, דאָס גרויסע לעגענדארע לאנד פון פרינצן און פרינצעסינס, ווערט איצט אין איין אָטעם געזונגען „לשנה הבאה בני חורין" — איבעראיאָר אם ירצה השם אין יאָר 1948 (זעלבסטפארשטענדלעך אויב אין צווישנצייט זאָלן זיך ניט צעבריקעווען דער בער מיטן לייב...), וועט די מעכטיקע אינדיע איינמאָל פאר אלעמאָל באפרייט ווערן. ממש די ענגלענדער ווען פון דאָרטן מאכן פליטה. אזוי שווערן זיי ביי דער הייליקייט פון דער בייבל... זיינען מיר, גענויגט דעם מאָל יאָ צו גלויבן אין דער דאָזיקער נייעס. פארוואָס ניט? ענגלאנד איז דאָס לאנד פון הויכער קולטור און צעבליטער ציוויליזאציע. אירס א וואָרט איז וואָגיק — לא איש אטלי ויכזב, אטלי דער סאָציאליסט איז ניט סתם אזוי זיך א בשר ודם, וואָס זאָל חלילה זאָגן א ליגן. וואָס טשורטשיל צעבייזערט און צעברומט זיך גייט אטלין אָן ווי דער פאראיאָריקער שניי. געזאָגט איז געזאָגט... אנשטאט תעניתים וועט גאנדי פראווען סעודות של שמחה, ער וועט אראָפּנעמען זיין זאק פון זיינע לענדען, ער וועט אוועקלייגן זיין שפּינדל און אריינשטעלן זיין ציג אין שטאַל אריין; ער וועט אויפהערן פראווען גלות. אינדיע גרייט זיך אצינד אויף אָן אמת באפרייט צו ווערן. די ענגלענדער וועלן במחילה פון דאָרטן אָפּטרעטן. איז עס גוט און וואויל צום אינדישן פאָלק. מיר ווינטשן סיי די פיליפּינער, סיי די בורמער און סיי דעם אינדישן פאָלק ברכה און הצלחה פון דער טיפעניש פון אונדזער נשמה.

אָבער עס נאָגט ביים הארצן, ביים אידישן הארצן, און עס פרעגט זיך פון זיך אליין: מה נשתנה? פארוואָס האָט ארץ ישראל נאָך ניט זוכה געווען צו אָט דעם גליקלעכן מאָמענט?

* * * * *

מה נשתנה, מיט וואָס איז אנדערש מצרים פון ירושלים? צייטונגען שרייבן מיט גרויסע אותיות און מיט ברייטע קעפּ, אז די ענגלענדער האלטן זיך אָט־אָט ביים ארויסציען פון מצרים. זאָל עס זיין מיט מזל און ברכה פארביידן.

סאיז דאָך אָבער היינט פאָרט פסח־צייט, צי עס ווילט זיך אָדער ניט, פרעגט זיך עס, אָט אזוי פון זיך אליין, מה נשתנה? מיט וואָס איז פאָרט אנדערש ירושלים, די באלאגערטע, די פארוואונדערטע, די פארשעמטע, פון מצרים די אָט־אָט באפרייטע, לעבעדיקע, לאכנדיקע און פריילעכע?...

סאיז אמת, עבדים היינו לפרעה במצרים — קנעכט זיינען מיר געווען צו די פּרעהס אין מצרים, נו, דאריבער איז מצרים באפרייט און ירושלים רואינירט, פארגוואלדיקט, באליידיקט און באשמוצט פונם גראָבן אויפפירן זייך פונם אָקופּאנט.

מה נשתנה, מיט וואָס איז אנדערש מצרים פון ירושלים?...

מה נשתנה, מיט וואָס זיינען אנדערש די בני ישמעאל פון די בני ישראל?...

די בני ישראל האָבן געהאָלפן אויפבויען גאנץ אייראָפּע, אויף אלע געביטן פון ציוויליזאציע און קולטור, האָבן זיי געגעבן פיל מער לויט זייער פּראָצענט.

די בני ישראל האָבן געלערנט דער מענטשהייט אז א ג־ט איז פארהאנען און זיינע צען געבאָט פאנאנדערגעטראָגן אין ארבע פינות העולם אריין און די בני ישמעאל? זיי זיינען שטיין געבליבן ביי די ברעגן פון דער זאמדיקער מדבר און האָבן פאר דער וועלט ניט מער ווי פעסלעך אויל געבראכט צום פארקויפן. און קוקט נאָר ווי די וועלט פארשאכערט אלע אידעאלן פון צדק און יושר, פון ציוויליזאציע און קולטור פארן — כבעט איבער אייער כבוד שטינקנדיקן אויל, וועלכער דארף דינען פאנאנדערצופלאקערן א נייע וועלט מלחמה.

די בני ישראל טראָגן די געטלעכע לוחות... און די בני ישמעאל — די פעסלעך אויל... וואָס פאר א נאָכלויף און שאכער־מאכער פאר אויל!... און וואָס פאר א שוואכע נאָכפראגע אויף די עשרת הדברות...

עס רייסט זיך פון די טיפענישן פונם אידישן הארצן די אלטע און אייביק נייע קשיא — מה נשתנה?!...

(תשי״ז).

* * * * *

## ב

# כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות...

פון אלע שלוש רגלים, האָט נאָר פסח זוכה געווען ער זאָל געפייערט ווערן פון אלע יידן, אויף אלע קאָנטינענטן, מיט א גאנץ באזונדער פארנעם.

פסח, דער יום־טוב, פארמאָגט עפּעס א באהאלטענעם מיסטעריעזן קוואל פון שמחה און פרייד, א קוואל וואָס שפּרודלט אָן אויפהער און פארפלייצט מיט ליכט אלע טונקעלע ווינקעלעך פון דער יידישער היים...

דער יידישער פסח איז געפייערט געוואָרן מיט פּראכט און רעליגיעזן רייץ, סיי אין די צייטן פון בית המקדש, ווען מען האָט מקריב געווען דעם קרבן פסח, און סיי אין די גלות־לענדער, אין בבל און אין שפּאַניע, אין דייטשלאנד און אין די מזרח־אייראָפּעישע מדינות, אין אפריקע און אין תימן; סיי אין די פּרינצלעכע פּאלאצן און סיי אין די קעלערן און אין די באהאלטענע מקומות, צוליב מורא און שרעק פאר דער אינקוויזיציע — אומעטום האָט די גאנצע יידישע משפחה אנטייל גענומען אין די פייערלעכע סדרים.

סיי פרומע און סיי אפיקורסים, סיי בטלנים און סיי אויפגעקלערטע, אלע פיר בנים: דער חכם און דער רשע, דער תם און דער שאינו יודע לשאול — אלע זיינען דאָ ביים פייערלעכן סדר.

אפילו דער רשע, וועלכער גלויבט ניט און האלט פון גאָרניט, און לאכט אָפּ פונם גאנצן צערעמאָניאל אקט, דאָך טוט ער א טובה טאטע־מאמע, אדער שווער און שוויגער, און ער עסט די קניידלעך מיט די פעטע עופות און טרינקט נאָך עטלעכע כוסות פונם גוטן, רויטן וויין... אָן א ברכה... אָן דעם לשם יחוד, אָדער הריני מוכן ומזומן... אָבער טרינקען טרינקט ער און עסן עסט ער...

די סדרים־נעכט ווערן פארוואנדלט אין קאָלעקטיווע משפחה־פייערונגען. צי מען פרעגט יאָ די פיר קשיות, צי ניט — דער באהאלטענער טיף־איינגעוואָרצלטער, מיסטעריעזער כוח, וועלכער שלאָפט ניט און דרימלט ניט אין די הערצער פון די קינדער פון ישראל, ווערט וואך. ער באקומט הויט און ביינער, ער לעבט אויף און רייסט מיט אפילו דעם פון קאָפּ ביז די פיס פארגויישטן, אסימילירטן יידן... אפילו דער גויישער ראביי, וועלכער אר־

בעט מעשים א גאנץ יאָר צו דערנעענטערן יידנטום צו קריסטנטום, ער שלעפט גלחים אין יידישע שולן און בעט זיך רחמים מען זאָל אים איינלאדן אין דער :טשווירטש״... דער גלח ״רימט״ די העלדן פון דער בייבל און דער ראביי, דער שמענדריק, רימט די העלדן פונם נייעם טעסטאמענט... אפילו אזא טראגישע פיגור ווערט הילפלאָז. ער קאָן זיך ניט העלפן און ער מוז דאָך זיינע פארפירטע יאהודים דערציילן וועגן פסח, וועגן יציאת מצרים, וועגן סדר און וועגן די פיר בנים פון דער הגדה...

ווייל פסח האָט אן אומבאגרייפלעכן כוח, וועלכער קאָן צוזאמענפירן און פארזאמלען ווייטע און נאָענטע, קאלטע און געפרוירענע, גלויביקע און ניט־גלויביקע — אלעמען טוט דער יום־טוב דערוואָרימען, וועמען מיט אמונה און גלויבן, וועמען מיט נאציאָנאלן שטאָלץ און פאָלקסטימלעכן באוואוסטזיין און וועמען נאָר מיט שטארקן ווייַן...

* * * * *

וואָס איז אייגנטלעך דער דאָזיקער מיסטעריעזער כוח וועלכער ווירקט אזוי שטארק אין די פסח־טעג? וואָס פאר א נאָמען האָט יענער קוואל, וואָס שפרודלט שוין טויזנטער יאָרן און פרישט אָפּ און באנייט, בשטראלט און דערפרייט דעם יידן?

עס איז ניט עפּעס אנדערש ווי די טיפע אמונה אין דער גאולה!!!

אלע יידישע חכמים, סיי די וואָס האָבן עוסק געווען אין תורת הנגלה און סיי די וואָס האָבן זיך פארטיפט אין דער קבלה — אלע האָבן אינם יום־טוב פון יציאת מצרים, אין די טעג פון גאולה, דערפילט זייער באפרייונג.

א טייל האָבן אקצענטירט די באפרייונג פונם גוף, די קערפּערלעכע באפרייונג פון קנעכטשאפט:

עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה׳ אלקינו משם ביד חזקה ובזרוע נטוי׳ (הגדה של פסח).

און א טייל חכמים באנוגענען זיך ניט מיט דער קערפּערלעכער גאולה. דער עיקר איז די נשמהדיקע גאולה. אין מצרים איז א חוץ דער גוף, דער חומר, אויך די נשמה, די מחשבה, דאָס הארץ און אלע פינף חושים געווען אין גלות.

זיי זיינען דאָרט געווען אזוי פארקנעכטעט, אז זיי האָבן ניט געקאָנט הערן וועגן זייער אייגענער גאולה:

ולא שמעו אל משה מקוצר רוח ומעבודה קשה...

יידן האָבן ניט געהערט צו משהן צוליב זייער ביטערער פארקנעכט־שאפט. זיי האָבן ניט „דערזען״, אז די טריט פון דער גאולה זיינען נאָענט... זיי האָבן ניט דערשפירט, אז אָט־אָט באווייזט זיך דער גואל, דער אויסלייזער.

די מאָמענטן פון גאולה ביים ארויסגיין פון מצרים האָבן זיך אזוי טיף פארוואָרצלט אינם הארצן פון ישראל, אז אין אלע תקופות, אין די פינצטערסטע, בלוטיקע עפּאָכעס, אין די שרעקלעכסטע צייטן פון —

דם, ואש, ותמרות עשן.

האָבן יענע גאולה מאָמענטן באלויכטן, דערוואָרימט, געשטארקט און דערמו־טיקט דעם יידן אויף זיין לאנגן, לאנגן גלות־וועג...

אין די טעג פון פסח האָבן יידן זיך געפילט דערהויבן, ממש ב״נפרייט, אינערלעך אויסגעלייזט פון עבדות און קנעכטשאפט. כאָטש אינדרויסן איז געשטאנען דער מגושמדיקער סטראזשניק אָדער האלב־שיכורער זשאנדארם.

די גאולה פונם נפש, דאָס ראטעווען דעם יידן ער זאָל חלילה ניט אריינפאלן אין די נון שערי טומאה פון וואנעט ער וואָלט שוין קיינמאָל ניט געקאָנט ארויסגעקומען, אָט־יענע גאולה פונם גייסט, האָט מיטגעווירקט צו באשטראלן דעם יום־טוב מיט געטלעכער ליכט.

דער גאנצער אקט פון יציאת מצרים, כאָטש זיין שורש איז דווקא אין פסח, דאָך שיינט ער ארויס פון כמעט אלע הויפּט־מצוות.

תפילין האָט א שייכות צו יציאת־מצרים —

והיה לך לאות על ידך ולזכרון בין עיניך, למען תהיה תורת ה׳ בפיך כי בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים (שמות י״ג, ט׳).

„זאָל עס זיין פאר דיר א צייכן אויף דיין האנט, און פאר א זכר צווישן דיינע אויגן (תפילין), גאָטס תורה זאָל זיין אין דיין מויל, ווייל מיט א שטארקער האנט האָט ג־ט דיך ארויסגעצויגן פון מצרים״.

די פרשה פון ציצית ענדיקט זיך מיט —

......אני ה׳ אלקיכם אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים להיות לכם לאלקים.

**די עשרת הדברות, וועלכע אלע ציוויליזירטע פעלקער האָבן אָנגענומען אלס יסוד פון זייער ציוויליזאציע, הויבן זיך אָן —**

אָנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים.

**„איך בין ג־ט דיין שטארקער, וועלכער האָט דיך ארויסגעפירט פון לאנד מצרים פון קנעכטשאפט״.**

**שבת, דער הויפּט יידישער יום־טוב, דער ערשטער פון אלע ערשטע, וועלכער איז שוין אין דער ערשטער פרשה פון בראשית פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווערט שפּעטער אין קידוש באצייכנט:**

תחלה למקראי קודש זכר ליציאת מצרים...

**אזוי שבועות און סוכות, אלע זיינען זיי וואָרצלען פון יציאת מצרים.**

**ווייל יציאת מצרים האָט באפרייט דאָס יידישע פאָלק סיי קערפּערלעך און סיי גייסטיק...**

**קערפּערלעכע גאולה אליין וואָלט ניט פארנומען אזויפיל אָרט אינם יידנטום; קערפּערלעכע גאולה אליין מיינט ערשט, אתחלתא דגאולה, אן אָנהויב... און ניט די גאולה, די אויסגעבענקטע, די הייליקע, די רוחניות־דיקע...**

**קערפּערלעכע באפרייונג אליין וואָלט ניט בכוח געווען אזוי טיף זיך צו פארוואָרצלען אינם יידנטום און שפּילן אזא ראָל אינם לויף פון דער יידישער געשיכטע.**

**ווייל קערפּערלעכע גאולה איז שפּעטער ווידער פארוואנדלט געוואָרן אין קנעכטשאפט, דער יידישער גוף איז פון צייט צו צייט ווידער פארשקלאפט געוואָרן... אָבער די יידישע נשמה, דאָס יידישע נפש איז שוין אויף אייביק פארבליבן באפרייט... דער יידישער גייסט האָט, א דאנק דער יידישער עקשנות, זיך ניט געלאָזט פארשקלאפן און אסימילירן. הייליק איז פארבליבן די נשמה און דאָס נפש פונם יידן; אומבארירבאר דאָס „פּינטעלע ייד״... קיין אומה ולשון, קיין שונא ישראל, קיינע פּאָגראָמען, קיינע שחיטות, קיינע גאז אויוונס, קיינע ווילדע געיעגן פון די פאררעטערישע רע־בנים אויסצומעקן דאָס אויסדערוויילטקייט פון ישראל איז דאָ ניט געלונגען — אלע זייערע שמד־שטיק צו ברענגען פאר יידישע מתפּללים גלחים מיט דער בשורה פונם נייעם**

טעסטאמענט, האָט דאָ ניט געהאָלפן. דער יידישער פסח, די גאולת הנפש און גאולת הגוף האָט זיי אלעמען צעשמעטערט און וועט זיי פארניכטן ביזן יסוד.

* * * * *

ווען די פארשאָלטענע אסימילאציע האָט ניט בלינד געמאכט, דער זעט איצנד דעם געראנגל אין ישראל.

די גאנצע פראגע (וועלכע איז אגב אצינד ערשט צופרידנשטעלנדיק געשליכטעט געוואָרן) ארום דעם חינוך־פראָבלעם אין ישראל, איז געווען ניט מער ווי די „מאָדערנע" האָבן זיך געוואָלט באנוגענען בלויז מיט דער גאולה פונם גוף... און די רעליגיעזע יידן זאָגן: עס מוז אויך זיין די באפרייונג פונם גייסט...

על שום שלא הספיק בצקם של אבותינו להחמיץ, עד שנגלה עליהם מלך מלכי המלכים, הקדוש ברוך הוא וגאָלם...

אינם סאמע לעצטן מאָמענט, ווען די יידישע דערנערונג־קראפט האָט געהאלטן ביים פארניכטעט ווערן, האָט זיך באוויזן דאָס התגלות פון הקדוש ברוך הוא און האָט זיי אויסגעלייזט...

אזוי איז געווען ביי יציאת מצרים און אזוי איז אויך אצינד געשען אינם ביטערן קריזיס, אין ישראל...

די בעסערע, די קליגערע, די טיפערע פירערס פון די לינק־געשטימטע רעגירונגס־מענטשן האָבן עס דערפילט. זיי האָבן געבויגן זייערע קעפּ פאר דער גאולת הנפש פונם יידנטום.

זיי האָבן מודה געווען — טיילווייז — אז יידן, פולע, קערנדיקע אברהם יצחק ויעקבדיקע יידן, קאָנען ניט אקצעפּטירן די בלויזע באפרייונג פונם גוף. עס קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן גאולה, אויב ביידע, דער גוף און דאָס נפש גייען ניט צוזאמען.

כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות...

„אזוי ווי דו ביסט ארויס פון מצרים וועל איך אויך ווייטער וואונדער באווייזן...

יראו גוים ויבושו מכל גבורתם.

„פעלקער וועלן עס זען און וועלן זיך שעמען מיט זייער גבורה״...

(מיכה ז׳, ט״ו—ט״ו).

(תש״י).

ג

# די ארבעה בנים...

פסח איז דער יום־טוב פון באפרייאונג: יידן זיינען ארויס פון מצרים אלס פריי פאָלק, פון עבדים איבערנאכט געוואָרן בני חורין; פון שקלאפן — שטאָלצע, קעמפנדיקע מענטשן, מיטן פאקל פון גאולה אין האנט, מיטן פלאם פון הסנה בוער באש ואיננו אוכל, דער דאָרן איז ארומגעכאפט מיט פייער און דאָך ווערט ער ניט פארברענט. מיט אָט־דעם געטלעכן פלאם געגאנגען דורך מדבריות, דורך פייער און וואסער, דורך שחיטות און דורך פאָגראָמען, דורך גאז־אויוונס און פארטיליקונג־סטאנציעס.

איז עס ניט קיין פלא? איז עס ניט ממש א גרויסער נס, וואָס מיר לעבן ברוך השם מיט באנייטע כוחות, מיט א שטארקן, אייזערנעם ווילן צו לעבן ניט בלויז מיט פעלקער גלייך, נאָר העכער אידעאלער, ריינער, הייליקער ווי אלע אנדערע אומות!...

דאָס איז טאקע די כוונה פונם סדר, וואָס ווערט געפראוועט מיט פראכט און פרייד, מיט הלל, מיט לויב און מיט געזאנג. מען לויבט ג־ט, מען דאנקט השם יתברך פאר זיינע חסדים, מען זינגט צום באשעפער אין יענער וואך־נאכט. עס איז א „ליל שמורים״. דער פראכטפולער סדר ווערט באגלייט מיטן געטלעכן שיר השירים, מיטן געזאנג פון אלע געזאנגען.

ניט בלויז דער געהויבענער פלאם־פייערדיקער חסיד, ניט בלויז דער למדן אָדער בן־תורה, נאָר אפילו דער פשוטער ייד ווערט מלא שמחה, פול מיט פרייד און אינערלעכער דערהויבנקייט אין די גרויסע פסח־טעג. עס איז זמן פון גאולה, די גאולה פונם גוף און די גאולה פונם נפש.

* * * * *

בעפאַר די נאכט פארגייט, באוויזט זיך דער מאָרגנשטערן. נאָך פאר־שקלאפונג קומט גאולה, נאָך עבדות קומט חרות — די געשיכטע איז אן אלטע, ואין כל חדש תחת השמש.

דער דור וואָס איז זוכה צו גאולה, ראנגלט זיך תמיד ווי אזוי די גאולה אויפצוהאלטן זי זאל ניט צערינען און ניט פארפאלן ווערן דורך קליינינקע רייבונגען, און דאָ קומען אונטער די ארבעה בנים: דער חכם, דער רשע, דער תם און דער שאינו יודע לשאול. איטלעכער באוויזט מיט אותות ומופתים, אז ער, און נאָר ער, האָט אויסגעקעמפט די פרייהייט... און די אנדערע? נו, יאָ, דאָס זיינען דאָך דער רשע, דער תם און דער שאינו יודע לשאול...

קוקט אריין טיפער, קלייבט זיך פאנאנדער אין די דראָבנע אותיות פונם טראגישן וועלט געראנגל, וועט איר זען קלאָר און דייטלעך, יאַווגע וויאסנע, ווי איטלעכער טייטלט מיטן גראָבן פינגער, אָט־אָ־דער איז דער רשע, דער מלחמה־צינדער, דער וועלכער באוואָפנט זיך צו פארניכטן די וועלט... און די קליינע, זיי זיינען דאָך דער תם און דער שאינו יודע לשאול... נאָכשלעפער, פורים־שפילער, וועלכע עסן לחם חסד, כאפן א ביין פונם פריצישן, רייך־סערווירטן טיש...

אזוי, אומגעפער, זאָגט דער מזרח. און דער מערב זאָגט אויך אזוי. ער האָט אויך די ארבעה בנים. ער ווייסט אויך אויף אן אמת ווער עס איז דער רשע. אז ער איז דער חכם, דאָס איז ביי אים זיכער ווי דער טאָג...

דער רשע וויל איינשלינגען א וועלט. און דער תם און דער שאינו יודע לשאול זיינען זיינע נאָכשלעפערס.

אלעריידן זיי וועגן גאולה און וועגן קנעכטשאפט. און ווי מען רעדט וועגן גאולה, ווייסן מיר דאָך שוין פון דור־דורות לאנג, אז דאָרט זיינען פאראנען די ארבעה בנים: דער חכם, דער רשע, דער תם און דער שאינו יודע לשאול.

אָבער צו וואָס זיך גריבלען אין פרעמדע עסקים? זאָלן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אין קישן און לאָזן אונדז במנוחה.

די ארבעה בנים לאָזן אונדז אָבער אויך ניט צורו. דער פּאָליטישער קאמף אין אונדזער מדינת ישראל, איז אויך פארכאפט פון דער זעלבער מחלה.

אין ישראל זיינען זיכער פאראן אי דער חכם, אי דער רשע, אי דער תם און אי דער שאינו יודע לשאול.

יעדע פארטיי איז ביי זיך „זיכער" אז זי איז אין דער בחינה פונם חכם. און יענער, רק יענער, איז דער רשע.

די „נטורי קרתא" זיינען ביי זיך זיכער, אז דער גאנצער רעליגיעזער בלאָק אַנהויבנדיק פון אגודת ישראל, מזרחי, הפועל המזרחי און פועלי אגודת ישראל — אלע צוזאמען זיינען זיי אין דער בחינה פונם רשע, ווייל זיי פארשטייען ניט ווי אזוי מען קאָן שלום מאכן מיט די פושעים און פרייע...

דער רעליגיעזער בלאָק גלויבט זיכער, אז ער איז דער חכם. און דער רשע? נו, דאָס איז לייכט צו טרעפן — די מפ"ם און די מפא"י, וועלכע באקעמפן דעם דת און שטעלן זיך קעגן די רעליגיעזע אויטאָריטעטן און דעם רבנות הראשית.

די שטארקע, מעכטיקע מפא"י איז אויך זיכער אז די מפ"ם איז דער רשע, ווייל זיי חנפענען זיך צום סאָוועטן־פארבאנד, משה סנה מאכט בלבולים, אז ישראל האלט חלילה ביי באנקראָט, איז ער דען ניט קיין רשע? און וואו איז דער השומר הצעיר און אלע לינקע מיט דער רויטער פאָן? אלע זיינען זיי רשעים אין די אויגן פון מפא"י און פון אלע אנדערע רעכטע פארטייען.

די אלגעמיינע ציוניסטן, וואָס ווילן זיי? פריוואטע איניציאטיווע, פריי־הייט אין האנדל און נאָך כדומה ולמשל אזעלכע תמעוואטע, אומבאדייטנדיקע פאָדערונגען, וועלכע זיינען פראָזאיש און גאָרניט באפליגלט מיט וועלטלעכע אידעאלן, ווי סאָציאליזם אָדער קאָמוניזם.

דער רעליגיעזער בלאָק קוקט אוודאי אויס ווי א תם אין די אויגן פון די „ציוויליזירטע, מאָדערנע חברים", ווייל ווי קאָן מען ניט זיין קיין תם, פאָדערנדיק בזמן הזה, אז רעליגיע זאָל האָבן וועלכע עס איז השפעה אויפן עפנטלעכן לעבן אין ישראל...

און די צענדליקער טויזנט אחינו בני ישראל פון תימן און פון איראק, פון מאראָקאָ און פון אלזשיר — זיי זיינען נעבעך ניט געוואוינט צו אזעלכע ברידער־קאמפן; זיי פארשטייען נעבעך גאָר ניט ווי אזוי קאָנען יידן, וועלכע האָבן אָט־ערשט צוריקבאקומען זייער מלוכה־שאפט, אָנשטאָט צו בויען און שאפן, אויסנוצן זייער כוח און ענערגיע, פעיקייט און צייט, אויף צו פאר־פעסטיקן דאָס נאָך שוואך באשיצטע לאנד — קריגן זיי זיך ארום און שפילן זיך מיט פייער? זיי פארשטייען לגמרי ניט, צו וואָס פארטייען עקזיסטירן בכלל אין ישראל. איין פארטיי דארף זיין — א פארטיי פון „כל ישראל חברים"...

צענערליי סאָציאליסטן: מפא״י, מפ״ם, השומר הצעיר און סתם קאָ־מוניסטן — אלע רײדן אין נאָמען פון סאָציאליזם... צו וואָס אזוי פיל רופאים צו היילן דעם חולה, וועלכער איז גאָר ניט אזוי מסוכן ווי די רופאים מאכן אים קראנק?...

אלגעמיינע ציוניסטן? אויך רעכטע און לינקע, אלף און בית, חרות יידן און אירגון יידן.

און רעליגיעזע יידן? נטורי קרתאניקעס, אגודת ישראל יידן, מזרחי יידן, הפועל המזרחי יידן, פועלי אגודת ישראל יידן און סתם יידן.

צו וואָס אזא שפע פון פארטייען און ריכטונגען?...

די אָריענטאלישע יידן פארשטייען ניט צו וואָס אזויפיל צעשפליטערט־קייט? צו וואָס אזא פירוד?

נו, זיינען זיי ניט די שאינו יודע לשאולניקעס?...

— — — — — — — — — — — — — —

אוי, די ארבעה בנים! וואָס פאר א חורבן זיי ברענגען אויף דער וועלט, סיי אין דער אלגעמיינער וועלט, און סיי אין אונדזער אייגן וועלטל...

עס האָט אמאָל באמערקט סארקאסטיש דער שארפסטער רבי פון אלע רביים, דער גרעסטער פון אלע גרויסע, דער הייליקער קאָצקער רבי זצ״ל:

„כנגד״ ארבעה בנים דברה תורה, די תורה האָט שטענדיק גערעדט „כנגד״ און קעגן דעם ארבעה בנים סיסטעם... די תורה וויל בלויז חכמים, ניט קיין רשע, ניט קיין תם און ניט קיין שאינו יודע לשאול...

די מצרים זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט צען מכות, און מיר, יידן, מיט איין מכה, מיט דער מכה פון ארבעה בנים: אחד חכם, ואחד רשע, ואחד תם, ואחד שאינו יודע לשאול...

לאָמיר האָפן אז מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן אויך פון דער מכה במהרה בימינו...

(י׳ ניסן, תשי״א).

ד

# יציאת מצרים און די יציאה פון הײנטיקע גלות־לענדער

די גאנצע ייִדישע רעליגיע, כמעט אַלע מצוות, וועלכע ווערן פּראַק־טיצירט, סײ שבת, סײ יום־טוב און סײ אין די וואָכעדיקע טעג, זײַנען אַלע באַזירט אויף די היסטאָרישע געשעענישן פון יציאת מצרים.

קומט אַ ייִד אַהיים פון שול נאָך קבלת־שבת, טרעפט ער דעם ייִדישלעך פײַן סערווירטן טיש, די שבת־ליכט באַצירן זײַן עס־צימער, די שבתדיקע מאכלים רײצן דעם אַפּעטיט, דער שניי־ווײַסער טישטוך פאַרבלענדט די אויגן, דער רויטער ווײַן בעט זיך מען זאָל אים ניט טרינקען מעשה־שיכור, נאָר פריער ייִדישלעך קידוש מאַכן... הייליקן דעם שבת, זינגען שלום־עליכם...

שטעלט זיך אוועק דער ייִד און מאַכט קידוש מיט גרויס כוונה, און ער דערמאָנט אַז דער שבת איז דער ערשטער פון אונדזערע הייליקע יום־טוב־טעג —

זכר ליציאת מצרים...

פּסח איז דאָך טאַקע דער דירעקטער יום־טוב, וועלכער דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון יציאת מצרים...

שבועות, מתן תורה, הויבן זיך דאָך די עשרת הדברות אָן מיטן ערשטן דיבור, אָנכי ה׳ אלוקיך, איך בין דײַן ג־ט, דײַן שטאַרקער, וועלכער האָט דיך אַרויסגעפירט פון לאַנד מצרים...

סוכות, זאָגט אויך די תורה בפירוש, די מצווה פון סוכה איז געגעבן געוואָרן:

למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים (ויקרא כ״ג, מ״ג).

„אין סוכות זאָלט איר זיצן זיבן טעג, אַלע אײַנגעבוירענע אין ישראל זאָלן זיצן אין סוכות.

„כדי אײַערע דור דורות זאָלן וויסן אַז אין סוכות (ביידלעך), האָב איך געמאַכט זיצן די קינדער פון ישראל, ווען איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים״...

אין מיטן וואָך טראָגן מיר תפילין זכר ליציאת מצרים...

אזוי דערמאָנען אונדז אלע טעג אין יאָר דאָס גרויסע געשעעניש פון יציאת מצרים.

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך (דברים ט״ז, ג׳).

„זאָלסט געדענקען דאָס ארויסגיין פון מצרים דיין גאנץ לעבן״.

דאָס איז דער יסוד פון דער יידישער אמונה, די אקס ארום וועלכער עס דרייט זיך די יידישע רעליגיע.

יציאת מצרים איז געווען פון פאָרויס אויסגעפלאנט. ג־ט האָט צוגעזאָגט צו אברהמען:

ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה, וגם את הגוי אשר יעבודו דן אָנכי, ואחרי כן יצאו ברכוש גדול (בראשית, ט״ו).

„מען וועט פארקנעכטן דיינע קינדער און מען וועט זיי אונטערדריקן פיר הונדערט יאָר, און מיט זייערע באדריקער וועל איך זיך משפטן, און דערנאָך וועלן זיי ארויסגיין מיט א גרויס פארמעגן...

ווי די תורה דערציילט אונדז, האָבן די יידן מיטגענומען פון מצרים גאָלד און זילבער און טייערע מלבושים. דאָס איז געווען דער באקאנטער ביזת מצרים. אצינד דער ביזת הים, וואָס יידן האָבן אראָפּגענומען פון די דערטרונקענע מצרים, ווען דער ים האָט די טויטע אויסגעשפּיגן? דער מדרש וויל האָבן, אז דער רויבביים ים, האָט באטראָפן פיל מער ווי די אָנגעבאָרגטע חפצים אין מצרים גופא.

די יידן זיינען געגאנגען אין מדבר פערציק יאָר, ניט ווי קבצנישע אורחים און וואנדערער, זיי זיינען געווען רייך, זייער רייך, אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און זילבער. זיי זיינען געווען אזוי רייך, אז זיי האָבן זיך „פארגונען״ צו מאכן אן עבודה זרה, דווקא פון גאָלד, ניט פון שטיין אָדער האָלץ...

און שפּעטער האָבן זיי געבראכט זייער פיל גאָלד און זילבער, קופּער און טייערע וואָלענע געוועבן צו בילדן א משכן... קיין גרויסע בעלי הוצאה זיינען זיי אין דער מדבר אויך ניט געווען. מן איז געפאלן איטלעכן טאָג, פלייש האָבן זיי געהאט לרוב — און ווען יהושע האָט שוין די יידן אריינ־געפירט קיין כנען, צו דעם פון ג־ט צוגעזאָגטן לאנד, דערציילט אונדז די תורה פון נייע אוצרות, וועלכע יידן האָבן געטראָפן פארמויערט און באגראָבן אין די כנענישע הייזער (זע, ויקרא י״ד, ל״ד, רש״י) אויב ג־ט האָט צו־געזאָגט צו אברהמען:

ואחרי כן יצאו ברכוש גדול האָט ער עס מקיים געווען...

דאָס איז געווען יציאת מצרים! דאָס דארפן יידן אין אלע דורות געדענקען! א פאָלק וועלכעס איז דערנידעריקט און געפייניקט געוואָרן, פאַרשקלאפט ביז איבער די אויערן, איז מען איינמאָל באפרייט געוואָרן פון גלות, פון עבדים צו פרייע מענטשן, פון קבצנים מיטאמאָל גרויסע נגידים געוואָרן, נגידים ניט מיט ווערט־פאפירן און אקציעס, נאָר מיט מעות מזומן, גאָלד און זילבער, טייערע קליידער און חפצים... זינדיקט מען, מאכט מען אן עבודה זרה דווקא פון גאָלד, טוט מען תשובה, בילדעט מען א משכן פון גאָלד און זילבער, אן אָרון הקודש באדעקט מיט ריין גאָלד, א מנורה פון ריין גאָלד, א מזבח, א שלחן פון גאָלד... א פונדאמענט פארן משכן ניט פון צעמענט, נאָר פון זילבער...

איר האָט א השגה צו יענעם רייכטום?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אצינד? אויך אצינד זיינען יידן באפרייט געוואָרן פון פארשיידענע לענדער, פון תימן און פון בבל, פון פרס און פון מאראָקאָ, און פון פיל אנדערע, פינצטערע גלות־לענדער. אלע זיינען כמעט אויפגעגאנגען קיין ארץ־ישראל, זיי האָבן ניט געוואנדערט נאָך זייער באפרייאונג פערציק יאָר אין א מדבר, זיי זיינען געפאָרן ווי נגידים אויף עראָפּלאנען און אויטאָמאָבילן, אויף באנען און אויף מעכאניזירטע לאסט־וועגענער... אָבער געקומען זיינען זיי אָרימעלייט, אָן גאָלד און אָן זילבער, אָן טייערע קליידער און אָן חפצים, ממש נאקעט און באָרוועס, אָן א דאך איבערן קאָפּ און אָן א בגד צו פארדעקן זייערע אויסגעדארטע, מאָגערע קרענקלעכע קערפּערס...

און אין ישראל גופא איז עס א וויכטיק פּראָבלעם. דירות, שפּייז, באקליידונג, ארבעט און געלט איז ניטאָ גענוג. דער רצון איז שטארק צוזאמענצוקלייבן די נדחים, די נאָך עד היום פארבליבענע אין די פינצטערע גלות־לענדער, און זייערע מושלים ווייזן ארויס חסד, מיט בלויזן ארויסלאָזן די יידן. אָבער חס וחלילה זיי זאָלן מיטנעמען מיט זיך פון זייער האָב און גוטס וואָס זיי האָבן דאָרטן פארמאָגט...

די גרויסקייט פון יציאת מצרים ווערט ערשט ריכטיק פארשטאנען און באגריפן אין אָנבליק מיט דער היינטיקערווירקלעכקייט...

יציאת מצרים איז ניט געווען סתם אזוי, א פּאָליטישער באפרייאונג אקט. יציאת מצרים איז געוואָרן א שטיק תורה, א טייל פון תרי"ג מצוות, א פונדאמענט פון דער יידישער אמונה און רעליגיע.

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך (דברים, ט״ז).

זאָלסט געדענקען יציאת מצרים דיין גאנץ לעבן, ווייל ס׳איז צוגע־גאנגען מיט א פאָרויסבאשטימטן פלאן און סדר...

דער הייליקער מהר״ל פון פראג ז״ל, זאָגט: דעריבער רופט מען די ערשטע פסח־נעכט סדרים, סדר, ווייל דאָס לערנט אונדז, אז פונקט ווי אונדזער קנעכטשאפט אין גלות איז געווען מיט א סדר, אזוי איז אויך די גאולה און די באפרייאונג. די נסים, אלץ איז ניט געווען קיין צופעליקייט, נאָר מיט א סדר...

ווי אָרימע וואנדערע האָבן זיי — אונדזערע עלטערן — געוואנדערט אין דער גרויסער מדבר, אָבער מיט פולע זעק מיט גאָלד און זילבער און טייערע חפצים... און ווי רייכע פריצים, אויף עראָפּלאנען און אויטאָמאָבילן, האָבן אויסגעוואנדערט אונדזערע היינטיקע ברידער פון זייערע פינצטערע גלות־לענדער, אָבער מיט ליידיקע קעשענעס, אָן א פרוטה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אפשר איז עס נאָר א התחלה, א אתחלתא דגאולה? לאָמיר האָפן, אז נאָענט איז דער טאָג און עס וועט באלד מקויים ווערן דער

כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות (מיכה ז׳, ט״ז), ואחרי כן יצאו ברכוש גדול.

„ווי אין די טעג ווען דו ביסט ארויסגעגאנגען פון מצרים, וועל איך ווייטער וואונדער באווייזן״. און דאן וועט אויך געשען יענער נס פון: „און איר וועט אויסוואנדערן פון די גלות לענדער מיט א גרויס פארמעגן״...

(ניסן, תשי״ב).

ה

## פסח דער יום־טוב איבער אלע יום־טובים

איטלעכער יום־טוב איז מלא חן, איטלעכער יום־טוב דערפרייט, דער־פרישט און וואשט אָפּ דעם יידן פון זיין וואָכעדיקייט. ער נעמט אים ארויס פון זיין גראָען פארפראצעוועטן און פארהאָרעוועטן לעבן, און ברענגט אים אריין אין א יום שכולו טוב.

איטלעכער יום־טוב איז א ברונים פון וואנעט דער ייד האָט געשעפּט אין אלע דורות, פרישע וואסערן צו דערקוויקן זיין מידע נשמה און אויס־געדארטן גוף...

איין קלייניקייט — א יידישער יום־טוב! מען האָט זיך געגרייט צו אים מיט אלע קערפּערלעכע און גייסטיקע כוחות. די שענסטע מלבושים, די געשמאקסטע מאכלים פארן גוף, און מיט די ריינסטע מחשבות און לויטערע הערצער האָבן געהויבענע יידן בני־תורה, חסידים און בעלי מדריגה, מקבל געווען איטלעכן יום־טוב. מיט ליבע, אמתע, ערלעכע ליבע; מיט בענקשאפט, אמתע, ריינע בענקשאפט, האָבן יידן, סיי מענער און סיי פרויען, מקבל געווען א יום־טוב...

מיט תורה און מיט געזאנג, מיט אָפענע הערצער און מיט פארבענקטע נשמות, פלעגט דער יום־טוב אויפגענומען ווערן אין דער אלטער היים...

זעלבסטפארשטענדלעך, אז דער יום־טוב האָט ניט אויסגעזען ביי איט־לעכן גלייך. ווי זאָגט דער אלטער גערער רבי, דער „שפת אמת", זכרונו לברכה: ווי אזוי דער ייד פארנעמט זיך א גאנצע וואָך, אזוי קוקט ביי אים אויס דער שבת...

גיט זיך א ייד אָפּ א גאנצע וואָך מיט גאָלע גשמיות, מיט ערדישע, וואָכעדיקע ענינים, איז דער שבת א קליינער, א באגרעניצטער, ניט קיין צופיל געהויבענער... גיט זיך אָבער דער ייד א גאנצע וואָך אָפּ מיט רוחניות, ער ארבעט איבער זיך אויך א גאנצע וואָך, ער לערנט תורה, טוט מצוות און מעשים־טובים, ער העלפט דעם אונטערדריקטן, שטארקט די האנט פונם נויטבאדערפטיקן, האָט רחמנות אויף א יתום ואלמנה, איז מבקר חולים און טוט גערעכטיקייט, — אזא יידנס א שבת איז גוואלדיק הויך און רייך, הייליק און ריין, ממש שבת שבתון...

דאָס זעלבע מוז געזאָגט ווערן אויך ביי יום־טוב. די טעג פון איין יום־טוב ביזן צווייטן, זיינען ווי חול־המועד, טאקע וואָכעדיקע טעג, אָבער אויך גרייטנדיקע טעג צו א הייליקן יום־טוב... דאָס גאנצע לעבן פונם בעסערן יידן איז געווען און איז נאָך היינט צו טאָג אויך, א הכנה צו קומענדיקע יום־טוב טעג...

וואָכן און וואָכן פאר איטלעכן יום־טוב פלעגן מלמדים אין די חדרים לערנען מיט קינדער די דינים און שטעלן, וואָס האָבן א שייכות צו דעם אָדער יענעם יום־טוב...

דער רב אין שטאָט פלעגט לערנען מיט בחורים, אָדער מיט קעסט יונגעלייט וועגן קומענדיקן יום־טוב.

פרויען פלעגן דיסקוטירן וועגן ספּעציעלע מאכלים, וואָס האָבן א שייכות צום יום־טוב; בעלי־מלאכות, — שניידער, שוסטער און היטל־מאכער, — פלעגן וואָכן פאר איטלעכן יום־טוב, ארבעטן אין די שפּעטע נאכט שעהן, איילן זיך, ארויסיאָגן די נשמה פון זיך, די מלבושים און שיך זאָלן פארטיק ווערן אויף יום־טוב...

די גויים פון די ארומיקע דערפער, אויך זיי פלעגן גוט געדענקען ווען עס פאלט אויס א יידישער יום־טוב. זיי האָבן עס באדארפט וויסן, ערשטנס, ניט צו קומען אין יענע טעג אין שטאָט אריין, ווייל וועלכער ייד וואָלט עס מחלל יום־טוב געווען און פארקויפן אן ערל סחורה?...

צווייטנס, האָבן די גוישע דאָרפסלייט געהאלטן רעכענונג ווען עס פאלן אויס די „זשידאָווסקא שוויענטא" כדי צו ברענגען פעטע עופות אמאָל אויך פיש און זעקלעך קארטאָפל פאר די יידישע היימען.

יום־טוב אליין, מילא, אין וועלכער יידישער שטוב האָט מען עס ניט געפילט דעם יום־טוב? דאָס רעדט זיך דאָך נאָר וועגן פאר יום־טוב!...

ווי זיס, ווי ריין, ווי הייליק, ווי דערהויבן איז געווען אזא יום־טוב, וועגן וועמען מען האָט גערעדט, וועגן וועמען מען האָט דיסקוטירט, געשוויצט און זיך גוט אָנגעארבעט מיט הכנות צו באשיינען און מכבד זיין דעם דאָזיקן הייליקן טאָג?...

אויב דאָס אלץ איז געווען פאר איטלעכן יום־טוב פונם יאָר, שטעלט זיך פאָר ווען ס'איז געקומען וואָכן לאנג פארן יום־טוב פסח?...

א פחד איז באפאלן אלע איינוואוינער, סיי מענער און סיי פרויען, אלט און יונג, רייך און אָרים, למדן און בן־תורה, חסיד און עם־הארץ, פרומען און אויפגעקלערטן, גלויביקן און אפּיקורס — אלע האָבן זיך אינ־סטינקטיוו דערשראָקן פארן פסח, ממש א פחד איז זיי אלעמען באפאלן.

די רבנים און דיינים, די שוחטים און מלמדים — אלע האָבן זיי געהאט צו טאָן מיט שאלות און דינים, מיט פּראָבלעמען פון כשרן כלים, מיט שייערן, רייבן, קראצן טישן און בענק, שטולן און שענק...

די מורא פאר א „משהו חמץ", איז געווען אזוי גרויס, אז פרומע ווייבער האָבן אפילו ניט געטרויט זייערע חסידישע מענער, זיי האָבן אפילו ניט געטרויט דעם רב...

קומט אמאָל אריין אזא שטייגער יידענע צום רב פרעגן א שאלה וועגן כשרן א כלי אויף פסח.

ענטפערט איר דער רב: לויטן שולחן ערוך קאָן מען די כלי כשרן, נאָר דער מנהג דאָ איז אנדערש.

פארלויפט די יידענע דעם רבס רייד און זי רופט זיך אָפּ: רבי, ווען איך זאָל קוקן אויפן שולחן ערוך, וואָלט איך באדארפט עסן חמץ אין פסח...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אצינד דעם רויטן באָרשטש און כריין און חרוסת און ווייַן פאר ארבע כוסות?

יאָ, פארגעסט ניט, מצות האָט מען אויך אמאָל געגעסן אום פסח... מילא, די עבודה פון באקן מצות, וועגן דעם וועל איך איבערלאָזן אם ירצה השם בלי נדר אויף איבעראיאָר. וועגן באקן מצה שמורה, מצה מיט זינגען הלל, און ריידן דברי תורה וחסידות בשעתן אָנשעפּן מים שלנו און קנעטן, וועלגערן, רעדלען און ארייַנזעצן אין אויוון אריין — דאָס איז א גאנץ באזונדערע הייליקע עבודה.

דאָס אלץ איז גערעדט געוואָרן וועגן א שטיק צייט פאר פסח.

און וועגן פסח אליין? יענע הייליקייט, דערהויבנקייט, ריינקייט, פול מיט שמחה און התרוממות הנפש, גייסטיקע, שפּרודלדיקע התלהבות פון חסידישע דערהויבענע יידן, וועגן גאולה, גאולת הגוף און גאולת הנפש.

ניט נאָר זייַנען יידן אמאָל ארויסגעגאנגען פון מצרים, נאָר ווי שטייט אין דער הגדה?

בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים...

אין איטלעכן דור דארף זיך א ייד פארטראכטן און זיך פאָרשטעלן ווי ער אליין וואָלט באפרייט געוואָרן פון מצרים...

נו, קאָנט איר משיג זיין אזא זאָג? חייב אָדם — ס'איז ניט בלויז א וואונטש אָדער א מנהג, נאָר חייב אָדם, ס'איז א פליכט, א חוב, א הארבע מצווה — א ייד זאָל זיך פארטראכטן וועגן עבדות און קנעכטשאפט, וועגן זיין א געפאנגענער אינם רשות פון דער סטרא אחרא, וועלכע וויל אים אראָפּפירן פונם יידישן וועג. ער, דער בעסערער ייד, פירט א קאמף מיט די כוחות חיצונים און ער באזיגט זיי, און ער ווערט ענדלעך באפרייט — ממש יציאת מצרים.

א קוואל פון קדושה, א שטראָם פון טהרה, אַן אויסבערעכנדיקע לאווע פון פייער, פון הייליקן פייער, כאפט ארום פסח ביים סדר דעם דערהוי־בענעם יידן.

נאָר א מלך איז א ייד ביי אזא שטייגער סדר? ניט קיין מלך נאָר א מלאך...

א מלך ביים סדר איז נאָר יענער פּראָסטער ייד, יענער עם הארץ, יענער „עמך" ייד, ביי וועמען דער סדר איז אַן ענין פון אכילה, ביים מאן ווען ער יכולט א שייטל עברי און ביים ווייב, ווען זי ווייזט ארויס לומדות וועגן אירע קניידלעך און קנישעס וועגן איר באָרשטש און ווין צו ארבע כוסות...

* * * * *

גרויסע שפורן פון יענע הייליקע סדרים זיינען נאָך אפילו עד היום פארבליבן. די שטורעמדיקע כוואליעס פון עם הארצות און פון רעפאָרם־אסימילאציע, האָבן ניט געקאָנט אויסוואָרצלען די הייליקייט פון דער יידי־שער היים.

טייערע ברידער און שוועסטער, קינדער פון אברהם יצחק און יעקב! זאָלן אייערע היימען אין די סדרים־נעכט ניט זיין וויסט און לער, פּוסט און פינצטער. אנטלויפט ניט פון דער היים, אפילו ניט צו נאָענטע קרובים. פראוועט אייערע סדרים דווקא ביי זיך אין אייערע פיינע אָפּגעפּרישטע היימען.

צינדט אָן דאָס הייליקע יידישע ליכט אין אייערע אייגענע היימען; לאָזט אייך ניט איינרעדן פון פאלשע אידייען, אז ס'איז בעסער צו זיין מיט אַן עולם אין דער פרעמד, איידער א קליינע משפחה ביי זיך אין דער היים.

די בעסטע חדרים און שולן קאָנען ניט אזוי שטארק באווירקן איינצו־וואָרצלען אין אייערע טייערע קינדערס הערצער די הייליקייט פון פסח, ווי אייער אייגענער סדר, ווי אייער אייגענער ווינקל, דאָרט וואו איר וועט אָנצינדן דאָס יידישע הייליקע און ריינע יום־טובדיק ליכט...

ס'איז א שווערע ארבעט?

יאָ, ס'איז אמת. אָבער זיס איז יענע ארבעט, הייליק און טייער. דאָס מאָגערע ביסעלע יידישקייט וואָס איר געדענקט יאָ, איז נאָר א דאנק דעם וואָס אייערע עלטערן האָבן אמאָל אזוי גוט און אזוי פרום, אזוי הייליק און אזוי טייער און שווער געארבעט ארייננצוברענגען דעם פסח אין שטוב אריין...

דאָס איז די ירושה פון דורות. רייסט ניט איבער יענע גאָלדענע קייט, אנטלויפט ניט פון דעם היים. צינדט אָן דאָס הייליקע יידישע ריינע

און טייערע ליכט אין אייערע אייגענע היימען; זאָלן אייערע קינדער דאָס זעז, וועלן זיי אייך דערפאר אייביק דאנקבאר זיין!...

(תשי״ג).

ו

## כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות

די פּאָליטישע לאגע אין מיטעלן מזרח איז זער ווייט פון צו זיין א קלאָרע. אדרבה, זי ווערט פון טאָג צו טאָג אלץ מער און מער פארוואָלקנט. דער סועץ קאנאל קאָן אמאָל פארוואנדלט ווערן אין א וועלט־קאָנפליקט פון וועלכן קיינער פון די פעלקער וועט ניט ארויס מיט גאנצע איברים...

די פּאָליטישע לאגע פון עגיפּטן גופא איז ווייט פון צו זיין א צופרידנ־שטעלנדיקע. די מיליטערישע קליקע בארואיקט זיך נאָך אלץ ניט. ווי צום מיטעלן מזרח ווען מצרים איז די וואָרטזאָגערין און פירערין פון די ארא־בישע לענדער...

אלע פּראָוואָקאציעס קעגן ישראל, זיינען לויט מיין באשיידענער מיינונג, א פּרואוו צו פארמעסטן זיך מיט כוחות פון איין זייט, און א כיטרע „טריק" צו קאָנען אויספּרעסן וואָס מער הנחות און קאָנצעסיעס פון די מערב גרויס־מאכטן...

ס׳איז אזא מין טייוולאָנישער מסחר. ווער עס וועט געבן מער, מיט דעם וועט מען זיך האלטן אין פריינדשאפט.

די מזרח און מערב דיפערענצן און חילוקי דעות שפּילן זיי צו צום טאַקט. זיי זיינען אויף אזוי פיל קלוב צו פארשטיין, אז סיי ענגלאנד און סיי אמעריקע, וועלן ניט ברוגז ווערן ווען זיי וועלן פון צייט צו צייט זיך א טשעפּע טאָן מיט דער נייער, מאָדערנער מדינת ישראל. נו, פּראָוואָצירט מען כסדר. מען פארהאלט שיפן וועלכע פירן סחורות קיין ישראל און מ׳באפאלט אומשולדיקע פּאסאזשירן, און מ׳הרגעט פרויען און קינדער — ווער עס קומט נאָר אונטערן מעסער...

די אראבישע לענדער, מיט עגיפּטן אין דער שפּיץ, נוצן אויס די פּאָליטישע וועלט־קאָניוקטור. צי זיי מיינען באמת מלחמה, איז מיר נאָך ניט קלאָר. אפשר איז עס בלויז א בארימעריי פאר זייערע נאָכפאָלגער און

סימפאטיקער, צו באווייזן אז מען האָט שוין כוח... אויך צו פאַרדעקן יענע מפלות וואָס זיי האָבן געליטן, באַפּאַלנדיק די נייע מדינת ישראל אין סאמע באַגינען פון איר אנטשטייאונג... עס קאָן טאַקע אַזוי זיין, אַז די חברה מיינען ניט מלחמה, נאָר סתם אַזוי אַן אוואַנטיורעלע.

זיי פאַרגעסן אָבער אַז פון פיל קלענערע פּראָוואָקאַציעס און מער אומבאַדייטנדיקע איבערפאַלן, זיינען אויסגעבראָכן וועלט־מלחמות און אָנגעצונדן אַלע פיר עקן פון דער ערד...

דאָס זיינען אַלץ נאָר פּאָליטישע באַטראַכטונגען וועלכע קאָנען אויסגעטייטשט ווערן יעדערער לויט זיינע השגות און פאַרשטאַנד.

דער יידישער צוגאַנג (איך מיין דאָ ניט דער מדינהשער), דער רעליגיעזער און אמונהדיקער, איז אָבער גאָר אַן אַנדערער.

לערנט מען די נביאים און מען פאַרטראַכט זיך אין זייערע אומשטערבלעכע ווערטער, קומען מיר צו מער אָפּטימיסטישע מסקנות און באַלד פאַרשווינדן די מורא־געפילן פאַר די ברוטאַלע אָנפאַלן פון די אַראַבער, און ס'ווערט אויסגעוועפּט דער פחד פאַר די פּאָליטישע אומקלאָרקייטן פון דער לאַגע אויפן נאָענטן מזרח. דאָרטן וואו ישראל געפינט זיך ווי אַ רויז צווישן דערנער — „כשושנה בין החוחים".

דער נביא דערמוטיקט און שטאַרקט,

כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות (מיכה ז׳, ט״ו).

„פונקט ווי אין די טעג ווען דו ביסט אַרויס פון מצרים, וועל איך ווידעראַמאָל וואונדער באַווייזן".

יראו גוים ויבושו מכל גבורתם ישימו יד על פה אזניהם תחרשנה (דאָרטן).

„די פעלקער וועלן זען מיינע וואונדער און זיך שעמען מיט זייערע גבורות... זייערע מיילער וועלן זיי דאַן פאַרמאַכן און זייערע אויערן וועלן טויב ווערן".

געשיכטע חזרט זיך איבער, און די יידישע געשיכטע איז ענג פאַרבונדן מיט מצרים.

דער הערלעכער און פרייילעכער יום־טוב פּסח דערציילט אונדז וואונדער איבער וואונדער — די געשיכטע פון יציאת מצרים. יידן זיינען באַפרייט געוואָרן פון די עגיפּטישע אונטערדריקער, די שונאים האָבן געכאַפּט יענע

מפלה, און דאָס באפרייטע פאָלק האָט זיך דערנעענטערט צום בארג סיני מקבל צו זיין די געטלעכע קאָנסטיטוציע— די תורה.

דער הערלעכער סדר, וואָס ווערט געפּראַוועט סיי פון פרומע און סיי פון מאָדערנע יידן, איז פול מיט זכרונות און סימבאָלן פון דער יידישער באפרייאונג פון מצרים. מצה און מרור, ארבע כוסות און חרוסת, אצינד די הגדה של פסח, דאָס פרעגן פון קינדער די פיר קשיות, און דער ענטפער פונם טאטן, עבדים היינו לפרעה במצרים, אלץ אָטעמט מיט געשיכטע, מיט טיפער אמונה און שטארקן גלויבן אז ג־ט האָט באפרייט זיין פאָלק פון עגיפטן.

די געטלעכע קראפט, די יד החזקה, האָט זיך אין מאָמענט פון גאולה באוויזן אין איר שטארקסטער מעכטיקייט און האָט א קלאפּ געטאָן דעם שונא. יענער קלאפּ האָט אויפגעציטערט און דערשראָקן ניט בלויז די אלטע עגיפּטער, נאָר אלע פעלקער פון דעם מיטעלן מזרח, זיינען ארייגעפאלן אין א מורא און פחד.

שמעו עמים ירגזון, חיל אָחז יושבי פלשת (בשלח, אָז ישיר).

די יידן אין ישראל און מיט זיי די יידן אין די תפוצות אויף אלע קאָנטינענטן, זיינען שטארק אומרואיק צוליב דער אָנגעשטרענגטער פּאָליטי־שער לאגע אינם נאָענטן מזרח.

די כסדרדיקע פּראָוואָקאציעס מצד די ביטערע אראבער און די גלייכ־גילטיקייט פון די מערב־מאכטן, דענערווירן אונדז אלעמען. דאָס כסדרדיקע שיקן געלט און געווער, אָפּיצערן און מלחמה מאטעריאלן צו די האלב־ווילדע בני־ישמעאל, די ביטערסטע שונאים פון ישראל, איז באמת א מורא אז פון דאָרטן זאָל ניט אמאָל אויסברעכן א וועלט קאָנפליקט.

פּסח איז אָבער דורך און דורך א רעליגיעזער יום־טוב, כאָטש ער איז פארבונדן מיט נאציאָנאל־פיזישער באפרייאונג, מיט טיפער אמונה, אז —

הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל (תהלים, קפ״א).

עס דרימלט ניט און עס שלאָפט ניט דער שומר פון ישראל. ער האָט יידן געשטארקט און געמונטערט, געקרעפטיקט און אינספּירירט צו גרויסע אונטערנעמונגען. ראשית כל צו דערהאלטן זיך אין א צוויי־טויזנט יאָריקן גלות און אצינד צו דער באנייאונג פון מדינת ישראל.

די דאָזיקע לויטערע און ריינע אמונה וועט אויך שטארקן דעם היינטיקן דור ניט ארייננצופאלן אין יאוש אין אָנבליק פון פּאָליטישע שוועריקייטן...

גלוביקע יידן, וועלכע טראָגן אין זייערע הערצער אזויפיל סימבאָלן און טוען אזויפיל מצוות, זכר ליציאת מצרים, ווערן ניט דערשראָקן, פאלן ניט פונם מוט און ווערן ניט באהערשט פון א פאניק פון א פאָליטיש־אומקלאָרער לאגע...

כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות (מיכה ז׳, ט״ו).

אין יעדן קריטישן מאָמענט, בין איך גרייט, זאָגט ג־ט, צו ווייזן אזעלכע נסים און וואונדער, ווי ווען דו ביסט ארויסגעגאנגען פון מצרים...

די אלע גויים און נאציעס וועלן עס זען און זיי וועלן זיך שעמען מיט זייערע גבורות...

(תשי״ד).

ז

## כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות...

ניט בלויז פסח אליין איז פארבונדן מיט יציאת מצרים. אלע יידישע יום־טובים, שבת און פיל מצוות, ווי תפילין, ציצית אא״וו, זיינען געגעבן געוואָרן דעם יידן כדי ער זאָל געדענקען די עפּאָכע־מאכנדיקע געשיכטע פון יציאת מצרים.

א גאנץ יאָר, סיי שבת און סיי אין די וואָכיקע טעג, סיי בייטאָג און סיי ביינאכט, דארף א ייד געדענקען יציאת מצרים.

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך (דברים ט״ז).

„זאָלסט געדענקען דיין ארויסגיין פון מצרים דיין גאנץ לעבן״.
די משנה זאָגט, אין ערשטן פרק פון ברכות:

מזכירין יציאת מצרים בלילות.

אפילו ביינאכט דארף מען דערמאָנען די גרויסע נסים פון יציאת מצרים.
שטענדיק — סיי פסח, סיי שבועות, סיי סוכות, סיי שבת, סיי בייטאָג און סיי ביינאכט — תמיד דארף דער ייד געדענקען זיין באפרייאונג פון מצרים...
ווי זאָגט די הגדה של פסח?

בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים.

אין איטלעכן דור דארף א ייד זיך באטראכטן ווי ער אליין וואָלט ארויסגעגאנגען פון מצרים... ער דארף זיך אזוי פארטיפן אין די גאנצע געשעענישן פון דער מצרישער פארשקלאפונג און דער באפרייאונג פון קנעכטשאפט, אז עס זאל זיך אים דוכטן ווי ער אליין איז געווען דאָרט א קנעכט און ג־ט האָט מיט אים אליין געטאָן א נס און אים באפרייט. ווייל ווען אונדזערע עלטערן וואָלטן ניט באפרייט געוואָרן פון יענער קנעכטשאפט, וואָלטן מיר און אונדזערע קינדער עד היום, ממש ביזן היינטיקן טאָג, געווען שקלאפן אין מצרים...

דעריבער איז א גרויסע מצוה פסח ביי די סדרים צו דערציילן די קינדער און פאר זיך אליין אויך, די געשיכטע פון יציאת מצרים.

כאָטש מיר זיינען חכמים און מיר געדענקען די געשיכטע פון יענע יאָרן, דאָך איז עס א חוב, א פליכט, א הייליקע מצוה צו דערציילן וועגן יציאת מצרים.

וכל המרבה לספר ביציאת מצרים הרי זה משובח (הגדה).

און ווער עס דערציילט וואָס מער און מער וועגן יציאת מצרים, דער איז חשובער און געלויבט.

ח

ווען דער נביא מיכה וויל אָנזאָגן די גאולה פארן יידישן פאָלק, באנוצט ער זיך מיטן פארגלייך צו יציאת מצרים.

כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות (מיכה ז׳).

פונקט ווי איך האָב אמאָל באוויזן וואונדער, ווען דו ישראל ביסט ארויסגעגאנגען פון מצרים, פונקט אזוי וועל איך ווייטער וואונדער באווייזן, זאָגט ג־ט אינם מויל פונם נביא.

וואָס זיינען געווען די וואונדער פון יציאת מצרים?

די עגיפטער האָבן געהאלטן פארשקלאפט די קינדער פון אברהם יצחק און יעקב. די מורא פאר די מצרים האָט פאראליזירט די פעאיקייטן פון ישראל צו ווערן אן אתה בחרתנו פאָלק, א פאָלק וואָס זאָל ראוי זיין מקבל צו זיין די תורה, און אזוי ארום צו ווערן א געטלעך פאָלק.

ערשט ווען יידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, אריבערגעגאנגען דורך געטלעכע נסים דעם ים־סוף דאמאָלסט האָבן זיי פייערלעך זיך צעזונגען:

אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת לד׳.

ווען יידן זיינען אין גלות פארשקלאפט, קאָנען זיי ניט זינגען בציבור. יחידים קאָנען זיך דערהייבן אויף הויכע מדריגות און זינגען אין אָנבליק פון שרעק און פיין, אָבער א כלל קאָן נאָר זינגען ווען דער שונא איז באזיגט, ווען ער זעט די מפלה מיט זיינע אייגענע אויגן.

וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה׳ במצרים.

ערשט דאמאָלסט האָבן זיי אלע געזונגען — אָז ישיר...

מיר האָבן ניט פארשטאנען ריכטיק צו וואָס דארף די צוקונפטיקע גאולה האָבן א שייכות צו יציאת מצרים?

פארוואָס זאָגט דער נביא מיכה, אז פונקט ווי כ׳האָב וואונדער באוויזן ביים ארויסגיין פון מצרים, וועל איך אויך ביי דער צוקונפטיקער גאולה וואונדער באוויזן?

די טרויעריקע, ביטערע קעגנווארט, ווען מדינת ישראל ראנגלט זיך פאר איר עקזיסטענץ און אויפבוי, פארן קיום און המשך, פארפלאָנטערן זיך ווידער די מצרים מיט די ישראל גרעניצן...

עס ווייזט אויס, אז מען לערנט ניט אין די עגיפטישע שולן דעם אלטן און אייביק נייעם תנ״ך; עס ווייזט אויס אז די עגיפטישע באפעלקערונג ווייס גאָרניט פון יענעם געטלעכן אקט פון יציאת מצרים. זי האָט גאָרניט געלערנט וועגן די צען מכות און פון דער גרויסער מפלה, וועלכע זייערע זיידעס האָבן געליטן ווען יידן האָבן געהאלטן ביים באפרייט ווערן און זיי האָבן די באפרייאונג געוואָלט שטערן.

ווייל ווען זיי וואָלטן לערנען דעם אלטן חומש, ווען זיי וואָלטן זיך פארטיפט אין דער געשיכטע פון יציאת מצרים, וואָלטן זיי געציטערט און געפלאטערט און מורא געהאט אָנצוהויבן זיך מיט ישראל...

די מצרים האָבן פארשקלאפט, אונטערדריקט און געפייניקט די יידן אזוי לאנג ווי די גזירה איז געווען אז די בני ישראל זאָלן זיין אין גלות. איז אָבער געקומען די שעה פון גאולה און ג־ט האָט אראָפּגענידערט צו באפרייען און מציל זיין דאָס פאָלק ישראל, פון יענער שעה אָן קאָן קיין מענטשלעכע קראפט ניט צוריקהאלטן די יידישע באפרייאונג...

פונקט אזוי היינט, ווען ג־ט האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פאָלק און זיין צוזאָג צו דער באפרייאונג איז נאָענט, וועט קיין מאכט, ניט בלויז עגיפטן מיט אירע פארבינדעטע אראבישע לענדער, ניט מזרח און ניט מערב — קיינער וועט ניט קאָנען שטערן די געטלעכע באפרייאונג, קיינער וועט ניט צוריקהאלטן דעם געטלעכן גאולה־מארש פון די קינדער פון אברהם יצחק און יעקב...

מען דארף באמת זיין בלינד ניט צו זען אז מדינת ישראל איז א אתחלתא דגאולה, אן אָנהויב פון דער גרויסער גאולה וועלכע דארף ערשט נאָך קומען.

און ווען אנדערע פעלקער פארפלאָנטערן זיך מיט ישראל, קאָנען מיר עס לייכט פארשטיין, ווייל זיי האָבן ניט קיין ביישפיל, קיין ענלעכע פאקטן אז מען טאָר זיך ניט אָנהייבן מיט ישראל. אָבער מצרים? ווי קומט עס וואָס זיי ווייסן ניט און געדענקען ניט די מפלה פון זייערע זיידעס? פארוואָס לערנען זיי ניט די אלטע געשיכטע פון די אלטע עגיפטער?...

ווען די היינטיקע עגיפטער וואָלטן פארמאָגט אזא טייערע מצוה ווי מיר יידן:

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך (דברים ט״ז).

זאָלסט געדענקען דיין ארויסגיין פון מצרים דיין גאנץ לעבן, סיי שבת און סיי אלע יום־טובים, סיי בייטאָג און סיי ביינאכט, דאן בין איך זיכער, אז זיי וואָלטן געווען די לעצטע אָפּצופייערן איין איינציקן שאָס אויף ישראל.

ט

איז פאר מיר קלאָר ווי דער טאָג, אז אין די עגיפּטישע שולן און אין זייערע אוניווערסיטעטן לערנט מען ניט דעם תנ״ך.

אָבער ווי קומט עס וואָס די פעלקער וואָס לערנען יאָ די בייבל און זיי באנוצן זיך מיט פסוקים פונם תנ״ך ביי יעדער געלעגנהייט, ווי קומט עס וואָס זיי דערזען ניט דעם נץ החמה, די ערשטע שטראלן פון ישראלס גאולה? ווייל ווען זיי וואָלטן יאָ דערפילט אז ישראלס דערלייזונג הויבט זיך אָן, וואָלטן זיי ניט געשיקט קיין כלי־זין צו די אראבישע לענדער. זיי וואָלטן ניט באוואָפנט ניט דייטשלאנד און ניט איראק, ניט מצרים און ניט עבר הירדן. זיי וואָלטן אפילו ישראל אויך ניט באדארפט געבן קיין געווער —

קיינעם ניט, נאָר אלע פעלקער וואָלטן זיך צוגעהערט צו די הייליקע נביאות־רייד פון ישעיה הנביא:

והיה באחרית הימים — און דאָס וועט פּאסירן אין יענע טעג פון דער גאולה. פּארפעקטיקט וועט שטיין ג־טס בארג, דערהויבן און חשובער פון אלע בערג, אלע פעלקער וועלן צו אים אין מאסן קומען און אזוי וועלן זיי זאָגן: קומט, לאָמיר ארויפגיין צו ג־טס הויז פון יעקב. ער וועט אונדז לערנען זיינע דרכים און מיר וועלן זיך פירן אין זיינע וועגן, ווייל נאָר פון ציון וועט ארויסגיין תורה און ג־טס וואָרט פון ירושלים.

און ער וועט אויסגלייכן צווישן פעלקער זייערע סכסוכים און ער וועט זיי איבערצייגן ווי נוצלאָז עס זיינען וואפן, וועלן זיי צעשמעטערן זייערע שווערדן און זיי שמידן פאר אקעראייזנס, און זייערע שפּיזן וועלן זיי פאר־וואנדלען אין גראָז־מעסערס.

קיין פאָלק וועט ניט מער אויפהייבן זיין שווערד קעגן זיין שכן און עס וועט בכלל ניט מער געלערנט ווערן קריגפירונג... (ישעיה ב׳).

י

מיר יידן געדענקען אָן יציאת מצרים יעדער טאָג. אָבער ווען וועט שוין קומען יענער טאָג ווען אלע פעלקער וועלן עס געדענקען?

שמעו עמים ירגזון חיל אָחז יושבי פלשת...

„פעלקער האָבן געהערט זיינען זיי דענערווירט געוואָרן, א ציטער האָט ארומגעכאפּט די איינוואוינער פון פלשתים״ (אָז ישיר).

אין די הייליקע טעג פון פסח, ווען אלץ אָטעמט ממש מיט יציאת מצרים: מצה, מרור, ארבע כוסות, די הגדה, דאָס דערציילן באריכות אלע פּרטים פון יענער באפרייאונג; אין די הייליקע טעג וועלן אונדזערע אויגן און הארץ זיין געווענדעט צום גואל ישראל —

צור ישראל, קומה בעזרת ישראל!!!

שטארקער ג־ט פון ישראל דערהויב זיך און קום, העלף דיין לאנד און דיין פאָלק ישראל!

(תשט״ו).

יא

# יציאת מצרים

## דאָס אייגנארטיקע פאָלק

יידן זיינען אן אייגנארטיק פאָלק, אן אויסנאם פאָלק — אנדערש ווי אלע אנדערע פעלקער אין דער וועלט.

האָט איר שוין געהערט וועגן אזא פאָלק, אָדער ערגעץ־וואו געלייענט אין די געשיכטעס פון די אלטע אָדער נייע פעלקער?

געוויינלעך שאפט א פאָלק זיין שפראך, זיין קולטור, זיין געשיכטע, זיין לאנד און זיינע פאסירונגען. האָט איר שוין געהערט, אז איידער א פאָלק איז באשאפן געוואָרן, זאָל שוין פון פאָרויס זיין גרייט זיין שפראך, זיינע געזעצן און זיין געשיכטע און אפילו זיין באשטימט לאנד?

יידן זיינען דאָס דאָזיקע אויסטערליש, אייגנארטיק פאָלק!

אזוי דערציילט אונדז בפירוש דער חומש. דער אויבערשטער באווייזט זיך צו אברהמען, צום איין און איינציקסטן ייד אין דער גאנצער וועלט, און ער זאָגט צו אים אזוי:

„איך בין דיין ג־ט, וועלכער האָט דיך ארויסגענומען פון „אור־כשדים”, כדי דיר צו געבן דאָס דאָזיקע לאנד פאר א ירושה” (בראשית ט״ו, ז׳).

נאָכן קאמף מיט די פינף מלכים, באווייזט זיך ג־טס וואָרט דורך א נבואה צו אברהמען, און אזוי איז געווען דאָס נביאישע וואָרט:

אל תירא אברם אָנכי מגן לך שכרך הרבה מאד (דאָרטן, ט״ז).

האָב ניט מורא אברם, איך וועל זיין אין דיין שוץ, דיין שכר איז זייער גרויס.

און ג־ט האָט ארויסגעפירט אברהמען אין דרויסן ארויס און ער האָט צו אים אזוי געזאָגט: גיב א קוק, באטראכט דעם אויסגעשטערנטן הימל, צייל די שטערן, צי וועסטו דערגיין זייער צאָל?

ויאמר לו: כה יהיה זרעך.

אָט אזוי ווי די שטערן, וועלכע באלייכטן אין דער פינצטערניש פון דער נאכט, און זיין זיינען זייער פיל, אָט אזא אייגנשאפט און אזוי גרויס און באדייטנדיק אין זייער צאָל, וועלן זיין דיינע קינדער...

אברהם איז גליקלעך און צופרידן הערנדיק אזא הבטחה פון ג־ט אין וועמען ער האָט מיטן פייער פון זיין נשמה און מיטן בלוט פון זיין הארצן געגלויבט.

און אָט גייט אונטער די זון און אברהמען כאפט ארום א שווערער דרימל, א מורא און א פינצטערניש באפאלט אים...

די זעלבע נבואה, דער זעלבער ג־ט באווייזט זיך צו אים און זאָגט אים א שרעקלעכע בשורה:

זיי וויסן, אברהם, סאיז אמת, דו וועסט האָבן קינדער, אָבער:

כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם.

גרים און פרעמדע וועלן זיי זיין אין א פרעמד לאנד.

ניט בלויז גרים און פרעמדע, וועלכע וועלן ווערן טאָלערירט, נאָר:

ועבדום ועינו אותם ארבע מאות שנה.

מען וועט מיט זיי ארבעטן און זיי וועלן געפייניקט ווערן פאר הונטער־טער יאָר...

און דאָס פאָלק וואָס וועט מיט זיי ארבעטן און וועט זיי פייניקן, וועט באשטראָפט ווערן.

ואחרי כן יצאו ברכוש גדול.

נאָכן אָנליידן זיך, נאָכן געפייניקט ווערן וועלן זיי פון יענעם לאנד ארויסגיין מיט רייכטום און מיט א גרויסן פארמעגן...

און יענעם טאָג האָט ג־ט געשלאָסן א ברית מיט אברהמען, א געט־לעכן אָפמאך, א פייערדיקן צוזאָג:

לזרעך נתתי את הארץ הזאת.

צו דיינע קינדער (וועלכע זיינען נאָך ניט געבוירן געוואָרן) האָב איך שוין געגעבן, שוין באשטימט, דאָס דאָזיקע לאנד. פונם טייך מצרים ביזן גרויסן טייך פרת, די פעלקער: קיני, קניזי, קדמוני, חיתי, פריזי, און די רפאים, אמורי, כנעני, גרגשי און יבוסי (דאָרטן, ט״ו, י״ח, כ״א).

---

ווי איר זעט, זיינען די גרעניצן פון ארץ־ישראל אָנגעצייכנט אין חומש, צוגעזאָגט געוואָרן צום ערשטן יידן אברהמען, ווען ער האָט נאָך ניט געהאט קיין איין יידיש קינד...

ישמעאל האָט שוין געלעבט, אָבער ער איז דאָך דער פאָטער פון די אראבישע פעלקער, די שונאים פון די בני ישראל...

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע געשיכטע לויט אונדזער טראַדיציע, לויטן חומש, וועלכער איז דער פונדאמענט פון דער וועלט ציוויליזאציע און אויך די נשמה פונם יידישן פאָלק.

די נבואה האָט פאָרויסגעזאָגט צום אלטן אברהמען: וועסט האָבן קינדער, א גרויס פאָלק וועלן זיי זיין. איידער זיי וועלן זיך אָבער באזעצן אין אן אייגן לאנד, וועלן זיי זיין גרים, שקלאפן, געפייניקט, געיאָגט און געפלאָגט...

אָבער זיי וועלן באפרייט ווערן. עס וועט קומען די גאולה. זיי וועלן ארויס פון גלות מצרים ברכוש גדול, מיט א גרויס פארמעגן, און די רודפים, די פייניקער, די פארשקלאפער — זיי וועלן געמשפט ווערן און וועלן האָבן א מפלה...

## יב

# יציאת מצרים

דאָס ארויסגיין פון מצרים איז פארוואנדלט געוואָרן אין א היסטאָרישן, הייליקן אקט.

דער ערשטער זאָג אין די לוחות באווייזט עס, ווי וויכטיק, ווי עפּאָכעמאכנדיק יציאת מצרים איז געווען:

אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים (יתרו).

איך בין דיין שטארקער ג־ט, וועלכער האָט דיך ארויסגענומען פון לאנד מצרים.

צי וואָלט זיך ניט בעסער געפּאַסט צו זאָגן, איך בין דיין ג־ט וועלכער האָט דיך באשאפן? ניין, באשאפן האָט ג־ט ניט בלויז יידן, נאָר אלע מענטשן, אלע חיות און בהמות, אלע פייגל און פיש, אלע ווערים און אינסעקטן, ממש אלץ וואָס עס לעבט האָט ג־טס כוח באשאפן.

אָבער יציאת מצרים איז א ספּעציעלע פריווילעגיע געווען פארן פאָלק ישראל...

**דעריבער איז כמעט די גאנצע יידישע רעליגיע „געבויט" אויפן אקט פון יציאת מצרים, פסח, שבועות, סוכות, שבת, תפילין, ציצית, מצות, חמץ, מרור, חרוסת, ארבע כוסות — אלע תפלות פון א גאנץ יאָר זיינען פול מיט דער מצוה פון געדענקען דעם גרויסן אקט פון יציאת מצרים...**

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך.

**זאָלסט געדענקען דעם טאָג פון דיין ארויסגיין פון לאנד מצרים דיין גאנץ לעבן...**

**כאָטש מיר אלע זיינען חכמים און פארשטענדיקע, כאָטש מיר אלע געדענקען און קאָנען די תורה, דאָך איז א מצווה מיר זאָלן דערציילן די געשיכטע פון יציאת מצרים.**

וכל המרבה לספר ביציאת מצרים הרי זה משובח (הגדה של פסח).

**און ווער עס דערציילט וואָס מער פון יציאת מצרים דער איז געלויבט...**

## יג

## בכל דור ודור

**צי איז יציאת מצרים א פארגאנגענע געשיכטע, וואָס געהערט צום וייטן עבר? ניין, בפירוש ניין!**

בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו, כאלו הוא יצא ממצרים (הגדה).

**אין איטלעכן דור איז יעדער ייד מחויב צו באטראכטן זיך ווי ער אליין וואָלט ארויסגעגאנגען פון מצרים.**

**ווי לעבעדיק זיינען היינט די דאָזיקע הייליקע ווערטער און ווי אק־טועל! ווייל היינט צו טאָג, אפילו ווען מיר האָבן שוין אן אייגן לאנד, און די מערהייט יידן לעבן זיך „בשלום" און אין פרידן צווישן פרעמדע „בעל הבתישע" פעלקער, דאָך באווירקט אונדז אלץ דער שווארצער שאָטן פון מצרים...**

**יענער פינצטערער גייסט פון פיין און לייד, און פארקנעכטונג פון די אלטע פרעהס, זעט אויס היינט צו טאָג ווי ער וואָלט זיך ארויסגעריסן פון די אור־אלטע פיראמידן־קברים, אָנצואווארפן א שרעק אויף ישראל...**

עס זעט אויס, אז מיר זיינען נאָך ניט אינגאנצן באפרייט פון מצרים... מיר דארפן האָבן היינט, אין דער מאָדערנער צייט א נייעם —

יציאת מצרים.

ישראל קאָן ניט געבויט ווערן און קאָן זיך ניט ריכטיק אנטוויקלען, כל־זמן איר גרעסטער טייל פונם בודזשעט איז באשטימט פאר קריג־אויס־שטאטונג. דער קאָפּ פון ישראל ליגט אין זוכן וואָפן, מען בעט זיך מיט צענדליקער, הונדערטער מיליאָנען צו קויפן וואָפן...

און אז מען וועט שוין יאָ באקומען א פארקויפער וועט שוין זיין א גליק? ווי צו אזא גליק!

מיר דארפן אצינד באנייט ווערן מיט געטלעכע נסים און מיט קלוגע, סטראטעגישע, אויסגערעכנטע, איינגעהאלטענע וועגן און צוגן, יענעם גייסט פון יציאת מצרים צו באזיצן.

עס ווייזט אויס אז עפּעס איז נאָך פארבליבן פון יענעם יציאת מצרים ניט פארענדיקט... ווייל דער פינצטערער מצרים גייסט פארטונקלט נאָך לעת עתה די ישראל הימלען...

ווען איר וועט צייט האָבן כאפּט א קוק אין די דריבנע אותיות פון די אלטע יידישע ספרים, וועט איר זען אז דאָרטן שטייט בפירוש אזוי: גאולת מצרים איז טאקע געווען א גרויסע גאולה, אָבער פאָרט ניט די גאולה שלימה...

די גאולה שלימה דארף ערשט קומען, דאן וועט א קאָלאָנעל פון עגיפּטן ניט קאָנען פאָכען מיטן שווערד אויף דער ישראל מדינה; און א פּאָלקאָווניק פון מצרים וועט ניט קאָנען באאומרואיקן יידן אין דער גאנצער וועלט...

ווי טיפזיניק, ווי הייליק, ווי אייביק זיינען די ווערטער: „אין איטלעכן דור דארף זיך א ייד באטראכטן ווי ער וואָלט באפרייט געוואָרן פון לאנד מצרים״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער היינטיקער יום־טוב פסח, דער פריילעכסטער פון אלע יום־טובים, איז לכתחילה באשטימט געוואָרן כדי זיך צו פארטיפן און פארטראכטן איבער יציאת מצרים פון אמאָל און פון יציאת מצרים פון היינט און פון איטלעכן דור. ווען יידן וועלן אים פייערן כדת וכדין, וועלן מיר זוכה זיין אז דער

פינצטערער גייסט פון מצרים וועט פארטריבן ווערן צו די הרי חושך, און די יידישע מדינה דאָרטן און מיר יידן בכל תפוצות ישראל, וועלן באפרייט ווערן פון שרעק און פון פחד, און די יידישע כוחות זאָלן אויסגענוצט ווערן פאר פראָדוקטיווער, שעפערישער בויענדיקער ארבעט און גיגאנטישע מעשים.

די גרעניצן וועלכע ג־ט האָט צוגעזאָגט אונדזער פאָטער אברהמען, אין די גרעניצן זאָלן באזעצט ווערן יידן פון אלע לענדער... דער לעצטער אקט פון יציאת מצרים זאָל ממש אין אונדזער צייט באוויזן ווערן... די גאולה שלימה.

(תשט״ז).

יד

# בצאת ישראל ממצרים

## אין איטלעכן דור

יציאת מצרים האָט ארויפגעלייגט איר חותם אויפן גאנצן יידישן רעליגיעזן לעבן. ניטאָ קיין טאָג אינם יידישן לוח אין וועלכן עס זאָל ניט דערמאָנט ווערן דער ענין מצרים. קריאת־שמע, ציצית און תפילין דערמאָנען אונדז אין יציאת מצרים; מאכן מיר שבת קידוש, זאָגן מיר ווייטער זכר ליציאת מצרים.

אלע יום־טובים: פסח, שבועות און סוכות זיינען פול מיט דער געשע־עניש פון יציאת מצרים.

פסח — מצה, מרור, ארבע כוסות, חרוסת, זאלץ־וואַסער, דאָס זאָגן די הגדה, דער פייערדיקער סדר — אלץ אָטעמט מיט דער געשיכטע פון יציאת מצרים; די פיר קשיות וואָס ווערן געפרעגט פון די קינדער, דעם טאטנס ענטפער עבדים היינו לפרעה במצרים — אלץ זאָגט און דערציילט וואָס עס האָט פאסירט מיט אונדזערע עלטערן ביים ארויסגיין פון מצרים.

שבועות, דער טאָג פון מתן־תורה, ווען ג־ט האָט דורך משה רבינו געגעבן זיין פאָלק די עשרת הדברות, וועלכע הויבן זיך אָן מיטן ערשטן געבאָט: „איך בין דיין ג־ט וועלכער האָט דיך ארויסגעפירט פון לאנד מצרים".

סוכות — עס איז א מצווה יידן זאָלן זיצן אין סוכות, צוליב וואָס?

למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים, אני ה׳ אלקיכם (ויקרא כ״ג, מ״ג).

**כדי איר און אלע שפעטערדיקע דורות זאָלן וויסן, אז איך האָב באַוואוינט און באזעצט אין סוכות, ווען איך האָב אייך ארויסגעפירט פון מצרים, איך בין אייער שטארקער ג־ט.**

**עס איז א חוץ די אלע אויבנדערמאָנטע באמערקונגען פאראן א גאנץ באזונדערע מצווה:**

למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך... (דברים ט״ז).

**דיין גאנץ לעבן, א חוץ יעדער טאָג... א חוץ יעדער שבת, א חוץ פסח, שבועות און סוכות, זאָלסטו דיין גאנץ לעבן — כל ימי חייך — געדענקען יציאת מצרים...**

**ניט בלויז דו אליין, ר׳ ייד, דארפסט געדענקען יציאת מצרים; דו ביסט פארפליכטעט עס צו דערציילן, לערנען און זאָגן דיין זון אויך:**

והגדת לבנך ביום ההוא לאמר: בעבור זה עשה ה׳ לי, בצאתי ממצרים (שמות י״ג).

**די חכמי התלמוד גייען נאָך ווייטער. זיי זאָגן, ס׳איז ניט גענוג וואָס דו ייד, ווערסט געדענקען די געשיכטע פון אמאָל, נאָר:**

בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים...

**איטלעכן דור, אין איטלעכער תקופה און אין איטלעכער צייט, דארף זיך א מענטש באטראכטן ווי ער אליין איז אויך ארויסגעגאנגען פון מצרים...**

**ער איז אין מצרים פארשקלאפט און פארפייניקט, באליידיקט און באדראָט, ממש מסוכנדיק און אָט געשעט מיט אים א נס און ער ווערט באפרייט פון יענע אונטערדריקער...**

## טו

# טיפער ווי דער ים

**די ווערטער פון די יידישע חכמים זיינען טיפער ווי דער ים און העכער ווי אלע הימלען.**

**די גאולה פון מצרים, זאָגן אונדזערע הייליקע ספרים, איז ניט געווען קיין גאולה שלימה. אין איטלעכן דור איז פארבליבן א שטיקל עבדות און**

פארקנעכטונג. מצרים לאָזט ניט אָפּ... אין איטלעכן דור דארף מען ארבעטן אויף דער גאולה און זיך דערהויבן אזוי הויך אז מען דערפילט „יציאת מצרים" תמיד, ממש בכל דור ודור...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צאו וראו, גייט ארויס א וויילע פון אייער מעמד, פארטיפט זיך און באטראכט עס, וועט איר זען ממש וואונדער.

יידן זיינען געפייניקט געוואָרן אין אלט מצרים דורך וואסער. די ערשטע, ביטערע גזרה איז געווען:

כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו (שמות א׳, כ"ב).

איטלעכער ייגגל וואָס וועט געבוירן ווערן, ווארפט אים אין טייך אריין. דערפאר האָט ג־ט אים באשטראָפט מיט מכה פון בלוט, אלע וואסערן אין מצרים זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין בלוט...

דער גרעסטער קריזיס פון אונדזערע עלטערן, ארויסגייענדיק פון מצרים איז געווען דאָס שטיין ביי די ברעגן פון ים־סוף, זעענדיק ווי פּרעה מיט זיין מיליטער יאָגן זיי נאָך און דאָ האָבן זיי ניט קיין אנדער ברירה, אָדער זיך אומקערן קיין מצרים אָדער אומקומען פון דעם שונא, וועלכער איז פיל שטארקער פון אים... דאָס פאָלק איז געווען פארצווייפלט און משה דערמוטיקט און דונערט צו די יידן:

אל תיראו התיצבו וראו את ישועת ה׳ אשר יעשה לכם היום (שמות י"ד).

האָט קיין מורא ניט, באַרואיקט זיך און זעט ג־טס הילף וואָס ער וועט צו אייך היינט טאָן; האָט קיין מורא ניט פאר די כוואליעס פונם ים־סוף...

און אָט געשעט דער גרויסער נס, די וואסערן בלייבן שטיין, זיי פליסן ניט צו, זיי צערוקן זיך און לאָזן דורכגיין דאָס פאָלק ישראל אויף דער טריקעניש.

און ווען משה מיטן פאָלק דערזען דעם נס פון קריעת ים־סוף, ערשט דאמאָלסט צעזינגען זיי זיך מיט דעם צו אלעמען באקאנטן: אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת לה׳.

טז

# דער אייביקער וואסער קריזיס

אויך היינט עקזיסטירט א וואסער־קריזיס. דער סועץ־קאנאל און דער עקבה גאָלף, אָדער וואסער אויסגוס. מיט אָט די וואסערן קעמפט דער היינטיקער פרעה, דער פרעזידענט פון מצרים, קעגן ישראל:

ויקם מלך חדש אשר לא ידע את יוסף.

עס ווייזט אויס, אז דער איצטיקער דיקטאטאָר פון מצרים, אבדעל גאמעל נאסער, ווייסט ניט די געשיכטע פון די אלטע עגיפטער...

זיינע אור־אור־עלטערן האָבן געוואָלט דערטרינקען די צוקונפט פון ישראל אין וואסער; זיין עלטער־עלטער זיידע האָט געגלויבט, אז ווען ער וועט אריינוואַרפן יידישע קינדער אין וואסער אריין, וועט דאָס פאָלק ישראל אונטערגיין.

דער אלטער פרעה איז געווען זיכער אז ווען ער וועט נאָכיאָגן די ישראלים ביז צום ים, וועט ער זיי דאָרטן כאפן. אלע זיינע חשבונות זיינען צערונען געוואָרן...

דער היינטיקער פרעה וויל אויך דערשטיקן ישראל די מדינה מיטן פארמאכן די וואסער־וועגן פאר אירע שיפן.

ער פארגעסט, דער רעגירער פון מצרים, אז אלץ וואָס איז שוין געשען קאָן זיך און עס וועט זיך בעזרת השם איבערחזרן.

יידן זיינען געגאנגען דורך פייער און וואסער און זיי זיינען ניצול געוואָרן!

ביים געבוירן ווערן פונם יידישן קינד אין מצרים, האָט עס דער אלטער פרעה געוואָלט דערטרינקען אין וואסער... ביים ארויסגיין פונם פאָלק ישראל פון מצרים, האָט דער אלטער פרעה געוואָלט זיי דערטרינקען אים ים.

דער נייער פרעה האָט די זעלבע כוונות, די זעלבע פאָליטיק, די זעלבע סטראטעגישע טאקטיק: אָדער פארמאכן די וואסער־וועגן, אָדער אריינשטופן ישראל אין ים אריין... עס איז אַן אלטע געשיכטע וועלכע ווערט אין איטלעכן דור באנייט:

בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו, והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם (הגדה של פסח).

אין איטלעכן דור באפאלן זיי אונדז און זיי ווילן אונדז פארניכטן, אָבער הקדוש ברוך הוא איז אונדז תמיד מציל.

טיף און הייליק זיינען די ווערטער פון אודנזערע אלטע חכמים.

בכל דור ודור — אין איטלעכן דור, איז א מענטש מחוייב זיך צו באטראכטן ווי ער וואָלט אליין ארויסגעגאנגען פון מצרים...

בזמן הזה פאראורזאכט מצרים ווידער א וואסער קריזיס. די אראבער גלויבן אז דאָס וואסער וועט פארניכטן ישראלן. אָבער במים דימו לאבדם והם נאבדו במים, מיט וואסער האָבן זיי געוואָלט פארניכטן ישראל און דורך וואסער זיינען די מצריים פארניכטעט געוואָרן...

זיי פארגעסן אָבער אז יידן זיינען תמיד ניצול געוואָרן פונם וואסער־געפאר.

אלע ווינקעלעך פונם הייליקן יום־טוב פסח קרעפטיקן און מוטיקן, שפראָצן מיט גאולה און ביטחון, מיט פרייד און שמחה.

מיר האָבן שוין אמאָל דורכגעשפרייזט די מצרישע וואסערן און דאָס גאנצע פאָלק מיט משה דעם גואל, האָבן געזונגען:

אָז ישיר!

די סועץ און עקבה וואסערן פארשאפן צרות און באאומרואיקן ישראל, אָבער נאָענט איז דער טאָג ווען עס וועט זיך דערהערן די רייד פונם נביא:

ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה (ישעיה י״ב, ג׳).

און איר וועט שעפן וואסער מיט פרייד פון די קוואלן פון הילף.

דער הויפט־מאָטיוו פון פסח איז „איר זאָלט געדענקען אייער גאנץ לעבן יציאת מצרים״.

סיי ביים פראקטיצירן די טאָג־טעגלעכע מצוות, סיי שבת און סיי אין די יום־טובים.

ווער ווייסט די וועגן פון דער השגחה? אפשר ווייל יידן האָבן צו ביסלעך אָנגעהויבן פארגעסן יציאת מצרים, האָט מען אונדז אָנגעהויבן דער מאָנען די אלטע און אייביק נייע געשיכטע — טאָג־איין, טאָג־אויס די זעל־בע צרות און קאָפּ־דרייעניש — מצרים און אירע וואסער־קריזיסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אזעלכע קריזיסן קומט אָבער דער שטארקער און קרעפטיקער:

אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת לה׳ לאמר...

(ערב פסח, תשי״ז).

## א

# די תורה איז געגליכן צו וואסער...

רבי חנינא, דער זון פון אידי, זאָגט: פאַרוואָס זיינען די רייד פון דער תורה געגליכן צו וואסער? ווייל אזוי ווי וואסער פאַרלאָזט די העכערע ערטער און נידערט צו נידעריקע מקומות, אזוי אויך דברי תורה, אנטלויפן פון מענטשן וואָס האלט זיך גרויס, מיידן אויס א בעל־גאווה, און באהעפטן זיך דווקא צו די מענטשן, וואָס האלטן זיך עניוותדיק און באשיידן.

די תורה איז געגליכן צו וואסער, ווייל אין פסוק שטייט:

שתה מים מבורך ונוזלים מתוך בארך, יפוצו מעינתייך חוצה ברחובות פלגי מים... (משלי ה׳).

„טרינק וואסער פון דיין גרוב און פליסיקייט פון דיין ברונעם, זאָלן דיינע קוואלן זיך צעשפרייטן אין דרויסן, אין די גאסן די בעכן וואסער".

פונקט ווי וואסער דערהאלט דאָס לעבן אויף דער וועלט, אזוי אויך די רייד פון דער תורה, ברענגען לעבן אויף דער וועלט, ווייל אזוי זאָגט דער פסוק:

כי חיים הם למוצאיהם ולכל בשרו מרפא (משלי ד׳).

„וואָרום לעבן זיינען זיי פאַר די וואָס געפינען זיי, און א היילונג פאַר זייער גאנצן קערפער".

פונקט ווי וואסער האָט א כוח מטהר צו זיין א טמא מענטשן, אזוי אויך דברי תורה, רייניקן און וואשן דעם מענטשן. ווייל אזוי זאָגט דער פסוק:

אמרות ה׳, אמרות טהורות (תהילים י״ב).

„די רייד פון ג־ט, זיינען טהורדיקע", זיי באזיצן דעם כוח און פאַר־מאָגן די קראפט צו רייניקן א מענטשן פון זיין טומאה...

פונקט ווי וואסער דערקוויקט דעם מענטשן, אזוי דערקוויקן די רייד פון דער תורה, ווייל אזוי זאָגט דער פסוק:

תורת ה׳ תמימה, משיבת נפש... (תהילים י״ט).

„די תורה פון ג־ט איז גאנץ, זי דערקוויקט דעם מענטשן״.

פונקט ווי וואסער באקומט מען בחינם, אזוי אויך דברי תורה, ווייל אזוי זאָגט דער פסוק:

הוי כל צמא לכו למים (ישעיה נ״ה).

„הערט, אלע דורשטיקע, קומט און טרינקט אייך אָן מיט וואסער״.

אויב די תורה איז געגליכן נאָר צו וואסער, אפשר דערפרייט ניט די תורה דאָס הארץ פונקט ווי וואסער דערפרייט ניט דאָס הארץ פונם מענטשן?

ניין, עס שטייט דאָך טאקע א פסוק:

כי טובים דודיך מיין (שיר השירים).

„ווייל בעסער ווי וויין איז דיין פריינדשאפט״.

אָט אזוי לערנט רבי חנינא בר אידי, אז די תורה איז געגליכן צו וואסער, ווייל וואסער האָט די טבע צו פארלאָזן די הויכע מקומות און נידערט דווקא אין טאָל, וואו ס׳איז נידעריק... וואסער האָט ליב באשיידנקייט און ניט בארימעריי...

דאָס אלץ איז אָבער גערעדט געוואָרן אין נאָרמאלע צייטן, ווען ג־ט וויל אימעצן שטראָפן און ווייזן אז ער איז פאראנען, אז:

יש אלקים באָרץ,

ווערט דער באשיידענער א מושל, דער עניו — א דיקטאטאָר, און דער שטילער צעכסעט זיך, און זיין ברוגז ווארפט אָן פחד און שרעק אויף אלעמען ארום...

דער היינטיקער שבועות, דער זמן מתן תורתנו וועט דאָ אין וויניפעג און אין גאנץ קאנאדע געפייערט ווערן אונטער דעם דאָזיקן איינדרוק...*)

דער שטילער, באשיידענער „רעד ריווער״, וועלכער קומט פון עלבאָ־לעיק, מינעסאָטא, ארום דער מיסיסיפי, און שטראָמט אזוי א מהלך פון 665 מייל, איבער נאָרט־דאקאָטא און מאניטאָבא, און פאלט אריין אין וויניפעג־לעיק, זיין נאָרמאלער פלוס איז א באשיידענער און א שטילער, פון ששת ימי בראשית אָן — ווען קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך יענע געגנט ניט באטראָטן — גיסט זיך דער ריווער אינם לעיק אריין.

---

*) אין יאָר ת״ש (1940) שבועות צייט, איז אין וויניפעג פאָרגעקומען אַ שרעקליכע פארפלייצונג. גאנצע שטאָט־טיילן האָבן געליטן רויסע שאָדענס.

פון צייט צו צייט צעכעסט ער זיך, ער ברוגזט זיך אָן און ווערט געשוואָלן פון אויפרעגונג... ער בלאָזט זיך אָן און הויבט זיך שלא כדרך הטבע...

וואסער, דער סימבאָל פון עניוות און באשיידנקייט, באווייזט זיך אין א שרעקלעכער פּאָזע, אין א געשטאלט פון א חיה רעה, וועלכע ווארפט אָן א שרעק און א פחד, אויף אלע איינוואוינער, וואָס וואוינען אין זיין שכנות...

די שטילע וואסערן וועלכע פלעגן גלעטן דאָס אויג, אָפּקילן די צעקאָכטע הייסע לופט, און מחיהדיק אָפּפרישן דעם מידן קערפּער פונם מענטשן, האָבן רעוואָלטירט. זיי זיינען ארויס פון די כלים... און אָנגעמאכט חורבנות, צעיאָגט טויזנטער שטילע איינוואוינער, פארטריבן זיי פון זייערע היימען, וועלכע זיינען געבויט געוואָרן מיט גרויס מי און פּראצע.

וואָס וויל דער „רעד ריווער״? אנטקעגן וועמען האָט ער זיך אזוי צעברוגזט? וואָס הויבט ער זיך אזוי אין כעס? וועמען וויל ער דאָ שטראָפן?

עס קאָן אנדערש ניט זיין ווי ער קומט די זאטע און רואיקע צו דערמאָנען, אז די גאנצע וועלט איז פארפלייצט פון שנאה און קנאה, חשד און אומצוטרוי...

און יענע פערעקשנטע, פּאָליטישע, בייזוויליקע פארפלייצונג איז גע־פערלעכער, מער מסוכנדיקער־... דער געשוואָלענער „רעדריוועך״ איז נאָר א שפּילעכל לגבי יענע פארפלייצונגען פון אומצוטרוי צווישן מזרח און מערב, צווישן „רעד״ און „ווהייט״, צווישן ריווער און יבשה...

אפשר לערנט אונדז דער „רעדריוועך״ אַ לעקציע ווי אזוי צו קאָנען אנטלויפן אין א פארפלייצונג?

אפשר לערנט אונדז דער „רעד ריווער״ דעם אלף־בית פון עוואקואציע, ווי אזוי מען דארף זיך אונטערגארטלען אין דער צייט פון סכנה, אין דער צייט ווען די שטילע באשיידענע עניוותדיקע וואסערן הייבן זיך איבער זייערע ברעגן און טרעטן אריבער זייער גרעניץ?

ווען ג־ט האָט די וועלט באשאפן, האָט ער פאר אלעמען זיין גרעניץ באשטימט, סיי פאר פייער און סיי פאר וואסער, סיי פארן מענטשן און סיי פאר דער חיה, סיי פאר פעלקער און סיי פאר נאציעס.

יצב גבולות עמים.

פייער דארף זיך דערהייבן און זיך רייסן אין דער הויך, און וואסער דארף זיך שטראָמען און פליסן אין דער נידער. דער מענטש אָבער טאָר

ניט ארויס פון זיינע דלד אמות, און די חיה טאָר ניט אריבערשפּרינגען איבער דער מדבר אָדער דזשאַנגל — איטלעכעס פאָלק דארף באארבעטן זיין ערד און זיך קלאַמערן פעסט אין זיינע גרעניצן.

יעדער איבערשרייטונג מיינט מלחמה, פארניכטונג, טויט און אומקום.

פייער דארף זיך רייסן אין דער הויך, דאָס איז זיין נאַטירלעכער „וועג". צעשפּרייט זיך אָבער פייער אין דער ברייט, פארשרפה"ט ער און מאַכט א תל פון אלעמען וואָס שטייט אים אין וועג...

וואסער דארף זיך פליסן שטיל און רואיק אין די גרעניצן פון ששת ימי בראשיתדיקן פאר אים אָנגעצייכנטן וועג. צעכעסט זיך אָבער א טייך, ער ברוגזט זיך, און הויבט זיך איבער דעם פאר אים אָנגעצייכנטן מארשרוט, ער צעגיסט זיך פון אויפרעגונג, מאַכט ער אָן חורבנות, פארטרייבט רואיקע איינוואוינער, ווארפט א שרעק און פאניק, איז גורם צו עפּידעמישע קראנק־הייטן און ברענגט שאָדן...

דאָס זען מיר מיט אייגענע אויגן ביי יעדע ברעגן פון „רויטן ריווער", און די איינוואוינער פון דער סביבה זיינען טועם דעם טעם פון עוואקואַציע, פון טויט־שרעק, פון פאניק און נערוועזיטעט, פון חורבן און גרויסן שאָדן.

ג־ט האָט באשאפן פארן מענטשן זיין גרעניץ, כאַפּט ער זיך אָבער אריבער די דאָזיקע גרעניץ, באגעגנט ער די בעסטיע, די חיה רעה.

אלע סכסוכים, סיי פון מענטש צו מענטש, סיי פון לאַנד צו לאַנד, פירן צו מלחמה, צו אומקום, צו חורבן, צו טויט און צו פארניכטונג.

לבד זה מצאתי אשר עשה האלקים את האָדם ישר, והמה בקשו חשבונות רבים (קהלת ז').

„זע איך האָב דאָס אליין אויסגעפונען, אז ג־ט האָט באשאפן דעם מענטשן גלייך. אָבער זיי אליין האָבן געזוכט צווישן זיך פארשיידענע חשבונות"...

כל־זמן פעלקער זיצן זיך אין זייערע אייגענע גרעניצן זייען און אַקערן, פלאַנצןביימער און וויינגערטנער, בויען הייזער און דערציען קינדער, הערשט שלום אין דער מדינה. ווערט אָבער א פאָלק אָנגעגריפן מיט א משוגעת אָנשיקעניש, לא עלינו, דאן פארניכטעט ער זיינע אייגענע קינדער, ער רייסט זיך אריבער זיינע גרעניצן און ווערט אליין פארניכטעט...

* * * * *

די עשרת הדברות זיינען דער יסוד פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע. כל־זמן דער מענטש פאַרהייליקט דעם לא תרצח, דעם כבד את אָביך ואת אמך, און דעם לא תחמוד, קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן מלחמה.

די אַלע מצוות זיינען גרעניצן. דו האָסט דיינס, גלוסט ניט צו דעם וואָס געהערט צו דיין חבר. מאָרדן יענעם מיינט אַריבערגיין דיין גרעניץ, וואָס קריכסטו, רוצח, אין יענעמס לעבן אַריין?... לא תנאף איז אויך געמיינט ניט אַריבערצוטרעטן אין יענעמס גרעניץ. יענער האָט זיין היים, זיין ווייב, צעשטער ניט יענעמס, בלייב אין דיין רשות...

אַלע מצוות פון דער תורה זיינען גרעניצן. פונקט ווי דער טייך האָט זיין גרעניץ. דערהייבן זיך פון דער גרעניץ, אַרויסגיין פון די ברעגן, מיינט פאַרפלייצונג, פאַרניכטונג, מורא און פּאַניק.

(תש״י).

ב

# די תורה איז די נשמה פונם יידישן פאָלק

## אנכי ה׳ אלקיך

...און געברענט האָט דער מדבר סיני ווי אַ קאַלך־אויוון, די זאַמד אונטער די פיס פונם באַפרייטן פאָלק — האָט געבריט; די פלאַם־פייערדיקע זון איז פון צייט צו־צייט פאַרדעקט געוואָרן פון די זאַמד־כוואַליעס, וועלכע דערהויבן זיך פון די הייסע מדבר־ווינטן, און אויסגעקוקט האָט זי ווי אַ רויטער, פאַרבלוטיקטער באַל...

כביכול האָט די מדבר פאַר אַ שמעלץ אויוון באַשטימט אויסצולייטערן די כנסת ישראל פון איר טומאה און שמוץ פון וועלכער זי איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער מצרישער עבודה־זרה קולטור.

אַזוי האָט זיך דאָס שקלאַפן־פאָלק געשלעפּט אַלץ טיפער און טיפער אין דער מדבר אַריין. זיין האַרץ האָט געצויגן דאָרט ווייט־ווייט, צו יענעם באַרג וואו די שכינה האָט געדאַרפט נתגלה ווערן, זיינע אויגן זיינען געווען געווענדעט צום באַרג סיני, דאָרט וואו אַ פאָלק פון עבדים האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ —

ממלכת כהנים וגוי קדוש...

דאָס הארץ פון די בני־ישראל האָט געציטערט און געפלאַטערט, לאַגערנדיק צופוסנס פונם פלאַמענדיקן בארג. די קולות און ברקים האָבן אויפגעציטערט דעם גאנצן מדבר־האָריזאָנט, און דער קול־שופר האָט באַגלייט די דונערן און בליצן.

און דערשראָקן האָט זיך די מדבר פונם אלמעגטיקנס שטימע, וועלכע האָט פאַראַליזירט די גאנצע נאַטור־באַוועגונג, אלס צייכן פון אנערקענונג און אונטערטעניקייט צו איר באַשעפער און שטענדיקער טרייב־קראַפט, וועלכע באַלעבט זיין שאַפונג און איז כסדר מחיה אלע יסודות פון דער נאַטור.

און ווען די גאַנצע בריאה האָט זיך אויף א ווייַלע אָפּגעשטעלט און אלץ איז פאַרבליבן אין א פאַרגליווערטן צושטאַנד, האָט כביכול געלאָזט הערן זיין שטימע:

אנכי ה׳ אלקיך.
איך בין דיין ג־ט!

זיין מעכטיקע שטימע האָט אָפּגעקלונגען אין יעדער יידנס הארץ, יעדער איינער האָט געהערט קלאָר און דייטלעך, אז מען רעדט צו אים, כמעט ווי נאָר צו אים אליין, אלקיך — דיין ג־ט, און ניט אלקיכם — אייער ג־ט... ווייל ניט איטלעכנס השגה אין דער ג־טלעכקייט איז גלייך, יעדערער לויט זיין מדרגה, יעדערער לויט זיין השגה, סיי גרויס, סיי קליין, סיי הימלהויך, סיי נידעריק ביז צו דער ערד, איז:

אנכי ה׳ אלקיך!

וואו דו ביסט, וואו דו געפינסט זיך, סיי אין דער סביבה פון קדושה און סיי אין שאול תחתיה, וואו עס הערשט פינצטערניש און טומאה; סיי דו ביסט נאָענט און סיי דו ביסט ווייט, בין איך אלץ דיין ג־ט...

אנכי ה׳ אלקיך!

סיי איך באַקום פון דיר, יחיד, אנערקענונג, און סיי דיין באַציאונג צו מיר איז א נעגאַטיווע און א קעגנערישע, בין איך דיין ג־ט!...

סיי דו ווילסט און סיי דו ווילסט ניט, איז אלץ —

אנכי ה׳ אלקיך!

ג

פיל מער ווי די יידן האָבן געהיט די תורה, האָט די תורה אָפּגעהיט די יידן. זי האָט זיי צעמענטירט, פאַראייניקט אין אלע נויטן און זיי פאַרוואנדלט אין אן אייגנאַרטיקער אומה, אין אן עם הספר. ווען אלע אומות העולם האָבן נאָך געלעבט אין פינצטערניש, האָט שוין ביי יידן עקזיסטירט דער הייליקער דעוויז פון: וכל בניך למודי ה׳ — אלע דיינע קינדער מוזן לערנען ג־טס תורה!...

די מצווה פון ושננתם לבניך — איר זאָלט לערנען מיט אייערע קינדער — איז אזוי אלט ווי די תורה אליין. אין אלע צייטן האָבן יידן געלערנט אליין און געלערנט מיט זייערע קינדער. סיי די רייכע און סיי די אָרימע, סיי די למדנים און סיי די בעלי־בתים, סיי די סוחרים און סיי די בעלי־מלאכות האָבן אכטונג געגעבן אז זייערע קינדער זאָלן קאָנען לערנען, מער צו ווייניקער, אָבער אלע האָבן געלערנט...

פיל מער ווי יידן האָבן געלערנט די תורה, האָט די תורה געלערנט די יידן. אויף אלע קאָנטינענטן, וואו יידן זיינען געווען, וואו דער שטורעם פון דער צייט האָט זיי פארטראָגן און פארשלעפּט, האָט די תורה מיט זיי מיטגעוואנדערט.

געווען צייטן ווען פעלקער האָבן זיך פארמאָסטן צו פארטיליקן דעם יידן, ער האָט אָבער קיינמאָל ניט ארויסגעלאָזט די תורה פון זיין האנט.

ס׳איז א גרויסער טעות צו דענקען, אז די תורה איז געגעבן געוואָרן זי זאָל שטיין אין א פיין געשניצטן אָרון־קודש מיט א זילבערנעם כתר, פארדעקט מיט א קינסטלעריש אויסגעשטריקטן פרוכת. די תורה איז געגעבן געוואָרן מען זאָל זי לערנען, מען זאָל וויסן דעם דרך החיים, דעם לעבנס־וועג.

יעדער אָפּנויג פון דעם תורה מיינט געדינט צו עבודה זרה... אזוי האָט געלערנט רבי ישראל בעל שם טוב ז״ל: וסרתם — מיטן מלויזן אָפּקער פון דער תורה, איז שוין ועבדתם אלהים אחרים, ממילא דינט איר שוין פרעמדע געטער...

יידן האָבן באקומען די תורה, זיי זאָלן גיין מיט איר איבער ימים און מדבריות, איבער לענדער פון פארשיידענע פעלקער; זיי זאָלן אָנצינדן דאָס הייליקע ליכט פון אמונה, פון צדק ויושר פון חסד און רחמים, אלע פעלקער זאָלן אנערקענען „כי לה׳ המלוכה״, אז נאָר צו ג־ט געהערט די אָנפירערשאפט פונם גאנצן באשאף...

די תורה איז די נשמה פונם יידישן פאָלק. אָן תורה קאָן קיין יידיש לעבן ניט עקזיסטירן. דאָרט וואו ס'הערט אויף די תורה צו דאָמינירן, דאָרטן רייסט זיך אריין רעפאָרם, אסימילאציע, אָפּנויג, פוסטקייט און אונטערגאנג...

ד

אלע וועלט־רעליגיעס האָבן גענומען פונם יידנטום און זיין תורה. די אלע אידעאַלן, וועלכע פעלקער שטאָלצירן און גרויסן זיך מיט זיי, האָבן זייערע וואָרצלען אינם תנ"ך.

די תורה איז די נשמה פונם יידישן פאָלק, און דער פונדאמענט פון דער וועלט־קולטור, דאָס וויגעלע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע.

ביי וועמען דארף מען אייגנטלעך מאָנען צו רעספּעקטירן די הייליקע געזעצן פון דער תורה? ביי די אומות־העולם, צי קודם־כל ביי די יידן אליין?

שבועות איז דער טאָג פון מתן־תורה, דער טאָג וועלכער דארף יעדערן יידן דערמאָנען זיין יחוס און זיין גרויסקייט, זיין שטאָלץ און זיין ווירדע, אז ער איז א קינד פון ג־טס פאָלק, א קינד פון אן אור־אלט תורה־פאָלק, וועלכעס האָט שוין פיל טויזנטער יאָר צוריק געלערנט אלע פעלקער דעם אלף־בית פון געזעץ, דעם אלף־בית פון אמונה און פארזייט קערנער פון גערעכטיקייט, קערנער פון חסד און רחמים.

אין יעדנס יידנס הארץ דארף זיך דערהערן יענער עכאָ און אָפּ־קלאנג פון יענער ג־לעכער שטימע פונם בארג סיני:

אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים.,

איך בין דיין ג־ט, וואָס האָב ניט געקאָנט דולדן דיין קנעכטשאפט און דיין פארשקלאפונג אין מצרים; איך בין דער ג־ט וואָס קאָן ניט פארליידן קיין אומרעכט און קיין גוואלדטאט, קיין גזילה און קיין רציחה, קיין אונטער־דריקונג און קיין פאלשקייט, סיי ווען די אומרעכט ווערט באגאנגען פון א יחיד און סיי ווען די רציחות און גזילות ווערן באגאנגען דורך פעלקער און גרופּן.

דער אָפּנויג פונם תורה־וועג האָט פארוואנדלט די וועלט אין א פאָדער־הויז פונם גיהנום, און נאָר דער צוריקקער צו דער תורה מיינט א צוריק־קער צו א פרידלעך לעבן, צו די טויערן פונם גן־עדן...

(ערב שבועות, תשי"ב).

ה

# וביום הבכורים בהקריבכם מנחה חדשה להי

דער יום־טוב שבועות, איינער פון די דריי הויפט־יום־טובים ביי יידן, שלוש רגלים, ווערט אָנגערופן אין דער תורה מיט פאַרשיידענע נעמען, און יעדער נאָמען האָט זיך זיין טיפע באַדייטונג און הויכע כוונה.

א חוץ וואָס שבועות איז דער טאָג פון מתן תורה, ווען דאָס גאַנצע פאָלק האָט זי מקבל געווען ביים באַרג סיני, וואָס דאָס אליין איז גענוג אַז שבועות זאָל פאַרבלייבן א הייליקער יום־טוב אין אלע דורות, צוליבן באַקומען אזא געטלעכע קאָנסטיטוציע, וועלכע רעגולירט דעם יידנס לעבן, איידער ער ווערט נאָך געבוירן ביז צו זיין לעצטן אָטעם־צוג, ווערט דער יום־טוב שבועות אָנגערופן אין דער תורה אויך חג הקציר, דער יום־טוב פון שניידן די תבואה, די פרוכט פון דער ערד.

אם אין קמח אין תורה אם אין תורה אין קמח (אָבות פרק ג).

די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן פאַר מלאכים, נאָר פאַר מענטשן, אָן תורה האָט די שפייז קיין וויכטיקע באַדייטונג ניט. א מאכל בהמה... דער יום־טוב שבועות איז אי א טאָג פון מתן־תורה און אי א חג הקציר, א יום־טוב פון שניט, פון פרייד, פון שניידן די פרוכט פון דער ערד.

די תורה שפייזט די נשמה, אינספירירט דעם גייסט, קריסטאַליזירט דעם דעת, שכל און דעם פאַרשטאַנד, גיט אויך אָנווייזונגען פאַרן גוף, דאָס מעגסטו עסן און דאָס איז פאַר דיר טמא.

דער חג הקציר, די פרוכט פונם פעלד, שפייזט דעם גוף. א סינטעז פון גייסט און מאַטעריע, פון גשמיות און רוחניות, פון הימל און ערד, פון גוף און נשמה.

אויב אַקערן און זייען, שניידן און דרעשן איז א מצווה, קאָן דאָך דער מענטש זיך באַגרעניצן מיט דער ערדישער מצווה אליין. ער וועט דענקען אַז דער חג הקציר האַלט אים צוגעשמידט א גאַנץ יאָר צו דער שווערער אַרבעט פון באַאַרבעטן זיינע פעלדער און וויינגערטנער, און ער וועט לייכט פאַרגעסן אַז ס'איז פאַראַן א ג־ט וועלכער גיט רעגן אין צייט און געזעצטע וואָכן פאַרן שניט.

הנותן גשם, יורה ומלקוש בעתו, שבועות חוקות קציר ישמר לנו (ירמיה ה׳).

קומט אצינד א דריטער נאָמען פארן יום־טוב שבועות, — יום הביכורים...

דער ייד איז מחוייב צו ברענגען זיינע ערשטע פרוכט קיין ירושלים, ער דארף זיי אנידערלייגן פאר ג־ט אויפן מזבח און דער כהן, דער הייליקער דינער, דער לערער, וועלכער לערנט מיטן פאָלק ג־טס תורה, דער דערנערט זיך פון יענע פרוכט.

בכורים איז א הייליקע מצווה, וועלכע היט אָפּ דעם יידן ער זאָל ניט פארגרעבט ווערן, ער זאָל ניט מגושמדיק ווערן, ער זאָל ניט פארגעסן אז ער איז ניט דער בעל הבית פון זיין אייגענער פראצע. עס איז פאראן א בעל הבית פון דער גאנצער וועלט, וועלכער רעגולירט אלע הימלישע פלאנעטן און באפרוכפערט די ערד. צו אים דארפסטו ברענגען דיין ערשטע פרוכט.

און ניט בלויז די ערשטע פרוכט פון דער ערד דארפסטו ייד מקריב זיין פאר ג־ט, נאָר אלעס ערשטע געהערט אים.

דער ערשטער טאָג פונם יאָר, ראש השנה, איז ניט א טאָג פון שיכרות און הוליאנקעס ווי ביי אנדערע, נאָר א הייליקער טאָג, ווען אלע, אפילו די דערווייטערטסטע יידן, דערמאָנען זיך אז ס׳איז פאראן א ג־ט אויף דער וועלט.

דער ערשטער טאָג פונם יאָר, דאָס איז די בכורים פון די 365 טעג, דאָס געהערט אינגאנצן צו ג־ט.

אצינד דער אָנהויב פונם טאָג טאָר ניט פארנוצט ווערן פאר זיך, נאָר תפלה צו טאָן, תפלת שחרית.

דער אָנהויב ווען די זון לאָזט זיך ארונטער צו מעריב, געהערט אויך צו ג־ט, תפלת מנחה.

דער אָנהויב פונם אָוונט טאָרסטו ייד ניט אויסנוצן פאר זיך אליין, נאָר א תפלה צו ג־ט, תפלת מעריב.

דאָס זיינען די בכורים פונם טאָג...

ווערט געבוירן דאָס ערשטע יינגעלע אין א יידישער משפחה, איז

קדש לי כל בכור (שמות י״ג).

זאָל פאַר מיר הייליק זיין איטלעכער ערשט געבוירענער. ישראל איז דער בכור פון אלע פעלקער.

בני בכורי ישראל (שמות ד׳).

ישראל איז מיין ערשט געבוירענער זון. בכורים פון די פרוכט פון דער ערד, בכורים פון די טעג פונם יאָר, בכורים פון מענטשן, בכורים פון ערשט געבוירענע בהמות, בכורים פונם חי, פונם מדבר און פונם צומח.

דאָ ליגט באהאלטן א טיפע כוונה, מכניע צו זיין דעם מענטשן צום העכערן כוח, צום באשעפער פון דער וועלט.

ווייל דאָס ליבסטע און טייערסטע ביים מענטשן איז דווקא דאָס ערשטע, אויף וועלכן ער האָט געוואַרט, געבענקט און געגאַרט, און דאָ קומט די תורה און זאָגט אלע ערשטע איז פאַר דיר מענטש פאַרבאָטן, גיב עס אוועק צום באשעפער פון דער וועלט, ווייל צו אים געהערט אלץ —

כי לי כל הארץ...

ווען א גערטנער פאַרפלאַנצט זיין גאָרטן, און אַרבעט אַרום אים טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן, און דאָ דערזעט ער די ערשטע פרוכט, טאָר ער פון זיי ניט נהנה זיין.

שלוש שנים יהיה לכם ערלים לא יאָכל (ויקרא י״ט).

דאָס איז די גרעסטע הכנעה וואָס די תורה לערנט דעם מענטשן זיך מכניע צו זיין פאַרן באשעפער.

שבועות, דער טאָג פון מתן תורה, דער טאָג פון חג הקציר, דער יום־טוב פון שניט, דער טאָג פון ביכורים, דער דאָזיקער הייליקער טאָג איז דער וועגווייזער פאַרן ייד, פאַרן אמתן יידישן ייד, וועלכער וויל לעבן לויט די הייליקע געזעצן פון דער תורה.

ביי אנדערע פעלקער איז דער טאָג פון זייער קאָנסטיטוציע אן עפנטלעכער יום־טוב, מיט גרויס פאַראַד און חשיבות. אויך אין ישראל דער מדינה, ווערט דעם יום־טוב שבועות געפייערט מיט באזונדער חן, אָבער אין גלות־לענדער איז דער יום־טוב שבועות ניט פון די מוצלחדיקע. פסח טומלט מען זיך אַרום מצות, וויין, חרוסת און מרור, וועלכע די פאַב־ריקאַנטן דערמאָנען דעם עולם, אז עס קומט אזא שיינער יום־טוב ווי

פסח, די שפּאלטן פון די צייטונגען זיינען פול איבער די ברעגן וועגן ספּעצ־יעלע אנאָנסן לכבוד פסח.

ראש השנה, יום־כפור, טומלען די שולן און די בתי מדרשים וועגן זייערע „ביזנעס" און ממילא דערמאָנען זיי אז ס'איז פאראן א ראש השנה ויום כפור אויף דער וועלט.

סוכות דערמאָנען די סוחרים פון אתרוגים און לולבים אז ס'איז פאראן אזא יום־טוב.

אָבער שבועות, דער אָרימער שבועות, נעבעך, ס'איז כמעט ניטאָ ווער עס זאָל דערמאָנען אז אזא יום־טוב איז פאראן.

מתן תורה? קבלת התורה? ביכורים? דאָס ערשטע פונם טאָג, דאָס ערשטע פון די פרוכט — ווי אומפּאָפּולער די אלע באגריפן זיינען אויף דער פרעמדער ערד פונם גלות אמעריקע,

שבועות איז אָבער א גרויסער יום־טוב, א הייליקער יום־טוב, וועל־כער דערמאָנט אונדז דעם געטלעכן אקט פון מתן תורה, ווען אלע פעלקער זיינען נאָך געווען פינצטער און אומבאוואוסטזיניק זיינען יידן שוין געווען אן עם הנבחר און א ממלכת כהנים וגוי קדוש.

די יידישע תורה האָט אָפּגעהיט דעם יידן מער ווי דער ייד האָט געהיט די תורה. די תורה האָט אויסגעשמידט די יידישע נשמה. דער רייכער יום־טוב שבועות, דער חג הקציר און דער טאָג פון ביכורים, דארף אינספּירירן דעם יידן צו דערהויבנקייט און צו שטאָלצקייט, אזא שטייגער שטאָלצקייט ער זאָל זיך קאָנען מכניע זיין צום באשעפער פון דער וועלט — ער זאָל צו אים ברענגען א קרבן, א מנחה חדשה, אמונה און פעסטן גלויבן...

וביום הבכורים, בהקריבכם מנחה חדשה לד'.

(ערב שבועות, תשי"ג).

ו

# אזוי זאָג צו די פרויען און דערצייל די קינדער פון ישראל

זעקס טעג אין חודש סיון, זיבן וואָכן נאָכן ארויסגיין פון מצרים, איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער געטלעכער אקט פון מתן תורה.

ומשה עלה אל האלקים ויקרא אליו ה׳ מן ההר לאמר: כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל (שמות י״ט, י״ג).

**„משה איז ארויפגעגאנגען צו ג־ט און פון בארג האָט צו אים ג־ט גערופן אזוי צו זאָגן: אזוי זאָלסטו זאָגן צו יעקבס הויז־געזינט און אזוי זאָלסטו דערציילן צו די קינדער פון ישראל״.**

**דרשנט די גמרא: כה תאמר לבית יעקב, מיינט מען צו די פרויען, זאָלסטו זאָגן די געזעצן פון דער תורה צוערשט און דאן צו די מענער.**

**פארוואָס עפּעס באזונדער צו די פרויען און באזונדער צו די מענער? און פארוואָס עפּעס ערשט צו די פרויען און דאן צו די מענער?**

**ווייזט אויס, אז אין סאמע אָנהויב, ווען יידן זיינען געוואָרן דער עם הספר, ווען יידן זיינען געוואָרן דאָס עם קדוש, א הייליק פאָלק — האָט מען זיי געוואָרנט, אז ס׳איז ניט גענוג וואָס דער מאן היט אָפּ די תורה און פּראקטיצירט יידישקייט. די פרוי, די עקרת הבית, אויב זי וועט ניט אָפּהיטן די תורה, איז דער מאן ממילא א פארלוירענער...**

**זיין פרומקייט, אָדער יידישקייט, וועט דאָ גאָרנישט ניט העלפן. די פרוי רעגולירט די היים. זי קאָן האלטן די היים כשר ווען זי איז אן אָרנטלעכע יידישע פרוי, און זי קאָן פארטרפהנען און פארנבלהן איר הויז, ווען זי איז א „מאָדערנע״, „אויפגעקלערטע״ און „געבילדעטע״ דאמע.**

**זי האָט די דעה איבערן יידישן קינד. זי קאָן אים שיקן אין יידיש דערציאונג אנשטאלטן און זי קאָן דאָס יידישע קינד באגראָבן לעבעדיקערהייט (אינם יידישן זין).**

**די פרוי קאָן פארוואנדלען די יידישע היים אין א הייליקן שבתדיקן און יום־טובדיקן אנגענעמען ווינקל, און זי קאָן צעשטערן די יידישע היים און זי פארוואנדלען אין א גוויישער, הפקרדיקער נעסט פון כל־ערליי געמב־לערייען און ניט־יידישע אונטערנעמונגען...**

**דער מאן, דער העלד, דער גבור, דער בעל הבית, דער מושל (והוא ימשול בך), מוז רעזיגנירן פון זיין הערשאפט. ער מוז מיטהאלטן... טאָמער ניט — איז פינצטער זיין וועלט...**

**ווער נאָך איז אזא מבין אויף זיין ווערק ווי דער מייסטער אליין? ווען הקדוש ברוך הוא האָט באשאפן דעם מאן און זיין פרוי, האָט ער געזען וואָס פאר א פרי עס איז דער מאן און זיין ווייב...**

חכמות נשים בנתה ביתה ואולת בידיה תהרסנו (משלי י״ד, א׳).

„א פרוי, א קלוגע, בויט איר הויז, און א נארישע קאָן עס צעשטערן מיט אירע אייגענע הענט״...

די פרוי קאָן באווענן איר מאן, אים באאיינפלוסן און משפיע זיין אויף זיין גאנצן לעבנס־וועג. אין די הענט פון דער פרוי קאָן דער מאן ווערן א נוצלעך באשעפעניש... א פעאיקער בר־מזל און א טיכטיקער, גליקלעכער מענטש.

די קלוגע פרוי קאָן וואונדער, גרויסע וואונדער באווייזן... די נאַרישע פרוי קאָן דעם קליגסטן, ענערגישסטן מאן פארוואנדלען אין א לא יוצלח, אין א טרעמפּ, אין אן אומבאהאָלפענעם...

דעריבער האָט השם יתברך מיט א כוונה בשעת מתן־תורה, קודם־כל זיך געווענדעט צו דער פרוי:

כה תאמר לבית יעקב אלו הנשים...

משה, האָט ג־ט געזאָגט פאר מתן־תורה, ווענסטו געווינען די פרוי פאר דער תורה, וועלן יידן פארבלייבן א תורה־פאָלק. ווייל נאָר די פרוי איז די אמתע ווערעכטערין פון דער יידישער היים. זי דערציט דאָס יידישע קינד, זי וואכט איבער דער צוקונפט פונם יידישן פאָלק, זי האלט די היים יידיש, הייליק און תורהדיק...

כה תאמר לבית יעקב.

אזוי זאָלסטו ערשט אָנהויבן צוריידן צו דער יידישער פרוי, און דאן ערשט צו די בני ישראל, צו די מענער.

די מאָדערנע, פאָרטגעשריטענע יידן, גלייכן אלץ נאָכטאָן די גויים. אויב א גוי פירט זיך אויף אזוי, איז עס א סימן אז ס׳איז מאָדערן, ציוויליזירט, און דער עיקר דזשענטלמעניש.

האָט טאקע אמאָל סארקאסטיש באמערקט א גוטער־ייד: רבונו של עולם, צי וואָלסטו ניט בעסער געטאָן, ווען דו גיסט די תורה צו די גויים? ווען די גויים וואָלטן גענומען די תורה, וואָלטן יידן דאָך נאָכגעטאָן די גויים, ממילא וואָלטן זיי געהאלטן די תורה פעסטער און הייליקער ווי זיי האלטן זי איצט...

איז דער תירוץ, אז כביכול האָט טאקע געוואָלט געבן די תורה צו די גויים, נאָר זיי האָבן זי ניט אקצעפּטירט.

איז דער אמתן זיינען אין דער תורה באהאלטן אלע וועלט אידייען.

די גאנצע ציוויליזאציע איז געבויט אויף מצוות פון דער תורה. כבד את אָביך ואת אמך, לא תרצח, לא תגנוב, לא תנאף — דער גאנצער סאָציאַליזם געפינט זיך אין דער תורה.

קארל מארקס האָט באמת גאַרניט מחדש געווען. די תורה שיצט דעם ארבעטער און באגרעניצט די רעכט פונם ארבעט־געבער. די תורה מאָנט ביים רייכן ער זאָל העלפן דעם אָרימען. אלע יסודות פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם געפינען זיך אין חומש. אלע זיינען געזאָגט געוואָרן אויפן בארג סיני.

אלא וואָס דען? תורה שמעקט דאָך מיט קלעריקאַליזם, מיט רעליגיע און מיט כלי קודש רחמנא ליצלן, שמעקט עס בעסער ווען דער סאָציאַליזם קומט פון א האלבן גוי און א האלבן ייד...

זעט איר רבותי, אפילו דער מאָדערנער מנהג פון „לעידיס פוירסט", שטייט בפירוש אין דער תורה.

כה תאמר לבית יעקב אלו הנשים...

אזוי זאָלסטו, משה,ריידן צוערש צו די ווייבער, און דאן ערשט: לבני ישראל, צו די מענער...

אדרבא, פּרואווט, לערנט תורה, פארטיפט זיך אין אירע דרכים, וועט איר זען אז:

דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום (משלי ג׳, י״ז).

„אירע וועגן זיינען אנגענעמע, און אירע שטעגן פירן צו שלום".

מען קאָן זיין מאָדערן, ציוויליזירט, קלוג, באוואוסטזיניק, געלערנט און מזלדיק, און גלייכצייטיק אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פסח ווערט געפייערט מיט גרויס פארנעם. זכר ליציאת מצרים. אין אלע יידישע הייזער טומלט זיך און קאָכט מיט די הכנות צום סדר, חמץ און מצה, ארבע כוסות, און דער עיקר די קניידלעך... ניטאָ קיין יידישע הים, וואו דער פסח זאָל זיך ניט אָנזען. ביי איינעם מער און ביים אנדערן וויניקער. אפילו דער „אויפגעקלערטער" עולם כאַפּט זיך אויך מיט. יאָ הגדה, ניט הגדה, אָבער א כוס גוטן וויין מיט פעטע קניידלעך איז פאָרט א מחיהדיק מאכל. דער פרומער טוט עס לשם שמים, דער „מאָדערנער"

לשם רעספעקט צו די עלטערן (דאָס איז אויך לשם שמים...) אָבער אלע פאָרען זיך, אלע ווייזן ארויס אז זיי וויסן אז היינט איז פסח.

שבועות, זמן מתן תורה האָט שוין ניט אזא הצלחה.

אין דער נייער וועלט דערקענט מען ניט אזוי בולט דעם יום־טוב שבועות. איך קאָן עס בשום אופן ניט פארשטיין פארוואָס די גויישע וועלט רעספעקטירט אזוי שטארק און אזוי בולט דעם יאָרטאָג פון זייער געזעצ־געבונג, פון זייער קאָנסטיטוציע, און יידן דער עם הספר, דער עם חכם ונבון — לאָזט אזוי אומבאמערקבאר דורכלויפן דעם הערלעכן יום־טוב שבועות, דעם זמן מתן תורתנו!

מער ווי יידן האָבן געהאלטן די תורה, האָט די תורה געהאלטן די יידן, זיי געשפייזט, געקרעפטיקט, דערנערט, דערווארימט און דערמוטיקט.

שבועות טעג זיינען הייליקע טעג פון באטראכטונג און פארטיפונג; שבועות דארף מען קומען צו דער מסקנא, אז די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן זי זאָל שטיין פאראיינזאמט אין אָרון־קודש באצירט מיט א זיל־בערנעם כתר און ברוסט־שילד, און א זילבערנעם יד.

די תורה איז געגעבן געוואָרן מען זאָל זי לערנען און אָפּהיטן אירע געזעצן. מען זאָל לערנען מיט אונדזערע קינדער און זיי ווייזן אירע וועגן, ווייל די וועגן פון דער תורה זיינען דרכי נועם, אנגענעמע, ליבלעכע און איידעלע, הייליקע וועגן.

שבועות איז א גאָר גרויסער יום־טוב — דער יאָר־טאָג ווען יידן זיינען געוואָרן א פאָלק, א תורה־פאָלק.

שבועות איז זמן מתן תורתנו!

(ר״ח סיון, תשי״ד).

ז

## שבועות איז זמן מתן תורתנו

שבועות איז דער גרעסטער יום־טוב ביי יידן, ווייל שבועות האָבן יידן באקומען די תורה. אָן תורה וואָלט ניט געווען קיין פסח, קיין שבועות, קיין ראש־השנה, קיין יום־כפור און קיין סוכות.

אָן תורה וואָלטן יידן געווען אן אומבאדייטניק פאָלק. זיי וואָלטן פאר־שלונגען געוואָרן אלס שקלאפן אין מצרים אָדער ערגעץ אנדערשוואו, זיי

וואָלטן בכלל שוין מער ניט עקזיסטירט. זיי וואָלטן פארשוואונדן און אָפּגע־מעקט געוואָרן פון דער ערד, פונקט ווי עס זיינען פארשוואונדן און אָפּ־געמעקט געוואָרן די פעלקער כנעני, חתי, אמורי, חיוי און יבוסי, וועלכע האָבן באוואוינט ארץ־ישראל איידער יהושע האָט ארייגעפירט די יידן אינם צוגעזאָגטן לאנד.

די תורה איז א לעבנס־קוואל פון וואנען די קינדער פון ישראל שעפּן לעבן און עקזיסטענץ. זי איז א תורת־חיים!...

וחיי עולם נטע בתוכנו.

„אן אייביק לעבן האָט ג־ט פארפלאנצט אין אונדז".

דאָרט וואו ס'איז פאראן תורה, דאָרט איז פאראן יידישקייט — אָן תורה איז ניטאָ קיין יידישקייט, קיין יידישע היים און קיין יידישע דערציאנוג...

תורה איז די נשמה פונם יידישן פאָלק, תורה איז די נשמה פון דער יידישער היים, פון דער יידישער שול און פון דער יידישער געזעלשאפט...

ווען ביי כמעט אלע פעלקער איז נאָך געווען פינצטער, אָן א שטראל ציוויליזאציע און לערע, און דאָס ביסל וואָס זיי האָבן יאָ געהאט איז איינגעשטאנען ביי די יחסנים, ביי די „פירער" און פרינצן, האָט שוין ביי יידן עקזיסטירט א פלאם־פייערדיקער געבאָט פון:

וכל בניך למודי השם.

„אלע זיינע קינדער זאָלן זיין געלערנט און באוואוסט אין ג־טס תורה".

„צוואנג שול" איז א פּראָדוקט פונם לעצטן יאָרהונדערט און עד היום געפינען זיך נאָך גרופּן וואָס קעמפן אפילו קעגן דעם דאָזיקן צוואנג.

ביי יידן עקזיסטירט שוין אזא צוואנג פון „אלע דיינע קינדער מוזן זיין געלערנט" פון טויזנטער, טויזנטער יאָרן.

אברהם אָבינו, דער ערשטער ייד און פאָטער פונם יידישן פאָלק האָט באלד ביי זיין דערקענען ג־ט אָנגעהויבן צו פּראקטיצירן דעם דאָזיקן גע־באָט, די תורה זאָגט עדות אויף אים:

כי ידעתיו, למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך השם לעשות צדקה ומשפט (בראשית י"ח, י"ט).

„איך האָב אברהמען ליב — זאָגט ג־ט — ווייל ער פארנעמט זיך צו באפעלן און צו לערנען זיינע קינדער און זיין הויזגעזינט זיי זאָלן אָפּ־היטן ג־טס וועג צו טאָן צדקה און משפט".

דער רמב״ם זאָגט אין הלכות תלמוד תורה (פרק א׳, הלכה ו׳):
ווען א קינד הויבט נאָר אָן ריידן איז שוין זיין פאָטער פארפליכטעט צו לערנען מיט אים „תורה צוה לנו משה״ און „שמע ישראל״. דערנאָך לערנט ער מיט אים צו ביסלעך פסוקים, פסוקים, ביז דאָס קינד ווערט זעקס־זיבן יאָר אלט, לויט זיין געזונט צושטאנד. דערנאָך פירט ער אים צו א קינדער מלמד.

## ח

# סיי יונג און סיי אלט

ס׳איז אָבער א גרויסער טעות צו דענקען אז תורה דארפן לערנען נאָר קינדער. דאָס איז זייער ווייט פונם יידישן מהות און תוכן, דאָס איז הונדערט פראָצענטיקע אסימילאציע און רעפאָרם, גוייש סיסטעם ביזן ביין.

דער יידישער דרך איז, אז אלע, סיי יונג און סיי אלט — אלע דארפן לערנען תורה.

איך וויל איצט געבן דאָס וואָרט אין דער פראגע דעם גרויסן רמב״ם, וועמעס זיבן הונדערט און פופציק יאָריקער יאָרצייט ווערט געפייערט אין דער גאנצער יידישער וועלט. אזוי זאָגט דער רמב״ם אין הלכות תלמוד־תורה (פרק א׳, הלכה ח׳):

„איטלעכער ייד איז חייב צו לערנען תורה. סיי אן אָרעמאן און סיי אן עושר, סיי א געזונטער און סיי א בעל יסורין, סיי א בחור און סיי אן אלטער וועמעס כוחות דינען אים שוין מער ניט, אפילו אן אָרעמאן וועלכער גייט איבער די טירן, אפילו א פארהייראטער מאן וועלכער האָט א פרוי און קינדער און איז פארנומען צו זוכן פאר זיי פרנסה, איז מחוייב צו באשטימען פאר זיך א זמן ער זאָל לערנען תורה, סיי בייטאָג און סיי ביינאכט, ווייל אזוי שטייט אין פסוק:

והגית בו יומם ולילה.

„זאָלסט לערנען תורה סיי בייטאָג און סיי ביינאכט״ (יהושע א׳, ח׳).

זאָגט ווייטער דער רמב״ם: ביז ווען איז א מענטש פארפליכטעט צו לערנען תורה? עד יום מותו, ביז יענעם טאָג, ווען ער גייט שטארבן.

ניט בחנם האָבן יידן באקומען דעם ערן־טיטול „עם הספר״. א פאָלק

ווּעמעס מענטשן זיינען פאַרפּליכטעט צו לערנען פון דער פּריסטער יוגנט ביזן טאָג ווען דער מענטש שטאַרבט. אַזאַ פאָלק איז אומשטערבלעך! אַזאַ פאָלק קאָן ניט אונטערגיין! אַזאַ פאָלק וועט אייביק עקזיסטירן! אַזאַ פאָלק איז באמת אַן אתה בחרתנו פאָלק!

ווי איר זעט, איז די תורה ניט געגעבן געוואָרן דווקא פאַר קינדער אין זייער שול־עלטער. אַלע דאַרפן לערנען תורה, סיי אָרעם און סיי רייך, סיי יונג און סיי אַלט, סיי דער ליידיקגייער און סיי דער פאַרנומענער מענטש. ביזן טאָג פון שטאַרבן דאַרף מען לערנען תורה.

ט

## תורה און לאַנד

תורה דאַרפן לערנען ניט בלויז רבנים און כלי־קודש, שול־קינדער און ישיבה בחורים. תורה דאַרפן לערנען אפילו פּאָליטיקער און פאָלקס פירער, אפילו די וועלכע שטייען אין שפּיץ פון אַ מלוכה — גענעראַלן, אָפיצערן און סאָלדאַטן אויפן שלאַכט־פעלד.

ווען משה רבינו איז געשטאָרבן און יהושע האָט איבערגענומען דאָס אַריינפירן די בני ישראל אינעם צוגעזאָגטן לאַנד, האָט זיך ג־ט באַוויזן צו יהושען און צו אים אַזוי געזאָגט:

„משה עבדי מת, מיין קנעכט משה איז געשטאָרבן, אַצינד זיי גרייט אַריבערצוגיין דעם ירדן, דו און דאָס גאַנצע פאָלק. חזק ואמץ, זיי געשטאַרקט און געקרעפטיקט ווייל נאָר דו וועסט מאַכן אַרבן און ירשענען דאָס לאַנד פאַרן פאָלק, וואָס כ׳האָב צוגעזאָגט צו זיינע עלטערן אים דאָס צו געבן.

„געדענקט אָבער צו שטאַרקן און צו קרעפטיקן זיך אָפּצוהיטן פּינקט־לעך און צו טאָן אַלץ וואָס עס שטייט אין דער תורה וואָס משה מיין קנעכט האָט דיך געלערנט. זאָלסט זיך ניט אָפּקערן פון איר ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס, אַזוי אַנאָך וועסטו זיין קלוג וואו דו וועסט זיך קערן און ווענדן...

„זאָלסט ניט אָפּטאָן די ספר תורה פון דיין מויל, לערן און טראַכט אין איר טאָג און נאַכט, ווייל נאָר אַזוי אַנאָך וועסטו קאָנען טאָן אַלץ וואָס עס איז געשריבן אין איר, ווייל נאָר אַזוי אַנאָך וועסטו מצליח זיין און קלוג זיין.

„געדענק יהושע, איך האָב דיר באפוילן, זיי געשטארקט און גע־קרעפטיקט. האָב קיין מורא ניט און ברעך ניט צוזאמען, ווייל ג־ט איז מיט דיר, וואו דו וועסט נאָר גיין"... (יהושע, קאפיטל א׳).

אזוי אנאָך האָט ג־ט פארבונדן און פארפליכטעט דעם יידישן פעלד־מארשאל, יהושען, ווען ער האָט געדארפט אריבערפירן דאָס יידישע פאָלק דעם ירדן און עס באזעצן אויף דעם צוגעזאָגטן לאנד.

פערצן יאָר האָט גענומען ביז יידן האָבן זיך באזעצט אין ארץ־ישראל. זיבן יאָר האָט יהושע געפירט מלחמות ביז ער האָט באזיגט די איין און דרייסיק מלכים, וועלכע האָבן רעגירט אין יענעם לאנד, און זיבן יאָר האָט גענומען ביז דאָס לאנד איז צעטיילט געוואָרן אין פראָווינצן לויט די צוועלף שבטים.

אָבער די תורה האָט דאָמינירט ביים איינגעמען און דעראָבערן דאָס לאנד.

דער ערשטער יידישער מלך, שאול, איז אומגעקומען און האָט פאר־לוירן זיין קיניגן פאר זיך און פאר זיינע קינדער, ווייל ער האָט ניט אויס־געפאָלגט די רייד פון שמואל הנביא:

ויאמר שמואל אל שאול לא אשוב עמך, כי מאסתה את דבר השם, וימאסך השם מהיות מלך על ישראל (שמואל א׳, ט״ו).

און שמואל האָט געזאָגט צו שאולן: „איך וויל זיך מיט דיר ניט אומקערן, ווייל דו האָסט פארמיאוסט ג־טס וואָרט דעריבער האָט ג־ט דיך פארמיאוסט זאָלסט זיין א מלך איבער ישראל".

ווען דוד, דער צווייטער מלך פון ישראל, האָט געהאלטן ביים שטארבן, האָט ער באפוילן זיין זון שלמה אזוי: איך גיי אצינד דעם וועג פון אלע מענטשן, שטארק זיך מיין זון און זיי א מאן, היט אָפּ ג־טס דרך, געדענק צו היטן אלע מצוות און געבאָטן, וואָס זיינען פארשריבן אין תורת משה, כדי דו זאָלסט מיט חכמה און קלוגשאפט טאָן און דו זאָלסט באגליקן, כדי ג־ט זאָל מקיים זיין זיינע רייד וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט: אויב דיינע קינדער וועלן אָפּהיטן מיט זייער גאנצן הארצן און נשמה מיין וועג און מיין דרך, וועט קיינמאָל ניט פארשניטן ווערן פון דיר א מענטש וואָס וועט זיצן אויפן טראָן פון ישראל (מלכים א׳, קאפיטל ב׳).

אזוי האָט פארפליכטעט די תורה איטלעכן מענטשן, סיי א רייכן און סיי אן אָרעמען, סיי אן ארבעטער און סיי א סוחר, סיי א נביא און סיי א

פירער, סיי א כהן און סיי א לוי, סיי אַן ישראל און סיי א מלך פון ישראל... ווייל אונדזער תורה איז א תורת חיים, א תורה וואָס לערנט ווי אזוי צו לעבן.

י

## „יידישקייט" אָן תורה

עס קאָן ניט געמאָלט זיין קיין יידישע היים אָן תורה, עס קאָן ניט געמאָלט זיין קיין שול אָן תורה. תפלה אליין איז ניט גענוג. א שול אין וועלכער מען לערנט ניט תורה, האָט ניט קיין עקזיסטענץ־רעכט און די תפלה אליין האָט קיין ווערט, קיין קראפט ניט.

מסיר אָזנו משמוע תורה גם תפלתו תועבה... (משלי כ״ח, ט).

„דער וואָס וויל ניט הערן לערנען תורה, איז זיין תפלה אומווירדיק", זאָגט שלמה המלך.

די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן זי זאָל שטיין אין אָרון הקודש. כבוד התורה מיינט נאָך ווייט ניט מען זאָל איר קויפן א זיידן מענטעלע און באצירן מיט א זילבערנעם כתר.

כבוד התורה מיינט — מען לערנט איר, מען הערט אירע רייד, מען ריכטעט דעם לעבנס־וועג לויט אירע אָנווייזונגען.

שבועות איז א היילִיקער יום־טוב, דער גרעסטער יום־טוב פון אלע יום־טובים, ווייל שבועות זיינען יידן געוואָרן א פאָלק, א תורה פאָלק, אן אייביק פאָלק.

שבועות דאַרף איטלעכער ייד פעסט באשליסן אז ער נעמט זיך צום לערנען, אז ער זוכט זיך אויס א שול וואו מען לערנט און ער קומט הערן לערנען.

ווייל אָן לערנען איז די שול ניט קיין יידישע שול, אָן לערנען איז ניט געמאָלט קיין יידיש לעבן, קיין יידיש לאַנד און קיין יידיש פאָלק.

כי הם חיינו ואורך ימינו...

(תשט״ו).

יא

# תורה השפעה אויף יידן אין אלע דורות

## וואָס איז תורה?

תורה מיינט ניט בלויז די „עשרת הדברות", אָדער די פינף חומשים. תורה מיינט: תנ"ך (תורה, נביאים, כתובים), משנה, גמרא, סיי תלמוד בבלי און סיי תלמוד ירושלמי, מיט אלע מפרשים, רי"ף, רש"י, תוספות, רמב"ם, שלחן ערוך, קבלה, חסידות, און אלע הייליקע ספרים וועלכע דערקלערן און פארטיפן די רייד פון משה רבינו און אנדערע חכמים, די רייד פון די חכמי התלמוד, ראשונים און אחרונים, — אלץ גייט ארונטער אונטערן באגריף — תורה.

אפילו אגדות און טאָג־טעגלעכע געשפרעכן, מעשים טובים און סתם תנועות פון גרויסע מענטשן זיינען באטראכט געוואָרן פאר תורה.

ווען דער גרויסער גאון און צדיק דער רבי ר' שמעלקע ניקעלסבורגער האָט זיך מכין געווען צו פאָרן צום מעזריטשער מגיד, צום רבי ר' בער, האָבן אים די שטאָט־מענטשן געפרעגט: רבי, צו וואָס פאָרט איר צום מעזריטשער מגיד? קענט איר נאָך ניט גענוג תורה? איר האָט דאָך שוין הונדערטער תלמידים רבנים, גדולי התורה?

ענפערט זיי דער רבי ר' שמעלקע, איך פאָר ניט צום מגיד לערנען תורה, וואָס איר פארשטייט, איך פאָר נאָר צו זען ווי אזוי ער טוט אויס זיינע שיך און ווי אזוי ער טוט זיי צוריק אָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אלטער גערער רבי, דער בעל חידושי הרי"ם, איז אמאָל געקומען צו ר' יעקעלע ראדזימינער אויף א באזוך.

ר' יעקעלע ראדזימינער איז באקאנט געווען אין אלט פוילן אלס בעל מופת און באוואוסטער גוטער ייד.

ר' איטשע מאיר, דער שפעטערדיקער גערער רבי, האָט געטראָפן דעם ראדזימינער רבין אין א דערדריקטער שטימונג, שוואך, בלייך, אָפּגע־צערט, פרעגט ער אים: ראדזימינער רבי, איר זייט אפשר ניט מיט אלעמען? אפשר דארפט איר רופן א רופא?

חס ושלום, — ענטפערט ר׳ יעקעלע ראדזימינער, — איך בין ברוך השם געזונט. עס מאטערט מיך אן אנדערע זאך: יעדן זומער ווען איך קום צו די פרשיות פון דער תורה, דאָרט וואו עס דערציילט זיך ווי די יידן אין דער מדבר האָבן אזוי שטארק געזינדיקט: דאָ מאכן זיי אן עגל, א גאָלדן קאלב, דאָ מורמלען זיי אויף משהן, דאָ קומט קורח מיט זיין חברה און העצן אויף משהן און אהרן, דאָ ווילן זיי וואסער און דאָ פלייש...

ווירקט דאָס שטארק אויף מיר, אזא דור דעה וועלכער האָט זוכה געווען צו זען יציאת מצרים, קריעת ים סוף, קבלת התורה זיי האָבן געהאט אזא גרויסן הייליקן רבין ווי משה רבינו, אזא דור דעה אויף וועמען די חכמים זאָגן: ראתה שפחה על הים מה שלא ראה יחזקאל (מכילתא בשלח), א דינסטמיידל ביים ים סוף האָט מער געזען התגלות אלקית — געטלעכע אנטפלעקונג, ווי יחזקאל הנביא, אויף אזא שטייגער דור זאָל די תורה פאר־אייביקן אזעלכע גרויסע זינד?... קאָן איך דאָס ניט פארטראָגן, ווירקט עס אויף מיר עס מאכט מיך שוואך און קראנק...

דער חידושי הרי״ם זייענדיק נאָך דאן א יונגער מאן, האָט זיך אָנ־גענומען מיט מוט און געענטפערט דעם זקן, ר׳ יעקעלע ראדזימינער בזה הלשון:

וואָס ריידט איר, ראדזימינער רבי, פון זייערע עבירות איז דאָך געוואָרן א תורה, זאָל פעלן איין אות פון מעשה העגל, אָדער פון קרחס מחלוקה, איז די ספר תורה פסול... זייערע עבירות זיינען גרעסער ווי אנדערע מצוות... פון זייערע עבירות איז געוואָרן א תורה, וואָס וועט מען פון אונדזערע מצוות מאכן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ג־ט האָט ניט צוגענומען ביי אייך דעם לעצטן טראָפּן פארשטאנד, וועט איר פארשטיין פון די צוויי עפּיזאָדן, ווי אזוי גדולי ישראל האָבן באַ־טראכט תורה. תורה מיינט ניט בלויז דאָס געשריבענע, אָדער היינט דאָס געדרוקטע וואָרט, תורה מיינט אלע הייליקע מעשים, מצוות און מעשים טובים, צדקה און חסד, וועלכע זיינען פארוואָרצלט אין דער תורה פון סיני.

יב

# תורה איז די פאָלקס נשמה

צי קאָנט איר אוועקנעמען די נשמה פון א מענטשן און ער זאָל בלייבן לעבן?

צי קאָנט איר אָפּשטעלן א מענטשנס הארצן און ער זאָל ניט שטארבן?

פונקט אזוי ווען איר נעמט אוועק די תורה פונם יידישן פאָלק פאר־בלייבט עס א פגר, א מת, א בר מינן.

לאָמיר פרואוון מאכן א קליינעם דין וחשבון, נעמט אוועק אויף א ווייל די השפעה פון דער תורה אויפן יידישן פאָלק, נעמט אוועק שבת, יום טוב, פסח, שבועות, ראש השנה, יום כיפור, סוכות, חנוכה, פורים. נעמט אוועק אויף א ווייל די טאָג־טעגלעכע מצוות וועלכע זיינען פארשריבן אין אלע פיר חלקים פון שלחן ערוך, נעמט אוועק לשון הקודש, ארץ ישראל (ווייל אויך עברית און ארץ ישראל זיינען פון דער תורה), שיילט אויס אלץ וואָס זיין מקור און שורש קומט פון תורה — די רייד פון די נביאים און חכמים אין אלע דורות.

וואָס פאר א פנים וואָלט דאָס יידישע פאָלק געהאט? עס וואָלט ניט געווען ניט קיין יידיש און ניט קיין פאָלק...

די תורה האָט משפיע געווען און באאיינפלוסט יידן אין ארץ ישראל, אין בבל, אין שפאניע, אין אשכנז, און אין צרפת, אין אפריקע און אין תימן, און אין אלע מקומות אויף אלע קאָנטינענטן וואו א ייד האָט זיך געפונען, דאָרט האָט זיך געפילט דער איינפלוס פון תורה.

ניט בלויז דאָס פרומע און רעליגיעזע יידנטום האָבן געלעבט און געאָטעמט מיט תורה.

אפילו די מאָדערנע באוועגונגען: השכלה, נאציאָנאליזם, סאָציאליזם און אפשר קאָמוניזם, האָבן געשעפּט באוואוסטזיניק אָדער ניט באוואוסטזיניק, פון דער תורה. זיי האָבן בלויז איין טעות געמאכט, זיי האָבן פארהוילן און ניט אויסגעזאָגט פון וואנען די אידייען שטאמען...

די הויפּט אידייע פון סאָציאליזם זיינען קאפיטלעך תנ״ך און פרשיות פון חומש...

די מאָדערנסטע און שטארקסטע ארבעטער יוניאָן האָט נאָך ניט באוויזן די הויכע מאָראלישע מצווה פון דער תורה:

ביומו תתן שכרו ולא תבוא עליו השמש כי עני הוא ואליו הוא נושא את נפשו ולא יקרא עליך אל ה׳ והיה בך חטא (דברים כ״ד, ט״ו).

**„אין זעלבן טאָג באצאָל דעם ארבעטער זיין לוין. ווארט ניט אפילו ביז די זון וועט אונטערגיין, ער איז דאָך אן אָרעמאן, ער קוקט דאָך אויס אויף דעם לוין, זע ער זאָל ניט פראָטעסטירן קעגן דיר צו ג־ט, דאן וועסטו האָבן א זינד״.**

**די גאנצע שלום באוועגונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, אלע קאָנפערענצן און שלום קאָנגרעסן האָבן זייער שורש אין דער תורה און אין די רייד פון די נביאים.**

**יעדעס ברעקל פון ציוויליזאציע און הומאניטארער לעבנס שטייגער, סאָציאלע גערעכטיקייט און הויכע אידייען, וועלכע פרעדיקן מענטשן ליבע און ווילן אויסבעסערן די מערכה פון געדריקטן מענטשן, האָבן זייער וואָרצל און זיינען באמת תורה מן השמים...**

**עס איז נאָר א שרייענדיקע עוולה וואָס זיי, — די מאָדערנע פריידיקער, — זאָגן ניט נאָך „בשם אומרו״ פון וואנעט זיי האָבן די גרונט־אידייען גענומען.**

**יג**

## תורת חיים

**איר וועט הערן כסדר פון מאָדערנע רעפאָרמער, אז יידן דארפן זיך צופאסן „צום לעבן״, און מען דארף ניט בזמן הזה זיך האלטן ביי די אלטע געזעצן פון דער ביבל. (דאָס וואָרט תורה קלעפט זיך ניט אויף זייער צונג...). דאָס איז פאלש פון אלף ביז תיו.**

**אפילו בזמן הזה איז די תורה דער מאָדערנסטער לעבנס־וועג און לעבנס־פילאָזאָפיע.**

**די פארדאָרבענע און שלעכטע נייגונגען פונם מענטשן (אין דער אלטער יידישער שפראך מיינט עס פראָס און פשוט דער יצר הרע...) זיי לאָזן ניט דעם מענטשן האלטן די תורה.**

**דער קארגער גלייכט ניט תורה ווייל זי באפעלט צו געבן מעשר און צדקה, וחי אָחיך עמך, דיין ברודער זאָל לעבן מיט דיר, אז דיין ברודער**

ווערט פאראָרעמט, העלף אים, שטארק אים, פארזאָרגט אן אלמנה און יתומים אא״וו.

ביי מאָדערנע מענטשן איז איינגעוואָרצלט א מיינונג, אז תורה מיינט נאָר פרומקייט: בין אָדם למקום, ווער עס רעדוצירט דעם באגריף תורה צו בלויז מצוות בין אָדם למקום, דער פארשוועכט דעם הייליקן נאָמען פון תורה, ווייל תורה איז אן אלגעמיינער באגריף, א דערהויבענער לעבנס־שטייגער, סיי בין אָדם למקום און סיי בין אָדם לחבירו...

העלפן אן אָרימאן, שטארקן א געדריקטן, צדקה און חסד, זיינען פונקט אזעלכע מצוות בין אָדם למקום ווי ציצית און תפילין.

די מצוות פון דער תורה זיינען ניט טיילבאר.

אין די עשרת הדיברות זיינען פאראן צען געבאָט, סיי וועלכע האָבן א שייכות צו ג־ט, און סיי פון מענטש צו מענטש, אָבער אלע זיינען געזאָגט געוואָרן „מרועה אחד״ פון איין פאסטוך...

דעריבער הייסט די תורה, תורת חיים, ווייל זי פראקטיצירט נאָר לעבן, „וחי בהם ולא שימות בהם״...

ווען מאָדערנע מענטשן האָבן מורא צו פראקטיצירן תורה, מורא האָבנדיק זיי זאָלן ניט דערוויטערט ווערן פון לעבן, מאכן זיי במחילה א גראָבן טעות.

למשל, ווען א פראָפעסאָר וועט פארשרייבן א חולה א מעדיצין, וועט דער חולה זי ניט נעמען מורא האָבנדיק די פילן אָדער טראָפּן וועלן אים נאָך פארשאטן...

* * * * *

די תורה האָט משפיע געווען אויף יידן אין אלע דורות. ניט בלויז די פרומע מאסן זיינען דירעקט באאיינפלוסט פון דער תורה, ווייל זיי פראקטיצירן טאָג־טעגלעך אירע מצוות. אפילו פאָרטגעשריטענע, מאָדערנע, אויפגעקלערטע מענטשן פראקטיצירן אומדירעקט — בלא יודעים — מצוות פון דער תורה...

איינער עסט ריינעם צוקער, ער ווייסט אז ער איז טועם צוקער... און א צווייטער, גלייכט ניט קיין צוקער, אָבער ער ווייסט ניט אז אין שאָקאָלאד אָדער קעיק, אין חלה און אין שטראָדל און אפילו אין אלע שפייזן איז פאראן צוקער לרוב.

**דער פרומער ייד ווייסט אז ער פראַקטיצירט מצוות פון דער תורה. דער מאָדערנער ווייסט ניט... ער גלייכט ניט קיין מצוות, אָבער בלא יודעים לעבט ער שטיקער לעבנס לויט דער תורה...**

**לכבוד שבועות איז כדאי אזא שטייגער דין וחשבון...**

(תשט״ז).

**יד**

# משה קבל תורה מסיני

## תורה מן השמים

**דער הויפּט־יסוד פון דער יידישער אמונה איז: תורה מן השמים. אלע תרי״ג מצוות, אלע זעקס הונדערט און דרייצן באפעלן, וועלכע פארפליכטן די יידן, זיינען ניט אויסגעטראכט געוואָרן פון מענטשנס מוח אָדער הארץ, נאָר זיי זיינען פון ג־ט איבערגעגעבן געוואָרן צו משה רבינו אויפן בארג סיני. משה האָט זיי איבערגעגעבן צו יהושען, און יהושע צו די זקנים, און די זקנים צו די נביאים און אזוי דור נאָך דור, פונקט ווי זי איז אין אונדזערע הענט.**

אני מאמין באמונה שלימה שכל התורה המצויה עתה בידינו, היא הנתונה למשה רבינו עליו השלום.

**איך גלויב מיט אַן אבסאָלוטער אמונה, אז אָט די תורה וועלכע געפינט זיך אין אונדזער רשות, אז זי איז איבערגעגעבן געוואָרן צו משה רבינו עליו השלום.**

אני מאמין באמונה שלימה שזאת התורה לא תהא מוחלפת, ולא תהא תורה אחרת מאת הבורא יתברך שמו.

**איך גלויב מיט אַן אבסאָלוטער אמונה, אז די תורה וועט קיינמאָל ניט פארוועקסלט ווערן און ג־ט וועט קיינמאָל ניט געבן קיין אנדער תורה.**

**אזוי פאָרמולירט דער רמב״ם צוויי פון די דרייצן עיקרים פון די הויפּט־יסודות פונם יידישן דת.**

**דער וועלכער גלויבט ניט אין תורה מן השמים, דער וועט ניט האָבן קיין עולם הבא, אזוי זאָגט די ערשטע משנה אין צענטן פרק אין סנהדרין: „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא, א חוץ די וועלכע זאָגן: אין תורה**

מן השמים, אז די תורה איז ניט פון הימל, נאָר משה רבינו האָט זי געלערנט פון זיך אליין...

עס איז ווייניק וואָס מען ווערט באגייסטערט פון די עטישע און הומאניטארישע פרינציפן פון תורת משה: עס איז ווייניק ווען מען אנערקענט אז די געזעצן פון דער תורה זיינען יושרדיק און רחמנותפול, מען מוז גלויבן אז זיי זיינען געטלעכע און הימלישע מצוות, געגעבן געוואָרן פון באשעפר פון דער וועלט, דעריבער קאָנען די מצוות ניט פארטוישט ווערן, און ג־ט וועט ניט ענדערן און וועט ניט געבן קיין צווייטע תורה.

א בשר ודם, א שטערבלעכער מענטש, אפילו מיט אלע זיינע ריינע און ערלעכע כוונות, קאָן מאכן א טעות, אָדער ניט פאָרויסזען ווי אזוי דער מענטש וועט אויסקוקן אין שפעטערדיקע דורות. ממילא מוזן זיינע געזעצן צוגעפאסט ווערן צו איטלעכן דור און אפילו צו איטלעכן קאָנטינענט.

אָבער:

לא איש א־ל ויכזב ובן אָדם ויתנחם (במדבר כ״ג, י״ט).

ג־ט איז ניט קיין מענטש ער זאָל ליגן זאָגן, ניט קיין געבוירנדיק ווען, אז ער זאָל חרטה האָבן.

ס'איז ניט פאראן קיין איין געזעץ־בוך ביי קיין אומה ולשון אויף דער גאנצער וועלט, וועלכער האָט פארפליכטעט טויזנטער יאָרן ווי ביי יידן. זייערע אלע קאָדעקסן און געזעץ־ביכער ווערן געענדערט און צוגעפאסט צו איטלעכן דור.

יידן פראָקלאמירן אָבער פיר מאָל א וואך נאָך איטלעכער קריאת התורה:

וזאת התורה אשר שם משה לפני בני ישראל על פי ה' ביד משה.

קוקט און זעט, דאָס איז די זעלבע תורה וואָס משה האָט געלערנט צו די יידן לויט ג־טס באפעל...

## טו

# באש במים ובמדבר

דער מדרש זאָגט: בשלשה דברים ניתנה תורה: באש, במים ובמדבר. מיט דריי זאכן איז די תורה געגעבן געוואָרן. מיט פייער, מיט וואסער און מיט מדבר.

די תורה האָט אויפגעהאלטן דאָס יידישע פאָלק, וועלכעס איז געגאנגען דורך פייער, דורך וואסער און דורך פארשיידענע מדבריות.

פייערן פון אינקוויזיציע און אויטאָ־דע־פעס האָבן ניט געקאָנט אָפּנויגן די יידן פון זייער תורה.

פאָגראָמען און פארפאָלגונגען, רשעות און אנטיסעמיטיזם, האָבן ניט געקאָנט ענדערן דעם יידנס לעבנסשטייגער; דורך ימים און מדבריות זיינען יידן געגאנגען פון גלות צו גלות און תמיד געהאלטן די תורה אין פראָנט פונם מארש.

יידן האָבן די תורה ניט אוועקגעשטעלט אין פיין־אויסגעשניצטע אָרון הקודשס און זי פארהאָנגען מיט א מיט גאָלד־אויסגעניייטן און אויסגעשטריקטן פרוכת. יידן האָבן די תורה געהאלטן אין קיך, אין שלאָף־צימער און אין עס־צימער, אין מסחר און וואו זיי זיינען געגאנגען...

בכל דרכיך דעהו (משלי ג׳, ו׳).

אויף אלע דיינע וועגן געדענק און ווייס די געזעצן פון ג־ט.

פארטראכט זיך א ווייל: יידן האָבן געלעבט איבער צוויי טויזנט יאָר אין די מדבריות פון תימן און פון די אראבישע לענדער, אין קאווקאז און אין גרוזיע, און עד היום זיך ניט אונטערגעגעבן דעם שווערן דרוק פון פארשיידענע רעזשימען פון פרעמדע קולטורן און פיינטלעכע אמונות.

זיי האָבן געגלויבט באמונה שלימה אין די ווערטער מיט וועלכע זיי האָבן מתפלל געווען צום לעבעדיקן ג־ט:

כי הם חיינו ואורך ימינו.

די רייד פון דער תורה זיינען אונדזער לעבן און נאָר מיט זיי וועלן מיר עקזיסטירן אייביק...

יידן האָבן פארלאָזט אלטע היימען מיט איינגעוואָרצלטע טראדיציעס און זיך געלאָזט איבער ימים פון דער גאנצער וועלט, געקומען אויף נייע קאָנטינענטן, געבויט נייע ישובים, נייע קהילות; פארפלאנצט נייע שטיקער לעבן, געבויט נייע חדרים, נייע תלמוד־תורהס, נייע ישיבות.

התורה נתנה באש במים ובמדבר.

ג־ט האָט געגעבן די יידן אזא תורה, מיט אזא געטלעכן כוח און הייליקע קראפט, אז קיין שום סיבה קאָן ניט אויסוואָרצלען פון זיין פאָלק די דאָזיקע תורה.

## טז

# וואָס איז תורה?

תורה מיינט ניט בלויז דער תנ״ך אליין. איר זעט דאָך אז דער תנ״ך איז איבערגעזעצט אויף איבער טויזנט שפראכן און דיאלעקטן, און אלע ציוויליזירטע פעלקער האָבן דעם תנ״ך, אָדער ווי זיי רופן אים די „בייבל״. און דאָך... און דאָך זיינען זיי פיינע, איידעלע גויים...

אונטערן וואָרט תורה גייען אריין משנה און גמרא, מדרשים און זוהר, רי״ף און רמב״ם, טורים און שלחן ערוך, און אלע אויסטייטשונגען וועלכע זיינען לויט דער הייליקער מסורה — אלץ צוזאמען מיינט תורה.

די מצוות אין חומש זיינען ניט קלאָר געענוג, און אָן דער תורה שבעל פה וואָלטן מיר קיין באגריף ניט געהאט ווי אזוי א מצווה מקיים צו זיין. לאָמיר נעמען אלסביישפיל איין מצווה — תפילין.

אין חומש שטייט גאָרניט קלאָר וואָס מען מיינט מיט דעם „און עס זאָל זיין צו דיר אלס צייכן אויף דיין האנט און א טוטפות צווישן דיינע אויגן״...

ווען ניט די הלכה למשה מסיני, די דערקלערונגען פון תורה שבעל פה, וואָלטן מיר אבסאָלוט ניט פארשטאנען וואָס עס מיינט תפילין.

ווען ניט די הלכה למשה מסיני, די דערקלערונגען פון תורה שבעל פה, וואָלטן מיר אבסאָלוט ניט פארשטאנען וואָס עס מיינט תפילין.

און אזוי כמעט אלע מצוות.

און אזוי דערקלערט דער רמב״ם ז״ל אין דער הקדמה צו משניות:

„דע, זאָלסט וויסן אז יעדע מצווה וואָס הקדוש ברוך הוא האָט געגעבן צו משה רבינו עליו השלום, האָט ער אים גלייך איבערגעגעבן אויך דעם פירוש פון דער מצווה. צוערשט האָט ער אים געזאָגט די מצווה אליין און דערנאָך האָט ער אים דערקלערט אלע ענינים ארום דער מצווה״.

אָן תורה שבעל פה איז ניט פאראן קיין יידישקייט. די תורה שבעל פה האָט אויפגעהאלטן א לעבעדיק, קערנדיק, זאפטיק יידיש פאָלק.

די קאראאימער האָבן פארלייקנט די תורה שבעל פה... זעט וואָס עס איז פון זיי געוואָרן? איינגעשרומפן, אָן א טראָפן יידיש בלוט, אויסגעדארט, אומבאדייטנדיק, כמעט ווי אָפגעווישט פון דעם אויבערפלאך פון דער יידישער ערד...

יז

# תורת חיים

די יידישע תורה ווערט גערופן תורת חיים, די תורה פון לעבן, ווייל זי איז ניט קיין טעאָלאָגיע, קיין ענין פון רעליגיע אינם וועלטלעכן זין, וועלכע האָבן צו טאָן בלויז מיט מחשבה, אָדער בלויז טראָגן זיי אין הארצן — אן אידייע אָן פראקטישע מעשים...

די יידישע תורה רעגולירט דאָס גאנצע לעבן פונם יידן.

נאָך איידער דאָס יידישע קינד ווערט געבוירן פארפליכטעט די תורה אירע געזעצן צו די עלטערן.

די תורה פאָדערט שפייז, קליידונג, לויט אירע דינים (כשרות, שעטנז); פעלד־ארבעט, סתם ארבעט און סאָציאלע געזעצן (כלאים, לקט, שכחה, פיאה, ערלה).

די תורה פארפליכטעט א שבת־טאָג, ניט דעם אָנגענומענעם רו־טאָג פון די גויים (זונטיק ביי קריסטן און פרייטיק ביי די מאכמעדאנער). דאָס גאנצע יידישע לעבן, פונם ערשטן טאָג פון געבוירן ווערן, ביז צום אויפשטיין צו תחיית המתים, ווערט רעגולירט פון דער תורה.

קיין ייד איז ניט באפרייט פון לערנען תורה. לערנען, כדי זי מקיים צו זיין. אלץ וואָס יידן פארמאָגן האָבן זיי פון דער תורה...

ווען מען זאָל אויסשיילן די השפעה פון תורה אויף א יידן, וואָלט ער פארבליבן א פארגרעבטער, מגושמדיקער, ווילדער מענטש...

דער מדרש זאָגט: הקדוש ברוך הוא היה מביט בתורה וברא את העולם, ג־ט האָט אריינגעקוקט אין דער תורה און באשאפן די וועלט.

פונקט ווי א בוי־מייסטער קוקט אריין אינם ארכיטעקטס פלאן און בויט זיין בנין.

ווייל, זאָגט דער מדרש, צוויי טויזנט יאָר פארן וועלט־באשאף האָט ג־ט שוין געהאט די תורה.

* * * * *

שבועות איז דער הייליקער יום־טוב, ווען די יידן זיינען געשטאנען צופוסנס פון בארג סיני, באלד אין ערשטן יאָר ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים און מקבל געווען די תורה. שוין דאמאָלסט זיינען זיי געווען א פאָלק:

הסכת ושמע ישראל היום הזה נהיית לעם לה׳ אלקיך (דברים כ״ז, ט׳).

**בלייב שטיל און הער זיך איין ישראל, היינט ביסטו געוואָרן א פאָלק צו דיין ג־ט״...**

**נאָר די וועלכע פארשטייען וואָס עס מיינט תורה, נאָר די, פילן די גרויסקייט און הייליקייט פון יום־טוב שבועות... זמן מתן תורתנו...**

(תשי״ז).

## א

# ובנה ירושלים עיר הקודש...

פאר די אמת־רעליגיעזע, באוואוסטזיניקע מאסן, איז עס א זעלבסט־פארשטענדלעכע זאך: די דריי וואכן, ניין טעג און תשעה־באב טרויער־צייט, טראגן אפילו בזמן הזה דעם זעלבן כאראקטער ווי אין די אמאליקע צייטן.

די גרויסע פרייד מיט דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל, קאן ניט אפווישן יענע סימנים פון פאלקס־טרויער.

ארץ־ישראל איז דער צענטער פון דער וועלט, ירושלים אין דער מיטל־פונקט פון ישראל און דער מקום המקדש אין דער סאמע מיטן, דער טבור הארץ — דאס הארץ פונם באשאף.

ירושלים איז ניט בלויז באטראכט געווארן אלס הויפט־שטאט פון ישראל, וואו דער קעניג מיט זיין גענעראל־שטאב און אלע מלוכה־אפאראטן האבן פונקציאנירט.

ירושלים של מטה איז מכוון כנגד ירושלים של מעלה, און ירושלים בכלל און אויף דעם ארט וואו דאס בית־המקדש איז געשטאנען בפרט, האט די שכינה פאר זיך אן ארט געפונען.

מעולם לא זזה שכינה משם...

קיינמאל האט זיך די שכינה פון יענעם ארט ניט אפגעטאן...

תשעה־באב איז דער טרויער־טאג נאכן חורבן פון יענעם הייליקסטן ווינקל אויף דער ערד.

דער אמת־רעליגיעזער ייד האט זיך נאך עד היום ניט מייאש געווען, ער האפט און בענקט, ער טוט תפילה אז —

שיבנה בית המקדש במהרה בימינו

זאל טאקע פארווירקלעכט ווערן ממש אין זיין צייט. אלע יידישע תפילות זיינען דורכגעווייקט מיט א הייליקער בענקשאפט פאר ציון און ירושלים, פאר דעם בית המקדש און פאר דער הייליקער עבודה...

די פרייד און שמחה פון דער אנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה, האָט אויף א האָר ניט געמינערט די אלטע און אייביק נייע בענקשאפט נאָך ירושלים און בנין בית המקדש. די טרויער־צייט פון די דריי וואָכן, ניין טעג און תשעה־באָב, זיינען נאָך אלץ „אקטועל", זיי האָבן נאָך אלץ ניט פארלוירן זייער אייגנטלעכן כאראקטער...

ניט בלויז אין די גלות־לענדער אליין וועט מען היי־יאָר טרויערן תשעה־באָב, נאָר אפילו אין ארץ־ישראל גופא, אין ירושלים אליין וועט מען זאָגן

איכה ישבה בדד העיר...

דאָרטן אין ירושלים, זעט מען דעם חורבן ממש מיט די פליישיקע אויגן; דאָרטן פילט מען די חרפה און בושה, אז גראָד דאָס הארץ פון דער יידישער מדינה, דאָס הייליקסטע אָרט פונם יידישן פאָלק, גראָד דער קודש הקדשים, איז אָקופּירט פון דער עבר־הירדן ארמיי.

דער ערשטער קעניג פון עבר הירדן, אבדולא, וועלכער האָט געוואגט צו באטרעטן די הייליקע ערד פונם קודש הקדשים, איז דערשאָסן געוואָרן פון זיינע אייגענע מענטשן, לקיים מה שנאמר: והזר הקרב יומת — און א פרעמדער, א ניט־בארעכטיקטער וועט זיך דערנעענטערן צו יענעם הייליקן אָרט, זאָל געטויט ווערן...

זיין ממלא מקומו, זיין קרוין־פרינץ, דער צווייטער קעניג, טאלאל, איז אראָפּ פון זינען און גלייך געזעצלעך באזייטיקט געוואָרן פונם טראָן...

די כותל מערבי, דער איבערבלייב פונם בית המקדש, וועלכער האָט געדינט אלס מקום תפילה פאר אלע יידן אין דער וועלט, איז אצינד אין פרעמדע הענט.

ירושלים, אלט־ירושלים, דאָס הייליקע ירושלים, דאָס אָרט פון וועלכן די שכינה האָט זיך עד היום ניט אָפּגעטאָן, איז נאָך חרוב, פארוויסט, אָקופּירט

יעדער אמת־רעליגיעזער ייד פילט עס אין זיינע ביינער.

דער זעלבער אמת־רעליגיעזער ייד אין ישראל און אין ניי־ירושלים פילן די חרפה שטארקער. זיי זען דעם חורבן, זיי קאָנען אים אָנטאפּן מיט זייערע הענט...

* * * * *

די פּאָליטישע לאגע ארום דער ירושלים־פראגע איז אויך נאָך ניט אזוי קלאָר. שוין ניט ריידנדיק פונם וואטיקאן, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט אהבת ישראל (א חוץ וואָס ישראל צאָלי, דער טשיף־ראביי פון רוים האָט אויף זיינע עלטערע יאָרן געפונען א מנוחה נכונה אין מושב זקנים פונם וואטיקאן פארן שכר פון שמדן זיך...), נאָר אפילו די „חסידי אומות העולם", די ליבעראלע דעמאָקראטישע מערב מלוכות, אויך זיי זיינען נאָך ניט זיכער צי דער ישראל אויסערן מיניסטעריום דארף זיך געפינען אין ירושלים... און זיי, די גוטע גוים, די וועלכע דערלאנגען הלוואות און גיבן די מאה כדי זיי זאָלן האָבן די דעה... זיי אנערקענען נאָך ניט בלב שלם אז אלט־ירושלים איז א יידישע טעריטאָריע.

זיי גלויבן נאָך צו מאכן ביזנעס מיטן הארץ פון ארץ־ישראל, בשכר זה וועלן זיי נאָך מסחרן מיט די אראבישע מושלים.

אָבער צו וואָס זיך גריבלען אין פּאָליטישע פראגן גראָד ערב תשעה־באָב.

דאָס יידישע פאָלק וועט קיינמאָל ניט מוותר זיין אויף אלט ירושלים. די קדושה פון דורות וועט גאָר ניט אויסגעוועפּט ווערן, ווען אפילו די עבר הירדן לעגיאָנערן וועלן אלץ נאָך מארשירן אין די שמאָלע געסלעך פון דער „עיר העתיקה".

משיח איז נאָך ניט געקומען. מדינת ישראל איז ערשט אן אתחלתא דגאולה, אן אָנהויב, א גוטער אָנהויב, א דערפרייענדיקער אָנהויב, אָבער אלץ אן אָנהויב.

אין אלע שולן און אין אלע בתי מדרשים וועלן יידן אויף היי־יאָר זיך זעצן אויף דער ערד און זאָגן די אלטע און אייביק נייע, טרויער מגילה — איכה.

פארוואָס איז אזוי פאראיינזאמט די שטאָט ירושלים? פארוואָס איז זי צעטיילט אין צווייען? איז זי נאָך אלץ אזוי זינדיק ווי בערלין און ווין?

איך גלויב באמונה שלימה, אז עס וועט קומען דער טאָג ווען ג־ט וועט אוסילייזן די קרוין פון ישראל דער מדינה און דאָס הארץ פון ישראל זיין פאָלק.

* * * * *

די דריי וואָכן, ניין טעג און תשעה באב, האָבן ווירקזאם אויסגעאיבט אין משך פון דורות, אז יידן זאָלן ניט פארגעסן אין ציון און ירושלים.

אלע שעפערישע כוחות פונם יידישן פאָלק האָבן צו דעם צוגעלייגט א האנט.

דער שולחן ערוך האָט גענומען אין זיין האנט אריין די דריי וואָכן און זיי אזוי רעגולירט, אז קיין יידן קאָן שוין ניט באקומען קיין עסן, קיין פארוויילונג און שמחה אין יענע טעג.

חסידים דערציילן, אז דער חידושי הרי״ם זצ״ל, דער אלטער גערער רבי זאָל האָבן אמאָל געזאָגט: ער פארשטייט ניט צו וואָס מען האָט געדארפט באשטימען יום־כפור און תשעה באָב אלס תעניתים־טעג.

תשעה־באָב — ווער קאָן זיך דען דאן נעמען צום עסן?..

און יום־כפור — ווער האָט עס דען צייט צו גיין עסן?..

ניט נאָר אזעלכע הימל־הויכע יידן ווי דער חדושי הרי״ם זצ״ל האָבן אזוי געפילט. איטלעכער בעסערער ייד, ווען ער האָט זיך פארטראכט וועגן חורבן בית המקדש און חורבן ירושלים, איז אים ניט אָנגעגאנגען קיין עסן...

די אגדה האָט אויך באצויבערט און פארכאפּט דעם אָטעם פון איטלעכן יונגן יידן, ווען דער רבי אין חדר האָט געלערנט און דערציילט די אגדות פון דער גמרא גיטין, אָדער פון די מדרשים, וועלכע דערציילן רירנדיקע פּרטים, ווי אזוי דער בית המקדש איז געפאלן, ווי אזוי די יונגע כהנים זיינען געשפרונגען אין פייער פון הונגער און דאָרשט, און ווי דער שונא האָט געיאָגט און פארטריבן די יידן.

די אלע אגדות האָבן זיך איינגעקריצט אין די מוחות און אין די הערצער אין אונדזערע יוגנט יאָרן.

דאָס אלגעמיינע, פאָלקס אבילות פון די דריי וואָכן, ניין טעג און תשעה באָב, האָט דערצויגן די יידישע מאסן און געלערנט צו טרויערן און צו האָפן, צו גלויבן אז אָט־אָט במהרה בימינו יבנה בית המקדש, אז אָט־אָט וועט ירושלים צוריק אויפגעבויט...

פינף יאָר ווי מדינת ישראל איז א לעבעדיקער פאקט.

ירושלים, דאָס הייליקע ירושלים איז אָבער נאָך חרוב, אָקופּירט, פארשעמט, באהערשט פון פרעמדע, מגושמדיקע לעגיאָנערן.

דער תשעה־באָב טרויער איז נאָך אקטועל. יידן וועלן זיך אויך היי־יאָר פארזאמלען אין די שולן זעצן אויף דער ערד און זאָגן די רירנדיקע קינות, וועלכע הויבן זיך אָן מיט —

איכה ישבה בדד העיר...

(מנחם־אָב, תשי״ג).

## ב

# על הר ציון ששמם...

ניטאָ אזא חרפה, ניטאָ אזא ווייטיק, ניטאָ אזא שאנדע ווי די צעטיילונג פון ירושלים.

ירושלים די הייליקע שטאָט, די שטאָט פון נביאים און יידישע מלכים, די שטאָט פון יידישער גבורה און שטאָלץ, די שטאָט איז צעטיילט אויף צווייען. די אלט־שטאָט, — מיט אלע הייליקע מקומות, דער כותל המערבי, די אלטע שולן און קברים פון יידישע מלכים — געפינט זיך אין די אראבישע הענט, דאָס אָרט וואו דער בית המקדש איז געשטאנען איז פאר־בויט מיט אן אראביש־מוסולמענישן מעטשעט, לעגיאָנערן שפאצירן דאָרטן און פארטראכטן בייזע פלענער ווי אזוי צו טעראָריזירן די רואיקע און פרידלעכע ישראל באפעלקערונג.

אין ירושלים איז פארהאן א הויכער בארג מיטן נאָמען „הר ציון", דאָרטן אהין שטראָמען אלע טוריסטן און ישראל יידן, פון דאָרטן אויס זעט מען דעם „הר הבית", דאָס אָרט וואו ס'איז געשטאנען דער בית המקדש, מען זעט דעם רונדיקן קופּאָל פון דעם אראבישן אָמאר מעטשעט.

דער וועג ארויף צום הר ציון ווארפט שוין אָן א פחד און א הייליקן ציטער, אויף די פרימיטיווע שטיגן וועלכע פירן ארויף צום הר ציון זעט מען מצבות, אזעלכע שטיינער אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט פּסוקים פון תנ"ך, וועלכע ריידן וועגן אָט דעם הייליקן אָרט. למשל: „ימלוך ה' בהר ציון", — זאָל ג־ט קיניגן אויפן בארג ציון, אָדער: „שמחתי באומרים לי, בית ה' נלך", — איך וועל זיך פרייען ווען מען וועט מיר זאָגן: מיר גייען אין ג־טס הויז...

נאָר געזונטע מענטשן אָן הארץ־טראָבל און אָן אנדערע מיחושן קאָנען זיך פארמעסטן ארויפצושטייגן אזוי הויך, קומט מען אָבער ארויף ווערט איר ממש פארציטערט און גלייכצייטיק פארשעמט: א גרויסע אויפשריפט דערמאָנט אייך: „סכנה, שטח האויב לפניך אין מעבר", — ס'איז א סכנה, דו שטייסט פאר דעם שונאס טעריטאָריע, מען טאָר ניט אריבערגיין.

א דינע שטעכיקע דראָט טיילט אָפּ ירושלים פון ירושלים...

אָט שטייסטו הארט לעבן די דיקע אלטע מויערן פון וואנעט די לעגיאָנערן פון עבר הירדן האָבן א וואָך שפּעטער געשאָסן אויף די ירושלימער איינוואוינער.

ניט קיין מורא און ניט קיין פחד האָט מיך באהערשט אין יענעם מאָמענט נאָר א שאנדע און א חרפה, איך האָב זיך פארטראכט: וואָלט עס מעגלעך געווען אז וואשינגטאָן זאָל ווערן צעטיילט אויך צווייען? לאָנדאָן, אָטאווא, פאריז, בריסל, אמסטערדאם, האג, ווארשע אָדער מאָסקווע?

אָט שווימען ארויף אין מיין זיכרון די ביטערע ווערטער פון ירמיה הנביא ווען ער באוויינט דעם חורבן ירושלים

הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי (איכה א. יב.)

טוט א קוק און זעט, צי איז דאָ אזא ווייטיק ווי מיין ווייטיק?

על הר ציון ששמם שועלים הלכו בו (איכה ה. יח.)

דער בארג ציון, ווי וויסט איז ער, פוקסן שפאצירן דאָרטן ארום.

איך בין שטיין געבליבן אויף יענעם מסוכנדיקן אָרט צוגעשמידט, די זון האָט געפלאַמט און שטארק געווארעמט. פון יענעם אָרט קאָן מען זען גאנץ ירושלים, ביידע טיילן, סיי דעם אראבישן און סיי דעם יידישן.

אויף דער יידישער זייט פון הר ציון געפינט זיך דער קבר פון דוד המלך. ניט ווילנדיק רייסן זיך ארויס פון דיינן ליפּן די ווערטער:

דוד מלך ישראל חי וקיים!

דער קבר איז פארהייליקט ביי אלע יידן. על פי רוב קומען אָבער אראבישע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, זיי קושן די קאלטע שטיינער, טוען תפילה, צינדן אָן ליכט און זיצן דאָרטן לאנגע שעהן פארטראכטע און פארבענקטע.

עס קומען אויך פיל יידן מתפלל זיין פאר זייערע זיך, וועלכע זיינען געפאלן ארום דעם הר ציון פאר דער באפרייאונג פון ישראל.

דער קבר דוד איז א גרויסע שול, מען דאוונט דאָרטן און מען זאָגט תהלים. דוד המלכ׳ס תהלים...

וועלכער דיכטער אָדער משורר פון אנדערע פעלקער האָט דאָס אזא גרויסע זכיה, אז זיינע קאפיטלעך זאָל מען זאָגן און זינגען נאָך טויזנטער יאָרן אויף זיין קבר?

א גוואלדיקע קדושה, א הייליקייט פון דור דורות שפרודלט דאָ ארויס פון יענעם טונקעלן קבר דוד. שטייענדיק אויף יענער הייליקער ערד פילט איר ווי לעבעדיק עס זיינען יענע ווערטער:

דוד מלך ישראל חי וקיים!

* * * * *

טאקע אויפן הייליקסטן אָרט פון דעם טייל ירושלים וועלכע געפינט זיך אין יידישע הענט, אויפן הר ציון, האָבן די יידן פונם היינטיקן דור פאראייביקט דעם אָנדענק פון די זעקס מיליאָן יידן, וועלכע זיינען אומגעקומען פון די „קולטורעלע״ ציוויליזירטע דייטשע רוצחים. —

מען פירט דיך אריין אין מרתף השואָה אין קעלער פון אומקום און שרעק

איך וואָלט ניט געראטן קיין מענטשן מיט א שוואכע נאטור, מיט א שוואך הארץ צו באזוכן יענעם טרויעריקן קעלער וועלכער רופט זיך „מרתף השואָה״.

עס איז א פארצייטישע אור־אלטע הייל, ניט קיין חדרים נאָר טיפע גרויסע לעכער אין א בארג, אָן עלעקטרישער באלייכטונג, מיט חלב ליכט אין די הענט גייט מען פון אָרט צו אָרט און מען זעט מיט אייגענע אויגן שטיקער חורבן. א מאפע אויף וועלכער עס זיינען פארצייכנט אלע שטעט אין אייראָפּע וועלכע זיינען חרוב געוואָרן, שטעט וואו עס זיינען פאָרגעקומען הריגות, שחיטות און פּאָגראָמען.

עס איז א פינצטערער מוזעאום, איר זעט דאָרטן האנט־בייטלען פון הייליקע יריעות פון ספרי תורות, א מענער דזשעקעט אויפגענייט לויט דער לעצטער מאָדע פון שטיקער ספרי תורה. איך האָב אראָפּגעלייענט פון יענעם דזשעקעט שטיקער פון דער תוכחה...

פארבלוטיקטע פרוכתן און תורה־מענטעלעך. צעריסענע טליתים פאר־פלעקט מיט בלוט. א גרויסע פויק מיטן פארמעט פון א ספר תורה. איך האָב געלייענט פון יענער פויק די עשרת הדברות...

קיישלעך איינצוקויפן אויפן מארק פרוכט אָדער ירקות — פון יריעות פון א ספר תורה...

פארברענטע ספרי תורה, געלעכערטע, צעשטאָכענע, באפלעקטע מיט בלוט.

א פלאש מיט גיפטיקן גאז, אן איבערבלייבעניש פון די גאז קאמערן.

דרייסיק פלאשן אָנגעפילט מיט אש פון פארברענטע און פארגאזטע יידן. שטיקער זייף מיט גרויסן אויפשריפט: „ריינע יודען פעטס״.

מיין בלוט איז כמעט פארגליווערט געוואָרן צוזעענדיק דעם איבערבלייב פון יענעם גרויסן חורבן.

איך בין געגאנגען פון הייל צו הייל, פון לאָך צו לאָך, געגאנגען און

געוויינט ווי א קליין קינד. דאָס איז דאָס אש פון מיינע ברידער און שוועסטער, דאָס איז דאָס פעטס פון מיינע נאָענטע.

אלע זעקס מיליאָן יידן זיינען געווען מיינע ברידער און שוועסטער...

יענע הייל, דער מרתף השואה, מאכט אויף איך א שוידערלעכן רושם, און יענער שוידערלעכער קעלער געפינט זיך טאקע הארט ביי דער אראבי־שער גרעניץ...

א גרויסער אויפשריפט וועלכער מאכט צאפלען אייער הארץ שרייט אראָפּ פונם איינגאנג פון יענעם שוידערלעכן אָרט...

יתגדל ויתקדש שמיה רבה.

איר זעט שטיקער חורבן, איר זעט א מארטירער געשיכטע פונם יידישן פאָלק, איר זעט דעם אונטערגאנג פון דער מערב ציוויליזאציע...

די אלע חפצים וועלכע זיינען געבראכט געוואָרן פון יידן פליטים, זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן אין יענעם מרתף־השואה און זיי וועלן פארבלייבן אויף אייביק. קינדער און קינדס־קינדער וועלן אין אלע דורות ארויפגיין אויפן הר ציון, אויף דעם באפרייטן הר ציון, און זיי וועלן מיט טרערן אין זייערע אויגן באטראכטן דעם איבערבלייב פון די זעקס מיליאָן יידן, וועלכע זיינען אומגעקומען פון א ציוויליזירט געבילדעט „הערן פאָלק״, און זיי וועלן א שפיי טאָן אויף דער מערב ציוויליזאציע און אזוי וועלן זיי זאָגן:

שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא.

מיט א צעבראָכן הארץ און צעוויטיקטע נשמה האָב איך אראָפּגענידערט פונם הר ציון, און ירמיה הנביאס איכה ווערטער האָבן געגליט מיין לייב און פארברענט מיין נשמה:

על הר ציון ששמם שועלים הלכו בו,

ווי וויסט איז נאָך ציונס בארג, פוקסן דרייען זיך נאָך אלץ דאָרטן ארום...

אראבישע פוקסן מיט מערב אייראָפּעאיש געווער...

אראָפּנידערנדיק פונם הר ציון האָב איך זיך צום צווייטן מאָל אָנגע־טראָפן אויף יענעם מוראדיקן שילד: „סכנה! שטח האויב לפניך אין מעבר״, — עס איז א געפערלעך אָרט, דער פיינט שטייט פאר דיר.

(תשעה באָב, תשי״ד).

ג

# נחמו נחמו עמי, יאמר אלקיכם!

## בין המצרים

דריי וואָכן טרויער. דריי וואָכן האָט דאָס יידישע פאָלק אין אלע דורות, אויף אלע קאָנטינענטן זיך באטראכט פאר אבלים, ניט צוגעלאָזט צו זיך קיין פרייד, קיין שמחה, קיין געזאנג, און קיין טענץ, קיין חתונות און קיין שמחות.

דאָס פאָלק האָט געטרויערט אויפן חורבן בית המקדש, אויפן חורבן פון ארץ־ישראל, אויפן ביטערן גלות.

עס האָט זיך אראָפגעלאָזט א טריבער וואָלקן אויף דער יידישער היים; אַ טריבער וואָלקן און אן אומעט, אין די דריי וואָכן, דאָס האָט איטלעכער געפילט, דער רייכער און דער אָרעמאן, דער פרומער און דער מאָדערנער.

די נביאישע ווערטער „שישו אתה משוש כל המתאבלים עליה״ לויט דעם טייטש פון דער גמרא, אז נאָר די וואָס טרויערן אויפן חורבן, וועלן זוכה זיין זיך צו פרייען מיט דער נחמה און פרייד פון ירושלים. יענע ווערטער האָבן געגליט און געברענט אין די הערצער פונם יידישן מענטשן.

דער בר־דעת האָט געפילט אן אינערלעכן צער און וויטיק.

בראותי כל עיר ועיר על תלה בנויה — ועיר האלקים מושפלת עד שאול תחתיה.

פעלקער, גרויסע און קליינע, רייכע און אָרעמע, לעבן גליקלעך אויף אייגענער ערד, און ישראל, דאָס געטלעכע פאָלק, איז צו שאנד און צו שוואָט, ללעג ולקלס בין הגויים...

דער פשוטער פאָלקס־מענטש, כאָטש ער האָט זיך ניט אָריענטירט אין דעם געשיכטלעכן גאנג פונם יידישן פאָלק, האָט דאָך מיטגעהאלטן, מיט־געפילט און זיך משתתף געווען אינם טרויער.

די ניין טעג האָבן בולטער באצייכנט די טרויער־טעג. קיין פלייש, קיין ווין, קיין געוואשענע און געפרעסטע מלבושים — גאנצע שטיקער שולחן ערוך האָבן פארפליכטעט די יידישע היים אין די „בין המצרים״, צווישן שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באָב.

די דריי וואָכן טרויער האָבן יידן געהאלטן הייליק און טייער אלס

אָנדענק פונם חורבן בית המקדש, פארלוירענע נאציאָנאלע אומאָפּהענגיקייט און ביטערן גלות.

די דריי וואָכן טרויער הויבן זיך אָן מיט א תענית, שבעה עשר בתמוז, און ענדיקן זיך מיט א תענית — תשעה באָב.

יידן האָבן זיך ניט מייאש געווען פון ארץ־ישראל. זיי האָבן א גאנץ יאָר, ניט בלויז אין די דריי וואָכן, אין די בין המצרים, געדענקט פון ארץ־ישראל און חורבן האומה, נאָר א גאנץ קיילעכדיק יאָר האָבן אריינגעגנומען אין טאָג־טעגלעכע תפלות אינם „ברכת המזון", אין די „שבע ברכות" ביי א חתונה, שטענדיק האָבן יידן דערמאָנט מיט בענקשאפט ציון און ירושלים.

אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי אם לא אזכריכי אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי... (תהלים, קל"ז).

א פאָלק דערקלערט מיטן פייער פון זיין נשמה: „אויב איך וועל דיך פארגעסן ירושלים, זאָל מיין רעכטע האנט פארגעסן ווערן... זאָל מיין צונג זיך ניט קאָנען באוועגן פון מיין גימען, אויב איך וועל דיך ניט געדענקען ירושלים, אויב איך וועל דיך ניט פאָרשטעלן די ערשטע אויף מיינע שמחות".

יידן האָבן ניט פארגעסן ציון און ירושלים אין די פינצטערסטע דורות.

## ד

# זיבן טרייסט־וואָכן

דריי וואָכן טרויער און זיבן וואָכן פון נחמה, „שבעה דנחמתא".

פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באָב, אין די דריי טרויער־וואָכן זאָגט מען צוויי הפטורות, קאפיטלעך פון ספר ירמיה, שטראָף־רייד.

„הערט ג־טס וואָרט, הויזגעזינט פון יעקב און אלע משפחות פון ישראל, אזוי האָט געזאָגט ג־ט. וואָס פאר אן אומרעכט און עוולה האָבן אייערע עלטערן געזען אין מיר, אז זיי האָבן זיך אזוי שטארק דערווייטערט פון מיר? איר זייט נאָכגעלאָפן נארישקייטן ביז איר זענט אליין נאריש געוואָרן. עס איז זיי גאָרניט איינגעפאלן צו זאָגן וואו איז דער ג־ט וועלכער האָט אונדז ארויסגע־פירט פון מצרים?

„איך האָב אייך אריינגעפירט אינם כרמל־לאנד איר זאָלט עסן די גוטע

פרוכט, זייט איר ניט דאנקבאר געווען, נאָר איר זייט געקומען און האָט מטמא געווען מיין לאנד, און מיין ארבעט האָט איר פאראומווירדיקט״...

אזוי שטראָפט ירמיה אין די ערשטע צוויי קאפיטלעך פון זיין ספר דאָס פאָלק ישראל, וועלכעס האָט פארלאָזן דעם ג־ט פון אברהם יצחק און יעקב, און נאָכגעלאָפן פרעמדע געטער און עבודה זרהס.

די דריטע הפטורה וואָס ווערט געזאָגט שבת חזון, איז דאָס ערשטע קאפיטל פון ישעיה. שארפע, שניידנדיקע ווערטער:

„איך האָב קינדער אויפגעצויגן און גרויס געמאכט, און זיי האָבן קעגן מיר געזינדיקט... בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי...

„ידע שור קונהו, אן אָקס דערקענט זיין קויפער און אן אייזל דערקענט די קאָרעטע פון זיין בעל־הבית, אָבער ישראל דערקענט ניט, און מיין פאָלק פארשטייט ניט ווער עס איז זיין באשעפער און דערלייזער!״

פון שבת נחמו אָן זאָגט מען זיבן הפטרות פון ספר ישעיה, וואָס טרייסטן דאָס יידישע פאָלק, זיינע ווערטער דערמוטיקן, גיבן האָפענונג און ברענגען ג־טס הבטחות, אז יידן וועלן ווערן גרויס און גליקלעך אין זייער לאנד.

„איר נביאים, טרייסט מיין פאָלק, רעדט צום הארצן פון ירושלים, רופט זי. ווייל שוין געענוג האָט זי באצאָלט פאר אירע זינד.

„פונקט ווי א פאסטוך פאשעט זיינע שאָף, מיט זיין אָרעם זאמלט ער איין די שעפעלעך און אויף זיין שויס טראָגט ער זיי״.

די שטרענגע יידישע דערציאונג אין די פריערדיקע דורות האָט איינגעוואָרצלט אין די קינדערס הערצער שטיקער געשיכטע, טרויער און טרייסט, האָפענונג צו גאולה און גלויבן אז אלע רייד פון די נביאים זיינען אמת.

איך געדענק ווען מיין רבי אין חדר האָט מיט אונדז געלערנט די הפטרות פון די דריי וואָכן, האָט ער ביטער געוויינט, זיין הארץ איז אים צעגאנגען פון טרויער און פיין. ער האָט זיך צעכליפעט ווי א קליין קינד, ווען ער האָט אונדז פארטייטשט די שניידנדיקע ווערטער פון ירמיה ב׳: פאָרט ארום אויף אלע אינדזלען פון כתיים און זעט אליין, צו די שווארצע מענטשן שיקט אהין שליחים זאָלן זיי באטראכטן זייער לעבן, זעט צי אזא אומרעכט האָט ווען און וואו פאסירט: צי האָט אמאָל א פאָלק פארוועקסלט זיין ג־ט פאר אזא זאך וואָס ס׳איז ניט קיין ג־ט?

אָבער מיין פאָלק ישראל האָט יאָ אויסגעטוישט זיין ג־ט פאר א זאך וואָס קאָן גאָרניט העלפן...

כאָטש די תלמידים, צוליב זייער יונגן עלטער, האָבן נאָך דאן פיל ניט פארשטאנען, האָבן זיי אָבער מיטגעווײנט מיטן רבין... און יענער רושם וועט קיינמאָל ניט אויסגעוועפּט ווערן פון זייערע הערצער ביז זייער לעצטן אָטעם־צוג.

פונקט אזוי האָט דער רבי מיט זיינע תלמידים געלערנט די זיבן הפטרות פון טרייסט, שמחה און פרייד, ממש טרייסט־ווערטער האָבן געפלאָסן פונם רבינס מויל...

## ה

## גלות און חוץ לארץ

נאָר די אומוויסנדיקע, די עם־הארצים, גלויבן אז די גאולה איז שוין געקומען. די באוואוסטזיניקע זען אז עס איז ערשט אן אָנהויב פון גאולה, אתחלתא דגאולה.

ווען פרעזידענט יצחק בן־צבי האָט אויפגענומען די דיינים פון ישראל, האָט ער אין זיין באגריסונג צו זיי געזאָגט: לאָמיר האָפן און זוכה זיין צו דער גאולה שלימה.

גלות און חוץ־לארץ, פארשטייט איר דעם חילוק פון ביידע ווערטער?

ענגלאנד און פראנקרייך פירן א מלוכה־לעבן. זייערע איינוואוינדערס זיצן אויף זייער ערד און היטן זי, און באארבעטן זי; זיי בויען און פלאנצן, זיי באוואלדערן און קולטיווירן זי. עס זיינען אָבער פאראן הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען ענגלענדער אָדער פראנצויזן, וואָס לעבן אין פרעמדע לענדער. זיי לעבן ניט אין גלות נאָר אין חוץ לארץ.

ווען יידן האָבן ניט געהאט קיין אייגענע מדינה, האָבן זיי ניט געלעבט אין חוץ־לארץ, נאָר אין גלות...

פארטראכט זיך א ווײַלע וועט איר זען דעם גרויסן חילוק, דעם קאָלאָסאלן אונטערשייד.

ס'איז אָבער שווער צו טראכטן, אז ווען מדינת ישראל האָט ארום איין און א האלבן מיליאָן יידן (איינוואוינער איז פאראן מער, זיי זיינען אָבער ניט קיין יידן, נאָר אראבער) און די וועלט האָט צען מיליאָן יידן (כן ירבו), זאָלן די איין און א האלב מיליאָן מוציא זיין די צען מיליאָן יידן פון גלות און זיי פארוואנדלען פאר „חוץ לארצדיקע יידן”?..

פאר אן אתחלתא דגאולה איז עס אפשר געגוג, אָבער פאר א גאולה שלימה ניט...

מיר דארפן נאָך אלץ אָנקומען צו די רייד פון די נביאים, צו דער טרייסט פון זייערע פאָרויסזעאונגען, אז קומען וועט די צייט ווען ג־ט וועט ווי א פאסטוך צוזאמענזאמלען זיינע שאָף און זיי ברענגען קיין ציון און ירושלים.

אמת, אלע פעלקער האָבן מיליאָנען בירגער וועלכע וואוינען אין פרעמדע לענדער, אָבער דער רוב, די גרויסע מערהייט זיצט אין אייגענעם לאנד. צי דאָס לאנד איז מאָדערן אָדער צוריקגעשטאנען, ציוויליזירט אָדער אין טונקעלן דזשאָנגל — כל זמן דער רוב יידן לעבן ניט אין ישראל, קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן גאולה שלימה.

נחמו, נחמו עמי! טרייסט מיין פאָלק, איר יידישע נביאים, זאָגט ג־ט. עס וועט קומען א צייט ווען אלע יידן וועלן פארזאמלט ווערן אין זייער לאנד, עס וועט אנטפלעקט ווערן ג־טס כבוד און אלע וועלן זען די וואונדער פון קיבוץ גליות, דאן וועלן זיי מודה זיין און אנערקענען כי פי ה׳ דבר, אז ג־ט האָט אזוי געפירט און גערעדט...

על הר גבוה עלי לך מבשרת ציון, הרימי בכוח קולך מבשרת ירושלים. הרימי אל תיראי אמרי לערי יהודה הנה אלקיכם (ישעיה מ).

אויפן העכסטן בארג גיי ארויף, די אָנזאָגערין פון דער באפרייאונג פון ציון. הויב אויף העכער, מיט כוח דיין שטימע, אָנזאָגערין פון ירושלים. העכער, האָב ניט קיין מורא. זאָג צו די שטעט פון יהודה: אָט איז אייער ג־ט...

(תשט״ו).

ו

# תשעה באָב דער טרויער־טאָג ביים גאנצן יידישן פאָלק

ניין טאָג אין חודש אָב האָבן די גויים אונטערגעצונדן דעם ערשטן און צווייטן בית המקדש.

אין תשעה באָב האָבן אָבער שוין פאסירט טרויעריקע געשעענישן א סך פריער איידער די צוויי בתי מקדשים זיינען חרוב געוואָרן.

די משנה אין תענית (פערטער פרק, זעקסטע משנה) זאָגט, אז פינף טרויעריקע פאסירונגען זיינען פאָרגעקומען אין תשעה באָב: זייענדיק אין דער

מדבר נאָך די זינד פון אומצוטרוי צו ג־טס הבטחה, אז ארץ כנען איז א גוט לאנד, האָבן זיי פארלאנגט פון משה רבינו צו שיקן מרגלים אויסצושפּיאָ־נירן דאָס לאנד. איז נגזר געוואָרן אין תשעה באָב אז דער גאנצער דור יוצאי מצרים זאָל ניט ארייננגיין אינם צוגעזאָגטן לאנד, א חוץ יהושע בן נון און כלב בן יפונה. אין תשעה באָב, זאָגט די זעלבע משנה, איז חרוב געוואָרן ביידע בתי מקדשים; אין תשעה באָב איז חרוב געוואָרן די שטאָט ביתר (בעטיר). די רוימער האָבן זי באלאגערט און דריי מיט א האלבן יאָר האָט בר־כוכבא זי אויפגעהאלטן און צום סוף איז זי געפאלן (אין יאָר 132—135).

דער רוימישער קייסער אדרינוס האָט געשיקט קיין ארץ־ישראל א שטארקע און מעכטיקע ארמיי אונטער דער אָנפירונג פון גענעראל יוליוס סעווערוס. ער האָט איינגענומען גאנץ ארץ ישראל א חוץ די גרויסע, ריזיקע שטאָט ביתר (היינט איז ביתר א דאָרף און א באן־סטאנציע ניט ווייט פון ירושלים).

אין יענער צייט איז אָבער ביתר געווען א ריזיקע שטאָט פון הונדער־טער טויזנטער איינוואוינער, און ווען בר־כוכבא איז באזיגט געוואָרן פון די רוימער, זיינען אלע יידן אויסגעקוילעט געוואָרן און די חכמים פון יענעם דור האָבן באטראכט יענעם אומגליק ווי דער חורבן פון בית המקדש.

* *
*

פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באָב זיינען דריי וואָכן. די דריי וואָכן האָבן ארייננגעפירט דעם יידן אין א טרויער־פּעריאָד: מען האָט ניט חתונה, מען פראוועט ניט קיין שמחות, מען קליידט זיך ניט אין די בעסטע קליידער.

די ניין טעג, פון ראש חודש אָב אָן, זיינען די טרויער־טעג שטארקער. די משנה זאָגט שוין „משנכנס אָב „ממעטין בשמחה".

ווער עס געדענקט דעם יידישן לעבנסשטייגער אין דער אלטער היים, און אפילו היינט אין די רעליגיעזע קרייזן אין גלות און אין ארץ־ישראל, דער פארשטייט און ווייסט ווי אזוי א גאנץ פאָלק האָט געטרויערט אויף גע־שיכטלעכע חורבנות אין דער טיפער פארגאנגענהייט.

דער חורבן בית־המקדש האָט ארויפגעלייגט זיין חותם, זיין זיגל, אפילו אויפן גאנצן יידישן לעבנס־שטייגער אפילו אויף א גאנץ יאָר. תמיד האָבן יידן געדענקט און קיינמאָל ניט פארגעסן יענע טרויער־טעג.

אין סאמע מיטן פון דער גרעסטער שמחה, ווען א ייד מאכט חתונה זיין קינד, ווען ער פירט זיין זון אָדער טאָכטער אונטער דער חופה, צעברעכט דער חתן א גלאָז אלס זכר לחורבן. איך געדענק נאָך ווי מיין פאָטער ז״ל האָט מיר באשיט מיין קאָפּ מיט אש פון אויוון פארן אריינגיין צו דער חופה, אלס זכר לחורבן.

ווען א ייד איז זוכה צו בויען א הויז און ער פארבט עס מיט די שענסטע און מאָדערנסטע פארבן, זאָל ער איבערלאָזן אן אייל אויף אן אייל ניט פארפארבט, נאָר סתם אזוי ווילד און רוי — א זכר לחורבן.

הונדערטער מנהגים האָבן יידן אין אלע דורות און עד היום אָפּגעהיט א גאנץ יאָר אלס זכר לחורבן.

זייבען געקומען די דריי וואָכן און דערנאָך די ניין טעג, האָט זיך דער טרויער ממש אָנגעזען אין איטלעכער שטוב. מען האָט ניט גערוימט, ניט געוואשן, ניט געפּוצט, זיך ניט געקליידט און ניט געלאָזט שערן די האָר; די בני תורה האָבן געלערנט די שטעלן אין תלמוד וואו עס ווערט דערציילט וועגן חורבן, מען האָט געלערנט איכה, איוב; ווייבער האָבן געלייענט די חורבן געשיכטעס אין „צאינה וראינה״.

אלע, אלט און יונג, אין חדר און אין דער שול, האָבן עוסק געווען אין טרויער־לימודים און אין תפילות, אין שלחן ערוך וואו די אלע דינים פון „בין המצרים״ און „תשעה באָב״ ווערן אויספירלעך באשריבן — פלעגן יידן זיך פארטיפן און מתפלל זיין.

עלטערע יידן פלעגן גאנץ באזונדער אין דריי וואָכן אָפּריכטן חצות און וויינען מיט הייסע טרערן אויף חורבן בית המקדש, אויף גלות השכינה און אויפן גלות פונם יידישן פאָלק.

* *
*

ביים טיף־רעליגיעזן יידן, ביים באוואוסטזיניקן מאמין און בן־תורה, האָט זיך דער טרויער־פעריאָד ניט געענדערט. דער אויפקום פון מדינת ישראל האָט ניט פארענטפערט דעם פארלוסט פון בית המקדש וואוהין אלע יידן פון גאנץ ארץ־ישראל האָבן עולה רגל געווען שלוש פעמים בשנה, דריי מאָל א יאָר: פסח, שבועות און סוכות. געזען האָבן זיי די פּראכט פון יידן, דאָס וואוינאָרט פון דער שכינה, דעם בית־המקדש, דעם יידישן מלך, דעם כהן הגדול און אלע כהנים און לוויים. ירושלים האָט געווימלט פון הונדערטער

טויזנטער באזוכער, וועלכע זיינען א גאנץ יאָר ווייט געווען פונם הייליקן צענטער.

דער היינטיקער באגריף פון א הויפּט שטאָט איז ווייט ניט דער זעלבער ווי אין די אלטע צייטן. היינט האָט א פּראָווינץ שטעטל אין סאמע עק פון דער מדינה, די זעלבע רעליגיעזע, קולטורעלע, נאציאָנאלע און סאָציאלע אינסטיטוציעס ווי די גרויסשטאָטיקע רעזידענץ. דער טעלעגראַף, טעלעפאָן, ראדיאָ און טעלעוויזיע פאראייניקן און בינדן צוזאמען אלע טיילן פון דער מדינה, ווי גרויס זי זאָל ניט זיין.

ווען יידן האָבן געלעבט אין פארשיידענע פונקטן אין ארץ־ישראל, פון דן ביז באר־שבע, זיינען זיי געווען אָפּגעריסן פונם צענטער, פון דער קדושה; זיינען זיי געווען ווייט פון תורה, פון נבואה איז אָפּגערעדט.

דער בית המקדש איז געווען דער הייליקער קוואל פון וואנעט יידן האָבן געטרונקען און זיך דערנערט גייסטיק.

מיטן חורבן פון בית המקדש איז אויך חרוב געוואָרן די מדינה. דאָס גאנצע לאנד איז אָקופּירט געוואָרן פון פרעמדע, די יידישע באפעלקערונג איז פארטריבן געוואָרן און גרויסע מאסן זיינען אומגעקומען אין קאמף. דער דאָזיקער שוידערלעכער חורבן איז ניט פארגעסן געוואָרן... ווייַ צו דעם פאָלק וואָס פארגעסט זיין פארגאנגענהייט, אפילו די טרויעריקע תקופות!

די יידישע חכמים האָבן אויפגעהאלטן פריש ניט בלויז אין זיכרון, נאָר ממש אין טאָג־טעגלעכן, פּראקטישן לעבן, דעם יידישן חורבן. דער רע־ליגיעזער ייד, אפילו היינט צו טאָג, טרויערט נאָך אלץ אויף חורבן בית־המקדש.

* *
*

אפילו דער ניט־רעליגיעזער ייד, דער בלויז נאציאָנאלער מענטש, דארף דערזען אפילו היינט, נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל, יענעם שוידערלעכן חורבן.

אדרבה, קומט קיין ישראל און זעט ווי די מדינה איז צעטיילט אין צווייען; קומט קיין ירושלים, די הייליקע שטאָט, און זעט ווי די הויפּט־שטאָט פון ישראל איז צעטיילט אין צווייען. אויב ג־ט האָט נאָך ביי אייך ניט צוגענומען דעם לעצטן טראָפּן פון שכל און געפיל, וועט אייער פּנים פלאמען פון שאנד!

די כותל מערבי, דער איבערבלייב פונם הייליקן בית המקדש, שטייט א פארשעמטע אין די אראבישע הענט; קברים פון יידישע מלכים און נביאים ווערן פארוואלטעט פון אראבער...

דער זעלבער ווייטיק וועלכן ירמיה הנביא האָט געפילט ביים חורבן פונם ערשטן בית המקדש, קלאָגנדיק אין איכה (י׳, י״ב):

הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי...

אדרבה, קוקט און זעט, צי איז פאראן אזא ווייטיק ווי מיינער...

אין יאָר תשי״ד (1954) בין איך געשטאנען אויפן הר ציון און האָב אריבער געקוקט צו יענער זייט ירושלים, וועלכע ווערט רעגירט פון דער ירדן מלוכה. איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געפילט אזא טרויער, אזא ווייטיק ווי אין יענער שעה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דריי וואָכן, די ניין טעג און באזונדערס תשעה באָב זיינען היינט אזוי אקטועל, אזוי א טרויעריקע דערמאָנונג ווי אין אלע דורות...

סיי דער רעליגיעזער ייד וועלכער עסט ניט קיין פלייש, שערט זיך ניט און קליידט זיך ניט ריכטיק אין די טרויער־טעג און פאסט תשעה באָב, און סיי דער מאָדערנער ייד, וועלכער פילט די שאנד פון די פאָליטישע אומ־שטענדן, וועלכע האָבן גורם געווען יענע חרפהדיקע חלוקה פון ארץ־ישראל — די דאָזיקע שעדלעכע חלוקה וועט אזוי לאנג אָנהאלטן ביז ג־ט וועט זיך מרחם זיין אויף זיין פאָלק און צוזאמענברענגען די נדחי ישראל פון אלע קאָנטינענטן און לענדער, פון מזרח און פון מערב, פון צפון און פון דרום, און א שפּראָץ פון מלכות בית דוד וועט דערשיינען און זיך באווייזן אין די טויערן פון ירושלים און אויסרופן די לאנג אויסגעבענקטע גאולה — די גאולה שלימה!

ווייל אזוי האָט געזאָגט דער געטלעכער נביא:

שמחו את ירושלים, וגילו בה כל אוהביה, שישו אתה משוש כל המתאבלים עליה... (ישעיה ס״ו, י׳).

„פרייט זיך מיט ירושלים און קוועלט אָן פון איר אלע אירע ליבהאָבער; פרייט זיך מיט איר פרייד איר אלע וואָס האָבן געטרויערט אויף איר״...

דרשנט די גמרא אין גיטין נ״ו, אפילו צדיקים ווען זיי טרויערן ניט אויף ירושלים וועלן זיי ניט זוכה זיין צו זען איר פרייד.

לאָמיר טרויערן אויפן חורבן בית־המקדש, וועלן מיר זוכה זיין צו זען בקרוב איר אויפבוי: די גאנצע שטאָט אין יידישע הענט, דאָס גאנצע לאנד אין אונדזער רשות!.. און ג־ט וועט קיניגן אין ציון...

(תשי״ז).

ז

## לכבוד שבת נחמו

טרייסט, נביאים, מיין פאָלק, רעדט צום הארצן פון ירושלים, זאָגט ג־ט. יעדער טאָל זאָל דערהויבן ווערן, יעדער בארג און קרומע הייך זאָל ווערן גלייך, די בארג־שפּיצן זאָלן אָפּגעהאקט ווערן.

אזוי אומגעפער קלינגען די ווערטער פון ג־ט אינם מויל פון ישעיה הנביא.

נחמו נחמו עמי יאמר אלקיכם (ישעיה מ׳, א׳).

נאָר דער וואָס האָט געהאט די זכיה צו טרעטן אויף דער הייליקער ערד פון ירושלים, נאָר דער איז מסוגל און פעאיק צו דערהערן יענע געטלעכע שטימע, וואָס רופט כסדר, אָן אויפהער: נחמו, נחמו עמי — טרייסט און זייט מנחם מיין פאָלק, איר נביאים.

ירושלים, דאָס יידישע ירושלים, בויט זיך. מער בנינים, מער הייזער, מער גאסן און שכונות קומען צו ממש יעדער טאָג.

אָבער ווען מען פאָרט איבער די געדרייטע גאסן פון ירושלים, ארויף אויף די בערג און אראָפּ אין טאָל; ווען מען רינגלט ארום די בערג אויף וועלכע און צווישן וועלכע ירושלים איז געבויט, זעט מען גרויסע שטחים און ריזיקע געגנטן פּוסט און ליידיק.

יענע בערגיגע שטחים בעטן זיך ביי יידן: קומט און בויט, קומט און צעאקערט אונדז, קליידט אָן אונדזער נאקעטקייט, באפּוצט אונדזערע בערג מיט בנינים און גאסן מיט גערטנער, גריניסן און בלומען און וועלדער.

ירושלים הרים סביב לה וה׳ סביב לעמו מעתה ועד עולם (תהלים קכ״ח).

„ירושלים איז ארומגערינגלט מיט בערג פונקט ווי ג־ט נעמט ארום זיין פאָלק״.

אָט יענע בערג זיינען נאָך דערווייל ניט באוואוינט, נאָך דערווייל ניט צעאקערט. זיי שטייען אזוי און קוקן מאיעסטעטיש דור־דורות לאנג, זיי מאָנען און פאָדערן, זיי בעטן זיך ביים יידן: קומט, פארבינדט זיך מיט אונדז אויף אייביק, אין אן אייביקן בונד.

יידישע נביאים, טרייסט מיין פאָלק, זייט אים מנחם. ווען מען שפאצירט אויף די גאסן פון ירושלים, ווען מען באזוכט די שטעט פון יהודה, פילט מען און מען זעט ווי יענע טרייסט ווערט אלץ מער א ווירקלעכקייט; מען זעט די אתחלתא דגאולה; מען פילט ווי עס האָט שוין אָנגעהויבן שפּראָצן די יידישע גאולה.

תנו רבנן, אונדזערע רבנן האָבן געלערנט: הרואה אוכלוסי ישראל אומר: ברוך חכם הרזים — דער וואָס דערזעט יידישע מאסן, פעסט אָר־גאניזירטע געזונטע מאסן, וועלכע זיינען גרייט זיך צו פארטיידיקן, דארף ער מאכן א ברכה.

מען זעט דעם אָנהייב פון דער גאולה ווען מען דערזעט יידישע מאסן אין די טויזנטער אויף די גאסן פון ירושלים און אין די שטעט פון יהודה — די גרויסע באוועגונג אויף די בולווארן (שדרות) פון תל־אביב און חיפה. מען ווערט אָנגעפילט מיט א נייעם גייסט ווען מען דערזעט יידישע פעלדער צעאקערט און פארזייט פון לויטער יידן; יידישע פאבריקן און יידישע אונטער־נעמונגען אָנגעפירט פון יידן; יידישע עראָפּלאנען, די באן, דער אויטאָבוסן פארקער און בכלל די גאנצע ראָד־באוועגונג ווערט אָנגעפירט פון יידן.

מילא יידישע סוחרים און פאבריקאנטן האָט מען אין די גלות־לענדער אויך געזען. אָבער אז זיי זאָלן זיין אויסגעשטעלט אויף לויטער יידישע קונים, דאָס זעט איר, איז א גוואלדיקער חידוש... דאָס זעט איר אין ישראל.

ווי הייליק זיינען די ווערטער פון דער גמרא: ווען מען זעט יידישע מאסן מאכט מען א ברכה. און יידישע מאסן, ריין יידישע מאסן, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען אין ישראל...

ניט אויף די ווארשעווער נאלעווקעס, ניט אויפן לאָדזער באלוט, ניט אויף דער קראקאָווער דיטעלס גאס, ניט אויפן פאריזער פלעצל, ניט אויף די בערלינער ארטילעריע שטראסע, ניט אויף דער אמסטערדאמער יאָדענברעי

סטראאט, ניט אין וויליאמסבורג האָב איך געטראָפן די „אוכלוסי ישראל". נאָר דוקא אין ישראל.

דאָרטן האָבן די יידישע מאסן אן אנדער פנים. אלץ איז דאָרטן יידישער, אלץ האָט דאָרטן מער חן.

ווען איך שעם זיך ניט פאר אייך, וואָלט איך געזאָגט, אז עס געפעלט מיר מער און ס'האָט אין מיינע אויגן מער חן א ייד וועלכער רעדט יידיש אין ישראל, ווי א ייד וואָס רעדט „היברו" און געפינט זיך אין איינעם פון די גלות־לענדער.

איך בין באגייסטערט געוואָרן פון דעם געמיש פון אָריענטאלישען און מערב אייראָפּעאישע יידן. איר באגעגנט יידן פון קורדיסטאן, פון בוכארא, פון תימן, פון מאראָקאָ, פון טוניס און פון אלזשיר; יידן פון אונגארן, דייטשלאנד, האָלאנד, פוילן, רוסלאנד, ליטע, וואָלין און אוקראינע, פון גאליציע און פון בוקאָווינע.

די וואטיקאן קרייזן רוען ניט. זיי ווילן אינטערנאציאָנאליזירן ירושלים. זיי האָבן שוין פארשפעטיקט. ירושלים איז שוין אינטערנאציאָנאליזירט... איר זעט דאָרטן א געמיש פון טראכטן און איר הערט דאָרטן א געמיש פון שפראכן און דיאלעקטן.

דער ספרדישער ייד פון בוכארא טראָגט זיך זיין לאנג־קאָלירט העמד ארומגעגארטלט מיט א העלן גארטל און א מאָדערנעם אייראָפּעאישן דזשעקעט פון אויוון; דער תימנער ייד מיט זיינע לאנגע געקרייזלטע פיאות און קורץ בערדל מיט מאָדערנע אָקספאָרד־שיך; דער אלט־געזעסענער ירושלימער ייד מיט זיין ברייטן סאמעטענעם קאפעליוש, ברייטן העלן כאלאט און ווייסע שיך און זאָקן.

ווען איר הערט זיך גוט צו צו די וואָס ריידן העברעאיש, באמערקט איר גלייך פארשיידענע דיאלעקטן. דער תימנער העברעאיש־דיאלעקט איז ניט דער זעלבער ווי דער מאראָקאנער, און אודאי ניט ווי דער אייראָפּעאישער ספרדית. — וועלכע שפראך איר ווילט קאָנט איר הערן אין ירושלים, תל־אביב, און חיפה. איר דארפט נאָר וויסן אין וועלכע גאסן אָדער שכונות זיי צו געפינען.

דער יידישער טוריסט ווערט באגייסטערט אפילו פון א פלאקאט, פון אן אויטאָבוס בילעט, פון א שטיקל שאָקאָלאד, וואָס איז פארפאקט אין פּאַ־פּיר מיט העברעאישע אויפשריפטן. ווען ער קויפט אויס זיין געוואשענע

וועש פון דער וועשעריי, אינטערעסירט אים ניט צי די העמדער זיינען פערפעקט געוואשן. אים אינטערעסירט די שיינע ווייסע פאפיר מיט העבּ־רעאישע אויפשריפטן אין וועלכע זיינע וועש ווערן אים דערלאנגט.

ווער פון אייך געדענקט ווי גוישע בעטלערס פלעגן זיצן אויף די יארידים און זינגען רעליגיעזע לידער און בשעת מעשה דערמאָנען זייער הייליקן און זיך צלמען? אין די אמעריקאנער לענדער האָב איך דאָס ניט געזען, אָבער אין אלטן פוילן יאָ. אויף די יארידים און אויף די אָטפּוסטן, ביים ארייננאנג פון די קירכן און קלויסטערס, פלעגן זיי פארהילכן די גאסן מיט זייער בלעקעצן.

אין ישראל האָב איך דאָס דערזען, אָבער ניט קיין גויש בעטלערס, נאָר אָריענטאלישע יידן זיצן אויף די גאסן און בעטן נדבות. יידן זיינען דאָך בני רחמנים, גיבן זיי אזוי שיין, אזוי בכבודיק, אזוי יידישלעך — עס האָט מלא חן.

די בעטלערס גיבן ברכות, ווינטשן רפואות פאר קראנקע, הצלחה און ברכה פאר געזונטע. נו, וועלכער ייד וועט דאָס ניט איינקויפן אזא מציאה? א ברכה פאר עטלעכע פרוטות, א רפואה פאר א פיאסטער — ס'איז דאָך ממש א ווילדע מציאה, ביליקער ווי ביי א דאָקטאָר פון קופת חולים, כאָטש ער נעמט אויך ניט קיין געלט, דארף מען דאָך האָבן צייט צו ווארטן אויף אים... און דאָ באקומט איר א רפואה פארבייגייענדיק די גאס.

בעטלערס וועלכע זינגען אָריענטאלישע ניגונים און בעטלערס וועלכע ריידן גאָרניט, זיי קוקן אייך אפילו ניט אָן, זיי הויבן ניט אויף זייער פנים. זיי זיצן אין א ווינקל אויף דער ערד, זייערע פיס אונטערן קערפּער און זאָגן תהילים אָדער זוהר... דאָס איז אן אידעלער טיפּ פון א תימנער אָדער בוכארער ייד. ער טומלט ניט מיט זיין אָרעמקייט, ער איז עוסק אין תפילה אָדער אין זאָגן דעם הייליקן זוהר. עס איז אים א שאָד די צייט, זיצט ער אויף די גאסן פון ירושלים און איז מתפלל.

גייענדיק אויף די גאסן פון ירושלים דערפילט מען די רייד פונם נביא ישעיה אין זיין רירנדיק קאפיטל — נחמו נחמו עמי.

הנה ה׳ אלקים בחזק יבוא, וזרועו מושלה לו, הנה שכרו אתו ופעולתו לפניו.

„זעט, ג־ט דער שטארקער קומט מיט זיין מאכט, און זיין אָרעם רעגירט פאר אים״.

כרועה עדרו ירעה בזרועו יקבץ טלאים ובחיקו ישא, עלות ינהל.

(דאָרטן).

„פונקט ווי א פאסטוך וואָס פאשעט זיין סטאדע און אין אָרעם קלייבט ער אויף זיינע שעפסעלעך, און טראָגט זיי אין זיין בוזים, און די זויגנדיקע פירט ער לאנגזאם".

זעענדיק דעם קיבוץ גליות, פארשטייען מיר די ווערטער פונם נביא: פונקט ווי א פאסטוך וועלכער פארזאמלט זיינע שאָף, פארזאמלט ג־ט די יידן פון אלע לענדער.

טרייסט, נביאים, מיין פאָלק, זאָגט צו אים, אז ג־ט וועט פארזאמלען אלע יידן פון מזרח און פון מערב, פון צפון און פון דרום, און ער וועט זיי אויפברענגען קיין ציון...

נחמו נחמו עמי!

(תשי"ד).

א

# ווען ראש השנה פאלט אויס אום שבת

איטלעכער יום־טוב האָט זיך זיין הויפּט מאָטיוו, ארום וועלכן דער אקס פון אלע פייערלעכקייטן דרייט זיך. פסח — מצה, מרור, ארבע כוסות, דער שטרענגער מיט כרת פארבונדענער פארבאָט פון עסן חמץ.

שבועות — קבלת התורה; יום־כפור — פאסטן; סוכות — לולב, אתרוג, און דאָס זיצן אין סוכה. דער הויפּט־מאָטיוו פון ראש השנה איז דער שופר.

אזוי זאָגט די תורה אין פרשת פינחס:

ובחודש השביעי באחד לחודש, מקרא קודש יהיה לכם כל מלאכת עבודה לא תעשו, יום תרועה יהיה לכם.

„אין ערשטן טאָג פונם זיבעטן חודש זאָל זיין א הייליקע פארזאמלונג ביי אייך. קיין מלאכה זאָל ניט געטאָן ווערן, יום תרועה, א טאָג פון שופר בלאָזן זאָל זיין יענער טאָג.

עס איז דאָ ניט נויטיק צו ברענגען ציטאטן פון תורה, נביאים, כתובים, אז ראש השנה איז דער טאָג פון שופר, דאָס ווייסן אלע יידן, גרויס און קליין, געלערנטע און אומוויסנדיקע, בני תורה און עמי הארצים, מענער און פרויען.

ניט איטלעכער ווייס אָבער וואָס פאר אן אָרט דער שופר פארנעמט אין דער הלכה און אגדה, אין דער דרוש און מוסר־וועלט, און גאנץ באזונדער אין קבלה, אין דער וועלט פון מיסטיק, אין דער וועלט פון סודות און רמזים, פון כוונות און יחודים.

משנה און גמרא, ראשונים און אחרונים, רמב״ם און שולחן ערוך, זוהר און כתבי האר״י, ספרי מוסר און אגדה — אלע זיינען פול מיטן שופר.

וויפל יהי רצונס און תפילות זיינען פארפאסט געוואָרן פון אר״י און פון של״ה הקדוש, און פון אנדערע גדולים. מען בעט ביי ג־ט פון הימל און ערד, ביים ג־ט פון אברהם, יצחק און יעקב, ער זאָל שיקן זיינע גוטע

מלאכים און הייליקע משרתים זיי זאָלן אויפכאַפּן איטלעכן קול פון שופר, איטלעכע תקיעה, שברים אָדער תרועה, און דער שטן וועלכער פארלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, און פירט א ביטערע מלחמה מיט די מליצי יושר און וויל דוקא פאַרברענגען פארן בית־דין של מעלה אלע חטאים, עוונות ופשעים פון יידן, סיי פונם יחיד און סיי פונם כלל.

כדי לערבב את השטן, צו פארטומלען דעם מלאך רע, דעם ווילדן פּראָקוראָר, וועלכער וויל דוקא אויסזוכן בייז אויף יידן, בלאָזט מען איין מאָל און נאָכאמאָל.

א ביטערער קאמף אויף טויט און לעבן, יידן ווילן געהאָלפן ווערן מיט געזונט און מיט פּרנסה, מיט גוטע קינדער און אנדערע ישועות, און דאָ אזא ענערגישער מקטרג. דער ערלעכער, דער אמתער בעל תוקע שטייט מיט גרויס אימה און פחד. ער ווייסט זיין אויפגאבע. ער נעמט צו־הילף די אָבות הקדושים, די נביאים, די תנאים, די אמוראים, אלע מקובלים און צדיקים הקדושים, און שטעלט זיך אוועק אויף דעם סאמע פראָנט, מלחמה האלטן מיטן שטן. אָבער מיט וואָס? מיט וואָר פאר א כלי זיין, מיטן פּרי־מיטיוון שופר... וועלכער דערמאָנט עקידת־יצחק.

אלע גוטע־יידן אין אלע צייטן פלעגן ארבעטן מעשים, זיך מקדש ומטהר צו זיין פאר תקיעת־שופר.

ר׳ סעדיה גאון, דער רמב״ם און אלע גדולי ישראל ברענגען טעמים, מאָטיוון, רמזים און סודות, וועגן שופר בלאָזן. ניט בלויז דער שטן, נאָר אפילו דער בית־דין של מעלה ווערט באווירקט און ווערט באאיינפלוסט פונם שופר בלאָזן.

מיר געפינען אין פרקי דר׳ אליעזר: אמר דוד, דוד המלך זאָגט, ניטאָ קיין גרעסערער און ווירקזאמערער מיטל ווי דער שופר, ווייל ער דער־ווייטערט דעם מידת הדין און איז מקרב דעם מידת הרחמים.

עלה אלקים בתרועה,

ג־ט זעצט זיך אויף זיין כסא משפט (אלקים מיינט דין).

ה בקול שופר,

(השם מיינט רחמים) און דער דין ווערט באלד פארוועקסלט אויף רחמים.

אומעטום וואו מען געפינט אין פסוק שופר, איז עס א גוטער סימן פאר יידן, זאָגן די חכמים.

מען קאָן זיך גאָר שווער פאָרשטעלן ראש השנה אָן א שופר.

און דאָך, ווען עס פאלט ראש השנה אום שבת, בלאָזט מען ניט קיין שופר! דער שבת רוקט אוועק א בפירושדיקע מצוה פון דער תורה. אויס סודות. אויס רמזים — די גאנצע מיסטישע סודותפולע זייט פונם שופר, דער געראנגעגל פונם שטן, דעם קאמף ארום דעם כסא המשפט, ווען די ספרי החיים והמתים זיינען אָפן, אלץ באקומט אן אנדער פנים.

ניטאָ יענע הכנות, ניטאָ יענע כוונות, — היינט איז שבת! און שבת טאָר מען ניט בלאָזן קיין שופר, שבת טאָר מען אפילו דעם שופר אין האנט ניט נעמען... דער שופר מיט וועלכן מען איז מבלבל, מען צעטומלט דעם בייזן שטן, דעם שופר טאָר מען ניט נעמען אין האנט אריין אום שבת.

דער שופר וועלכער איז א גוטער סימן פאר יידן, און הקדוש־ברוך־הוא אליין ווערט מלא רחמים, ווען יידן באנוצן זיך מיט אים, דעם שופר טאָר מען ניט נעמען אין האנט אריין אום שבת!

ווייל שבת איז הייליק, שבת שיצט דעם יידן, און קיין שטן און קיין מקטרג קאָן ניט בייקומען א יידן וועלכער איז אַ שומר שבת כהלכתו...

שבת דער קוואל פון וואנען יידן האָבן געשעפט כוח און מוט, אויסדויער און קדושה; שבת איז די נשמה פונם יידן, אָן שבת איז דאָך דער ייד א גוף אָן נשמה.

דער הייליקער שבת האָט אויסגעקנאָטן דעם יידן און אים פארוואנדלט אין אן אומבויגזאמען צעמענטירטן כוח, וואָס קיין אומה ולשון קאָן אים ניט בייקומען.

אז מען היט אָפּ שבת, דארף מען ניט קיין שמירות, מען האָט ניט מורא פארן שטן און מען דארף ניט אז דער שופר זאָל דערציטערן און אויפוועקן דאָס פינטעלע ייד אינם מענטשן, ווייל די קדושה פון שבת באלייכט העל אלע ווינקעלעך פונם יידנס נשמה; מען דארף ניט קיין סודות און קיין רמזים, סיי די הלכה און סיי די קבלה מאכן א ווארע פאר דער שבת מלכתא. די הלכה ציט צוריק אירע דינים און דיני דינים וועגן שופר, און די קבלה ציט צוריק אירע סודות און רמזים, אירע כוונות און מיסטעריעזע אויסטייטשונגען — אלץ ווערט איינגעהילט אין דער קדושה פון שבת...

חסידים דערציילן, אז ווען דער חידושי הרי״ם זצ״ל, דער ערשטער גערער רבי, איז געווען ביים רוזשינער זצ״ל, אין סאדיגורע, האָט דער רוזשינער שטארק געלויבט די מצוה פון סוכה, די מצוה איז אזוי גרויס אז מען קאָן אין איר אריינגיין אפילו — מיט די שטיוול...

שבת איז אָבער נאָך גרעסער, האָט געענטפערט דער גערער רבי, ווייל אין שבת דארף מען גאָרניט אריינגיין, וואו מען איז, נעמט דער שבת ארום דעם יידן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* * * * *

די יידישע פרוי, די עקרת הבית, וויפל כוחות האָט זי אריינגעלייגט אין שבת? געקאָכט, געבאַקען, געראַמט, געוואַשן, געפּרעסט, געצונדן די שבת־ליכט; וויפל חן, וויפל הייליקייט האָט ארויסגעשטראַלט פון דער שבתדיקער יידישער היים?..

מיט וויפל ערנסט און געריכטקייט ביז די טיפעניש פון דער נשמה, האָט די פרוי געצונדן אירע שבת־ליכט?

אצינד דאָס אהיימקומען פון שול פונם מאַן מיט די קינדער? דער ברייטער און זינגענדיקער — שלום עליכם, מלאכי השרת, דאָס עמפּפאַנגען די געטלעכע מלאכים?..

פון אלעמענס פּנים האָט געשיינט קדושה און הייליקייט, און פון גרויס התלהבות, באַגייסטערונג און דאנקבאַרקייט, שטעלט זיך אוועק דער מאַן און זינגט מיט אלע קינדער צוזאמען — אשת חיל מי ימצא!

וואו געפינט מען אזא שטייגער בריה, אזא שטייגער אשת חיל ווי מיין פרוי?..

און היינט צו טאָג ווי זעט אויס דער יידישער שבת אויף דעם קאָנ־טינענט? פינצטער אין די יידישע שטוב פּרייטיק צו נאַכטס. ערגעצוואו אין א ווינקל, קאָפּטשן עטלעכע סענטיקע ליכטלעך. דער מאַן קומט אהיים פון שול טרעפט ער זיין הויז פארשלאָסן, זיין ווייב שפּילט ערגעצוואו א פּאָוקער; זיינע קינדער זיינען אין די מואוויס — ווי אַן אָבל קומט ער אין הויז אריין, קיינער ניטאָ. עס ווערט אים טרויעריק אויפן הארצן... און פול מיט עצבות און שפלות שטעלט ער זיך אוועק אליין ביים טיש און פרעגט מיט פאַרוואונדערונג — אשת חיל מי ימצא? וואוהין איז אצינד געגאַנגען מיין פרוי וואו קאָן מען זי איצט טרעפן? שפּילט זי ערגעץ א קערטל, אָדער צו אלדי גוטע רוחות האָט זי דער טייוול ערגעץ פאַרשלעפּט?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניטאָ קיין שמחה, קיין פרייד, קיין קדושה, קיין ערנהאפטיקייט און במילא קיין יידישקייט אין דער יידישער היים.

אפילו די לינקערע עלעמענטן אין ישראל האָבן פארשטאנען, אז אָן שבת קאָן קיין יידיש לעבן ניט עקזיסטירן. פרייע, מאָדערנע יידן ווערן נתפעל פון דער קדושה פון שבת אין ישראל. עס איז עפעס נשמהדיקס, וואָס מען קאָן מיט ווערטער ניט איבערגעבן.

פונקט ווי עלטערן דארפן צוגרייטן זייערע קינדער צום ישראלדיקן לעבן, מיט שפראך און געאָגראפיע, מיט א געהעריקן פאך, ער זאָל זיך בוצלעך מאכן אין ישראל, אזוי דארפן עלטערן צוגרייטן זייערע קינדער מיט דער קדושה פון שבת. יידישע היימען דארפן אָנפילן זייערע פוסטע וואוינונגען מיט א ווירקזאמען אינהאלט, מיט שבת. ווייל שבת איז אזוי גרויס, אז אפילו די מצוה פון שופר בלאָזן, וועלכע איז דער הויפט־מאָטיוו פון ראש השנה, ווערט אָפגערוקט אָן א זייט צוליב שבת!

דער בעל שם טוב פלעגט פארטייטשן די משנה אזוי: יום טוב של ראש השנה — עס איז א גוטער טאָג דער ראש השנה, שחל להיות בשבת, וואָס פאלט אויס אום שבת, ווייל הקדוש־ברוך־הוא קאָן ניט פארמשפטן א מענטשן צום שלעכטן, ווייל ס'איז דאָך שבת... דאקעגן צום לעבן מעג ער יאָ צו משפטן, ווייל עס איז דאָך פיקוח נפש, און פיקוח נפש איז דאָך דוחה שבת...

שבת האָבן מיר קיין מורא ניט פארן שטן, דעריבער בלאָזט מען שבת קיין שופר ניט...

(תש״ט).

ב

## ועל המדינות בו יאמר, איזו לחרב ואיזו לשלום!..

### דער הייליקער קוואל

דער יידישער ראש־השנה איז ניט דער גוישער ניי־יאָר. אויב ניי־יאָר איז ביי כמעט אלע פעלקער א טאָג פון הוליאנקעס, פון פארווילונג און שיכרות, איז ביי יידן פארבליבן ראש־השנה כולו קודש, טעג פון ציטער און מורא, פון גייסטיקער דערהויבונג, פון אינערלעכן חשבון־הנפש.

אפילו יענע, א גאנץ יאָר קאלטע יידן, וועלכע זיינען אָפגעפרעמדט

און קאָנען נישט פֿילן, און זען נישט דעם הבדל צווישן ייד און נישט־ייד, קומט אָבער ראש־השנה, דערוועקט זיך אין אים דאָס פּינטעלע ייד, די נקודה הפּנימית, דער געטלעכער פֿונק, וועלכער טליעט ערגעץ טיף־טיף אין א פֿאַרבאָרגן ווינקעלע פֿון זיין הארץ, לעבט אויף און באלייכט זיין פֿינצטערניש. דער דאָזיקער ניצוץ אלקי, דער געטלעכער פֿונק, דערמאָנט אים, אז היינט איז ראש־השנה, אז היינט ווערט דער מענטש געמשפּט צום לעבן אָדער חלילה צום טויט, ער זאָל געזונט זיין אָדער חלילה קראנק ווערן, ער זאָל האָבן צו דער זאט אָדער חלילה ער זאָל זיך מאטערן אין הונגער...

דער געהויבענער ייד, דער מאמין, דער גלויביקער, אז ג־ט האָט באשאפֿן און דער עיקר ער באשאפֿט אוןווירקט אָן אויסהער, ער לעבט און באלעבט אלץ, ער איז ממית ומחיה, ער נעמט אוועק און גיט לעבן, ער היילט קראנקע און גיט ראיה צו א בלינדן, אזא שטייגער טיף־גלויביקער ייד, דערפֿילט זיך אין די הייליקע טעג גאָר אנדערש. ער שוועבט אוועק אין א העכערער וועלט אין א הייליקער סביבה. ער פֿילט זיך באהאָפֿטן מיטן גאנצן הייליקן פֿאָלק ישראל, גייסטיק פֿאראייניקט מיט אחינו בית ישראל, וואו זיי זאָלן נישט זיין, אין ישראל און אין מצרים, אין תימן און אין מאראָקאָ, אין טוניס און אין אלזשיר, אין רוסלאנד און אין דייטשלאנד, אין האָלאנד און אין ענגלאנד, אין פּוילן און אין רומעניע. אומעטום וואו יידן זיינען, פֿילן זיי — די געהויבענע, ווארעמע, אָריגינעלע יידן — א מין גייסטיקע אחדות. היינט איז ראש־השנה. איינער מער, דער צווייטער ווייניקער — אלע ווייסן זיי, אז ראש־השנה איז א הייליקער טאָג, דער יאָר־טאָג פֿונם וועלט־באשאַף, דער טאָג אין וועמען עס איז אָפּהענגיק דער גורל פֿונם יחיד און פֿונם כלל...

פֿארשיידענע גיפֿטיקע פּיילן זיינען תמיד געשליידערט געוואָרן אינם הארצן פֿון דער יידישער אמונה, און עד היום פּרואוון פֿארשיידענע ריכטונגען מיט אלטע און מיט נייע מאָדערנע כלי משחית אונטערצוגראָבן די יסודות פֿונם דת פֿון דער יידישער רעליגיע. צי די גיפֿטיקע פּיילן ווערן געוואָרפֿן פֿונם לינקען לאגער צי זיי ווערן געשליידערט פֿון די רעפֿאָרם־קרייזן — די אלע שונאים פֿון דער תורה און יידישקייט, און ממילא פֿונם קיום פֿונם יידישן פֿאָלק, וויפֿיל זיי איז געלונגען אָנצוטאָן שאָדן דער יידישער אייביקייט, זיינען זיי אָבער פֿאַרט מאכטלאָז לגבי אזעלכע ריזיקע הייליקע יום־טובים ווי ראש־השנה און יום־כפּור.

יידן שטראָמען ראש־השנה און יום־כפּור, אין די מאסן קומען זיי,

צאָלן דעם חוב וואָס ווערט ביי זיי געמאָנט פון יענעם פארבאָרגענעם געטלעכן פונק, וועלכער טליעט ערגעץ טיף אינם הארצן פון איטלעכן בן־ישראל.

ס׳איז אבסאָלוטער שקר און א גראָבער טעות צו גלויבן, אז די שיינע טעמפּלען און די מאָדערנע סינאגאָגן, די אָרגלען און געמישטע כאָרן, די גויישע צוציאונגס מיטלען, אז זיי ברענגען די יידן ראש־השנה און יום־כפּור צוזאמען.

נייך און טויזנט מאָל נייך! ווען ג־ט האָט ניט געשטראָפט מיט טויבקייט, נאָר דער איז ביכולת זיך צוצוהערן צו יענעם הייליקן רוף, פונם ניצוץ אלקי, וועלכער לאָזט ניט דעם יידן ער זאָל פארפאלן ווערן אין שאול תחתית אריין...

די הייליקע יום־טובים זיינען אן אומדערשעפּלעכער קוואל, וועלכער טרינקט אָן די דורשטיקע, צו ג־ט־בענקענדיקע יידן.

יענער קוואל איז שטארקער און מעכטיקער פון די וועלכע פּרואוון די וואסערן און שטראָמען צו פארבן... און מיטן כוח פון מאָדערנער איריגאציע זיי צו פירן אויף זייטיקע ניט־יידישע וועגן...

ג

## וואָרנונג צו דער וועלט

ראש־השנה איז ניט בלויז א הייליקער טאָג פארן יידן אליין. אין דעם טאָג ווערט געמשפּט דער מענטש סיי ער גלויבט און סיי ער גלויבט ניט, אין דעם טאָג ווערן געמשפּט מדינות און לענדער, פעלקער און נאציעס.

די רירנדיקע הייליקע תפילות פונם ראש־השנהדיקן מוסף, דערמאָנען עס קלאָר:

ועל המדינות בו יאָמר איזו לחרב ואיזו לשלום, איזו לרעב ואיזו לשובע...

„און פאראורטיילט ווערן מדינות, טייל זאָלן אומקומען דורך א שווערד און טייל זאָלן זיך אויסלעבן אין פרידן; טייל זאָלן הונגערן און טייל זאָלן האָבן צו דער זאט"...

ובריות בו יפקדו להזכירם לחיים ולמות.

„און אלע באשעפענישן ווערן אין יענעם טאָג דערמאָנט, ווער צום לעבן און ווער צום טויט".

מי לא נפקד כהיום הזה? כי זכר כל היצור לפניך בא!

„ווער ווערט עס ניט באטראכט אינם דאָזיקן טאָג? איטלעכער באַ־שעפעניש שטעלט זיך פאר דיר, ג־ט!"

די הייליקע תפילות וואָרענען דער וועלט: טויט אָדער לעבן, שווערד אָדער שלום, הונגער אָדער זאטקייט!

צוויי וועגן זיינען אויסגעבאנט איבערן גאנצן ערד פלאנעט, דער וועג פון ברכה און דער וועג פון קללה, דער וועג פון לעבן און דער וועג פון טויט.

ווער עס איז ניט געשטראָפט מיט טויבקייט, דער דערהערט לכל הפחות אין די הייליקע טעג פון ראש־השנה און יום־כפור, דעם געטלעכן רוף פון דער תורה:

ובחרת בחיים!

קלייב אויס, דו מענטש, דעם וועג פון לעבן!..

צי איז דען דער מענטש אזא שוטה, אז מען דארף אים ערשט אָנווייזן צו גיין בעסער אינם וועג פון לעבן און ניט אינם וועג פון טויט?..

דער ענטפער איז גאנץ פשוט: דער וועג וועלכער פירט צום טויט, צום אומקום, איז פארזייט מיט פראכטפולע בלומען. מען ווערט פארשיכורט פונם רויזן־דופט, מען ווערט פארבלענדעט פון ניצחון, מען גלויבט, מען וועט געווינען, מען וועט ווערן רייך און שטארק, בארימט און דערפאָלגרייך, מען וועט באהערשן פרעמד אייגנטום, פרעמדע, שכנישע לענדער און פרעמדע פעלקער וועלן ווערן אונטערטעניק און אים דינען...

דער וועג פון לעבן איז אָבער פשוט, איינפאך, און אָן געקינצלטער באפארבונג. ער זאָגט ניט צו קיין גרויסע ניצחונות. אדרבא, דער וועג איז א שווערער, אָן בלומען און אָן רויזן, אָן פארשייטער מוזיק און אָן גלאנציקע קאָלירן.

שטייט דער מענטש, שטייט א פאָלק, שטייט א מדינה און צוויפלט. זיי ווייסן ניט אויף וועלכן שליאך צו מאכן זייער לעבנס־וועג...

קומט די תורה און ווייזט אָן דעם מענטשן —

ובחרת בחיים!

ווער ניט פארבלענדעט פון גלאנציקע, באפארבטע קאָלירן, זאָלן די שיינע בלומען ניט פאנגען דיין הארץ. רום און נצחון, וועלכע באהערשן לענדער

און מדינות, פירן ניט צו קיין גליק. דאָס איז דער וועג פון טויט, פון אומקום, פון הונגער און פון נויט!

די הייליקע ראש־השנהדיקע תפילות אינם מויל פונם פאָלק ישראל, וואָרענען דעם יחיד און דעם כלל, אלע פעלקער און אלע מדינות, סיי מזרח און סיי מערב — קלייבט אויס דעם וועג פון לעבן!

ובחרת בחיים!

אויב ניט, ווערט אין די ראש־השנהדיקע טעג פארחתמעט אייער גורל צום לעבן אָדער חלילה צום טויט, צו מלחמה אָדער צו שלום, צו הונגער אָדער צו נויט:

ועל המדינות בו יאָמר איזו לחרב ואיזו לשלום איזו לרעב ואיזו לשובע...

(ערב ראש־השנה, תשי״ג).

ד

## שמחה לארצך וששון לעירך וצמיחת קרן לדוד עבדך...

דער המון עם, די דורכשניטלעכע פאָלקס־מאסן, זיינען כמעט ווי איינ־געגלויבט, אז ראש־השנה און יום־כפור זיינען נאָר טעג ווען יעדער יחיד האָט די געלעגנהייט אויסצובעטן פאר זיך און פאר זיינע קרובים, געזונט און פרנסה, א פרידלעך לעבן און א גוטע עלטער אא״וו. זיי וועלן זיין איבעראשט צו הערן אז די ימים־נוראים, די פּאָרכטיקע טעג, זיינען גאָר באשטימט געוואָרן צו א פיל העכערן צוועק:

צו אנערקענען אז ג־ט איז דער אייגציקער מלך, וועלכער האָט באַ־שאפן און באשאפט כסדר אָן אן אויפהער, די וועלט.

וידע כל פעול כי אתה פעלתו, ויבין כל יצור כי אתה יצרתו.

„אין יעדער באשאפענער זאָל וויסן, אז דו ג־ט — האָסט אים באשאפן, און יעדער אויספאָרמירט לעבעדיק וועזן זאָל פארשטיין, אז דו ג־ט — האָסט אים אויספאָרמירט״.

ויאמר כל אשר נשמה באפו ה׳ אלקי ישראל מלך, ומלכותו בכל משלה.

„און זאָל זאָגן יעדערער וואָס אָטעמט, נאָר דער ג־ט פון ישראל איז א מלך, און זיין מלכות רעגירט איבער אלעם״...

אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם...

„זאָגט פאר מיר די פסוקים פון מלכיות, כדי איר זאָלט מיך אנ־ערקענען אלס מלך".

דער גאנצער ענין פון תקיעת שופר אין ראש־השנה, זאָגן ר' סעדיה גאון און דער רמב"ם, כאָטש עס זיינען פאראן פארשיידענע טעמים און כוונות, איז אָבער דער פשוטער טעם, ווייל יידן קרוינען דעם בורא עולם פאר א מלך, און בשעת אזא קאָראָנאציע, בלאָזט מען געווייגלעך מיט שופרות. דעריבער דארף מען בלאָזן שופר...

דער באוואוסטזיניקער און בר־דעת, דער בעל מדריגה און בעל השגה, בעט ניט בלויז פאר זיך. ער איז אין די הייליקע טעג פארנומען מיט העכערע זאכן.

ער פארגייט אין תפילה צום באשעפער פון דער וועלט, וועלכער איז ערשט אָט היינט געקרוינט געוואָרן, ער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיין הייליקער שטאָט, און ער זאָל שוין דערנעענטערן די אמתע גאולה.

שמחה לארצך וששון לעירך וצמיחת קרן לדוד עבדך ועריכת נר לבן ישי משיחך במהרה בימינו.

„שמחה זאָל הערשן אין דיין לאנד און פרייד אין דיין שטאָט, און א שפראָץ זאָל זיך באווייזן, א שפראָץ פון שטאָלץ און הערשאפט פון דוד דיין קנעכט, און א ליכט־שיין פון משיחן".

ראש השנה דארף מען בעטן אויף א גאולה שלימה, אויף אן ענדגיל־טיקער באפרייאונג, אויף דעם

וידע כל פעול כי אתה פעלתו...

זאָל יעדער באשעפעניש וויסן, אז דו ג־ט האָסט אים באשאפן...

ראש השנה דארף מען בעטן עס זאָל זיין —

שמחה לארצך וששון לעירך

שמחה אין יידישן לאנד, אמתע שמחה... און פרייד אין דער הייליקער שטאָט, ווייל היינט איז ירושלים נאָך ווייט, זייער ווייט פון צו זיין א שטאָט פון פרייד, ווייל פרעמדע אָקופאנטן טרעטן נאָך מיט זייערע גראָבע שטיוול אויף דער הייליקער ערד...

די פאָליטישע לאגע ארום ירושלים איז נאָך אלץ שטארק פארנעפלט. אפילו אמעריקע קאָן נאָך ניט באשטיין אז דער יידישער טייל פון ירושלים

דארף זיין די הויפט־שטאָט פון ישראל... על אחת כמה וכמה אז דער טייל ירושלים, וואו עבר הירדן האָט אויך דערקלערט אלס הויפט־שטאָט פון דעם אראבישן פאלעסטינע, איז וועגן יענעם הייליקן טייל רעדט מען אפילו ניט, אז יידן האָבן אויף אים א תביעה. ממילא פעלט נאָך דער גאנצער ששון לעירך און דער שמחה לארצך איז נאָך אלץ ניט פארפולקאָמט.

האָפן מיר טאקע צום ועריכת נר לבן ישי משיחך, במהרה בימינו.

(ערב ראש השנה, תשי״ד).

ה

## שמחה לארצך וששון לעירך וצמיחת קרן לדוד עבדך ועריכת נר לבן ישי משיחך...

ראש־השנה איז דער הייליקער יום־טוב, וועלכער האָט אמשטארקסטן אויסגעהאלטן זיין אייגנארטיקייט, פרישקייט און צויבער, און זיך כמעט מיט גאָרנישט ניט אונטערגעגעבן דעם שטארקן דרוק פון אסימילאציע און רעפאָרם, עם הארצות און פרייגייסט.

אלע אנדערע יום־טובים און שבת בראש, האָבן שטארק געליטן אויפן אמעריקאנער קאָנטינענט. די אסימילאציע און די רעפאָרם באוועגונג האָבן א תל געמאכט פון דער קדושה און הייליקייט פון זיי אלע.

דעם שבת לויט די תורה געזעצן איז כמעט ניט צו דערקענען. פסח — א געמיש פון חמץ און מצה; שבועות, דער טאָג פון מתן תורה, גייט פארביי כמעט ווי אומבאמערקט; יום־כפור — כאָטש אין דעם טאָג איז דער באזוך אין די שולן און סינאגאָגן א גרויסער, ווערט ער אָבער דאָך פארשוועכט, ווייל דער גרויסער רוב קומט שוין אן „אָפּגעגעסענער" כדי ער זאָל האָבן כוח צו פאסטן פון פרישטיק ביז דינער... סוכות האָט אמשטארקסטן געליטן אויף דעם קאָנטינענט, ווייל וויפל יידן בויען פאר זיך סוכות?

פארבלייבט נאָר דער איינציקער ראש־השנה, וועלכער ווערט אָפּגעהיט לויטן יידישן דין. מען הערט שופר בלאָזן.

יום תרועה יהיה לכם.

ראש־השנה איז א טאָג פון תפילה. איטלעכער יידישער מענטש בעט ביי ג־ט לעבן, געזונט, פרנסה און דערפאָלג.

ווען די אמונה איז ביי יידן אמאָל געווען שטארק, האָט ניט בלויז ראש־השנה אליין געהאט אן אנדער פּנים. וואָכן, וואָכן פריער, פון ראש חודש אלול אָן, האָבן יידן אָנגעהויבן צו ציטערן און זיין באאומרואיקט צוליבן יום־הדין, וועלכער קומט אָן. יידן האָבן תשובה געטאָן נאָך פאר יום־כפור אין פאר ראש־השנה, כדי אריינצוגיין אין די הייליקע טעג אן אויסגעליי־טערטער, אן אויסגעווייינטער און אויסגעבעטענער...

ווען אזא ייד האָט זיך אוועקגעשטעלט ראש־השנה און יום־כפור מתפלל זיין, האָבן זיינע תפילות געהאט א אנדער ווירקונג.

שטארקער, ווארעמער און הייסער זיינען געווען יענע תפילות. זיי האָבן דערגרייכט צום סאמע כסא הכבוד, זיי האָבן דורכגעשפּאלטן אלע זיבן הימלען, זיי האָבן בוקע רקיע געווען, זיי האָבן דערגרייכט זייער ציל. יענע תפילות זיינען דאָרטן דערהערט געוואָרן און האָבן — לויטן קבלה און חסידות באגריף — געהאט דעם כוח מיטצודערהויבן אלע אנדערע שוואכערע און ניט מיט כוונה געבעטענע תפילות...

דער כוח פון תפילה איז שוואכער געוואָרן, ווייל די השכלה, די אסי־מילאציע און דער רעפאָרם גייסט האָבן אָפּגעטויט די לעבעדיקע נערוון וועלכע האָבן פארבונדן דעם יידן צו זיין ג־ט, אויב ס׳איז ניטאָ קיין ג־ט אין הארצן און ס׳איז ניטאָ קיין אמונה אז א ג־ט עקזיסטירט, טאָ צו ווען דאָס דאווענען? צו וועמען מתפלל זיין?

ווען ניט די שול אָפּיסערס וועלכע מאכן א טומל ארום דעם פאר־קויפן די „סיטס״, וואָלט א גרויסער עולם בכלל פארגעסן אז ס׳איז דאָ א ראש־השנה ויום כפור...

קומט מען אויף א ווײַלע אין שול אריין, טייל לכבוד טאטע־מאמע, טייל לכבוד שווער און שוויגער, טייל זיך צו באווייזן מיט די שיינע, טייערע און מאָדערנע מלבושים, אָדער דזשולערי, און טייל צו באווייזן זייער נייעם אויטאָמאָביל.

איך ווייס ניט צי עס זיינען מיר קלאָר די חשבונות פון הימל. אפשר איז דאָרטן אויך דאָס אָנגעלייגט... אָבער די תורה האָט שוין געזאָגט „לא בשמים היא״, דער רב אָדער דיין דארף זיך האלטן לויט די געזעצן פון שולחן ערוך...

ו

ראש־השנה איז אָבער ניט בלויז א טאָג אין וועלכן מען קאָן פאַר זיך אויסבעטן לעבן, געזונט און פרנסה. די ראש־השנה און יום־כפור טעג זיינען באשטימט געוואָרן צו בעטן און מתפלל זיין פאַרן וואוילזיין פון גאנצן פאָלק, פאַרן הייליקן לאנד, פאַר דער הייליקער שטאָט און א האָפענונג אויף משיחן.

אזוי בפירוש איז דער נוסח פון די ראש־השנה און יום־כפור תפלות:

ובכן תן כבוד ה׳ לעמך, תהלה ליראיך, ותקוה טובה לדורשיך, ופתחון פה למיחלים לך, שמחה לארצך, וששון לעירך וצמיחת קרן לדוד עבדך ועריכת נר לבן ישי משיחך במהרה בימינו.

„גיב ג־ט כבוד צו דיין פאָלק, לויב צו די וועלכע האָבן מורא פאַר דיר, גוטע האָפענונג צו די וועלכע זוכן דיך, און א גוטן ענטפער צו די וועלכע האָפן צו דיר, שמחה צו דיין לאנד, פרייד צו דיין שטאָט און א שפּראָץ צו הערשאפט פון דיין קנעכט דוד, און בקרוב אין אונדזערע טעג זאָל אָנהויבן שיינען דאָס ליכט פון משיחן״.

די חכמי התלמוד וועלכע האָבן לויט אונדזער טיפער אמונה, געהאַט רוח הקודש און געקאָנט אריינקוקן אין די שפּעטערע דורות אריין, זיי האָבן פאָרויסגעזען דעם גאנצן שווערן גלות מיט אלע זיינע שוידערלעכע פּרטים און איינצלהייטן, זיי האָבן פּונקט ווי די נביאים פאָרויסגעזאָגט ניט בלויז חורבן, נאָר אויך די גאולה.

און אזוי זאָגט דער תלמוד ירושלמי (ברכות, ב׳, ג׳) „אזוי איז די גאולה פון ישראל: אָנהויבן וועט זי זיך בנָסלעך, ביסלעך, ביז עס וועט ענדלעך קומען די גאנצע גאולה״.

„כך היא גאולתן של ישראל, בתחילה קימעה, קימעה, כל מה שהיא הולכת היא רבה והולכת״...

אזוי, כמעט איז דער נוסח פון די הייליקע ראש־השנה יום־כיפּור תפילה: ג־ט גיב כבוד צו דיין פאָלק, לויב צו דיינע יראים, גוטע האָפענונג צו די וועלכע זוכן דיך: גיב לשון צו די וועלכע רופן צו דיר, שמחה צו דיין לאנד, פרייד צו דיין שטאָט, און אן אָנהויב — א שפּראָץ — צו דער הערשאפט פון דיין קנעכט דוד און א פאַרברייטונג צום ליכט פון משיחן.

אלע גלויביקע יידן זיינען איבערצייגט אז אלץ וואָס עס האָט פּאסירט מיט ארץ־ישראל איז אן אָנהויב פון דער גאולה.

ס׳איז געשען דער גרויסער נס פון שמחה לארצך, דאָס לאנד לעבט און אנטוויקלט זיך, דאָס לאנד ווערט טאָג פאר טאָג מער פאראקערט און פארזייט, מער פארפלאנצט, מער פארבויט, מער באוואסערט און מער באזעצט...

אצינד דארף קומען דער צווייטער נס — וששון לעירך — פרייד צו דער הייליקער שטאָט ירושלים, ווייל עד היום איז נאָך ניטאָ קיין פרייד אין ירושלים, ווייל זי איז נאָך צעטיילט, זי איז נאָך אָקופּירט פון די אראבישע לעגיאָנען...

אזוי איז די יידישע גאולה ביסלעך, ביסלעך, ניט מיטאמאָל.

אזוי ווי מיר האָבן זוכה געווען צו זען די שמחה פונם לאנד, אזוי וועט אונדז ג־ט העלפן אז מיר וועלן זוכה זיין צו זען דעם צווייטן נס, פרייד צו דער הייליקער שטאָט, און צום דריטן נס, דעם אָנהויב פון א קעניגלעכער דוד דינאסטיע און ענדלעך דער גרויסער נס, דער נס איבער אלע נסים — דערזען דאָס ליכט פון משיח בן־דוד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

הייליק זיינען די טעג פון ראש־השנה און יום־כפור. מען קאָן זיך אויסבעטן ביי ג־ט ניט בלויז לעבן, געזונט, פרנסה און הצלחה פאר זיך אליין, נאָר אויך גליק און הצלחה, שטארקייט און דערפאָלג פארן הייליקן לאנד, פרייד פאר דער שטאָט ירושלים, שטאָלץ און הערשאפט פאר דוד המלכס דינאסטיע און זכיה צו דערלעבן דאָס ליכט פון משיחן.

לאָמיר בעטן מיט הארץ, מיט כוונה, וועלן אונדזערע תפילות דערהערט ווערן.

(תשי״ד).

ז

## אם יתקע שופר בעיר, ועם לא יחרדו?

„איז עס מעגלעך, אז דער שופר בלאָזט שוין אין שטאָט און דאָס פאָלק זאָל ניט ציטערן?"

א פארבאָרגענע, אומדערקלערבארע, סודותפולע קראפט ליגט באהאלטן אינם שופר. דער איינפאכסטער און פשוטסטער אינסטרומענט און דאָך דער־

ציטערט ער ביז די טיפענישן פון דער יידישער נשמה. דאָך איז ער בכוח צונויפצורופן אלע בלאָנדזשענדיקע און דערוויטערטע. אלע קומען זיי צולויפן מיט באהאלטענעם פחד און פארבאָרגענעם ציטער, מיט אונטערטעניקייט און יראת הכבוד —

ובאו האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים והשתחוו לה׳ בהר הקודש בירושלים.

אפילו די אַ גאַנץ יאָר ליידיקע שולן און וויניק באזוכטע בתי תפילה, ווערן אין די ימים הנוראים איבערפולט מיט יידן.

אלע קומען זיי, קיינער פעלט ניט.

והשתחוו לה׳!

צו בוקן זיך צו ג־ט...

צוויי הויפּט סיבות האָבן גורם געווען די דערווייטערונג פונם אָריגינעלן יידנטום, צוויי פאקטאָרן האָבן געפירט צום פארפלאכטן, איבערפלעכלעכן, פארוואסערטן מצב אינם רעליגיעזן יידנטום — רייכטום און אָרעמקייט.

דעם רייכן יידן שטייט ניט אָן צו וואוינען אין שכנות מיט דעם פאָלקס־מענטש, לויפט ער אין די נייע געגנטן פון שטאָט, דאָרטן וואו ס׳איז ניטאָ קיינע שולן און קיינע לערן־אנשטאלטן, ווערן די קינדער פארפרעמדט פונם יידישן גייסט און די עלטערן ווערן אָפּגעפרעמדט פון עכטער יידישקייט... מען נעמט שנעל איבער דעם ניט־יידישן לעבנס־שטייגער —

ויתערבו בגויים וילמדו מעשיהם (תהלים, ק״ו, ל״ה).

די מחלה איז אָן אלטע, שוין אין די מאָדערנע אייראָפּעאישע לענדער האָט זי זיך אָנגעהויבן פארשפרייטן.

די יידן־ריינע סביבה האָט געפירט צו אסימילאציע און שמד. איך האָב אין מיין רשות אַ טרויעריקע סטאטיסטיק, אז ביזן יאָר 1920 האָבן זיך זעקס און דרייסיק טויזנט אונגארישע יידן געשמדט...

געוויינלעך טוט ניט אויס א ייד טלית און תפילין און גייט זיך אונטערשמדן... די אסימילאציע האָט אים שוין צענדליקער יאָרן געפרעסן ווי א קענסער — די ענדע איז געווען שמד.

רייכקייט איז א סיבה צו אנטלויפן פונם יידישן תחום...

דער קלוגער שלמה המלך האָט שוין לאנג געזאָגט:

יש רעה חולה ראיתי תחת השמש, עושר שמור לבעליו לרעתו (קהלת, ה׳, י״ב).

„איך האָב געזען א שמערצלעכן ווייטיק אויף דער וועלט: עשירות ווערט געהיט פונם אייגנטימער צו זיין אומגליק”...

די צווייטע הויפט סיבה וואָס האָט אויף א מוראדיקן שטייגער דער־ווייטערט דעם יידן פון יידישן קוואל, איז די אָרעמקייט...

שוין אין דער גמרא (עירובין, מ״א) ווערט געזאָגט: שלשה דברים מעבירין את האדם על דעתו ועל דעת קונו, דריי זאכן קאָנען א מענטשן אראָפפירן פון זיין אמונה־שטייגער. איינס פון די דריי איז אָרעמקייט.

ווער געדענקט ניט די אויפגייענדיקע תקופה פון סאָציאליזם? כמעט אלע זייערע גרופן האָבן געפריידיקט און געלערנט זייערע מאסן אנטי־רעליגיעזיטעט. דער קלער איז געפערלעך, ער העלפט די רייכע אויסנוצן די ארבעטער מאסן אא״וו.

די אָרעמע מאסן האָבן לכתחילה געגלויבט. זיי האָבן זיך געפונען אין ענגשאפט און אָרעמקייט, הונגער און באָרוועס, נויט און מאנגל אָן באַ־קוועמלעכקייטן, וואָס איז דער וואונדער וואָס זיי זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון די אנטי־רעליגיעזע אטעאיסטישע לאָזונגען?..

אין די טיף־רירנדיקע הייליקע תפילות פון ראש־השנהדיקן מוסף, זאָגן די פסוקים פונם נביא (ישעיה, כ״ז, י״ג):

ובאו האובדים מארץ אשור,

עס וועלן צוריקקומען די וואָס זיינען פארלוירן געגאנגען אין לאנד אשור... אושר איז אויך דער טייטש גליק... די וועלכע זיינען פארלוירן געגאנגען פונם יידנטום צוליב זייער רייכקייט און גליק, וועלן זיך אומקערן...

והנדחים מארץ מצרים,

און די וועלכע זיינען פארשטויסן געוואָרן פונם יידנטום צוליב זייער ענגשאפט און נויט... מצרים איז אויך דער טייטש נויט, ענגשאַפט: מן המצר קראתי י־ה... אויך די וועלכע זיינען אָפגעריסן געוואָרן פונם יידנטום, פון זיין תורה און אמונה, פון זיין קוואל און טראדיציע צוליב נויט און הונגער, אויך זיי וועלן צוריקקומען,

והשתחוו לה׳ בהר הקודש בירושלים (ישעיה, כ״ז, כ״ג).

אויך זיי וועלן זיך אומקערן און קומען זיך בוקן צום ג־ט פון ישראל אויפן הייליקן בארג אין ירושלים.

דער איינפאכער און זייער פשוטער שופר האָט אזא געהיימניספולן כוח, א פארבאָרגענע קראפט צוריקצורופן די דערוויטערטע און פארבלאָנדזשעטע...

קוקט זיך ארום אין די ימים נוראים אין די שולן און אין די בתי תפילה, וועט איר זען און וועט אינסטינקטיוו דערפילן די כוחות פונם שופר...

איטלעכער ייד — לערנט אונדז דער „שפת אמת" זצ"ל, פארמאָגט א נקודה הפנימית, דאָס פינטעלע ייד. דאָס דאָזיקע פינטעלע ייד איז הייליק, קיין פרעמדער כוח האָט ניט קיין מגע ומשא און קאָן ניט שעדיקן דאָס דאָזיקע פינטעלע...

עס ווערט נאָר פארשאָטן מיט חיצוניות, פונקט ווי א פייער־פונק ליגט באהאלטן אין א בערגל אש. מ'דארף אוועקבלאָזן דאָס אש און אויפבלאָזן יענעם פייער־פונק, ווערט ער פארוואנדלט ווערן אין ג־טלעכן פלאם...

והיה בית יעקב אש ובית יוסף להבה (עובדיה, א', י"ח).

„און יעקבס הויז וועט זיין פייערדיק און יוספס הויז פלאמעדיק...

ובית עשיו לקש, ודלקו בהם ואָכלום ולא יהיה שריד לבית עשיו כי ה' דבר... (דאָרטן).

„און עשוס הויז וועט זיין שטרוי, יעקבס פייער און יוספס פלאם וועלן פארברענען און פארצערן עשוס השפעה און איינפלוס, אזוי אז עס וועט ניט איבערבלייבן קיין שפור פון פרעמדער קולטור און איינפלוס, פון אסימילאציע און ניט־יידישן גייסט. אזוי זאָגט ג־ט!"

דאָס דאָזיקע באהאלטענע פינטעלע ייד, אָדער ווי די חסידישע און קבלה־ספרים רופן עס, די „נקודה הפנימית", דאָס קאָן ניט פארלוירן גיין פון קיין ייד. מען דארף נאָר קאָנען אראָפּוואָרפן פון זיך דעם בארג אש און זיך פארטיפן און דערגרונטעווען טיפער, טיפער, ביז צו יענער נקודה...

די הייליקע טעג פון ראש־השנה און יום־כפור, די רירנדיקע תפילות, דער קול־שופר, די ווארעמע יידישע סביבה פון שול — די אלע זאכן גיבן א גוטע און געזיכערטע מעגלעכקייט דער ייד זאָל זיך אומקערן צום יידישן אָריגינעלן קוואל, צו אמונה און יידישלעכן לעבנס־שטייגער.

די לעצטע אייראָפּעאישע טראגעדיע האָט געעפנט די אויגן פון יענע אנטלאָפענע. דאָס רשעות, די היטלער־נאצישע אידייע האָט ניט אנערקענט קיין שמד, אפילו אייניקלעך פון משומדים זיינען פארטריבן און פאר־ניכטעט געוואָרן.

א פלאדיקע דערשיינונג: זיי, די משומדים, האָבן געהאט „שווארץ אויף ווייס״, אז זיי זיינען גוים און די נאציס האָבן געשריען ביין, איר זייט יידן!..

די פארשאָלטענע היטלער־תקופה און די ליכטיקע שיבת ציון עפּאָכע, ביידע האָבן גורם געווען אז א גרויסער טייל פון די פארלוירענע זאָלן זיך אומקערן...

אָט לייענען מיר אין דער ישראלדיקע פּרעסע גאנצע דיסקוסיעס און ויכוחים צי מ׳זאָל אריינגעמען צוריק אינם יידנטום די אָפּגעריסענע סעקטעס און פארלוירענע שבטים. די קראים (קאראימער) און די שומרונים. זיי חלשן און ווילן זיך באהעפטן צוריק צו זייער אורשפּרינגלעכן שטאם.

דאָס פּינטעלע ייד קאָן ניט פארלאָשן ווערן...

דאָס לעבן פונם כלל איז גלייך ווי דאָס לעבן פונם יחיד.

גייט איינעם גוט, באקומט ער פריינט און קרובים טוליען זיך צו אים... פארלירט ער זיין רייכטום און ער גייט מטה מטה, אנטלויפן אלע פריינט און דער אמאָליקער גביר ווערט איזאָלירט, פאראיינזאמט, פארלאָזן...

ווען דאָס יידישע פאָלק איז געווען אין נויט, אויסגעשטעלט אויף אלע געפארן, פּאָגראָמען, אנטיסעמיטיזם, רשעות און פארפאָלגונגען, זיינען זיך די שוואכע, די קאלטע, די אומבאוואוסטזיניקע יידן צעלאָפן. היינט ווען א נײַ ליכט גייט אויף פון ציון, ווילן זיי צוריקקומען...

לויטער איז דער יידישער קוואל. ווער עס טרינקט פון אים דער לעבט אייביק און אז אימעצער פארפּלאָנטערט זיך אמאָל, צוליב פארשיידענע אויסערלעכע סיבות, קומט ער דאָך צוריק, פריער צי שפּעטער.

ווייל הייליק זיינען די רייד פון די נביאים, און אזוי האָט געזאָגט דער גרויסער נביא ישעיה:

און עס וועלן צוריקקומען די פארלוירענע פון אשור, און עס וועלן זיך אומקערן די פארשטויסענע פון מצרים, און זיי וועלן קומען און זיך בוקן צו ג־ט אויפן הייליקן בארג פון ירושלים.

* * * * *

הייליק און פּראַכטיק זיינען די ימים נוראים. א גוואלדיקן כוח באזיצן זיי. זיי ברענגען צוריק די קאלטע, פארפרוירענע, אָפּגעשטאנענע, דורשטיקע יידן. זיי פירן זיי צו צום אייביקן, לויטערן קוואל און זאָגן צו זיי: טרינקט צו דער זאט, פרישט זיך אָפּ מיטן ריינעם מים חיים וועט איר אייביק לעבן...

**אשרי האיש, גליקלעך איז יענער מענטש וועלכער פארשטייט אויס־צונוצן יענע טעג; וואויל איז יענעם יידן, וועלכער דערהערט דעם קול שופר, דעם געטלעכן רוף, וועלכער דרינגט אריין טיף אין דער נשמה און מאָנט ביי אים:**

שובה ישראל עד ה׳ אלקיך (הושע י״ד).

**קער זיך אום ישראל צו דיין ג־ט, צו דיין ריינעם, לויטערן קוואל... וועסט ברענגען גליק און צופרידנהייט, א שנה טובה און א גליקלעך יאָר פאר זיך, פאר דיין משפחה און פאר דעם גאנצן יידישן פאָלק, סיי די וועלכע געפינען זיך נאָך אין גלות און סיי פאר די וועלכע האָבן שוין די זכיה צו לעבן אין מדינת ישראל.**

(תשט״ו).

## ח

# והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול

## דער יום הדין

ס׳איז טיף־איינגעוואָרצלט אינם יידישן באוואוסטזיין פון דור־דורות, אז ראש־השנה איז דער יום־הדין ווען איטלעכער מענטש ווערט געמשפט און זיין גורל ווערט באשלאָסן, זיין צוקונפט באשטימט, ווי מיר זאָגן מיט גרויס כוונה און ערנסט אין דער רירנדיקער תפילה פון ובראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון:

מי יחיה ומי ימות, מי בקצו ומי לא בקצו, מי במים ומי באש, מי בחרב ומי בחיה, מי ברעב ומי בצמא.

**אינסטינקטיוו פילט דער ייד די ערנסטקייט פון יענעם טאָג, דער גלויביקער ייד ציטערט און איז באזאָרגט וועגן זיין גורל. ער בעט זיין באשעפער צו שענקען אים און זיינע נאָענטע לעבן, געזונט און פרנסה. ער פארגעסט ניט צו בעטן אויך פאר זיין פאָלק, פאר זיין לאנד און פאר ירושלים:**

ובכן תן כבוד ה׳ לעמך, שמחה לארצך, וששון לעירך וצמיחת קרן לדוד עבדך ועריכת נר לבן ישי משיחך.

**גיב ג־ט כבוד צו דיין פאָלק, שמחה צו דיין לאנד, פרייד צו דיין**

**שטאָט ירושלים און א שפּראָץ צו דער הערשאפט פון דוד דיין קנעכט, און א פארברייטונג פאר דיין משיח.**

**דער באוואוסטזיניקער, רעליגיעזער ייד פילט אין אלע זיינע רמ״ח איברים ושס״ה גידים, אין זיין הארץ און מוח, ווי א שטראָם פון תפילה פליסט דורך אים, א שטראָם פון דורות, א שטראָם וואָס פאראייניקט אים מיטן כלל ישראל. די תפילות פון די הייליקע טעג דערהויבן דעם יידן, זיי ווירקן אויף אים, זיי וואשן זיין נשמה, זיי רייניקן אים און פארוואנדלען אים אין א תפילהדיק וועזן —**

ואני תפילה...

**דאָס התלהבות און דבקות טראָגן אוועק דעם יידן אין העכערע עולמות.**

**פחד און מורא, התלהבות און דבקות, אמונה און מתיקות, באהערשן דעם איידעלן יידן וועלכער פארשטייט די דראָבנע אותיות... ער ווייסט וואָס ער זאָגט, און דער עיקר פאר וועמען ער איז מתפלל...**

**איז דער שליח ציבור, דער בעל תפילה אָדער חזן, אליין א רעליגיעזער ייד, א גלויביקער און א בן־תורה, העלפט ער אויך צו צו דער דאָזיקער דערהויבנקייט. ער פארשטייט די ווערטער, ער צעקייעט זיי און לייגט זיי אריין אין הארצן פונם מתפלל...**

**דער רב, דער מאמין, דער פלאמיקע־הייסער ייד, וועלכער איז א שומר תורה ומצוות און אָנגעלערנט פון זיין יוגנט אָן, ער רעדט פארן עולם, דערקלערט אים די הייליקייט פונם טאָג, די ערנסטקייט פונם יום־הדין; ער צעוויינט זיך און דער עולם וויינט מיט. די שול, די יידישע שול ווערט פארוואנדלט אין אן אינדזל פון קדושה.**

**אצינד קומט דער שופר, דער איינפאכער, פשוטער, פרימיטיווער איב־סטרומענט, וועלכער דערציטערט די טיפענישן פונם יידנס נשמה. ווי הייליק איז יענע סביבה! אפילו מלאכים בלייבן ניט גלייכגילטיק:**

ומלאכים יחפזון, וחיל ורעדה יאחזון, ויאמרו, הנה יום הדין.

**וואָס איז דער וואונדער וואָס די ימים נוראים האָבן איבערגעלאָזן אזא שטארקן רושם אויפן יידן אין אלע דורות?..**

**ווען מען שטייט פאר א שופט, א בשר ודם, ציטערט מען. מען האָט מורא מען זאָל ניט באשטראָפט ווערן. על אחת כמה וכמה ווען מען שטייט פארן מלך מלכי המלכים אשר בידו נפש כל חי, אין זיין האנט און אין זיין רשות ליגט דער גורל פון יעדער לעבעדיק וועזן...**

ר׳ יחיאל מאיר גאָסטינינער איז אמאָל אהיימגעקומען פון קאָצק, האָט זיין מתנגדישער שווער געזען ווי ער טוט אָן טלית און תפילין און שטעלט זיך אוועק פארן פענצטער און קוקט זיך צו צו די זעלנער וועלכע מושטירן אויפן קאזארמע פלאַץ.

פרעגט אים זיין שווער: יחיאל מאיר, דאָס האָסטו געלערנט אין קאָצק? טוסט אָן טלית און תפילין און קוקסט זיך צו צו די זעלנער?

יאָ, שווער, האָט דער גאָסטינינער צדיק געענטפערט, אזוי לערנט מען אין קאָצק מורא צו האָבן פאר ג־ט.

קוקט נאָר אָן, שווער, ווי א זעלנער שטייט דאָרטן מיט מורא און פחד פאר זיין אָפיצער; מיט וואָס פאר א כבוד און רעספעקט, מיט וואָס פאר אן ערנסט?

נו, אויב פאר א בשר ודם שטייט מען מיט אזא מורא, ווי אזוי־זשע דארף מען שטיין פארן באשעפער פון דער וועלט?..

וואויל איז דעם בן־תורה, וואָס פארשטייט וואָס ער זאָגט און פאר וועמען ער זאָגט... גליקלעך איז דער גלויביקער וועלכער האָט אמונה און קאָן זיך אָנשפארן און סומך זיין אויף ג־ט.

ט

## ובאו האובדים בארץ אשור

„און קומען וועט יענער טאָג, און עס וועט געבלאָזן ווערן מיט א גרויסן שופר, און די פארלוירענע פון לאנד אשור וועלן קומען, און די פארשטויסענע פון לאנד מצרים וועלן זיך אומקערן און זיי וועלן זיך בוקן צו ג־ט אויפן הייליקן בארג אין ירושלים״. (ישעיה, כ״ז, י״ג).

אשור און מצרים זיינען אויך אמאָל געווען די פירנדיקע פעלקער פון נאָענטן מזרח. אמאָל איז אשור געווען אן אימפעריאלער כוח און זי האָט אָנגעוואָרפן א מורא און שרעק אויף אלע פעלקער ארום.

ווי מיר פארשטייען רייסט זיך היינט מצרים צו שפילן די ערשטע פידל אין מיטעלן מזרח. עס גלוסט זיך איר צו שפילן א ראָל פון א פירנדיקער אימפעריאליסטישער גרויס־מאכט.

ווי היטלער בשעתו, וויל אויך נאסער ווערן א פאָליטישער כוח אויף דער אינטערנאציאָנאלער ארענע. די קליינע אראבישע מלוכהלעך העלפן אים

אין זיין געיעג נאָך מאכט. זיי ווייסן ניט, אז שפּעטער וועט ער זיי אלעמען איינשלינגען און פארוואנדלען זיי אלע אין שקלאַפן אין איין דיקטאטאָרישן קעניגרייך — דאָס מלכות פון איסלאם... און אלע אויל־רערן וועלן גיין דורך קאהיר...

יידן דארפן ניט זיין פארצווייפלט. זיין גלויבן אז באַענט איז דער טאָג, ווען אלע פארוואָגלטע ברידער וועלן זיך אומקערן פון אשור און פון בבל, פון מצרים און פון אלע פארוואָרפענע לענדער פון מזרח און פון מערב, פון צפון און פון דרום. זיי וועלן זיך אומקערן און זיך בוקן צו ג־ט —

בהר הקודש בירושלים!..

אזוי בעטן יידן מיט כוונה און געוויין, מיט בענקשאפט און התלהבות:

והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו האובדים בארץ אשור, והנדחים בארץ מצרים, והשתחוו לה׳ בהר הקודש בירושלים...

(ישעיה, כ״ז, י״ג).

אצינד לעבן נאָך יענע יידן דאָרטן אונטער דער מוסולמאנישער האלבער לבנה אין איין שרעק און מורא.

יידן פון מאראָקאָ, טוניס, אלזשיר, מצרים, סיריע, לבנון און פון אנדערע אראבישע לענדער; יידן פון פוילן און רוסלאנד, פון רומעניע און טשעכאָסלאָוואקיי און אפילו פון די גאָלדענע לענדער, פון אמעריקע און ענגלאנד, פון פראנקרייך און האָלאנד, פון בעלגיע און שווייץ, פון אלע לענדער, וועלן אויפגיין יידן קיין ציון וירושלים. ווען? ווען עס וועט קומען דער „יום ההוא", ווען מען וועט הערן בלאָזן פונם „שופר גדול", דאן וועלן אלע קומען און זיך בוקן צום באשעפער —

בהר הקודש בירושלים!..

פונקט ווי קיין מענטש האָט ניט געקאָנט מיט זיין שכל פאָרויסזאָגן וועגן די גרויסע עליות קיין ארץ־ישראל און דער אנטשטייאונג פון א יידישער מדינה, פונקט אזוי קאָן קיינער ניט פאָרויסזאָגן נייע מעגלעכקייטן פון מאסן עליות און ליכטיקע מעגלעכקייטן פאר די איינוואוינערס פון ישראל.

פּאָליטישע קאָניוקטורן ענדערן זיך שנעל. היטלער האָט אויך געדענקט, אז זיין מאכט איז דויערהאפט...

פונקט ווי דר. מאסאדעק, פון איראן, איז שנעל באזייטיקט געוואָרן פון זיין ממשלה, אזוי קאָן נאסער באזייטיקט ווערן און א צווייטער רעזשים וועט ווערן א פירנדיקער כוח אין מצרים און זיי וועלן זיך איבערצייגן אז מדינת

ישראל איז א פאקט — אזוי האָט די השגחה געוואָלט אז ישראל זאָל ווערן א כוח צווישן פעלקער און הונדערטער נאסערס קאָנען עס ניט ענדערן...

אין די הייליקע טעג פון ימי נוראים דארף איטלעכער יידישער מענטש בעטן ניט בלויז פאר זיך אליין נאָר אויך פארן כלל ישראל.

(ערב ראש־השנה, תשי״ז).

י

# אונדזער ראש־השנה

## הבדלה

אלע ווייסן וואָס עס מיינט הבדלה. ווער געדענקט עס ניט ווען דער טאטע האָט שבת צווי און זיבעציק מינוט נאָך דער שקיעה איטלעכן שבת צו נאכט געמאכט הבדלה?

הבדלה מיינט אָפּשיידן, אָפּטיילן צווישן הייליקן שבת און די וואָכע־דיקע וואָך...

דער הויפּט־יסוד פון דער יידישער רעליגיע, פון דת משה און ישראל, איז אז ייד איז אנדערש ווי א ניט־ייד און דאָס יידישע פאָלק איז אנדערש ווי אלע אנדערע פעלקער.

מיר פאנאנדערטיילן ניט יידישע רעליגיע פון יידישן נאציאָנאליזם. ביי אונדז איז עס איינס און דאָס זעלבע. די יידישע רעליגיע איז אין תוך נאציאָנאל, צי די מאָדערנע יידישע וועלט אנערקענט עס צי ניט.

ואמר לכם, אתם תירשו את אדמתם, ואני אתננה לכם לרשת אותה, ארץ זבת חלב ודבש, אני ה׳ אלקיכם, אשר הבדלתי אתכם מן העמים... (ויקרא, כ׳, כ״ד).

„און איך האָב געזאָגט צו אייך: איר וועט ארבן זייער ערד, און איך וועל זי אייך געבן, א לאנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, איך בין אייער שטארקער ג־ט וואָס האָט אייך אָפּגעשיידט פון אנדערע פעלקער״...

זייער רו־טאָג איז ניט אונדזער שבת, זייערע חגאות זיינען ניט אונדזע־רע יום־טובים, זייער קאלענדאר איז ניט אונדזער לוח, זייער ניי־יאָר איז ניט אונדזער ראש־השנה... זייערע שפייזן זיינען ניט אונדזערע מאכלים, זייערע קליידער זיינען ניט אונדזערע בגדים (צוליב שעטנז), זייער טויף־

צערעמאָניע איז ניט אונדזער ברית־מילה און זייער קאָנפירמיישאָן איז ניט אונדזער בר־מצוה; זייער טעאָלאָגיע איז ניט אונדזער תורה און זייער רעליגיע איז ניט אונדזער דת משה וישראל...

מיר קאָנען דעם צעטל ציען לענגער און די דאָזיקע רשימה מאכן גרעסער, אָבער די אויבנדערמאָנטע פאקטן זיינען גענוג אפילו פארן אומ־ווויסנדיקן יידן צו וויסן, אז א ייד צו זיין מיינט צו זיין אנדערש אפילו ווי די בעסטע און איידלסטע פון די פעלקער.

...ואבדיל אתכם מן העמים להיות לי... (דאָרטן, כ״ו).

„איך האָב אייך אָפּגעטיילט פון אנדערע פעלקער איר זאָלט אויס־דריקלעך געהערן צו מיר״...

אונדזער ראש־השנה.

אצינד כאפט א בליק צו אונדזער ראש־השנה און פארגלייכט אים צו די ניי־יאָר פייערונגען און הוליאנקעס פון אנדערע, אפילו ציוויליזירטע פעלקער.

ביי זיי איז די ניי־יאָר־נאכט שעהן פון פארווילונג, פון קערפּער־לעכן גענוס, פון טענץ און מוזיק, זיך לאָזן ווארילגיין ביז שיכרות, א נאכט פון ארויסגיין צו געפינען א מקום וואו מען זאָל קאָנען בעסער פארברענגען...

אונדזער ראש־השנה איז כולו קודש. די הכנות הויבן זיך שוין אָן א חודש פריער. אלול בלאָזט מען שופר, מען נעמט אויף זיך מער גייסטיקע פליכטן, מען דאַוונט פרומער, מ׳זאָגט תהלים מיט מער כוונה, געהויבענע יידן זיינען קובע מער שטונדן צו לערנען ספרי מוסר, איטלעכער רע־ליגיעזער ייד, איז צו ביסלעך באזאָרגט — עס דערנעענטערט זיך דער „יום־הדין״.

בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון.

אינסטינקטיוו דערפילט אפילו דער עמך־ייד, וועלכער איז ניט אזא בריה אין די דראָבנע אותיות און ניט קיין גרויסער צעלייגער אין די יידישע ספרים, אז ראש־השנה וועט אָנגעצייכנט ווערן זיין גורל.

מי יחיה ומי ימות, מי בקצו ומי לא בקצו.

ווער עס זאָל דורכלעבן דאָס יאָר און ווער עס זאָל חלילה שטארבן, ווער עס זאָל אויסלעבן זיין צייט און ווער חלילה זאָל אוועקגיין פון דער וועלט פאר זיין צייט.

מי במים ומי באש, מי בחרב ומי בחיה, מי ברעב ומי בצמא.

ווער עס זאָל אומקומען דורך וואסער און ווער עס זאָל חלילה פאַר־ברענט ווערן אין פייער; ווער עס זאָל פאלן דורך א שווערד און ווער עס זאָל צעריסן ווערן דורך א חיה; ווער עס זאָל שטארבן פון הונגער און ווער עס זאָל אויסגיין פון דארשט.

ראש־השנה איז דער יום־הדין! ניט בלויז מענטשן מיט קליינע השגות ציטערן און פלאטערן וויסנדיק וואָס פאר א מוראדיקער טאָג דאָס איז, אפילו די גרויסע בעלי מדריגות, צדיקים און הייליקע יידן, ווענדן אָן אַלע זייערע יכולתן זיי זאָלן געמשפט ווערן מיט חסד און רחמים. זיי באווייזן ניט זייער אומשולד, אדרבה, זיי וויסן אז זיי זיינען די זינדיקע, די פאַר־שולדיקטע. וואָס גרעסער דער ייד איז, אלץ מער מבין איז ער אויף זיינע שוואכקייטן...

וחטאתי נגדי תמיד.

מיינע זינד, מיינע אומפינקטלעכקייטן שטייען תמיד פאר מיינע אויגן.

נאַר דער נאר, דער טיפש, דער שוטה אָדער עם הארץ איז ביי זיך זיכער אז ער איז אַן אָדם השלם, אָדער ווי מען זאָגט דאָ אויפן גוייִשן לשון „איי עם אָלרייט". דער בר־דעת איז ביי זיך ניט „אָלרייט"...

דער חכם מכל האדם האָט שוין געזאָגט אין קהלת:

כי ברוב חכמה, רב כעס ויוסיף דעת, יוסיף מכאוב (א, י״ח).

„ווייל דאָרט וואו ס׳איז פאראן פיל חכמה דאָרט איז דאָ פיל פארדראָס, און ווער ער מערט קענטשאפט און וויסן, זאָל וויסן אז ער מערט ווייטיק".

פאראן ביי אונדז יום־טובים און ימים־נוראים. אָט די צוויי ווערטער, „ימים נוראים", דערקלערן שוין אייגנטלעך דעם גאנצן מהות און כאראקטער פון די הייליקע און פאַרכטיקע טעג.

## יא

# מלכות שמים

ראש־השנה איז אָבער ניט בלויז א טאָג פון משפט פארן יחיד און אינדיווידועלן מענטשן, נייערט אויך א משפט פאר מדינות און לענדער:

ועל המדינות בו יאָמר איזו לחרב ואיזו לשלום איזו לרעב ואיזו לשובע...

**„און דער וואוילזיין פון מדינות ווערט באשטימט אין די הייליקע ראש־השנה טעג, וועלכעס לאנד זאָל צעשטערט ווערן דורך שווערד און מלחמה, דורך הונגער און נויט; וועלכעס לאנד זאָל זיך אנטוויקלען אין שלום און אין פרידן, און זאָל האָבן שפייז צ דער זאַט.**

**דער הויפט־מאָטיוו פון די ימים־נוראים איז אָבער א העכערער און טיפערער — מלכות שמים!**

**איטלעכער באוואוסטזיניקער ייד בעט מיט גרויס כוונה עס זאָל פאַר־שפּרייט ווערן און אריינדרינגען די ג־טלעכע באוואוסטזיניקייט אינם הארצן פון דער גאנצער מענטשהייט.**

לתקן עולם במלכות ש־ד־י וכל בני בשר יקראו בשמך.

**„די גאנצע וועלט זאָל באקומען איר תיקון דורך דער אנערקענונג פון ג־ט, און די גאנצע מענטשהייט זאָל נאָר רופן דיין נאָמען".**

להפנות אליך כל רשעי ארץ יכירו וידעו כל יושבי תבל כי לך תכרע כל ברך תשבע כל לשון.

**„עס זאָלן זיך צו דיר מכניע זיין אלע רשעים פון דער וועלט, זיי זאָלן אנערקענען און וויסן די באוואוינער פון דער וועלט אז נאָר צו דיר ג־ט, דארף זיך בוקן איטלעכער און זיין צונג דארף דינען נאָר דיר, צו דיר בעטן און זינגען...**

**קיין רויב און קיין גזילה, קיין מלחמה און קיין שטרייט, קיין עוולה און קיין אומרעכט וואָלט ניט געשען און ניט פאסירט, ווען די מענטשהייט וואָלט זיך געקלאמערט אין ג־טס געזעצן און נאָר אים באטראכט אלס מלך און אבסאָלוטן הערשער איבערן גאנצן באשאף.**

כי לה׳ המלוכה ומושל בגויים,

**ווייל נאָר צו אים פאסט זיך מלוכה און נאָר ער איז פעאיק צו רעגירן מיט פעלקער...**

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**איינער פון די גאָר גרויסע גוטע־יידן אין פוילן, וועלכער האָט געשמט אויך אלס חכם און טיפער דענקער, דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכא, זצ״ל,**

דער רבי פונם שארפן הימל־הויכן קאָצקער און ערשטן גערער רבין, האָט אַמאָל געזאָגט אזא טיפזיניקן משל: א פרינץ האָט זיך אמאָל פארזינדיקט, געטאָן מעשים קעגן רצון פון זיין פאָטער. דער מלך, כאָטש א פאָטעד האָט רחמנות אויף זיין קינד, כרחם אָב על בנים, האָט ער אָבער קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי אים צו באשטראָפן, כדי איטלעכער פון זיין מדינה זאָל זען אז דער מלך, דער שופט כל הארץ, איז ניט נושא פנים אפילו זיין אייגענעם זון. האָט ער אים אוועקגעשיקט אין די מרחקים אריין, פארטריבן אים פון זיין מלכותדיקן פאלאץ און אים ארייגגעגעבן צו אן אָרעמען פויער אין א וויטן דאָרף.

דער פויער האָט ניט געטאָרט וויסן אז דאָס איז דער פרינץ, האָט ער אים געשלאָגן פאר זיין פוילקייט, געארבעט מיט אים עבודת פרך.

דער פרינץ האָט ביסלעכווייז פארגעסן אז ער שטאמט פון מלכים און אז זיין טאטע איז דער קעניג פון דער מדינה. עס האָט זיך אים געדוכט אז אלץ איז געווען א וויסטער חלום, ווייל על פי דרך הטבע פארטרייבט ניט קיין טאטע זיין זון. אפשר איז ער גאָר ניט דעם מלכס זון, נאָר בלויז אדאָפטירט, פון אן עבד אָדער שפחה איז ער געבוירן געוואָרן?

ווער קאָן אָבער ענדערן די טבע פון אַ מענטשן? עס שטייט דאָך פאָרט כרחם אָב על בנים. האָט זיך דער קעניג שטארק פארבענקט נאָך זיין זון, וועלכער פראוועט גלות אין די מרחקים.

מה עשה, וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט זיך פארשטעלט, גראמירט דאָס פנים, אָנגעטאָן זיך אין פראָסטע מלבושים און אוועק אין די מרחקים זען וואָס זיין זון טוט.

קומענדיק אהין צו יענעם פויער, האָט ער זיך געפרעגט אויף זיין עבד, דער פויער האָט אים געזאָגט אז זיין קנעכט איז שוין געוואָרן א שטיקל מענטש, ער איז שוין מער ניט קיין פוילער. ער ארבעט גוט און איז אים מבטיח אז ער וועט אמאָל ווערן א גוטער פויער...

דער באהאלטענער מלך איז ארויסגעגאנגען אין פעלד אריין און דער־זען זיין זון אין אן אָפּגעלאָזטן מצב. זיין פנים, חושך, זיינע בגדים, צעריסן — ממש שמאטעס. האָט זיך דער מלך קוים געקאָנט איינהאלטן ער זאָל ניט אויסברעכן אין א געוויין.

זאָגט ער צו זיין זון: זאָלסט וויסן איך פאָר אצינד צו דיין טאטן

דעם מלך. איך האָב דאָרטן א משפט מיט אימיצן. איך האָב געהערט בסוד אז דו ביזט דער פרינץ, זיין זון. טאָ בעט עפעס ביי דיין פאָטער, וועל איך אים דיין בקשה איבערגעבן און צו דיר ברענגען זיינע מתנות, ווייל איך מוז סיי ווי צוריקקומען דורך דעם וועג.

דער פרינץ האָט זיך א ווײלע פארטראכט און געזאָגט: איך בעט אייך, ווען איר וועט קומען צו מיין פאָטער דעם מלך, בעט ביי אים ער זאָל מיר שיקן א פאָר ווינטערדיקע שטיוול און א שעפסענעם פוטער, ווייל ס'איז מיר דאָ אין ווינטער זייער קאלט...

אצינד האָט דער פארשטעלטער קעניג אויסגעבראָכן אין א געוויין און געזאָגט: אָרעמער פרינץ, זע נאָר ווי דו ביזט שוין אזוי מגושמדיק און פארגרעבט... דיין השגה איז אזוי אָרעם, אז דו פארלאנגסט ניט מער ווי א שעפסענעם פוטער און א פאָר גראָבע שטיוול...

דיין טאטע איז דאָך דער מלך, בעט בעסער ביי אים ער זאָל דיך אהיימנעמען אין זיין קעניגלעכן פאלאץ וועסטו דאָך האָבן פון כל טוב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אָרעם זיינען די השגות און פארלאנגען פונם מענטשן, האָט דער הייליקער רבי ר' בונם פון פשיסכא זיך צעפלאמט פון התלהבות, עס קומט ראש־השנה און יום־כפור בעטן זיי נאָר גשמיותדיקע זאכן: ברויט און קליידער, פרנסה און הצלחה — שטיוול און א שעפסענעם פעלץ...

דער אויבערשטער, דער מלך על כל הארץ, באוויזט זיך אינקאָגניטאָ, באהאלטן, בהסתר, צו איטלעכן יידן. ער הערט אויס זייערע בקשות און ער צעוויינט זיך אויף זייערע אָרעמע השגות און גראָשנדיקע פארלאנגען.

בעט בעסער איר זאָלט ארויס פון גלות, צוריקקומען אין קעניגלעכן פאלאץ, אין ארץ־ישראל, אויפבויען צוריק דעם בית המקדש, משיח בן דוד זאָל זיך באווייזן, עס זאָל קומען די גאולה שלימה, עס זאָל קיניגן דער מלך מלכי המלכים און איר וועט דאן זיין דאָס אויסדערוויילטע פאָלק.

אתה בחרתנו מכל העמים.

אוועקשטעלן זיך ראש־השנה און אויסבעטן א שעפסענעם פוטערל און א פאָר גראָבע שטיוול פארן ווינטער, דאָס זיינען דאָך קליינע און אָרעמע השגות, אביונישע פארלאנגען...

ובכן תן כבוד ה׳ לעמך, תהלה ליראיך ותקוה טובה לדורשיך, ופתחתון פה למיחלים לך, שמחה לארצך, וששון לעירך, וצמיחת קרן לדוד עבדך, ועריכת נר לבן ישי משיחך במהרה בימינו...

**דאָס איז א רירנדע תפילה פאר דעם וואוילזיין פון כלל ישראל.**

**גיב כבוד ג־ט צו דיין פאָלק, לויב צו די וועלכע האָבן מורא פאר דיר, א גוטע האָפענונג צו די וועלכע זוכן דיך, און א קלוגן ענטפער עס זאָלן קאָנען עפענען א מויל, די וועלכע האָפן צו דיר. שמחה צו דיין לאנד און פרייד צו דיין שטאָט, א שפראָץ דער הערשאפט פון דוד דיין קנעכט און א באלייכטונג פאר משיחן, ער זאָל קומען נאָך אין אונדזער צייט...**

* *
*

**קיין פאָלק, קיין אומה ולשון האָט ניט אזא ראש־השנה ווי מיר יידן. עס איז ניט קיין „ביו־יירס איוו" מיט הוליאנקעס און פארוויילונגען. ראש־השנה זיינען הייליקע און פאָרכטיקע טעג — ימים נוראים, טעג פון משפט און חשבון הנפש פארן יחיד און פארן כלל.**

(ערב ראש־השנה, תשי"ח).

א

# יעלה תחנוננו מערב ויבא שועתנו מבוקר!

## (תפלה ירושלים זאָל ניט אריינפאלן אין פרעמדע הענט, גוט פאַרצולייענען צווישן כל נדרי און מעריב).

זכור ה׳ חבת ירושלים.

ג־ט פון אברהם, יצחק און יעקב, געדענק ווען עס איז פאר אונדז געווען נאכט, פינצטער און ביטער; געיאָגט און געפלאָגט, וואו געגעכטיקט ניט געטאָגט, וואו געזומערט ניט געווינטערט, וואו געבוירן דאָרט ניט דער־צויגן — האָבן מיר תמיד געדענקט דיין הייליקע שטאָט ירושלים!

זכור ה׳ חבת ירושלים.

מיר האָבן איר נאָמען דערמאָנט מיט ליבע און דרך־ארץ,ביים שלאָפן גיין און ביים אויפשטיין, אין דער פינצטערניש פון דער נאכט, ביים אָפריכטן חצות, איז ציון און ירושלים געווען די נקודה, וועלכע האָט צעגליט אונדזער נשמה, געוועקט אונדזער האָפענונג און געשטארקט אונדזער אמונה.

אין די תפלות פון מעריב און שחרית, מוסף און מנחה האָט ירושלים דערוואָרעמט אונדזערע איברים; נאָכן עסן דעם אָרעמען, טרוקענעם מאָלצייט, האָבן מיר מיט גרויס כוונה ביי דיר געבעטן —

ובנה ירושלים עיר הקודש.

בוי אויף און פערפעסטיק ירושלים, די הייליקע שטאָט.

אין די הייליקסטע טעג פונם יאָר, ראש־השנה און יום־כפור, האָבן מיר אין די פינצטערסטע צייט פון אונדזער גלות געבעטן:

---

הערה: אין יאָר תש״ט ווען די שורות זיינען געשריבן געוואָרן האָבן די פאַראייניקטע פעלקער זיך געראַטן איבערן סטאַטוס פון ירושלים (דער מחבר).

ובכן יתקדש שמך ה׳ אלוקינו על ישראל עמך, ועל ירושלים עירך...

זאָל דיין נאָמען געהייליקט ווערן, — שטארקער ג־ט, — איבער ישראל דיין פאָלק, און איבער ירושלים דיין הייליקער שטאָט...

אין דער צייט פון פאָגראָמען און שחיטות, פון רדיפות און פאר־פאָלגונגען, פון אָרעמקייט און נויט, פון פינצטערקייט און טויט, האָבן מיר ניט פארגעסן די שטאָט, וואָס דו האָסט אויסדערוויילט פאר דיין שכינה.

דעריבער:

יעלה תחנוננו מערב,

זאָלן אויפגיין פאר דיר אונדזערע אלע תפלות, און תחנונים, וואָס מיר האָבן געבעטן פאר דיר, ווען ס׳איז געווען פאר אונדז פינצטער און נאכט...

אין די פינצטערע קעלערן פון שפאניע, אין די ענגע געטאָס פון אנדערע לענדער, וואָס האָבן אונדזער לעבן פארטונקלט און פארשווארצט; זאָלן אויפגיין פאר דיר דאָס געבעט פון די געטריבענע אויף די וועגן פון די געיאָגטע אין די וועלדער, אין הונגער און אין דאָרשט, געשוואָלן פון פיין און פון צער, וועלכע האָבן אין דיר ניט פארגעסן ביז זייער לעצטן אָטעם־צוג רופנדיק דיך, ג־ט פון ציון און ירושלים!..

דעריבער: ,

יעלה תחנוננו מערב

זאָלן אויפגיין צו דיר אונדזערע תפלות און תחנונים פון אלע דורות. ווען מיר זיינען געווען געהילט אין פינצטערניש און אין נאכט... און ירושלים איז געווען אונדזער איינציקע האָפענונג, אז פון דאָרטן אויס וועט אויפשטראַלן א ניי ליכט פאר דיין פאָלק ישראל — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ויבוא שועתנו מבוקר.

און אצינד, ווען מיר האָבן דערלעבט צו זען אונדזער פרימאָרגן, ווי דיינע קינדער קערן זיך אום צו דיין לאנד. פון מזרח און פון מערב, פון צפון און פון דרום, זיי אקערן און פארזייען, זיי בויען און פארפעסטיקן אונדזער הייליק לאנד — חלילה צו דיר, שופט כל הארץ, זאָלסט לאָזן אוועקרויבן פון זיי דאָס הארץ פון ישראל, ירושלים די הייליקע שטאָט!

זאָל דערגרייכן צו דיר דאָס געשריי פון דיינע קינדער אינם פרימאָרגן!..

ויבוא שועתנו מבוקר.

זאָלסט ניט אָפּטאָן דיין חסד פון די וואָס האָפן צו דיר, שטארק און קרעפטיק די וועלכע זיינען איינגעגלויבט אין דיר, פארשעם זיי ניט, שטעל זיי ניט אויס צו שאנד און צו שפּאָט, לאָז ניט צונעמען דיין שטאָט וואָס נאָר יידן האָבן זי געהייליקט אין אלע דורות —

זכור ה׳ חבת ירושלים.

דער בארג מוריה, אויף וועמען אברהם, דיין געליבטער, האָט זיין איינציקן זון יצחק אויף דער עקדה געבראכט, און די שטאָט ירושלים וואו דיין פאָלק האָט כסדר קרבנות מקריב געווען אין משך פון דורות — ווי אזוי זאָל זי אריינפאלן אין פרעמדע הענט?

זאָל דערגרייכן צו דיר, ג־ט פון אברהם, יצחק און יעקב, אונדזער געשריי אינם פרימאָרגן פון אונדזער געבורט!

גיס אויס דיין גייסט אויף די פעלקער, וועלכע האָבן זיך פארנומען אויסצושניידן ירושלים פון ישראל!

עפן זייערע אויגן, זאָלן זיי זען אז ירושלים, די שטאָט פון דוד מלך ישראל, קאָן ניט רעגירט ווערן פון קיין אנדערן ווי פון ישראלן אליין.

זאָל דיין נאָמען געהייליקט ווערן אויף ישראל, דיין פאָלק, און אויף ירושלים דיין שטאָט...

ויבוא שועתנו מבוקר.

זאָל קומען דער טאָג וואָס גיכער, דער טאָג ווען אלע פעלקער וועלן זאָגן: לאָמיר אויפגיין קיין ציון, לאָמיר זיך בוקן צום ג־ט פון ירושלים, וועמעס שכינה האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן פון איר.

דאָס בעטן מיר ביי דיר, ג־ט פון ציון און ירושלים.

ווען אציינד פארזאמלען זיך פאָרשטייער פון אלע מלוכות אויף דער ערד, צו משפטן צו וועמען ירושלים זאָל געהערן, ווער עס זאָל רעגירן איבער דיין הייליקער שטאָט, באווייז דיין חסד, גיב זיי שכל און פארשטאנד צו אנערקענען די רעכט פון ישראל איבער דער שטאָט, וועלכע יידן האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו בענקען און גארן נאָך איר; צו דער שטאָט וואָס יידן האָבן געבעטן טויזנטער יאָרן זי זאָל באנייט און געבויט ווערן במהרה בימינו.

**עס פאַרזאַמלען זיך אַצינד פאַרשטייער פון אַלע פעלקער צו משפּטן איבער ירושלים, און עס פאַרזאַמלען זיך היינט, אינעם היילקסטן טאָג פון יאָר, אום יום־כפור, די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב, צו בעטן רחמים ביי דיר, ג־ט פון ירושלים — הער־זשע צו זייער געבעט.**

יעלה תחנוננו מערב

ויבוא שועתנו מבוקר.

**זאָלן אויפגיין אונדזערע תחנונים וואָס מיר האָבן געבעטן ביי דיר אין די פינצטערע, נאַכטיקע תקופות, און זאָל קומען צו דיר אונדזער היינ־טיקער געשריי אינעם פרימאָרגן פון ישראל.**

זכור ה׳ חבת ירושלים.

**געלויבט ביסטו ג־ט בונה ירושלים, אָמן.**

(תש״ט).

א

# לעאָן בלום בענטשט אתרוג

די עלטערן פונם בארימטן פראנצויזישן סאָציאַליסטישן פירער לעאָן בלום, זיינען, ווי באקאנט, געווען עלזאסער יידן. זיין מוטער האָט געבענטשט ליכט און געפירט א כשרע יידישע היים, פונקט ווי אלע עלזאסער יידן אין יענער צייט.

ווען לעאָן בלום איז געבוירן געוואָרן, אין 1872, האָט נאָך דאָס עלזאסער יידנטום ניט געוואוסט פון קיין רעפאָרם. סיי די רבנים און סיי די באלעבאטים, זיינען געווען אָרטאָדאָקסיש סיי אין זייער פריוואטער היים און סיי אין קהלשן לעבן. יידישע מנהגים זיינען אָפּגעהיט געוואָרן מיט שטרענגער קפּדנות און פרומקייט.

זייערע סליחות און קינות כמנהג עלזאס, זיינען געזאָגט געוואָרן אפילו אין די גרויסע שולן פון שטראסבורג און מילהויזן, פון קאָלמאר און האַגענוי, וואו אין א טייל פון זיי זיינען שוין אין די לעצטע צענדליקער יאָרן געווען אָרגלען און געמישטע כאָרן.

ווער עס איז באקאנט מיטן יידישן לעבן אין עלזאס, דער ווייסט, אז פון גאנץ פראנקרייך איז עלזאס ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה געווען די איינציקע פּראָווינץ, וואו יידישקייט איז געווען געגנוג בולט. דאָרט זיינען זיך געווען שטרענג אָרטאָדאָקסישע רבנים פון דר. עזריאל הילדעסהיימערס חדר. הרב דר. ווייל, הויפּט־רב פון אויבער עלזאס און רב פון קאָלמאר, איז געווען אַ ייד א צדיק און אַ תלמיד־חכם. זיינע קינדער — בארימטע דאָקטוירים און דאָך שומרי שבת, און זייערע פרויען האָבן געטראָגן שייטלען. זיין איידעם ר׳ יוסף ראָטשילד, פון צוריך, שווייץ, איז אַ שטרענגער שומר שבת (אגב, א שוואָגער פון הרב דר. לעאָ יאָנג, פון ניו־יאָרק). ווען די פראנצויזישע קהילות האָבן זיך פאראייניקט אין איין קאָנסיסטאָריע, האָט הרב דר. ווייל, דער קאָלמארער רב, כאָטש ער איז געווען דער „גראן ראבין״, זיך ניט געוואָלט באטייליקן אין זייערע אסיפות.

הרב לעווי פון אָבערנהיים און הרב בלאָך פון באר, הרב בראָנשוויג

פון שטראסבורג און הרב דייטש פון בישהיים — זיינען ביזן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה, געווען פירנדיקע פערזענלעכקייטן אין זייערע עלזאסער קהילות, שטרענגע אָרטאָדאָקסישע רבנים פון הרב ר׳ שמשון רפאל הירשס חדר, — און זיי האָבן זייערע שכירות באקומען פון דער פראנצויזישער רעגירונג.

ווייל אזוי איז געווען דאָס אלטע עלזאס־לאָטאָרינגען געזעץ, אז גייסט־לעכע פון אלע אמונות ווערן אויסגעהאלטן פון דער רעגירונג.

איך האָב נאָך געטראָפן אין וועסטהאפן, אכט־און־צוואנציק וויאָרסט פון שטראסבורג, אן עירוב — די פרומע זאָלן מעגן טראָגן אום שבת.

דער דורכשניטלעכער עלזאסער ייד האָט זיך געהאלטן פאר א פרומען יידן. איז אן עלזאסער ייד געקומען וואוינען אין טיף־פראנקרייך, אין פאריז צי אין מארסעי, אין ליאָן צי אין ליל, אין רעימס צי אין ניצע אויף דער ריוויערא — איז ער אלץ פארבליבן ביי זיין פרומקייט.

ביזן יאָר 1871 האָבן די צוויי פּרוכטבארע, גוט־באפעלקערטע פּראָווינצן פון עלזאס און לאָטאָרינגען געהערט צו פראנקרייך. אין דעם דאָזיקן יאָר האָבן די דייטשן אוועקגעריסן עלזאס־לאָטאָרינגען פון די פראנצויזן.

לעאָן בלום איז געבוירן געוואָרן אין דער פאמיליע פון עלזאסער יידן, וועלכע האָבן, ניט קאָנענדיק פארטראָגן די דייטשע אָקופּאנטן, פאר־לאָזן, צוזאמען מיט טויזנטער אנדערע יידן, די נאָך דאן זייער טראדיציאָנעל־פרומע עלזאס און געקומען וואוינען אין פאריז.

ביי לעאָן בלומס עלטערן איז אויך אין פאריז אָבגעהיט געוואָרן כשרות און די סדרים זיינען נאָך געפראוועט געוואָרן לויטן נוסח עלזאס — מיט הגדה און ארבע כוסות, כדת וכדין.

געוויינלעך זאָגט מען „עלזאס־לאָטרינגען", אָבער אין דער אמתן זיינען זיי צוויי גאנץ באזונדערע פּראָווינצן. זיי זיינען געווען אחים לצרה, ווייל זייער פּאָליטישער גורל איבערצוגיין צו די דייטשן און צוריק צו פראנקרייך עטלעכע מאָל נאָך מלחמות — האָט זיי ביידן צוזאמענגעבונדן.

לאָטרינגען שפּילט אין דער יידישער געשיכטע א גרעסערע ראָל ווי עלזאס, ווייל אין איר הויפּט־שטאָט, מעטץ, זיינען געווען וועלט־בארימטע גדולי־ישראל: ר׳ אליעזר ממיץ (פון די בעלי התוספות), דער רבי ר׳ יהונתן אייבעשיץ, דער שאגת ארי׳ און אנדערע גדולים. מעטץ איז א גאָר אלטע יידישע קהילה.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אָבער ניט אָנגעזען קיין שום וואָרצלען פון יענעם לעבנסשטייגער. די פייערדיקע דרשות פון רבי ר׳ יהונתן איי־בעשיץ אין „יערות דבש״, וואו ער האָט געשטראָפט און געמוסרט די מעטצער מענער און ווייבער זיי זאָלן גיין בדרך הישר, זיינען פארבליבן קלאסישע, אָבער נאָר אינם „יערות דבש״. דער לאָטרינגער המון־עם צווישן יידן איז שוין געווען ווייט פון דער דאָזיקער יידישקייט.

עלזאס איז געשטאַנען פיל העכער אויף דעם געביט. אין גאַנץ לאָט־רינגען איז ניט געווען קיין אָרטאָדאָקסישער רב. דאקעגן אין עלזאס האָבן זיך געפונען פרומע רבנים, שומרי תורה ומצוות — אזוי אין שטראסבורג, קאָלמאר, אָבערנהיים, באר, בישהיים, סאווערן, ווינצענהיים.

איך וויל דאָ באמערקן, אז איך רעד דאָ נאָר וועגן די עלזאס־לאָטרינגער יידן, די פון דור־דורות איינגעבוירענע און ניט פון מזרח־איראָפּעאישע יידן, וועלכע זיינען געקומען פון רוסלאנד, פוילן, רומעניע או״ו, און האָבן אויך געגרינדעט קהילות, אויפגענומען רבנים און שוחטים, געגרינדעט צייטונגען, ווי „דער היינט״, אין פאריז, ארויסגעגעבן פון ש. יאצקאן און נח פינקלשטיין, און אונטער דער רעדאקציע פון א. אלפערין (איצט פארוואלטונג־רעדאקטאָר פון „טאָג״). אז איך שרייב וועגן אָרטאָדאָק־סישע רבנים און אלטע יידישע נוסחאות און מנהגים, האָב איך אין זינען, ווי אויבן דערמאָנט, נאָר יענע עלזאס־לאָטרינגער איינגעבוירענע.

די טשיקאַווע מעשה שהיה, ווי אזוי א חסידישער שמש האָט זיך „איינגעשטעלט״ און געטראָגן אין חול המועד סוכות א לולב מיט אן אתרוג צום בארימטן סאָציאליסטישן פירער, לעאָן בלום, און אים מכבד געווען צו בענטשן אתרוג, געהערט אייגנטלעך צו די געשיכטעס פון מזרח־איראָפּעאישע איינגעוואנדערטע יידן פונם בארימטן פאריזער „פּלעצל״.

איך אליין בין ניט געבוירן געוואָרן אין בערלין און ניט אין פאריז, נאָר אין חסידישן פוילן, און האָב געהאט די געלעגנהייט אין מיין לעבן זיך צו טרעפן מיט פארשיידענע טיפּן חסידים און מתנגדים, באלעמלאָכעס און קרעמערס, דאָרפס־גייערס, טרעגער יונגען, רבנים און רביים, גבאים און שמשים, שוחטים און אנדערע כלי־קודש — און דאָך האָב איך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געטראָפן אזא שטייגער טיפּ ווי אליעזר שמש, פון דער „שומרי שבת״ שול אויף רוא דע ראָזיע, אויפן בארימטן „פּלעצל״ אין פאריז.

אזא שטייגער טיפּ פון א שמש איז געווען א יקר המציאות ניט בלויז אין פאריז אויפן „פּלעצל״. אליעזר שמש וואָלט אפילו אין אמעריקע געווען

א „סטאר״, און די גרעסטע שולן וואָלטן איינגעלייגט וועלטן אים צו באקומען פאר א שמש. זיין משונהדיק אויסזען, זיינע תנועות און העויות וואָלטן געצויגן מאסן מתפללים.

אליעזר שמש איז געווען א בעלזער חסיד — מאָגער, אויסגעדארט און שלאנק ווי א לולב. זיין געל בערדל איז באשטאנען פון 2 לאנגע, צעשויבערטע שפיצן, און זיינע לאנגע, צעשויבערטע פאות האָבן געפלאטערט ווי ווען א רוח זאָל זיי יאָגן. זיין דיקלעכע נאָז האָט אים צוגעגעבן חן... זיינע אויגן האָבן אויסגעקוקט מאט און פארשלעפערט, ווי ער וואָלט ערשט אָט־אָ זיך אויפגעכאפט פון שלאָף. זומער און ווינטער פלעגט אליעזר שמש טראָגן עטלעכע קאפאָטעס מיטאמאָל. די לענגערע פון אונטן, און די קירצערע פון אויבן. און געטראָגן האָט ער דוקא א הארטן, גלאנציקן צילינדער... מילא, פארשטייט איר שוין קלאָר זיין אויסזען.

על פי שכל וואָלט אזא שטייגער טיפּ פון א שמש געדארפט זיין ללעג ולקלס ביים עולם. איז אָבער דאָ געווען פונקט דער היפּוך: דער עולם האָט אים געגליכן און אפילו מכבד געווען, ווייל די זקני פאריז פלעגן זאָגן, אז אלע זיינע תנועות זייגען לשם שמים.

א צייט לאנג איז אליעזר שמש געווען א פּרוש, געשלאָפן אין „שומרי שבת״ שול אויף רו דע ראָזיע 25, געפאסט עטלעכע טעג אין דער וואָך, א חוץ שבת און ראש חודש און סתם א יומא דפגרא. ער פלעגט ליב האָבן א יידן, א פרעמדן, אים מקרב זיין, געבן עצות ווי ער זאָל ניט פארפאלן ווערן אין פאריז.

ער פלעגט אָפט האָבן א טרונק בראָנפן צו פארקויפן. יידן דאווגען בציבור, ביז זיי קומען אהיים, דארף מען דאָך ניט לאָזן ס׳הארץ פארחלשן. בשרע קיכלעך, שטיקלעך הערינג און א גלעזל טיי פלעגט ער צוגעבן אזוי, אָן צו נעמען באצאָלט. ער פלעגט דאווגען מלה במלה — „א וואָרט א רענדל״. ווען דער עולם פלעגט זיך פארקלייבן צו מנחה, פלעגט ערשט אליעזר שמש אויסטאָן רבינו תמס תפילין, און שוין צוואווארטן מיטן איבערבייסן ביז איבער מנחה.

ער איז געווען זייער א רירעוודיקער, ענערגיש און א זריז. א יידן מכבד אָדער מזכה צו זיין מיט א מצווה — אויף דעם איז ער געווען א בריה; טראָגן א לולב מיט אן אתרוג צו א יידן א חולה, אָדער אין שפּיטאָל אריין — דאָס איז געווען זיין חיות.

דער אויסערלעכער אויסזען פון אליעזר שמש איז טאקע געווען גאָלע בטלנות, זיין פנימיות און זיין שכל זיינען שוין אָבער גאָרניט געווען קיין בטלנות. ער פלעגט שמועסן פּאָליטיק — און אין פראנקרייך, צוליב די אָפטע קריזיסן, איז תמיד געווען פון וואָס צו ריידן.

ער האָט אלע יידישע פּאָליטיקער, וואָס האָבן אנטייל גענומען אין דער פראנצויזישער פּאָליטיק, גערופן מיטן נאָמען, לעאָן בלום און דזשאָרזש מאנדעל, דאָס זיינען געווען זיינע ליבלינג־מענטשן.

ווען לעאָן בלום האָט כסדר בארויקט די צעהיצטע פּאָליטישע גע־מיטער, האָט אליעזר שמש אָנגעקוואָלן. פאָרט א ייד מיט א יידיש הארץ און מער שכל ווי אן ערל.

איינמאָל אין א חול המועד סוכות, טראָגט אליעזר שמש א לולב מיט אן אתרוג אויף איינעם פון די פאריזער בולווארן. זיין צילינדער ארונטער־גערוקט, זיינע פאות צעשויבערט, זיין געל בערדל האָט געפלאטערט, די פּאָלעס פון זיינע עטלעכע קאפאָטעס האָבן זיך געהויבן. טראָפּנס שוויס האָבן זיך געגאָסן פון זיין דאר פנים. און האלטנדיק אין איין האנט דעם לולב און אין דער אנדערער דעם אתרוג, האָט ער געווישט דעם שוויס מיט די ארבל פון זיין גלאנציקער קאפאָטע — מחמת ס׳איז אים שווער אָנגעקומען ארויסצונעמען זיין רויטע פאטשיילע. טרעפט אים א ייד, א באקאנטער, א סוחר פון פעל, און מאכט א ליצנות, גיט אים א פרעג: „אליעזר, אפשר טראָגסטו צו לעאָן בלום אתרוג צו בענטשן?”

דער אָסטראָווצער פעל סוחר איז זיך ווייטער געגאנגער זיין וועג. ער האָט אָבער גאָרנישט געוואוסט, אז אליעזר שמש, דער טיפּישער, ערלעכער בעלזער חסיד, האָט עס אָנגענומען פאר א וואונק פון אויבן, ממש מן השמים פארלאנגט מען פון אים, ער זאָל צוטראָגן צו לעאָן בלום דעם לולב מיטן אתרוג: זאָל ער מקיים זיין מצוות עשה מן התורה — ווער ווייס? ווער קען אָפּשאצן א יידישע נשמה?

פאריז איז ניט ווארשע אָדער לעמבערג. דאָרטן וואָלט ער מורא געהאט איינצושטעלן. דאָ אין פאריז איז מען טאקע ניט פרום, אָבער מען טאָלערירט דאָך אַלץ. נו, וועט ער איינשטעלן. וועט מען אים ניט ארייַנלאָזן צום פּריץ, וועט ער כאָטש האָבן שכר הליכה.

ווען ער איז פארטיק געוואָרן מיט די חולאים אין שפּיטאָל, ווען אלע האָבן שוין געבענטשט אתרוג, פוילט זיך ניט אליעזר שמש צו בעטן א דאָקטאָר, ער זאָל אים געבן זאָגן ווי אזוי מ׳פאָרט צו לעאָן בלומס רעזידענץ.

ס׳נעמט ניט לאנג און אליעזר שמש, מיטן פאררוקטן צילינדער, מיט די עטלעכע קאפאטעס, מיט די צעשויבערטע פאות און שיטערן געלן בערדל, קלינגט אן אין בלומס טיר.

א הויז־פרוי עפנט די טיר, באטראכט דעם אינטערעסאנטן נפש און פרעגט אים פאר וועמען ער טראגט עס די פאלמע מיטן ציטרין.

— פאר מוסיע בלום, — ענטפערט אליעזר שמש דרייסט און ניט דערשראקן. די הויז־פרוי נעמט דעם לולב מיטן אתרוג און טראגט זיי אריין צו לעאן בלום.

בלום לאזט ניט לאנג ווארטן דעם שמש. ער קומט ארויס און מיט א שמייכל פרעגט ער אים ווער עס האט אים צו אים געשיקט.

— מיין יידיש געוויסן, מוסיע בלום. איך ווייס, — זאגט אליעזר שמש, — אז דייַנע עלטערן זייַנען געווען ג־טספארכטיקע יידן, האב איך דיך געוואלט מזכה זיין מיט א מצווה.

בלום ווערט רויט, אביסל גערירט. ער לאדט איין אליעזרן אין זיין אפיס. ער באטראכט גוט דעם אתרוג און דעם לולב, און פרעגט אים וויפל יידן נוצן דאס אין פאריז א לולב מיט אן אתרוג.

אליעזר שמש ענטפערט: „אלע פרומע יידן טאן עס. עס שטייט דאך געשריבן אין דער הייליקער תורה מען זאל עס טאן״.

בלום וויל באצאלן דעם שמש פאר דער טרחה. אליעזר וויל אבער ניט נעמען. ס׳איז פאר מיר א גרויסער כבוד, מוסיע בלום, אז כ׳האב געבראכט פאר אייך אן אתרוג צו בענטשן.

ווען אליעזר שמש איז ארויסגעשטיגן פון בלומס אויטאמאביל אויף רו דע ראזיע 25, ביים טויער פון דער „שומרי שבת״ שול, האבן יידן שוין געהאט פארזאמלט זיך צו מנחה. הרב הערץ האט שוין געלערנט עין יעקב מיטן עולם. און אליעזר שמשס אויגן האבן געלויכטן ווי צוויי גרויסע ליכט. זיין הארץ איז געווען פול מיט פרייד: ער האט מזכה געווען א יידן מיט אתרוג־בענטשן — און וואס פאר א יידן! דעם גרויסן פראנצויזישן סאציא־ליסטישן פירער — לעאן בלום!..

(ת״ש).

# שמחת תורה, דער פריילעכסטער יום־טוב ביי יידן

צו אלעם דארף מען האָבן מזל. צו מסחר, צו באקומען ארבעט, צו געפינען א שידוך, דער זיווג זאָל געראָטן, ער זאָל עולה יפה זיין, צו האָבן קינדער, און האָט מען זיי שוין דארף מען ערשט דאָס ריכטיק־אמתע מזל זיי זאָלן געראָטן. זיין געזונט, זאָלן זיך גוט לערנען, באקומען גוטע חברים, ניט קיין „טרעמפּס" און ליידיק־גייער. מען קאָן האָבן פיל געלט, פאַרמעגן, קינדער און דאָך האָבן גרויסע צרות, לייד, עגמת נפש, הארצווייטיק און קאָפּ־דרייעניש.

האָט מען אָבער מזל איז שוין אלץ פאראן. מען קאָן שוין אפילו זינגען אויך... מען האָט חן אפילו אָן די אָנגענומענע קוואליפיקאציעס, מען איז אייך מקנא, כאָטש איר פארמאָגט ווייניק. מען וויל זיך געפינען אין אייער געזעלשאפט כאָטש איר זייט ניט רייך און ניט געלערנט, ניט קלוג און ניט געשיקט, דאָך קלעפּן זיך מענטשן צו אייך. פארוואָס? ווייל איר האָט מזל...

אָן מזל, זאָגט דאָס פאָלקס־וואָרט, זאָל מען בעסער ניט געבוירן ווערן...

שטייט שוין אין הייליקן זוהר (נשא, קל"ד): הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל — אפילו א ספר תורה וואָס שטייט אין אָרון הקודש דארף אויך האָבן מזל... ווייל אין איין ספר תורה לייענט מען פיר מאָל א וואָך און אין דער אנדערער אמאָל אין א יום־טוב, אָדער מען נעמט זי ערשט ארויס צו הקפות שמחת תורה...

יום־טובים דארפן אויך האָבן מזל, גאנץ באזונדערס אויפן אמעריקאנער קאָנטינענט.

ראש־השנה און יום־כפור האָבן דאָ גרויס מזל. די שולן און בתי תפלה זיינען געפּאקט. עס געפינען זיך נאָך מנינים אין געזעלשאפטלעכע זאלן וואוהין יידן שטראָמען מיט זייערע משפחות צו געפינען זיך אין א יידישער, דאווענדיקער סביבה. דער יאריד איז גרויס, יידן שליסן זייערע קראָמען און געוועלבן, זייערע פאבריקן און געשעפטן — אלץ בלייבט שטיין, דרך־ארץ און רעספּעקט פאר די הייליקע טעג!..

איז דאָס אלץ גוט און וואויל, שיין און צופרידנשטעלנדיק.

דאָס יידישע יאָר פאַרמאָגט אָבער נאָך טייערע יום־טובים פון וועלכע עס שפרודלט א ים פון שמחה און כוואַליעס פון פרייד.

נעמט, למשל, אזעלכע טייערע יום־טובים ווי סוכות, שמיני עצרת און שמחת־תורה.

זמן שמחתנו.

יידן זיינען אמאָל, אין אלט ישראל, געווען ערד־באַזיצער, ערד־ארבעטער. די שמחה פון איינזאַמלען די פרוכט פון דער מאַמע־ערד איז געווען גרויס — חג האסיף...

דאָס עולה־רגל זיין קיין ירושלים איז געווען א מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון דן ביז באר־שבע, האָבן יידן געשטראָמט קיין ירושלים. די שמחה איז געווען גרויס, דער מלך פון ישראל האָט פאָרגעלייענט פאַר אלע משנה־תורה (דעם גאַנצן ספר דברים).

שפּעטער, אין די גלות לענדער, אין בבל און טערקיי, אין שפּאַניע און אשכנז, אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, אויף אלע קאָנטינענטן וואו יידן האָבן זיך געפונען, האָבן זיי געפייערט און זיך משמח געווען אין די דערהויבענע יום־טובים פון סוכות און שמיני עצרת און שמחת תורה.

צוליבן מזכיר נשמות זיין שמיני עצרת איז גאָר דער יום־טוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א טרויער־טאָג... אין דער אמתן זיינען עס טעג פון פרייד און שמחה.

די תורה מאָנט, פאָדערט און איז מבטיח (ווי רש״י זאָגט):

והיית אך שמח (דברים, ט״ז, ט״ו).

וועסט זיין שטאַרק בשמחה. דו, דיינע קינדער, דיינע דינער, דער לוי, דער גר, דער יתום און די אלמנה (דאָרטן). אלזאָ, ניט בלויז דער רייכער גוטבאַזיצער, דער וועלכער פאַרמאָגט הונדערטער אקער לאַנד און ער זעט די פרוכט, דאָס גרויסע געראַטעניש, דעם גרויסן ריוח, נאָר אפילו דער גר. דער יתום. די אלמנה וועלכע האָבן געגנוג אורזאַכן און סיבות פאַרוואָס עס נעמט זיך זיי ניט צו זיין פריילעך...

די שמחה האָט זיך צעגאָסן און פאַרפלייצט אלע יידישע היימען, אלע זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון דער שמחה, פון די הייליקע יום־טובים סוכות, שמיני עצרת און שמחת־תורה (איך שרייב יום־טובים און ניט

יום־טוב, ווייל אין דער אמתן זיינען סוכות און שמיני עצרת גאנץ באַ־זונדערע יום־טובים).

יידן האָבן אמאָל געלעבט ענג, אין קליינע חדרים מיט גרויסע משפחות, אָבער וועלכער ייד האָט עס ניט געהאט קיין סוכה?

דאָס געזאַנג פון דער סוכה האָט זיך צעטראָגן ווייט־ווייט איבער די שמאָלע און קליינע גאסן פון אלע שטעטלעך. יידן האָבן באמת געוואוינט צווישן שונאים, רשעים און אנטיסעמיטן, צווישן פּאָגראָמשטשיקעס און ניט־פארגינער, אָבער ווער האָט מורא געהאט פאר זיי? די מורא פארן גוי האָט ניט פארטונקלט די מורא פאר ג־ט. אויב ס'איז א מצוה איז שוין ממילא ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאר א מענטשן...

ניט בלויז אין די קליינע שטעטלעך זיינען געווען סוכות. אפילו די גרויסע כרכים, די ריזיקע שטעט ווי ווארשע, לאָדז, ווילנע, ביאַליסטאָק, קראָקע, לעמבערג, קיעוו און אָדעס. וואו יידן האָבן געוואוינט, האָבן זיי געשטעלט סוכות. אויף די הויפן, אויף די באלקאָנען, אויף די דעכער — אומעטום.

דער ערגסטער, רשעותדיקער רעזשים האָט ניט געקאָנט צוריקהאלטן דעם „קליינעם”, שוואכן יידן אויפצושטעלן זיין סוכה און צעשטערן זיין שמחה און פרייד אינם —

זמן שמחתנו...

אציגד לעבן מיר אין דעמאָקראטישע לענדער, מיט אלע פרייהייטן און פריווילעגיעס און מיט אלע מעגלעכקייטן, און דאָך איז זעלטן וואו פאראן א סוכה...

אציגד שמחת־תורה! האָט איר שוין פארגעסן די אמת הייליקע פרייד וואָס האָט באהערשט יונג און אלט, סיי אָרעם און רייך ווען עס איז געקומען שמחת תורה.

האָט איר שוין באמת אלץ פארגעסן? ניט בלויז די שולן, בתי מדרשים און חסידישע קלויזן און שטיבלעך זיינען געווען די סצענע פון יידישלעכער שמחה, נאָר אפילו די יידישע היימען און גאסן זיינען געווען פול מיט אמת־ריינע התלהבותדיקע פרייד.

סיי חסידים און סיי מתנגדים, סיי פרומע און סיי „אויפגעקלערטע”, מאָדערנע יידן — אלע האָבן זיי זיך משמח געווען שמחת תורה.

זיי האָבן פארגעסן אלע דאגות און אלע צרות, היינט איז שמחת תורה,

יידן האָבן מסיים געווען די תורה, „לעיני כל ישראל" און אָט הויבן זיי שוין ווייטער אָן בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ...

שמחת תורה איז ניט בלויז געווען א טאָג פון סתם טרינקען לחיים אָדער קידוש מאכן... יידן האָבן געוואוסט פארוואָס זיי זיינען זיך משמח.

די תורה איז געגליכן צו א כלה. א כלה דארף כידוע האָבן א חתן. האָט הקדוש ברוך הוא זיך געווענדעט צו אלע פעלקער זיי זאָלן נעמען די כלה, איז זיי ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך... די כלה איז זיי ניט געפעלן, זי שטעלט צופיל פאָדערונגען, זי דערלויבט ניט קיין רציחה און קיין גזילה. זי דערלויבט ניט צו נעמען יענעמס ווייב, יענעמס הויז, יענעמס פארמעגן...

יידן האָבן די כלה יאָ אקצעפטירט. זיי האָבן זי מקדש געווען מיט זייער בלוט פון אלע דורות, זיי האָבן זי געטריי געהאלטן אין די ביטערסטע תקופות, אפילו ווען זיי זיינען געווען אָרעם, פאריאָגט אין ביטערן גלות; די כלה איז געשעצט געוואָרן טריי מיט ליבע און רעספעקט, דער ייד מיט דער תורה האָט געלעבט גליקלעך און צופרידן. ווי זאָגט די גמרא? ווען מאן און ווייב לעבן צופרידן קאָנען זיי וואוינען אפילו אויפן שארף פון א שווערד...

דורך פייער און וואסער, דורך מדבריות און ביטערע גלותן האָבן יידן געטראָגן די הייליקע תורה ניט בלויז אין אָרון הקודש זי געהאלטן, נאָר טיף אין הארצן. געלעבט לויט אירע אָנווייזונגען. זי איז געווען דער וועג־ווייזער פארן איביקן, וואנדערנדיקן יידן.

תורה מיינט לעבן, וחי בהם —

כי הם חיינו ואורך ימינו.

פונקט ווי די נשמה באלעבט דעם גוף. אָן נשמה ווערט דער גוף א קאנדידאט פאר א בית־עולם, אזוי איז די תורה די נשמה פונם פאָלק, פונם יידישן פאָלק, פונם עם הנבחר, פונם ג־טלעכן הייליקן פאָלק...

פונקט ווי א בוי־מייסטער קוקט אריין אינם פלאן און אזוי בויט ער דעם בנין, אזוי האָט הקדוש ברוך הוא אריינגעקוקט אין דער תורה און געבויט די וועלט:

כך היה הקדוש ברוך הוא מביט בתורה ובורא את העולם.

(מדרש רבה, בראשית, א׳).

יידן באטראכטן די תורה אלס דעם ארכיטעקט־פלאן פונם גאנצן באשאף.

וואָס איז שוין דאָ דער חידוש וואָס יידן זייענדיק אזעלכע נאָענטע מחותנים מיט דער תורה האָבן זיך מיט איר אזוי געפרייט?

**עס האָבן געטאנצט ניט בלויז חסידים און לומדים, רבנים און דיינים, באָר אלע, ממש אלע, גרויס און קליין, יונג און אלט — אלץ האָט געטאנצט לכבוד דער תורה.**

**זיי האָבן אליין ניט געקאָנט לערנען? נו, האָבן זיי געשיקט זייערע קינדער אין די חדרים צו לערנען תורה, האָבן זיי גענומען איידעמס בני־תורה פאר זייערע טעכטער, האָבן זיי געשטיצט ישיבות און לערנדיקע יידן, זיינען זיי שוין ממילא געווען נאָענטע מחותנים צו דער תורה...**

**אזא יום־טוב פון פרייד האָט איבערגעלאָזט טיפע וואָרצלען אינם יידישן לעבן. עלטערן האָבן אנדערש ניט געקאָנט טאָן ווי שיקן זייערע קינדער לערנען תורה...**

שישו ושמחו בשמחת תורה ותנו כבוד לתורה, כי טוב סחרה מכל סחורה מפז ומפנינים יקרה (שמחת תורה הימן).

**„זייט לוסטיק און פרייט זיך מיט דער שמחה פון דער תורה, טיילט צו כבוד צו דער תורה, ווייל זי איז חשובער ווי וועלכע עס איז סחורה, טייערער פון גינגאָלד און טייערער ווי פערל איז די תורה"...**

**קומט אלע, יונג און אלט, קליין און גרויס אין די שולן. זאָל זיך ווידער צעפלאמען יענער התלהבות און פרייד צו דער תורה. ברענגט מיט אייערע קינדער, דערקלערט זיי, אז שמחת־תורה איז א גרויסער יום־טוב, א יום־טוב פון שמחה און פרייד.**

**זאָלן יידן צוריקגעבן דעם מזל צום פריילעכסטן און הייליקסטן יום־טוב — שמחת תורה, ווייל פיל מער ווי יידן האָבן דערהאלטן די תורה, האָט די תורה דערהאלטן די יידן...**

א

# חנוכה, דער גרויסער זיג פון דער מינדערהייט

די מערהייט רעגירט, דער רוב האָט די דעה אפילו ווען זי באזיצט ניט די מאה, דאָס איז דאָך דאָס מאָדערנע, פּארלאמענטארישע געזעץ...

איטלעכער וועלכער האָט נאָר האנט און פוס, געדעקט דעם פּסוק פון „אחרי רבים להטות".

ווען איר טרעפט א יידן אין גאס און איר פרעגט אים, הא? ווי פּאסט עס פאר דיר צו פאָרן אום שבת? צווינגען דיך דאָס דייגע ביזנעס? ביסטו חלילה א חולה מסוכן? וועט ער גלייך ענטפערן: אחרי רבים להטות, אלע פאָרן — פאָרן מיר אויך. ס'איז דאָך א מנהג המדינה...

זייער ווינציק ווייסן אָבער, אז דער אחרי רבים להטות איז גאָר א סוף פון א פּסוק... און דער אָנהויב איז גאָר א פּארקערטער. דער פּסוק אין חומש (שמות, כ"ג, ב') הויבט זיך אָן —

לא תהיה אחרי רבים לרעות.

ווען דער רוב טויג אויף כפּרות, ווען די מערהייט באגייט עוולות און טוט אומרעכט, אנטלויף פון אזא מערהייט, האלט זיך בעסער ביי דער קלענער מינדערהייט...

די גאנצע מענטשהייט האָט אין אברהם אָבינוס צייטן געדינט די עבודה זרה, און אברהם האָט געקעמפט קעגן אלעמען, דעריבער האָט מען אים גערופן „אברהם העברי", ווייל „עבר" מיינט אין העברעאיש א זייט. אברהם איז געווען אויף איין זייט, און די גאנצע וועלט אויף דער אנדע־רער זייט...

דאָס יידישע פאָלק לעבט שוין טויזנטער יאָר און איז תמיד א מיעוט, א מינדערהייט לגבי אנדערע נאציאָנען, און עס וואָלט געווען א זעלבסטמאָרד אקט זיך אויסצומישן מיט דער מערהייט. א געזונטע מינדערהייט, אן ערלעכער מיעוט, איז שטארקער און דויערהאפטער ווי אן עבודה זרה־דיקער רוב און אן אומיושרדיקע מערהייט.

די שיטה איז קרעפטיק און שטארק, יידישלעך און הייליק, ניט בלויז ווען עס האנדלט זיך „בין ישראל לעמים", צווישן ייד און גוי, נאָר אינם יידנטום גופא גילט די דאָזיקע הנחה...

מעג דער רוב זיך ווענדן באפרייען פון דעם יידישן לעבנס-שטייגער, קאָן ער אָבער קיינמאָל ניט באטראכט ווערן ווי א קרעפטיקע מערהייט...

לא תהיה אחרי רבים לרעות.

לויף ניט נאָך דעם רבים, ווען ער פארנעמט זיך אויף א שלעכטן וועג...

יידן האָבן געלעבט אין די גלות לענדער אונטער די שווערסטע פּאָ־ליטישע און עקאָנאָמישע באדינגונגען. ניטאָ קיין מדינה וואו יידן זיינען געווען דער רוב. אין דער גרויסער מערהייט שטעט און דערפער זיינען יידן געווען א מינדערהייט און א דאנק זייער אייגנארטיקן יידישן לעבנס שטייגער, האָבן יידן זיך געהאלטן און דערהאלטן. עס האָט קיינעם אפילו ניט געחלומט זיך נאָכצולויפן דער ניט־יידישער מערהייט.

און ווען עס האָט אימעצן יאָ געחלומט אזא ביטערן חלום, און די קירכן גלאָקן האָבן אים געצויגן און פארשלעפּט, איז ער אָפּגעווישט און אויס־געמעקט געוואָרן פונם זיכרון פון זיין משפחה און פאָלק.

הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב... (בלק).

בלעם, דער גרעסטער שונא ישראל אין דער צייט פון משהן, האָט אומגערן ארויסגעזאָגט דעם אמתן אמת, און די תורה האָט עס פארשריבן לדורות.

ווען דאָס פאָלק ישראל וועט זיין לבדד, אליין; גיין זיין אייגענעם וועג און זיך ניט אויסמישן מיט אנדערע, דאן ישכון! וועט ער האָבן רו, מנוחה און אייביק עקזיסטירן... ובגויים, ווען ער וועט זיך חברן און אויסמישן מיט אנדערע נאציאָנען — לא יתחשב, וועט ער קיין חשיבות ניט האָבן.

ווער געדענקט עס ניט דעם אלטן מארק אין דער אלטער היים, יידישע קליינע און גרעסערע קראָמען און קלייטן האָבן א גאנצע וואָך געוואַרט אויפן פדיון פון די ערלים, פון דער דאָרפישער באפעלקערונג. איז געקומען שבת, דער הייליקער טאָג שבת, אָדער א יידישער יום־טוב, האָט די גרויסע שטארקע גוישע מערהייט געמוזט זיך אונטערוואַרפן דער שוואכער קליינער יידישער מינדערהייט. ניטאָ קיין מסחר אום שבת, ניטאָ קיין האנדל אין די יום־טוב טעג.

וואָס מיר מערהייט, ווער מיר רוב, דער קלענער מיעוט האָט זיך שטאַלץ געהאלטן ביי זיינע טראדיציעס און מנהגים. ער האָט זיך געקלאמערט אין זיין לעבנסשטייגער און האָט זיך אויסגעלאכט פון דער גרויסער מעכ־טיקער און שטארקער גרויזאמער מערהייט.

אין דער תקופה פון די חשמונאים, האָט דער גוישער רוב געפּרואווט צווינגען מיט פארשיידענע שמד־שטיק דעם מיעוט ער זאָל זיך אונטערגעבן. מען האָט אים צוגעזאָגט אלע מינים פּריווילעגיעס, גלייכבארעכטיקונג, קיין דיסקרימינאציעס — ממש חוקה אחת לכל יושבי׳.

תורה אחת וחוקה אחת לכל גויי הארץ.

איין תורה, איין געזעץ פאר אלע איינוואוינערס פון לאנד.

אין דער מאָדערנער ציוויליזירטער קאנאדע, אין דער פּראָווינץ מאני־טאָבאָ, למשל, קאָן קיין ייד ניט ווערן א מיטגליד אין געוויסע „גאָלף־קאָרס״ פּלעצער (רבנים וואָלטן געדארפט גוזר תענית זיין...)

בימי החשמונאים זיינען די יוונים געווען מער ליבעראלער געשטימט. אדרבא, מען האָט איינגעלאדן יידן, געבעטן קומען מיטמאכן דעם גוישן גריכישן שפּיל, און יידן זיינען געלאָפן, מיטגעטאנצט דעם גוישן טאנץ... נאָכגעלאָפן דער מערהייט, זיך אונטערגעוואָרפן דעם רוב... זיי האָבן אויך נאָר געדענקט דעם אנדערן האלבן פסוק פון אחרי רבים להטות, אָבער זיי האָבן פארגעסן דעם ערשטן טייל, דעם ולא תהיה אחרי רבים לרעות...

מתתיהו און זיינע זין, מסתמא נאָך א קליינע געטריי געבליבענע גרופּע מאמינים, האָבן אָבער זיך אנטזאָגט נאָכצולויפן דעם רוב. א מערהייט ווען זי אנטלויפט פונם יידישן קוואל, איז קיין מערהייט ניט, מען טאָר זיך מיט זיי ניט רעכענען, זייער דעה איז קיין דעה ניט.

און אזוי זיינען די ערלעכע מעטים ארויס צום קאמף, געקעמפט ווי לייבן און באזיגט די מערהייט. און אין דער שיינער רירנדיקער תפילה פון ועל הנסים, באזינגען מיר יאָר איין, יאָר אויס יענעם נס, ווען ג־ט האָט איבערגעגעבן:

ורבים ביד מעטים וטמאים ביד טהורים.

די מערהייט איז באזיגט געוואָרן דורך א מינדערהייט, און די אומריינע טמאים האָבן זיך געמוזט מכניע זיין צו די טהורים.

* *

*

ישראל די מדינה און ישראל דאָס פאָלק זיינען בזמן הזה אויך א קליינע מינדערהייט לגבי די פערציק מיליאָן אראבער וועלכע רינגלען זיי ארום.

דער אפעטיט פון דער דאָזיקער אראבישער מערהייט וואקסט פון טאָג צו טאָג. זיי קוקן אויס אויף אן אוואנטיורעלע, אויף א צוזאמענשטויס, אָבער —

הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל.

עס דרעמלט ניט און עס שלאָפט ניט דער שומר פון ישראל. ער באוואכט זיין פאָלק און זיין מדינה, ער שוועבט איבער דער גערעכטער, יושרדיקע מיעוט.

לאָמיר האָפן אז אין די חנוכה טעג, ווען נסים האָבן זיך תמיד באַוויזן צו באשיצן ישראל, אז אויך אינם היינטיקן גרויסן צווישן דער מערהייט און דער מינדערהייט, וועט זיגן דער מיעוט און וועט מכניע זיין די טומאה און דאָס רשעות פונם רוב.

לאָמיר האָפן!

(תשי"ג).

ב

# דער ביטערער חשמונאים־קאמף קעגן די העלעניסטן אין דעם אמאָליקן ארץ־ישראל

ווען דער אימפעראטאָר אלעקסאנדער מוקדון האָט, אין יאָר 334 פאר דער געוויינלעכער צייטרעכענונג, מיט שטורם און דראנג מארשירט מיט דער מאקעדאָניש־גריכישער ארמיי, קעגן דער אלטער פערסישער אימפעריע און איינגענומען מצרים, ארץ־ישראל, סיריע, בבל, פערסיע און מעדיע, און א גרויס שטיק פון אינדיע, האָט ער זיך ניט באנוגנט מיט די טעריטאָריעס פון יענע לענדער. די שקלאפן פון יענע מדינות האָבן אים ניט באפרידיקט, ער האָט געפרואווט ארויפצווינגען מיט גוואלד די גריכישע שפראך און קולטור, מנהגים און רעליגיע.

פונקט ווי אין אונדזערע צייטן כאפן זיך די רייכע, די „מאָדערנע" צו זיין די ערשטע צו יעדער אָפנייג און אָפווייכונג פון דער אלטער טראדיציע, אזוי האָבן זיך אין יענע צייטן פונם צווייטן בית־המקדש, די רייכע יידן

אָנגעכאפּט אָן דער ציוויליזאציע, קולטור און שפּראך פון די דאמאָלסטדיקע געבילדעטע גריכן, די הערשער און מאכט־האָבער, די אימפּעריאליסטן און „ליכט טרעגער״ פון יענער צייט.

די ספּאָרט־באוועגונגען אין יענער צייט האָבן עלעקטריזירט די יוגנט. דאָס אראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון מצוות און פּראקטישע מעשים פונם טאָג־טעגלעכן רעליגיעזן לעבן האָט אָנגענומען א מוראדיקן כאראקטער.

די „אינטעליגענץ״ און די רייכערע קלאסן האָבן אָנגעהויבן ריידן גריכיש און דענקען גריכיש. זיי האָבן איינגעזאפּט די גריכישע פילאָזאָפישע אנשויאונגען.

יידן, יאָ — אָבער ניט מיט יידישע מצוות; יידן פון געבורט און נאציאָנאליטעט — אָבער מיט נייע נשמות, מיט נייער ליכט, מיט א נייעם לעבנס־שטייגער.

דער גריכישער פאקל האָט זיך פארמאָסטן צו פארטונקלען דעם יידישן נר־תמיד...

די מאָדערנע הערשער פון ישראל האָבן ארויסגעלאָזט נייע מאניפעסטן: תורה אחת, וחוקה אחת — איין געזעץ פאר אלעמען. ניט די יידישע תורה זאָל פארפליכטן, נאָר די מאָדערנע גריכישע קולטור.

ויאותו גם רבים מבני ישראל ויזבחו לאלים וחללו את השבת (חשמונאים א׳, א׳ מ״א).

און דער מלך אנטיוכוס האָט געשיקט ספּעציעלע לויפער־שליחים קיין ירושלים און צו אלע אנדערע שטעט פון מלכות יהודה און האָט זיי באפוילן:

ללכת בדרכי גויי הארץ (דאָרטן).

אז מען פארלאנגט פון די יידן זיך צוצופּאסן צו די געזעצן און קולטורן פון אנדערע פעלקער.

דער שבת, וועלכער איז געווען די שטארקסטע פעסטונג פונם יידישן פאָלק אין אלע דורות, איז פארשוועכט געוואָרן.

מען האָט אויפגעהערט לערנען די יידישע תורה, מען האָט שטודירט אנדערע חכמות — דער אויסערלעכער גלאנץ פון די העלעניסטישע טעמפּלען און זייערע מאָדנע רעפאָרם־פּריסטער, האָבן פארכאפּט די אויגן פון דעם יונגן דור.

די יידישע רעליגיע פאַרלאַנגט פליכטן, מעשים בכל יום: טראָגן ציצית, לייגן תפילין, דאַווענען דריי מאָל א טאָג, עסן כשר, לערנען תורה, ממש פונקט ווי אין אונדזער צייט. ס׳איז שווער פאַר דער יוגנט זי זאָל זיך גרופּירן ארום אן אָרטאָדאָקסישער שול אָדער קהילה, ווייל דאָרטן פאַרלאַנגט מען צופיל. עס קאָסט טאַקע זייער ביליק אין געלט, אָבער דער עול, די משא איז צו שווער צו טראָגן... בעסער צאָלן גרויסע געלדער און געהערן צו א מאָדערנער רעפאָרם־קאָנגרעגעישאָן. דאָרטן איז מען פטור פון כל התורה כולה, דאָרטן איז מען א שיינער און גוטער ייד ווען מען קומט שבת און יום־טוב מיט דער קאַר אין טעמפּל אריין, דאָרטן איז מען חשוב אפילו אָן ציצית, אָן תפילין, אָן תורה און אָן מצוות...

עס איז א ריין־קריסטלעכער צוגאַנג — געהערן צו א טשוירטש אָן פליכטן, אָן צו פּראַקטיצירן מצוות.

די רעפאָרם־באַוועגונג איז ניט קיין נייע, זי קומט ניט פון סטיפען ווייזס שול, אויך ניט פון סינסינעטי אָדער בערלין צי בודאַפּעסט. די רעפאָרם־באַוועגונג איז אמאָל שטאַרק געווען אין ארץ־ישראל. דאַן האָט די באַוועגונג געהייסן העלעניזם, וואָס עס האָט געמיינט די גריכישע שפּראַך און קול־טור, רעליגיע און מנהגים לעבנסשטייגער און פילאָזאָפיע. העלעניזם האָט געמיינט אָפּנייג פון יידישן שטייגער, פּורק עול זיין פון אלע מצוות, וועלכע האָבן פאַרפליכטעט דעם יידן...

ויחשבו את דרכי אבותיהם להבל וריק, וינשאו ויהללו את דרכי היוונים (חשמונאים, ב׳, ד׳).

די יוגנט האָט באַטראַכט און געקוקט אויף די מצוות פון זייערע על־טערן ווי אויף נאַרישקייטן. זיי האָבן פאַרגעצויגן דעם גריכישן לעבנס־שטייגער... די גריכישע אגיטאַטאָרן האָבן ניט געהאַט קיין שווערע ארבעט — די יוגנט איז זיי געלאָפן אנטקעגן...

די דאַמאָלסדיקע הערשער פון ישראל האָבן ניט געוואָלט — ווי המן — די יידן הרגענען און אומברענגען. אדרבה, זיי האָבן די יידן גע־רופן צו פיזישע איבונגען, צו שטאַרקן זייערע גופים, אָבער טויטן זייערע יידישע נשמות... פאַרסמען דעם יידישן גייסט.

די גמרא שבת, ווען זי רעדט וועגן יענעם קאַמף, דערציילט עס אין קורצע שורות:

שכשנכנסו היונים להיכל טמאו כל השמנים שבהיכל (שבת, כ״א, ע״ב).

ווען די יוונים, די העלעניסטן, די רעפאָרמער פון יענער צייט, זיינען אריין אין בית־המקדש, האָבן זיי פאראומרייניקט אלע הייליקע אוילן מיט וועלכע מען האָט געצונדן די יידישע הייליקע מנורה.

זיי האָבן די מנורה ניט צעבראָכן, זאָל זי שטיין. די מנורה אליין איז ניט מער ווי א גוף, א קערפּער. דער עיקר איז וואָס פאר א ליכט דאָרטן ווערט אָנגעצונדן. די יידישע מנורה מיט דעם גריכישן גייסט, יידישע נאציאָ־נאליטעט אָבער מיט א רעפאָרם־גייסט, אָן תורה, אָן שבת, אָן מצוות, אָן אלעמען... קריסטלעכע מנהגים, קריסטלעכער לעבנסשטייגער — ס׳איז ווייניק פאר זיי וואָס זיי האָבן מטמא געווען זייערע היימען מיט עבודה זרה־גייסט, האָבן זיי זיך אויך גענומען צו פארגויישן זייערע טעמפּלען און סינאגאָגעס.

א קליינע, אומבאדייטנדיקע גרופּע פון דער חשמונאים משפחה האָט זיך א וואָרף געטאָן ווי אן אויפוואכנדיקער לייב אויף די שמענדריקעס פון יענעם דור. זיי האָבן געדרופן צו רעוואָלט קעגן די יידישע פאררעטערס און קעגן דער אָפּיציעלער מאכט פון די פרעמדע ארייננדרינגער.

גרויסע נסים זיינען געשען און ג־ט האָט איבערגעגעבן די שטארקע אין די הענט פון די שוואכע, רשעים אין די הענט פון צדיקים, א גרויסן רוב אין די הענט פון א קליינער מינדערהייט, און דאָס איז דער יום־טוב חנוכה.

די גריכישע מאכטהאָבער מיט דער הילף פון די יידישע רעפאָרמער אין אָפּנייגער פונם יידישן לעבנס־שטייגער, האָבן פאראומרייניקט די הייליקע אוילן פון בית־המקדש — דער סימבאָל פון דער יידישער נשמה און ריינער מחשבה, פארבליבן איז נאָר איין קליין קריגעלע בוימל, איין קליינע משפחה פון די חשמונאים, וועלכע האָט באזיגט די טומאה און צוריק אָנגעצונדן די יידישע מנורה אין בית המקדש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניט בלויז אין די גלות־לענדער פלאקערט היינט דער זעלבער קאמף קעגן די ריינע און הייליקע פרינציפּן פון יידנטום. עס דאכט זיך אז אָט־אָט גייען אונטער די אָרטאָדאָקסישע שולן און דער פרומער, רעליגיעזער לעבנס־שטייגער פארשווינדט. די קנאפּע מאמינים און ספקותפולע האלבע און פערטל־דיקע „רעליגיעזע״ יידן, באמיען זיך צוצופּאסן זייערע מיטגייער, זייער חינוך

סיסטעם צו די העלעניסטן פונם היינטיקן דור, נאָר אפילו אין ישראל דער מדינה, פלאקערט דער זעלביקער קאמף.

ניט באנוצנדיק זיך אצינד מיט פּאָליטישע טערמינען וויל איך אָבער פּאָרט פעסטשטעלן, אז א גרויסע באדייטנדיקע חשמונאים משפחה לעבט אין ישראל און שטייט גרייט צו באקעמפן אלע פרואוון פון די היינטיקע העלעניסטן אין ישראל, וועלכע קאָנען ניט צופאסן זיך צו אן עכט־יידישן לעבנס־שטייגער.

זיי קומען פון אונגארן, פון דייטשלאנד, פון רומעניע, פון פוילן און פון ליטע. זיי האָבן אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון יידישקייט נאָך אין דער אלטער היים, און כאָטש אין ישראל גילט א שבת־געזעץ, קאָנען זיך יענע יאהודים, וועלכע פלאפלען היברו, ניט צוגעוואוינען, אז אין ישראל דארף הערשן א שבת־געזעץ פונקט ווי עס הערשט און פארפליכטעט א זונטיק־געזעץ אין די קריסטלעך־דאָמינירנדיקע לענדער.

זיי גארן און בענקען, די ישראלדיקע העלעניסטן, צו א געמיש פון לעבנס־שטייגער. זיי זיינען מוחל די יידישע קולטור, די יידישע תורה און לעבנס־שטייגער. זיי געדענקען דעם גייסט פון בודאפעשט און בערלין, פון ווין און בוקארעשט, פון אָדעס און ראָטערדאם.

די היינטיקע חשמונאים אין ישראל לעבן און זיי זיינען שטארק געגוג ניט צו דערלאָזן אז די הייליקייט פון דער יידישער מדינה זאָל פארהעלעניזירט ווערן. נסים קאָנען אויך היינט דעצידירן. חנוכה איז א זמן פון נסים...

(תשי״ד).

ג

## בימים ההם בזמן הזה...

### וואָס איז חנוכה?

וואָס איז חנוכה? צוליב וועלכן נס און געשעעניש פייערן מיר שוין טויזנטער יאָרן דעם יום־טוב חנוכה?

אזוי פרעגט די גמרא שבת, און אזוי ענטפערט זי:

ווען די יוונים (די גריכן) זיינען אריינגעגאנגען אין בית־המקדש אריין, האָבן זיי מטמא געווען און פאראומרייניקט אלע אוילן, און ס׳איז ניט געווען קיין ריינע אויל צו צינדן די מנורה, האָט מען געזוכט און געפונען א קליין קריגעלע בוימל פארחתמעט און פארזיגלט מיטן זיגל פונם כהן הגדול.

דאָס ביסעלע אויל איז גענוג געווען נאָר פאַר איין מאָל. איז געשען א נס און מען האָט געצונדן פון אים גאַנצע אכט טעג. דעריבער פייערן מיר אכט טעג חנוכה און מיר צינדן אכט טעג ליכטלעך.

די חשמונאים משפחה האָט באַזיגט די גריכישע אָקופּאַנטן, זיי פאַר־טריבן פון ירושלים און פונם גאַנצן לאַנד. דער נצחון איז געווען אזוי שטאַרק, אז קרוב צו צוויי הונדערט יאָר האָט אָנגעהאַלטן דאָס קיניגן פון דער חשמונאים משפחה איבער ארץ־ישראל.

עס איז אָנגענומען ביי פיל דער געדאַנק, אז רעליגיעזע מענטשן זייַ־נען פּחדנים. זיי זייַנען נאָר גבורים אין די שולן און אין בתי־מדרשים, אין די חדרים און אין די ישיבות.

די חשמונאים משפחה האָט אָבער באַוויזן אז אויך פיזישע גבורה באַזיצן פרומע און ג־טספאָרכטיקע כהנים. זיי, די פרומע, האָבן אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד קעגן גרויסע, אויסגעשולטע און שטאַרקע ארמייען פון די סירישע חיילות. די כהנים האָבן זיי באַזיגט, אומשעדלעך געמאַכט און פאַרטריבן פונם יידישן לאַנד.

די חכמים פון יענעם דור האָבן באַשטימט די חנוכה טעג פאַר א יום־טוב צו זאָגן הלל און ספּעציעלע ברכות, אלס לויב און דאַנק צום וועלט־באַשעפער פאַר די נסים.

על הנסים ועל הפורקן ועל הגבורות ועל התשועות ועל המלחמות שעשית לאבותינו בימים ההם בזמן הזה...

א דאַנק דעם וואָס די חכמים האָבן די גאַנצע געשיכטע פאַראייביקט אינם סידור און יידן זאָגן דאָס דריי מאָל א טאָג אין דער שמונה עשרה (שבת פיר מאָל) און דריי מאָל א טאָג אין בענטשן; א דאַנק דעם, זייַנען יענע געשעענישן געבליבן לעבעדיק אינם פאָלק.

די פראַגע איז, פאַרוואָס האָבן די חכמים מתקן געווען אזא שטייגער נוסח: „בימים ההם בזמן הזה״? מיר דאַנקען און לויבן ג־ט פאַר די נסים און גבורות וואָס ער האָט מיט אונדז געטאָן אין „יענע טעג״ אין דער „היינטיקער צייט״?..

די נסים זייַנען געשען דאַמאָלסט. נו, וואָס עפּעס בזמן הזה?

איז דער תירוץ, אז דער כוח פון יענע נסים זייַנען פאַרבליבן אין אַלע דורות. איטלעכער ייד, אין וועלכן דור ער לעבט, קאָן רואיק זאָגן אז אפילו בזמן הזה פילט ער און זעט די נסים.

ד

# היינטיקע נסים, היינטיקע גבורות

באטראכט מען די היינטיקע פאָליטישע סיטואציע, זעט מען באמת אז אלע אמאָליקע נסים און גבורות חזרן זיך איבער אין און ארום ארץ־ישראל.

רבים ביד מעטים.

מען האָט אונדז אָנגעוואָרפן א מורא, א פחד איז באפאלן אלע יידן אין אלע לענדער, ערשטנס מיט די פערציק מיליאָן אראבער וואָס רינגלען ארום די יידישע מדינה; צווייטנס, מיט רוסישע טאנקען, ביקסן, האנט־גראנאטן און עראָפּלאנען; דריטנס, מיט די דייטשע אָפיצערן, וועלכע זיינען כידוע „גוטהארציקע" מענטשן און זיי ווילן מקיים זיין די מצווה פון —

עזוב תעזוב עמו.

זיי קאָנען ניט זען ווי די עגיפּטער זיינען אומבאהאָלפן, קומען זיי צו הילף.

פערטנס, די רייכע געלט־אוצרות, ממש מעות מזומן פון ענגלאנד און אמעריקע, וואָס פליסן צו די אראבישע לענדער פארן שכר פאר זייער אויל.

מען טאָר ניט און מען קאָן ניט איגנאָרירן אזעלכע שטייגער פיר הויפּט־יסודות פון הילף, וואָס בדרך הטבע האָבן זיי געדארפט קאָנען איינ־שלינגען ישראל, ווי דער וואלפיש האָט איינגעשלונגען יונה הנביא...

און זעט א נס, א גרויסן וואונדער — די קליינע, שוואכע, ניט גענוג באוואָפנטע ישראל ארמיי האָט אריינמארשירט טיף־טיף הונדערטער מיילן אין דער מדבר סיני, צוגענומען דעם עזה־פּאס און דער „גרויסער", „שטארקער", כיטרער נאסער, דער גיבור פון די אראבער, דער גלית פון די היינטיקע מוסולמענער, איז באזיגט געוואָרן פונם קליינעם דוד...

בימים ההם, בזמן הזה. די נסים און גבורות זיינען געשען אין יענע טעג, אָבער אויך בזמן זה, אין אונדזער צייט...

ה

## לאָמיר מפרסם מאכן דעם נס

דער דין איז, אז די חנוכה ליכטלעך דאַרף מען אָנצינדן אויף אזא אָרט, אז אלע זאָלן זיי זען. מען טאָר זיי ניט באהאלטן ערגעץ־וואו אין א ווינקל. אלע דאַרפן זען די חנוכה ליכטלעך ברענען.

רבנים און לערער, טאַטעס און מאַמעס דאַרפן ציען די אויפמערקזאַמ־קייט פון זייערע באַלעבאַטים, תלמידים און קינדער. מען דאַרף דערציילן די נסים און גבורות פון אַמאָל, ווי ג־ט האָט איבערגעגעבן א רבים אין הענט פון מעטים, א פּילפּאַכיק גרעסערע אַרמיי אין הענט פון א קליינער און שוואַכער חשמונאים משפחה; טמאים זיינען באַזיגט געוואָרן פון טהורים און רשעים זיינען אונטערטעניק געוואָרן צו צדיקים...

פּונקט אזוי זיינען באַזיגט געוואָרן די הייניטיקע גרויסע און שטאַרקע עגיפּטישע אַרמייען, די פון קאָפּ ביז פיס באַוואָפנטע מיט פרעמדע וואָפן. זיי זיינען אַנטלאָפן פאַר דער פיל־קלענערער ישראל אַרמיי...

מען דאַרף וועגן דעם רעדן מיט אַלטע און מיט יונגע, מיט מענער און מיט פרויען, מיט געלערנטע און מיטן המון עם; מען דאַרף אַריינלייגן אין זייערע מיילער דעם —

בימים ההם, בזמן הזה...

ווייל די מצווה פון חנוכה איז מפרסם צו זיין דעם נס...

ו

## לשנה אחרת קבעום ועשאום ימים טובים בהלל והודאָה

די גמרא שבת דערציילט אונדז, אז ערשט איבעראַיאָר, נאָכדעם ווי יענע נסים און גבורות זיינען געשען, האָבן די חכמים באַשטימט די חנוכה־טעג פאַר יום־טובים.

פאַרוואָס ערשט איבעראַיאָר? פאַרוואָס ניט גלייך ווען די נסים און גבורות זיינען געשען?

ווייל די חכמים האָבן געוואָלט זען צי די נסים און גבורות זיינען דויערהאַפטע און געזיכערטע... זיי האָבן מורא געהאַט, צי זיינען ניט אַמאָל

יענע גבורות און נסים א צייטווייליקער נצחון... ווען זיי האָבן געזען לשנה אחרת, אין צווייטן קומענדיקן יאָר, אז דער נצחון האלט אָן, זיינען די חכמי ישראל ערשט דאן ארויס מיט א טריאומף־צוג, מיט א יום־טוב, מיט הלל, מיט געזאנג און מיט תהלות ותשבחות.

לאָמיר האָפן אז די היינטיקע נסים און גבורות פון ישראל זיינען אויך דויערהאפטע און שטענדיקע.

עס איז דאָ א מיינונג אין דער גמרא, אז צוויי מאָל הייסט שוין א חזקה.

נו, ווער געדענקט ניט ווי די עגיפּטישע ארמייען, אונטער דער אָנ־פירערשאפט פון נאגיב, האָבן געליטן א מפלה ביים ערשטן אָנפאל אויף ישראל? היינט האָבן זיי געליטן א צווייטע, מיאוסע מפלה — זאָל דאָס זיין א חזקה און א פארזיכערונג אז מער וועלן יענע „גיבורים" ניט וואגן אָנ־צופאלן אויף מדינת ישראל... מיר גלויבן באמונה שלימה אין בימים ההם בזמן הזה...

## ז

## דער טאָפּלטער קאמף

קעגן דעם יידן האָבן די פעלקער געקעמפט אין פארשיידענע תקופות א טאָפּלטן קאמף: אמאָל קעגן זייער גוף און פיזישער עקזיסטענץ און אמאָל נאָר קעגן דעם יידישן גייסט, דעם יידישן תוכן, דעם יידישן רת, דער יידישער נשמה.

אין אלטן מצרים, אין די צייטן פון חומש, האָט מען מיט יידן שווער געארבעט עבודת הפרך. אזא ארבעט וואָס צעברעכט און רוינירט דעם קערפּער.

די עגיפּטער האָבן מורא געהאט „פּן ירבה", האָבן זיי זיך געקליגט און געפונען אן עצה: כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו, אריינווארפן יידישע יינגלעך אין וואסער. זיי האָבן געגלויבט, אז זיי וועלן קאָנען פארניכטן די יידן פיזיש.

ווען זייערע פּלענער זיינען דורכגעפאלן און די יידן זיינען ארויסגע־גאנגען פון מצרים „ביד רמה", געשטארקט, דערמוטיקט פון די ג־טלעכע נסים; אותות ומופתים האָבן איבערצייגט יענע כיטרע עגיפּטער, אז מיט יידן לוינט זיך ניט אָנצוהייבן און משה דר פירער האָט מיט געזאנג געפירט די קינדער פון ישראל דורך דער מדבר — איז געקומען א צווייטער שונא:

ויבא עמלק וילחם עם ישראל.

איז געקומען עמלק און געוואָלט פארניכטן ישראל... ווידער א פיזישער אָנגריף אויפן יידישן פאָלק.

אזוי האָבן שכנישע פעלקער פון ישראל, דער קעניג פון בבל און פון אשור, פון עמון און פון מואב, פון די פלישתים און שפעטער די רוימער, געוואָלט פארניכטן דאָס יידישע פאָלק.

בימי מרדכי ואסתר, ווען יידן זיינען געווען פארשפרייט אין הונדערט און זיבן און צוואנציק לענדער, האָט אויך המן הרשע געזוכט פלענער צו פארניכטן אלע יידן:

להשמיד ולהרוג את כל היהודים

זיי אָפצואווישן פון דער אויבערפלאך פון דער ערד...

אין די צייטן פון די חשמונאים, 165 יאָר פאר דער היינטיקער צייט־רעכענונג, האָבן די דאמאָלסטדיקע אָקופאנטע פון ארץ־ישראל פארטראכט א נייעם פלאן, א מער „ציוויליזירטן", ניט קיין פיזישע נאָר א גייסטיקע פארניכ־טונג; ניט חרוב מאכן דאָס בית־המקדש, נאָר מטמא זיין דעם אויל און פאראומרייניקן די מנורה.

דעם יידישן קערפער — אדרבה, שטארקן אים דורך ספאָרט און קערפערלעכע איבונגען, אָבער די יידישע נשמה — טויטן און פארניכטן...

פארוואָרפן דעם יידישן לעבנסשטייגער און דאָס יידישע לשון, ענדערן די יידישע נעמען און ניט ערלויבן יידן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות.

פונקט ווי עס האָבן זיך תמיד געטראָפן אויך אייגענע ברידער פאררעטער וועלכע האָבן צוגעהאָלפן אונדזערע שונאים אין דער פיזישער פארניכטונג, אזוי האָבן זיך תמיד געטראָפן מאחינו בני ישראל אינערלעכע בוגדים, וועלכע האָבן געהאָלפן דעם שונא מטמא זיין און פאראומרייניקן די יידישע נשמה דורך טאָטאלער אסימילאציע און אלגעמיינער אויסמישונג.

אין דער חשמונאים תקופה, ווען אנטיוכוס האָט איבערגענומען דעם מלוכה רודער פון סילייקוסן, האָט זיך אָפגעזוכט אזא פאררעטער וועמען עס האָט זיך פארגלוסט צו באקומען דעם כהן־גדול אמט. זיין נאָמען איז געווען ישוע, דער ברודער פון חוניו.

ער האָט זיך געחנפט צום גריכישן הערשער פון לאנד יהודה און אזוי האָט דער בוגד געזאָגט צום קעניג: אדוני המלך, אויב דו ווערסט מיך

באשטימען פאר דעם כהן־גדול פון די יידן, וועל איך קודם כל אָפּוועגן דריי הונדערט מיט זעכציק צענטער זילבער און אכציק צענטער זילבער פון די לאנד־שטייערן. און הונדערט און פופציק צענטער זילבער וועל איך צושטעלן צו דיר, אויפצובויען א גרויסן פארוויילונג בנין אין ירושלים כדי די יידישע יוגנט זאָל דאָרטן פארברענגען צוזאמען מיט די ניט־יידישע און זיי וועלן האָבן די זעלבע רעכט...

דער דאָזיקער בוגד, מיטן כוח פונם מלך אנטיוכוס, האָט געשטערט אלע יידישע געזעצן און די דינים פון דער תורה, און איינגעפירט די גריכישע אויף זייער אָרט.

אפילו די כהנים פון בית־המקדש האָבן פארשעמט זייער גאָטס־דינסט. זיי האָבן פארלאָזן דעם מזבח און זיינען געלאָפן זען די ספּאָרטלער און די קעמפער אין די עפנטלעכע ארענעס.

ויחשבו את דרכי אבותיהם להבל ולריק וינשאו ויהללו את דרכי היוונים (חשמונאים ב׳, ד׳—י״ז).

און זיי האָבן אָנגעהויבן באטראכט דעם לעבענסשטייגער פון זייערע עלטערן פאר אן אומזין, און זיי האָבן געלויבט און געאכטעט די מנהגים פון די גריכן.

אזוי האָט זיך די אסימילאציע און רעפאָרם דאן איינגעבירגערט צווישן די יידישע מאסן פון ארץ־ישראל.

דער הייליקסטער צענטער פון יידישן פאָלק, דאָס בית המקדש, איז פאראומרייניקט געוואָרן; א בוגד, א פאררעטער האָט אָפּגעקויפט דעם כהן־גדול אמט און האָט געהאָלפן פארטרייבן די תורה געזעצן פון יידן.

עס איז געוואָרן א מאסן־עפּידעמיע. די יוגנט, די כהנים, די רייכע און זאטע — אלע זיינען זיי פארכאַפּט געוואָרן פון דער גריכישער קולטור.

ניט חרוב מאכן ארץ־ישראל, ניט צעשטערן דאָס בית המקדש און ניט צו צעברעכן די יידישע מנורה. ניין, אזא האנדלונג פאסט ניט פאר די ציוויליזירטע גריכישע מושלים, און ניט פארן רעפאָרם כהן־גדול, וועלכער האָט צוגעזאָגט דעם קעניג אנטיוכוס אז ער וועט באוועגן אלע יידן אָנצונעמען די הערשנדיקע רעליגיע און קולטור.

ויניא את לבב העם ללכת בדרכי היוונים (דאָרטן, י״א).

און ער האָט אָפּגעקערט דאָס הארץ פונם פאָלק און זיי צוגערעדט זיי זאָלן בעסער גיין אין די גריכישע וועגן...

אין דער גמרא שבת, כ"א, ווערט יענע גייסטיקע טראגעדיע געשיל־דערט אין קורצע שורות: מאי חנוכה? דתנו רבנן, וואָס זיינען דאָס די אכט טעג חנוכה אין וועלכן מען טאָר ניט זאָגן קיין הספד און מען טאָר ניט פאסטן?

שכשנכנסו היונים להיכל טמאו כל השמנים שבהיכל

ווען די יוונים זיינען אריין אין בית המקדש האָבן זיי מטבא געווען אלע אוילן.

זאָל ברענען א מנורה אין יידישן טעמפל, אָבער מיט א ניט־יידישן, ניט־כשרן אויל; אנשטאָט דעם נר ישראל, זאָל דאָרטן פלאקערן דער אבוקת יוון. דער יידישער נר תמיד איז דאן פארלאָשן געוואָרן און דער גריכישער פלאקער, דאָס פארקאָפּטשעטע, פאררויכערטע גויישע עבודה זרה ליכט, איז אָנגעצונדן געוואָרן.

און די גרויסע, בלינדע מאסע, וועלכע האָט ניט געוואוסט מבדיל צו זיין בין קודש לחול און בין ישראל לעמים, האָט געיובלט פון פרייד. זיי האָבן שלום געמאכט מיטן אָקופּאנט. זיי זיינען צופרידן געווען צו קאָנען פארווארפן אלץ וואָס איז יידיש און לעגאל איבערגענומען דעם נייעם לעבנס־שטייגער פון דער מערהייט.

די לאגע האָט אויסגעזען צו זיין זייער ביטער. דער המון עם האָט געגלויבט אז אָט שטארבט אָפּ די יידישע נשמה און איר אָרט וועט איבערנעמען די גויישע, די גריכישע...

ווייל ווען דאָס הארץ פונם יידנטום, דאָס בית המקדש, איז באהערשט געוואָרן פון די העלעניסטן, די רעפאָרמער פון יענער תקופה, זיינען ממילא אלע איברים אָפּגעשוואכט און קראנק געוואָרן...

## ח

## די שטארקע מינדערהייט

א קערנדיקע, געזונטע, און באוואוסטזיניקע מינדערהייט, קאָן באזיגן א גרויסע צעקראָכענע מערהייט. אזוי לערנט אונדז דער נס חנוכה.

קליין איז געווען אין צאָל די טריי־פארבליבענע איבערגעגעבענע חשמונאים משפחה מיט אירע ארויסהעלפער. זיי זיינען געווען שוואך, חלשים אין פיזישן זין, אָבער העלדן אין גייסט.

די מעכטיקע גריכיש־סירישע ארמיי מיט איר וואָפן און כלי זיין, צוזאמען מיטן יידישן פאַרדאָרבענעם רוב, זיינען בטל בשישים געוואָרן ווען מתתיהו מיט זיינע זין זיינען ארויס אין קאמף קעגן די גויישע שונאים און יידישע רעפאָרמער זיינען זיי געפאלן און פארניכטעט געוואָרן.

דער גרויסער נס מיטן קריגל בוימל איז געשען אין בית המקדש גופא. די מנורה האָט געדארפט האָבן כשרן, טהורדיקן אויל און אלץ איז געווען טמא, האָבן זיי געזוכט און געפונען איין קליין קריגל ריינעם אויל, פארזיגלט מיטן זיגל פונם כהן הגדול. דאָס ביסעלע אויל איז גענוג געווען נאָר פאר איין נאכט, איז געשען א נס און עס האָט געברענט פאר גאנצע אכט טעג ביז מען האָט געקאָנט צוגרייטן ריינעם, טהורדיקן שמן זית.

דער דאָזיקער נס האָט אינספירירט די קליינע חשמונאים משפחה זי זאָל ארויסטרעטן קעגן רוב, קעגן דער גרויסער מערהייט פון די העלעניסטן, און קעגן דער נאָך פיל גרעסערער מערהייט פון די גריכיש־סירישע ארמייען און הערשער.

דער ברוטאלער אָקופאנט וועלכער האָט כלומרשט דערקלערט פרייהייט און גלייכבארעכטיקונג פאר אלע איינוואוינער, איז געגנצלעך פארטריבן געוואָרן פון די גרעניצן פון ארץ־ישראל.

די חשמונאים משפחה האָט איבערגענומען די פירערשאפט פון דער יידישער מלוכה און זי האָט אָנגעהאלטן קרוב צו צוויי הונדערט יאָר.

אויב איר ווילט איז דאָס ניט דוקא קיין געשיכטע פון בימים ההם. אויך אצינד, אין אונדזער תקופה, קומט פאָר דער זעלבער געראנגל צווישן דער שוואכער יידישער מינדערהייט מיטן גרויסן רוב.

אויפן נאציאָנאלן פעלד זיינען יידן א קליין פאָלק, אויף א טייל פון ארץ ישראל. די גרויסע מערהייט פון אירע שכנים ארום, זיינען אירע שונאים און קוקן אויס אויף איר דורכפאל.

אין די תפוצות, אויף אלע קאָנטינענטן זיינען יידן א קליינער מיעוט, וועלכער ווערט באאיינפלוסט דירעקט צי אומדירעקט פון דער ארומיקער סביבה און קולטור.

מיליאָנען יידישע קינדער לערנען זיך אין ניט־יידישע שולן, זיי ווערן דאָרטן גייסטיק פאראליזירט און בלוטלאָז אין יידישן זין.

דער גייסט און די קולטור פון דער מערהייט האָט זיך אוועקגעלייגט אויפן יידישן קינד. זי פרעסט אים און דריקט אים. זי וויל אים דערווערגן ממש ביז צום טויט. ביז יציאת נשמה. זי האָט זיך פארמאָסטן אז די יידישע

נשמה וועלכע איז געשטאנען צופוסנס פון בארג סיני און געהערט דעם „אנכי ה׳ אלקיך״, אז אַט די הייליקע נשמה זאָל ארויס פון יידישן מענטשן און באלעבן זאָל אים א נייע, וועלטלעכע ניט־יידישע נשמה.

חנוכה זיינען טעג פון נצחון. דאָס ריינע, אמתע נר מצוה ותורה אור ליכט, האָט באזיגט דעם פארדרויכערטן און פארקאָפּטשעטן אבוקת יוון...

קליין זיינען די חנוכה ליכטלעך אין חיצוניות קאָנען זיי זיך ניט פארגלייכן מיט דער עלעקטרישער פלואָרעסענט באלייטונג: אין פנימיות, אין קדושה און אין טהרה, זיינען זיי אָבער קרעפטיקער און שטארקער. זיי באלייכטן דורות און דערציילן די אמתע געשיכטע פון יידישן פאָלק וועלכעס האָט זיך געראנגלט מיט קעגנער און שונאים, מיט פינצטערע כוחות אין פארשיידענע תקופות און א דאנק די נסים פון ג־ט האָט זיך דאָס פאָלק ישראל דערהאלטן אין די פינצטערע גלותן.

די קלייניקע חנוכה ליכטלעך האָבן באלויכטן די פינצטערע געפּלאָגטע און פארפייניקטע צייטן פון פארוואָגלטן עם ישראל.

לאָמיר דעריבער צינדן די דאָזיקע הייליקע חנוכה ליכטלעך, לאָמיר דערציילן די נסים צו אונדזערע קינדער און קינדס קינדער, און אזוי זאָל מען זיי זאָגן: אמת, מיר זיינען א מיעוט, א מינדערהייט, וועלן מיר זיך אָבער האלטן פעסט און שטארק און ניט פארלאָזן דאָס וואָס אונדזערע אָבות אבותינו האָבן אונדז געלערנט, וועט די גרויסע מערהייט בטל ומבוטל ווערן און מיר וועלן ווייטער ארויס די זיגער.

(ערב חנוכה, תשי״ח).

# זכור את אשר עשה לך עמלק...

די געשיכטע איז שוין אלט, זייער אלט, דאָך זעט עס אויס ביי און פריש, ווי עס וואָלט אָט־ערשט, אין אונדזער דור געשען.

ווען די יידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, זיינען זיי גערודפט און באפאלן געוואָרן פון עמלקן:

ויבא עמלק וילחם עם ישראל ברפידים (שמות, י״ז, ח).

זאָגט משה צו יהושען: קלייב אויס מעכטיקע מענער, גיי ארויס און פיר מלחמה מיט עמלקן. און ווען יהושע באזיגט אים און מאכט א תל פונם שונא, קומט ג־טס וואָרט צו משהן, אזוי צו זאָגן:

כתוב זאת זכרון בספר ושים באזני יהושע, כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים (דאָרטן).

א

„שרייב דאָס אויף פאר א זכר אין א ספר, און פארטרוי עס יהושען, אז איך וועל אָפּמעקן דעם אָנדענק פון עמלקן פון אונטער הימל״.

עמלק האָט זיך איינגעקויפט מפטיר ביי יידן. איטלעכן רשע, שונא ישראל, ברוטאלן בלוטדורשטיקן אוממענטש, רופט מען עמלק אָדער המן.

יידן האָבן געהאט (און האָבן עד היום) פארשיידענע שונאים, עפנטלעכע און באהאלטענע פיינט, טייל פון זיי שעמען זיך ניט און האלטן א האק אָדער א שווערד אין האנט, כדי ביי א געלעגנהייט צו דערלאנגען דעם יידן. טייל טראָגן זיידענע הענטשקעס אויף זייערע הענט און צווישן זייערע פינגער גע־פינט זיך א גאָלדענע פען, ממש זהב טהור, אָבער מיט דעם אידעלן שרייב־געצייג באָמבארדירט מען אויף יידן מיט בלבולים און סתם שטעך־ווערטער... דאָס זיינען, אזוי צו זאָגן, די בעסערע פון די עשר מכות...

אין די ביבלישע צייטן האָבן יידן געהאט די מצרים, די אדומים אא״וו. אויף יענע שונאים בעט די תורה רחמנות:

לא תתעב אדומי כי אחיך הוא.

**פאראומווירדיק ניט קיין מענטש פון אדום, ווייל ער איז דאָך דיין ברודער:**

לא תתעב מצרי כי גר היית בארצו (דברים, כ״ג).

**פאראומווירדיק ניט קיין מענטש פון מצרים, ווייל דו ביסט דאָך געוועז א גר אין זיין לאנד.**

**עמלק האָט אָבער אָפּגעשניטן ערגער ווי אלע שונאי ישראל. די תורה פארלאנגט פונם יידן:**

זכור את אשר עשה לך עמלק.

**געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן. מעק אויס דעם זכר פון עמלק פון אונטערן הימל. פארגעס עס ניט!**

**דער היינטיקער שבת ווערט אָנגערופן פרשת זכור, ווייל א חוץ דער לויפנדיקער סדרה פון דער וואָך (ויקרא), ווערט צו מפטיר געלייענט די פרשה:**

זכור את אשר עשה לך עמלק.

**און ניט בלויז שבת, פרשת זכור, א וואָך פאר פורים, דארף מען געדענקען עמלקן און המן הרשע. איטלעכן טאָג זאָגן פרומע יידן נאָכן דאוונען יענעם זכור — געדענק, פארגעס ניט וואָס עמלק האָט צו דיר געטאָן.**

**פארוואָס גראָד עמלק האָט „זוכה״ געווען אז יידן זאָלן זיך פארנעמען אים אָפּצומעקן פון אונטערן הימל, און אים ניט פארגעסן צו פארשילטן?**

**אויף דעם האָט שוין געענטפערט דער אלטער קאָצקער רבי זצ״ל:**

**ווייל עמלק האָט אויסגעארבעט א שיטה, אן אידייע, א ספעציעלן וועג, א ליניע אזא, ווי אזוי פיינט צו האָבן מיט אן אידייע...**

אשר קרך בדרך.

**עמלק האָט קאלט געמאכט די ווארימע באציאונגען פון פעלקער צו ישראל מיט א דרך, מיט א וועג, מיט א שיטה, מיט אן אידייע...**

**היינט וואָלט מען עס געקאָנט רואיק אָנרופן מיט א „וויסנשאפטלעכן״ וועג אָדער סיסטעם...**

**פּאָגראָמירן יידן איז ניט קיין נייעס אין אונדזער געשיכטע. אָבער די אלע פּאָגראָמען זיינען אויסגעפלאנט געוואָרן אין די פינצטערע קעלערן פון**

די כמעלניצקיס און פון די היידאמאקעס פון אוקראינע אָדער פון פוילן און רומעניע.

די היינטיקע עמלקים, די „קולטורעלע" דייטשן, האָבן זייער פּלאן אויס געארבעט ניט אין די קעלערן, ניט אין די פארבאָרגענע ערטער (אין מינכענער ביר קעלער איז נאָר פארזייט געוואָרן א קערנדל פון שנאה), נאָר וויסנשאפטלעך האָבן זיי עס געטאָן. געבילדעטע כעמיקער און אינזשענערן, מעדיצינער און שרייבער, אלע האָבן זיי געארבעט מיט „וויסנשאפטלעכע מעטאָדן" ווי אזוי צו פארטיליקן 6 מיליאָן יידן; די גאז־אויוונס און פארניכטונג פלעצער זיינען געווען אויסגעארבעט לויטן לעצטן וואָרט פון מאָדערנער טעכניק — אלץ האָב געקלאפּט ווי א זייגער.

אשר קרך בדרך.

די עמלקים פון דייטשלאנד האָבן זעקס מיליאָן יידן קאלט געמאכט מיט א סיסטעמאטישן „וועג", מיט אן אויסגעפּלאנטן סיסטעם און אידייע.

ס'איז ניט געווען אשר „קרך" געטראָפן, צופעליק... נאָר מיט א פּלאן פון אומקום און פארטיליקונג. דעריבער ליגט אויף איטלעכן יידן דער חוב, די מצוה, צו געדענקען עמלקן. געדענק אויך וואָס עמלק פון אונדזער דור האָט דיר ייד געטאָן! פארגעס ניט!..

גאנץ באזונדער היינט טאָרן מיר עס ניט פארגעסן, ווייל די אומות העולם זיינען איצט גענויגט יאָ צו פארגעסן.

אמעריקע, ענגלאנד, אפילו פראנקרייך, האָלאנד און בעלגיע, זיינען גרייט מוחל צו זיין די עמלקים און זיי צו אנערקענען אלס גלייכע שותפים... און זיי אויפסנייַ צו באוואָפענען פון קאָפּ ביז די פיס, צוליב דער מורא פאר רוסלאנד.

די גרעסטע פארברעכער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, ווערן איצט רעהאביליטירט, ריינגעוואשן און באוואָפנט; די געוועכטיקייט, די געטין פון יושר און צדק, זיצט א פארוויינטע און א פארשעמטע... מאסן־מערדער ווערן איבער נאכט נוצלעכע, בראווע מענטשן.

די שרעקלעכסטע פון אלע שרעקלעכע, די מערדער וועמעס דירעקטע שולד און רציחה איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אָן שום ספק און צווייפל, זיבן צאצקעס און מערדער־פירער פונם מערדער־פאָלק זיינען שוין געזעסן אין טויטן־צעל און געווארט אויף זייער פינצטערן סוף — אויך יענע זיבן עמלקים לעבן נאָך און די דעמאָקראטישע, ליבעראלע מענטשן קאָנען נאָך ניט

באשליסן איינמאָל פאַר אלעמאָל צו מאכן א סוף צו די פארשאָלטענע לעבנס פון די מאסן־מערדער.

עס ווייזט אויס אז ביי אנדערע פעלקער האלט מען ניט פון דער מצוה —

זכור את אשר עשה לך עמלק.

ביי יידן איז עס אָבער א הארבע מצוה. לגבי אַן עמלק טאָר ניט זיין קיין פשרה, רחמנות מיינט אכזריות; אויף מאסן־מערדער, וועלכע האָבן מיט „וויסנשאפטלעכע" מעטאָדן —

אשר קרך בדרך,

פארטיליקט זעקס מיליאָן יידן און פארגיפטעט א גרויסע וועלט און זי אָנגעשטעקט מיט שנאה באצילן, קאָן קיין רחמנות ניט אויסגעאיבט ווערן.

דער ערשטער יידישער קעניג שאול, האָט רחמנות געהאט אויף אגגן, עמלקס אייניקל, האָט ער פארלוירן זיין קרוין און איז אליין אומגעקומען דורך זיין אייגענער שווערד. אויב די תורה האָט געזאָגט:

תמחה את זכר עמלק,

„זאָלסט אויסמעקן עמלקס אָנדענק" — ווער וואגט עס ארויסצוואווייזן אים רחמנות?..

טויזנטער יאָרן ווי יידן פארגעסן ניט. עמלק ווערט דערמאָנט צו שאנד און צו שפּאָט, ער ווערט באטראכט אלס דער קלאסישער שונא פון יידישן פאָלק.

עמלק, אגג, המן, טאָרקוועמאדאָ, כמעלניצקי, היטלער — אלע זיינען זיי פון איין משפחה, די אויסראָטער פון יידן.

זיי טאָר מען ניט פארגעסן, עס איז א מצוה פון דער תורה.

זכור את אשר עשה לך עמלק.

געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן!

(תשי"א).

ב

## ישנו עם אחד, מפוזר ומפורד בין העמים

די יידישע חכמים, סיי אין דער משנה און סיי אין דער גמרא, סיי דער רמב"ם און סיי דער „שלחן ערוך", פארפליכטן דעם יידן צו הערן לייע־

נען די מגילה אום פורים. לויטן דין טאָר מען ניט דורכלאָזן קיין פסוק, קיין איינציק וואָרט פון מגילת אסתר. ווייל איטלעכער פסוק דערציילט עפּעס וויכטיקעס, און יעדער וואָרט האָט א כוונה.

עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס מגילת אסתר האָט פיר פּרקים משניות, א גאַנצע גמרא מגילה, בבלי און ירושלמי; גרויסע מדרשים און ילקוטים, און אלע קלאַסישע ספרים, סיי נגלה און סיי נסתר, סיי ראשונים און סיי אחרונים, סיי די לומדישע און סיי די חסידישע — אלע פאַרטראַכטן זיך און פאַרטיפן זיך אין אלע איינצצנע פּרטים און פּרטי־פּרטים, וועלכע געפינען זיך אין מגילת אסתר; יעדער טייטשט אריין און באמיט זיך עפּעס צו זאָגן און צו געפינען א געדאנק, א חידוש, א פּשט. ווייל איטלעכער ווייסט און פילט, אז דאָס איז ניט סתם קיין מגילה, וועלכע דערציילט סתם אזוי זיך א מעשה שהיה. נאָר מגילת אסתר איז א הייליק ספר. אין דער דאָזיקער מגילה ליגט באהאלטן דער גאַנצער כאַראַקטער־שטריך פונם יידישן פאָלק, אלע זיינע מעלות און חסרונות...

ניט בחינם זאָגט די גמרא:

אסתר ברוח הקודש נאמרה... (מגילה, ז׳).

איטלעכע תקופה, יעדער עפּאָכע, סיי ווען יידן זיינען געווען אין גלות און סיי ווען זיי זיינען געווען אין ארץ־ישראל, שפּיגלט זיך אָפּ אין יענער וואונדערלעכער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער מגילה.

* *

*

אסתר האָט געבעטן ביי די חכמים אין יענעם דור, כתבוני לדורות, פאַרשרייבט מיין גאַנצע געשיכטע פאַר די שפּעטערדיקע דורות, ווייל נאָר די פאָרמען קאָנען זיך ענדערן, אָבער דער תוכן, דאָס קערנדל, די יאָדרע, וועט תמיד זיין די זעלבע. די חכמים האָבן איר פאַרשטאַנען. זיי האָבן געזען, אז ס׳איז אמת אזוי, האָבן זיי פאַרשריבן מגילת אסתר פאַר דור־דורות, און דערקלערט די דאָזיקע מגילה פאַר הייליק.

אסתר ברוח הקודש נאמרה...

זיי האָבן אריינגענומען מגילת אסתר צווישן די תנ״ך ספרים.

אחשורוש — דערציילט אונדז די מגילה — האָט געהערשט איבער

הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות. א ניש־קשהדיקע אימפעריע. פאר־שיידענע פעלקער מיט פארשיידענע לשונות און אמונות, מיט קעגנגעזעצטע מנהגים און זיטן.

צווישן יענעם „ערב־רב", צווישן יענעם געמיש פון פעלקער, האָבן זיך אויך געפונען אחינו בני ישראל.

המן הרשע האָט זיך באַליידיקט פונם יידישן פירער, מרדכי, וועלכער איז געווען שטאָלץ ביי זיך און האָט זיך ניט געוואָלט בוקן פאר אים.

מרדכי, וועלכער האָט רעפרעזענטירט די יידישע ווירדע, סימבאָליזירט די יידישע אויסדערוויילטקייט, די יידישע זשעני, און אַלץ וואָס טראָגט דעם יידישן נאָמען, האָט זיך ניט געקאָנט מכניע זיין פאר א המן, א רשע, וועמען די הצלחה האָט צופעליק צוגעשפילט, און ער האָט זיך ארויפגעכאפט אויפן פּאָליטישן רייטוואָגן פון יענער אימפעריע.

המן האָט ניט באטראכט מרדכין ווי א יחיד, ווי אן אינדיוויד, נאָר אלס פאָרשטייער פונם יידישן פאָלק.

מרדכי האָט געוויזן א דרך, אז א ייד טאָר זיך ניט בוקן פאר קיין אנדערע כוחות, פאר קיין אנדערע הערשער, פאר קיין אנדערע דיקטאטאָרן, נאָר פאר ג־ט אליין.

מרדכי איז ניט געווען א ייד וואָס איז געזעסן אין קלויז הינטערן אויוון, נאָר ער האָט זיך געפונען דווקא בשער המלך, אין די קעניגלעכע קרייזן האָט ער פארקערט, געווען פון די געהויבענע חשובים ביי יידן און זייער פאָרשטייער אין קעניגלעכן הויף. און דאָרטן האָט מרדכי ארויסגעוויזן אזויפיל שטאָלץ, אזויפיל ווירדע, אזויפיל חשיבות און זיך ניט געוואָלט מכניע זיין פאר א שונא ישראל, אפילו פאר דעם וועלכן דער אימפעראטאָר אחשורוש האָט באשטימט פאר זיין פּרעמיער מיניסטער.

המן האָט געפילט די באַליידיקונג ניט בלויז פון מרדכין, נאָר פונם גאנצן יידישן פאָלק. איז ער געקומען צום מלך און אָנגעהויבן צו מינימיזירן, צו מאכן צו גאָרנישט, די גאנצע יידישע ראסע...

און אזוי האָט ער געזאָגט צום קעניג:

ישנו עם אחד...

דאָס וואָס דיר דאכט זיך, קעניג, אז יידן זיינען איין פאָלק, איין פאר־אייניקטע גרופּע, און צו אזעלכע דאַרף מען האָבן צוטרוי און רעספּעקט, מען דאַרף זיי געבן פארשיידענע פּריווילעגיעס און מיט זיי מטיב זיין... אויב

דו — גרויסער אימפעראטאָר — דענקסט אזוי, האָסטו א טעות... דיר קוקט עס טאקע אויס, אז ס׳איז —

ישנו עם אחד...

אז זיי זיינען איין פאָלק, פאראייניקט, שטארק און אומבאזיגבאר. אין דער אמתן זיינען זיי —

מפוזר ומפורד בין העמים...

צעשפּאָלטן און צעשפּליטערט, צעבראָכן און צעברעקלט אויף פארשיידענע פּארטייען און ריכטונגען, גרופּן און גרופּקעלעך; זיי קאָנען צווישן זיך ניט אויסקומען, זיי פירן מחלוקת און העצן איינער קעגן דעם אנדערן...

אזא צעברעקלטע נאציאָנאליטעט קאָן קיין קיום ניט האָבן, עס לוינט זיך גאָר ניט פארן מלך זיי צו דולדן און טאָלערירן —

ולמלך אין שווה להניחם...

אסתר המלכה האָט דערזען די גרויסע געפאר, האָט זי געשיקט זאָגן מרדכין:

לך כנוס את כל היהודים...

שנעל, פארזאמל און פאראייניק אלע יידן, אנדערש זיינען מיר פארלוירן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ג

ווי איר זעט, האָט זיך די לאגע עד היום ניט פיל פארבעסערט. טראָץ דעם וואָס יידן זיינען דורכגעגאנגען אין די צוויי טויזנט יאָר געגנוג צרות, געגנוג גלותן, געגנוג שחיטות און גאז־אויוונס, געגנוג פארטיליקונגען און געגנוג לייד און פּיין, און אצינד צוריק צום מלוכה־לעבן געקומען.

ביי אלע גויים זיינען פאראן פארטייען און גרופּן. אָבער יידן, כאָטש קליין אין צאָל, פארמאָגן מער צעברעקלטע כוחות, מער צעשפּליטערטע פּאר־טייען ווי יעדער אומה ולשון.

לאָמיר א קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אין ישראל.

די רעליגיעזע גרופן, כאָטש אלע האָבן איין ציל, זיינען צעריסן אויף שטיקער: נטורי קרתא, אגודת ישראל, פועלי אגודת ישראל, פאג״י, מזרחי, הפועל המזרחי, למפנה; ציונים כלליים האָבן א האלבן טוץ גרופן. איצט די ארבעטער פארטיי? מפא״י, מפ״ם; אצינד האָט זיך די מפ״ם ווייטער געשפּאָלטן. און די השומר הצעיר גרופן, און די קאָמוניסטן — אלע ווילן פארבעסערן די ארבעטער מאסן, אלע ווילן ברענגען די גאולה און אויסלייזונג, אָבער דער פרייז איז — צעשפליטערונג און „דור הפלגהדיקע״ מיינונגס פארשיידנהייטן. צוויי גרופן וועלכע האָבן כמעט איין ציל, סיי ביי די רעכטע און סיי ביי די לינקע, קאָנען זיך ניט צוזאמענריידן. איינער קוקט אויפן אנדערן מיט חשד...

ס'איז טאקע עם אחד, אָבער ליידער איז עס מפוזר ומפורד מער ווי בין העמים... צעבראָכן און צעשפליטערט אויף פיצלעך...

המן, ווייזט אויס, האָט גוט כאראקטעריזירט אונדזער פאָלק: ישנו עם אחד, עס וואָלט געקאָנט זיין א ברכה פאר זיך און פאר דער וועלט, איז עס אָבער מפוזר ומפורד — מער ווי בין העמים...

אסתר'ס עצה איז נאָך היינט אויך א רפואה, די מרדכיס אינם דור, דארפן צוזאמענגעמען, פאראייניקן עס זאָל זיין איין פאָלק, איין שעפערישער כוח — ערשט דאן וועט ער ברענגען ברכה פאר זיך און פאר דער גאנצער וועלט...

(תשי״ב).

ד

# לכבוד פורים

לחיים יידן, לחיים טובים ולשלום! מיר דארפן טרינקען לחיים און דאנקען השם־יתברך וואָס מיר לעבן און זיינען געזונט, און מיר האָבן א יידישע מדינה מיט לייטן גלייך.

המן הרשע האָט אָפגעוואויגן צען טויזנט שטיק זילבער, עס דערלאנגט צום קעניג אחשורוש און באקומען די פרייהייט צו טאָן מיט די יידן וואָס זיין הארץ גלוסט...

המן האָט געפלאנט, געמאכט הכנות ביז... ביז מען האָט אים און זיינע צען בנים אויפגעהאָנגען...

אויב איר מיינט אז דאָס איז בלויז אן אלטע געשיכטע פון דער ווייטער פארגאנגענהייט, זייט איר במחילה ניט קליגער ווי אחשורוש אליין.

דאָס איז טאקע אן אלטע געשיכטע, אָבער זי חזרט זיך איבער אין איטלעכן דור... טאקע „בימים ההם", אָבער אויך „בזמן הזה".

די היינטיקע המנס, די אראבישע רעדל־פירערס, די וועלכע ווארפן אָן א פחד און מורא אויף ישראל, זיי קומען אויך צו די היינטיקע מאכט־האָבערס, צו אמעריקע און ענגלאנד, אָדער גאָר צו רוסלאנד, ווי המן בשעתו, און ברענגען... ניט קיין צען טויזנט שטיק זילבער, נאָר פעסלעך אויל... און פארן אויל ווילן זיי האָבן די פרייהייט צו באַיקאָטירן, טעראָריזירן, באגאַ־טעליזירן און דענערווירן די איינציקע מאָדערנע רעפובליק אין מיטעלן מזרח — מדינת ישראל.

המן בימי מרדכי ואסתר, איז געווען א קבצן אין זיבן פּאָלעס, און אחשורוש דער קעניג, א מלך טיפּש. צען טויזנט שטיק זילבער איז געווען א מטבע. די היינטיקע המנס זיינען מיליאָנערן, זיי פארמאָגן מיליאָנען פעס־לעך אויל... און די היינטיקע אחשורושס מיט ווענען די המנס „דילן" און טאָן מסחר, זיינען שוין גאָרניט קיין טיפּשים אָדער דער כוח פון מסחר (בפרט מיט אויל) איז אזוי גרויס, אז די קארפּן־קעפּ פון דער וועלט־פּאָליטיק, זיינען מאכטלאָז. זיי זיינען שיכור פון אויל און קאָנען ניט לאָזן הערן די אמתע דיבורים צו די אראבישע לענדער לאמר אזוי צו זאָגן: זייט וויסן, חברה, אז ישראל איז געקומען צו פארבלייבן אויף אן אמת, און יעדער פרואוו מצד אייך צו פארטשעפּען זיך מיט די יידן, וועט שטארק באַ־קעמפט ווערן...

אחשורוש בימי מרדכי ואסתר, האָט געקוואָלן פון נחת דערזעענדיק צען טויזנט שטיק זילבער, האָט ער אויף א ווײַלע מפקיר געווען די יידן פון יענע מדינות...

און די היינטיקע אחשורושס קוועלן אויך פון נחת ווען זיי קאָנען באקומען יענע פעטע אויל פון די אראבישע מדינות. צי וועלן זיי אויך מפקיר זיין ישראל די מדינה, ווי אחשורוש בשעתו?

מיר האָפן אז ניט. ווייל אין איטלעכן דור קומען המנס, פארטראכטן בייזע פּלענער קעגן ישראל, זיי ווערן געהאָנגען, דערשאָסן און זיי ווערן אָפּגעמעקט פון אונטערן הימל.

לאָמיר טרינקען לחיים, יידן! ס'איז פורים, א יום־טוב וועלכער וועט קיינמאָל ניט בטל ווערן.

וויפל המנס האָבן שוין די יידן ניט אָפּגעזאָגט זייער לעבן? און דאָך, אדרבה, זאָגט אליין — מיר לעבן און וועלן לעבן אויף אייביק... לחיים יידן, לחיים!..

## ה

## מוחל די טובה

אין מדרש איז פאראן א זאָג: מען זאָגט צו דער בין, איך וויל ניט דיין האָניק און גיב מיר ניט קיין ביס (לא מדובשך, ולא מעוקצך)...

די יידישע טעלעגראפן אגענטור לאָזט אונדז וויסן, אז פינף און אכציק מענער און 131 פרויען האָבן זיך מגייר געווען זינט דער גרינדונג פון מדינת ישראל.

די נייעס איז ניט סתם אזוי א טשיקאווע ידיעה. דאָס איז אן ענטפער אויף די טויזנטער אָרימע, עלנטע, אומבאהאָלפענע יידישע קינדער וואָס זיי־נען ארייננעפאלן אין די הענט פון די כיטרע מיסיאָנערן, וועלכע ארבעטן מעשים אין ישראל.

זייער כיטרעקייט באשטייט וואָס זיי נארן אריין אָרימע קינדער אין זייערע שולן. מכלומרשט לערנט מען זיי דאָרטן אויך עברי, מען רעדט העברעאיש, מען זינגט העברעאישע לידער, מען גיט זיי די עלנטע קינ־דערלעך מילך מיט שאָקאָלאד, אביסל הלבשה, מען גיט די עלטערן א געל־לעגנהייט זיי זאָלן קאָנען גיין ארבעטן, און זיי — די שמד־פאנגער און נשמה כאפּער — גיבן שוין אכטונג אויף די קליינע קינדער... אזוי ארום געלינגט זיי לייכט אָפּצושמדן קליינע און דערוואקסענע...

איז דאָס ניט קיין כבוד פאר קיינעם, ניט פאר די פרומע און ניט פאר די פרייע, ניט פאר די רעכטע און ניט פאר די לינקע.

דער אמת איז, אז אויך מיר דאָ, אין גלות, זיינען אביסעלע שולדיק. ווייל ווען עס וואָלטן געווען מער מעגלעכקייטן אין ישראל, וואָלט אזא הפקרות ניט געקאָנט עקזיסטירן. מער היימען, מער שפּייז, מער קליידונג — דאָס איז א גרויסע סיבה צום טרויעריקן פארלוסט. אָבער די דערפרייענדיקע ידיעה פון דער איטא, דערפרייט אונדז אבסאָלוט גאָרניט... דער מקח איז גאָרניט אזא מזלדיקער, און די מציאה איז גאָר קיין מציאה ניט...

די 216 גרים אין ישראל קאָנען ניט פארגלעטן יענע שאנד און יענע וואונד.

יידישע קינדער, פון דור דורות ריינע בלוט, זרע אברהם, יצחק, ויעקב, ווערן פארפאלן אין די מיסיאָנערישע קלויסטערס און 216 גויים ווערן יידן.

ווי קלוג זיינען די ווערטער פונם הייליקן מדרש: „לא מדובשך ולאָ מעוקצך" איך וויל ניט דיין האָניק און וויל ניט דיין ביס.

איך וואָלט מוחל געווען די גרים, לאָמיר צוריק באקומען די פארשטוי־סענע יידישע קינדער...

דער רבי ר' בונם פון פשיסכע זצ"ל וועלכער האָט געשמט אלס גרוי־סער חכם, האָט אמאָל געזאָגט, ווען הקדוש ברוך הוא וואָלט וועלן מאכן א טויש, איך זאָל ווערן אברהם אָבינו און אברהם אָבינו זאָל ווערן בונם פשיסכער, וואָלט איך בפירוש ניט מסכים געווען, ווייל וואָס פאר א ריווח וואָלט דער רבונו של עולם דאָ געהאט? סיי ווי וואָלט ער ניט געהאט מער ווי איין אברהם אָבינו און איין בונם פשיסכער.

אצינד שטעלט זיך פאָר להבדיל, פאר איטלעכן משומד זאָלן מיר צו־ריקבאקומען א גר? איך ווייס ניט ווי איר דענקט — איך וואָלט מוחל געווען די טובה און בעסער געוואָלט זיך האלטן מיט די יידישע קינדערלעך פון בולגאריע פון טוניס און פון מאראָקאָ, מיט די אומגליקלעכע יידן פון די הונגעריקע מעברות, איידער מיט גרים פון דייטשלאנד, רוסלאנד, פוילן, סיריע און לבנון און אפילו פון ענגלאנד...

אויב עס לוינט זיך ניט פארן רבונו של עולם דער טויש פון אברהם אָבינו מיטן רבין ר' בונם זכרונו לברכה... לוינט זיך אודאי ניט די גליקן פון די דייטשע און פוילישע גרים מיט די אָרימע יידישע קינדער פון וועל־כער מדינה זיי זאָלן ניט זיין...

לא מדובשך ולא מעוקצך — איך בין דיר מוחל דיין האָניק און בייס מיך ניט...

(תשי"ד).

## ו

# ישנו עם אחד, מפוזר ומפורד בין העמים

א וואונדערבארע דערשיינונג: א פאָלק צעזייט און צעשפרייט צווישן אלע פעלקער, זאפט איין זיך איין פארשיידענע קולטורן, שפראכן, לעבנס־שטייגערס, מנהגים און זיטן, און דאָך איז עס „עם אחד" — איין פאָלק, פונם זעלבן בלוט און פלייש, מיטן זעלבן הארץ און נשמה.

דער אלטער המן איז געקומען צום קעניג אחשורוש און האָט פאר אים געהאלטן א לעקציע וועגן עטנישע באגריפן און פעלקער צוזאמענלעבונג.

אדוני המלך, האָט המן געזאָגט, דיין קעניגרייך איז צעשפרייט איבער הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות, פארשיידענע פעלקער ריידן פאר־שיידענע שפראכן און דאָך קאָן מען זיי לייכט אסימילירן מיט אונדזער קול־טור. די יידן אָבער זיינען עפעס א מאָדנע פאָלק. מיט זיי קאָן מען גאָר נישט אויפטאָן. זיי וואוינען און לעבן צווישן אלע פעלקער אין דער וועלט און דאָך קאָן מען זיי ניט טיילן און צעברעקלען. זיי זיינען אלע „עם אחד" — איין פאָלק.

המן איז טאקע געווען א גרויסער רשע. ער האָט אויסגעארבעט א פלאן ווי אזוי אומצוברענגען אלע יידן, אלטע און יונגע, מענער און פרויען — ממש אלע. קיין טפש ווי אחשורוש איז ער אָבער ניט געווען... ווייל ער איז דערגאנגען דעם סוד פון דער יידישער אייביקייט און שטארקייט. אין אַן עת צרה זיינען יידן פאראייניקט, ממש „עם אחד", אפילו ווען זיי זיינען צעזייט און צעשפרייט אויף אלע קאָנטינענטן צווישן פארשיידענע פעלקער־קולטורן און שפראכן.

## ז

דער וואָס האָט נאָר אמאָל געלערנט א שטיקל חומש מיט רש"י, דער געדענקט, אז דער פרעה מלך מצרים אין יוספס צייט האָט פריינדלעך און פייערלעך איינגעלאדן אונדזער פאָטער יעקב מיט זיין גאנצער משפחה:

ארץ מצרים לפניך היא במיטב הארץ הושב את אָביך ואת אחיך (בראשית, מ"ז).

„דאָס גאנצע לאנד מצרים ליגט פאר דיר, אין בעסטן טייל פון לאנד באזעץ דיין פאָטער מיט דיינע ברידער".

און דאָך איז שפּעטער געקומען א צווייטער פּרעה: ויקם מלך חדש אשר לא ידע את יוסף.

ס'איז געקומען א נייער מלך וואָס האָט ניט געקאָנט יוספן. ער האָט ניט געוואוסט, אָדער זיך ניט וויסנדיק געמאכט אז דער יוסף האָט אמאָל געראטעוועט דאָס לאנד מצרים פון הונגער און נויט...

האָט ער זיך אויך געלאָזט אָנריידן פון א המן, אז יידן שטופּן ארויס די עגיפּטער פון אלע זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, נעמען צו ארבעט ביי זיי, קאָנקורירן מיט זייערע פעאיקייטן, מיט די אמתע מצרים...

ותמלא הארץ אותם (שמות).

וואו מען גייט זעט מען די יידן, אין אלע עפּנטלעכע פארוויילונג־פּלעצער טרעפט מען די יידן; די שענסטע הייזער און מסחרים פארנעמען אלץ די יידן... דאן איז ארויס דער טרויעריק בארימטער קעניגלעכער דעקרעט פון:

הבה נתחכמה לו... (דאָרטן).

קומט, אלע עגיפּטער, לאָמיר צוזאמען צוטראכטן א ווירקזאמען פּלאן ווי אזוי די יידן צו פארניכטן...

די צרה פון יענעם פּרעה איז געווען: אשר לא ידע את יוסף — ער האָט ניט געוואוסט דעם יוספס געשיכטע. וואָלט ער זייך פארטיפט אין יוספס פארגאנגענהייט, וואָלט ער פון דעם עפּעס געלערנט, אז וואָס מער זיינע ברידער האָבן אים געוואָלט שלעכטס טאָן, אלץ גרעסער איז יוסף גע־וואָרן... עס האָבן גאָרניט געהאָלפן די פּלענער פון יוספס אייגענע ברידער: לכו ונהרגהו — קומט לאָמיר אים הרגענען...

וואָלט פּרעה, דער קעניג פון מצרים, דאָס געוואוסט, וואָלט ער זיך ניט גענומען צו יידן. ווייל ווער עס נעמט זיך צו יידן, דער האָט המנס מפּלה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די היינטיקע המנס פון די אראבישע לענדער פארגעסן אויך ווער יידן זיינען, און מיט די עגיפּטער בראש, טראכטן זיי צו פּלענער ווי די יידן אריינצושטופּן אין מיטללענדישן ים אריין.

זיי האָבן פארגעסן זייער לעצטע מפּלה, ווען יידן זיינען נאָך געווען אָרעם אין כוחות, ממש ערשט ארויס פון די קינדער וויקעלעך און זיי, די

אלטע געשולטע ארמייען פון מצרים און איראק, פון סיריע און עבר הירדן, פון לבנון און סאודי אראביע — אלע צוזאמען זיינען צעקלאפט געוואָרן, ווי המן בשעתו...

אצינד גלויבן זיי, די המנס, אז מיט דעם כוח פון אמעריקאנער וואָפן, וועלן זיי מנצח זיין אין זייער „רעוואנזש”. אָבער עס חזרט זיך ווידער איבער די אלטע געשיכטע פון אשר לא ידע את יוסף — זיי ווייסן ניט און קאָנען ניט יוספס כוח און אייגנשאפט, אז כאָטש אין פרידלעכע צייטן זיינען יידן נישקשהדיק צעשפליטערט און צעברעקלט, אָבער אין אן עת־צרה זיינען אלע יידן עם אחד. כאָטש צעזייט און צעשפרייט צווישן פיל פעלקער אויף פיל קאָנטינענטן, דאָך זיינען זיי עם אחד, איין פאָלק, איין כוח און איין שומר ישראל וואכט איבער זיי!

ח

די גאנצע געשיכטע פון פורים איז פאָרגעקומען אין אלטן פערסיע און היינטיקן איראן. דאָרטן זיינען אלע יידן געווען אויף הפקר און נאָר א דאנק מרדכי און אסתר זיינען זיי מיט ג־טס הילף געראטעוועט געוואָרן.

יענע יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צוצופאסן צו יענער קולטור און שפראך; די אסימילאציע האָט אָנגעהויבן ארבעטן אויף אלע כלים און האָט פארכאפט די יידישע מאסן; יידן האָבן אָנגעהויבן פארלאָזן זייער לעבנס־שטייגער און זיך צופאסן צו דער גרויסער מערהייט. זיי האָבן געגעסן צוזאמען מיט גויים און ממילא גורם געווען זיך צו בוקן צו יענער עבודה־זרה און געצנ־דינעריי, וואָס האָט דאָמינירט אין אחשורושס קעניגרייך. יידן האָבן געמיינט אז אזוי ארום וועלן זיי געפינען חן אין די אויגן פון די הערשער און ביי דער גוישער באפעלקערונג, פונקט ווי די יידן אין דייטשלאנד האָבן זיך געחנדלט הונדערט יאָר צו דער מערהייט, האָבן זיך מיט זיי אויסגעמישט, געגעסן צוזאמען מיט זיי, זיך משדך געווען, געדינט זייערע געטער און קולטור און געערעדט זייער שפראך.

זיי האָבן אָבער געמאכט א ביטערן טעות. די המנס, די רשעים האָבן ניט געקאָנט סובל זיין, ניט געקאָנט פארטראָגן וואָס יידן שטעקן אומעטום אריין זייער נאָז... אין דער צייט פון מצרים — ותמלא הארץ אותם; און אין דער צייט פון אחשורוש — טוט א קוק אין דער גמרא מגילה (דף י״ב):

שאלו תלמידיו את רבי שמעון בן יוחאי, די תלמידים פון רבי שמעון

בן יוחאי האָבן געפרעגט זייער רבין א שאלה: פארוואָס זיינען יידן חייב געווען אין יענעם דור מען זאָל זיי פארניכטן? האָט דער רבי צו זיי געזאָגט, זאָגט איר א טעם. האָבן זיי געענטפערט, ווייל זיי האָבן געגעסן פון אחשורושס סעודה. אויב אזוי, האָט רבי שמעון בן יוחאי ווייטער געפרעגט זיינע תלמידים, וואָס זיינען שולדיק די אנדערע יידן וועלכע האָבן ניט אנטייל גענומען אינם קעניגס סעודה? האָט דער רבי אזוי געענטפערט: ווייל זיי האָבן זיך געבוקט צום אָפּגאָט, צו דער עבודה זרה...

פון נבוכדנצרס צייטן אָן, האָבן יידן אין פארשיידענע צייטן געגלויבט, אז בוקנדיק זיך צום צלם וועט זיי קיין בייז ניט געשען.

אויב מרדכי ואסתר האָבן אין פערסיע באוויזן צו ראטעווען יידן פון אזא עת צרה און המן האָט באקומען זיין פארדינטע מפלה, על אחת כמה וכמה, ווען יידן האָבן זיך מיט דער הילף פון דער השגחה אומגעקערט קיין ארץ־ישראל און די נייע, מאָדערנע המנס פון די אראבישע לענדער פאר־מעסטן זיך שלעכטס צו טאָן יידן, וועט זיי עס זיכער ניט געלינגען, טראָץ וואָס זייערע ארמייען ווערן געשולט פון נאציש־דייטשע אָפיצערן און מיט אמעריקאנער וואָפן... די אלע מענטשלעכע באוואָפענונגען האָבן קיין קראפט ניט, ווען עס באווייזט זיך ג־טס כוח — זיי צעפאלן זיך און צעלויפן זיך, ווי פון א דונער און בליץ געטראָפן.

פורים איז א יום משתה ושמחה, א טאָג פון פרייד און נצחון איבער אלע המנס אין אלע דורות.

ווען יידן וועלן מיט פרייד און שמחה זיך צוזאמענקומען אין די שולן אויסהערן די אלטע און אייביק נייע געשיכטע פון דער מגילה, וועלן זיי אהיימגיין מיט מוט, מיט זיכערקייט, אז הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל — עס דרעמלט ניט און עס שלאָפט ניט דער היטער, דער ג־ט פון ישראל.

אמת, אז די המנס חזרן זיך איבער פון דור צו דור. אמאָל קומען זיי פון פערסיע, אמאָל פון דייטשלאַנד און היינט פון די אראבישע לענדער, אָבער דער „עם אחד", דאָס איינציקע פאָלק וואָס גלויבט אין איין ג־ט, איז זיכער אז פונקט ווי יענער המן האָט געליטן זיין פארדינטע מפלה, פונקט אזוי וועלן די היינטיקע המנס באקומען זייער מפלה ווען זיי וועלן וואגן אריבערטרעטן די ארץ־ישראלדיקע טעריטאָריע.

(תשט״ו).

## ט

# אסתר ברוח הקודש נאמרה

אין א יידישע צייטונג פון פרייטיק, ח׳ אָדר, באצייכנט א שרייבער מ. מגילת אסתר, אלס „ביבלישע סאטירע״.

די לייענער פון דער צייטונג זאָלן ניט מיינען אז דאָס וואָרט „סאטירע״ איז עפּעס אַ מיסטעריעז קבלה־וואָרט, וואָס האָט צו טאָן מיט עולמות עליונים, וויל איך ציטרן אַ פרעמד ווערטער־בוך פון פ. קאנטאָראָוויטש, וועלכער זאָגט: סאטירע — „א ווערק אין וועלכן עס ווערט אָפּגעלאכט איבער די חסרונות און זינד פון דער געזעלשאפט״.

ניט וועלנדיק נעמען אויף זיך די אחריות אז מגילת אסתר, די פּאר־הייליקטע מגילה ביי יידן, איז א סאטירע, ברענגט דער שרייבער, אז ער איז אָנגערעגט געוואָרן פון אן ארטיקל אין די „ייווא בלעטער״.

כאָטש דער שרייבער פון די שורות רעספּעקטירט שטארק די ארבעט פון ייווא, דאָך האלט ער ניט, אז אלץ וואָס די „ייווא בלעטער״ שרייבן, איז יאָלע קדושה און תורת אמת...

פיל מאָדערנע געלערנטע טשעפּען זיך צו מגילת אסתר, און פיל יידישע היסטאָריקער האָבן געוואָלט אראָפּרייסן די קדושה פון מגילת אסתר, ווי פּראָפ. מאיר באלאבאן, אין ווארשעווער „היינט״ און אנדערע.

אין 19טן יאָרהונדערט האָבן יידישע געלערנטע נאָכגעטאָן די „גרויסע״ דייטשע ביבל־קריטיקער, און האָבן געריסן שטיקער פונם תנ״ך. ס׳איז זיי געגאנגען בנפשם אויפצואווייזן אז דער תנ״ך איז געשריבן פון שרייבער אין די שפּעטערדיקע דורות. למשל, ספר יחזקאל איז געשריבן געוואָרן פארן ספר ויקרא... און די אלע נסים ונפלאות זיינען באָבע־מעשיות. זיי האָבן זיך סומך געווען אויף ברוך שפּינאָזאן און אויף גויישע „געלערנטע״ וועלכע זיינען תמיד געווען אין די אויגן פון די יידישע „געלערנטע״, גרעסערע אויטאָריטעטן ווי די חכמי ישראל.

מגילת אסתר האָט אָבער געהאט דעם ביטערסטן גורל...

א יתומה נעבעך געווען אסתר, אויפגעצויגן ביי מרדכין, אָן טאטע־מאמע; ווייניק וואָס אזא מלך טיפּש ווי אחשורוש האָט זיך צו איר גע־טשעפּעט, לאָזן איר ניט אָפּ עד היום אלע סאָרטן געלערנטע, יידישע און גויישע... און אפילו אזא ערנסטער שרייבער ווי מ. ווילט זיך אים אויך א טשעפּע טאָן צו... ניט אסתרן, נאָר צו איר מגילה...

וואָלט געווען א יושר אָנצווואַרפן יידישע מקורות איבער מגילת אסתר:

די גמרא זאָגט, אין מגילה, דף ז׳, אז „אסתר ברוח הקודש נאמרה״. מגילת אסתר איז הייליק, ווייל זי איז געזאָגט געוואָרן ברוח הקודש.

די אנשי כנסת הגדולה האָבן אריינגענומען מגילת אסתר צווישן די ספרים אין תנ״ך.

די חכמי המשנה, וועלכע זיינען געווען זייער נאָענט צו יענער תקופה, האָבן צוזאמענגעשטעלט א מסכתא מגילה; די חכמי התלמוד — א גמרא מגילה; סיי אין תלמוד בבלי און סיי אין תלמוד ירושלמי און אין די מדרשים, פארנעמט מגילת אסתר א חשובן אָרט.

דער רמב״ם, טור, שלחן ערוך, האָבן אלע געווידמעט הלכות און דינים ארום דער קריאה פון מגילת אסתר.

רעליגיעזע יידן און בני תורה, ווייסן ווי הארב עס איז צו זאָגן א ברכה לבטלה, אָדער ארויסזאָגן ג־טס נאָמען סתם אזוי זיך.

נו, אויב די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען צו לייענען מגילת־אסתר, און דער בעל קורא זאָגט פארן לייענען מיט גרויס כוונה און מיט שמחה דריי פייערדיקע ברכות:

ברוך אתה ה׳ אלקינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מקרא מגילה.

און נאָך צוויי ברכות, שעשה נסים לאבותינו און שהחיינו, און אלע ברכות בשם ומלכות. אצינד די ברכה בשם ומלכות נאָכן לייענען די מגילה.

דאָס אלץ זיינען פעסטע באווייזן, שטארקע, אומבאשטרייטבארע זיכער־קייטן אז מגילת אסתר איז „ברוח הקודש נאמרה״.

פארוואָס אין דער גאנצער מגילת אסתר ווערט ניט דערמאָנט דעם אויבערשטנס נאָמען? (אין דעם כאפן זיך טאקע אָן דאָס רוב קריטיקער, הגם זייער פאלשקייט איז בולט, ווייל זיי לאָזן ניט צו רו אויך אנדערע ספרים פון תנ״ך אין וועלכע עס ווערט כסדר יאָ דערמאָנט ג־טס נאָמען...) זאָל דער חשובער לייענער מוחל זיין אריינקוקן אין דער הקדמה צו מגילת אסתר פון אבן עזרא.

דאָרט זאָגט ער אזוי: „אין דער דאָזיקער מגילה איז ניט דערמאָנט דער השם, און זי איז פון די ספרי הקודש. פיל זאָגן טאַקע אז די מגילה איז ממקום אחר, אָבער דאָס איז ניט אמת. מרדכי האָט פארפאסט די דאָזיקע מגילה און ער האָט זי צעשיקט צו אלע מקומות, וואו יידן האָבן געוואוינט,

ווי עס שטייט „וישלח ספרים״. די אלע זיינען איבערגעשריבן געוואָרן פון זיין מגילה. די פרסיים האָבן זיי איבערגעזעצט אין זייער שפּראַך. אין די געשיכטע־ביכער פון יענע מלכים, וועלכע זיינען געווען געצנדינער, האָבן זיי אָנשטאָט דעם נאָמען פונם אויבערשטן, געשריבן די נעמען פון זייערע געטשעס, פונקט ווי די כותים האָבן געטאָן: אנשטאָט בראשית ברא אלקים, האָבן זיי געשריבן „ברא אשימא״.

דעריבער — זאָגט דער אבן עזרא — איז געווען ג־טס כבוד אז מרדכי זאָל ניט דערמאָנען אין דער מגילה זיין נאָמען...

אין דער מגילה ווערט דערמאָנט 187 מאָל דאָס וואָרט „המלך״, זאָגן די חז״ל, אַז דאָס מיינט מען מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא.

אין דער גמרא מגילה (דף ט״ו), דרשנט ר׳ תנחום: בלילה ההוא נדדה שנת המלך, שנת מלכו של עולם... אין יענער נאכט (ווען המן האָט שוין געהאט פארטיק זיין פלאן אומצוברענגען מרדכין) האָט דער מלך ניט גע־קאָנט איינשלאָפן. מיינט מען דעם אויבערשטן. ער האָט געוואכט איבער מרדכי הצדיק אים צו ראטעווען...

ר׳ יודן ור׳ לוי אין נאָמען פון ר׳ יוחנן, האָבן אזוי געזאָגט: וואו ס׳שטייט אין מגילת אסתר, מלך אחשורוש, מיינט מען אחשורושן, און וואו ס׳שטייט סתם המלך, מיינט מען דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא....

* *
*

אזוי ווי אום פורים איז א מצווה צו נעמען צו ביסלעך משקה עד דלא ידע בין ארור המן לברוך מרדכי, וויל איך דאָ ניט מאריך זיין. איך וויל אויסלאָזן בכי טוב.

אזוי ווי ס׳איז געווען קרוב צו פורים, האָט יענער שרייבער שוין דערשמעקט דעם ריח פון יי״ש, האָט ער זיך ארויסגעכאפּט אז מגילת אסתר איז א „ביבלישע סאטירע״... אין דער אמתן איז מגילת אסתר א הייליק ספר, איבער וועלכן יידן האָבן אין אלע דורות מיט גרויס כוונה געמאכט דריי ברכות פארן לייענען און איין ברכה נאָכן לייענען, בשם ומלכות. און יענע ברכות האָבן מתקן געווען די אנשי כנסת הגדולה, וועלכע מרדכי איז געווען איינער פון זיי.

שיר השירים איז קודש קדשים, איכה און קוהלת זיינען קודש, און

פיל אנדערע ספרים פון תנ"ך האָבן ניט די „זכיה" געהאַט אז אלע יידן זאָלן איבער זיי זאָגן א ברכה בשם ומלכות, מגילת אסתר — יאָ! דאָס איז דער שטאַרקסטער באַוויַיז אז — אסתר ברוח הקודש נאמרה...

י

## מרדכי און אסתר

מרדכי דער צדיק, דער פרומער, דער ג־טספאָרכטיקער, ער שטעלט זיך ניט אוועק בלויז אין א ווינקל פון זיין בית־המדרש און זאָגט תהלים אין דער שטיל. די גזירה פון המן־הרשע איז נוגע אלע יידן, ממש אלע קינדער פון ישראל, וועלכע זיינען צעשפרייט אין הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות, וואָס קאָן דאָ העלפן די תפלות פון איין צדיק?

דער פארנומענער ייד, וועלכער ארבעט שווער זיך מפרנס צו זיין, אָריענטירט זיך גאָרניט ווי ערנסט די לאגע איז; דער פשוטער ייד קאָן זיך גאָר ניט פאנאנדערקלייבן אין די פּאָליטישע כוונות פון יענע רשעים — פאר־לאָזט ער זיך אויפן זכות פון מרדכי הצדיק. אָבער —

ומרדכי ידע את כל אשר נעשה.

מרדכי אליין ווייסט יאָ ווי הארב און שארף עס איז די גזירה. ער דערפילט די גרויסע סכנה פארן יידישן פאָלק, אז די קלענסטע מלחמה קאָן חלילה פארניכטן גאנץ ישראל. ער טוט ניט אויס זיינע בכבודיקע קליידער און פארוועקסלט זיי אין טרויער מלבושים, נאָר ער צערייסט זיי, פון ביטער־ניש. ער טוט אָן א זאק אויף זיינע לענדן באַשאָטן מיט אש.

ויצא בתוך העיר ויזעק זעקה גדולה ומרה.

ער באַוויַיזט זיך אינמיטן פון דער טומלדיקער שטאָט. ער שרייט און וויינט ביטערלעך, ארום פארזאמלען זיך מאסן־יידן, זיי זען ווי מרדכי־הצדיק וויינט און טראָגט א זאק אויף זיינע לענדן איינגעטונקט אין אש. דאָס ווירקט אויף די יידישע מאסן, זיי באַגרייפן ערשט אצינד ווי גרויס עס איז די סכנה...

און אין אזא הילוך, אין אזא טרויער־דעמאָנסטראציע גייט ניט מרדכי אין די קליינע, שמאָלע יידישע געטאָ־געסלעך, נאָר ער דערשיינט אזש פארן קעניגלעכן פּאלאץ.

ויבוא עד לפני שער המלך (אסתר, ד׳, ב׳).

ער וויל ציען די אויפמערקזאמקייט ניט בלויז פון די יידישע מאסן, נאָר אויך פון די ניט־יידן, פאר די הויף־מענטשן, פרינצן און מיניסטאָרן, און טאקע פארן גרעסטן רשע אליין, פאר המנען.

מרדכיס עפנטלעכע טרויער־דעמאָנסטראציע האָט אויפגעוועקט אלע יידן אין די הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות.

און אין איטלעכער מדינה און לאנד, וואו די גזירה פונם מלך האָט נאָר דערגרייכט, איז פארוואנדלט געוואָרן דער יידישער קיבוץ אין א טרויער־מאסע. מען האָט געוויינט און געפאסט, תשובה געטאָן און געטראָגן זעק אויף די לענדן...

## יא

# אסתר

וואו איז דאן אסתר געווען:

זי איז זיך רואיק געזעסן אין קעניגלעכן פאלאץ. זי האָט גענאָסן פונם קעניגלעכן שוץ. זי איז געווען זיכער אז צו איר וועט גאָרניט פאסירן. זי איז ניט הפקר, פאר איר זיינען פאראן אנדערע געזעצן וועלכע פארזיכערן איר לעבן און איר וואוילזיין...

זי זיצט זיך אין די קעניגלעכע סאלאָנען ארומגערינגלט פון יונג־פרויען וועלכע באדינען זי און פארשאפן איר פארגעניגן.

זי אליין, אסתר, ווייסט גאָר ניט וואָס עס קומט פאָר אין איר קעניגרייך. אפשר האָט זי יאָ עפּעס געהערט וועגן המנס פלענער, אָבער זי גלויבט ניט אז פון א רשעס כוונות און בייזע טראכטענישן קאָן אויסוואקסן אזא טראגעדיע...

ותבואנה נערות אסתר וסריסיה ויגידו לה, ותתחלחל המלכה מאד (דאָרטן, ד׳).

אסתרס מיידלעך און דינער האָבן איר ערשט דערציילט ווי מרדכי הצדיק שטייט פארן קעניגלעכן פאלאץ אָנגעטאָן אין א זאק, באשאָטן מיט אש, און ער שרייט און וויינט...

דעמאָלסט האָט זי זיך ערשט דערשראָקן און דערפילט די סכנה פאר איר פאָלק...

זי שיקט ארויס קליידער פאר מרדכין אָבער מרדכי נעמט ניט אָן איר טובה. ער פאָדערט פון איר זי זאָל פאלן פארן קעניגס פיס און בעטן פאר איר פאָלק.

אסתר ענטפערט מרדכין, אז דער „מנהג" אינם קעניגלעכן הויף איז, אז מען דארף איינגעלאדן ווערן, ניט סתם אריינגיין...

דאן צעווייננט זיך מרדכי און ווערט פארביטערט. ער לאָזט איר זאָגן דעם הארבן פסוק:

אל תדמי בנפשך להמלט בית המלך מכל היהודים (דאָרטן).

רעד זיך ניט איין, אסתר, אז דו וועסט ניצול ווערן, ווייל דו געפינסט זיך אין קעניגלעכן פאלאץ און דו ביסט דערפאר זיכערער ווי אלע יידן...

אויב דו וועסט פארשווייגן אצינד אין אזא שרעקלעכער, מסוכנדיקער צייט —

רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר ואת ובית אָביך תאבדי.

א האָפענונג און א רעטונג וועט קומען צו יידן דורך אנדערע וועגן, און דו מיט דיינע נאָענטע וועלן פארלוירן גיין. — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יב

## דער היינטיקער ענלעכער מצב

מרדכי הצדיק איז היינט דער סימבאָל פון דער יידישער רעליגיעזער באפעלקערונג אין מדינת ישראל. זיי זען דעם שרעקלעכן מצב, זיי פילן דאָס רשעות, ניט פון איין המן, נאָר פון אלע אראבישע לענדער ארום, פון מצרים און פון סיריע, פון עבר הירדן און פון לבנון, פון איראק און פון סאודי אראביע, פון תימן און פון אנדערע אראבישע לענדער, וועלכע זיינען אפילו ווייט פון די גרעניצן פון ישראל. די יידן דאָרטן שטייען פנים אל פנים מיט א מעכטיקן שונא וועלכער באקומט כלי זיין און מאָדערנע וואָפן פון אלע, ממש פון אלע, ווער עס האָט נאָר צו פארקויפן די פארניכטונג מאטעריאלן פארקויפט אצינד צו די שונאים פון ישראל...

וועמעס אויערן עס זיינען ניט טויב די דערהערן יענע —

זעקה גדולה ומרה,

יענע גרויסע און ביטערע געשרייען פון די קינדער פון ישראל, דער סימבאָל פון מרדכי הצדיק, דעם העלד פון נס־פורים...

און אסתר? אסתר איז דער סימבאָל פון די מיליאָנען יידן וועלכע לעבן אין די „זיכערע", „רואיקע" לענדער: אין אמעריקע, קאנאדע, ענגלאנד, פראנקרייך, שווייץ, אין די סקאנדינאווישע לענדער אא"וו.

אסתרן דאכט זיך, אז די לאגע איז ניט אזוי געפערלעך. זי זיצט זיך רואיק, זיכער, געשיצט פון די דעמאָקראטישע געזעצן אין רחבה און אין וואוילטאָג...

ווען זי דערהערט פון אירע דינער אז מרדכי — דאָס יידנטום פון ישראל — טראָגט א זאק אויף זיינע לענדן געטונקט אין אש, און וויינט און שרייט, שיקט זי אסתר — דאָס יידנטום פון פרייע רואיקע לענדער — קליידער פאר מרדכין...

מרדכי וויל אָבער ניט אָננעמען די קליידער. ער בעט ניט ביי איר, נאָר ער פאָדערט שטרענג: לויף, אסתר, צום מלך, שטורעם אויף זיין געוויסן און בעט פאר דיין פאָלק...

און ווען אסתר לאָזט וויסן מרדכין די דעמאָקראטישע „מנהגים" פון מלכות, אז מען קאָן ניט גיין סתם אזוי צום מלכות, מען דארף פריער איינגעלאדן ווערן, ענטפערט מרדכי אסתרן פארביטערט: רעד זיך ניט איין, אסתר, אז דו, זיצנדיק אין קעניגס פאלאץ, וועסטו ניצול ווערן:

אם החרש תחרישי בעת הזאת,

אויב דו וועסט אין אזא ביטערער, ערנסטער צייט זיין רואיק און פארשוויגן, געדענק אסתר! א רעטונג און א הילף וועט קומען צו אונדז פון אן אנדער אָרט. אָבער דו, אסתר, און אלע דיינע נאָענטע וועלן פארלאָרן גיין.

עס איז בפירוש ניט גענוג ווען מען שיקט ארויס צו מרדכין קליידער, מיינענדיק צו זאָגן, אז ער דארף ניט ארומגיין איינגעהילט אין א זאק און שרייען און וויינען; עס איז בפירוש ניט גענוג ווען מען שיקט אפילו געלט און אנדערע מיטלען קיין ישראל.

אסתר, די וועלכע געפינט זיך אין א רואיק־זיכער אָרט, דארף ניט אין אכט נעמען די אָנגענומענע מנהגים ווי אזוי צו אינטערווענירן. עס איז היינט א שעת חירום, אן אויסנאם־צושטאנד.

די סכנה איז גרויס, מוזן אלע יידן וועלכע געפינען זיך אין דער לאַגע פון אסתר המלכה, רואיק־זיכער, אינם קעניגלעכן פּאלאץ, אויפשטורעמען די ניט־יידישע ענפנטלעכקייט און בעטן פאר די יידן, וועלכע געפינען זיך אין סכנה אין מדינת ישראל...

מרדכיס שטרענגער ענטפער און זיין צוריקווייזן אסתרן די קליידער וועלכע זי האָט צו אים געשיקט, אלס רמז אז ער זאָל זיך בארואיקן, דער דאָזיקער געוואגטער שריט מרדכיס, האָט צוגעפירט אז אסתר זאָל נעמען ערנסטער די לאגע...

אוןביידנס מעשים, מרדכיס וויינען און תפלה טאָן, רופן אלע יידן צו תשובה און אומקער צום יידישן קוואל, און אסתרס געשיקטע אינטערווענץ ביים קעניג, האָט דערוועקט רחמים אז ג־ט האָט מציל געווען זיין פאָלק פון די הענט פון די רשעים.

ווי איר זעט, האָט יענע תקופה פון מרדכי און אסתר א גרויסע ענ־לעכקייט צו דער היינטיקער פּאָליטישער לאגע פון מדינת ישראל ארומגע־רינגלט פון די אראבישע שונאים.

און אזוי ווי מיר זיינען ניצול געוואָרן אין יענער תקופה און א דאנק יענעם נס פייערן מיר יאָר־איין, יאָר־אויס דעם פריילעכן יום־טוב פורים, אזוי בין איך זיכער אז ג־ט וועט העלפן און ישראל וועט אויך אצינד ניצול ווערן פון זיינע שונאים, און אן ענלעכער גרויסער יום־טוב וועט באשטימט ווערן אויף דור־דורות, אלס אָנדענק פון נצחון און זיג.

רייך איז די מגילת אסתר. ניט בחינם האָבן אונדזערע חכמים באפוילן אלע יידן, מענער און פרויען, זיי זאָלן הערן לייענען די מגילה יאָר־איין, יאָר־אויס, ווייל זי גיט אונדז מוט און כוח, אויסדויער און געדולד...

פארפעלט־זשע ניט צו קומען הערן די מגילה. די געשיכטע איז ניט קיין אלטע. זי איז אימער ניי און פריש, פאר איטלעכן דור איז זי צוגעפאסט.

יג

## לחיים יידן, לאָמיר זיין בשמחה!

פורים איז תמיד געווען א יום־טוב פון שמחה און פרייד.

אפילו אין די פינצטערסטע צייטן, אין די ביטערסטע תקופות פון פּאָגראָמען און פארפאָלגונגען, ווען עס האָט געהערשט רשעות און בייזוויל־

קייט קעגן פאָלק ישראל; אפילו דאן, ווען עס איז געקומען פורים האָבן יידן זיך משמח געווען, געפרייט און געהוליעט, גענומען צו ביסלעך משקה און אָפּגעחוזקט פון אלע רשעים און טיראנען. זיי האָבן זיך פארשטעלט און פריילעך געמאכט די דערשלאָגענע געמיטער פון די א גאנץ יאָר דערדריקטע און פארחושכטע יידן. צו וואָס מאריך זיין — פורים איז געווען דער אמתער ליהודים...

אויב אזוי, אויב יידן האָבן פארשטאנען צו זיין בשמחה אין די צארי־שע צייטן, אין רוסלאנד, און אין דער תקופה פון די פוילישע כוליגאנעס, אין דער עפּאָכע פון אוקראַינער־שחיטות און רומענישע רשעות, על אחת כמה וכמה, אז מיר דארפן היינטיקן פורים ניט זינדיקן, נאָר זיך משמח זיין ווי עס שטייט אין פסוק:

לעשות אותם ימי משתה ושמחה ומשלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים (מגילה, ט׳).

מיר דארפן זיין פריילעך און שטאָלץ, בשמחה, און דאנקען ג־ט פארן גרויסן חסד וואָס ער האָט געטאָן מיט אונדז, אז דער גאנצער מיטל־מזרח קריזיס האָט זיך מצד ישראל פארענדיקט מיט כבוד און ווירדע.

איר דארפט וויסן, רבותי, אז יידן זיינען א פאָלק וואָס איז „מלומד בנסים״. אין איטלעכן דור זיינען אנדערע צרות, אנדערע וויטיקן, אנדערע קאָפּ־דרייעניש, ממילא זיינען די ישועות און די נחמות, די נסים ונפלאות אויך אנדערש.

די רשעים און שונאי־ישראל, די כוליגאנעס און יידן־פארפאָלגער, דער־שיינען אין איטלעכער תקופה אין אנדערע בגדים און אין אנדערע לבושים.

אמאָל טראָגן זיי א גאָלדענעם צלם אויפן הארצן און אמאָל א שווערד מיט א צווייקעפּיקן זילבערנעם אָדלער, אמאָל טראָגן זיי א ווייסע אבייע אויפן קאָפּ און איינגעהילט אין לאנגע, ווייסע כאלאטן; אמאָל טראָגן זיי א האקנ־קרײץ און אמאָל טראָגן זיי מאָדערנע קליידונג מיט טייערע קראוואטן און גע־פרעסטע מכנסים מיט אָקספאָרד שיך... אָבער אלע האָבן זיי איין כוונה, איין בלינדע שנאה דיקטירט זיי: „הורא נא זשידא״...

אין די סאָציאליסטישע לענדער האסט מען דעם יידן, ווייל ער איז א קאפּיטאליסט און אין די קאפּיטאליסטישע לענדער איז דער ייד אונטער חשד פון קאָמוניזם; אין די אראבישע לענדער האסט מען דעם יידן, ווייל ער איז פּראָ־ארץ־ישראל... אזוי דרייט זיך דאָס רעדל פון דער אלטער געשיכטע פון בלינדער שנאה צום געטלעכן פאָלק.

נבוכדנצר, המן, טיטוס, טאָרקוועמאדאָ, כמעלניצקי, היטלער, נאסער — צו וואָס מזכיר זיין זייערע פינצטערע נשמות?

אלע האָבן זיי געהאַט איין ציל און איין כוונה — צו פארניכטן ישראל.

אָבער ניט געזאָרגט, יידן, והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם, ג־ט וואכט איבער זיין פאָלק און איבער זיין לאנד, און אין יעדער עת צרה, דערזעט מען עפנטלעכע נסים.

די גרויסע, שטארקע און מעכטיקע וועלט איז געשטאנען און געשטוינט: ווי איז דאָס מעגלעך, אז אזא קליין, שוואך פאָלק, ווי ישראל, זאָל אזוי דרייסט מארשירן אין דער מדבר סיני און פארכאפן עזה פאר די אויגן פון פערציק מיליאָן שטארק־באוואָפנטע אראבער?..

א שרעק איז זיי באפאלן, א בראָך איז זיי געשען. זיי וואָלטן קאפּיטו־לירט און צוזאמענגעבראָכן, ווען אמעריקע און רוסלאנד האלטן זיי ניט אונטער...

און אצינד דער פּאָליטישער זיג? עס האָבן ניט געהאָלפן אייזנהאָוערס דרינגלעכע פאָדערונגען, דאָלעסעס סטראשן די געבדז און דאג האמערשילדס שטרענגע רייד אין נאָמען פון די פאראייניקטע פעלקער. ישראל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ביז אמעריקע איז ווייכער געוואָרן און אונטערן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג, דאָך געמוזט צוזאָגן ישראל געוויסע הנחות.

ישראל איז דאָך ארויס, סיי מאָראליש און סיי פּאָליטיש, געשטארקט און געקרעפטיקט. איר אָנזען איז געשטיגן אין די אויגן פון אירע שונאים און זיכער אין די אויגן פון אירע פריינט.

די אראבישע לענדער מיט זייערע צענדליקער מיליאָנען איינוואוינער און גרויסע שטחים לאנד, מיט זייערע רייכע אויל פעלדער און מיליאָנען דאָלארדיקע הכנסות, מיט זייער דערהאלטן מאָדערנע וואָפן פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאנג — נאָך די אלע זיבן גליקן, זיינען זיי געשטאנען כמעט ווי פּאראליזירט לגבי דער ישראל ארמיי.

ס'איז כמעט ווי עס שטייט אינם אָז ישיר:

חיל אָחז יושבי פלשת...

זיי זיינען פארציטערט געוואָרן, די איינוואוינער פון די אראבישע לענדער.

יידן, טוט ניט קיין עבירה — פארשלאָפט ניט דעם טייערן יום־פורימדיקער משקה איז דער געבאָט פון דער שעה...

איך בין זיכער (איך שרייב די דאָזיקע שורות איידער איך האָב גע־

נומען א לחיים...), אז די אראבישע לענדער וועלן נאָכטאָן ישראל און זיי וועלן זיך אויך פארעקשנען און אויספרעסן אָדער אויסבעטן הנחות...

עס וועט זיי אָבער אצינד גאָרניט העלפן.

נאסער וועט זיך רייצן מיט די מערב פעלקער. ער פּאָכעט מיטן סועץ קאנאל... דאָ וועט ער אים האלטן פארשפּארט און דאָ עפנט ער אים... ער זעט אָבער ניט אז זיין סוף איז נאָענט און אים דערוואַרט המנס מפּלה.

פּורים איז פון תמיד אָן געווען א פריילעכער און לוסטיקער יום־טוב. די שמחה אין יענע טעג איז געווען אזוי עכט און אזוי פול מיט אמונה, אז זי איז בכוח געווען צו מאכן פארגעסן צרות און לייד, יסורים און פּיין.

ווי אזוי־זשע דארף אויסזען דער הײַ־יאָריקער פּורים?

גרעסערע גלעזלעך, טאָפּלטע שמחה, געשטארקטע אמונה און ביטחון אין שומר ישראל — אז ער וועט שטארקן זיין פאָלק, פארזיכערן זיינע גרעניצן, קרעפטיקן זיין ארמיי, ברענגען הצלחה אין איר אנטוויקלונג און ברכה אויף אירע פעלדער און גערטנער.

יידן, טוט ניט קיין עבירה — פארשלאָפט ניט דעם טייערן יום־טוב פּורים!

מאכן א לחיים פּורים איז טאקע א מצווה, אָבער פּורים זיינען פאראן נאָך מצוות:

ומשלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים.

שיקן מתנות יעדערער צו זיין פריינט און חבר, און געבן מתנות צו נויטבאדערפטיקטע...

צי זיינען אצינד פאראן נעענטערע פריינט און חברים ווי די יידן אין ישראל?

צי זיינען דען פאראן נעענטערע און מער נויטבאדערפטיקטע יידן אין דער וועלט, ווי די פּליטים פון אונגארן און מצרים, וועלכע רייסן זיך אויפ־צוגיין קיין ארץ־ישראל?

לאָמיר ניט יוצא זיין מיטן בלויזן לחיים אליין...

געדענקט דעם:

ומשלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים.

ביידע דארפן געטאָן ווערן מיט שמחה און מיט פרייד, מיט גלויבן און מיט ביטחון!

לחיים יידן, לחיים!

(ערב פּורים, תשי״ז).

א

# דער רמב"ם ז"ל

## ממשה ועד משה לא קם כמשה

זייענדיק פארגאנגענעם זומער אין ישראל, האָב איך באזוכט דעם רמב״מס קבר אין דער הייליקער שטאָט טבריה.

איך האָב געזען הונדערטער הייליקע קברים אין ישראל. קברים פון נביאים, מלכים, תנאים, מקובלים און פון גרויסע יידן וועלכע האָבן פארשיינט אלע דורות מיט תורה און חכמה. די אלע קברים זיינען על פי רוב זייער פרימיטיוו, אלט־מאָדיש — דער חותם פון דורות ליגט אויף זיי.

דעם רמב״מס קבר אין טבריה זעט אָבער אויס ווי א קעניגלעכער אָדער פרינצלעכער, מאָדערנער קבר. די מצבה זעט אויס ווי א טויער וועל־כער פירט אריין צו א קעניגלעכן פאלאץ.

איך האָב עס באמערקט צו מיין באגלייטער, א יונגער חסידישער רב פון ירושלים. זעסט, האָב איך צו אים געזאָגט, דאָס איז דער רמב״ם: הייליק און דאָך מאָדערן, גרויס אין תורה און גלייכצייטיק אין וועלט־חכמה... די ארכיטעקטור פון דעם שיינעם קבר און מצבה מיט אלע בנינים ארום, דאָס אלץ שפיגלט אָפּ די נשמה פונם רמב״ם...

אויף יענער וואונדערבארער מצבה זיינען אויסגעקריצט קורצע אָבער פילזאָגנדיקע שבחים: „ממשה ועד משה לא קם כמשה", פון משה רבינו ביז דעם רמב״ם איז ניט אויפגעשטאנען מער אזא שטייגער גרויסער משה...

דאָס איז איינער פון די גרעסטע טיטולן אָדער שבחים וואָס א יידישער גדול האָט ווען באקומען. איין קלייניקייט — פון משה רבינו ביז משה בן מימון האָט זיך ניט באוויזן נאָך אזא משה!

פארטראכט זיך א וויל ווער עס האָט געלעבט צווישן די צוויי משהס: נביאים, מלכים, אנשי כנסת הגדולה, גאונים, רבנים...

נאָך עטלעכע שורות זיינען אויסגעקריצט אויפן רמב״מס מצבה. פה טמון רבינו משה בן מימון „מבחר האנושי" נולד י״ד ניסן ד׳תתצ״ה, נפטר כ׳ טבת ד׳תתקס״ה.

„מבחר האנושי״, דער אויסדערוויילטער, דער בעסטער און חשובסטער פונם מענטשנס מין. אָט די צוויי ווערטער זאָגן זייער פיל און שמידן איך צו צום גאַנצן לעבן און שאַפן פון יענער דערהאַבענער, גרויסער און הייליקער פערזענלעכקייט, וועלכע איז געווען ווי א רעפלעקטאָר, ווי א ליכט־טורעם, וואָס באַלייכט ווייט־ווייט די פינצטערע שטחים.

ווען איך בין געשטאַנען ביי דעם רמב״מס קבר, האָב איך פאַרגעסן מיין באַגלייטער. איך האָב ניט געהערט דעם טומל פון די באַזוכער און פון די ספרדישע גבאים און שמשים, וועלכע מאַכן „מי שברכס״ די באַזוכער און ציען חיונה פון דעם. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אויפגעוויקלט א מגילה פון פיין, צרות און לייד, שמד־גזירות און ביטערע מחלוקות.

אלץ וואָס איך האָב פון מיין פריסטער יוגנט געלערנט פונם רמב״מס ספרים, געהערט וועגן זיין גרויסקייט פון מיין פאָטער זכרונו לברכה, פון מיינע רבים און מיינע חברים — אלץ איז געשטאַנען אַצינד פאַר מיינע אויגן א שטיק שטורעמדיקע געשיכטע פון אכט הונדערט יאָר צוריק. איך האָב געזען א מענטשן וועלכער איז געווען העכער פון פיל דורות, א פאַרגלייך צו משה רבינו, צו וועמען עס האָבן זיך געווענדעט אין אן עת־צרה יידן פון ווייטן תימן, פון מצרים, פון שפאַניע און פון פאָרטוגאַל, פון ארץ־ישראל און פון טערקיי; א ייד וועלכער איז געווען דער גרעסטער אין תורה, דער שאַרפסטער אין פילאָזאָפיע און דער געשיקטסטער אין מעדיצין; א מענטש וועלכער האָט געשריבן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן און געשריבן ספרים פון אייביקן ווערט, צעקלאַפּט די פאַלשע מיינונגען פון יידישע און ניט־יידישע געלערנטע, וועל־כע האָבן געוואָלט — ווי די רעפאָרמער אין אונדזער צייט — אַראָפּפירן דאָס יידנטום פון זיין אמונה און דת.

ער האָט געשטאַרקט און דערמוטיקט געפּלאָגטע יידן ווען מען האָט געצוואונגען צו שמד.

דער רמב״ם אין זיין העכסטער הויך, איז געשטאַנען פאַר מיר אין טבריה. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון יענעם אָרט. אלע מיינע חושים, אלע מיינע גייסטיקע כוחות, מיין הארץ און נשמה זיינען געווען פאַרנומען מיט איין איינציקן וואָרט, רמב״ם.

רבינו משה בן מימון, אָדער ווי דאָס פאָלק רופט אים דער רמב״ם, איז געבוירן געוואָרן אין שפאַניע, אין דער שטאָט קאָרדאָווא, ערב פסח אין יאָר ד׳ אלפים תתצ״ה (1135) און איז נפטר געוואָרן צוואַנציק טאָג אין חודש טבת, מיט זיבעציק יאָר שפּעטער (1204), אין דער שטאָט פאַסטאַט, אין




דער רמב״ם ז״ל.

מצרים, און זיין אָרון איז אריבערגעפירט געוואָרן קיין טבריה און דאָרט איז ער געקומען צו קבורה.

טויזנטער מענטשן פון אלע יידישע שבטים קומען דורכן יאָר באזוכן דעם רמב״מס קבר, דער רמב״ם איז פארהייליקט און געאכטעט ביי אלע שיכטן פון יידנטום.

כאָטש ער איז געווען א ספרדישער ייד, אכטן אים אָבער סיי אשכנזים און סיי תימנים, סיי שטרענג־פרומע און סיי אויפגעקלערטע, פאָלקס־מענטשן און הויך־געבילדעטע.

ווייל דער רמב״ם איז געווען אן אלזייטיקע פערזענלעכקייט, דער גרויסער פוסק, וועלכער האָט קריסטאליזירט אלע דינים וואָס געפינען זיך צעוואָרפן אין ש״ס, דער גרויסער דענקער און פילאָזאָף, פאָלעמיקער און שיצער פונם יידישן דרך, באדייטנדיקער מעדיצינער און דערפינדער פון גרויסן ווערט, אסטראָנאָם און וויסנשאפט מענטש, ענערגישער עסקן און געזעלשאפטלעכער טוער. דאָס פאָלק האָט אים טיטולירט מיט זיין פארדינסטפולן טיטול „ממשה ועד משה לא קם כמשה״, פון משה רבינו ביז משה בן מימון האָט זיך ניט באוויזן אזא שטייגער משה...

ב

זיין פאָטער, רבי מימון, איז געווען א גרויסער גאון אין תורה, א צדיק אין מעשים טובים, א חסיד אין טייערע מידות און א גרויסער געלערנטער אין וועלטלעכע וויסנשאפטן. ביי אים האָט דער רמב״ם באקומען זיין דערציאונג און תורה אויסבילדונג.

יענע צייט איז געווען זייער א שטורעמדיקע פאר דער גאנצער באפעלקערונג פון שפאניע בכלל און פאר דער יידישער עדה בפרט.

די קאטאָלישע און מאכמעדאנישע עקסטרעמיסטן האָבן כסדר געקעמפט צווישן זיך. די זיגער האָבן געצוואונגען זייערע באזיגטע אָנצונעמען זייער גלויבן, און ווען די ווילדע עקסטרעמישע מאכמעדאנישע סעקטע, די אלמוהאדן, האָבן איינגענומען קאָרדאָווא, האָט מען אויך די יידן געצוואונגען צו שמד אָדער צו פארלאָזן דאָס לאנד.

פיל יידן האָבן ניט געקאָנט איינס־צוויי פארלאָזן זייערע מקומות און איבערלאָזן זייער פארמעגן, האָבן זיי עפנטלעך אָנגענומען דעם מוסולמאנישן גלויבן און אין הארצן זיינען זיי פארבליבן געטרייע יידן.

רבי מימון האָט אָבער מיטגענומען מיט זיך זיין משפחה, זיין פרוי, זיינע צוויי זין, משה און דוד, און נאָך פיל צרות און פיין, וואנדערונגען און טילטולים, איז ער אָנגעקומען קיין פעס, אין צפון־אפריקע.

דאָס איז געווען אומגעפער אין יאָר 1160. יענע אפריקאנישע פּראָווינצן זיינען פונקט ווי בין היינטיקן טאָג באוואוינט געווען פון מוסולמאנער, וועלכע האָבן געירשנט מחמדס טרויעריקע ירושה איינצונעמען די אומגלויביקע ניט מיט איבערצייגונג, נאָר מיט דער שארף פון שווערד.

די עטלעכע יאָר וואָס די מימון־משפחה האָט געלעבט אין פעס, האָט זי צוזאמען מיט אלע יידן שטארק געליטן צוליב זייער יידישקייט.

דאָרטן האָב געלעבט הרב ר׳ יהודה הכהן אבן שושן, ביי וועמען משה, דער שפּעטערדיקער רמב״ם האָט געלערנט תורה.

זיין פאָטער, רבי מימון, האָט דאן אין דער טרויעריקער שמד־עפּאָכע, פאנאנדערגעשיקט דערמוטיקונג בריוו צו אלע קהילות אין אפריקע. רבי מימון שרייבט זיינע בריוו אין דער אראבישער שפּראך, כדי דער המון עם זאָל אויך קאָנען לייענען. רבי מימון, דער פאָטער פונם רמב״ם איז מחזק די געפאלענע געמיטער פון די יידן אין יענעם דור. ער שרייבט צו זיי: לערנט תורה און פּראקטיצירט מצוות אין געהיים, דאוונט דריי מאָל א טאָג צום ג־ט פון ישראל, און אויב ס׳איז אייך דאָס ניט מעגלעך, דאוונט כאָטש א תפלה קצרה.

אזוי האָט רבי מימון, דער פאָטער פונם רמב״ם, געשטארקט און דער־מוטיקט די יידישע קהילות זיי זאָלן אויסהאלטן דעם שטארקן דרוק פון די פאנאטישע מוסולמענער „עד שיעבור זעם״, ביז דער שטורעם וועט פארביי.

אין יענע מקומות האָט זיך באוויזן א קנאי, א זייער עקסטרעמער, וועלכער האָט געפּריידיקט און גערופן די מאסן זיי זאָלן מקדש השם זיין, זיך לאָזן אויסשעכטן און ניט אָננעמען דעם איסלאם, אפילו ניט לפנים וועגן. ווער עס זאָגט מיט זיינע ליפּן — האָט ער געפּריידיקט — אז מחמד איז א נביא, אפילו אין הארצן איז ער א ייד און גלויבט ניט וואָס זיין מויל רעדט, הייסט שוין אן עובד עבודה זרה. יענער דינט שוין ממילא א פרעמדן גאָט און איז מחוייב מיתה, און ער פארלירט עולם הבא.

דאָס דאָזיקע ווילדע און ניט בארעכטיקטע קנאות האָט שוין ארויסגע־בראכט פון געדולד דעם יונגען רבי משה בן מימון און ער האָט נאָך מער ווי זיין פאָטער פארשפּרייט זיין דערמוטיקונג רוף צו אלע קהילות, וואו ער ווייזט אויף אין זיין „מאמר קדוש השם״ אָדער „אגרת השמד״ אז מען טאָר ניט

אָנרופן פושעים און רשעים גאנצע קהילות וועלכע האָבן אונטערן דרוק פון די מוסולמאנער געמוזט אָננעמען זייער גלויבן, ווייל באמת אין הארצן און אין געהיים היטן זיי די יידישע תורה און מצוות.

ער זאָגט אָבער אין יענעם „אגרת השמד", אז ווער עס האָט די מעג־לעכקייט, זאָל אנטלויפן און זיך אויסזוכן א ניי לאנד, וואו דער גוישער דרוק איז ניט אזוי שטארק, צו קאָנען זיך אויסלעבן דאָרטן ווי ריכטיקע יידן.

צענדליקער טויזנטער יידן וועלכע האָבן געלעבט אונטער די מוסול־מאנישע הערשער אין פארשיידענע מדינות, האָבן ניט געקאָנט געלאָזט ווערן אויף הפקר. קיינער פון זיי האָט זיך ניט געשמדט פון גוטן ווילן, קיינער פון זיי האָט ניט אוועקגעוואָרפן תורת־משה צוליב גלייכגילטיקייט אָדער פריי גייסט, די שארפע שווערד פון די מאכמעדאנער האָט זיי געצוואונגען דאָס צו טאָן. ווי אזוי — פרעגט דער יונגער רמב"ם — קאָן מען מפקיר זיין די אלע קהילות, וועלכע האָבן ניט דעם מוט צו גיין אויף קידוש השם?

אזוי זיינען הונדערטער קהילות איבערגעגאנגען אָפיציעל צום איסלאם און אין געהיים געהאלטן תורת משה און ביי א גוטער געלעגנהייט האָבן זיי פארלאָזן יענע מסוכנדיקע מקומות, זיי האָבן אויסגעוואנדערט אין אנדערע פראָווינצן און לענדער און צוריק געוואָרן גוטע און פרומע יידן...

פיל יחידים זיינען אָבער יאָ געגאנגען אויף קידוש השם. דער רבי פונם רמב"ם, הרב ר' יהודה הכהן, איז אומגעקומען אויף קידוש השם און אזוי אויך פיל אנדערע.

עס האָבן ניט געפעלט פיל מסירות אויף יענע באהאלטענע יידן און אָפיציעלע „מאכמעדאנער". דאָס לעבן איז געוואָרן שווער און אונדערטרעגלעך. די גאנצע מימון משפחה האָט ווידער גענומען דעם טראַדיציאָנעלן וואנדער־שטעקן אין האנט און זיך ארויסגעלאָזט געפינען א מקום מנוחה, וואו צו קאָנען זיך אויסלעבן ווי יידן.

די מימון משפחה אנטלויפט פון פעס אין יאָר 1165 קיין ארץ־ישראל. זיי קומען אָן קיין עכו. די יידן פון דאָרטן האָבן שוין געהערט פון דער מימון־משפחה און מען נעמט זיי אויף מיט גרויס כבוד. אין עכו וואוינען זיי א האלב יאָר. פון דאָרטן גייען זיי אויף קיין ירושלים. זיי באזוכן אויך חברון, קושן די קברים פון אונדזערע אָבות און אנדערע הייליקע מקומות, און נאָכן פארבלייבן דאָרטן א קורצן צייט, פאָרן זיי אָפּ קיין מצרים און זיי באַ־זעצן זיך צוערשט אין אלעקסאנדריע און דערנאָך אין פאסטאט (אלט־קאירא).

מצרים איז דאן געווען דאָס לאנד פון מאָדערנעם וויסן און לערע, די קולטור־פארשפרייטערין פארן גאנצן אָריענט, דאָס אָרט פון פילאָזאָפן און דיכטער, און אנדערע וויסנשאפטן.

ג

# דער רמב״ם, זיין לעבן און שאפן

ווי אלע גרויסע מענטשן, האָט אויך דער רמב״ם פיל געליטן. זיין רבי, ר׳ יהודה הכהן אבן שושן, איז אומגעקומען אויף קידוש השם; זיין גרויסער פאָטער, רבי מימון, איז נפטר געוואָרן; זיין ברודער, רבי דוד, וועל־כער איז געווען א דימענטן סוחר און האָט אויסגעהאלטן די גאנצע משפחה מיט פרנסה, איז דערטרונקען געוואָרן פאָרנדיק אויף א שיף אויפן אינדישן ים.

פון גרויס עגמת־נפש ווערט דער רמב״ם קראנק און א גאנץ יאָר קאָן ער ניט קומען צו זיך.

אין יאָר 1170 פראקטיצירט רבי משה בן מימון מעדיצין. ער ווערט גאנץ שנעל בארימט אלס גרויסער רופא, אין עגיפטישן קעניגלעכן הויף, און שפּעטער ווערט ער דער לייב־דאָקטאָר פונם גרויסן סולטאַן סאלאדין.

דער קעניג ריטשארד פון ענגלאנד לאדט איין דעם רמב״ם צו פאר־נעמען א חשובן דאָקטאָר־אמט אין זיין קעניגלעכן הויף. דער רמב״ם ווייזט צוריק דעם גרויסן קעניגס בקשה, ווייל בשעת זיין קרוינונג־טאָג האָט מען געשלאָגן און געשחטן פיל יידן אין ענגלאנד...

ד

כדי צו האָבן א שטיקל באגריף וועגן דעם געניאלן פארנעם פון דעם רמב״ם מוז מען קודם־כל פארשטיין זיין שאפן אויפן געביט פון תורה און יידישקייט. אין יענער צייט האָבן יידן געהאט דעם תנ״ך (תורה, נביאים וכתובים) די משנה און די גמרא. ס׳איז אָבער זייער שווער געווען צו פסקע־נען א דין סיי פון חומש, סיי פון דער משנה און אפילו פון דער גמרא, ווייל די פארשיידענע מיינונגען, פלוגתות און ויכוחים צווישן די חכמי המשנה און חכמי הגמרא האָבן באשווערט אפילו דעם גרויסן תלמיד חכם ער זאָל זיך אָריענטירן קלאָר ווי עס איז דער ריינער דין. דער פּשוטער בן־תורה האָט

ניט געקאָנט און ניט געוואגט ארויסצוטראָגן אן אורטייל איבער וועלכער פראגע עס זאָל ניט זיין, צוליב די פארשיידענע מיינונגען פון די חכמים.

איז געקומען רבי משה בן מימון און האָט קודם־כל פארפאסט א פירוש אויף דער משנה. ביז זיין צייט איז בכלל ניט געווען קיין פירוש אויף גאנץ משניות (א חוץ אויף אייניקע מסכתות, ווי ר׳ שמעון משאנץ אויף זרעים און טהרות, אא״וו).

ערשט דריי הונדערט יאָר נאָך דעם רמב״ם האָט ר׳ עובדיה פון ברטנורא פארפאסט א פירוש אויף גאנץ משניות.

דעם דאָזיקן פירוש אויף משניות האָט דער רמב״ם געשריבן אויף אראביש און פיל רבנים האָבן עס איבערגעזעצט אויף לשון הקודש: רבי יהודה אלחריזי האָט איבערגעזעצט סדר זרעים; רבי יוסף אלפועלי, סדר מועד; ר׳ יעקב עכסאי, סדר נשים; ר׳ שלמה בר׳ יוסף, סדר נזיקין; ר׳ נתנאל הרופא, סדר קדשים; אן אומבאקאנטער איבערזעצער, סדר טהרות, און רבי שמואל אבן תיבון, מסכת אבות, און שמונה פרקים לרמב״ם.

דאָס לערנען משניות וואָס איז ביז צום רמב״מ געווען אן ענין פאר גרויסע לומדים, האָט אָנגעהויבן צו ווערן צוגענגלעך פאר יעדן בן־תורה, ווייל זיין פירוש דערקלערט איינפאך און פשוט די פראָבלעמען וואָס ווערן בא־האנדלט אין אלע זעקס סדרים פון משניות.

זיין צווייט מאָנומענטאל ווערק, וואָס האָט געמאכט דעם רמב״ם גרויס און אומשטערבלעך איז געווען זיין „משנה תורה״, אָדער ווי א טייל רופן עס, דער „יד החזקה״.

אין וואָס איז באשטאנען זיין אויפטו? דער רמב״ם מיט זיין גרויסן שכל און געניאלן כוח הסדר האָט צוזאמענגעקליבן אלע דינים וועלכע זיינען צעוואָרפן אין משניות, תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי, תוספתות, ספרי, ספרא ומכילתא. ער האָט זיי סיסטעמאטיזירט, קריסטאליזירט און אין א קלאָר לשון הקודשדיקער שפראך אָנגעשריבן אלע הלכות און דינים, אזוי אז יעדער מענטש וואָס קאָן נאָר לייענען לשון הקודש, האָט געהאט פאר זיך די גאנצע יידישע געזעצגעבונג, סיי די דינים „בין אָדם למקום״, און סיי די דינים „בין אָדם לחברו״. אלע, ממש אלע דינים, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן אינם ים פון תלמוד בבלי און אין ים פון תלמוד ירושלמי, און אין די טייכן פון תוספתות און ספרי, ספרא און מכילתות — אלע האָט דער רמב״ם מיט זיין געטלעכן כוח קלאָר געמאכט.

ביי זיין צייט האָט בכלל ניט עקזיסטירט אזא שטייגער ספר. עס

האָבן זיך געפונען ביי יידן די אַלע אויבנדערמאָנטע ספרים, אָבער פון זיי האָט א פשוטער בן־תורה ניט געקאָנט דערגיין דעם קלאָרן דין. מען האָט געדאַרפט זיין א גרויער למדן דערצו.

דער „יד החזקה" אָדער „משנה־תורה" איז ניט בלויז א ספר פון דינים. ער פלעכט אריין די לערע פון מוסר און עטיק, די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, אפילו דאן ווען עס האנדלט זיך ניט וועגן שאָדן אָדער הלוואה, באַצאָלן דעם ארבעטער זיין לוין אא"וו.

זיין ספר, „משנה תורה", האָט ממש פאַרלויכטן די יידישע וועלט. עס האָט געעפנט די פאַרשלאָסענע אוצרות פון דער יידישער תורה, עס האָט די תורה געמאַכט צוגענגלעך פאַר די ברייטע מאסן.

פאַר דער הייליקער און געניאַלער ארבעט איז דער רמב"ם פאַראייביקט און פאַרהייליקט געוואָרן ניט בלויז אין זיין דור, נאָר אין אַלע שפּעטער־דיקע דורות.

ה

איז אָבער באַשערט איטלעכן גרויסן מענטשן אַז קריטיקער און סתם בעלי קנאה זאָלן שטערן זיין מנוחה און אָפּעסן אים דאָס האַרץ, האָבן זיך געפונען אין זיין צייט פיל מענטשן וועלכע האָבן קריטיקירט זיין ארבעט.

צווישן יענע קריטיקערס האָבן זיך געפונען אויך הייליקע און גרויסע מענטשן, וועלכע ניט די פּראָסטע קנאה האָט זיי חס ושלום דיקטירט אַרויס־צוטרעטן קעגן דעם רמב"ם. יענע האָבן מורא געהאַט, אַז די וועלט וועט ניט נעמען מער קיין גמרא אין האַנט אַריין... צו וואָס זיך מאַטערן איבער א בלאַט גמרא און צום סוף ערשט ניט וויסן דעם ריינעם דין, אַז רבי משה בן מימון זאָגט אין עטלעכע ווערטער קלאָר און דייטלעך דעם אָדער יע־נעם דין?..

א צווייטע, ערנסטע קריטיק אויפן „יד החזקה" איז געווען, וואָס דער רמב"ם ברענגט די דינים אָן צו באַווייזן פון וואַנען דער אָדער יענער דין שטאַמט.

איינער פון די גרעסטע קריטיקער איז געווען דער ראב"ד, רבי אברהם בן דוד, פון פּאָסקיירא, ניט ווייט פון דער שטאָט לוניל, אין פראַנקרייך (גע־בוירן געוואָרן צען יאָר פאַרן רמב"ם און נפטר געוואָרן זיבן יאָר פאַר אים). דער ראב"ד איז געווען א גאון, א ראש הישיבה, א הייליקער מענטש. און

כאָטש זיינע קריטישע באַמערקונגען קעגן דעם רמב״ם זיינען שטרענג, בייסיק און שטעכיק, וועט אָבער חס ושלום קיינער ניט וואגן חושד צו זיין דעם ראב״ד אין זייטיקע פניות.

עס זיינען אָבער יאָ געווען קעגנער וועלכע האָבן דעם רמב״ם ניט פארגונען זיין גרויסקייט און פּאָפּולאַריטעט וואָס ער איז קעניגלעכער הויף־דאָקטאָר, מקורב למלכות, א גרויסער קענער אין אנדערע חכמות.

די ערלעכע און ערנסטע קריטיקער האָט דער רמב״ם אליין געענטפערט, אז ער האָט חס ושלום ניט געמיינט, אז די לומדים זאָלן מער ניט לערנען קיין גמרא. אדרבה, איטלעכער דארף לערנען צוערשט גמרא און דאן ערשט, ווער עס קאָן זיך ניט אָריענטירן און קאָן ניט ארויסציען פון תלמוד א דין, זאָל ער לערנען אין זיין ספר „משנה תורה״.

אויף דער צווייטער קריטיק, אז ער ברענגט ניט נעמען פון די תנאים און אמוראים, שרייבט דער רמב״ם, אז ער האָט זיי אלעמען דערמאָנט אין זיין הקדמה צום ספר.

די שפּראך פון „משנה תורה״ איז די זעלבע שפּראך פון דער משנה — ריין לשון הקודש און צוגענגלעך פאר איטלעכן וועלכער קאָן נאָר די שפּראך.

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, איז דער „יד החזקה״ ניט בלויז א ספר פון „טרוקענע״ דינים. דער רמב״ם ברענגט פון צייט צו צייט דערהויבענע, עטישע פשוטע ווערטער, וועלכע באווייזן די גרויסע נשמה זיינע.

אין ניינטן פּרק, הלכות עבדים, הלכה ח׳, ברענגט דער רמב״ם אזוי: מען מעג געבן אן עבד שווערע ארבעט און מען מעג איבער אים רעגירן, כאָטש דער דין איז אזוי, איז אָבער די מידת חסידות און דער דרך החכמה אז א מענטש זאָל באזיצן רחמנות און זאָל נאָכיאָגן נאָך גערעכטיקייט, ער זאָל ניט באשווערן די ארבעט פון זיין קנעכט, ער זאָל אים ניט ערגערן און געבן אים צו עסן און צו טרינקען פון אלע שפּייזן און געטראנקען. די ערשטע חכמים האָבן געגעבן צו זייערע קנעכט פון די זעלבע מאכלים וואָס זיי אליין האָבן געגעסן. זיי האָבן זייערע ארבעטער צוערשט דערלאנגט עסן און דער־נאָך ערשט האָבן זיי אליין געגעסן... עס שטייט דאָך אין פּסוק: כעיני עבדים אל יד אדוניהם כעיני שפחה אל יד גבירתה.

מען דארף ניט פארשעמען א קנעכט, ניט מיט דער האנט און ניט מיט ווערטער. דער פּסוק דערלויבט צו נעמען א קנעכט צו דער ארבעט, אָבער ניט צו פארשעמען אים... מען טאָר ניט שרייען און מען טאָר זיך ניט

כעסן אויף אים, נאָר ריידן צום קנעכט מיט נחת און אויסהערן זיינע טענות, וכו׳.

אכזריות און פרעכהייט געפינען זיך נאָר ביי געצנדינער, אָבער קינדער פון אברהם אָבינו, דאָס פאָלק ישראל, וועלכעס ג־ט האָט זיי משפיע געווען מיט תורה און דינים, זיי זיינען רחמנים בני רחמנים אויף אלע. א ייד דארף זיך פארגלייכן צום רבונו של עולם, וועלכער האָט אויך רחמנות אויף אלע־מען — „ורחמיו על כל מעשיו״ — און ווער עס איז זיך מרחם אויף עמיצן, אויף דעם איז זיך ג־ט אויך מרחם...

אזוי פלעכט אריין דער רמב״ם ביי פיל הלכות עטישע באמערקונגען.

די יידן אין מצרים זיינען געווען שטאָלץ מיט אים. זיי האָבן אים געגעבן דעם טיטול נגיד, וועלכער איז אין יענער צייט געווען דער העכסטער טיטול ביי יידן.

יידן פון דער גאנצער וועלט האָבן געשיקט צו אים זייערע פּראָבלעמען אין דער פאָרם פון שאלות, סיי אין ענינים פון תורה און סיי אין ענינים פון פראקטישער יידישקייט.

דער רמב״ם האָט געענטפערט אלעמען קלאָר און מיט אויטאָריטעט, און יידן, סיי ספרדים, סיי אשכנזים, האלטן זיין פסק פאר הייליק.

דער רמב״ם איז געווען זייער ארבעטזאם. ער האָט פיל געשריבן, פיל געלערנט און פיל דיסקוטירט אויף אלע געביטן פון תורה און חכמה, מיט די גרעסטע מענטשן אין זיין צייט. זיין מעדיצינישע ארבעט, פון וואנעט ער האָט געצויגן חיונה, האָט ביי אים אויך צוגענומען פיל צייט. ער האָט גע־היילט ניט בלויז דעם סולטאן מיט זיין משפחה, — אהיימקומענדיק פונם סולטאנס הויף, האָבן שוין אויף אים געווארט פיל קראנקע יידן און ניט־יידן, אלעמען האָט ער געהיילט און ביי זיי ניט גענומען באצאָלט.

ווען ר׳ שמואל אבן תיבון, פון לוניל, פראנקרייך, שרייבט צו אים, אז ער האָט שוין איבערזעצט פון אראביש אויף לשון הקודש זיין גרויס ווערק „מורה נבוכים״ און ער וויל קומען צו אים איבערריידן פארשיידענע ענינים וואָס האָבן א שייכות מיט דער איבערזעצונג, שרייבט צו אים דער רמב״ם: טייערער פריינט, איך האָב אפילו קיין צייט ניט אראָפּצושלינגען דאָס שפּיי־עכץ פון מיין מויל. הונגעריק און מיד קום איך אהיים פונם סולטאנס הויף, ווארטן שוין אויף מיר אָרעמע קראנקע, ווי קאָן איך זיך נעמען צום עסן, הערנדיק דאָס קרעכצן פון קראנקע?..

אזוי צארט, אזוי איידל, אזוי הייליק איז געווען די נשמה פון רבי משה בן מימון, דער אומשטערבלעכער רמב״ם.

ו

עס איז זייער שווער פאר א היינטיקן מענטשן צו באגרייפן וואו דער רמב״ם האָט גענומען צייט פאר אלע זיינע רבנישע, מעדיצינישע, פילאָזאָפישע למודים? חוץ דעם איז ער אויך געווען א גרויסער מאטעמאטיקער און באַ־דייטנדיקער אסטראָנאָם.

יעדערער פון די אויבנדערמאָנטע געביטן דארף האָבן א געניאלן, פעאיקן, ארבעטזאמען מענטשן. און דאָ קומט איין איינציקע פארזאָן און באווייזט אזא ענערגיע, אזא פלייס, אזא פיזישע ארבעט, שוין ניט ריידנדיק וועגן די גייסטיקע כוחות אָנצושרייבן דעם „יד החזקה״, דעם „מורה נבוכים״, דעם פירוש אויף משניות, א פירוש אויף פארשיידענע מסכתות פון תלמוד בבלי, א פירוש אויף תלמוד ירושלמי, א ספר המצוות, א מאמר „קידוש השם״, א ספר „אגרת תימן״, א ספר „מלת הגיון״, „מאמר העיבור״, „שאלות ותשובות״, „פאר הדור״, „סדר העולם״, כללים אויף ש״ס, שמונה פרקים לרמב״ם איבערגעזעצט פון ר׳ שמואל אבן תיבון, „פרקי משה״ — מעדיצין.

דער רמב״ם שרייבט אויך א ספר־תורה מיט אייגענע הענט. אציגד די טויזנטער בריוו צו רבנים, מעדיצינער, תלמידים און צו פארוואָרפענע קהלות, וויכוחים מיט פילאָזאָפן און מאטעמאטיקער?

מיר קאָנען ניט משיג זיין ווי אזוי א בשר ודם וועלכער האָט געלעבט נאָר זיבעציק יאָר, ניט במנוחה, נאָר מיט צרות און פיין, מיט רדיפות און מיטן וואנדער שטעקן אין האנט, האָט געקאָנט באווייזן דעם פיזישן כוח דאָס אלץ צו באארבעטן.

און ווי גרויס עס איז געווען זיין פיזישער כוח האָט פיל מאָל איבער־געשטיגן זיין גייסטיקע קראפט. זיין חכמה און זיין בינה, און זיין דעת צו פארפאסן „משנה תורה״ און דעם „מורה נבוכים״ איז גאָר ניט קיין ענין פון פיזישן כוח. עס קאָן אנדערש ניט זיין ווי נאָר א געטלעכער כוח האָט זיך באוויזן אין יענעם געניאלן רבנו משה בן מימון, און שכינה מדברת מתוך גרונו. די שכינה האָט ארויסגערעדט פון אים.

### ז

אין א סעריע ארטיקלען פארן פאָלקס־מענטש איז אוממעגלעך זיך אָפּ־צושטעלן אויפן פילאָזאָפישן געדאנקען־גאנג פון דעם רמב״ם.

אין זיין ספר „מורה נבוכים״ (לערנט די פארבלאָנדזשעטע) איז זיך דער רמב״ם מתווכח מיט אלע גרויסע פילאָזאָפישע מיינונגען איבער ג־ט, גייסט, נשמה און השארת הנפש. ער פירט ארויף די פארבלאָנדזשעטע יידישע געלערנטע אויף דעם ריינעם יידישן דרך.

ער ווייזט גרויס בקיאות אין דער לערע פון אריסטאָטל, גריכישער פילאָזאָף אינם פערטן יאָרהונדערט (אין די יידישע חקירה ספרים רופט מען אים אריסטו). דער רמב״ם האלט פיל פון אריסטאָטלס פילאָזאָפישע הנחות. אין מורה נבוכים ב׳, שרייבט דער רמב״ם „אלץ וואָס אריסטו האָט געזאָגט וועגן ענינים פון דער ערד ביז צום גלגל הירח (לבנה הירח) איז אמת״.

דער רמב״ם איז אָבער ניט מסכים מיט אריסטוס שיטה וועגן דעם וועלט באשאף. אריסטו זאָגט, אז די וועלט אקזיסטירט פון אייביק, און דער רמב״ם זאָגט אז: בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ... אז ג־ט האָט די וועלט באשאפן, און יעדער זאך וואָס עקזיסטירט האָט א באשאפער, און דאָס איז ג־ט.

### ח

דער רמב״ם איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פעסטגעשטעלט די דרייצן עקרים פונם יידישן דת, די באקאנטע דרייצן „אני מאמינס״ וועלכע זיינען באקאנט צו איטלעכן יידן, וועלכער נעמט א סידור אין האנט.

אפילו די מאָדערנע יידישע וועלט, זינגט שוין היינט דעם אני מאמין בביאת המשיח.

ס׳איז כדאי בזמן הזה איבערצוגעבן אין א יידישער איבערזעצונג דעם קיצור פון די אני מאמינס ווי דער רמב״ם האָט זיי מסדר געווען:

1) איך גלויב באמונה שלימה אז ג־ט, געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען, איז דער באשאפער און דער פירער פון אלע באשעפענישן, און ער אליין האָט עס געטאָן, האָט באשאפן, באשאפט און טוט אלע מעשים.

2) אני מאמין אז ג־ט איז איינציק און עס עקזיסטירט ניט נאָך אזא ענלעכע איינציקייט, און נאָר ער אליין איז אונדזער שטארקער ג־ט. ער איז געווען, ער איז און ער וועט זיין.

3) אני מאמין, אז ג־ט איז ניט קיין קערפערלעכער וועזן, און קיין קערפערלעכער וועזן קאָן אים ניט משיג זיין, און מיר קאָנען ניט האָבן קיין השגה אין אים.

4) אני מאמין, אז ג־ט איז געווען דער סאמע ערשטער און וועט זיין דער סאמע לעצטער.

5) אני מאמין, אז נאָר צו אים לוינט זיך בעטן און עס האָט קיין ווערט ניט צו בעטן צו אן אנדערן.

6) איך גלויב באמונה שלימה, אז אלע רייד פון די נביאים זיינען אמת.

7) איך גלויב באמונה שלימה, אז די נבואה פון משה רבינו עליו השלום איז געווען אמת און ער איז געווען דער הויפט פון אלע נביאים פאר אים און נאָך אים.

8) איך גלויב באמונה שלימה, אז די גאנצע תורה וואָס געפינט זיך אין אונדזער רשות, אז זי איז עס די תורה וועלכע איז געגעבן געוואָרן צו משה רבינו עליו השלום.

9) איך גלויב באמונה שלימה אז די תורה וועט קיינמאָל ניט פאר וועקסלט ווערן און ג־ט וועט ניט מער געבן קיין אנדער תורה אויף איר אָרט.

10) איך גלויב באמונה שלימה, אז ג־ט ווייסט אלע מעשים פונם מענטשן און אויך זיינע מחשבות.

11) איך גלויב באמונה שלימה, אז ג־ט וועט באלוינען מיט גוטס די וועלכע היטן די מצוות און וועט בשטראָפן די וועלכע זיינען עובר אויף די מצוות.

12) איך גלויב באמונה שלימה, אז משיח וועט קומען, און כאָטש ער פארזוימט זיך, גיבן מיר אלץ ניט אויף די האָפענונג טאָג־טעגלעך, אז ער וועט דאָך קומען.

13) אני מאמין, איך גלויב באמונה שלימה, אז ווען ג־טס רצון וועט זיין, וועט קומען צו תחיית המתים.

דאָס זיינען די דרייצן הויפט פונקטן אין דער יידישער אמונה ווי דער רמב״ם האָט זיי פאָרמולירט.

## ט

אין עלפטן און צוועלפטן פרק פון הלכות מלכים, שרייבט דער רמב״ם אזוי וועגן משיחן: „משיח ווען ער וועט קומען, וועט ער ניט דארפן באווייזן קיין מופתים און וואונדער. ער וועט אָבער דארפן זיין פון דוד המלכס קינדער.

ער וועט לערנען תורה, עוסק זיין אין מצוות, אין תורה שבעל פה און ער וועט אויסקעמפן ג־טס קאמף — וילחם מלחמת ה׳, אויב ער וועט מצליח זיין און אויפבויען דעם בית־המקדש און ער וועט צוזאמענגעמען אלע פארוואר־פענע יידן (נדחי ישראל) — דער וועט זיין משיח, און ער וועט די גאנצע וועלט אויסבעסערן זי זאל דינען צו ג־ט, ווייל אזוי שטייט אין פסוק (צפניה, ג׳) „כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה׳, ולעבדו שכם אחד״, דאמאלסט וועל איך איבערקערן די ליפן פון די פעלקער און אלע וועלן אים דינען ווי איין מאן.

י

אין אייראפע האבן זיך פארשפרייט קלאנגען וועגן א פאלשן משיח אין תימן, און דער רמב״ם זאל האבן געשריבן א בריוו צו די יידן פון דארטן. האבן די חכמים פון מארסייל, פראנקרייך, אנגעפרעגט ביים רמב״ם צי די מעשה וועגן דעם פאלשן משיח איז אמת.

ענטפערט דער רמב״ם קיין מארסייל בזה הלשון: וועגן דעם פאלשן משיח, וואס איר האט געהערט און מיין פערזאן איז דערמאנט געווארן ארום יענער געשעעניש, זאלט איר וויסן, אז ניט אזוי איז געווען די געשיכטע ווי איר האט זי געהערט.

שוין ארום 22 יאר ווי א מענטש האט זיך באוויזן צו די יידן פון תימן און ער האט זיי געזאגט אז ער איז א שליח פון משיחן. ער איז געקומען צוגרייטן און מאכן אלע הכנות, ווייל משיח וועט צוערשט קומען קיין תימן. עס האבן זיך ארום אים פארזאמלט יידן פון אלע געגנטן אין תימן, און אויך אראבער האבן אנגעהויבן אים צו גלויבן אז ער איז משיחס א שליח. ער האט פארנארט פיל יידן און באוויזן „מופתים״.

די חכמי תימן האבן זיך געווענדעט צו מיר, — שרייבט דער רמב״ם, און מיר געשריבן א גרויס כתב און מיר געלאזט וויסן זיין אויפפירעכטס און זיין מחדש זיין אין סדר התפלה און זיינע מופתים.

איך האב פארשטאנען פון זייער שרייבן, אז דער מאן, דער כלומרשטער שליח פון משיחן איז א חסר דעה, אבער א ירא שמים. ער באזיצט אבער גארניט קיין חכמה און די אלע מופתים זיינע זיינען שקר וכזב.

איך האב זיך געשראקן פאר יענע יידן האב איך זיי געשיקט דריי העפטן (קונטרסים) וועגן דעם ענין פון מלך המשיח, זיינע סימנים און די

סימנים פון דער צייט ווען משיח דארף נתגלה ווערן. איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן וואָרענען יענעם מענטשן ער זאָל אָפּזיצן, ווייל סיי ער און סיי פיל קהילות וועלן פארלוירן גיין דורך זיינע מעשים. די אונטערשטע שורה, שרייבט ווייטער דער רמב״ם, די מאכט האָט אים געכאפּט, אלע זיינע אָנ־הענגער זיינען זיך צעלאָפן און דער מלך פון תימן האָט פארלאנגט פון אים א מופת אז ער איז טאקע א שליח פון משיחן.

האָט דער עלנטער געענטפערט: אדוני מלך, שנייד אָפּ מיין קאָפּ וועסטו זען אז איך וועל נאָך אלץ זיין לעבעדיק...

האָט דער מלך געזאָגט, אויב אזוי, וועל איך און אלע מיינע מענטשן זיין דיינע נאָכפאָלגערס...

דער מלך האָט באפוילן אים אָפּצושניידן זיין קאָפּ און אזוי איז דער עלנטער אומגעקומען.

און דער רמב״ם ענדיקט זיין בריוו צו די חכמי מארסייל: תהא מיתתו כפרתו עליו ועל כל ישראל... זאָל זיין טויט זיין א כפרה פאר אים און פאר אלע יידן...

## יא

איינע פון די דראמאטישסטע דאָקומענטן וועלכע זיינען פארבליבן פונם רמב״ם איז בלי ספק דער „אגרת תימן״.

דער מלך פון תימן האָט געצוואונגען זיינע יידישע אונטערטעניקע צום שמד. יענע יידן האָבן זיך געווענדעט צום רמב״ם ער זאָל פאר זיי אויפקלערן די הויפּט יסודות פונם יידישן דת, ווייל פיל פון די תימנער יידן, ניט קאָנענדיק אויסהאלטן דעם דרוק פון מלכות תימן, זיינען אריינגעפאלן אין גרויס צווייפל זעענדיק דעם שפלדיקן מצב פון יידן. א טייל האָבן זיך געשמדט און א טייל זיינען אין ספק, זיי ווייסן ניט וואָס צו טאָן.

ענטפערט זיי דער רמב״ם דעם בארימטן „אגרת תימן״.

ועתה אחינו, און אצינד ברידער זייט איר פארפליכטעט גוט צו הערן וואָס איך וועל פאר אייך מסדר זיין... לערנט עס צו קינדער און צו פרויען, כדי זיי זאָלן זיך מחזק זיין אין דער אמתער אמונה. זייט וויסן אז אונדזער תורה איז די אמתע. זי איז צו אונדז געגעבן געוואָרן פון ג־ט דורך דעם גרעסטן פון אלע נביאים. דורך דער תורה זיינען יידן אויסדערוויילט געוואָרן פון אלע פעלקער אא״וו. מען קאָן אין א קורצער אָפּהאנדלונג ניט איבערגעבן

דעם רירנדיקן „אגרת תימן״. דער רמב״ם באַגרינדעט דאָרטן די יסודות פון דער יידישער אמונה און שטאַרקט יענע פאַרפּאַלגטע יידן. ער איז זיי מודיע, אַז ניט זיי אַליין זיינען אין אַן עת צרה, כמו שעשה הכנעני בארצות המערב, אַז אויך די יידן אין די מערב לענדער געפינען זיך אין דעם זעלבן אומגליק — אונטער דער גזרת השמד.

דער „אגרת תימן״ הויבט זיך אָן בזה הלשון: מני אנא משה בר׳ מיימן הדיין בר׳ יוסף החכם בר׳ יצחק הרב בר׳ עובדיה הדיין ז״ל, חזקו ידים רפות וברכים כושלות אמצו לכבוד גדול וקדוש מר ורב יעקב החכם הנחמד היקר הנכבד בן כבוד מר ורב נתנאל ז״ל בן אלפיומי, ובכלל כל אלופינו אחינו כל תלמידי הקהלות אשר בארץ תימן, ישמרם צורם ויגן בעדם אמן סלה.

פון מיר משה בן מיימן דער דיין דער זון פון יוסף דער זון פון החכם יצחק דער זון פון עובדיה הדיין ז״ל שטאַרקט אייך איר שוואַכע הענט און געשטרויכלטע קני זאָלן געקרעפטיקט ווערן צום גדול וקדוש ר׳ יעקב בן כבוד ר׳ נתנאל ז״ל און צו אַלע תלמידים פון די קהלות אין תימן זאָל אייך ג־ט שיצן און באַשירעמען אמן סלה.

יב

בטבע איז דער רמב״ם געווען א טוב לב, א גוטהאַרציקער, א בעל־רחמנות. ער איז מקרב גרים און האָט זיי ליב.

אין זיין צייט איז געווען א גר מיטן נאָמען עובדיה. פאַרקלאָגט זיך דער דאָזיקער גר פאַרן רמב״ם, אַז זיין רבי איז אים מבייש, ער רופט אים נאַר (כסיל).

ענטפערט אים דער רמב״ם: זיי ניט געפאַלן ביי זיך. דו ביסט אברהם אָבינוס תלמיד, דו ביסט א משכיל און א פּיקח, א געלערנטער און א קלוגער, און דיין רבי דאַרף בעטן ביי דיר מחילה.

האַנדלט זיך אָבער אין אַן עבריין, אַן אָפּנויגער פונם יידישן דת, דאַן ווערט דער רמב״ם שטרענג און שאַרף. ער גיט אַרויס א שאַרפן חרם אויף אבו אליעזר בן נצאר הכהן, ווייל ער האָט גענומען א גרושה און דאָס איז קעגן דעם יידישן דין. אינם חרם רופט דער רמב״ם אים דער רשע און ער לאָזט וויסן יענער קהלה אַז מיר האָבן אַרויסגענומען א ספר תורה פון אָרון הקודש, וועלכע יענער רשע האָט פאַרשוועכט, און מיר האָבן אים אַריינגע־

לייגט אין חרם מיטן שם המפורש אין דער עפנטלעכקייט אין די שולן פון מצרים און אלקהיר. מיר לייגן אריין אין חרם אלע די וועלכע וועלן האָבן מיט זיי א מגע ומשא, ווייל זיי האָבן פארשוועכט די הייליקע תורה אא״וו.

יג

ווען עס האנדלט זיך אין זיין אייגענעם כבוד איז ער מוחל, און בעט נאָך ביי ג־ט ער זאָל ניט באשטראָפן זיינע פערזענלעכע קעגנער. האנדלט עס זיך אָבער אין כבוד התורה, אָדער אין כבוד שמים, שטורעמט ער און ברויזט ווי א שטורעמדיקער ים.

אין זיין ספר „פאר הדור״ קמ״ב, שרייבט ער צו ר׳ יוסף עקנין בזה הלשון: איך בין מוחל און פארגיב אויף מיין שאנד וואָס מענטשן זיינען מיך מבזה. ביי מיר אין שטאָט געפינען זיך מענטשן בעלי קנאה, וועלכע ווילן ניט ארייינקוקן אין מיינע ספרים. זיי זאָגן: ווען מיר וואָלטן געוואָלט, וואָלטן מיר פארפאסט בעסערע חיבורים פון אים. טייל זאָגן איך בין ניט גענוג רעליגיעז און איך טו ניט קיין מעשים טובים...

דאָס אלץ, שווער איך ביי ג־ט, דערצערנט מיך ניט. אפילו ווען זיי וואָלטן עס מיר אליין געזאָגט, וואָלט איך ניט געוואָרן אין כעס. איך וואָלט גערעדט מיט זיי ווייכע רייד, און איך וואָלט געוואָרן נכנע, איך וואָלט גע־שוויגן און גאָרניט געענטפערט... דער כבוד פון מיין נפש און גוטע מידות איז ביי מיר טייערער ווי איך זאָל באזיגן נאראָנים מיט מיינע רייד...

און צו ר׳ פינחס הדיין שרייבט דער רמב״ם: אפילו איך הער מיט מיינע אויערן, אז אימעצער פארשעמט און זידלט מיך, פיל איך גאָרניט און בין ניט מקפיד. איך פארגיב און בין מוחל.

אזוי איז דער רמב״ם געווען איינער פון די גרעסטע תורה אויטאָרי־טעטן אין אלע דורות, גרויסער פילאָזאָף, מאטעמאטיקער, אסטראָנאָם, מעדי־קער, היגיעניסט און גלייכצייטיק אן אויסגעארבעטער אין אלע מידות טובות, אן עניו ווען עס האָט זיך געהאנדלט אין פריוואטן כבוד און א קעמפער, א לוחם מלחמת השם, א שטרענגער ווען עמיצער האָט מיט בייזוויליקייט גע־טראָטן מיט זיינע פיס די קדושה פון דער תורה.

אזוי לאנג ווי די זון וועט אויפגיין אין מזרח און אונטערגיין אין מערב, אזוי לאנג וועט דער הייליקער נאָמען פון רבנו משה בן מימון פארבלייבן מיט כבוד און רעספעקט איינגעבאקן אין די הערצער פון אלע יידן אויף

אלע קאָנטינענטן, ווייל ווען דער רמב״ם וואָלט געלעבט אין דער צייט פון די נביאים, וואָלט ער געווען א נביא; ווען ער וואָלט געלעבט אין די צייטן פון די תנאים, וואָלט ער געווען א געטלעכער תנא — אזוי האָב איך אראָפּ־געלייענט פון זיין מצבה אין טבריה: „ממשה ועד משה לא קם כמשה״.

יד

**דאָס וואָס דער רמב״ם איז פארבליבן א לעבעדיקע, גרויסע פיגור אינם יידנטום, איז ניט דערפאר ווייל ער איז געווען א גרויסער מעדיקער, אָדער באדייטנדיקער פילאָזאָף, גרויסער אסטראָנאָם, היגיעניסט אָדער מאטע־מאטיקער. מעגלעך אז עס זיינען בימיו אָדער נאָך אים געווען גרעסערע מעדיקער, פילאָזאָפן, מאטעמאטיקר און אסטראָנאָמען. דער רמב״ס אומ־שטערבלעכקייט נעמט זיך דוקא פון זיין תורה־קענטעניש, פון זיין גרויסן כוח אין מסדר זיין די גאנצע תורה אין פאָרם פון א געזעצגעבונג.**

**דער רמב״ם באהאנדלט אין משנה תורה אלע תרי״ג מצוות, זיינע מאָראלישע טיף־עטישע באמערקונגען זיינען פון גאָר גרויסן ווערט.**

**כאָטש דער רעליגיעזער ייד דארף ניט קיין מאָטיוון און דערקלערונגען פאר דער אָדער יענער מצוה, ווייל ער גלויבט באמונה שלימה, אז „דרכיה דרכי נועם״, די וועגן און דרכים פון דער תורה זיינען איידל און אנגענעם, און זיי זיינען געגעבן געוואָרן אויסצואיידלען דעם מענטשן.**

**די משנה זאָגט אין ברכות, פּרק ה׳, משנה ג׳: „האומר על קן צפור יגיעו רחמיך״, אזוי ווי ג־ט האָט רחמנות געהאט אויפן פויגל בשעת ער האָט געזאָגט: „שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך״, שיק אוועק די פויגל־מוטער און די יונגע פייגעלעך נעם דיר, אזוי זאָל ג־ט רחמנות האָבן אויף אונדז, איז דער דין, משתקין אותו, דארף מען אזא מענטשן שטיל מאכן, ווייל ער זאָגט אז די דינים פון דער תורה זיינען רחמנות און אין דער אמתן זיינען זיי גזירות פונם מלך פאר זיינע קנעכט...**

**דאָך באמיט זיך דער רמב״ם ארייגצופלעכטן וואונדערבארע, עטישע באמערקונגען, וועלכע לאָזן איבער א טיפן רושם.**

**דעם רמב״ס זאָרג פאר די פארוואָרפענע יידישע קהילות אין דער גאנצער וועלט, האָט אים דערהויבן צו א לעגענדארישער פערזענלעכקייט.**

**די יידן אין תימן האָבן אים אזוי מכבד געווען, אז בשעתן זאָגן קדיש, האָבן זיי צוגעגעבן: „בחייכון וביומיכון ובחיי מרנא ורבנא משה בן מימון״...**

**צו אזא כבוד האָט נאָך קיין יידישער גאון ניט זוכה געווען.**

## טו

כאָטש דער רמב"ם איז געווען זייער גרויס אין זיין מעדיצינישער פּראָ־פעסיע, אזוי ווייט, אז עד היום ווערט ער ציטירט אין די גרויסע מעדיצינישע טעקסט־ביכער און ס'איז כדאי צו ברענגען אייניקע מיינונגען פון דעם רמב"ם וועגן מעדיצין און היגיענע.

די מעדיצין — שרייבט דער רמב"ם — דאַרף שטרעבן צו געבן דעם מענטשן די נויטיקע קענטענישן כדי ער זאָל קאָנען פירן א היגיעניש לעבן און וויסן וואָס און ווי אזוי צו עסן, דאן וועט ער זיין געזונט, קאָנען ארבעטן און לאנג לעבן.

צווישן טויזנטער מענטשן שטארבט נאָר איינער מיט א נאטירלעכן טויט. די איבעריקע שטארבן פריצייטיק, ווייל זייער איגנאָראנץ און ניט וויסן ווי אזוי זיך אויפצופירן.

עס איז נויטיק — שרייבט ווייטער דער רמב"ם — צו האָבן א גע־זונטן קערפּער כדי צו קאָנען האָבן א געזונטע נשמה און א קלאָרן שכל. דערפאר דאַרף מען אויסמיידן אלץ וואָס קאָן שעדיקן דעם קערפּער און טאָן אזוינס וואָס זאָל אים שטארקן. עסן נאָר ווען מען איז הונגעריק און טרינקען נאָר ווען מען איז דורשטיק, ניט עסן קיין איבעריקס, בעסער ווייניקער ווי מען דאַרף. אין דער צייט פון עסן, ניט טרינקען צופיל, נאָר אביסל וואסער מיט וויין.

נאָכן עסן דאַרף מען צוביסלעך רוען, ווייל ווער עס מאטערט זיך אויס באלד נאָכן עסן, דער איז אויסגעשטעלט צו ערנסטע קראנקהייטן.

א געזונטער מענטש דאַרף ניט שלאָפן מער ווי אכט שעה, ניט שלאָפן אויפן בויך, די ערשטע האלבע נאכט שלאָפן אויף דער לינקער זייט און די צווייטע האלבע נאכט אויף דער רעכטער זייט. מען טאָר זיך ניט לייגן שלאָפן באלד נאָכן עסן.

טויזנטער פּראקטישע אָנווייזונגען פון מעדיציניש־היגיענישן ווערט, געפינען זיך אינם רמב"מס ספרים. די היינטיקע מאָדערנסטע מעדיקער וואָלטן זיי רעקאָמענדירט צו איטלעכן פּאציענט.

אָבער ווי שוין דערמאָנט, ניט זיין מעדיציניש פעאיקייטן האָבן אים געמאכט אומשטערבלעך. ניט זיינע אלע חכמות צוזאמען, נאָר זיין גדלות אין תורה, זיין באשיידנקייט, זיין רחמנות געפיל, זיינע עטישע מידות און זיין שטארקע אמונה אין ג־ט, תורה, נביאים און אין די רייד פון די חכמי התלמוד.

טז

אין דער צייט פונם רמב״ם האָט געבליט די אראבישע קולטור. אין שפּאניע, מצרים און אפילו אין טיילן פון דרום פראנקרייך, האָט די געלערנטע אינטעליגענץ שטודירט די גריכישע פילאָזאָפיע. די יידן זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיט יענעם שטראָם.

פאר יענעם טייל יידן האָט אייגנטלעך דער רמב״ם געשריבן זיין „מורה נבוכים״, וואו ער דערקלערט און באהאנדלט די פראגן וועגן ג־ט, ידיעה און בחירה, די נעמען און אטריבוטן פון ג־ט אא״וו.

אין זיין צייט האָבן אָבער געלעבט די „חכמי צרפת״, די גרויסע רבנים פון פראנקרייך, וועלכע האָבן געלערנט אז א ייד דארף זיך דערווייטערן פון פילאָזאָפיע, ווייל די אלע לימודים זיינען א גרויסער שטער צו אמונה און פשוטן גלויבן אין ג־ט.

די דאָזיקע קהילות האָבן געשטורעמט קעגן דעם רמב״ם בכלל און קעגן זיין „מורה נבוכים״ בפרט.

רבי שלמה, דער דיין פון מאָנפּעליער (פראנקרייך), און רבינו יונה פון גיראנדי (שפּאניע), האָבן געלייגט אין חרם אריין די וועלכע האָבן גע־לערנט דעם מורה נבוכים. זיי זיינען געווען גרויסע תורה אויטאָריטעטן און זיי האָבן געזען א סכנה פארן יידישן דת דורכן לערנען פילאָזאָפיע.

די קעגנערשאפט פון די רבנים אין פראנקרייך צום מורה נבוכים איז געווען אזוי גרויס, אז דאָס האָט גורם געווען, אז גלחים האָבן אין פאריז, אינם יאָר 1244, פארברענט דעם מורה נבוכים פונם רמב״ם.

דער הייליקער רבינו יונה האָט אָבער שפּעטער חרטה געהאט און זיך צוריקגעצויגן פון קעגנערשאפט צום רמב״מס שיטה.

צו באשיצן דעם רמב״ם זיינען ארויס די גרעסטע מענטשן אין יענעם דור.

רבי אהרן בן משולם, פון לוניל (פראנקרייך) שרייבט: „הוא משה איש האלקים, החולק עליו כחולק על השכינה״ — דער משה, דער געטלעכער מאן, ווער עס קריגט אויף אים איז פונקט ווי ער וואָלט געקריגט אויף דער שכינה.

דער גרעסטער אין יענעם דור ,רבינו משה בן נחמן, דער רמב״ן, נעמט אויך דעם רמב״ם אונטער זיין שוץ און ער שרייבט: איר עפנט אייער מויל אויף אזא הייליקן מענטשן, אשר בכל הגלות לא קם כמוהו — אין גאנצן גלות האָט זיך ניט באוויזן אזא גרויסער מענטש ווי דער רמב״ם.

די השגחה האָט זיך אויך אָנגענומען דעם כבוד פונם רמב״ם. פערציק טעג נאָכדעם ווי מ׳האָט אין פראנקרייך פארברענט די ספרים פונם רמב״ם, האָט דער פויפּסט גרעגאָרי דער ניינטער און דער פראנצויזישער קעניג לואיס דער ניינטער, באפוילן די דאָמיניקאנער זיי זאָלן פאַרברענען דעם תלמוד... פיר און צוואנציק וועגענער מיט תלמוד ספרים האָט מען פארברענט אין פאריז אויפן זעלבן אָרט, וואו מען האָט פארברענט די ספרים פונם רמב״ם.

יז

אינם יאָר 1932 האָב איך באזוכט פיל אלטע קהילות אין דרום פראנקרייך, צווישן זיי שטעט וואו עס האָבן געלעבט די בעלי התוספות, די חכמי צרפת. איך בין געווען אין אוויניאָן און לוניל. דאָרטן זיינען אמאָל געווען גרויסע און באדייטנדיקע קהילות מיט דרוקערייען און באזונדערע נוסחאות התפילה.

איך האָב אויך באזוכט די שטאָט מאָנפּעליער, דאָרטן וואו עס האָט געלעבט רבי שלמה דיין, וועלכער האָט געלייגט אין חרם אריין דעם רמב״ם פאר זיין מורה נבוכים. איך האָב באזוכט דאָס אלטע בית הקברות, די שולן, און בין דערשטוינט געווען צו זען אז קוים־קוים האָט געזשיפּעט א קליינע קהילה, אָן א שוחט, אָן א ראביי. דער פרנס פון דער קהילה, מוסיע בראָנ־שווייג, פון דער פרומער עלזאסער פראָווינץ, האָט מיר דערציילט, אז מיט 40 יאָר צוריק, ווען ער איז אָנגעקומען קיין מאָנפּעליער, איז דאָרטן געווען א שוחט, א טערקישער ייד. זיין ארבעט איז געווען, אז ווען א גוי האָט געהרגעט א בהמה, האָט דער „שוחט״ געלייגט א חותם „כשר״... היינט איז אפילו אזא „שוחט״ אויך ניטאָ מער דאָרטן, האָט מיר יענער פרנס געזאָגט.

יח

צוואנציק יאָר פארן רמב״םס פטירה, איז ביי אים געבוירן געוואָרן זיין זון, אברהם, דער רמב״ם שרייבט וועגן זיין זון צו זיין פריינט ר׳ יוסף עקנין: ג־ט האָט אים געגעבן חן. ער איז אַן עניו, בעל מידות טובות, א גוטע נאטור. ער וועט בעזרת השם זיין צווישן די גדולים.

זיין זון ר דוד הנגיד, און נאָך פיל אייניקלעך, אלע גדולי התורה, מחברים פון ספרים.

ר׳ יוסף כספי, פון לארזשענטיר (פראנקרייך), שרייבט: איך בין געמאָרען קיין מצרים, האָב איך געדענקט צו טרעפן דעם רמב״ם׳ס

איינציקלעך אלס גרויסע פילאָזאָפן, אָבער איך בין דערשטוינט געוואָרן צו זען, אז אלע זיינען צדיקים.

צווישן פאָלק ווערט דערציילט: דריי גרויסע יידן האָבן מחבר געווען גרויסע, הייליקע ספרים, און ווייל זיי האָבן א נאָמען געגעבן זייערע ספרים מיט צו גרויסע נעמען, האָט דאָס פאָלק פארשוויגן זייערע נעמען און זיי געענדערט.

דער רמב״ם האָט גערופן זיין ספר „משנה תורה״ (דעם חומש דברים רופט מען אויך משנה תורה). נו, זאָגט קיינער ניט די משנה תורה זאָגט, אָדער די משנה תורה פרעגט. נאָר דער רמב״ם זאָגט... ווייל דער נאָמען משנה תורה איז צו גרויס...

דער אלשיך הקדוש האָט מחבר געווען א ספר מיטן נאָמען „תורת משה״ רופט אים דאָס פאָלק ניט „תורת משה״, נאָר דער אלשיך הקדוש...

דער של״ה הקדוש האָט גערופן זיין ספר „שני לוחות הברית״, רופט אים דאָס פאָלק דער של״ה הקדוש און ניט שני לוחות הברית... ווייל די נעמען זיינען צו גרויס...

יט

יידן האָבן געהאט אין אַלע דורות גאונים אין תורה, אָבער זיי האָבן ניט געהאט קיין ידיעה אין פילאָזאָפיע; יידן האָבן געהאט גרויסע פילאָזאָפן, האָבן זיי געהאט קנאפע ידיעות אין תורה... די גרויסקייט פונם רמב״ם איז געווען ווייל צו זיין גדלות אין תורה איז ער גלייכצייטיק געווען דער גרויסער מעדיקער, גרויסער פילאָזאָף, מאטעמאטיקער און אסטראָנאָם, גרויסער מנהיג, גרויסער עניו און קרישטאָל־ריינע פערזענלעכקייט.

בזמן הזה, ווען איר באגעגנט א בן־תורה און געבילדעטן יידן, פארמאָגט ער ספקות אין זיין אמונה און איז שוואך אין מקיים זיין די מצוות פון דער תורה.

דער רמב״ם איז אָבער געווען שטארק אין אמונה און א גרויסער פארערער פון אלע דינים און מנהגים פון תורה שבכתב און פון תורה שבעל פה, א שטארקער קנאי און שטרענגער לערער פון ריינעם יהדות.

דאָס איז דער סוד פון זיין גרויסן נאָמען און ממש לעבעדיקע פערזענלעכקייט, וועלכע ווערט געערט און רעספעקטירט פון אלע שיכטן פונם יידנטום אין אלע דורות.

די גרעסטע גאונים און למדנים מאטערן זיך צו פארענטפערן א הארבן

רמב״ם. כאָטש זיין לשון איז אזוי קלאָר, זיינען אָבער אין זיינע ווערטער מדקדק די גרעסטע מענטשן אין אלע דורות נאָך אים, ווייל זיין לשון איז הייליק און זיינס א וואָרט האָט כוונה און באדייטונג פונקט ווי די משנה.

כ

דער אינטעליגענטער לייענער וועט זיכער פארשטיין, אז אין א סעריע פון פיר ארטיקלען איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דאָס לעבן און שאפן פון אזא געניאלער פערזענלעכקייט, ווי עס איז געווען דער רמב״ם.

איך האָב זיך באמיט צו זיין קורץ, קלאָר, איינפאך און פארשטענדלעך פארן דורכשניטלעכן לייענער, ווייל דער גאון און למדן, דער בן־תורה און געלערנטער באזיצט די שליסלען צום רמב״מס ספרים „משנה תורה״ און „מורה נבוכים״, „פאר הדור״ און פירוש אויף משניות ליגן פאר זיי אָפן.

איך רעקאָמענדיר אז אין אלע תלמוד תורהס, שולן און דערציאונג הייזער, ישיבות קטנות און גדולות, זאָל מען לערנען פרקים פון רמב״מס ספרים. זיי זיינען בכוח אָנצוצינדן דאָס יידישע ליכט אין די הערצער פון די יונגע קינדער. זאָלן זיי וויסן וואָס פאר א געניאלע, הייליקע און גרויסע פערזענלעכקייט האָט באלויכטן דעם יידישן האָריזאָנט אויף דור־דורות לאנג. זאָלן זיי וויסן ווער עס איז געווען רבינו משה בן מימון זכר צדיק לברכה!



דער אַלטער גערער רבי הרב הגאון הקדוש ר׳ אברהם מרדכי זצ״ל אלטער,
נסתלק געוואָרן אין ירושלים, שבועות, תש״ח.



גערער רבי, הרב הגאון הקדוש ר׳ ישראל שליט״א אלטר, ירושלים.

# דער גערער רבי און זיין הויף

## במקום א הקדמה

ס׳איז געווען אינמיטען אלול, אין יאָר תרצ״ד. די וואַרשעווער באַן־ליניע איז געווען שוואַרץ פון מענשען. אויף אלע סטאַנציעס פון וואַרשע ביז אַטוואָצק האָבן טויזנטער יידען באַלאַגערט די דאַטשע־ערטער. זקנים און קינדער, מענער און ווייבער, חסידישע יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט באָרד־און פאות, האָבן געמיטליך שפּאַצירט צווישען די סאָסנע־ביימער און געשמועסט חסידות, דערציילט א תורה פון רבין, נאָכגעזאָגט א שיחת חולין, א התנהגות. יונגע חסידישע בחורים זענען געזעסן אַרום אַן אַלטן בוים און געחזרט א שיעור אָדער געלערנט דעם דף יומי.

ווייבער האָבן אַרומגעטראָגן שפּייז פאַר די דאַטשניקעס: געשאָכטענע עופות, פיש, ירקות און פירות, פרישע בייגל און פּלעצלעך, ברויט און זעמעל, פּוטער, קעז און אייער.

אויף דער גאַנצער ליניע האָט זיך געטומלט, די עלעקטרישע באַן, וואָס איז געלאָפן פון וואַרשע ביז אַטוואָצק אלע דרייסיק מינוט, האָט אלע האַלבע שעה אַריינגעבראַכט ניי לעבן, נייעם טומל, נייע מענשען: סוחרים, בעל־מלאכה׳ס, אַרבייטער, חסידים און באַלעבאַטישע יידען, גילוחים און האַלב געשוירענע, קמץ־גדולס און קמץ־קטנס... ווייבער מיט שייטלען און ווייבער מיט אייגענע האָר.

ביי איטליכן אָנקום פון א באַן זענען נייגעריגע געלאָפן זען ווער ס׳איז אָנגעקומען: א קרוב? א שכן? אפשר אַן אייגענער?

אינגלעך, מיט אָפּגעריסענע אַרבעל, צעפּלאָשעטע האָר און פּנים׳ער טונקל פון שטויב, לויפן אַרום מיט צייטונגען:

— ווער וויל א „היינט״, א „מאָמענט״, א „טאָגבלאַט״, „עקספּרעס״ א „פאָלקס־צייטונג״?

יידן זענען נייגעריג, קאָנען זיך נישט אָפּרייסן פון דער וועלט — כאַפּט מען די מאָרגען־צייטונגען ווי מצה־וואַסער...

איטליכער כאַפּט זיך צו זיין ווינקל: ווער צו וועלט־פּאָליטיק, ווער צו קהלה נייעס, ווער צו דער בערזע און ווער צו א ראָמאַן...

צווישען פאַלעניץ און מיכאַלין, וויט אוועק פון דער באַן־סטאַנציע, וואו דער טומעל איז ניט אזוי שטאַרק, זיצען זיך קעסט־יונגעלייט באַגאַרטעלט און באַקאַפּעלט, זייערע לאַנגע פּיאות ווערען דורכ'ן ווינט גלייך מיט די צוויגען פון די סאָסנע ביימער צעיאָגט און צעבלאָזען איבער זייערע יונגע פּנים'ער, זייערע ווילעס ווערען פאַרוואַנדעלט אין חסידים־שטיבלעך, מען לערנט און מען שמועסט חסידות, מען עסט א סעודה'לע און מען ברומט אונטער א ניגון, אמאָל א מאַרש, א לעבעדיגען „לכה דודי", אָדער א „מזמור לדוד", און אמאָל יוסעלע חענטשינער"ס א „כבקרת", אָדער א „היה עם פיפיות"...

כאָטש גערער חסידים זיינען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער ליניע, זייערע ווילעס געפינען זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פונ'ם וואַלד, ווייסען אָבער אלע, אז צווישען פאַלעניץ און מיכאַלין, טיפער אין וואַלד אריין, אז דאָס איז דער אָרט וואו די שאַרפערע חסידישע יונגעלייט האַלטן זיך צוזאַמען און זיינען עוסק אין השתלמות עצמית, אָדער ווי קאָצקער חסידים פלעגען עס אָנרופען „אריינקוקען אין זיך"... כדי צו ווייסען וואו מען האַלט אין דער וועלט.

די עלטערע גערער חסידים פלעגען האָבען אן אנדער מקום וואו זיך צוזאַמענצוקומען. כאָטש עס איז געווען איין חסידות, איין רבי, איין דרך, איין נוסח, דאָך פלעגען זיך די עלטערע האַלטען באַזונדער און די יונגעלייט באַזונדער. די עלטערע חסידים, וועלכע זיינען כל ימיהם געפאָרען צום „שפת אמת" זצ"ל און האָבען נאָך געקענט אלטע קאָצקער חסידים און אַזעלכע, וואָס פלעגן פאָרן כסדר צום חידושי הרי"ם און צום רבין ר' העניך פון אלעקסאַנדער, האָבען ניט געקאָנט סובל זיין די יונגעלייטלעך, די צוציקעס, די קעסט־יונגעלייט, וועלכע פאַרברענגען זייער טייערע צייט מיט לפנימדיגע זאַכען, מיט אויבערפלעכליכע התנהגות. הפנים ווי דאָס גאַנצע חסידות איז נאָר געבויט אויף חיצוניות. אין קאָצק האָט מען געלערענט דעם פּשיסכער"ס דרך, צו דערגרונטעווען וואָס טיפער די אמונה... ווי פלעגט זאָגען דער רבי ר' בונם: „דער אייבערשטער בעט זיך ביי יידען: „פתחו לי פתח כחודה של מחט", זאָל זיין אזא דינע עפענונג ווי א שפּיץ פון א נאָדעל, נאָר אדורך און אדורך זאָל עס זיין"...

א חסיד דארף טאָן אַלץ לפנים משורת הדין. וועלכעס איז דער דין?
— פלעגט דער רבי ר׳ בונם זאָגען, אז דער דין איז, מען טאָר ניט יענעם אָפּנארען; לפנים משורת הדין מיינט, אז מען טאָר זיך אַליין ניט אָפּנארען...
די קעסט־יונגעלייט האָבען אויסגעקוקט אין די אויגען פון דעם עלטערען חסיד, ווי זיי נארען זיך אַליין אָפּ... נעמען אַלץ פון אויבען־אויף. זייערע תנועות קומען ניט פון פנימיות שבלב...

די יונגעלייט זיינען אָבער ניט בטל געוואָרען. צווישען זיי לומדים, עילויים, אַזעלכע, וועלכע היטען זיך, אין דעם דיבור, און טאַקע עוסק געווען מיט דער מחשבה, און מיט דער מעשה אויך. זיי האָט דער רבי אָנגעזאָגט זיך ניט צו טשעפּען מיט די עלטערע חסידים, פאַר וועלכע עס איז שווער געווען דער נייער דרך פון תפילה בזמנה, פון האַלטען זיך צוזאַמען מיט סתם יידען בעלי בתים, בעלי מלאכות און סוחרים.

קיין פירוד איז, חלילה וחס, ניט געווען. דער פּשוט׳ער באַלעבאַטישער חסיד האָט אפילו ניט באַמערקט און ניט געוואוסט, אז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע דינע חילוקים צווישען אַלטען און יונגען. אדרבה, אפילו עלטערע חסידים פּיקחים, — יחידים, פאַרשטייט זיך, — האָבען זיך גאָר געוואָלט חבר׳ן נאָר מיט די שאַרפע יונגעלייט ווייל אין זיי האָט שטאַרקער געפלאַקערט דאָס פייער פון פּשיסכא, קאָצק און פון „חידושי הרי״ם״, און פון רבין פון אַלעקסאַנדער, און פון „שפת אמת״, זיי האָבען דווקא ליב געהאַט שאַרפקייט, שפּיציקייט, מיט איין תנועה צו פאַרענטפערען פאַרשידענע ספיקות און מיט איין דיבור קלאָרצומאַכען אַ גאַנצע שיטה...

פון אַזאַ שטייגער אַלטע חסידים פלעגען די יונגעלייט הנאה האָבען און פון זיי הערען חסידות, התנהגות פון די אַלטע רביים.

ר׳ מאָטעלע קאָליביאָלער און הערש חסיד, וועלכע פלעגען אַ גאַנץ יאָר וואוינען אין פאַלעניץ, פלעגן זיך מחיה זיין, ווען עס פלעגען קומען די זומער־חדשים, ווען, אָן עין־הרע, עס פלעגען קומען דער „פּאַר״ פון וואַרשעווער גברים אויף דאַטשע.

ר׳ מאָטעלע קאָליבאָלער איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ חסיד, אַ נוח לבריות, אַ רודף שלום און בטבע אַ שתקן. הערש חסיד, ווידער — אַ ייד אַ סוחר פאַרזונקען ביז׳ן קאָפּ מיט דאגות פרנסה. געלעבט אין דחקות, געפירט מסחר מיט הלוואות פון שכנים און ידידים, געכאַפּט אַ פופציגער זלאָטע אויף אַ טאָג, צוויי, געקויפט אַ פעסעל הערינג, אַ קאַסטען אייער, פאַרקויפט, אָפּגעגעבן די הלוואה! געכאַפּט ביי אַ צווייטן שכן אַ הונדערטער, ווייטער

געקויפט, ווידער צוריקגעצאָלט, און אָט אָ־דער הערש חסיד, וועלכער האָט באַדאַרפט זיין, צוליב זיין מצב הפרנסה, א מרה־שחורה׳ניק, א פאַר׳דאגה׳טער, איז גאָר, געוועזן א תמיד בשמחה׳דיגער ייד, געפירט דאָס גבאות פון גערער שטיבעל ביד רמה, מעשה תקיף. זיין אָרעמע היים איז געוועזן א בית ועד לחסידים, ממש הונדערטער חסידים, סיי גערער און סיי פאַריסאָווער, סיי אַלעקסאַנדערער און סיי גראָדזשיסקער — אַלע פלעגן זיי קומען אין די שבתדיגע פאַרטאָגען טרינקען ביי הערש חסיד טיי. א גריסער, בלעכענער קעסעל, ווי אין א קליינשטעטלדיגער מקוה־קעסעל, פון פילע עמערס וואסער, פלעגט הערש חסיד אליין איינמויערען איטליכען פרייטאָג אויף זיין קיך־אויווען און צוגרייטען שטיקלעך געהאַקטע צוקער — קליינע שטיקלעך, ווי אַן אַרבעס די גרויס...

און סענץ? — אויף דעם איז הערש געוועזן א בריה: סענץ ראשון, סענץ שני און סענץ שלישי. דאָס איז געוועזן א גאַנצע עבודה. ער פלעגט פאַרבריען א האלב פונט טיי און אָפּגיסען די ערשטע סענץ אין א פלאַש, דערגיסען א צווייט מאָל קאָכעדיגע וואסער און פאַרפּאַרען און ווידער אָנפילען א צווייטע פלאַש. און א דריט מאָל ווידער אזוי...

געהויבענע טיי־טרינקער, זיינע מקורבים, פעלגט ער מכבד זיין מיט ראשון, אַנדערע — מיט שני, און „עמך" פלעגט הנאה האָבען פון סענץ שלישי אויך...

הערש איז געוועזן בטבע א דברן, א שאַרפער, א ניצוץ פון א קאָצקער חסיד, תמיד בשמחה, א שיחת חולין, א גלייכווערטעל, א גאַנצער ידען אין פּאָליטיק. געלייענט די בלעטער „בעיון", און פאַרשטאַנען איטליכען שרייבער אפילו צווישען די שורות. פאַר הערש׳ן פלעגען דרך ארץ האָבען סיי דער עלטערער דור, ווייל ער איז געוועזן איינער פון זיי, און סיי די יונגעלייט, ווייל הערש איז געוועזן סיי א למדן, סיי א חסיד, סיי א פּיקח אין מילי דעלמא. ער האָט פאַרשטאַנען אפילו די חילוקים פון „בונד" און פון אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּען, פון אגודה און מזרחי — און פון ציוניזם און פועלי ציון איז דאָך אָפּגערעדט...

פאַר הערש׳ן פלעגען דרך ארץ האָבען סתם יידן אפילו טרעגער־יונגען. הערש האָט אויסגעגליכען צווישען חסידים, צווישען מאַן און ווייב, צווישען אַלטען טאַטען און זיינע בנים. אויף הערש׳ן פלעגען אַלע זאָגען, אז ער האָט א קאָפּ פון א מיניסטער...

און אז איינער פלעגט אים זאָגען: „ר׳ הערש, איר האָט א קאָפּ פון א מיניסטער״, פלעגט הערש א שמייכעל טאָן און זאָגען: „פּארוואָס ביזטו מיך מבזה? א מיניסטער האָט דען א קאָפּ? א מיניסטער איז דאָך אן ערל, א גראָבען קאָפּ האָט ער. וואָס איז דאָס פאר א פארגלייך?... באשר בכן, ער נעמט א גרויסען געהאלט״...

ווען דער גערער רבי זצ״ל (וועלכער איז נסתלק געוואָרען אין ירושלים א׳ שבועות) איז געקומען אין חודש אלול נאָך אָטוואָצק, די גרעסטע דאטשע פון דער ווארשעווער ליניע, אן ערנסט־קראנקער, פלעגען חסידים ממש שטראָמען צו זיין ווילע „שלום נעמען״.

וויפיל די קינדער פון רבי׳ן האָבען זיך ניט געבעטען ניט צו קומען, ניט מטריח צו זיין דעם רבין, ווייל ער פילט שוואך און איז אונטער א דאָקטאָר׳ס אויפזיכט, האָט עס אלץ ניט געהאָלפען — דער גרויסער וואלד־גאָרטען ארום דעם רבינ׳ס ווילע איז געווען שווארץ פון מענשען, חסידים און גלאט יידן. פאלעניץ, זייענדיג זיבען וויאָרסט פון אָטוואָצק, האָבען זיך חסידישע יונגעלייט געלאָזט פון דאָרטען אין א שפּאציר. געגאנגען צופוס, ווי די אלטע חסידים פלעגען אמאָל גיין איבער די פּוילישע וועגען נאָך קאָזשניץ, לובלין, פּשיסכא און קאָצק.

הערש חסיד האָט נאָך מעריב איינגערוימט בסוד עטליכע יונגעלייט, אז מאָרגען פינף פארטאָג גייט ער נאָך אָטוואָצק „שלום נעמען״ און ווער עס וויל מיטגיין איז גוט, אָבער ניט קיין כאָליאסטרע וויל ער, — האָט הערש א זאָג געטאָן אין אן ערנסטען טאָן.

„איטשע, שטעל דו צוזאמען א מנין, אָבער ניט מער. די איבעריגע זיינען ניט קראנק צו פאָרען מיט דער קאָליע (באן)״.

מען האָט קיינעם ניט באדארפט אויפוועקען. אלע זיינען זיי פינף פארטאָג שוין געווען אויפ׳ן וועג. א קילער פרימאָרגען, פייכטליך, אלץ ארום איז געשלאָפען, א חוץ די פייגלעך, וואָס האָבען געזונגען שירה. די עלעקטרישע באן לויפט ניט אין דעם פריען מאָרגען אזוי אָפט ווי א גאנצען טאָג, האָט זיך דער מנין חסידים, מיט הערש׳ן בראש, געלאָזט גיין אויף די באן־שינעס, ווייל די זאמדען פלעגן באשווערען דעם גאנג.

א גאנצען וועג פלעגט הערש האלטען אין איין רעדען און אלע האָבען געשוויגען און געשלונגען זיינע ווערטער.

הערש איז געוועז אויפגעלייגט זיין פנים האָט געשטראַלט, דער מוח זיינער איז געוועז קלאָר.

„וואָס ווייסט איר, שנעקעס (יוגענטליכע) פון אונזער רבין? איר גייט „שלום נעמען", אָבער צו וועמען גייט איר?... איר גייט ווי חמורים און ניט ווי חסידים".

הערש חסיד האָט זיך מיטן ארבעל אָפּגעווישט זיין שטערן און אָנגעהויבען:

„שבעה רועים זיינען פאראן, זיבען הייליגע אושפיזין: אברהם, יצחק, יעקב, משה, אהרן, יוסף און דוד. אלע זיינען זיי געוועז קדושי עליון, אָבער איטליכער אין אן אנדער בחינה. שבעה כוכבי לכת...

„דער „ייד הקדוש" איז געוועז בבחינת אברהם אבינו... פארוואָס האָט ער זוכה געוועז גערופן צו ווערען „ייד הקדוש"? ווייל איטליכען טאָג איז ער נתעלה געוואָרען מיט אזא קדושה, וואָס עס א חילוק פון א ייד ביז א גוי... פונקט ווי אברהם אבינו האָט צעבראָכען די אָפּגעטער פון זיין פאָטער און זיך דערהויבען צו אזא מדרגה, אזוי דער „ייד הקדוש" איז איטליכען טאָג געוואָרען העכער און העכער... ממש פון א גוי צו א ייד...

„אברהם אבינו איז געוועז: הכיר את בוראו בן מ"ח שנה" דער „ייד הקדוש" איז נסתלק געוואָרען צו מ"ח שנה, בנשיקה, כלות נפש ממש... נפשו יצאה בדברו... הכיר את בוראו...

דער רבי ר' בונם פון פשיסכע איז געוועז אין דער בחינה פון יצחק: אן עולה תמימה. ביי יצחק'ן שטייט: ויהי כי זקן יצחק ותכהינה עיניו מראות — דער רבי ר' בונם איז אויך געוואָרן א סגי נהור... ממש פחד יצחק...

„קאָצק איז געוועז בבחינת יעקב. הוילער אמת, תתן אמת ליעקב. ווי פלעגט זאָגען דער הייליגער קאָצקער: „אמת מארץ תצמח" — קאָנסט צוקומען צום אמת ערשט דעמאָלט, ווען דו קאָנסט זיך מכניע זיין ביז צו דער ערד...

„דער חידושי הרי"ם איז געוועז בבחינת משה רבינו: שר התורה גאון בנגלה ובנסתר. דער רבי ר' הענעך הכהן פון אלעקסאנדער בבחינת אהרן הכהן: גאָלע חסד. דער שפת אמת בבחינת יוסף הצדיק — נוטר הברית. אונזער רבי, זאָל לעבען, איז די בחינה פון דוד המלך — דער סוף פון גלות, מלכא משיחא... דער שפת אמת האָט געזאָגט, אז אין

היינטיגען רבינ׳ס נשיאות וועט קומען די גאולה. אויב דער דור וועט ניט ראוי זיין, וועט זיין כאָטש אן אתחלתא דגאולה... מיר אלע גלויבען״, האָט הערש חסיד מיט גרויס התלהבות געזאָגט, „אז דער רבי וועט עס דערלעבען״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

הערש חסיד איז אומגעקומען מיט טויזענטער פון זיינס גלייכען. דער רבי האָט דערלעבט די פראָקלאמירונג פון דער יידישער מדינה אין א טייל פון ארץ ישראל.

ער איז געווען אין דער בחינה פון דוד המלך און ער איז טאקע נסתלק געוואָרען א׳ שבועות, אינ״ם טאָג פון דוד המלכ׳ס יאָרצייט...

# געבורט פון ערשטן גערער רבין זצ״ל

## קאפיטל איינס

## אויף קבר אָבות

אלול צייט, די יידן אין קראָקע האָבן זיך געפעדערט צו עבודת הבורא. אין דער געטאָ אויפן קאזשמיערזש שלאָפט מען שוין לאנג ניט. מענער מיט טליתים־זעק אונטערן אָרעם איילן זיך צום השכמה־מנין אין רמ״אס שול.

א פחד פאלט, א הייליקער ציטער, איבערטרעטנדיק די מאסיווע, אייזערנע טירן פון דער שול. דער עולם קומט אריין הכנעהדיק, בוקט זיך צו מזרח, דאָרט וואו עס שטייט דער ארון הקודש מיט די הייליקע ספרי תורות. דער אלטער פרוכת רופט ארויס דרך־ארץ, די אויסגעהאָפטענע גאָלדענע ווערטער דערמאָנען נשים צדקניות, וועלכע האָבן מיט תחינות און תפלות אויף זייערע ליפן און מיט טיפער אמונה אין זייער הארצן, אויסגענייט און אויסגעהאָפטן די נעמען פון א בעלת־צדקה אָדער חולנית, אָדער אפשר גאָר לזכר נשמת הבתולה חיה בת ר׳ ישראל משה, וכדומה. די מנורות און הענגלאָמפן — כולו אומר קדוש.

דער רמ״א, ר׳ משה איסרליש, דער גרעסטער פוסק ביי יידן, פאר ווּעמען עס האָבן געציטערט מיט יראת־הכבוד עליונים ותחתונים (נפטר געוואָרן ל״ג בעומר של״ב, 1572), האָט איבערגעלאָזן עד היום הזה א גוואלדיקע קדושה און כוח המושך סיי פארן למדן און סיי פארן עם־הארץ סיי פארן חסיד און סיי פארן מתנגד, זיין שול איז באטראכט געוואָרען פאר א מקום־קדוש אין דער אלטער יידישער קראָקע, צו דאווענען אין רמ״א׳ס שול איז באטראכט געוואָרן ווי א זכיה און פאר א סגולה צו אלע צרות און לייד, וואָס האָבן באגלייט די יידן אין יענער צייט.

נאָכן דאווענען לויפן די מתפללים איטלעכער צו זיין טאָג־טעגלעכער ארבעט. דער בעל־עגלה איילט זיך צו געבן עסן זיינע פערד, דער מילך־טרעגער — זיינע בהמות אויסצומעלקן, דער קרעמער לויפט עפענען זיין שפייזגעוועלבעל און דער בעל־מלאכה — צו זיין ווארשטאט.

נאָר די בני־תורה פלעגן זיך פארזאמען אביסעלע לענגער, כאפן א קוק אין דעם אָדער יענעם ספר, א משנה משניות, עטלעכע הלכות וואָס פארזיכערן עולם־הבא, „תנא רבי אליהו, כל השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן עולם הבא" און דערנאָך ערשט פארלאָזן דעם רמ"א׳ס שול מיט הכנעה און יראת הכבוד.

דאָס אלטע בית החיים וואָס גרעניצט זיך מיט רמ"אס שול, איז אפילו א גאנץ יאָר ניט פארלאָזן, און כאָטש מען איז שוין דאָרטן לאנג ניט מקבר קיין מתים, קומען אָבער פיל יידן אויף קברי צדיקים, אויסוויינען זיך אין אן עת־צרה.



דעם רמ"א׳ס שול און בית החיים, דעם רמ"א׳ס און מגלה עמוקות קברים.

רבנים און גוטע־יידן קומען פון צייט צו צייט מיט פארשיידענע בקשות צו די הייליקע קברים פונם רמ"א און מגלה עמוקות.

בעלי־מדרגה פלעגן שטיין שטיל, זייערע אויגן דערהויבן צום הימל, פארמוטשט, פון צייט צו צייט שעפטשען זייערע ליפן א תפלה! דער

פראָסטער המון עם שרייט, וויינט, מאכט קולות, פארטומלט דאָס גאנצע בית־החיים. זיי פלעגן זיך אראָפּבייגן און ארייננשרייען אין קבר ארייִן...

איטלעכער קשה רוח, מדוכא ביסורים אָדער חולה, גיסט אויס זיינע טרערן און זיין צעבראָכן הארץ אויף די הייליקע קברים. זיי דערפילן א פארלייכטערונג גלויבן באמונה שלימה אז די צדיקים וועלן זייערע הייסע תפלות פּערבערענגען פארן כסא הכבוד און דער בעל־הרחמים וועט ארויסווייזן זיין בארמהארציקייט און שיקן א ישועה צום חולה מסוכן, צו דער מקשה לילד, צו דער עקרה, אָדער צום עני ואביון, וועלכער זוכט א פּאָר גילדן מפרנס צו זיין ווייב און קינדער, און באצאָלן שכר לימוד דעם מלמד...

אויב א גאנץ יאָר זיינען די באזוכער אויפן בית־החיים נאָר יחידים, קומט אָבער אלול־צייט ווערט דער געדראנג גרעסער פון טאָג צו טאָג. עס שטראָמען ממש מאסן יידן, מענער און פרויען; די אלול־שטימונג מאָנט און פאָדערט חשבון הנפש, און ווער איז ביי זיך זיכער אז ער איז תמיד גערעכט? א חוץ א שוטה און א טיפּש, איז איטלעכער פארשולדיקט, סיי בין אָדם למקום און סיי בין אדם לחברו...

איז טאקע אלול־צייט געווען דער סעזאָן פאר בעטלער און אָרעמע־לייט, שנאָרערס זיצן ביים ארייננגאנג צום בית־החיים איינגעוויקלט אין צעריסענע בגדים און שמאטעס, ממש קרוע בלוע, און בעטען נדבות...

יידן זיינען רחמנים בני רחמנים א גאנץ יאָר, על אחת כמה וכמה אלול־צייט, ווען מען קומט צו די הייליקע קברים, מען דארף אָנקומען צום חסד פונם אויבערשטן. ווער קאָן דאָס זיין דאן אן אכזר און ניט דערלאנגען א מטבע איטלעכן וועלכער שטרעקט אויס א האנט?...

האָבן אָרעמע־לייט און אביונים געהאט אָנצוגרייטן שפּייז און ביליקע מלבושים פאר זיך און פארן בני־בית פאר די יום־טובים און אָפּשפּאָרן א גילדן אויך פארן ווינטער.

אין אן אלולדיקן באגינען, אין א קילן פרימאָרגן, ווען אין רמ"אס שול האָט מען ערשט אָנגעהויבן זאָגן ברכות און דער בית־החיים איז נאָך דאן געווען ליידיק פון באזוכער, האָט א יידיש מיידל, איינגעהילט אין א שווארצער זיידענער טערקישער שאל, זיך שטיל ארייננגעשארט דורכן טויער צום הייליקן אָרט.

א לייכטער ווינט באוועגט דיביימער און די צווייגן שאָקלען זיך, ווי זיי וואָלטן מתפלל געווען בציבור מיטן רמ"אס השכמה מנין.



ר׳ נתן נטע ב״ר שלמה שפירא, דער בעל „מגלה עמוקות״ זצ״ל.

דאָס צאַרטע פאַרוויינטע מיידל, זוכט דאָרטן א קבר. פון אירע ליפּן רייסן זיך קולות, רירנדיקע הארציקע קולות, וואָס קומען פון טיפן הארצן: „הייליקער זיידע, — שרייט זי און וויינט, — העלף מיר, הייליקער זיידע!"

ענערגיש לויפט זי פון איין שורה צו דער צווייטער. זי זוכט און קאָן אָבער דעם געוואונטשענעם קבר בשום אופן ניט געפינען...

אן אלטע יידענע פונם קאזמיערזש, וועלכע לויפט צום מנין מיט א דיקן „קרבן מנחה" סידור אין האנט, דערזעט פון דער וויטנס ווי א יונגע יידישע טאָכטער דרייט זיך צווישן די קברים אין אזא פרימאָרגן־שעה, פארשטייט, זי, די אלטע אז ס'האָט עפּעס געשען, אן אומגליק רחמנא לצלן, אן עת־צרה. ביי זיי מוז עמיצער זיין איינגעפאלן, א חולה מסוכן, אָדער א גוסס השם ישמרנו — לויפט זי שנעל איינרייסן קברים...

די אלטע באקומט אימפּעט צוליב איר נייגער. לויפט זי שנעלער, פּראלט אויף דעם טויער פונם בית־החיים און איילט זיך צום מיידל.

— זאָג נאָר, טאָכטערשי, וועמען זוכסטו דאָ אזוי פרי? איז אימעצער ביי אייך חס וחלילה קראנק? דער טאטע, די מאמע, אָדער א ברודער א שוועסטער? אל תפתח פה לשטן, — שפּייט אויס די יידענע דריי מאָל און נעמט אָן דאָס מיידל ביים האנט.

— ניין, טייערינקע, — האָט דאָס פאַרוויינטע, צאַרטע מיידל געענטפערט, — קיינער איז אין מיין היים ניט קראנק, מיינע עלטערן לעבן מער ניט אויף דעם עולם, איך האָב קיינעם ניט, איך בין אן עלנטע יתומה און זוכן זוך איך מיין זיידן, מיין גרויסן הייליקן זיידע, וועלכער ליגט דאָ ערגעץ אויפן קראָקעווער בית־החיים. מיין זיידע איז געווען דער הייליקער „מגלה עמוקות", ר' נתן נטע שפּיראָ, זכר צדיק לברכה. ער איז געווען א גרויסער צדיק, א בעל־מקובל און רב אין קראָקע... שוין עטלעכע טעג ווי איך וואנדער פון שטאָט צו שטאָט ביז כ'בין היינט פרי אָנגעקומען קיין קראָקע. איך בעט אייך, טייערינקע, אפשר ווייסט איר וואו זיין קבר געפינט זיך?

— יאָ, טאָכטערשי, — האָט די אלטע מיט גרויס רחמנות געענטפערט, — קום מיט מיר. איך וועל דיר ווייזן וואו עס איז דער קבר פון דיין זיידן.

די אלטיטשקע האָט גענומען דאָס צאַרטע מיידל ביים האנט און איז מיט איר געגאנגען פון שורה צו שורה, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום קבר פונם „מגלה עמוקות" (געבוירן שמ"ה, נסתלק געוואָרן שצ"ג).

די אלטע האָט זיך צוריקגעצויגן און פון גרויס נייגיר זיך געשטעלט

הינטער א הויכער מצבה. כדי צו הערן וואָס פאר א סיבה ס'האָט זי אהערגעבראכט צום קבר פון איר זיידן.

שטיל, כמעט אָן באוועגונג, איז דאָס מיידל געשטאַנען צוקאָפּנס פונם „מגלה עמוקות״ מצבה. אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט א תפלה...

ווי חנה, די מוטער פון שמואל הנביא שטייענדיק אין משכן שילה, האָט געבעטן צו גאָט. זי האָט גערעדט אין איר הארצן, אירע ליפּן האָבן זיך געשאָקלט און איר קול איז ניט געהערט געוואָרען... אזוי איז געשטאַנען דאָס יונגע מיידל מיד, פארוויינט, פארדאגהט, קומענדיק פון אזא וויטן מהלך — אזש פון קאָזשניץ. אן אינערלעכער געדראַנג האָט ביי איר געמאָנט צו מאכן אזא וויטע נסיעה, אויסצעוויינען זיך אויפן קבר פון איר גרויסן זיידן.

— הייליקער זיידע, — האָט זי שטיל געבעטן, — איך חיה־שרה בת יעקב־יצחק הלוי, קום אהער צו דיין קבר דיך בעטן דו זאָלסט זיך משתדל זיין פאר מיר. איך בין אן עלנטע יתומה, איך האָב קיינעם ניט. איך בין שוין ראוי לחופּה, עס טרעפן זיך מיר פארשיידענע שידוכים, איך וויל אָבער ניט פארשעמען מיין הייליקן שטאַם. איך ווייס אז איך קום ארויס פון גרויסן יחוס, איך וויל ווייטער ציען די גאָלדענע קייט פון קדושה, פון תורה און עבודת השם. העלף מיר, הייליקער זיידע, בעט פאר מיר ביים אבי היתומים, איך זאָל נאָך זוכה זיין צו זיין א רינגעלע אין דער גרויסער קייט... טאַטע־מאַמע האָבן מיך פארלאָזן און האָבן מיך איבערגעלאָזן אליין, גאָר אליין, עלנט און פאראיינזאמט. איך בעט ניט קיין רייכטום, קיין עשירות ניט, קיין תענוגים און קיין עולם הזה: איך בעט בלויז מיין ריכטיקער זיווג זאָל זיין א גדול בתורה און א יחסן, איך זאָל ניט פארשעמען מיינע אָבות אבותינו אויפן עולם־האמת...

— הייליקער זיידע, קראָקעווער רב. איך וויל זוכה זיין אויפצושטעלן א דור וועלכער זאָל פארלייכטן די וועלט מיטן ליכט פון תורה. באמי זיך פאר מיר פארן כסא הכבוד. פון קאָזשניץ ביז קראָקע האָב איך געוואַנדערט, געשלעפּט זיך אויף וועגענער, געגאַנגען צופוס: כ״האָב דיך געזוכט, זיידע, און דיך דאָ געפונען.

— זאָל מיך ג־ט פון אברהם יצחק און יעקב, פון שרה רבקה רחל ולאה באשירעמען איך זאָל בשלום אהיימקומען קיין קאָזשניץ. בעט אויך, הייליקער זיידע מיינער, א רפואה פארן מגיד ר׳ ישראל בר׳ שבתי. ער איז גוט צו מיר, ער העלפט מיר ווי אן אייגן קינד ער איז א הייליקער מאַן, רבנים און גוטע־יידן קלאַפּן תמיד אין זיינע טירן, חסידים לאָזן אים ניט

צורו. ער איז שוואך און קראנק, גוטע מלאכים זאָלן זיך פאר אים באמיען. ס׳איז מיר שווער אָפּצוטרעטן פון דיין קבר, הייליקער זיידע. שוין לאנג ווי כ׳האָב געבענקט און געגארט צו קומען אהער אויסגיסן מיין הארץ און מתפלל זיין.

— הער צו מיין געבעט, זיידע. דיין אייניקל, חיה שרה בת יעקב יצחק הלוי געזעגנט זיך מיט דיר, פארגעס זי ניט. אמן סלה.

זודיקע טרערן זיינען געפלאָסן פון חיה־שרהס אויגן. איר קאָפּ איז געווען אָנגעלענט אָן דער מצבה פון „מגלה עמוקות" און איר פנים איז געווען צעפלאמט פון דער רירנדיקער תפלה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין לאנג ווי דער השכמה־מנין אין רמ"אס שול האָט פארענדיקט דאוונען שחרית. דאָ און דאָרטן אויפן בית־החיים, לעבן דער שול, שטייען שוין יידן און זיינען מתפלל ארום הייליקע קברים.

די אלטיטשקע מיטן „קרבן מנחה" סידור אונטערן אָרעם, שטייט נאָך פארגאפט הינטער א הויכער מצבה. זי וואַרט אויפן מיידל, וועלכע איז געקומען פון אזוי ווייט אויף קבר אבות. א געדאנק פאלט איר איין אהיימבעטן דאָס מיידל אויף איבערבייסן און צו טרינקען א טעפּעל ווארעמס. הכנסת־אורחים איז דאָך גרויסע מצוה, דערצו נאָך אזא טייער קינד, אן אייניקל פונם קראָקעווער רב.

די אלטיטשקע דערנענטערט זיך צו איר און רייסט איבער אירע מחשבות:

— קום מיט מיר, וועסט נעמען אביסל ווארעמס. קאָנסט דאָך חס ושלום פארחלשט ווערן פון אזא ווייטן מהלך.

חיה־שרהן איז אָבער שווער זיך אָפּצורייסן פונם זיידנס קבר — ווען וועט זי נאָכאמאָל דאָ אהער קומען?...

די אלטיטשקע רייסט זי פּשוט אוועק פונם קבר.

— גענוג, גענוג] קום מיט מיר, וועסט נעמען א טעפּל קאווע, — זי וועט שוין אין שול אריין ניט גיין. הכנסת אורחים איז גרעסער ווי דאוונען... ווי קבלת פּני השכינה...

חיה שרה גייט איר נאָך. זי איז נאָך אלץ פארטראכט. א היימקומענדיק, נעמט זי זיך ערשט צום דאווענען. טרערן גיסן זיך פון אירע שווארצע אויגן... די אלטע גרייט צו איבערבייסן און קאווע.

חיה־שרה איז זיך מחיה. שוין צוויי מעת־לעת ניט געהאט קיין לעפל

ווארעמס אין מויל. זי ווינטשט דער אלטיטשקער אריכות ימים און געזעגנט זיך מיט איר.

נאָך האלבן טאָג פארלאָזט זי קראָקע, די אלטע יידישע שטאָט, דאָרטן וואו איר זיידע, ר׳ נתן נטע שפּירא, זכרונו לברכה, איז געווען מרא דאתרא. אויפן קאזשמיערזש, אין דער געטאָ, און אויף דיטעלס מארק ווימלט מיט יידן סוחרים, אוונקויפער, קליינהענדלער, יידענעס מיט קוישן געבעקס, אייער, קעז און פוטער, הערינג, פיש און עופות.

דער קילער ווינט וואָס קומט פון דער אין שכנות לויפנדיקער ווייסל, פרישט אָפּ די פנימער פון די צעהיצטע סוחרים...

חיה־שרה דערפרעגט זיך צו א בעל־עגלה וועלכער פאָרט קיין קעלץ. זי וועט מיט אים מושווה, קויפט צידה־לדרך און פאָרט קיין קעלץ, און פון דאָרט וועט איר לייכטער זיין אָנצוקומען צו איר היים־שטעטל קאָזשניץ.

זי איז ביי זיך פעסט און זיכער. זי פילט א גרויסע פארלייכטערונג. זי איז צופרידן פון דער שווערער נסיעה. זי האָט אויסגעבעטן א רפואה שלימה פארן הייליקן מגיד פון קאָזשניץ און א זיווג פאר זיך, זי זאָל ניט פארשעמען אירע גרויסע הייליקע אבות אין גן־עדן.

קאפּיטל צוויי

## א צעשטערטער יאריד

דינסטיק איז אויסגעפאלן דער יערלעכער יאריד אין מאגנישאָוו, ראדאָמער גובערניע. צו דעם ראָזיקן יאריד־מארק פלעגן זיך די יידן אין דער גאנצער סביבה גרייטן. שוסטערס פלעגן ארבעטן טאָג און נאכט איבער די גלאנציקע, הויכע שטיוול און אנדערע שיך־ווארג. גימזענע שיך און לאטשן, שטיוול מיט לאקירענע כאָליעווקעס און פּראָסטע יוכטאָווענע לעדערנע ארבעט־שטיוול פארן אָרעמען פויערים־שטאנד, פאר זייערע פייערטעס און קינדער. שניידער פלעגן אויספאַרטיקן זייערע טאנדעטנע מלבושים, הויזן־וועסטלעך, רעקלעך, ווינטער־־פּאלטענעס און פוטערנע שפּענצערס מיט רויטע און בלויע אויסנייעכצן, בארכענע יאקעס „ס׳גייעס״ זאָל ניט געפרוירן ווערן, שעפּסענע פעלצן און פוטערנע היטלען, אויך שעפּסענע הויזן מיט הויך־געקרייזלטער ווייסער וואָל.

היטל־מאכער פלעגן איינפּאקן קאשקעטן, מיצלעך, באָבעס וואָס מען

קאַן ציען איבער די אויערן אין א פּראַסטיקן באַגינען אָדער אין א זאַווערוכע, היטלען מיט גלאַנציקע לעדערנע דאַשקעס און אנדערע מינים וועלכע „ס׳גייעס״ ארום יענער געגנט פלעגן טראָגן.

אויפקויפער פון עופות, פּוטער און אייער, גאַלאַנטעריי סוחרים און שניטקרעמער, בהמה הענדלער און פערד־סוחרים אָדער סתם כל־בוניקעס, וועלכע פלעגן קויפן וואָס עס לאָזט זיך — א פעלכל, א בינטל פלאַקסענע אָדער חזיר־האָר, געשאָסענע ווילדע קאַטשקעס אָדער קוראָפּאַטקעס, קרוליקעס און האָזן, אמאָל אויך אן עמער האָניק אָדער א באַנקע שעמיען־אויל — וואָס איז דאָ דער חילוק אבי יידן האָבן זיך געהאַט מיט וואָס מפרנס צו זיין, ציען חיונה פאַרן בעל־הביתישקייט, צאָלן מלמדים שכר לימוד, חתונה מאכן קינדער, געבן נדבנים מיט וויפּראַוועס, כאחד הנגידים... און לאָזן זיך קאָסטן פאַר א דבר צדקה, פדיון שבויים, הכנסת־כלה, תלמוד תורה, פאַר רבי מאיר בעל הנס, הכנסת אורחים און אמאָל מהנה זיין א מגיד.

דער מאַגנישעווער יאַריד האָט געשטעלט אויף די פוס יידן פון צענדליקער שטעטלעך אין ראַדאָמער גובערניע. מען האָט באַשטימט חתונות, מסלק געווען נדנים — נאָכן מאַגנישעווער יאַריד.

מלמדים האָבן געוואוסט אז נאָכן יאַריד וועלן זיי באַקומען זייערע שכירות, ווייל דער יאַריד האָט אריינגעבראַכט פרנסה אין יידישע הייזער. שפע פאַר אלעמען...

יידן האָבן מתפלל געווען, תהלים געזאָגט, אז דער יאַריד זאָל ניט צעשטערט ווערן דורך א רעגן אָדער אן אנדערע סיבה. קיין שום תקלה זאָל ניט פאָרקומען חס ושלום, ניט אהין און ניט צוריקוועגס. ווייל דאָס שלעפּן זיך מיט די בוידן איבער די פּוילישע וועגן דורך וועלדער און לאָנקעס, האָט געשמעקט מיט סכנה, גזלנים, רויבער און סתם איבערפאַלער אין די טיפע וועלדער פלעגן אָנוואַרפן א פחד אויף די בעלי־עגלות און מאַרק פאָרער.

פלעגן זיך טאַקע צוזאַמענעמען עטלעכע מאַרק־פאָרער און זיך לאָזן אין וועג אריין בשותפות קיין מאַגנישעוו אָדער קיין סטאַשעוו קיין קאָזשניץ אָדער קיין אָפּאָטשנע.

די יידן פון מאַגנישעוו אליין האָבן שוין געוואוסט זייער בראָך, אז דער יעשאָן־יאַריד איז א פאַרשטערטער. א רחמנות נעבעך אויף די יידן פון דער סביבה. וואָלט מען זיי כאָטש געקאָנט מודיע זיין, זיי זאָלן זיך

צוריקהאלטן פון קומען. איז אָבער די צרה וואָס זיי שלעפּן זיך שוין אויף די פּוילישע וועגן און כלחוך השור וועלן זיי אלע אָנקומען קיין מאגנישעוו.

מאגנישעוו איז אָבער געווען איינגעהילט אין טרויער. די יונגע רביצין פון ר׳ ישראל ראָטנבערג איז אין גרויס סכנה. דער רופא האָט זי מייאש געווען. ווייבער באלאגערן דעם רבס הויז, זיי האָבן שוין אויסגעמאָסטן דעם שטאָטישן בית החיים, איינגעריסן קברים, אריינגעפאלן אין אָרון הקודש, געגאָסן ליכט, געגעבן צדקה — אָבער דער מצב פון דער חולנית איז מסוכנדיק.

ר׳ ישראל דער רב, א ייד אין די טיפע דרייסיקער, שטייט געבויגן אין א קרן זוית און איז מתפלל: „רבונו של עולם, די הייליקע חכמים זאָגן „אפילו חרב חדה מונחת על צווארו של אדם אל ימנע עצמו מן הרחמים״, ווען אפילו א שארפע שווערד ליגט שוין אויף א מענטשנס האלדז, דארף ער אלץ נאָך ניט אויפגעבן זיין האָפנונג. איך זע די שארפע שווערד פונם מלאך־המות אויפן האלדז פון מיין רביצין, אָבער דו ביסט דאָך א בעל הרחמים, „אל נא, רפא נא לה״, אויב ניט אין מיין זכות שיק איר צו א רפואה שלימה אין זכות פון מיינע הייליקע אָבות, די רבנים פון זשעליכאָוו, וולאָדאווע און קאזמיר, פון האמבורג, אלטאָנא און בריסק, פון פויזנא און לובלין, און אין זכות פון מיין גרויסן זיידן דעם מהר״ם מראָטנבערג...

הייליקער צדיק, בערדיטשעווער רב, איר זייט דאָך א מליץ יושר פאר כל ישראל, זייט מתפלל פאר מיין אשה, זי זאָל ניט גיין פון דער וועלט יונגערהייט, הייליקער מגיד פון קאָזשניץ, אזעלכע צוויי לייבן זאָלן ניט קאָנען אויסבעטן אזא שוואכע פליג?...

טראָפּנס שוייס האָבן זיך געגאָסן פון מאגנישאָווער רבס פּנים, קאפּיטלעך תהלים, שטיקער זוהר האָט ער אין דער שטיל געזאָגט, געבעטן רחמים, איינגעריסן וועלטן, מצרף געווען אלע גרויסע זיידעס אזש ביז צום מהר״ם פון ראָטנבורג זכרונו לברכה, וועלכער איז געזעסן אין תפיסה אין ענזיסהיים, אין אויבער־עלזאס, און דורך די אייזערנע גראטעס פון יענעם טונקל ברוינעם, שטיינערנעם בנין ביים טייך „איל״ געשעפּטשעט תפלות צום בורא־עולם...

מזמור לדוד, ה׳ רועי לא אחסר

אויב דו ביסט מיין פּאסטוך, דאן פעלט מיר פון גאָרניט... ווייל כ׳נעם אלץ פאר ליב...

גם כי אלך בגי צלמות, לא אירע רע, כי אתה עמדי

**אפילו איך זאָל דורכגיין דעם טויטן־טאָל, האָב איך אלץ קיין מורא ניט, וואָרים דו ביסט תמיד מיט מיר...**

יושבי חושך וצלמות אסירי עני וברזל ויזעקו אל ה׳ בצר להם, ממצקותיהם יושיעם יוציאם מחושך וצלמות ומוסרותיהם ינתק...

**די וואָס זיינען געזעסן אין דער פינצטערניש אין טויטן־שאָטן, געשמידט אין פיין און אין אייזן, זיי האָבן געשריען צו ג־ט אין זייער נויט, און פון זייער קלעם האָט ער זיי געהאָלפן. ער האָט זיי ארויסגעצויגן פון פינצטערניש און זייער שטריק האָט ער צעריסן. הייליקער זיידע ר׳ מאיר צוליב דיין צדקות ביסטו געווען תפוס, האָסט ניט געלאָזט מען זאָל דיך אויסלייזן, כדי דער דוכס זאָל ניט אויספרעסן אויסקויף־געלט ביי די אָרעמע יידן... זאָל דיין גרויסער זכות ביישטיין מיין יונגער אשה שלא טעמה טעם חטא.**

**רבונו של עולם, האָט זיך דער מאגנישעווער רב ר׳ ישראל צעכליפעט ווי א קליין קינד:**

כל אוכל תתעב נפשם ויגיעו עד שערי מות...

**די קולות פונם חדר וואו די חולנית איז געלעגן אין גסיסה צושאנד, זיינען געוואָרן מוראדיקער. ווייבער האָבן אויפגעפּראַלט די פענצטער און געשריען מיט ווילדע קולות:**

יציאת נשמה...

**די רביצין איז נפטר געוואָרן. יידן האָבן אָנגעפילט דעם רבס דירה. דער עולם האָט געזאָגט „יגדל", „אדון עולם" און אנדערע תפלות פון „מעבר יבוק", ווייבער האָבן געשריען מיט זייערע לעצטע כוחות שמע ישראל; אפילו די מענער האָבן נאָכגעפּאָלגט און מיטגעזאָגט מיט די ווייבערד ג׳ פעמים שמע ישראל...**

**ר׳ ישראל, זיין פנים שווארץ ווי קויל און מיט צעשראָקענע אויגן, האָט זיך געריסן קריעה און באימה ופחד געזאָגט ברוך דיין אמת, בשם ומלכות.**

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

**כאָטש מאגנישעוו איז געווען א פּיצעלע שטעטעלע, זיינען זיך אָבער צוליבן יאריד צוזאמענגעפאָרן הונדערטער יידן פון דער סביבה.**

דער יאריד איז געווען א צעשטערטער — ווער האָט עס געוואגט אויספאקן זיין סחורה? ווערמען איז עס געלעגן אין זינען מסחר, ווען מאגנישעוו איז אין אבילות?

געוויינלעך פלעגט מען אין א יאריד־טאָג אָפּכאַפּן דאָס דאוונען. דער עולם האָט זיך געאיילט, פרנסה איז מלחמה און אין א מלחמה טאָר מען זיך ניט פארזאמען...

אָבער היינט האָט דער עולם זיך ניט געאיילט, נאָר געדאוונט ווי יום־כפור, מיט גרויס כוונה, מיט בכיות און יללות — אזא אומגליק; א צדקת שלא טעמה טעם חטא איז אוועקגעריסן געוואָרן צוליב אונדזערע זינד.

בני תורה האָבן געלערנט משניות, דער המון עם הטאָ געזאָגט תהלים און חברה קדישא האָט זיך גענומען גרייטן צו דער לוויה.

ר׳ ישראל האָט זיך פארמאכט אין זיין בית־דין שטוב, געשפרייזט ארויף און אראָפּ, חלילה ניט מהרהר געווען, אדרבא, מצדיק געווען דעם דין...

והמשכיל ביום ההוא ידום. אהרן הכהן, זאָגט די הייליקע תורה אויף אים עדות, אז בשעת זיינע זין נדב ואביהוא זיינען פארברענט געוואָרן אין משכן: „וידום אהרן”, אהרן האָט געשוויגן...

ווען דער ראש הגבאים פון דער חברה־קדישא האָט אָנגעקלאפּט אין ר׳ ישראלס חדר, פרעגן ווי זיך נוהג צו זיין, האָט ר׳ ישראל געענטפערט: דער עיקר ניט צו מאכן קיין שהיות, דאָס איז כבוד המת. אויב מען האָט ביי איר שוין צוגענומען איר הייליקע נשמה איז עס א סימן אז זי דארף זיך שוין מער אויף דעם עולם ניט געפינען. דאָס איבעריקע פארלאָזט ער זיך אויף די גבאיטעס, אז זיי וועלן טאָן איר רעכט...

דער בערדיטשעווער רב און דער מגיד פון קאָזשניץ פלעגן תמיד לערנען, מקבל צו זיין באהבה כל צרה שלא תבוא, ווייל קיין זאך טוט זיך ניט אליין. השם יתברך איז ממית ומחיה, זאָגן דעות? דאָס שמעקט דאָך מיט אפיקורסות, חס ושלום...

ארום צוועלף אזייגער האָט זיך אָנגעהויבן די לויה. מילא, פון מאגנישעווער יידן אנשים ונשים וטף, איז דאָך אָפּגערעדט. אלע פרעמדע יידן, מענער און ווייבער, אלע סוחרים און בעלי־עגלות, אלע צוגעפאָרענע האָבן אלץ איבערגעלאָזן ניט אויפגעפאקטערהייט און געקומען אָפּגעבן כבוד דער גרויסער נפטרת. איטלעכער האָט עס געהאלטן פאר א זכיה צו קאָנען מקיים זיין אזא מצוה, מלווה צו זיין אזא שטייגער צדיקת.

אפילו ערלים און ערלות זיינען נאָכגעגאנגען דעם עולם מלוים.

מענער זיינען געגאנגען פאָרויס, ווייבער נאָך זיי און דאן ערשט די ערלים.

ר׳ ישראל איז געגאנגען נאָך דער מטה. זיין פנים האָט געפלאמט, די פאות זיינען געווען צעפלאָשעט און געשוועבט אויף זיין פנים, זיינע ליפן האָבן געשעפטשעט יושב בסתר עליון, בצל שדי יתלונן...

מיט א טרויעריקער שטימע האָבן גבאים און גבאיטעס געריפן און מיט קופערנע פושקעס און בוקסן געקלאפט:

צדקה תציל ממות... צדקה תציל ממות...

דער עולם האָט מיט גרויס פרומקייט געוואָרפן קופערנע און זילבערנע מטבעות, פארגאָסן טרערן און געזיפצט.

מיט גרויס דרך־ארץ האָבן ערלים צוריקגעצויגן זייערע וועגענער פון וועג און געלאָזט דורכגיין די לויה.

אזא לויה האָט נאָך מאגנישעוו ניט געזען... ביים אָפענעם קבר האָט ר׳ ישראל דער רב געזאָגט א פּאָר ווערטער, מספיד געווען זיין רביצין, עיקר תולדותיהם של צדיקים איז מעשים־טובים, אזוי ווי דו האָסט ניט איבערגעלאָזן קיין קינד, וועלן דיינע מעשים טובים זיין א מליץ יושר פאר דיר.

דער עולם האָט געוויינט, ווייבער האָבן געמאכט ווילדע קולות, אזוי אז ס׳איז אוממעגלעך געווען צו הערן די רייד פונם רב.

מיט א געבראָכענער שטימע האָט ר׳ ישראל געזאָגט וואָרט ביי וואָרט צידוק הדין און דער גאנצער עולם האָט מיטגעזאָגט. ערשט ביים קדיש זאָגן האָט ער זיך ניט געקאָנט באהערשן און האָט אָנגעהויבן צו וויינען...

אזוי איז פאראלמנט געוואָרן דער יונגער מאגנישעווער רב ר׳ ישראל ראָטנבערג, אן אור־אייניקל פונם ב״ח, מגזע מהר״ם מראָטנבורג, א תלמיד מובהק פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער און פון מגיד פון קאָזשניץ...

קאפיטל דריי

## ר׳ ישראל פאָרט קיין קאָזשניץ

נאָך די שלושים האָט דער מאגנישעווער רב, ר׳ ישראל ראָטנבערג, אָפּגעמאכט ביי זיך אריבערצוכאפּן זיך קיין קאָזשניץ צום מגיד. ער האָט

דערפילט זיין איינזאמקייט. קיין קינד, קיין אשה וואָס זאָל פאר אים צוגרייטן סעודת־שבת. מילא, פאר א גאנצער וואָך ער האָט ער גאָרניט באדאָרפט, ממש גאָרניט, געווען א מסתפק במיעוט, די פרנסה איז געווען בדחקות, ממש לחם צר. אָבער שבת איז דאָך ניט שייך, ער קאָן דאָך ניט זיין א שרוי בלא אשה, עצבות איז עבודה זרה, דארף מען דאָך אביסל שמחה, און השרוי בלא אשה שרוי בלא שמחה. איבעריקנס, וואָס דארף ער זיך ארייננאָזן אין די אלע חקירות, דער רבי זיינער געפינט זיך אזוי נאָענט, קיין קאָזשניץ ציען צום הייליקען מגיד הונדערטער חסידים און אנשי מעשה, רוח הקודש וואלגערט זיך ממש אונטערן מגידס בעטל, גילוי אליהו איז אפילו דאָרטן ניט גערעכנט פאר א מדריגה, וואָס־זשע איז דאָ צו באלאמוטשען? נעמט ער טלית און תפילין, אביסל מזונות צידה לדרך און לאָזט זיך גיין קיין קאָזשניץ.



דער קאָזשניצער מגיד זצ״ל.

דער מגיד, א גרויסער חלוש, איז כמעט א גאנצן טאָג געלעגן אין זיין בעטל, א חוץ צום דאווענען, דאן פלעגט ער אראָפּשפּרינגען מיט באנייטע כוחות און מיט גרויס התלהבות און באנומענע קולות פלעגט ער שרייען: יהודה בן תימא אומר: הוי עז כנמר, וקל כנשר, רץ כצבי, וגבור כארי לעשות רצון אָביך שבשמים...

יהודה בן תימא זאָגט: זאָלסט זיין דרייסט ווי א לעמפּערט. גרינג זיך צו דערהייבן ווי א אָדלער, פלינק ווי א הערש און שטארק ווי א לייב, צו טאָן דעם ווילן פון דיין טאטן אין הימל.

ווען ר׳ ישראל ראָטנבערג איז אריינגעגאנגען „שלום נעמען״, איז דער מגיד אראָפּ פון בעטל, זיך אָנגעטאָן דעם וואטאָוועז שלאָפראָק, זיך ארומגעגארטלט מיטן באפרענזלטן גארטל און געגעבן שלום דעם מאגנישעווער רב.

— משה־דוד, — האָט דער מגיד גערופן זיין משמש, — גיב אריין כיבוד, לעקעך מיט וויין, תנו שכר לאובד ויין למרי נפש.

דער קאָזשניצער מגיד האָט זיך ניט מיט אלע חסידים אזוי געפירט. ר׳ ישראל איז געווען, ערשטנס, א גרויסער מיוחס און אליין אן אָדם גדול, און אצינד איז ער געפאלן ביי זיך צוליבן אבלות.

דער מגיד האָט מציע געווען זיין קרובה חיה־שרה פאר ר׳ ישראלן: זי איז א יתומה בלי אב ואם, א מיוחסת, האָט זי זיך איינגעשפּארט אז זי וויל דווקא נעמען א גדול בתורה און א מיוחס.

— מילא, א מיוחס איז אמת, אָבער א גדול בתורה, רבי? איך בין דאָך ווייט דערפון, — האָט ר׳ ישראל דער מאגנישעווער רב זיך מתנצל געווען פארן קאָזשניצער מגיד...

דער מגיד האָט גוטמוטיק געענטפערט: — ענווה איז טאקע א מדרגה, אָבער די גמרא זאָגט דאָך אין יבמות ס״ג, „נחית דרגא נסיב איתתא״...

גיי אראָפּ א שטאפּל נידעריקער און נעם א ווייב.

ר׳ ישראל האָט פארשטאנען דעם רמז און געשוויגן. חס ושלום ער זאָל מהרהר זיין און מסרב זיין דעם הייליקן מגידס רצון.

דער מגיד האָט אָבער געוואוסט אז חיה־שרה וועט אזוי לייכט ניט מסכים זיין צו נעמען אן אָרעמען אלמן, און וויסנדיק אז דער מאגנישעווער רב פארמאָגט ניט קיין פּרוטה, האָט ער אים צוגערעדט ער זאָל צוזאָגן

דער כלה דריי הונדערט רענדלעך און ער, דער מגיד וועט ר׳ ישראלן געבן דאָס געלט מסלק צו זיין נדן.

ר׳ ישראל האָט אזוי געטאָן. דער מגיד האָט אצינד געהאט א שווער שטיקל ארבעט מיט חיה־שרה, ווייל חוץ א גרויסע מיוחסת, איז זי נאָך געווען א קיילעכדיקע יתומה, און דער מגיד האָט מיט איר גערעדט ווייכע רייד, חס ושלום זי ניט מצער צו זיין, יתום ואלמנה לא תענון.

דער מגיד האָט פאר איר געלויבט ר׳ ישראל׳ן: א גרויסער מיוחס, דור דורות רבנים ביזן מהר״ם מראָטנבערג, און אליין אן אָדם גדול, א בעל מדרגה, אן עניו וחסיד. חיה־שרה האָט סוף־כל־סוף מסכים געווען, און דער מגיד האָט געשריבן תנאים און געוואונטשן חתן־כלה מזל־טוב.

נאָך צוויי חדשים איז ר׳ ישראל ווידער געקומען קיין קאָזשניץ דער מגיד זאָל אים געבן די דריי הונדערט רענדלעך מסלק צו זיין דעם נדן. דער מגיד האָט אָבער קיין געלט ניט געהאט, האָט ער גערופן זיין קרובה, חיה שרהן, און איר געזאָגט, אז קיין נדן איז ניטאָ, אָבער ער עצהט איר חתונה צו האָבן אָן נדן, ווייל אזא שטייגער שידוך טרעפט זיך ניט שטענדיק. און אָנשטאָט די דריי הונדערט רענדלעך זאָגט איר דער מגיד צו, אז זי וועט שוואנגער ווערן און געבוירן א זון, וועלכער וועט פארלייכטן די וועלט מיט זיין תורה און קדושה.

חיה־שרה האָט געזאָגט דעם קאָזשניצער מגיד, אז זי וויל אליין איבעררעדן מיטן חתן וועגן דעם גאנצן ענין... כאָטש דער שטייגער איז דאן ניט געווען, אז א כלה זאָל אליין זיך דורכרעדן מיט א חתן, בפרט אין גוט־יידישע משפחות, דאָך האָט דער מגיד דערצו אויך מסכים געווען. ערשטנס, ווייל זי איז א יתומה, און שנית, האָט מען דאָך צוגעזאָגט דריי הונדערט רענדלעך און דאָ דארף זי גיין צו דער חופה אָן איין פרוטה.

נאָך א קורצן ישוב זיינען זיי ביידע, חתן און כלה, צוריקגעקומען צום מגיד און אים געלאָזט וויסן, אז זיי זיינען מסכים צום שידוך.

דער מגיד האָט זיי געבענטשט און צוגעוואונטשן און באשטימט דעם זמן־החתונה.

ר׳ ישראל איז צוריקגעפאָרן קיין מאגנישאָוו, דאָס אבלות נאָך זיין רביצין האָט אָנגעהויבן ווערן שוואכער, ער האָט פארלוירן דאָס עצבות, דעם מגידס ברכות האָבן אָנגעפילט זיין אינגעווייד מיט שמחה, ער האָט געזען ממש ווי עס דאוונט זיך אים אנדערש, די ווערטער קומען ארויס לעבעדיקער און ליכטיקער, ווי א רוח הקודש וואָלט אים באגייסטערט און

פול מיט התלהבות און געזאנג האָט ער אויסגעזונגען איטלעכע שורה פונם סידור.

ער האָט אָפּגעגעבן א לויב צום באשעפער פארן שידוך וואָס דער מגיד האָט אים געעצהט צו טאָן. א בת גדולים, א מיוחסת, אן אייניקל פונם מגלה עמוקות און אצינד דער עומד מצד הכלה, דער הייליקער מגיד אליין וועלכער האָט געשמט פאר א גאון און קדוש צווישן די גדולי ישראל. אזא זכיה רבונו של עולם, איך ווייס עס אויף זיכער אז ניט אין מיין זכות, נאָר אין זכות פון זיידן דעם מהר״ם מראָטנבערג ז״ל האָט דער בורא עולם מיך ניט פארלאָזן.

ר׳ ישראלס אָרעמע היים אין מאגנישאָוו איז געווען שטארק אָפּגעלאָזן, נאָך דער פטירה פון דער רביצין, וועמען איז געלעגן אין זינען וועגן גלייכשטעלן און אויפראמען זיין היים?

אצינד אָבער, ווען ער גרייט זיך חתונה צו האָבן מיטן מגידס קרובה, האָט ער געבעטן זיין שמש ער זאָל זען צו ברענגען עמיצן וועלכער וועט ארומוואשן דאָס הויז, דעם דיל, די כלים און די וועש.

אין די ערשטע טעג האָט ר׳ ישראל געהאלטן בסוד דעם גאנצן ענין פון שידוך. שפּעטער, ווען דער זמן האָט זיך דערנעענטערט, איז דאָך ניט שייך זיך צו באהאלטן, האָט ער עס מוסר געווען פאר זיינע נאָענטע ידידים.

קאפּיטל פיר

## די חתונה אין קאָזשניץ

אין דער גאנצער סביבה, סיי אין די בתי מדרשים צווישן מנחה ומעריב, סיי אויף די ירידים און סיי אין די געוועלבער און קלייטן, האָבן יידן גערעדט וועגן דער גרויסער חתונה וואָס דער מגיד איז מכין פאר זיין קרובה, חיה שרה, מיטן מאגנישאָווער רב, ר׳ ישראל ראָטנבערג.

חסידים און אנשי מעשה זיינען זיך צוזאמענגעקומען פון צוויזמער, פון מאגנישאָוו, פון גריצא און ראָדעם. יעדערער האָט געוואָלט זען ווי דער מגיד פּראוועט די חתונה פון זיין קרובה, די יתומה.
ביסלעכווייז האָט גאנץ מאגנישאָוו שוין גערעדט בפני קהל ועדה אז דער מאגנישאָווער רב ר׳ ישראל, פאָרט קיין קאָזשניץ חתונה האָבן מיטן מגידס א קרובה.

דער מגיד אליין איז געווען שטארק פארנומען מיטן מכין זיין אלע צרכי החתונה. ער האָט ניט דורכגעלאָזן קיין דבר גדול און קיין דבר קטן. מילא, די הכנות צו דער סעודה האָבן איבערגענומען די נשים, אָבער די כלי זמרים, דעם בדחן און דעם זמן פון דער חופה — דאָס אלץ האָט דער מגיד אליין פארזאָרגט.

אפילו ביי זיין אייגן קינד, האָבן זקנים אין שטאָט דערציילט, האָט זיך דער מגיד ניט אזויפיל געפאָרעט ווי ביי דער דאָזיקער חתונה.

כאָטש דער מגיד אליין האָט באשטימט דעם זמן החתונה און אלע קרובים און אנשי שלומנו זיינען שוין געווען גרייט, געשטאנען ממש ארום דער חופה, חתן־כלה און אלע אונטערפירערס, די כלי־זמר מיטן בדחן, ליכט און הבדלות אין די הונדערטער האָבן געברענט, אזוי אז דאָס גאנצע שטעטל קאָזניץ האָט אויסגעקוקט ווי צעפלאמט און באלויכטן, יידן און להבדיל גויים און אויף די שטרויענע דעכער צו קאָנען בעסער זען די חופה.

דער מגיד אליין האָט געדארפט זיין דער מסדר קידושין, איז ער אָבער אלץ ניט ארויסגעקומען פון זיין חדר מיוחד, ער איז פארגאנגען אין תפלה פארן בורא כל הנשמות, ער האָט דאָך געדארפט מסלק זיין זיין הבטחה, ער האָט דאָך צוגעזאָגט א הויכע נשמה, וועלכע זאָל באלויכטן די וועלט מיט זיין תורה און צדקות אנשטאָט נדן... האָט דער מגיד מיטן כוח פון זיין קדושה און כוח התורה ארומגעשוועבט אין די עולמות עליונים אויסצוגעפינען יענע נשמה.

פול מיט התלהבות און שמחה האָט דער מגיד געשעפטשעט קאפיטלעך זוהר, יענע קאפיטלעך וועלכע האָבן א שייכות צו זיווג, צו אָדם וחוה בגן עדן, ער האָט מיט זיין כוח התורה מזמין געווען צו דער חופה די גרויסע זיידעס פוןביידע צדדים, דעם מהר"ם מראָטנבערג פון חתנס צד און דעם מגלה עמוקות פון דער כלהס צד. דער מגיד האָט אויך געבעטן זיין רבין ר' בער פון מעזריטש און דעם רבין ר' אלימלך פון ליזענסק. ער האָט זיך פאר זיי מתנצל געווען וואָס ער איז זיי מטריח פון די עולמות עליונים צו קומען צו דער חתונה קיין קאָזשניץ, היות די כלה איז א יתומה איז דאָך א מצוה משמח צו זיין א יתומה א בת גדולים.

דער מגיד האָט געפלאמט פון התלהבות, דער פיזיש אויסגעדארטער, מאָגערער, שוואכער קאָזשניצער מגיד, וועלכער איז רוב טאָג געלעגן אויף זיין מעטל, איז אצינד פארוואנדלט געוואָרן אין א גיבור.

דער גאנצער ריזיקער עולם קאָן זיך ניט דערוואַרטן, אלץ איז גרייט, מען פארשטייט אז דאָס איז ניט קיין פשוטער ענין, וואָס איז דער עיכוב? פרעגט איטלעכער. אָבער ווער וועט האָבן די העזה אריינצוגיין פרעגן?

דער מגיד עפנט די טיר, אלע זען ווי די שכינה רוט אויף זיין פנים. דער עולם איז זיכער אז אָט־אָט הויבט זיך שוין די חופה אָן. אָבער דער מגיד רופט אריין דעם חתן צו זיך אין זיין חדר מיוחד. ער פארשליסט זיך מיט אים און איז אים מוסר סודות. ער איז אים מגלה וואָס פאר א נשמה ער האָט געפונען. דער חתן, ר׳ ישראל, ציטערט פון אימה און פחד. ער זעט וואָס פאר אן אחריות ער נעמט אויף זיך.

דער מגיד בארויקט אים. ער דערמאָנט אים אבער וועגן קדושת־הזיווג.

דער חתן איז בלייך ווי די וואנט, שטייט אומבאוועגלעך מיט פארמאכ־טע אויגן. דער מגיד פירט אים צו דער חופה.

דער אומרויקער עולם בלייבט שטיל, די פלעמלעך פון די הבדלות און ליכט בארויקן זיך אויך. אלץ בלייבט שטיל אומבאוועגלעך ווען דער קאָזשניצער מגיד ר׳ ישראל בר׳ שבתי הויבט אָן מסדר קידושין זיין.

מיט גרויס דבקות זאָגט דער מגיד די ברכות. ווען ער קומט צו דער ברכה: ברוך אתה ה׳ מקדש עמו ישראל על ידי חופה וקידושין, לויפט דורך א ציטער איטלעכנס הארץ. מען זעט ממש עין בעין ווי א קדושה שוועבט דאָ ארום.

דער מגיד זאָגט וואָרט ביי וואָרט די שבע ברכות. ער ציט לאנגזאם די ווערטער: שמח תשמח רעים האהובים כשמחך יצירך בגן עדן מקדם, און דער עולם דערהערט פלוצלונג א געזאנג פון גן עדן ווי אָדם און חוה קודם החטא זיינען נהנה מזיו השכינה.

די מקורבים, רבנים און גוטע־יידן, זיצן ארום א לאנגן טיש. דער מגיד מיט דעם חתן ר׳ ישראל בראש. דער מגיד זאָגט תורה, דער שמועס איז א הויכער, זוהר, קבלה, ספר יצירה, אפשר פארנעמען עס די יחידי סגולה, רוב טיש־זיצערס הויבן ניט אָן משיג צו זיין די הייליקע דיבורים. דאָס פנים פונם מגיד פלאמט, זיינע רייד זיינען ממש: חוצבים להבות אש, שפריצן מיט פייער. ער עפנט די אויגן קוקט זיך ארום ווער זיינען עס די טיש־זיצערס, און זאָגט מער דרך פשטות, איטלעכער זאָל משיג זיין, כי יקח איש אשה חדשה, לייגט זיך דער יצר הרע אריין עס זאָל ניט זיין לשם

שמים, מוז מען ערשט פירן א מלחמה מיט אים, ביט נכנע ווערן, מוז מען האָבן סייעתא דשמיא מען זאָל קאָנען גובר זיין. גיט די הייליקע תורה אן עצה, כי יקח איש אשה חדשה ווייסטו ווי אזוי צו נעמען אן אשה און זאָלסט ניט דארפן זיין א יוצא בצבא, זאָלסט זיך ניט אָנקערן מיטן יצר הרע, נקי יהיה לביתו שנה אחת, ווען דו וועסט זיך איינגעוואוינען צו זיין א „נקי״ דאָס ערשטע יאָר... וואָס איז די כוונה פון „נקי״ אזוי ווי די גמרא זאָגט אין בבא קמא מ״א, בהנאה מנין? תלמוד לומר: ובעל השור נקי, מאי משמע? שמעון בן זומא אומר, באדם שאומר לחברו יצא איש פלוני נקי מנכסיו ואין לו בהם הנאה של כלום.

דער חתן האָט פארשטאנען, אז די הייליקע ווערטער פונם מגיד זיינען צו אים דווקא געצילט, דער גאנצער עולם האָט אויך משיג געווען דעם מגידס רייד, האָבן זיך אלע א ווײלע פארטראכט און אלץ ארום איז געווען שא שטיל, כמעט אָן א תנועה.

דער מגיד האָט איבערגעריסן דאָס שטילקייט. ער האָט באפוילן זינגען א זמר. דער גאנצער עולם האָט מיטגעזונגען מיט התלהבות און דביקות.

דער מגיד האָט געבענטשט „שהשמחה במעונו״ און דער עולם האָט זיך ארויסגעלאָזט אין א חסידישן ריקוד. צוליב זיין שוואכקייט, האָט דער מגיד ניט געטאנצט. מען האָט אים ארײנגעפירט אין זיין חדר מיוחד און דער עולם האָט זיך משמח געווען ביזן גראָען טאָג.

נאָך שבעת ימי המשתה איז חתן־כלה געפאָרן קיין מאגנישאָוו. די שטאָט לייט, מענער און פרויען, זיינען געקומען אָפּגעבן מזל־טוב צום רב און רביצין און זיי געוואונטשן כל־טוב. די מער בעלי יכולת האָבן געבראכט דרשה געשאנק מתנות פארן הויז. די אָרעמערע האָבן געבראכט שפייז — איטלעכער האָט געוואָלט האָבן א חלק אין דער שמחה.

די נייע מאגנישאָווער רביצין, חיה־שרה, האָט זיך גענומען אביסל אָפּפרישן דאָס אָפּגעלאָזטע הויז וועלכעס האָט שוין לאנג געוואָרט אויף א האנט פון א געניטער בעל־הביתטע.

ר׳ ישראל ראָטנבערג איז געזעסן על התורה ועל העבודה. מאגנישאָוו איז געווען א פיצל פון א שטעטעלע קיין גרויסע נגידים האָבן דאָרטן ניט געוואוינט. אלע האָבן זיך מפרנס געווען אין דחקות, ממילא האָט דער רב אויך ניט מער געהאט ווי לחם צר ומים לחץ. ר׳ ישראל אליין האָט זיך שוין געהאט צוגעוואוינט צו אזא שטייגער אָרעם לעבן. די רביצין זייענדיק

ביים מגיד איז הויז, האָט זי וואָס אַן אמת אויך ניט געהאַט פון עשירות און וואוילטאָג — אָבער קיין דחקות איז פּאַרט דאָרטן אין קאָזשניץ ניט געווען. פּאַרט א גרעסער שטעטל, עוברים ושבים און חסידים פון נאָענט און ווייט פלעגן קומען צום מגיד שואל עצה זיין. אפילו גויישע פּריצים פלעגן זיך ווענדן צום מגיד נאָך ברכות, און כאָטש דער הייליקער מגיד פלעגט חס ושלום ניט נהנה זיין פון זיי, פלעגן זיי אָבער שיקן אין מגידס הויף אריין א וועגעלע האָלץ, קארטאָפליעס, עופות אויף יום־טוב און אמאָל גרויסע פיש און ציבעלעס. מען פלעגט כמעט אלץ צעטיילן פאר אָרעמע לייט, אָבער די הויז מענטשן פלעגן אויך נהנה זיין און פון קיין דחקות ניט וויסן.

דאָ אין מאגנישאָוו האָט די רביצין געוועט אז עס פעלט אויס א גילדן אויף שבת...

דער הייליקער מגיד האָט איר ניט צוגעזאָגט קיין עשירות. ער האָט איר נאָר צוגעזאָגט א בן־זכר וועלכער וועט פארשיינען די וועלט מיט זיין תורה און דבקות. האָט זי באשלאָסן ארויסצוהעלפן צו ביסלעך, זי וועט זיך נעמען צו מסחר.

יעדער וואָך פלעגט זי גיין צופוס קיין קאָזשניץ אין טאָג ווען דאָרטן איז געווען א יאריד. זי פלעגט האנדלען צוביסלעך און פארדינען א פּאָר גילדן.

אזוי פלעגט די מאגנישאָווער רביצין קומען איטלעכע וואָך קיין קאָזשניץ און ארויסהעלפן איר מאן אין דער פרנסה.

ווען זי איז אריינגעגאנגען צו דעם קאָזשניצער מגיד און אים דערציילט, אז זי שוואנגערט, האָט זיך דער הייליקער מגיד אויפגעשטעלט און צו איר געזאָגט בזה הלשון: זאָלסט וויסן חיה־שרה, אז איך שטעל זיך אויף פאר דעם קינד וואָס דו טראָגסט אין דיין בויך, ווייל זיין נשמה איז זייער א הויכע. אזא שטייגער נשמה איז שוין אויף דעם עולם ניט געווען הונדערטער יאָרן...

אין יאָר חמשת אלפים תקנ״ט, האָט די מאגנישאָווער רביצין, חיה־שרה, מיט מזל געבוירן א בן־זכר. די שמחה אין ר׳ ישראל ראָטנבערגס הויז איז געווען זייער גרויס. אלע חסידים, לומדים און חשובים האָבן זיך פארזאמלט אין רבס הויז א נאכט פארן ברית און מען האָט עוסק געווען אין תורה ועבודה.

דער מאגנישאָווער רב, צוליב מידקייט איז איינגעשלאָפן ביים טיש

און דאָ באַווייזט זיך צו אים אין חלום דער הייליקער בערדיטשעווער רב, ר׳ לוי יצחק, און בעט אים למען השם א נאָמען צו געבן דעם רך הנימול נאָך אים...

ר׳ ישראל כאַפּט זיך אויף. ער דערמאָנט זיך אָבער אז דער מגיד פון קאָזשניץ האָט אים געבעטן א נאָמען געבן דאָס קינד מאיר, נאָכן מהר״ם מראָטנבורג. מאַכט ר׳ ישראל א פשרה און גיט דעם זון א נאָמען יצחק מאיר...

אזוי איז געבוירן געוואָרן דער קדוש מרחם, דער גרויסער גאון און קדוש רבי יצחק־מאיר, דער בעל „חידושי הרי״ם״, דער ערשטער גערער רבי, דער תלמיד פונם הייליקן קאָזשיניצער מגיד, פון חוזה מלובלין, פון ייד הקדוש, פון רבי ר׳ בונם פון פשיסכע און פון רבין פון קאָצק, זכר כולם לברכה, וזכותם תגן עלינו.

קאַפּיטל פינף

## איטשע מאירס קינדהייט

די שמחה אין מאַגנישעווער רבס הויז האָט זיך כסדר געמערט. טאַטע־מאַמע האָבן געשטראַלט פון חדוה, דאָס קינד האָט אָנגעפילט זייערע הערצער און נשמות מיט בטחון און פרייד.

די נשים צדקניות פון שטעטל פלעגן קומען אַרויסהעלפן דער רביצי׳ן חיה־שרה אין איר טאָג־טעגלעכער אַרבעט. דעם רבס שטוב האָט אויפגעלעבט. ר׳ ישראל ראָטנבערג האָט דערפילט אז זיין לעבן האָט באַקומען חשיבות, ווייל אזוי האָבן שוין געזאָגט אונדזערע הייליקע חכמים, אין דער גמרא נדרים דף ס״ד: רבי שמואל, דער זון פון רבי נחמן זאָגט, אז ארבעה חשובין כמת, פיר מענטשן זיינען געגליכן ווי טויטע, א בלינדער, א מצורע, ווער עס האָט ניט קיין קינד און ווער עס איז לא עלינו א יורד, ר״האָט פאַרלוירן זיין פאַרמעגן. האָט דאָך אונדזער מוטער רחל געזאָגט צו יעקבן: הבא לי בנים ואם אין מתה אנכי — גיב מיר קינדער, ווען ניט, בין איך דאָך ווי א טויטע.

רבי ישראל ראָטנבערג האָט אַצינד געוועזן ווי הייליק עס זיינען די רייד פון די חכמים. זיין עבודת הבורא האָט אַצינד באַקומען מער חיות, ס׳איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, דאָס לערנען האָט מער טעם, דער

שכל איז שטארקער, דער מוח איז קלאָרער, אויך דער זכרון איז געוואָרן פרישער און זיין זריזות ענערגישער און רירעוודיקער.

עס האָט זיך אים געדוכטן ווי דאָס קינד וועקט אים אויף אין מיטן דער נאכט ער זאָל זיך אויפהויבן און זיך זעצן לערנען...

און צו דער שמחה פון דער מאמען איז אויך ניט געווען קיין גרעניץ. פון יתומהשאפט איז זי געוואָרן א מוטער, א מאמע צו א קינד מיט אזא הויכער נשמה, וועלכע איז שוין אויף דעם עולם ניט געווען הונדערטער יאָרן, אזוי האָט איר דאָך מבטיח געווען דער הייליקער מגיד פון קאָזשניץ. און כאָטש אן אשה קאָן ניט משיג זיין אזעלכע הויכע מדריגות, האָט זי דאָך אָבער צוגעזען דעם מגידס עבודה טאָג־טעגלעך, זיין חילשות און שוואכקייט האָט ער גובר געווען און זיין הייליקע נשמה האָט געברענט און געפלאקערט צום אויבערשטן אָן אויפהער. צו זיין געזאנג האָבן זיך צוגעהערט מלאכים און זיינע תפלות האָבן פארברענט אלע מקטריגים, דער שטן האָט מורא געהאט איבערצוטרעטן דעם מגידס שוועל, אין זיין סביבה האָט דער שטן ניט געקאָנט האָבן קיין מגע ומשא מיט קיין יידן...

וואָס איז דאָ דער חידוש? זי געדענקט דאָך אליין, זי האָט עס מיט אירע אייגענע אויגן געזען, געווען איז עס אין ערשטן טאָג סוכות באגינען, ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, איז דער שוואכער מגיד אראָפגעשפרונגען פון זיין בעטל מיט אן אויסערגעוויינלעכער זריזות זיך געוואשן די הענט, געזאָגט ברכות און צוגעלאָפן צום גלעזעלנעם שענקל ארויסצוכאפן דעם אתרוג צום בענטשן. מחמת גרויס ליבשאפט צו דער מצוה, צו דער „שהחיינו", צו וועלכער ער האָט זוכה געווען, זיינע הענט האָבן געציטער עפענדיק דאָס טירל, איז דאָס שענקל צעבראָכן געוואָרן און ער האָט עס אפילו ניט באמערקט. זי האָט זיך אויפגעכאפט פון שלאָף הערנדיק דעם בריאזג פון די שויבן. לויפט זי אריין אין מגידס חדר און דערזעט ווי ער טאנצט און פרייט זיך מיט די ארבעה מינים אין זיינע הענט און זינגט און שרייט: הייליקער טאטע אין הימל, הושענא! העלף דיין געפלאָגט פאָלק, לייז אויס די יידן פון פינצטערן גלות... הושענא, הושענא!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי לאנג ווי זי וועט לעבן וועט זי ניט פארגעסן יענעם סוכותדיקן באגינען, ווען כמעט גאנץ קאָזשניץ איז נאָך געשלאָפן, האָט דער הייליקער

מגיד זיך שוין געפרייט מיטן בענטשן אתרוג און געטאנצט מיט התלהבות.

אזא הייליקער ייד ווי דער מגיד, ווען ער איז מבטיח איז עס זיכער, מען קאָן שטעלן אויף זיין הבטחה מויערן. ער האָט דאָך טאקע צוגעזאָגט אז איר איטשע־מאירל האָט א הויכע נשמה, אזא נשמה איז שוין אויף דעם עולם ניט געווען הונדערטער יאָרן. האָט זי איר קינד ליב באקומען חוץ מיט דער נאטירלעכער מוטער־ליבע, אויך מיט א רוחניותדיקער ליבע וועלכע האָט אין זיך געהאט אי ליבע און אי דרך ארץ. זי האָט זיך פשוט ניט פארגינען אָנצוקוקן איר קינד, זי האָט מורא באקומען אז עס זאָל ביי איר ניט וואָכעדיק ווערן דאָס געשטאלט פון איר עופהלע מיט דער הויכער נשמה.

ניט איטלעכע יידענע פון מאגנישעוו האָט געהאט די זכיה צו טראָגן, אָנרירן, אָדער וואשן דאָס קינד. חיה־שרה, די רביצין האָט חס ושלום ניט מבייש געווען קיין מענטשן, זי האָט ניט געשטערט קיינעם ניט אָנצורירן איר איטשע־מאירן — די ווייבער אליין האָבן עס ניט געוואגט צו טאָן. זיי האָבן זיך געוואשן די הענט, געזאָגט א תחינה, אויסגעשפיגן דריי מאָל עס זאָל דעם קינד קיין עין הרע ניט שאדן, ערשט דאמאָלסט האָבן זיי דאָס גענומען און עס געוואשן, געבאָדן און איבערגעטאָן.

די רביצין, חיה־שרה, האָט ניט פארגעסן דעם מגידס פארלאנג, צו ברענגען איר קינד קיין קאָזשניץ ווען עס וועט אלט ווערן פיר וואָכן.

די פרנסה ביים מאגנישעווער רב האָט זיך ניט פארבעסערט, זיין רביצין האָט אים געדארפט ארויסהעלפן, האָט זי זיך געגרייט אריבערצוגיין קיין קאָזשניץ ווי אלעמאָל און א שמעק טאָן צום יאריד — קויפן און פארקויפן וואָס עס לאָזט זיך און פארדינען עטלעכע גילדן.

זי האָט ארייַנגעלייגט איר קינד אין א קוישל און אזוי איז זי געגאנגען צופוס קיין קאָזשניץ.

אין יענע צייט זיינען נאָך די פוילישע וועגן געווען אין פרימיטיוון צושטאנד. די וועגענער האָבן זיך געשלעפט לאנגע שעהן, זיך געשאָקלט און געוואָרפן ארויף און אראָפּ. די אָפטע רעגנס האָבן געמאכט לעכער און גריבער און באשווערט דאָס פאָרן מיט שווערער משא, ס'איז שוין לייכטער געווען צו גיין צו פוס ווי צו פאָרן אין א בויד מיט די מארק־פאָרער. פלעגט דעריבער חיה־שרה, די מאגנישעווער רביצין צופרידן זיין דורכצומאכן אזא „נסיעה” מיט אייגענע כוחות.

קומענדיק קיין קאָזשניץ האָט זי באלד אוועקגעטראָגן איר קינד צום מגיד. איבערטרעטנדיק די שוועל פונם מגידס חדר, האָט זיך דער הייליקער

און פיזיש זייער שוואכער רבי א שטעל־אויף געטאָן און צו זיין קרובה געזאָגט: איך שטעל זיך ניט אויף פאר דיין כבוד וועגן, נאָר פארן כבוד פון דיין קינד. ער וועט אמאָל פארלייכטן די וועלט מיט זיין תורה און ער וועט דערנענטערן יידישע הערצער צו זייער פאָטער אין הימל.

די מוטער האָט אָנגעזויגן איר קינד, עס איבערגעלאָזט אויפן מגידס בעט און איז ארויסגעגאנגען א קוק טאָן ווי דער יאריד האָט זיך געשטעלט.

אין אָוונט פלעגט זיך די מאגנישעווער רביצין אומקערן פונם יאריד, אָנזייגען איר עופהלע און צוריקמארשירן צופוס קיין קאָזשניץ.

אזוי פלעגט זי זיך פירן כסדר ביי איטלעכן יאריד, מיטנעמענדיק איר זויג קינד און עס איבערלאָזן אויפן קאָזשניצער מגידס בעט.

דער מגיד אליין פלעגט אכטונג געבן אויפן קינד און צו אים ריידן אויף קינדיש לשון.

ווען איטשע מאירל איז געוואָרן א יאָר אלט, האָט דער מגיד געפראוועט א גרויסע סעודה פאר זיינע מקורבים, ווי עס שטייט אין חומש: ויגדל הילד ויגמל, ויעש אברהם משתה גדול, ביום הגמל את יצחק בנו, און ווען דאָס קינד האָט זיך צוואקסן און ער איז אנטוויינט געוואָרן, האָט אברהם געמאכט א גרויסע סעודה אין טאָג ווען יצחק זיין זון האָט אויפגעהערט צו זייגן.

אין דער גאנצער אומגעבונג און סביבה האָט מען שוין גערעדט וועגן מאגנישעווער רבס קינד, אז דאָס וואקסט אן עלוי, א קלוג און קדוש מרחם יינגל.

די רביצין אליין האָט דערציילט צו איר קרוב, דעם מגיד, א פלא פון איר יינגל, אז ווען זי האָט אים דערלאנגט די ברוסט צום זייגן, פלעגט איטשע־מאירל מאכן די ברכה „שהכל נהיה בדברו״, און דער מגיד האָט זיך פון דעם דאָזיקן פלא שטארק פארטראכט און איר אָנגעזאָגט זי זאָל אים שטארק היטן פאר א עין הרע, ווייל גרויסע מענטשן וועלן זיך מתקנא זיין אין אים.

צו דריי יאָר האָט דער מאגנישעווער רב שוין געלערנט מיט זיין יינגל תורה. דער יונגער אָבער שארפער מוח זיינער, האָט אלץ פארשטאנען און זיין חשק צו לערנען איז געוועזן זייער גרויס.

ווען זיין מוטער פלעגט אים כסדר מיטנעמען קיין קאָזשניץ, ווען זי פלעגט גיין צום יאריד, פלעגט דער מגיד זיך מיט אים דערפרייען און מיט אים אויך לערנען.

גוטע יידן און רבנים, גרויסע חסידים און לומדים, פלעגן תמיד קומען צום מגיד פון אלע עקן פון פוילן. זיי האָבן געזען ווי דער מגיד גיט זיך אָפּ מיטן עילויישן יינגל, פלעגן זיי אים אויך אויספרעגן און פּרואוון ווי ווייט זיין יכולת איז אין לערנען.

איינער פון יענע גדולים האָט א זאָג געטאָן צום יינגל: זאָג נאָר, איטשע־מאירל, איך וועל דיר געבן א גילדן און זאָג מיר, וואו וואוינט דער אויבערשטער?

דער שארפער יינגל האָט לאנג ניט געקלערט און באלד צוריק געענטפערט: איך וועל אייך געבן צוויי גילדן און זאָגט איר מיר וואו דער אויבערשטער וואוינט ניט?...

געווען איז עס אין א טריבן הארבסטיקן פארנאכט. חיה־שרה, די מאגנישעווער רביצין, האָט זיך אומגעקערט אהיים פון קאָזשניצער יאריד און ווי תמיד איז איר בן־יחידל מיט איר מיטגעגאנגען, ווייל זי האָט הייליק געהאלטן דעם מגידס בקשה תמיד ווען זי קומט קיין קאָזשניץ מיטצובריינגען איר זון.

א לייכטער, קילער רעגן האָט באנעצט דעם פּוילישן וועג און באשווערט דאָס גיין, מחמת די פעטע ערד איז גלייך פארוואנדלט געוואָרן אין א בלאָטע.

איטשע־מאירל האָט אָנגעהויבן הוסטן און באקומען היץ, זיין פּנים האָט אָנגעהויבן פלאמען און אלע זיינע אברים האָבן געציטערט פון פיבער. זיין מוטער האָט עס דערזען און איז אליין אויך פארציטערט געוואָרן פאר פּחד.

קיין בויד באווייזט זיך ניט, דער וועג איז נאָך לײדיק, די מארק־פאָרער און יאריד מענטשן האָבן נאָך ניט פארפאקט זייער סחורה, עס וועט נאָך נעמען עטלעכע שעה ביז זיי וועלן אונטערקומען. דאָס יינגל קאָן ווייטער ניט גיין, ער האָט צוזאמענגעבראָכן.

די מוטער וויינט און טוט תפלה. זי קאָן אויך ניט גיין מער, זי האָט קיין כוח ניט אים צו טראָגן.

אין מיטן דעם דאָזיקן פארצווייפלטן מצב באווייזט זיך אויפן וועג א מענטש געקליידט ווי א „דייטש" אין קורצע מלבושים, מיט א ברייטן קאפעלוש און א לאנגן קראוואט. אין אזא שטייגער הילוך פלעגן זיך קליידן נאָר פּוילישע פּריצים. יידן און להבדיל סגאיעס, פלעגן טראָגן זייער אייגנארטיקע מלבושים.

דאָס „דייטשל" (אזוי פלעגן יידן אין יענע צייט רופן אלע מאָדערן־געקליידעטע מענטשן, ווייל אזוי פלעגט דער פרייסישער און דייטשער ייד זיך קליידן), האָט זיך דערנעענטערט צו חיה־שרהן מיט איר זון. ער פרעגט זי פארוואָס זי וויינט. זי קאָן ניט ענטפערן, די טרערן שטיקן איר. זי ווייזט מיטן פינגער אויף איר יינגל וועלכער פלאמט פון היץ און ציטערט פון פיבער.

דאָס „דייטשל" נעמט אראָפּ פון זיין האלדז זיין טאָרבע, נעמט ארויס א פלעשעלע מיט טראָפּנס און באגיסט א שטיקל הארטן צוקער, און גיט דעם קינד אין מויל אריין. איטשע־מאירל מאכט א ברכה און צעקייעט עס...

א ווײלע שפּעטער, אין פארלויף פון עטלעכע מינוט פילט ער בעסער, זיינע אויגן ווערן קלאָרער, ער ציטערט מער ניט און די היץ זיינע פארשווינדט ביסלעכווייז. זיין פּנים האָט צוריק באקומען א לעבדיקע מראה.

חיה־שרה זעט אין דעם מעשה נסים. דער זכות פון איר זיידע, דער „מגלה עמוקות", און דער זכות פונם קאָזשניצער מגיד איז זיי בייגעשטאנען.

זיי הויבן אָן ווייטער צו גיין. דער „דייטש" באגלייט זיי ביז מאגנישעוו.

די רביצין בעט אים אהיים, טרינקען א טעפּעלע ווארעמס און מיט־עסן וועטשערע.

אין שטעטל האָט זיך באלד פארשפּרייט די ידיעה, אז א דייטשער רופא געפינט זיך ביים רב אין הויז. ווער עס האָט געהאט א חולה אין זיין היים ברענגט אים צום „דייטשן רופא" ער גיט איטלעכן א רפואה און ווערט פּלוצים נעלם, און מען ווייסט ניט וואו זיין געבליבן איז אהינגעקומען. די רביצין און דער רב זיינען ביי זיך זיכער אז דאָס איז געווען אליהו הנביא פארשטעלט ווי א דייטשל.

אזוי האָט זיך איטשע־מאירל צעוואקסן אין א סביבה פון גדולים. ער האָט איינגעזאפּט אין זיך תורה און יראת שמים, ער איז געוואָרן בארימט צווישן גוטע און גרויסע יידן פון יענעם דור. זיין התמדה האָט צו זיך ניט געהאט קיין גלייכן. ער האָט געלערנט פונם הייליקן מגיד פון קאָזשניץ, אז א ייד דארף היטן זיין מחשבה, זיין רגש, זיינע אויגן, אלע זיינע איברים און חושים, און גאנץ באזונדער זיין דיבור, זיי אלע זאָלן זיין בלתי לה' לבדו, נאָר פארן אויבערשטנס וועגן אליין און חס ושלום זיי ניט מחלל זיין און פארשוועכן.

אָט די הייליקע דיבורים פונם מגיד זיינען אריין אין איטשע מאירלס תוך. ער האָט געהיט ווי אן אויג אין קאָפּ, און צוזאמען מיט זיין גוף איז אויך געוואקסן דער גייסטיקער ריז, זיין הויכע נשמה האָט זיך אין אים

באוויזן און אים דערמאָנט פון וואנעט זי קומט. זי האָט געמאָנט און געפאָדערט פון אים אז זיין גוף זאָל זיך צו איר מכניע זיין און ניט חס ושלום פארקערט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אלט ווערנדיק אכט יאָר, האָט איטשע־מאיר שוין געשמועסט אין לערנען מיט די גדולי ישראל. דער ייד הקדוש, פון פשיסכא, איז נתפעל געוואָרען פון זיין גדלות. ער האָט אים איינגערוימט אין אויער: איטשע־מאירל ביי מיר וועסטו אמאָל לערנען...

ער און זיין חבר מאיר יחיאל (דעם מגידס אן אייניקל, שפּעטערדיקער מאָגילניצער רבי), האָבן מקבל געווען די תורה פון קאָזשניצער מגיד, דער מגיד האָט די יונגע חברים מגלה געווען רזין דרזין, אלע סודות פון דער תורת־הקבלה און זיי אָפּגעהיט זיי זאָלן ניט אָפּבויגן פון זיין וועג, דער וועג פון קדושה און טהרה, פון תורה און יראת שמים. לפנים זאָלן זיי זיין אויסגעמישט מיטן עולם און אין פנימיות מובדלדיק און אָפּגעזונדערט פון אלע ארומיקע מענטשן.

אָט אזוי האָבן אויסגעזען די קינדער־יאָרן פונם שפּעטערדיקן גרויסן, וועלט־בארימטען גערער רבין — רבי איטשע־מאיר...

קאפיטל זעקס

## דער קאָזשניצער מגיד

מיר האָבן אין די ערשטע קאפיטלען דערמאָנט די גרויסע השפּעה פון דעם קאָזשניצער מגיד אויפן געבורט און דערציונג פונם פוילישן עילוי איטשע־מאיר, דעם בן־יחיד פונם מאגנישעווער רב, ר׳ ישראל ראָטנבערג, און פון זיין רביצין, חיה־שרה, דעם מגידס א קרובה וועלכע איז אויסגעוואקסן ביי אים אין הויז.

ווי שוין אויבן־דערמאָנט, איז ר׳ ישראל ראָטנבערג געווען א גרויסער מיוחס, געשטאמט פון דור־דורות רבנים, ביז צום מהר״ם מראָטנבערג, איינער פון די בעלי־תוספות, און זיין רביצין האָט געשטאמט פון „מגלה עמוקות״, רב אין קראָקע, א גרויסע בעל מקובל און הייליקער ייד.

דעם מגיד פון קאזשניץ האָט מען ניט געהאלטן פאר קיין מיוחס,

ווייל זיין פאָטער, ר׳ שבתי, איז געווען אן אָרעמער איינבינדער פון אַפּט (קעלצער גוב.) און זיך מפרנס געווען מיגיע כפו.

די חסידישע וועלט האָט אָבער ניט מסכים געווען מיט דער דאָזיקער הנחה. איך האָב געהערט מפי חסידים נאמנים און בני דעת, וועלכע האָבן מסביר געווען דעם ענין אזוי:

ר׳ שבתי איינבינדער פון אפט איז געווען א הצנע לכת, א באהאל־טטענער ייד, א קדוש וטהור. ער האָט געדינט דעם אייבערשטן מיט אלע זיינע רמ״ח אברים, ושס״ה גידים. אלע זיינע תנועות זיינען געווען לשם שמים, ער האָט ניט געוואָלט נהנה זיין פון קיין בשר ודם. זאָגט דאָך די גמרא, אין ברכות דף ח׳: „גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא שמים״. איז ר׳ חייא בר אמי, וועלכער האָט עס געזאָגט אין נאָמען פון עולא, ניט כדאי זיך סומך צו זיין אויף אים? אצינד ווען איינער האָטביידע מדות טובות, אי ער איז א ירא שמים און אי ער איז א נהנה מיגיעו כפו, דער איז דאָך דער גרעסטער מיוחס; אויב מען האָט ניט קיין זכות אָבות, קאָן מען ניט זיין קיין הצנע לכת, און אויב מען האָט ניט קיין יחוס עצמו, קאָן מען זיך ניט אויסארבעטן צו זיין א „נהנה מיגיעו״ און ניט וועלן נעמען פון קיין בשר ודם אפילו להחיות נפשו.

דערציילן טאקע חסידים איש מפי איש, אז איינמאָל איז ר׳ ישראל בעל שם טוב געזעסן פרייטיק צו נאכטס און געפּראוועט טיש. ווי זיין שטייגער, איז דער בעל שם טוב געזעסן מיט זיין חבריא, געזאָגט תורה, מגלה געווען רזין דרזין, געזונגען זמירות מיט גרויס התלהבות דקדישא, איטלעכער האָט געזען ממש עין בעין, ווי די שכינה רוט אויף אים און די מסובים האָבן מרגיש געווען ווי די נשמה יתירה האָט זיך אצינד ממש מתדבק געווען אין זיי, די הייליקייט פון שבת האָט אראָפּגענידערט פון די עולמות עליונים און זיך באוויזן אין בעל שם טובס בית המדרש אין מעזשביזש.

געוויינלעך האָט עס דער המון עם ניט דערזען, ווייל וואָס פאר א השגה קאָן האָבן א ייד א קרעמער אָדער בעל מלאכה, וועלכער ליגט א גאנצע וואָך אין גשמיות, אין קדושת שבת?... דער הייליקער קאָצקער רבי פלעגט זאָגן: „כמעשהו בחול, כך מעשהו בשבת״. לויט ווי א ייד פירט זיך אויף א גאנצע וואָך, אזוי פירט ער זיך און איז מרגיש דעם שבת קודש...

א ייד וועלכער ליגט א גאנצע וואָך, ששת ימי המעשה אין פּראָסטע

טועכצן און אז עס קומט דער הייליקער זיבעטער טאָג און ער ווארפט אלץ אוועק, ער דערמאָנט זיך אין דער קדושה, איז ביי אים ש ב ת... ווען אָבער א ייד איז עוסק א גאנצע וואָך אין עבודת־הקודש, ער איז מכוון אלץ לשם־שמים, בבחינת „בכל דרכיך דעהו״, אז עס קומט דער זיבעטער טאָג, איז ביי אים ש ב ת ש ב ת ו ן... וואָס איז דאָ דער חידוש אז אין בעל שם טובס סביבה האָט מען די קדושה פון שבת געקאָנט אָנטאפּן מיט די הענט. האָט טאקע ר׳ ישראל בעל שמס פּנים געפלאמט און פון זיין מויל האָט זיך געהערט תורה מן השמים. די חבריא האָט געזען בחוש אז „זה הדבר אשר צוה ה׳״, אז זיינע רייד זיינען תורת אמת און שכינה מדברת מתוך גרונו, ווי די שכינה וואָלט ארויסגערעדט פון זיין קעל.

פלוצים פארמאכט דער בעל שם טוב זיינע אויגן, לאָזט אראָפּ זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט איינגעדרימלט. די מקורבים האָבן מרגיש געווען, אז דער ענין איז ניט פשוט, ווייל זיין דרך איז ניט געווען איינצודרימלען אין מיטן זיין הייליקער עבודה, ביים שבתדיקן טיש. אָבער ווער וועט האָבן די העזה צו פרעגן אָדער אפילו מהרהר צו זיין. זיינען די חבריא געזיסן מיט יראת כבוד און דרך־ארץ, מיט פחד און ציטער. זיי האָבן געזען ווי זייער רבי האָט אצינד עלית נשמה.

אלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדעט צום הייליקן רבין. זיי האָבן באטראכט איטלעכע תנועה זיינע. אָט דערזעען זיי ווי דער בעל שם טוב שמייכלט אינמיטן דרימל, ער עפנט די אויגן און לאכט אויפן קול... הויבט זיך אויף פון טיש און צעגייט זיך אין א התלהבותדיקן ריקוד, ער שלעפּט מיט די חבריא, האנט ביי האנט און אקסל ביי אקסל טאנצט מיט דער עולם — כאָטש קיינער האָט ניט געוואוסט און ניט משיג געווען וואָס דאָ קומט פאָר.

דער שטאָטישער המון עם פון מעזשביזש, וועלכער פלעגט תמיד קומען שבת צום בעל שמס טישן, אויך ער האָט מיטגעטאנצט און מיטגעזונגען „אזמר בשבחין״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערשט מוצאי שבת, נאָך הבדלה, איז אריינגעקומען דער מקורב, ר׳ וואָלף קיצעס, און דערלאנגט דעם בעל שם טוב א כוס חמין. ווען ער האָט געזען אז ס׳איז בדיחא דעתו, האָט ער א פרעג געטאָן דעם רבין: מה יום מיומים? וואָס איז דאָס געווען פאר אן ענין וואָס ער האָט אין מיטן דער

שבתדיקער סעודה איינגעדרימלט, געלאכט און ארויס אין א התלהבותדיקן ריקוד ?...

אַנשטאָט א תשובה האָט דער בעל שם באפוילן ר׳ וואָלף קיצעס ער זאָל שוין רופן דעם ערל וואסיל און אים הייסן איינשפאַנעןביידע פערד, ווייל אין א האלבער שעה וועלן מיר ביידע מאכן א נסיעה...

דער בעל שם טוב האָט אָנגעצונדן די ליולקע, קנוילן רויך האָבן אָנגעפילט זיין חדר און צווישן איין צי דעם רויך ביזן צווייטן, געזונגען „איש חסיד היה" און דוד מלך ישראל חי וקיים.

ר׳ וואָלף קיצעס האָט שוין מער ניט געפרעגט. ער איז געזעסן מיט ר׳ ישראל בעל שם טוב אין וואָגן. וואסיל דער בעל עגלה האָט מיט כוח געשמיסן די סוסים און אויף גוייש לשון אין גוטן געבעטן די פערדלעך זיי זאָלן ניט גיין, נאָר לויפן, ווייל דער „פאן ראבין" איילט זיך...

א גאנצע נאכט זיינען זיי געפאָרן אין איין גאלאָפּ, ניט אָפּשטעלנדיק זיך ניט ביי קיין קרעטשמע און ניט ביי אן ארייַנפאָר סטאנציע.

די גאנצע נסיעה איז געווען איינגעהילט אין סודות, פונקט ווי די פינצטערע נאכט האָט פארדעקט די ליכטיקע שיין פון טאָג.

אינדערפרי זיינען זיי אָנגעקומען קיין אפּט. ר׳ וואָלף קיצעס האָט שפּעטער דערציילט אז ס׳איז ביי אים קיין ספק ניט געווען און ער גלויבט באמונה שלימה, אז זיי זיינען געפאָרן מיט קפיצת־הדרך. ווייל בדרך הטבע קאָן מען אפילו אין א לאנגער טבת־נאכט און מיט די בעסטע סוסים ניט פאָרן פון מעזשביזש ביז אפּט אין אזא קורצער צייט.

אפּט איז געווען אן עיר ואם בישראל. רב איז דאן געווען ר׳ בעריש כץ, א גרויסער גאון, אן אייניקל פון ש״ך (ר׳ שבתי כהן): אפּט האָט געפירט א קהלה־פנקס פון תכ״ו (1676); די אפּטער רבנים און ראשי ישיבה פלעגן זיצן אין "ועד ארבע הארצות", וועלכער איז באטראכט געוואָרן ווי א יידישער פארלאמענט און איז געווען אנערקענט פון פוילישן מלך ירום הודו.

קומענדיק קיין אפּט איז דער בעל שם טוב געגאנגען קודם כל זיך טובל זיין אין מקוה און ערשט נאָכן דאוונען געלאָזט רופן צו זיך ר׳ שבתי איינבינדער.

ר׳ שבתי איז באלד געקומען און זיך געחידושט צו וואָס מען דאַרף אים האָבן, ווייל ער איז ביי זיך געווען א גרויסער עניו, האָט ניט געגלויבט אין זיין חשיבות.

ער דערזעט ר׳ ישראל בעל שם טוב פארשטייט ער אז א ייד מיט אזא שיינער צורה מוז זיין א איש קדוש. גיט ער אים אָפּ שלום און פרעגט: רבי, צו וואָס האָט איר מיך גערופן?

ר׳ ישראל פרעגט אים ווי אזוי ער איז זיך נוהג א גאנצע וואָך און ווי אזוי שבת קודש.

צוליב עניוות דערציילט ר׳ שבתי, דער אפּטער איינבינדער, אז ער ארבעט שווער אויפן שטיקל בדחקותדיקן פרנסה, אָבער ער נעמט עס פאר ליב, איז צופרידן און איז ניט מהרהר חס ושלום אויפן אייבערשטן... מיין אשה איז א צדיקת, זי איז מצמצם א גאנצע וואָך און באהאלט אלץ אויף שבת קודש...

— וואָס איז געשעען, — פרעגט דער בעל שם, — היינטיקן שבת?

— רבי, — ענטפערט ר׳ שבתי גלאסן, — איך האָב לעצטע וואָך כמעט ווי גאָרניט פארדינט. איך האָט געארבעט, איינגעבונדן ספרים, נאָר די בעלי בתים האָבן מיר צוגעזאָגט שפּעטער צו באצאָלן. איז געקומען פרייטיק און איך האָב ניט געהאט ממש קיין פּרוטה, אפילו ניט צו קויפן ליכט צום בענטשן... האָב איך געבעטן מיין אשה פערלען זי זאָל חס ושלום ניט נעמען פון קיין בשר ודם קיין מתנה.

לאָמיר בעסער פאסטן און זיצן אין דער פינצטער, און ניט נהנה זיין פון קיין מתנת בשר ודם. האָט זי מסכים געווען... זי איז א אשה כשרה און איז עושה רצון בעלה.

בין איך געגאנגען זיך טובל זיין לכבוד שבת, מעביר סדרה געווען, געזאָגט שיר השירים און געגאנגען אין קלויז אריין מקבל שבת זיין. עפּעס א שמחה שלא כדרך הטבע איז מיך באפאלן: איך האָב געדאווענט ווארעמער מיט מער ברען ווי תמיד, כאָטש איך האָב געוואוסט אז אין דער היים זיצט פערעלע די צדיקת אין דער פינצטער, דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן ווי זי האָט ניט געבענטשט קיין ליכט... פון לחם משנה און בשר ודגים איז דאָך אָפּגערעדט. על פי שכל האָב איך דאָך געדארפט אריינפאלן אין עצבות, אָבער זעט, רבי, א פלא — איך האָב שוין לאנג ניט געפילט אזא שמחה...

אהיימקומענדיק בין איך נתפעל געוואָרן זעענדיק ווי אין מיין חדר ברענען גרויסע ליכט. דער טיש איז געדעקט ווי ביי נגידים: רויטער וויין, גרויסע חלות — ווען איך וויים ניט אז איך בין א פשוטער, פּראָסטער

איינבינדער, וואָלט איך געגלויבט אז עס איז מעשה נסים... אָבער ווי קומען נסים צו מיר?..״

ס׳איז מיר אין ערשטן אויגנבליק געפאלן א חשד אויף מיין ווייב, אז זי האָט יאָ געבאָרגט ביי אימעצן אויף שבת, אָדער גאָר באקומען במתנה. איך האָב ניט געוואָלט צעשטערן דעם שבת האָט איך גאָרניט געפרעגט, נאָר געזונגען מיט התלהבות „שלום עליכם מלאכי השרת״, געזאָגט מיט כוונה „אשת חיל״ און געמאכט קידוש. די שמחה האָט נאָך מער אָנגעהויבן ארויסזעצן פון מיר און איך האָב בשום אופן ניט פארשטאנען פון וואנען זי קומט.

ערשט אין מיטן דער סעודה, דערציילט מיר פערל מיין ווייב, אז נאָך מיין אוועקגיין זיך טובל זיין, האָט זי געפונען אונטערן בעט אן אלטן וואטאָוועס שפענצער באנייט מיט גאָלדענע קנעפ. זי האָט לאנג ניט געקלערט און האָט אָפּגעשניטן די גאָלדענע קנעפּ, זיי אוועקגעטראָגן צו ראובן גאָלדשמיד און ער האָט איר געגעבן דערוויל אדערויף דריי רובל און איר געהייסן קומען זונטיק, וועט ער ערשט אָפּוועגן דאָס גאָלד און איר צוצאָלן. האָב איך שנעל איינגעקויפט אלץ לכבוד שבת...

ווען איך האָב געהערט וואָס מיין צדיקת פערל האָט מיר דערציילט האָב איך באשיינפערלעך געזען אז מען האָט מיר פון הימל צוגעשיקט די מתנה איך זאָל ניט האָבן קיין צעשטערטן שבת. פון גרויס שמחה האָב איך גענומען מיין צדיקת און ארומגעטאנצט ארום דעם שבתדיקן טיש ביז נאָך חצות ווען די ליכט זיינען אויסגעגאנגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם בעל שם טובס פנים האָט זיך צעפלאמט, טראָפּן שווייס האָבן פון אים גערונען און ר׳ וואָלף קיצעס איז געשטאנען און געציטערט פון פחד, הערנדיק פון דעם תמימותדיקן ר׳ שבתי איינבינדער די כלאדיקע מעשה.

— ר׳ שבתי, — האָט זיך דער בעל שם אנגערופן, — מיט וואָס זאָל איך אייך בענטשן? וואָס פעלט אייך?

— רבי, — האָט ר׳ שבתי אָנגעהויבן ציטערן, — איך און מיין ווייב פערל די צדיקת, זיינען שוין ניט מער קיין יונגע מענטשן. עס פעלט מ״ר גאָר ניט, נאָר א בן־זכר, א קדיש לאחר מאה ועשרים שנה.

דער בעל שם האָט אים צוגעוואונטשן, אז כעת חיה, אם ירצה השם, היינט איבעראיאָר, וועט ביי זיי געבוירן ווערן א זון. געדענקט, גיט אים א נאָמען ישראל...

— אצינד ווייסטו שוין, וואָלף, — האָט דער בעל שם זיך געווענדעט צו ר׳ וואָלף קיצעס, — פאַרוואָס איך האָב געלאָכט יענעם פרייטיק צו נאַכטס? איך האָב דערהערט אז די גאַנצע פּמליאָ של מעלה, אלע מלאכים, שרפים ואופני הקודש — אלע האָבן מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט און זיך מיטגעפרייט מיטן אָפּטער איינבינדער, ר׳ שבתי, און מיט זיין צדיקת פּערל. הערנדיק אז אלע זאָגן שירות ותשבחות, זעענדיק ווי אָן ערלעכער תמים פרייט זיך מיטן שבת קודש, האָב איך אויך געזונגען און אויך געטאַנצט מיט זיי אלעמען... מיר האָבן געטאַנצט מיט ציבור...

אין יענעם יאָר תצ״ז (1737), איז געבוירן געוואָרן ר׳ ישראל׳ דער שפּעטערדיקער קאָזשניצער מגיד...

נאָכן דערציילן די דאָזיקע וואונדערלעכע מעשה, האָבן חסידים מוסיף געווען: נו, דאָס איז א קליינער יחוס?..

ר׳ ישראל, דער הייליקער קאָזשניצער מגיד שטאַמט פון גרעסטן יחוס בישראל...

קאַפּיטל זיבן

## דעם מגידס רביים און חברים

דער רבי ר׳ שמעלקע פון ניקעלסבערג, מערן (תפ״ו — תקל״ח) און זיין ברודער ר׳ פּינחס הורוויץ (תר״ץ — תקס״ה), פון פראַנקפורט אם מיין, דער בעל הפלאה, האָבן אין יענער צייט געשמט מיט זייער תורה, און באַרימט געווען אין אלע קהלות הקודש פון אייראָפּע.

ווען דער קאָזשניצער מגיד, ר׳ ישראל האָפּשטיין, האָט אָנגעהויבן לערנען ביים רבין ר׳ שמעלקע, האָט ער דאַן נאָך געוואוינט אין ריטשעוועל, א פּויליש שטעטל ניט ווייט פון קאָזשניץ.

דער ממלא מקומו פון בעל שם טוב דער רבי ר׳ בער, מגיד אין ראָוונע און שפּעטער אין מעזריץ, האָט צוגעצויגן צום דרך החסידות די יחידי סגולה פון יענעם דור.

ווען די לומדישע בעלי הבתים פון ניקעלסבערג האָבן געפרעגט זייער

נייעם רב, דעם רבין ר׳ שמעלקע, צו וואָס ער פאַרט קיין מעזריץ צום רבין ר׳ בער? צי פעלט אייך חס ושלום תורה און יראת שמים?

האָט דער רבי ר׳ שמעלקע זיי געענטפערט: איך פאָר ניט קיין מעזריץ לערנען תורה. איך פאָר נאָר זען ווי דער הייליקער מעזריצער מגיד טוט אויס זיינע לאטשן און ווי אזוי ער טוט זיי אָן...

דער קאָזשניצער מגיד איז מיטגעפאָרן מיט זיין רבין ר׳ שמעלקע קיין מעזריץ. דאָרטן האָט ער זיך געחברט אויך מיטן רבין ר׳ אלימלך פון ליזשענסק און שפּעטער געוואָרן זיין תלמיד.

ער האָט זיך אויך דאָרטן געטראָפן מיטן חוזה פון לובלין, מיטן רבין ר׳ זושע, דעם ברודער פונם רבין ר׳ אלימלך; מיט ר׳ שניאור זלמן פון ליאדי; מיט ר׳ משה פשעוואָסקער און מיט ר׳ לוי־יצחק פון בערדיטשעוו (דאן איז ער נאָך געווען רב אין זשעליכאָוו, שעדלעצער גובערניע).

די דאָזיקע הייליקע סביבה, די סאמע ערשטע באגרינדער און פארשפּרייטער פון חסידות, האָבן אויף דעם יונגן גאון וועלכער איז שוין דאן געווען כרסו מלא בש״ס ופוסקים, און איז קלאָר געווען אין דער חכמת הקבלה און געהאט א שטארקע השפעה.

איידער דער קאָזשניצער מגיד האָט נאָך געהאט באטראָטן די שוועל פונם רבין ר׳ בער פון מעזריץ, האָט ער שוין געהאט געלערנט אכט הונדערט קבלה ספרים. געפינענדיק זיך אין דער סביבה פון מעזריצער מגיד, האָט דער קאָזשניצער מגיד געזאָגט, האָב איך געזען אז כ׳האָב נאָך אפילו ניט אנגעהויבן צו לערנען...

זיינע ספרים „בית ישראל״, „מגיד מישרים״ אויף ש״ס, „עגונת ישראל״, „עבודת ישראל״ זאָגן עדות אויף זיין גאונות און קדושה.

וואָס איז דער חידוש וואָס ארום דעם קאָזשניצער מגיד ר׳ ישראל, האָבן זיך פארזאמלט די גרעסטע מענטשן פון יענער תקופה?

זיינע תלמידים זיינען געווען די בארימסטע גוטע־יידן, גאונים און צדיקים פון פוילן, גאליציע, רומעניע און אונגארן.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען כאָטש א טייל פון זיי. פון דאנען וועט ארויסשיינען דאָס הייליקע געשטאלט פון דעם פיזיש קליינעם, דארן, שוואכן גוף, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען א פלאמיקע הייליקע נשמה מיט א גרויסן שארפן מוח, א בעל חסד ורחמים, וועלכער איז איטלעכע שעה אויסגעגאנגען ממש עד כלות נפש פארן אייבערשטן, אין דער בחינה „נפשו יצאה בדברו״.

מיר וועלן אויסרעכענען א טייל פון זיינע תלמידים לויט אלף־בית:

א) רבי אליעזר הלוי הורוויץ, טארנאָגראַדער רב, מחבר פון „נועם מגדים" אויף תורה, און „אמרות טהורות", אויף תהלים.

ב) רבי איתמר, פון קאָנסקעוואָלי, מחבר פון „משמרת איתמר".

ג) רבי אריה לייב ליפשיץ, רב אין ווישניצע, דער „אריה דבי עילאי".

ד) רבי אריה ליבוש, קעשענעווער רב, בעל מחבר פון „חומת אוריאל" און „גבורת אריה".

ה) רבי גבריאל מלאך, דעם מגידס סופר (פּריוואַט סעקרעטאַר).

ו) רבי גדליה זשעלעכאָווער.

ז) רבי גרשון, ריטשעוואָלער רב.

ח' דער רבי ר' בער פון ראַדישיץ, א גרויסער בעל מופת, אויך א תלמיד פון „חוזה" פון לובלין און פון רבי מאירל אפּטער.

ט) רבי דוד חריף, אן איידעם פון „מאור ושמש".

י) רבי זעליק שרענצקער.

יא) רבי חיים מאיר יחיאל, דער „שרף" פון מאגילניצא (שוין אויבן דערמאָנט, דעם מגידס אן אייניקל).

יב) רבי יחזקאל קאָזניצער, דעם ייד הקדושס שווער.

יג) רבי יצחק מייזליש, אויך א תלמיד פון רבין ר' אלימלך און פון „חוזה".

יד) רבי יצחק אזשעראָווער.

טו) דער ערשטער גערער רבי, דער הויפּט פון אונדזער דערציילונג, ר' יצחק מאיר אלטער, דער בעל חדושי הרי"ם.

טז) רבי יוסף מאיר הלוי, שעפּסער רב.

יז) רבי יהודה לייב אניפּאָלער, דער בעל „אור הגנוז".

יח) רבי יעקעלע, פון ראַדזמין.

יט) רבי יעקב צבי יאליס, דינעווער רב, גאון און בעל מקובל, בעל מחבר פון „מלא הרועים".

כ) רבי ישעיהלע פּראַגער, מחבר פון „הרי בשמים", „עצי בשמים" און „ראשי בשמים".

כא) דער קאָצקער רבי, ר' מענדל מארגנשטערן.

כב) רבי מנחם מענדל שטערן, סיגעטער רב, פון אונגאַרן, מחבר פון „דרך אמונה".

כג) **רבי משה ראָטנבערג, וולאדאָוועր רב, מחבר פון „שאלות ותשובות מהר״ם ראָטנבערג האחרונים״.**

כד) רבי משה טייטלבוים, דער אוהעלער רב (אונגארן), בעל „ישמח משה״, א גאון און מקובל, ראש פון א חסידישער דינאסטיע.

כה) רבי נח שמואל ליפשיץ, טורבינער רב, מחבר פון „זר זהב ומנחת יהודה״.

כו) רבי פייוול קאמיניצער.

כז) רבי פינחס, גניוועשאווער רב.

כח) רבי הערש אלימלך דינעווער.

כט) רבי הערשעלע זדיטשויוער, א גאון און מקובל.

ל) רבי שלום בעלזער, גרינדער פון דער בעלזער דינאסטיע.

לא) דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכא, אויך א תלמיד פון חוזה און פון ייד הקדוש.

לב) רבי שמואל, וואָרקער רב, בעל „תורת שמואל״, אויך א תלמיד פון רבי עקיבא אייגער, פון פויזנא.

לג) רבי שמואל שמריה, אָסטראָווצער רב, מחבר פון „זכרון שמואל״.

לד) רבי שמעון דייטש, זשעלעכאָווער רב, ממלא מקומו פון ר׳ לוי יצחק, וועלכער איז פון זשעלעכאָוו געגאנגען קיין בערדיטשעוו — זכר כלם לברכה.

דאָס זיינען געווען דעם קאָזשניצער מגידס מפורסמדיקע תלמידים, וועלכע האָבן אליין פארשיינט די חסידישע וועלט אין פוילן, גאליציע, רומעניע און אונגארן. א חוץ טויזנטער אומבאקאנטע לומדים און קבלה יידן, חסידים און אנשי מעשה, וועלכע האָבן זיך געפונען אין גרויס התקרבות פונם הייליקן מגיד.

איך האָב בכוונה אויסגערעכנט א טייל פון די גדולי החסידות, וועלכע זיינען געווען תלמידים פון די גרעסטע רביים אין יענעם דור, די פאקטישע פארשפרייטער פון בעל שם טובס שיטה און דרך הקודש, כדי צו ווייזן וואָס פאר א הייליקער מענטש דער קאָזשניצער מגיד איז געווען, א גאון עצום אין נגלה, א מקובל אלקי, און עובד את השם בלב ונפש ונשמה, מיט מסידת הנפש ממש, טראָץ וואָס ער איז געווען א חלוש כל ימיו און דעם רוב טאָג געלעגן צוליב שוואכקייט אין זיין בעטל.

אצינד וועלן מיר וויסן וואו און ביי וועמען און אונטער וועלכער

השפּעה דער ערשטער גערער רבי. ר׳ איטשע מאיר אלטער, איז נתגדל געוואָרן.

חסידים דערציילן, אז דער רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק פאר זיין הסתלקות, האָט ער צוזאמענגערופן זיינע נאָענטסטע תלמידים און זיי צעטיילט זיין ירושה.

דעם רבין ר׳ מענדעלע פון רימאנאָוו האָט ער אוועקגעגעבן זיין נשמה שבמוחו. צום אפּטער רב, רבי אברהם יהושע העשל, זיין כוח הדיבור; דעם רבין פון לובלין, רבי יעקב יצחק הורוויץ, די ליכט פון זיינע אויגן (דעריבער האָט מען אים גערופן דער „חוזה״, וואָס מיינט דער זעער), און דעם קאָזשניצער מגיד, האָט דער רבי ר׳ אלימלך איבערגעלאָזט זיין הארץ...

האָט טאקע געברענט און געפלאמט דעם מגידס הארץ צו זיין באשעפער אָן אויפהער. זיין הארץ האָט אויך ניט געקאָנט פארטראָגן ווען א ייד איז אָרעם און לעבט אין דחקות. ער האָט געזאָרגט פאר אָרעמע אלמנות און עלנטע יתומים, איטלעכער נרדף האָט זיך געווענדעט צום קאָזניצער מגיד.

אָן עלנטע עגונה וועמעס מאַן איז פארשוואונדען און מען האָט ניט געוואוסט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען האָט זיך געווענדעט צום מגיד. זייענדיק א גאון אין נגלה האָט דער מגיד געארבעט מעשים און געפונען א היתר זי זאָל מעגן חתונה האָבן.

אליץ וואָס ער האָט פארמאָגט האָט ער צעטיילט צווישן נצרכים. באהאלטענע, אָפּגעקומענע יורדים, האָבן זיך געווענדעט צום מגיד פון קאָזשניץ און ער האָט זיי געהאָלפן.

אין יענער צייט האָבן פיל יידן געלעבט און זיך מפרנס געווען פון קרעטשמעס, ארייַנפאָר הייזער, פאכטן און סעדער. וועלכער זיי האָבן געדונגען פון די פוילישע פריצים. האָט זיך זייער אָפט געטראָפן אז אזא ייד האָט ניט געהאט צו באצאָלן פאר זיין פאכט. קרעטשמע אָדער סאָד, און דער עקאָנאָם, דער פאקטישער פארוואלטער פון פריצס גיטער, האָט שטרענג געמאָנט דעם חוב. ניט באצאָלן אין צייט האָט געמיינט אין לייכסטן פאל, ארויסגעוואָרפן צו ווערן פון דער קרעטשמע, סאָד, פאכט אָדער וואסער־מיל. דאָס האָט געמיינט אז א יידישע משפחה איז געוואָרן מחוסר לחם, לא עלינו. צו וועמען האָבן זיך די עלנטע יידן געווענדעט? צום שוואכן, קראנקן מגיד פון קאָזניץ.

ער האָט געלאָזט רופן דעם גוישן עקאָנאָם אָדער גאָר דעם פריץ אליין

און אים צוגעזאָגט ברכות, ווייך געמאכט די ערלימס הערצער און דער ייד איז געבליבן שטיין אין זיין מקום פרנסה.

זיינען די ערלים געווען רשעים מיט פארשטיינערטע הערצער און האָבן באשטאנען דווקא אז דער חוב מוז באצאָלט ווערן, האָט דער מגיד ארויסגעשיקט עטלעכע מקורבים איבערן שטאָט אָדער סביבה צו זאמלען פאר פדיון שבויים, ווייל אין אזא פאל האָט דער פאכטשארזש געקאָנט אריינגעזעצט ווערן אין תפיסה און זיין ווייב און קינדער האָבן געדארפט פארהונגערט ווערן.

גאנץ באזונדער ווען דער בעל הקרעטשמע איז געווען א בעל צדקה וחסד, וועלכער האָט געגעבן אן אָרט צו שלאָפן און א לעפל ווארמעס צו איטלעכן עובר ושב און נאָך צוגעלייגט דעם אורח א פוילישן פאיעם (א זעקסער) צדקה, פאר אזא יידן האָט דער מגיד אָנגעגורט זיינע לענדן. געשריבן בריוו צו אחינו בני ישראל, צו די רחמנים בני רחמנים, צו די הייליקע זרע אברהם יצחק ויעקב און זיי צוגעזאָגט עולם הבא און כל טוב אויף דעם וועלט, זיי זאָלן ראטעווען אזא ארנטלעכן יידן „מיד גוזלו״.

דער רבי אלימלך פון ליזשענסק האָט געוואוסט ווען ער פארטרויט אָן זיין גרויס הארץ.

אלע זיינע חברים און תלמידים האָבן געוואוסט וואָס עס מיינט א לב טוב. זיי האָבן גוט געדענקט די משנה אין אָבות: פינף תלמידים האָט געהאט רבי יוחנן בן זכאי: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניא, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל און רבי אלעזר בן ערך. האָט רבי יוחנן בן זכאי אויסגערעכנט איטלעכנס שבח און זיי געהייסן ארויסגיין און באטראכטן וועלכער וועג, וועלכע מדה איז די בעסטע א מענטש זאָל זיך אין איר באהעפטן? האָט רבי אליעזר געזאָגט, אז א גוט אויג, אן עין טובה, צו זען נאָר גוטס, איז די בעסטע מדה; רבי יהושע האָט געזאָגט, חבר טוב, צו זיין צו איטלעכן א גוטער חבר: רבי יוסי האָט געזאָגט, א שכן טוב. אויסצוזוכן זיך און דער עיקר אליין צו זיין א גוטער שכן; רבי שמעון האָט געזאָגט, הרואה את הנולד, אז א מענטש זאָל ניט טאָן קיין זאך אויב ער באטראכט ניט פריער וואָס פון דעם וועט ארויסקומען; רבי אלעזר בן ערך האָט געזאָגט, לב טוב — צו האָבן א גוט הארץ...

האָט רבי יוחנן בן זכאי געזאָגט: מיר געפעלט רבי אלעזרס ענטפער בעסער, ווייל אויב אימעצער האָט א גוט הארץ, ממילא פארמאָגט ער שוין

די איבעריקע מעלות אויך... א גוט הארץ האָט אויך א גוט אויג און איז א גוטע חבר און א גוטער שכן...

דער קאָזשניצער מגיד האָט באקומען פון רבין ר׳ אלימלך ירושה — זיין גוט הארץ.

פון אים האָבן נהנה געווען לומדים צוליב זיין גאונות, מקובלים צוליב זיין גרויסער ידיעה אין קבלה, חסידים צוליב זיין גרויסקייט אין חסידות און דער המון עם האָט פון אים נהנה געווען צוליב זיין גוט הארץ און שטארק געפיל פון רחמנות און חסד.

קאפיטל אכט

## דעם מגידס שתדלנות

דער קאָזשניצער מגיד, כאָטש זיין גרויס לומדות און קדושה, זיין פיזיש אָפגעשוואכטקייט און פארנומענקייט מיטן פירן אזא עדה יידן, האָט ער דאָך צייט געהאט פאר וויכטיקער שתדלנות לטובת הכלל.

די אָפטע גזרות פון פוילישן מלכות און פון די פריצים אין זייערע אימעניעס און גיטער, פון די וואָיעוואָדעס און סטאראָסטוועס, האָבן תמיד אריינגעוואָרפן יידן אין זאָרג, צער און פחד.

אינם יאָר תקע״ד (1812) איז ארויס א גזירה אין פוילן מען זאָל נעמען יידן צום מיליטער־דינסט. מען קאָן זיך גאָר היינט ניט פאָרשטעלן וואָס די גזירה האָט געמיינט אין יענער תקופה, בפרט אז דאָס איז געווען א נייעס ביי יידן.

דער פוילישער קריגס־מיניסטער, פירשט יאָזעף פּאָניאטאָווסקי, איז געווען פון די פארערער פונם קאָזשניצער מגיד. ער האָט זיך אָנגעהערט פון די פריצים פון יענעם געגנט וועגן דער ערלעכקייט און הייליקייט פונם „זשידאָווסקי ראבין סקאָזשניצא״, וועלכער היילט חולאים, איז פוקד עקרות און דער עיקר, ער לערנט זיינע יידן זיי זאָלן זיין געטריי דאָס מלכות און ניט מורד זיין.

דער מגיד האָט אָרגאניזירט א דעלעגאציע, וועלכע ער האָט אליין אָנגעפירט און זיך פאָרגעשטעלט פאר דעם פירשט יאָזעף פּאָניאטאָווסקי. דער מגיד האָט אים געבעטן ער זאָל מבטל זיין די גזירה פון מיליטער־דינסט פאר יידן, ווייל א ייד וועט ניט קאָנען אָפּהיטן יידישקייט אין דער ארמיי און

אָן יידישקייט ווערט א ייד א הפקר־מינטש מען קאָן אים שפּעטער ניט טרויען; אויב ער ווערט גרינג אין זיין אמונה, פארלירט ער אויך דאָס נאמנות אין מסחר און בין אָדם לחברו. ווי קאָן מען אזא איינעם אָנטרויען צו דינען אין דער ארמיי? ער וועט שפּעטער שעדיקן דער מלוכה...

זיין השתדלות האָט געפּועלט — יידן זיינען באפרייט געוואָרן פון גיין דינען אין דער ארמיי, אָבער דערפאר האָבן די באפרייטע געמוזט באצאָלן א קאָפּ־שטייער. דער סך־הכל פונם יידישן קאָפּ־שטייער האָט דאן באטראָפן זיבן הונדערט טויזנט גילדן יערלעך.

דער מגיד האָט אָרגאניזירט אויך א דעלעגאציע פון צוואנציק שתדלנים, זיי זאָלן זיך ווענדן צום פינאנץ־מיניסטער פון פּוילן, ער זאָל מבטל זיין דעם ספּעציעלן שחיטה־שטייער וואָס יידן האָבן דאן געמוזט צאָלן. דער שטייער האָט דערהויבן דעם פּרייז פון כשר פליש וואָס אָרעמע יידן האָבן ניט געקאָנט קויפן.

דער מגיד האָט אויך געהאט א השפּעה אין קעניגלעכן הויף פונם פּוילישן מלך, סטאניסלאוו אויגוסט.

גאנץ באזונדערס האָט ארויסגערופן שטוינונג די וואַרעמע באציונג צו דעם מגיד פון פירשט טשערטאָרעסקי, וועלכער איז געווען א קאנדידאט פאר דער פּוילישער קרוין נאָכן טויט פון קעניג אויגוסט (תקכ״ג — 1763), אָבער די קרוין האָט באקומען יאָזעף פּאָניאטאָווסקי.

אָדם טשארטאָרעסקי האָט ניט געהאט קיין קינדער, האָט ער זיך געווענדעט צום מגיד ער זאָל פאר אים בעטן ביים יידישן גאָט ער זאָל האָבן א קינד. דערציילן חסידים, אז דער מגיד האָט פאר אים מתפּלל געווען בזה הלשון: רבונו של עולם, האָסט אזויפיל גויים אויף דיין וועלט, זאָל זיין נאָך א גוי... דעם מגידס תפילה איז אָנגענומען געוואָרן און די פירשטין האָט צום יאָר געבוירן א זון.

דעם פירשטס א ברודער, קאָנסטאנטין טשערטאָרעסקי, האָט אָבער ניט געגלויבט אינם הייליקן מגידס כוח. וואָס האָט ער געטאָן? ער איז אריינגעגאנגען צום מגיד און כלומרשט אים געבעטן, אזוי ווי זיין זון איז א חולה מסוכן, זאָל ער פאר אים מתפּלל זיין. אין דער אמתן איז פירשט קאָנסטאנטינס זון געווען געזונט און שטארק.

דער קאָזשניצער מגיד, אויסהערנדיק זיין בקשה, האָט זיך א ווייל פארטראכט און געזאָגט צום פירשט: פאָר שוין אהיים, פארהאַלט זיך ניט אויפן וועג, אפשר וועסטו נאָך טרעפן דיין קראנקן זון ביים לעבן...

דער פירשט איז תיכף ומיד אהיים געפאָרן און טאקע געטראָפן זיין זון ווען ער איז געלעגן אין גסיסה צושטאנד און דער בישאָף מיט זיינע גלחים האָבן שוין געהאלטן אין מיטן די תפילות וואָס ווערן ביי א טויטן־בעט געזאָגט...

ווען דער מגיד איז געפאָרן קיין לובלין צום „חוזה", האָט ער געמוזט דורכפאָרן פילאווע, דאָרטן וואו עס האָט געוואוינט דער פירשט קאָנסטאַנטין טשארטאָרעסקי. דעם מגידס נסיעה האָט ניט געקאָנט זיין אומבאמערקט, ווייל חסידים זיינען פון איטלעכן שטעטל מיטגעפאָרן אים צו באגלייטן, די נסיעה האָט געמאכט א רושם, די פוילישע וועגן זיינען געווען פול מיט חסידים, ממילא האָט זיך יענער פירשט דערוואוסט, אז דער מגיד פאָרט פארביי „זיין" שטאָט, האָט ער אים איינגעלאדן אין זיין פאלאץ און אים שטארק מכבד געווען...

צוזעענדיק ווי אזוי די פוילישע פריצים באציען זיך מיט גרויס כבוד צום מגיד, האָבן שוין די נידעריקע באאמטע און דאָס פויערטום אויך אים שטארק רעספעקטירט און ממילא האָבן יידן געגאָסן פון יענער פארערונג, און דער מגיד האָט געקאָנט אויספועלן פארשיידענע טובות פארן כלל, פאר קהלות און פאר יחידים.

צווישן חסידים ווערט דערציילט א זייער מערקווירדיקע מעשה: ר' שלמה קאָנסקעוואָלער פלעגט זיך תמיד „דרייען" אין פירשט טשארטאָרעסקיס וועלדער. ער פלעגט אויפקויפן א טייל פון זיין געהילץ, עס פירן אויף טראַטועס אין די מרחקים דורך דאנציג און פון דעם מסחר ציען זיין חיונה בשפע גדול.

איינמאָל האָבן דעם פירשטס מענטשן אהיימגעפירט פון פאריז קיין פילאווע עטלעכע פעסלעך מיט גאָלדענע מטבעות. אויפן וועג זיינען „פאר־לוירן" געגאנגען צוויי פעסלעך. דער פירשט איז געווען זיכער אז אימעצער האָט עס צוגעלקחנט, אָבער גיי זוך ביי וועמען די גנבה געפינט זיך...

איינמאָל שטייט צו דער פירשט צו ר' שלמה קאָנסקעוואלער, „זיין ייד", און פארלאנגט פון אים ער זאָל מיטפאָרן קיין קאָזניץ צום הייליקן ראבין און ער וועט שוין דערגיין וואו די גנבה געפינט זיך.

כך הווה. דער פירשט איז געקומען מיט ר' שלמהן צום מגיד. אויסהערנדיק דעם פירשטס בקשה, רופט זיך אָפּ דער מגיד צו אים: זעסט דאָך, איך בין א חלוש און א קראנקער, איך ליג תמיד אין בעט. גלויב מיר — איך האָב די פעסלעך גאָלד ניט גענומען...

ענטפערט דער פירשט: חס ושלום, איך בין אייך ניט חושד אז איר האָט זיי גענומען. איך וויל נאָר אז מיטן כוח פון אייער תפילה זאָלט איר אויסגעפינען וואו די פעסלעך גאָלד זיינען אהינגעקומען און ווער עס זיינען די גנבים.

דער מגיד האָט פאַרלאנגט פונם פריץ א צוזאָג, אז ער וועט ניט פרעגן פון וואנעט ער האָט געפונען די גנבה און ער וועט ניט באשטראָפן די גנבים. דער פריץ האָט צוגעזאָגט.

דער מגיד איז פארגאנגען אין זיין תפילה, געבעטן דעם אויבערשטן עס זאָל מקודש ווערן שם שמים, און דורך דעם וועט ארויסקומען פאר יידן א גרויסע טובה.

וואָס האָט פאסירט? צווישן די גנבים און דעם בעל עגלה האָט זיך צעפלאקערט א מחלוקה, איטלעכער האָט געוואָלט א גרעסערן חלק... זיינען זיי אלע געקומען צום מגיד ער זאָל זיי פארגלייכן און איינטיילן די גנבה... דער מגיד האָט געלאָזט רופן דעם פירשט און אים געוויזן זיין אבידה...

פון יענער מעשה איז נתקדש געוואָרן שם שמים און יידן אין אן עת־צרה האָבן תמיד געהאט פארשיידענע טובות און הנחות פון פירשט טשארטאָרעסקי, פון פילאווע.

טאָמער האָבן יידן אין אנדערע ווייטע געגנטן אויסגעשטאנען צרות פון די פוילישע שליאכטשעס און פריצים, האָט פירשט טשארטאָרסקי זיך פאר זיי איינגעשטעלט, נאָכדעם ווי דער מגיד האָט אים געבעטן...

דעם מגידס שתדלנות האָט זיך גענומען פון איין־איינציקן ריינעם און הייליקן קוואל, פון רחמנות און חסד. א טובה טאָן א ייד, איז ביי אים געווען אן עבודת הקודש. ווייל: כל המקיים נפש אחת בישראל, כאלו קיים עולם מלא — ווען עמיצער קאָן דערהאלטן און מחזק אפילו נאָר איין יידישן נפש, איז אזוי גוט ווי ער וואָלט א גאנצע וועלט מחזק געווען.

אויב זיין מסירת הנפש פאר איין ייד איז ביי אים געשטאנען אזוי הויך, על אחת כמה וכמה א טובה פארן גאנצן כלל ישראל...

ווען די פוילישע מלוכה איז צעטיילט געוואָרן אינם יאָר 1795, דאָס דריטע מאָל, און די שליאכטשעס און פריצים האָבן געזען אז זייער סוף איז געקומען, האָבן זיי געלייגט די לעצטע האָפנונג אויף דעם דאמאָלסדיקן באזיגער פון גרויסע מדינות און לענדער, נאפאָלעאָן. ער האָט צוגעזאָגט

די אָנפירער פון דער צעפאלענער פוילישער מלוכה, אז ער וועט צוריקשטעלן און צוריקבויען א שטארק פוילן.

נאפּאָלעאָן האָט מלחמה געפירט קעגן די דריי וועלכע האָבן פוילן צעטיילט און צערובעט: רוסלאנד, דייטשלאנד און עסטרייך.

צוועלף יאָר נאָך פוילנס צעטיילונג, אינם יאָר 1807, האָט נאפּאָלעאָן אָפּגעריסן א שטיק פרייסן און עס פאראייניקט מיט פוילן און אויפגעשטעלט דאָס ווארשעווער פירשטענטום (קשענסטוואָ ווארשאווסקיע). אלס קעניג איבער יענעם פירשטנטום איז פון אים באשטימט געוואָרן פרידריך אויגוסט, דער קעניג פון זאקסן.

מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווען נאפּאָלעאָן האָט באזיגט אויך עסטרייך, האָט ער אויך פון איר אָפּגעריסן א שטיק מדינה און עס צוגעטיילט צום ווארשעווער פירשטנטום. ער האָט עס געטאָן, ווייל די פוילישע שליאכטשע האָט געהאָלפן די מעכטיקע פראנצויזישע ארמייען מיט שפּייז, הלבשה און דער עיקר מיט שפּיאָנאזש לטובת דעם גרעסטן זיגער אין יענער צייט, נאפּאָלעאָן באָנאפּארטא פון פראנקרייך.

עס פארשטייט זיך, אז דאָס ווארשעווער פירשטנטום איז נאָר געווען א מלוכה בזעיר אנפּין, א ליליפּוט קעניגטום, מיט א פרעמדן קעניג אין דער שפּיץ...

אין יענעם פירשטנטום האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע, מאָדערנע און ליבעראלע ווינטן.

נאפּאָלעאָנס קאָדעקס, זיין געזעצגעבונג, האָט אָנגעהויבן פארפליכטן די איינוואוינער פונם נייעם פוילישן פירשטנטום. די נייע אידייע פון ברידערלעכקייט, פרייהייט און גלייכבארעכטיקונג, וועלכע האָט שוין דאן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויך אויסער די גרעניצן פון מלכות פראנקרייך, האָט פארכישופט אלע די וועלכע האָבן זיך געפילט אונטערדריקט און באליידיקט פון די אלטע סיסטעמען פון מלוכה פירונג.

די משכילים און אסימילירטע יידן האָבן געזען אין נאפּאָלעאָנס נצחונות סימנים פון גאולה, ווייל ניט רוסלאנד און ניט פוילן האָבן געגעבן יידן גלייכבארעכטיקונג. די קאטוילישע קירך האָט נאָך אלץ ניט געוואָלט שלום מאכן מיטן געדאנק אז יידן זיינען גלייכע מענטשן מיט אנדערע בירגער פון דער מדינה.

און דאָ קומט נאפּאָלעאָן און זאָגט בפירוש: קיין אונטערשייד פון

אמונה אָדער נאַציאָן — אלע האָבן גלייכע רעכט צו לעבן און זיך אנטוויקלען ווי איטלעכער געפינט עס פאר ריכטיק...

ווען נאפאָלעאָן איז געקומען קיין ווארשע, האָט אים די יידישע קהלה געווידמעט א הימן, וואו ער ווערט געלויבט פאר זיין גרויסן אויפטו צו באפרייען פעלקער פון זייערע אונטערדריקער.

אזוי האָבן געגלויבט די ניט־גלויביקע יידן, די משכילים און אסי־מילאנטן. די פירער פון די אמתע מאמינים אין ג־ט און זיין תורה, האָבן דאָס מאָל ניט געגלויבט אין די נייע אידייען פון נאפאָלעאָן באָנאפארטא. זיי האָבן מורא געהאט, אז דער גייסט פון ברידערלעכקייט און פרייהייט, און דאָס געבן די יידן גלייכע רעכט, זיינען בלויז פוסטע מליצות און שיינע רייד, און פאר די ניט־זיכערע פרייהייטן און גלייכהייטן, וועלן יידן דאָס ערשטע מקריב זיין זייער אייגנארטיקייט, זייער לבוש און לעבנשטייגער. דער הפסד און שאדן וואָס דאָס פרומע יידנטום וועט ליידן, וועט איבערשטייגן הונדערט מאָל דעם ניט זיכערן צוזאָג פון גלייכהייט.

די גוטע־יידן האָבן זיך ארייגעוואָרפן אין א מלחמה קעגן נאפאָלעאָנען. זעלבסטפארשטענדלעך ניט מיט קיין שווערדן און קאנאָנען, נאָר מיט תפלות און יחודים — רוממות אל בגרונם וחרב פיפיות בידם...

ווען די מעכטיקע ארמייען פון נאפאָלעאָנען האָבן מארשירט אויף די רוסישע שאָסייען און וועגן, איינגענומען שטעט און דערפער, פעסטונגען און שלעסער, האָבן די פירער פון דער חסידישער וועלט, דער חוזה פון לובלין און דער קאָזשניצער מגיד, געארבעט מעשים ער זאָל האָבן א מפלה. אויך רבי שניאור זלמן פון ליאדי, דער באגרינדער פון חב״ד, איז געווען קעגן די גליקן וואָס נאפאָלעאָנס נצחונות האָבן געדארפט געבן יידן.

איין צדיק אין יענעם דור, ר׳ מענדעלע רימאנאָווער, האָט יאָ געהאלטן מיט נאפאָלעאָנען. ער האָט געהאלטן אז דאָס איז שוין מלחמת גוג ומגוג, וועלכע דארף זיך צעפלאקערן איידער דער גואל צדק וועט קומען.

דער קאָזשניצער מגיד, ר׳ ישראל האָפשטיין, האָט געזאמלט גרויסע סכומים געלט און מיט זיין השפעה בפירוש פארלאנגט פון פירשט טשערטאָ־רעסקי ער זאָל מיט זיין איינפלוס בעטן, אז כאָטש אויף צען יאָר זאָל אָפגעלייגט ווערן דאָס געבן יידן גלייכבארעכטיקונג, וואָס עס האָט געמיינט אז יידן מוזן אויפגעבן זייער לבוש, גענומען ווערן צו מיליטער־דינסט אא״וו. און נאָך צען יאָר? ביז דאן קאָן זיך ענדערן דער פאָליטישער מצב...

דאָס וואַרשעווער פּירשטנטום האָט אַרויסגעגעבן אַן אָפיציעלן דאָקו־מענט, וועלכער לייענט זיך אַזוי: „די איינוואוינער פון וואַרשעווער פּיר־שטנטום פון משה רבינוס גלויבן (וויזנאַניע מאָיזשעשאָווע) זיינען באַפרייט אויף צען יאָר אָנצונעמען דאָס געזעץ פון פּאָליטישע גלייכהייט, מיט דער האָפנונג אַז אין משך פון דער דאָזיקער צייט וועלן זיי זיך דאָך צופּאַסן צו אַלע איינוואוינער פונם פירשטנטום, כאָטש איצט זיינען זיי נאָך אָפּגעטיילט און אַנדערש ווי אַלע פון לאַנד".

מענטשן פונם היינטיקן דור וועלן פרעגן: היתכן? יידן זיינען געווען אונטערדריקט אין רוסלאַנד און אין פּוילן, אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק — נייע גזירות און פאַרפאָלגונגען, און דאָ קומט אַזאַ „גואל" ווי נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, קעניג פון פראַנקרייך, וועלכער האָט „באַפרייט" לענדער און פעלקער, און וויל גיבן יידן אין וואַרשעווער פירשטנטום גלייכע רעכט מיט אַלע איינוואוינער, און זייערע פירער ווילן עס ניט נעמען, בעטן מיט תחנונים צו פאַרשיבן די טובה כאָטש אויף צען יאָר... היתכן?..

דער שרייבער פון די שורות האָט פּאָרזיכטיק שטודירט דאָס יידישע לעבן אין פראַנקרייך. ער האָט באַזוכט צענדליקער קהלות פון עלזאַס לאָטרינגען, און אין אַלט פראַנקרייך. יענע קהלות וואו עס האָבן אַמאָל געלעבט רש"י (טולוז) און די בעלי התוספות, ראשונים און אחרונים, יענע קהלות וועלכע האָבן אַמאָל געלייגט אין חרם אַריין דעם רמב"מס ספר „מורה נבוכים", כדי די פרומע יידן זאָלן ניט לערנען קיין פילאָזאָפיע (מאָמפּעליער); מעטץ, די שטאָט פון רבי אליעזר ממיץ, איינער פון די בעלי התוספות, שפּעטער איז דאָרטן געווען רב דער רבי ר' יהונתן אייבעשיץ.

די חכמי צרפת האָבן אַמאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. יענע קהלות זיינען געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכער מדריגה. איך האָב נאָך געזען סימנים פון גרויסע שולן, בתי מדרשים, ישיבות — ליידיקע אָן תלמידים... מקוואות, ביבליאָטעקן און גרויסע בתי־עלמין, מיט ריזיקע טייערע מצבות — פון דעם אַלעם איז כמעט גאָרניט פאַרבליבן, די גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט האָט טאַקע באַפרייט דעם יידישן גוף, אָבער פאַרסמט די אייגנאַרטיקע יידישע נשמה, זי אַזוי פאַרקענסערט, אַז ס'איז כמעט ניט געווען צו דערקענען — אָן סימן פון חיות און לעבדיק יידישקייט...

דאקעגן וואו יידן זיינען פיזיש, פּאָליטיש און פינאנציעל געוואָרן מיט ברוטאלער אוממענטשלעכקייט באהאנדלט, דאָרטן האָט יידישקייט געבליט, דאָרטן האָט תורה געהאט איר הייליקטום און די קדושה איר וואוינאָרט...

הן עם לבדד, אזוי לאנג ווי דאָס יידישע פאָלק וועט לעבן לבדד, אליין, וועט זיין ישכון, וועט ער רוען, ובגויים — ווען ער וועט זיך וועלן אויסמישן מיט די ארומיקע פעלקער, לא יתחשב, וועלן זיי אלץ אים ניט באטראכטן פאר קיין חשוב פאָלק...

דאָס האָבן די גייסטיקע ריזן פון דער חסידישער באוועגונג געוואוסט. פראנקרייך, דאָס יידישע לעבן דאָרטן אמאָל אין די אלטע צייטן, און וואָס פאר א פנים עס האָט געהאט אין זייער צייט. דאָס איז געווען זייער בעסטער באווייז.

פון נאפּאָלעאָנס נצחונות איז גאָרניט געוואָרן און פון זיין גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך. א טייך פון בלוט.

אפילו די נאָכפאָלגער זיינע, די וועלכע זיינען אזוי באגייסטערט געוואָרן פון זיין גלאנציקער אידייע, זיינען שפּעטער נאָך זיינע מפלות, געוואָרן שונאי ישראל און געהעצט צו פּאָגראָמען און באשרענקונגען קעגן יידן.

איך געפין פאר נויטיק נאָך אמאָל צו דערמאָנען, אז די קאפּיטלעך וועגן דעם קאָזשניצער מגיד, זכרונו לברכה, זיינען מיט כוונה געשריבן געוואָרן, כדי בעסער צו פארשטיין די סביבה אין וועלכער עס איז דערצויגן געוואָרן דער ערשטער גערער רבי, ר׳ יצחק (איטשע) מאיר אלטער זצ״ל. א סביבה פון גאונות קדושה, חסד ורחמים, מסירת נפש פאר דעם יידישן כלל און פאר דעם יחיד, שתדלנות ביי מלכים און שרים, ביי פריצים און קריג־פירער.

קאפּיטל ניין

## דער פּוילישער עלוי ווערט א חתן

ווען איטשע־מאירל איז אלט געוואָרן אכט יאָר, האָט ער שוין געשמט אין גאנץ פוילן אלס עלוי. ער האָט געשמועסט אין לערנען מיט אלע גדולים, וועלכע פלעגן קומען צום קאָזשניצער מגיד. זיין שארפער

מוח און פלינקע תפיסה, זיין שטארקע התמדה און פלאמיקער חשק צום לערנען האָבן אים דערהויבן צו דער מדריגה פון א למדן מופלג.

דער הייליקער מגיד האָט זיך מיט אים משעשע געווען אין אלע ענינים. ער האָט איינגערוימט דעם מאגנישעווער רב, אז ס׳איז שוין צייט צו זוכן פאר אים א פאסיקן שידוך. ווען די מקורבים האָבן זיך דערוואוסט פון דעם מגידס רצון, האָבן זיי פאָרגעשלאָגן פארשידענע שידוכים.

ווען שדכנים זיינען געקומען קיין מאגנישעוו מיט א שידוך הגון, האָבן דער רב מיט דער רביצין געענטפערט, אז דער עיקר דעה האָט דער מגיד. האָבן זיי זיך געווענדעט קיין קאָזשניץ און דער מגיד האָט אלע שידוכים מדחה געווען, זיי זיינען אים ניט אָנגעשטאנען. זיין ענטפער איז געווען: „ניט אזא שידוך מיין איך״...

אין ווארשע האָט געוואוינט א גרויסער גביר, אן אדיר פון א ייד, א למדן מופלג, א בעל צדקה. זיין נאָמען איז געווען ר׳ משה חלפן, ווייל זיינע מסחרים זיינען געווען צו טוישן אויסלענדישע מטבעות און פרעמדע וואליוטעס. זיין משפחה נאָמען איז געווען ליפשיץ, אָבער געשמט אין ווארשע און אין גאנץ פוילן האָט ער אלס ר׳ משה חלפן. בזמן הזה וואָלט מען גערופן אזא שטייגער מסחר באנק אָפעראציעס. זיינע מסחרים זיינען געווען פארשפרייט איבער גאנץ פוילן.

זיין הויז איז תמיד געווען פתוח לרווחה. רבנים, חסידים און סתם איידעלע יידן, וועלכע פלעגן קומען קיין ווארשע, האָבן דאָרטן געפונען א מקום אוועקצולייגן דעם קאָפּ, צו עסן וועטשערע אָדער סעודת שבת.

לאנגע טישן זיינען תמיד געווען געגרייט מיט כל־טוב, משרתים האָבן משמש געווען די אורחים מיט גרויס דרך־ארץ און כבוד, ווייל אזוי האָט דער נגידישער בעל־הבית, ר׳ משה חלפן, אָנגעזאָגט. ווען ר׳ משה האָט צייט געהאט האָט ער אליין משמש געווען די נכבדים, גערעדט מיט זיי אין לערנען און אין חסידות, געגעבן עצות וואו צו עפענען א טיר...

על פי רוב פלעגן קומען קיין ווארשע רבנים און ראשי הקהל פון די וויטסטע מקומות אין פוילן וועגן פארשיידענע השתדלותן ביים מלכות, אָדער ביים וואָיעוואָדע. טיילמאָל פלעגט א רב ברענגען א חיבור און האָט געזוכט א מדפיס, וועלכער זאָל דרוקן זיין כתב יד, טייל רבנים פלעגן קומען קיין ווארשע בעטן הסכמות אויף זייערע חיבורים ביי די גדולים

און גאונים פון דער פוילישער הויפט־שטאָט. די אלע האָבן געהאט א ווארעמע סביבה אין ר׳ משה חלפנס רייכער היים.

אין ליפשיצס סאליעס זיינען ניט געלעגן קיין אינדישע דיוואנעס, נאָר תמיד אָנגעשטעלט מיט וואליסעס, פעקלעך און קעסטלעך פון די אורחים. אויף זיינע טישן זיינען ניט געשטאנען קיין קרישטאלענע וואזאָנעס, נאָר ספרים, גמרות, מדרשים, זוהר, רמב״מס, ראשונים און אחרונים. די פרעמדע אורחים האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

א גרויסער סאמאָוואר מיט קאָכעדיק וואסער איז תמיד געשטאנען אויף א טישל אין א ווינקל, פריש פארפארעטע טיי, מיט קלעצלעך און געשיטן צוקער, לימענעס, אייער קיכעלעך און א סלאָי איינגעמאכץ — צווישן איין סעודה און דער צווייטער זאָלן זיך די אורחים דערכאפן ס׳הארץ. אפשר איז עמיצער א חלוש, לא עלינו, און ער וועט זיך שעמען מטריח זיין די בני בית, זאָל ער האָבן מוכן ומזומן מיט וואָס זיין הארץ צו דערכאפן...

ר׳ משה חלפן איז געווען א שם־דבר אין דער ווארשעווער קהלה. אויף אלע אסיפות האָט מען נאָך אים געשיקט א שליח מיוחד. מען האָט זיך צוגעהערט צו זיין דעה.

אינם יאָר תקע״א האָבן די ראשי הקהל אין ווארשע געגרינדעט א חברה „הלוואת חן״, א מין ליי־קאסע צו באָרגן גמילות חסדים צו נצרכים. די תקנות פון יענער חברה זיינען פארשריבן געוואָרן אויף א פארמעט און געחתמעט זיך אויף די תקנות האָבן די ווארשעווער רבנים ר׳ משה שלמה זלמן (שפעטער געווען רב אין קראָקע) און דער בעל „חמדת שלמה״, ר׳ משה חלפן און נאָך פיל אנדערע חשובים פון יענער צייט.

דער דאָזיקער ווארשעווער גביר וואָס ביי אים איז געווען תורה וגדולה צוזאמען, האָט געזוכט א חתן פאר זיין טאָכטער פייגעלע.

קיין שדכנים האָבן אין ווארשע קיינמאָל ניט געפעלט. איטלעכע פון זיי האָט געוואוסט, אז ר׳ משה חלפן זוכט א חתן א יקר המציאות פאר זיין טאָכטער, איטלעכער שדכן האָט זיך געוואונטשן צו האָבן די זכיה צו ברענגען דעם ריכטיקן זיווג פארן גבירס טאָכטער. ראשית, וואָלט דער שדכן פארדינט בעין יפה א פעט שדכנות־געלד, והשנית, וואָלט ער מפורסם געוואָרן אלס בר־מזל און זיין פראָפעסיע וואָלט זיין געהויבן...

פונדעסטוועגן האָט קיין שדכן ניט געוואגט צו ריידן מיט ר׳ משה

חלפן וועגן תכלית, ווייל זיי האָבן געהערט אז ער זוכט פאר זיין פייגעלע א שידוך פון די מרחקים, וועלכער זאָל זיין א מיוחס און א למדן. אויף דער גנוינע אָדער געגשע גאסן אין ווארשע, געפינען זיך ניט אזעלכע שטייגער עילויים, אויף דער אייזן גאס און אויף דער טלאָמאצקע וואוינען שוין יאָ דער „פאר" פון ווארשע, זיינען אָבער זייערע בחורים על פי רוב ליידיקגייער, לערנען צו ביסלעך און רוב טאָג פטרן זיי מיט שטותים און הבלים.

מפואר, וועלכער זאָל פארשיינען די וועלט...

מפואר, וועלכער זאָל פארשיינען די ווילט...

ר' משה ליפשיץ האָט מחליט געווען ער זאָל פאָרן קיין לובלין. לובלין איז געווען א עיר ואם בישראל, געשמט אלס מקום תורה. דאָרטן האָבן אמאָל געלערנט דער מהרש"א, ר' יעקב פאָלאק, ר' שלום שכנא, דער מהרש"ל, דער מהר"ם מלובלין, ר' מאיר בר' גדליה און אצינד לערנט דאָרטן ר' עזריאל דער אייזערנער קאָפּ. ער איז מרביץ תורה, פירט א ישיבה. אפשר וועט דער אויבערשטער אים מזמין זיין א שידוך הגון פאר זיין טאָכטער. ער וועט אויך א פרעג טאָן ביים רבין פון לובלין, דעם „חוזה", אפשר וויס ער פון א שידוך, א פרי עץ הדר...

קומענדיק קיין לובלין האָט ער דערציילט דעם רב, ר' עזריאלן, נאָך וואָס ער איז געקומען. דער אייזערנער קאָפּ (אזוי האָט מען גערופן דעם לובלינער רב, צוליב זיין גרויס חריפות און גדלות אין תורה) האָט אָבער ניט געפונען אזא שטייגער בחור אין זיין ישיבה, וועלכער זאָל געפעלן ווערן ר' משה חלפן, ווייל א חוץ וואָס ר' משה איז געווען א ייד אן עושר, איז ער אויך געווען א טיפער למדן און א גרויסער מבין אויף א כלי מפואר... מיט סתם א לערנער האָט מען אים ניט געקאָנט בעמען...

כאפט זיך ר' משה אריין צום רבין פון לובלין, צום „חוזה", און דערציילט אים וואָס ער זוכט.

דער חוזה פארטראכט זיך א ווייל און זאָגט צו אים, אז ער זעט פאר אים א שידוך אין קאָזשניץ, א יינגל וועלכער וועט פארשיינען די וועלט מיט תורה און צדקות, מיט קדושה און טהרה.

ר' משה חלפן איז געקומען קיין קאָזשניץ און דערציילט דעם מגיד די רייד פונם רבין פון לובלין, אז ביי אים איז פאראן אזא תכשיט, וועלכער איז ראוי צו ווערן זיין חתן.

דער מגיד האָט אים געענטפערט אז דער רבי פון לובלין מיינט

דעם מאגנישעווער רבס בן־יחיד, וועלכער איז א מופלא און אן עלוי.ביידע זיינען מרוצה געוואָרן.

דער מגיד האָט אָבער אויסגערעדט מיט ר׳ משה חלפן ער זאָל געבן דריי טויזנט פּרייסישע רייכטסטאָלער נדן, און אז נאָך דער חתונה זאָל דאָס פּאָרל עסן קעסט אין קאָזשניץ.

ר׳ משה חלפן, זייענדיק א חסיד פונם רבין פון לובלין, האָט געענטפערט דעם מגיד, אז ער וויל פרעגן זיין רבין און באקומען פון אים זיין הסכמה און ברכה.

קומענדיק צוריק קיין לובלין, האָט דער „חוזה״ זיך געחידושט אויף די תנאים פונם מגיד, וועגן דעם גרויסן נדן. מיר איז א חידוש: פון וואנען האָט דער מגיד אזא ידיעה אין געלט?.. און וועגן עסן ביי אים קעסט, זאָג דעם מגיד אז דער עלוי וועט סיי ווי ניט פארבלייבן ביי אים...

(דער רבי פון לובלין, דער „חוזה״, האָט דאָ פאָרויסגעזען אז ר׳ יצחק־מאיר אלטער, וועט נאָכן הסתלקות פונם מגיד זיך ניט האלטן אין קאָזשניץ, נאָר ווערן א פשיסכער חסיד פונם רבין ר׳ בונם זצ״ל).

ס׳איז עד היום פארבליבן דער כתב פון די תנאים: אור ליום ב׳, ב׳ דר״ח מרחשון תקס״ח (1808) צווישן די צדדים מאגנישעווער רב, ר׳ ישראל ראָטנבערג, העומד מצד החתן, און צווישן הנגיד הקצין המפורסם ר׳ משה בן יצחק אייזיק, העומד מצד הכלה הבתולה המהוללה מרת פייגלא תחי׳.

דער זמן החתונה איז באשטימט געוואָרן אויף תקע״ב (1812), ווען דער חתן איז אלט געוואָרן דרייצן יאָר. דער מגיד האָט געבעטן, אז די חתונה זאָל פאָרקומען אין קאָזשניץ, אָבער ר׳ משה חלפן האָט זיך איינגעשפּארט אז זי זאָל פאָרקומען אין ווארשא, ר׳ משה האָט אָבער מסכים געווען, אז זיי זאָלן עסן קעסט אין קאָזשניץ.

ווען דער זמן החתונה האָט זיך דערנעענטערט, איז דער חתן מיט זיינע טאטע־מאמע געקומען פון מאגנישעוו קיין קאָזשניץ, זיך געזעגענען מיטן מגיד. דער מגיד האָט דעם חתן געגעבן א קידושין רינגל און אים געזאָגט, ער זאָל עס היטן ווי אן אויג אין קאָפּ. ער האָט דעם חתן אריינגעפירט אין זיין חדר מיוחד און אים מוסר געווען סודות פון עניני זיווג.

דער מגיד איז שוין דאן געווען א זקן מופלג און דערצו א חלוש.

דאָך האָט ער ארויסבאגלייט די מחותנים און איז געשטאנען א לאנגע צייט און נאָכגעקוקט מיט בענקשאפט ווי זיי פאָרן אוועק. אזוי לאנג ווי מען האָט געזען דעם וואָגן איז דער מגיד אלץ געשטאנען און ניט געוואָלט ארייגגיין אין זיין הויז.

ווען די מקורבים האָבן אים געפרעגט פארוואָס ער שטרענגט זיך אזוי פיל אָן, ס'איז אים דאָך שווער צו שטיין, האָט דער מגיד זיי געענטפערט: איר זאָלט וויסן, אז דער חתן האָט נאָך ניט געמאכט קיין איינציקע תנועה מיט קיין אבר שלא לשם שמים...

אזוי ווי דער חתן מיט זיינע עלטערן זיינען אוועקגעפאָרן פון קאָזשניץ, זיינען אויך אָנגעקומען דער מחותן ר' משה מיט דער כלה, פייגעלע, דער מגיד זאָל זי בענטשן קודם החתונה.

דער מגיד האָט זייביידן געבענטשט און אָנגעזאָגט דער כלה, זי זאָל היטן דאָס קידושין פינגערל, ווייל עס איז א דבר יקר...

ווען דער פיזיש שוואכער קאָזשניצער מגיד איז אריין צוריק אין זיין חדר און זיך אוועקגעלייגט אויף זיין בעטל, ווי תמיד, האָט ער צוגערופן זיינע מקורבים און זיי געזאָגט: איר ווילט וויסן וואָס פאר א זכות ר' משה חלפן האָט געהאט צו באקומען אזא הייליקן חתן? זיין שווער האָט געהאט א בתולה, אָבער ס'איז אים שווער געווען צו באקומען א שידוך, ווייל זי האָט געהאט א האָרב... ר' משה חלפן, זייענדיק א גרויסער ירא שמים, האָט געזאָגט, אז ער וויל זי נעמען לשם שמים און ניט צוליב אנדערע כוונות... צוליב דעם האָט אים דער אייבערשטער מזמין געווען אזא טייערן חתן...

ר' משה חלפן האָט אָבער באקומען נאָך אזא שטייגער טייערן חתן פאר זיין צווייטער טאָכטער, און דאָס איז געווען ר' מענדעלע פון קאָצק.

ווען דער קאָצקער רבי זצ"ל איז געוואָרן אן אלמן, האָט אים זיין חסיד, ר' איטשע מאיר אלטער, דער שפעטערדיקער ערשטער גערער רבי, געשדכנט זיין שוועגערן. אזוי נאָך האָט ר' משה ליפשיץ, וועמען די יידישע וועלט האָט גערופן ר' משה חלפן, זוכה געווען צו האָבן אזעלכע צוויי וועלט־בארימטע איידעמס. ר' משה חלפן האָט שוין אָבער ניט דערלעבט צו זען דעם קאָצקער רבין אלס איידעם, ווייל ער איז פריער נפטר געוואָרן.

ווען זיין זון, ר' נחמן ליפשיץ, האָט זיך אמאָל צעשמועסט מיט זיין גרויסן שוואָגער, דעם גערער רבין, וועגן גרויסן זכות וואָס זיין פאָטער, ר'

משה חלפן האָט געהאט צו באַקומען אַזאַ שטייגער גרויסן יידן ווי ס׳איז דער קאָצקער רבי, פאַר אַן איידעם, האָט אים ר׳ איטשע־מאיר געזאָגט, אַז אים איז עס גאָר ניט קיין חידוש, ווייל ווען איך האָב געגעסן קעסט ביי דיין טאַטן, פלעגט ער זיך פריער ניט לייגן שלאָפן ביז ער האָט אליין ניט צוגעגרייט פאַר מיר שפּעט נאָך האַלבער נאַכט וועטשערע, נאָכדעם ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיינע שיעורים און מעריב דאַווענען. דיין טאַטע האָט געהאַט פיל משרתים, ער האָט אָבער קיינעם ניט צוגעלאָזט צו דער עבודה, נאָר זי אליין געטאָן, ווייל ס׳האָט אין אים געברענט אַ פייער פון אהבת התורה. צוליב דעם זכות האָט עס באַקומען דעם קאָצקער רבין פאַר אַן איידעם...

דאָס גאַנצע יידישע ווארשע האָט געקאָכט און איז געגאַנגען אויף רעדלעך פון יענער חתונה. פעסלעך מיט זילבערנע מטבעות זיינען געשטאַנען אין דער גרויסער סאַליע פון די ליפשיצעס: אָרעמע לייט פון ווארשע און פון פּראַגע פון פּעלצעוויזנע און פון פּאַוואָנזעק, האָבן טאָג־טעגלעך באַלאַגערט ר׳ משה חלפנס הויז. איטלעכער האָט באַקומען אַ מתנה מיט אַ טרונק בראַנפן און לעקעך; קאַליקעס אויף קוליעס, בלינדע, אָרעמע לייט, ווייבער מיט פּיצעלעך עופהלעך אויף די הענט; קראַנקע און צעבראָכענע אלמנות, וועלכע זענען געקומען קרוע ובלוע, צוליב זייער גרויס אָרעמקייט און האָבן ניט געהאַט קיין יכולת צו קויפן אַ מלבוש, האָבן אויך באַקומען מלבושים, וועש און שפּייז־פּעקלעך אהיימצונעמען.

אַ גאַנצע טאָג פאַר דער חתונה האָט די מחותנתטע, די כלה און אַלע ווייבער, וועלכע האָבן ארויסגעהאָלפן צוגרייטן דעם חתונה־מאָלצייט, זיך געפּאָרעט ארום די אָרעמע לייט: ביד רחבה דערלאַנגט און סערווירט, געגעבן פון בעסטן און פון שענסטן, ווייל אַזוי האָט אָנגעזאָגט דער מחותן ר׳ משה, וועלכער איז געווען אַ חוץ אַ ייד אַ גביר, אויך אַ טייערע נשמה און אַ טוב לב, אַ חסיד פונם רבין פון לובלין, דעם „חוזה״.

דער גאַנצער ווארשעווער „פּאַר״ איז געקומען צו יענער חתונה. רבנים און לומדים, חסידים און אנשי מעשה.

אַצינד האָבן ערשט דעם חתנס טאַטע־מאַמע, דער מאַגנישעווער רב און רביצין פאַרשטאַנען פאַרוואָס זייער מחותן, ר׳ משה חלפן, האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז די חתונה זאָל דווקא זיין אין ווארשע און ניט אין קאָזשעניץ... אַזאַ רחבות, אַזאַ עשירות האָבן זיי נאָך קיינמאָל ניט געזען.

זייער הארץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד און שמחה. דאָ זען זיי תורה וגדולה במקום אחד. זיי האָבן געגלויבט און געדאנקט השם יתברך וואָס ער האָט זיי צוגעשיקט אזא שטייגער שידוך. דער זכות פון זייערע אָבות איז זיי דאָ בייגעשטאנען.

די מאגנישעווער רביצין האָט געוויינט פון שמחה און געשעפטשעט א תפלה — ר׳ ישראל ראָטנבערג, דער טאטע פונם חתן, האָט ניט געוויינט. ער איז אָבער געווען פארמוחט און פארדבקהט.

ווארשעווער כלי זמר האָבן געהאט א שם. זיי האָבן באוויזן וואונדער אפילו אויף סתם חתונות. אצינד שטעלט זיך פאָר וואָס זיי האָבן געוויזן אויף דער דאָזיקער נגידישער חתונה? זיי האָבן אריינגעבראכט שמחה און פרייד, און התעוררות קודם החופה.

צום באדעקן זיינען אריינגעגאנגען די גאָר נאָענטע מחותנים. איינער פון די עלטסטע בדחנים האָט באזונגען דעם חתן און דערנאָך די כלה. ער האָט זיי דערמאָנט וואָס פאר א אחריות זיי נעמען אויף זיך צו ברענגען דורות. ווייל די וועלט איז באשאפן געוואָרן זי זאָל זיין באפעלקערט און ניט וויסט „לא לתוהו בראה לשבת יצרה” און אנדערע דברי מוסר וועגן קדושת הזיווג און דער הייליקייט פונם גאנצן ענין...

די ווייבער האָבן אויסגעבראָכן אין א געוויין. מיט זיי האָט מיטגעוויינט די יונגע כלה. דער חתן האָט ניט געוויינט, ער איז געשטאנען רויק מיט פארמאכטע אויגן. מיט אים זיינען געווען די מענערשע מחותנים, וועלכע האָבן ניט סובל געווען דאָס אריכות פונם בדחן. ר׳ משה חלפן האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט צום בדחן, ער זאָל ניט מאריך זיין. פארן ארויסגיין צו דער חופה איז דער חתן אריין אין דער סאליע וואו עס האָבן אויף אים געווארט בחורים, לומדים און חריפים. זיי האָבן געהערט אז דער חתן איז אן עילוי און א גדול בתורה.

דער יונגער חתן האָט געזאָגט א שארפן פלפול. די לומדים האָבן קוים געקאָנט נאָכפאָלגן. ער האָט געוואָרפן מיט ש״ס בבלי און ירושלמי, מיט ראשונים און אחרונים. די סאליע איז פול געוואָרן מיט רבנים און לומדים. אזא שטייגער למדן האָבן זיי אין ווארשע נאָך ניט געזען. די ווארשעווער רבנים און דיינים האָבן זיך פשוט דערשראָקן ער זאָל זיי אַלע ניט שטעלן אין שאָטן... אזא יונגערמאן, קוים דרייצן יאָר און אזא גאון און גדול!..

דער מאגנישעווער רב, ר׳ ישראל און דער מחותן, ר׳ משה חלפן, האָבן געפירט דעם דרייצן יאָרקן חתן צו דער חופה, און די רביצין חיה־שרה און דער כלהס מוטער האָבן געפירט פייגעלען, די כלה. כאָטש דער עולם איז געווען זייער גרויס האָט דאָך געהערשט א שטילקייט. ר׳ ישראל האָט מסדר קדושין געווען, דער ווארשעווער רב האָט געלייענט די כתובה און די מורה הוראהס האָבן געזאָגט איטלעכער א ברכה, נאָכדעם האָט דער חתן, יצחק־מאיר, מקדש געווען די כלה כדת משה וישראל מיטן פינגערל וואָס דער מגיד פון קאָזשניץ האָט אים געגעבן.

הונדערטער הבדלות און ליכט האָבן באלויכטן דעם גרויסן הויף. מען האָט געקאָנט לייענען אין א ספר פון דער ליכטיקייט. די חתונה־וועטשערע איז געווען ממש כסעודת שלמה בשעתו. די טייערסטע זילבערנע גאָפּל־ מעסער. און די מאכלים אליין? די בעסטע וויינען און ריינער אָקעוויט, פינף־און־ניינציקער — גאנצע פעסער, ווי ביי די פריצים. די סארווער האָבן דערלאנגט כיד המלך, וואָס איינער האָט נאָר געוואָלט.

די בדחנים האָבן געוואוסט אויף וועמעס חתונה זיי זיינען איצט, האָבן זיי דערלאנגט פון בעסטן און איידלסטן וואָס זיי האָבן פארמאָגט. זיי האָבן געשיט מיט מדרשים און זוהר, און פריילעך געמאכט דעם גרויסן אָבער געקליבענעם עולם.

דער חתן האָט געזאָגט תורה, די גדולים פון ווארשע זיינען געזעסן דערשטוינט, ווי אזוי עס האָט זיך געשיט פון זיין מויל תורת אלוקים חיים. כאחד הגדולים.

ר׳ משה חלפן האָט געקוואָלן פון נחת און געזאָגט די רייד פון שמואל הנביאס מוטער, חנה, ווען זי איז געשטאנען פאר עלי הכהן: אל הנער הזה התפללתי — אויף אזא שטייגער איידעם האָבן איך כל ימי געהאָפט און געבעטן...

ר׳ ישראל ראָטנבערג, זיין פאָטער, איז געזעסן פארטראכט. ביי אים איז געווען זיכער אז די הייליקע נשמות פון זיינע זיידעס, ביז צום מהר״ם מראָטנבערג פון די בעלי התוספות, האָבן זיך באמיט אז זיין בן־יחידל זאָל אזוי געראָטן. דעם קאָזשניצער מגידס הבטחה, אז ער האָט פאר אים געפונען אזא הויכע נשמה, וועלכע איז שוין אויף דעם עולם ניט געווען הונדערטער יאָרן איז מקוים געוואָרן... ער איז געווען זיכער אז אלע זיינע אָבות־הקדושים זיינען געקומען צו דער חופה און זיך מיטגעפרייט...

דער מחותן, ר׳ משה ליפשיץ, האָט געבענטש שהשמחה במעונו און דער מאגנישעווער רב האָט געזאָגט שבע ברכות.

געווײנלעך זײַנען די נשים געזעסן אין אן אנדער סאליע. ערשט צום בענטשן איז די כלה צוגעפירט געוואָרן צו דער טיר פון דער גרויסער סאליע וואו דער חתן מיט אלע מענער זײַנען געזעסן. מען האָט דערלאנגט דעם כוס של ברכה צום חתן און דאן צו דער כלה.

די סארווערס האָבן צערוקט די טישן אָן א זײַט צו מאכן אן אָרט פארן מצוה טענצל. דאן האָבן די נשים און די מחותנתטעס און נאָענטע קרובות זיך ארײַנגעשטופּט אין דער מענערשער סאליע צו זען דעם הייליקן טאנץ.

ווער עס האָט ניט געזען ווי אזוי מען האָט געטאנצט דאָס מצוה טענצל אויף יענער חתונה, דער האָט נאָך אין זײַן לעבן ניט געזען וואָס עס מײנט שמחה של מצוה... א גאנצע נאכט ביז נץ החמה, האָט דער גרויסער געקליבענער עולם, רבנים, חסידים, ואנשי מעשה געטאנצט און געזינגען שירות ותשבחות, גערעדט דברי תורה און דערציילט סיפורים פון גוטע יידן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איטלעכן אָוונט זײַנען געפּראוועט געוואָרן שבע ברכות מיט פנים חדשות. דאָס הויז פון ר׳ משה חלפן איז א גאנצע וואָך פארוואנדלט געוואָרען אין א טאנצנדיקן פּאלאַץ.

רבנים און חסידים, נגידים און אדירים, פון ווארשע און פון דער סביבה, זײַנען געקומען צו שבע ברכות; לומדים זײַנען געקומען זען עין בעין דעם גרויסן עילוי און הערן זײַנע חידושי תורה: אָרעמע לייט און קאליקעס האָבן אלע שבעת ימי משתה געגעסן צו דער זאט. זיי האָבן מיטגעבראכט זייערע כלים אהיימצונעמען בראָט־יויך, העלדזלעך, פּופּעקלעך און דאָס איבערבלייב פון די סעודות, שטיקער קארפּ און העכט, שלייען און געהאקטע הערינג, גאנצע און אָנגעשניטענע חלות און קוילעטשן, האָניק לעקעך און אייער קיכלעך, מאקאראָנען און טאָרטן, אייער בייגל און שטיקלעך שטראָדל — ווײַל איטלעכן טאָג האָט מען צוגעגרייט פריש געבעקס.

די מחותנתטע האָט נאָך איטלעכן דערלאנגט צו עטלעכע מטבעות און אָנגעוואונטשן זיי זאָלן אויך חתונה מאכן קינדער ביד הרחבה.

און די ברכות פון די אָרעמע לייט האָבן אָנגעפילט די רייכע היים פון ר׳ משה חלפן.

פון דער גרויסער חתונה האָט מען גערעדט ניט בלויז אין ווארשע און אין פראגע נאָר אין גאנץ פוילן האָט מען געהאלטן אין איין דערציילן וועגן דעם לומדישן חתן און דעם אדירישן מחותן.

טאטע־מאמע האָבן זיך געוואונטשן זיי זאָלן זוכה זיין צו האָבן אַזעלכע קינדער און קאָנען פראווען אזעלכע שטייגער נגידישע און חסידישע חתונות...

קאפיטל צען

# קאָזשניצער קעסט

ר׳ משה חלפן האָט געדענקט זיין הבטחה צום מגיד, אז נאָך דער חתונה זאָל דאָס פּאָר־פאָלק עסן קעסט אין קאָזשניץ. האָט ער געדונגען א גרויסע בויד און אריבערגעפירט חתן־כלה צום מגיד. ער האָט מיטגענומען פון כל־טוב: בגדי חול און בגדי שבת, טייערע וויין, יין ישן, דער מגיד זאָל הנאה האָבן.

קומענדיק קיין קאָזשניץ, האָט דער מגיד זיך זייער דערפרייט, אָפּגעגעבן פאר זיי א חדר מיוחד און צוגעזאָגט דעם מחותן, אז ער וועט אויף זיי אכטונג געבן עס זאָל זיי פון גאָרנישט ניט פעלן.

ר׳ איטשע מאיר האָט יומם ולילה עוסק געווען אין תורה ועבודה, אלע ספקות און שווערע סוגיות האָט ער געפרעגט דעם הייליקן מגיד, ווייל ווי ס׳איז ידוע, איז דער מגיד געווען א גרויסער גאון אין לערנען און קיין זאך אין תורה איז פון אים ניט געווען פארהוילן.

דעם מגידס הויז איז תמיד געווען א רשות־הרבים. עס פלעגן אָנפאָרן חסידים פון נאָענט און פון ווייט, א חוץ רעם פלעגן שטאָטישע בעלי־הבתים תמיד קומען זיך שואל עצה זיין מיט אים אין שטאָטישע ענינים, פריצים און סתם גויים פלעגן אויך קומען ווען זיי זיינען געווען אין צרה.

דער מגיד האָט אָבער אָנגעזאָגט ניט מטריח צו זיין ר׳ איטשע מאירן און אים ניט מבטל זיין פון זיינע שיעורים, ווייל ער לערנט תורה לשמה

און איין רגע ביטול תורה פון אזא שטייגער יונגערמאַן, וועלכער לערנט בקדושה ובטהרה, קאָן מען מיט קיין גאָלד ניט באצאָלן...

איז אָבער געקומען קיין קאָזשניץ א למדן, א נסתר, א גוטער־ייד און א בעל מדריגה, דאן האָט ער בפירוש געבעטן ר׳ איטשע מאירן ער זאָל זיך מיט יענע אורחים משתעשע זיין אין לערנען.

און אזעלכע גדולים פלעגן קומען קיין קאָזשניץ זייער אָפט. אויך פון זיי האָט דער פוילישער עילוי געלערנט און געהערט הויכע ענינים און פארבאָרגענע סודות התורה.

ר׳ משה חלפן, זיין שווער, האָט אָבער ניט געקאָנט אויסהאלטן פון בענקשאפט. זיינע מסחרים זיינען אים ניט געלעגן אין זינען. ער האָט געוואוסט וואָס פאר א שטייגער איידעם ער האָט, ער איז געווען אויך אים א מבין, ווייל א חוץ זיין עשירות און נגידישאפט, איז ער אויך געווען א גרויסער למדן און א פלאמיקער חסיד. אויב השם יתברך האָט אים שוין יאָ געהאָלפען מיט אזא שטייגער איידעם, וועלכער זיצט יומם ולילה על התורה ועל העבודה, פארוואָס זאָל ער זיך ניט געפינען ביי אים אין הויז?..

ווארשע איז דאָך אן עיר ואם בישראל, מיט גרויסע לומדים און חסידים. דאָרטן וועט ער האָבן א סביבה פון שארפע יונגעלייט און אין קאָזשניץ זיצט ער אָפּגעשלאָסן אין זיין חדר; זיין רייכע היים וועט ווערן א בית ועד לחכמים, דער אור תורה וועט פארלייכטן זיין נגידישאפט.

אזוי איז ארומגעגאנגען ר׳ משה חלפן פארטראכט און פארבענקט, ביז ער האָט באשלאָסן אריבעצוכאפּן זיך קיין קאָזשניץ און מגלה זיין פארן מגיד זיינע רעיונות...

ער שיקט רופן זיין קוטשער, וועלכער פלעגט אים תמיד פירן אין די פריצישע הויפן, און בעט ביי אים, אז מאָרגן באלד אינדערפרי, זאָל ער זיין גרייט מיט צווי פון זיינע שטארקע סוסים, ווייל ער וויל מאכן א נסיעה קיין קאָזשניץ.

די נסיעה איז געווען א שווערע. די פוילישע וועגן וועלכע האָבן געפירט קיין קאָזשניץ זיינען געווען פול מיט לעכער. דער רעגנדיקער טאָג האָט נאָך מער באשווערט די נסיעה. פארנאכט איז געשען א שטיקל תקלה — א ראָד איז צעבראָכן געוואָרן... די בלאָטעס זיינען געווען גרויס, אָט־אָט פאלט צו די נאכט און צו דער נאָענטסטער קרעטשמע איז נאָך א מהלך פון א פיר ווערסט.

ר׳ משה חלפן פארלירט זיך ניט. ער רוקט אריין דעם ערל א זילבערנעם קערבל און זאָגט צו אים: לויף שנעל צו דער קרעטשמע און זאָג יענעם יידן, אז איך, משה ליפשיץ, פון ווארשע, בין געבליבן שטעקן אין מיטן וועג, וועט ער גלייך שיקן זיין פערד און וואָגן מיט א ראָד און אונדז ארויסשלעפן פון דעם זומפּ.

דעם ערלס אויגן האָבן געפינקלט פון פרייד — טרינק געלט א גאנצן רובל!.. ער לויפט שנעל און ווערט פארשוואונדן אין דער ווייטקייט פון די פוילישע וועלדער.

ר׳ משה חלפן טוט זיך אָן דעם גארטל און שטעלט זיך דאוונען מנחה. טרערן רינען פון זיינע אויגן. ער דאוונט מיט גרויס כוונה. מיט זיינע תנועות און באוועגונגען פארטרייבט ער אלע רעיונות און זייטיקע געדאנקען, וועלכע מאטערן אים. ערשט נאָכן דאוונען פארטראכט ער זיך. ווער ווייסט צי דאָס איז ניט אמאָל אן עונש מן השמים? ער וויל דאָך אהיימנעמען דאָס פאָר־פאָלק פונם מגידס הויז — אפשר ליגט אין דעם א שמץ ניט־ערליכקייט, ווייל ער וויל זיך באווייזן פאר מענטשן מיט זיין טייערן אוצר?

זיינע רעיונות אנטלויפן גיך צוליב דעם אָנקומען פון א פערד און וואָגן. ער מאכט זיך קוראזש און וויל פארגעסן דעם דאָזיקן רעיון.

אָט קומט אָן זיין ערל. דער יידישער בעל הקרעטשמע האָט מיטגעשיקט נאָך צוויי ערלים זיי זאָלן העלפן אָנטאָן דעם ראָד און העלפן ארויסשלעפן דעם ווארשעווער נגידס קאָטש פון דעם זומפּ.

די דריי ערלים נעמען זיך צו דער עבודה, ר׳ משה חלפן לייגט אויך צו א האנט. זיי מאכן עס שנעל, ווי געניטע ארבעטער וואָס ווייסן שוין פון אזעלכע צרות. ר׳ משה דערלאנגט איטלעכן ערל צו עטלעכע גילדן, זיי פארנייגן זיך טיף, ציען אראָפּ זייערע קאשקעטן מיט די גלאנציקע דאשקעס און דאנקען דעם יידישן פריץ פאר זיין נדיבות.

ווען ר׳ משה חלפן איז אָנגעקומען קיין קאָזשניץ, איז דאָס שטעטל געזונקען אין טיפן שלאָף. ער איז פארפאָרן צום מגידס געסל, אָפּגעשטעלט זיך עטלעכע הייזער אוועק פונם מגידס בית המדרש, כדי ניט אופצוואוועקן עמיצן פון שלאָף.

אין מגידס הויז איז אָבער קיינער ניט געשלאָפן... דאָרטן לייגט מען זיך ניט שלאָפן „כל זמן די פיס טראָגן נאָך דעם גוף״.

דורך א שפּארע האָט ר׳ משה חלפן אריינגעקוקט דורך די מיט ווייסע

פאַרהענגלעך פאַרהאנגענע פענצטער. ער דערזעט ווי זיין איידעם, איטשע מאיר, זיצט פאַרטראַכט אין א שווערער סוגיא. זיין האַרץ ציטערט און פלאַטערט פון תענוג. ער קאָן ניט באַשליסן: זאָל ער אַריינגיין אָדער בעסער וואַרטן ביז אינדערפרי?

ער גייט צוריק, זעצט זיך אַריין אין דער קאַטש און כאַפּט א דרעמל.

אַרום פיר פאַרטאָג באַשליסט ער צו כאַפּן א קוק אין קאָזשניצער שטאַטישן בית המדרש. דאָרטן זיצן שוין זקנים וועַר איבער א תהלימל און ווער איבער א משניות — קיינער קוקט זיך אפילו ניט אום ווען דער אורח אין די רייכע בגדים איז אַריינגעקומען.

ר׳ משה, זייענדיק א חסיד וועלכער פלעגט זיך טובל זיין פאַרן דאַווגען, פרעגט דעם משמש צי די מקוה איז שוין אָפן. ענטפערט דער שמש: ר׳ איטשע מאירל, דעם וואַרשעווער נגידס איידעם, וועלכער עסט קעסט ביי דעם מגיד, קומט אַלע טאָג, ווען ס׳איז נאָך שטאָק פינצטער, זיך טובל זיין...

ר׳ משה הערט די ווערטער פונם תמימותדיקן משמש פון שטאַטישן בית־המדרש, און האָט פון זיינע רייד א שטאַרקע הנאה...

דערנעענטערנדיק זיך צום בנין פון דער מקוה, הערט ר׳ משה חלפן טריט פון א מענטשן. ער בלייבט שטיין א רגע און דערקענט זיין איידעם.

ביידע זיינען זיך משמח, אָבער קיינער פון זיי רעדט ניט קיין וואָרט פון גרויס התפעלות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ר׳ משה חלפן בעט זיך ביים מגיד ער זאָל אים מוחל זיין די הבטחה, אַז דאָס פּאָר־פאָלק זאָל עסן קעסט אין קאָזשניץ. ער גייט אויס פון בענקשאַפט, ער קען זיך קיין מקום ניט געפינען, זיין קאָפּ ליגט אים ניט מער אין די מסחרים, ער קאָן ניט מער מצמצם זיין זיינע חושים, ער וויל אהיימנעמען דאָס פּאָר־פאָלק זיי זאָלן עסן קעסט ביי אים אין הויז...

מיין זוגתי, — האָט ר׳ משה חלפן צוגעגעבן, — וויינט טאָג און נאַכט. זי בענקט נאָך דער טאָכטער, זי וועט האָבן אין וואַרשע פון כל־טוב.

דער קאָזשניצער מגיד האָט לכתחילה געהאַלטן אַז דאָס פּאָר־פאָלק

זאָל נאָך פאַרבלייבן אונטער זיין השגחה. ער האָט צוגעזאָגט אז ער וועט אויף זיי אכטונג געבן ווי אויף אייגענע קינדער.

ר׳ משה חלפן האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט אז ער מוז אהיימנעמען דעם איידעם מיט דער טאָכטער און ער וועט אכטונג געבן אז ער זאָל חס ושלום ניט מבטל זיין פון זיין לערנען, און ער וועט זיך נוהג זיין ווי אין קאָזשניץ.

דער מגיד האָט מער ניט געוואָלט מפציר זיין. ער האָט זיי געגעבן א ברכה און זיי געבעטן פון צייט צו צייט קומען אים זען.

קודם הנסיעה האָט ער זיך מייחד געווען מיט ר׳ איטשע מאירן, אים אָנגעזאָגט ווי אזוי ער זאָל זיך נוהג זיין ווען ער וועט זיך טרעפן מיט די ווארשעווער לומדים, חס ושלום ניט ארויסווייזן קיין שום סימן פון נצחון בשעת ער וועט באווייזן, אז ער איז גערעכט און ער זאָגט דעם אמתן פשט אין ש״ס אָדער אין די רייד פון א ראשון...

נאָכן עסן קעסט אין קאָזשניץ דריי חדשים צייט, איז ר׳ איטשע מאיר געקומען קיין ווארשע. זיין נגידישער שווער האָט אים געגעבן א גרויסע דירה אין זיין רייכער היים, אים באזאָרגט מיט אלע ספרים און אלע אנדערע הצטרכותן.

צווישן די ווארשעווער לומדים האָט זיך שנעל פארשפרייט די ידיעה, אז ר׳ משה חלפן האָט אהיימגעבראכט זיין עילויישן איידעם. איטלעכער גדול בתורה וועלכער פלעגט אהין קומען כאפּן א שמועס מיט זיין איידעם, האָט ר׳ משה פון דעם שטארק הנאה געהאט, כאָטש עס האָט אים פריער אויך ניט געפעלט קיין כבוד, איז אָבער דער כבוד ביי אים געשטאנען פיל העכער, ווייל וואָס איז דאָס פאר א פארגלייך כבוד צוליב עשירות ביז כבוד צוליב תורה?

אין פוילן האָט דאן געשמט איינער פון די גרעסטע גאונים אין יעדער צייט, ר׳ אריה לייב צינץ, פּלאָצקער רב. גערופן האָט מען אים ר׳ לייבוש חריף, צוליב זיין חריפות און גאונות. שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין פּראגע לעבן ווארשע.

ר׳ איטשע מאיר האָט זיך שטארק געהאלטן ביים דאָזיקן גאון. פון אים האָט ער געהאט וואָס צו לערנען.

איינמאָל איז ר׳ לייבוש חריף געזעסן און געלערנט מיט די ווארשעווער לומדים און ר׳ איטשע מאיר איז אויך געווען צווישן זיי. ער האָט

באמערקט ווי אין ר׳ לייבוש חריפס גמרא פעלט א בלאט. צוליב זיין חריפות האָט ר׳ לייבוש פאַרפלאָכטן דעם סדר און פארבונדן די ענינים ווי עס וואָלט גאַרנישט ניט געפעלט קיין דף אין דער גמרא.

פון יענעם טאָג אָן האָט ר׳ איטשע מאירל אויפגעהערט צו קומען צו זיינע שיעורים...

אין יענער צייט האָט זיך די שיטה פון חסידות פארשפרייט אין פוילן דער מדינה און ביסלעכווייז אויך אָנגעהויבן אריינדרינגען אין דער לומדישער און מתנגדישער ווארשע.

דריי גרויסע חסידישע רביים האָבן פארשפרייט דעם בעל־שם־טובס שיטה אין פוילן. דער קאָזשניצער מגיד ר׳ ישראל בר׳ שבתי האָפשטיין, דער „חוזה" פון לובלין ר׳ יעקב יצחק הורוויץ און דער „ייד הקדוש" פון פשיסכא, ר׳ יעקב יצחק ראבינאָוויטש, זכר כולם לברכה.

אין ווארשע האָבן געוואוינט חסידים פון די אלע דריי גרויסע גוטע־יידן. זיי האָבן געהאט באזונדערע שטיבלעך צום דאווענען און זיך נוהג געווען ווי אין זייערע רבישע הויפן.

דער מתנגדישער און לומדישער עולם האָט אָבער געקוקט מיט ביטול צו דעם חסידישן שטייגער. קיין רדיפות ווי אין די צייטן פון ווילנער גאון און פון ר׳ שניאור זלמן פון ליאדי, דער בעל התניא, זיינען אין ווארשע ניט געווען. עס איז געווען א שטילע התנגדות און ביטול, ווייל סיי די לומדים און סיי די מתנגדים פון המון עם האָבן געהערט, אז די גדולי החסידות, די פוילישע רביים, זענען א חוץ חסידישע מנהיגים, אויך גרויסע גאונים אין תורת הנגלה. זיינען זיי קיין חסידים ניט געוואָרן, אָבער פון פירן מחלוקתן האָבן זיי זיך אויך צוריקגעהאלטן...

ווען ר׳ איטשע מאיר איז געקומען קיין ווארשע און אלע לומדים זיינען נתפעל געוואָרן פון זיין חריפות און גדלות, און אלע האָבן אים מפליא געווען, האָט ער גלייכצייטיק אויך דערהויבן דאָס חשיבות פון חסידות. סיי די חסידים פון קאָזשניץ און פשיסכא און סיי די חסידים פונם „חוזה" פון לובלין, האָבן זיך געפילט שטארקער און פעסטער ווען זיי האָבן געהאט צו ווייזן די מתנגדישע לומדים, אז א חסיד קאָן אויך לערנען...

אין דער שטאָט ליסא, ניט ווייט פון פויזנא, האָט דאן מרביץ תורה געווען דער גאון ר׳ יעקב לורבערבוים, דער בעל „חוות דעת". לומדים פון מדינת פוילן און פון אשכנז זיינען געווען זיינע תלמידים. ר׳ פייוועלע גריצער, רב אין גריצא, מאקעווע און גאָמבין, און ר׳ אלכסנדר זושא, רב אין

שעדלעץ און פלאָצק. קומענדיק אהיים פון דער אשכנזישער ליסא קיין ווארשע, האָבן זיי געהערט פונם ווארשעווער עילוי, ר׳ איטשע מאיר, האָבן זיי זיך געחברט מיט אים און זיינען אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער חסידישער שיטה, געפאָרן קיין לובלין צום „חוזה״ און געוואָרן פון זיינע שארפע חסידים.

זייער השפעה האָט געווירקט אויף איטשע מאירן ביז ער איז איינמאָל מיטגעפאָרן מיט זיי קיין לובלין. דער „חוזה״ האָט אים שטארק מקרב געווען און פאָרויסגעזאָגט אז ער וועט פארשיינען די יידישע וועלט מיט תורה און חסידות.

די דאָזיקע חבריא האָט צו זיך צוגעצויגן די בעסטע און שענסטע יונגעלייט פון ווארשע. זיי האָבן משפיע געווען מיט זייער תורה און עבודה ביז ווארשע איז געוואָרן א גרויסע און שטארקע פעסטונג פאר דער שיטה פון חסידות.

כאָטש ר׳ איטשע מאיר איז געווען ביים „חוזה״ און אים תמיד שטארק מפליא געווען, פאר זיין הויפט־רבין האָט ער אָבער געהאלטן דעם קאָזשניצער מגיד. דאָרטן איז ער דערצויגן געוואָרן און באקומען זיין הדרכה און השתלמות; דאָרטן, אין קאָזשניץ, איז ער נתגלה געוואָרן. דער מגיד האָט אים מגלה געווען אי דעם דרך הנגלה און אי דעם דרך הנסתר. ער איז געווען זיין רבי מובהק...

קאפיטל עלף

## דער ייד הקדוש

דריי בארימטע גוטע־יידן האָבן אין יענער צייט פארטיפט דאָס חסידות און פארשפרייט דעם בעל שם טובס שיטה אין פוילן.

דער חוזה פון לובלין, ר׳ יעקב יצחק הורוויץ; דער מגיד פון קאָזשניץ, ר׳ ישראל האָפשטיין, און דער ייד הקדוש, ר׳ יעקב ראבינאָוויטש פון פשיסכא זכר כולם לברכה.

וועגן קאָזשניצער מגיד האָבן מיר געשריבן באריכות אין די פאָריקע קאפיטלעך, ווייל די גרעסטע השפעה אויף דעם גערער רבין ר׳ איטשע־מאירן, האָט געהאט טאקע דער מגיד. ער האָט צוזאמענגעבראכט און געשדכנט זיין טאטע־מאמע און זיי געבענטשט מיט א זון וועלכער וועט האָבן א הויכע נשמה,

וועלכע איז שוין אויף דעם עולם ניט געווען פאר הונדערטער יאָרן. ביים מגיד האָט ר׳ איטשע מאיר געלערנט נגלה און נסתר, דאָרטן איז ער נתגדל געוואָרן און איז אויסגעוואקסן א ריז אין תורה.

דער ייד הקדוש האָט אָבער אויך געהאט א גרויסע ווירקונג און א הייליקע השפעה אויפן װארשעווער עילוי.

ווען דער ייד הקדוש איז געווען אין קאָזשניץ, האָט צו אים דער מגיד געזאָגט, אַז ער וועט אים ווייזן אַ גרויס חידוש... ער האָט אריינגערופן דעם פיר יאָרקן איטשע מאירל און געבעטן דעם ייד הקדוש ער זאָל אים פרעגן א שווער שטיקל גמרא.

דער ייד הקדוש איז נתפעל געוואָרן פון זיין שארפן מוח און פלינקער תפיסה, האָט ער אים איינגערוימט אין אויער: איטשע מאירל, ביי מיר וועסטו אמאָל לערנען...

פון יענעם טאָג אָן ביז ר׳ איטשע מאיר, האָט שפעטער שוין זייענדיק אויף קעסט ביי זיין שווער דעם גרויסן ווארשעווער נגיד, ר׳ משה חלפן, תמיד געהאט א השתוקקות און אינערלעכן באגער צו פאָרן קיין פשיסכא צום ייד הקדוש.

זיין פאָטער, ר׳ ישראל ראָטענבערג, דער מאגנישעווער רב, און זיין שווער, ר׳ משה חלפן, האָבן אים אָפּגעהאלטן פון דער נסיעה.

זיין גאנץ לעבן האָט דער ערשטער גערער רבי חרטה געהאט און עס האָט אים באנג געטאָן פארוואָס מען האָט אים ניט געלאָזט פאָרן קיין פשיסכא צום ייד הקדוש.

מילא, מיין טאטן מוז איך מוחל זיין צוליב כיבוד אב. אָבער מיין שווער קאָן איך עס ניט מוחל זיין... אזוי פלעגט זאָגן ר׳ איטשע מאיר.

אויף די עלטערע יאָרן ווען זיין שווער, ר׳ משה חלפן, איז געוואָרן לא עלינו א יורד מנכסיו, ער האָט פארלוירן זיין גאנץ פארמעגן און געהאט פון דעם צער און בושה, האָט ר׳ איטשע מאיר תולה געווען, אז דאָס איז אים געקומען אלס עונש מן השמים, ווייל ער האָט אים מונע געווען צו פאָרן צום ייד קדוש קיין פשיסכא...

פארוואָס האָבן זיי טאקע מונע געווען ר׳ איטשע מאירן ער זאָל פאָרן קיין פשיסכא צום ייד הקדוש?

די סיבות זיינען געווען פאָלגנדיקע: ווי ס׳איז ידוע צו די קענער פון חסידות, זיינען די דרכים פון די דריי גרויסע גוטע יידן אין פוילן געווען פארשיידנארטיק.

דער רבי פון לובלין, דער חוזה, איז געווען א גרויסער בעל מופת. ער האָט געהיילט חולאים, פוקד געווען עקרות, געהאָלפן יידן אין זייערע פרנסות, מיט ברכות און מיט געלט, זיינען צו אים אָנגעלאָפן אין די טויזנטער אלמנות און יתומים, פארשולדיקטע, פארבאָרגטע מיט חובות איבערן קאָפּ, געדרודפטע יידן פון די דערפער וועלכע זיינען געיאָגט און געפּלאָגט געוואָרן פון פריצים און זייערע משרתים, צוליבן ניט באצאָלן אין צייט פאר דער פאכט, אָדער קרעטשמע. צרות האָבן בכלל ניט געפעלט אין פוילן. ווער עס האָט געהאַט אמונה איז געלאָפן צום רבין פון לובלין. ער איז געווען א הייליקער ייד, אים האָט דער רבי אלימלך אוועקגעגעבן ירושה זיינע ליכטיקע אויגן, דעריבער האָט די וועלט אים גרופן דער חוזה, דער זעער. זיין השפעה איז געווען גוואלדיק גרויס. ער איז געווען דער רבי פון כמעט אלע רביים אין פוילן און גאליציע. ער האָט געשמט אין דער גאנצער חסידישער וועלט, ער האָט געהאט דאָס גרעסטע פאָרעכץ, פון אלע עקן פוילן האָט מען געשטראָמט קיין לובלין צום חוזה.

ר׳ איטשע מאירס טאטע, דער מאגנישעווער רב, איז ווידער געווען א שטארקער נאמן אין קאָזשניץ. ער האָט באטראכט דעם מגיד פאר א קדוש מרחם, פאר א גאון עצום, א בעל רוח הקודש, שכינה מדברת מתוך גרונו. דעריבער האָט ער ניט געקאָנט מסכים זיין אז זיין בן יחיד, וועמען דער מגיד האָט אויסגעבעטן און אים אראָפּגעבראכט אזא הויכע נשמה, אז ער זאָל פאָרן קיין פּשיסכא צום ייד הקדוש...

פארוואָס האָט דעם ערשטן גערער רבין, ר׳ איטשע מאירן, אזוי שטארק געצויגן צו פאָרן קיין פּשיסכא צו ייד הקדוש?

דאָס דאָזיקע צו דערקלערן מוז מען זיך קודם כל באקענען מיטן ייד הקדוש. דאן ערשט וועט קלאָר ווערן די גרויסע תשוקה וואָס דער יונגער ווארשעווער עילוי האָט געהאַט צו פאָרן קיין פּשיסכא.

ר׳ יעקב יצחק ראבינאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין פּשעדבאָרזש, האָט געלערנט ביי די גרעסטע לומדים אין פוילן. ער איז געווען א גרויסער חריף און בקי אין דער גאנצער תורה. אלע גדולים האָבן באוואונדערט זיין עילויישן קאָפּ. שפּעטער האָט ער זיך באקענט מיט חסידים, דער דרך האָט אים געפאנגען גענומען. ער איז געווען א תלמיד מובהק פונם רבין פון לובלין, דעם חוזה.

זייענדיק א שארפער, פארנומענער מוח, א גרויסער מפלפל און עמקן, האָבן ארום אים זיך געהאלטן די שארפע יונגע־לייט, וועלכע זיינען געקומען קיין לובלין.

דער חוזה איז געווען פארנומען מיטן המון עם חסידים, מיט נסים און מופתים, מיט רפואות און סגולות, מיט קליינע געלט פאר פדיון שבויים, האָט ער זיך פשוט ניט געקענט אָפּגעבן מיט די שאַרפע יונגעלייט וועלכע זיינען געקומען קיין לובלין צו לערנען און ניט צו זוכן מופתים אָדער סגולות... זיי האָבן ניט געפילט קיין דחקות אין גשמיות. נאָר שלימות האָבן זיי געזוכט, שלימות אין רוחניות...

דער חוזה האָט זיי געשיקט צו ר' יעקב יצחקן, זיי זאָלן זיך מיט אים חברן און פון אים לערנען נגלה און נסתר.

אזוי א נאָך האָבן די עילויים, די שאַרפע קעפּ פון חסידישן עולם געקלעפּט ארום זייער יונגן, ניט אָפיציעלן רבין.

א חוץ וואָס ר' יעקב יצחק פּשעדבאָרזשער איז געווען א גרויסער למדן, איז ער אויך געווען א קדוש וטהור. ער האָט עוסק געווען אין תעניתים און אין סגופים; ער איז געווען אויסגעטאָן פון עולם הזה. ניט בחינם האָט די חסידישע וועלט אים גערופן דער „ייד הקדוש", ווייל איטלעכן טאָג איז ער נתעלה געוואָרן העכער און העכער, ער איז אזוי געשטיגן איטלעכן טאָג פון מדריגה צו מדריגה מיט אזא חילוק ווי ס'איז פון א גוי ביז א יידן...

אזא שטייגער בעל מדריגה האָט ניט געקאָנט סובל זיין דאָס המון־עמישע חסידות. דער עולם קומט בעטן פרנסה, קינדער, שידוכים, וואָס פארנעמען זיי די צייט און חושים פונם רבין פון לובלין? פארוואָס שלעפּן זיי אים אראָפּ פון דער הויכער הויכקייט צו גשמיותדיקע פארלאַנגען?..

וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט צוזאמענגענומען די עילויים, די שאַרפע מוחות, די וועלכע זוכן ניט קיין גשמיותדיקע הנאות און איז אוועק פון לובלין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אפילו דערנאָך האָט ער אַלץ געהאַלטן דעם רבין פון לובלין פאר זיין רבי מובהק, נאָר דער שטן האָט זיך דאָ פארפּלאָנטערט און אָנגעמאכט א ברוגז צווישן ייד הקדוש און דעם רבין פון לובלין. מען האָט אָפּגעטראָגן לשון הרע און רכילותן, און ס'איז געוואָרן א פירוד...

דערציילן חסידים, אז דער בעל לשון הרע, וועלכער האָט געבראַכט דאָס רכילות צום חוזה, האָט דער יצר הרע אָפּגעהיט פערציק יאָר ער זאָל ניט נכשל

ווערן אין לשון הרע... ווייל ווען דער רכילות ברענגער וואָלט אמאָל אין זיין לעבן געהאט גערעדט א לשון הרע אָדער רכילות, וואָלט שוין דער הייליקער חוזה דאָס דערפילט און וואָלט פון אים ניט מקבל געווען קיין מלשינות אויפן ייד הקדוש...

וואָס איז שוין דאָ דער חידוש, וואָס ר׳ איטשע מאירן, דעם עילוי, דעם קדוש מרחם, דעם גרויסן חריף און שארפן מוח, האָט געצויגן צו פאָרן קיין פשיסכא צום ייד הקדוש? דאָרטן האָט ער דערפילט איז זיין שורש נשמה, דאָרטן איז זיין סביבה, דאָרטן וועט ער געפינען זיין גלייכן...

דעם טאטן זיינעם, האָט ער געמוזט מוחל זיין, פאָרן ניט לאָזן אים פאָרן קיין פשיסכא — כיבוד אָב. אָבער אויפן שווער האָט ער געטראָגן אין הארצן א תרעומות...

ער האָט זיך אָבער געהאלטן פאר א תלמיד פון ייד הקדוש, כאָטש ער איז צו אים ניט געפאָרן... תמיד האָט ר׳ איטשע מאיר אים מפליא געווען און געזאָגט אויף אים גדולות...

פונקט ווי רבי עקיבא, איז געווען אן עילוי צווישן די תנאים, אזוי אין דער ייד הקדוש געווען אן עילוי צווישן די גוטע יידן...

דער ייד הקדוש איז געווען א שבולת זהב, א גאָלדענע זאנג. ווייל א געוויינלעכע זאנג האָט ווייץ, פלעוועס און שטרוי, א גאָלדענע זאנג איז אינגאנצן גאָלד...

ר׳ איטשע מאיר האָט אבאָל געזאָגט דעם ווארשעווער רב, ר׳ בעריש מייזלס, אז ער גלויבט באמונה שלימה ווען דער ייד הקדוש האָט אָנגעצונדן זיין ליולקע האָט ער מכוון געווען די זעלבע כוונות וואָס דער כהן הגדול האָט מכוון געווען לפני ולפנים, בשעת ער האָט מקטיר געווען דאָס קטורת...

דער ייד הקדוש, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, האָט זיך שטארק מסגף געווען: געפאסט תעניתים און אָפגעצערט דעם גוף, כאָטש ער איז נאָך געווען א יונגער מענטש, דאָך האָט ער כמעט ווי ניט געהאט קיין ציין אין מויל.

אמאָל האָט דער ערשטער גערער רבי, ר׳ איטשע מאיר, א זאָג געטאָן צום עולם: די וועלט האָט א טעות ווען זי זאָגט, אז דעריבער האָט דער ייד הקדוש ניט געהאט קיין צאָן אין מויל, ווייל ער האָט כסדר געפאסט און זיך מסגף געווען. ס׳איז ניט אמת אזוי. ווען דער ייד הקדוש האָט ארויסגעזאָגט די ווערטער: „ברוך אתה השם" איז אויף אים געפאלן אזא פחד, אז אלע ציין זיינען אים פאר מורא ארויסגעפאלן.

אזא הערצה און פארערונג האָט געהאט דער ערשטער גערער רבי, ר׳ איטשע מאיר, צום ייד הקדוש פון פשיסכא, ווייל ער האָט געהאַט אַ גרויסן כוח המושך, קעסט־יונגעלייט וועלכע האָבן ניט געהאט קיין דאגות פרנסה, האָבן זיך געצויגן קיין פשיסכא, דאָרטן האָבן זיי געטראָפן זייער גלייכן: לומדים, מופלגים, בעלי מחשבה — אָפּגעהיט אפילו מיט א תנועה.

דער ייד הקדוש האָט ניט באוויזן קיין מופתים פארן המון עם. ער האָט ניט געגעבן קיין סגולות און רפואות. ער האָט מעמיק געווען דעם ענין חסידות, ער האָט געהאלטען אז חסידות איז נאָר פאר יחידי סגולה, פאר בני עליה און ניט פארן המון עם.

די גרויסע גוטע יידן פון גאליציע האָבן אָנגעהויבן קריגן אויף דעם ייד הקדושס שיטה. זיי האָבן געהאלטן אז דאָס איז ניט געווען דעם בעל שם טובס דרך.

דער ייד הקדוש זאָל האָלן אמאָל א זאָג געטאָן: אויב חסידות מיינט געבן סגולות און באוויזן מופתים, איז גלייכער מען זאָל צעלאָזן דאָס גאנצע חדר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ר׳ מענדעלע רימאנאָווער, איינער פון די גרעסטע גוטע יידן אין גאליציע, און ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, וועלכער איז באקאנט געווען אין דער חסידישער וועלט מיט זיין גדלות אין תורה, אין קדושה און אין פקחות, זיינען געווען איבערגעגעבענע אָנהענגער פונם רבין פון לובלין. זיי האָבן געהאלטן פאר א חילול כבוד הרב, וואָס דער ייד הקדוש האָט פארלאָזן דעם חוזה און אָנגעהויבן פראווען ראביסטווא אין פשיסכא און דערצו האָבן זיי ניט מסכים געווען מיט דער נייער שיטה פונם ייד הקדוש.

פערציק פוילישע מייל איז געפאָרן דער ייד הקדוש איבער מערב גאליציע קיין רימאנאָוו צום רבין ר׳ מענדעלע זצ״ל. ער האָט געוואָלט דערקלערן און מסביר זיין זיין שיטה כדי עס זאָל ווערן שלום צווישן די חסידים אליין.

די דאָזיקע נסיעה איבער גאליציע האָט געמאכט א שטארקן רושם. פון אלע שטעטלעך און דערפער זיינען ארויסגעקומען אלע יידן מקבל פנים זיין דעם פוילישן רבין, וועלכער האָט זוכה געווען גרופן צו ווערן „ייד הקדוש״. אלטע לייט און בחורים, חדר יינגלעך און סתם יידן האָבן באלאגערט די

וועגן — אלע האָבן זיי געוואָלט זען דעם נאָך יונגען פּוילישן רבין אויף וועמען די גאַליצישע גוטע יידן קריגן אזוי.

מיר טאָרן ניט פארגעסן אז אין יענע צייטן זיינען נאָך געווען דער רוב יידן אין די שטעטלעך מתנגדים און קעגנער פון חסידות בכלל. זיי האָבן זיך אלץ געהאלטן מיט חרם און ביטול צו דער חסידישער כת, אָבער דאָ האָבן זיי אלץ פארגעסן — אלע זיינען זיי ארויס צו זען דעם ייד הקדוש.

אָנקומענדיק קיין רימנאָוו, זיינען אלע יידן ארויס אים מקבל פנים זיין. א מייל פון שטאָט זיינען די וועגן געווען פול מיט מענטשן און וועגענער אויף וועלכע עס זיינען געזעסן זקנים און פיצלעך קינדער.

דעם רבין ר׳ מענדעלעס א יינגל, דער זעקס יאָריקער נתן לייב, איז אריינגעלאָפן מיט גרויס התפעלות צום פאָטער און געזאָגט: טאטע, זאָלסט וויסן משיח איז געקומען!...

דער אלטער רימאנאָווער רבי איז ארויסגעגאנגען מקבל פנים זיין דעם יונגן פּוילישן גוטן יידן, וועלכער האָט פארלאָזן דעם חוזה און אריין אָנגעהויבן פירן אן עדה יידן.

ווען דער רבי ר׳ מענדעלע רימאנאָווער האָט דערזען אזא ריזיקן עולם, ממש די גאנצע שטאָט איז ארויס צום קבלת־פנים, זאָל ער זיך האָבן אָנגעכאפּט ביי דער באָרד און געזאָגט: ווי צו די אויגן וואָס זען דאָס...

ר׳ איטשע מאיר איז געווען א גרויסער סבלן, מען האָט קיינמאָל ניט געהערט פון זיין מויל א דיבור קל אויף אימעצן. אלעמען האָט ער מכבד געווען און מקבל געווען בסבר פנים יפות, סיי חסידים און סיי מתנגדים, וועלכע האָבן מבטל געווען דעם חסידישן דרך. ער האָט אָבער ניט געקאָנט שלום מאכן מיט יענע צדיקים וועלכע האָבן גערודפט דעם ייד הקדוש.

איינמאָל, דערציילט ער, זייענדיק אונטערוועגנס, האָב איך געטראָפן אין א דאָרפישער אכסניא א גוטן יידן ארומגערינגלט מיט מקורבים. איך האָב ניט געוואוסט ווער יענער צדיק איז געווען. האָב איך באטראכט זיין התנהגות. זעענדיק ווי ער נעמט א כלי, וואשט זיך און מאַכט א ברכה על נטילת ידים, האָב איך פארשטאנען אז דאָס איז ר׳ הערשעלע זדיטשויווער. וויסנדיק אז ער איז איינער פון די רודפים פונם ייד הקדוש, בין איך פון דאָרטן אנטלאָפן, ווייל כ׳האָב ניט געקאָנט זיין צוזאמען מיט אים צוליב זיין רדיפות אויפן ייד הקדוש..

ר׳ איטשע מאיר האָט אליין דערציילט, זייענדיק אמאָל אין א שטאָט אין גאליציע, האָט גראָד דאן ר׳ הערשעלע זדיטשויווער געהאלטן דאָרטן שבת.

אזוי ווי ר׳ הערשעלע איז געווען א גרויסער מקורב ביים רבין פון לובלין, בין איך אים געגאנגען מקבל־פנים זיין. ר׳ הערשעלע זדיטשויווער האָט אים שטארק מכבד געווען און אים מפציר געווען ער זאָל פארבלייבן אין יענע שטאָט אויף שבת און קומען צו זיינע טישן. איך וועל זאָגן דברי תורה וואָס די גאנצע פמליא של מעלה וועט אויף זיי מסכים זיין... איך וויים, האָט ר׳ הערשעלע געזאָגט, אז מען וועט מיר פון הימל משפיע זיין תורה לכבוד איך... ר׳ איטשע מאיר האָט אָבער אלץ ניט געוואָלט פארבלייבן דאָרטן אויף שבת. ער האָט זיך געזעגנט מיטן זדיטשויווער פריינטלעך און איז אוועק געפאָרן.

ר׳ איטשע מאיר האָט דערנאָך געזאָגט: ווען איך זאָל אפילו וויסן אז ער וועט מיר זאָגן תורה וועלכע ער האָט געהערט מפי הקדוש ברוך הוא, וואָלט איך אלץ ניט געוואָלט זיצן ביי א טיש פון איינעם, וועלכער איז געווען פון די גרעסטע רודפים פונם ייד הקדוש.

ר׳ יעקב זעליג סאָקאָלאָווער, האָט דערציילט, אז ער האָט געהערט פונם ערשטער גערער רבינס מויל גאָר הויכע שבחים אויף ר׳ הערשעלע זדיטשויווער ער האָט מפליא געווען זיינע ספרים אויף קבלה און זיין גדלות אין תורה. אין מיטן פון זיינע דיבורים האָט זיך איטשע מאיר צעפלאמט פון התלהבות און זיך צעשריגן אויפן קול: ר׳ הערשעלע זדיטשויווער האָט זיך בארימט, אז אין חכמת הקבלה האָט ער אזא ידיעה ווי משה רבינו... ווען איך בין אלט געווען צען יאָר, בין איך געווען קלאָר אין קבלה פונקט ווי ער און איך האָב קיינעם ניט אויסגעזאָגט. מיר אלע האָבן ניט קיין ידיעה אפילו כחוט השערה אין משה רבינוס שיחת חולין!

ווייל דער זדיטשויווער האָט געקריגט אויפן ייד הקדוש, איז ער נענש געוואָרן און ס׳האָט זיך פון זיין מויל ארויסגעכאפּט אזעלכע דיבורים...

ווען דער ייד הקדוש איז נאָך געווען א קליין קינד און געלערנט ביים מלמד קמץ־אלף, האָט שוין אויף אים גערוט די שכינה און דער רוח הקודש האָט אראָפּגעשיינט פון אים. אזוי האָט ר׳ איטשע מאיר דערציילט פאר יונגעלייט נאָכן וואשן זיך צו א סעודת מלוה דמלכה.

וואָס איז איין פינטעלע אין סידור? האָט ר׳ יעקב יצחק געפרעגט זיין מלמד. איין פינטעלע איז א ייד, האָט ער באקומען אן ענטפער. און וואָס זיינען צוויי פינטעלעך אין סידור? האָט דאָס יינגל געפרעגט דעם מלמד. צוויי פינטעלעך איז דער השם, דעם אייבערשטנס נאָמען. ווען ער האָט דערזען

צוויי פינטעלעך איינער אויפן אנדערן צום סוף פון א פסוק, האָט ער געמיינט אז דאָס איז אויך השם. זאָגט אים דער מלמד, געדענק־זשע גוט: ווען צוויי יידעלעך שטייען צוזאמען, איינער איז ניט העכער פונם אנדערן, איז עס השם, ג־טס נאָמען... טאָמער איז איין ייד אויפן אנדערן, ער האלט זיך גרעסער פון צווייטן, איז עס ניט השם, נאָר א שוא, וואָס עס מיינט פאלש...

דער קליינער יעקב־יצחק, דעם גראַדזיסקער רבס זון, איז שטאַרק נתפעל געוואָרן פון יענע נקודות אין סידור און אזוי האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען מיט עמקות און קדושה, אז איטלעכער אות פון די כ״ב אותיות פון דער תורה, האָט א לימוד ווי אזוי א ייד דאַרף זיך נוהג זיין...

ווען צוויי יידן זיצן צוזאמען באהבה, בשלום ורעות, און טרינקען א כוס משקה איז זיי דער אייבערשטער מוחל זייערע זינד... ווייל דאָס וואָרט כוס מיט צוויי יידן מאכט ויאמר השם סלחתי כדבריך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א גרויסער סבלן איז געווען ר׳ איטשע מאיר, דער ווארשעווער עילוי. אלעמען האָט ער געקאָנט סובל זיין, א חוץ די מתנגדים אויפן ייד הקדוש, וועמען ער האָט געהאלטן פאר א קודש קדשים, ווייל ער איז געווען אויסגעטאָן פון אלע תענוגי עולם הזה...

די רודפים פון ייד הקדוש האָבן געוואוסט פון זיין גדלות. פנים אל פנים האָבן זיי אים מכבד געווען מיט כבוד מלכים, זיי האָבן אים אָבער געעצהט ער זאָל צוריקפאָרן קיין לובלין צום חוזה און אויפגעבן זיין הנהגה...

דער ייד הקדוש איז קיין לובלין ניט צוריקגעפאָרן און זיין הנהגה האָט ער שוין ניט געקאָנט אויפגעבן, ווייל צו גרויס האָט זיך שוין פאנאנדערגעוואקסן די עדה פון געקליבענע שארפע חסידים, לומדים און בעלי מדריגה.

פון זיינע בארימטע תלמידים זיינען געווען דער רבי ר׳ בונם, דער שפעטערדיקער ממלא מקומו זיינער; דער שארפער הימל־הויכער שפעטערדיקער קאָצקער רבי, ר׳ מנחם מענדל מאָרגנשטערן; ר׳ שלמה לייב לענטשנער; ר׳ לייבוש שידלאָווצער; ר׳ פרץ הכהן; ר׳ לייבוש אָזשעראָווער; דער רבי ר׳ בער פון ראדאָשיץ; זיינע אייגענע זין, ר׳ ירחמיאל, ר׳ נחמיהלע און ר׳ אָשרל — זכר כולם לברכה.

ר׳ איטשע מאיר אלתר, דער ערשטער גערער רבי, כאָטש ער איז צום ייד הקדוש ניט געפאָרן, דאָך האָט ער זיך באטראכט ווי זיינער א תלמיד מובהק.

דער ייד הקדוש איז נסתלק געוואָרן י״ט תשרי, ג׳ חול המועד סוכות, אין יאָר תקע״ד, אלט זייענדיק מ״ח שנה.

פארשיידענע אגדות זיינען פאראן ארום דער פטירה פונם ייד הקדוש מיר האָבן אָבער געבראכט דעם דאָזיקן קאפיטל נאָר, דרך אגב, עס זאָל בולטער ארויסקומען דאָס געשטאלט פונם גערער רבין זצ״ל.

קאפיטל צוועלף

## דער רבי ר׳ בונם

נאָכן הסתלקות פון „ייד הקדוש״ האָט זיך דער עולם צעטיילט צווישן זיין זון, דעם רבין ר׳ ירחמיאל, און זיין תלמיד און חסיד נאמן, דעם רבין ר׳ שמחה בונם.ביידע רביים האָבן געפירט אין פשיסכא.

דער עולם איז אייגנטלעך באשטאנען פון דרייערליי חסידים: די וועלכע האָבן זיך געהאלטן ביים ייד הקדושס זון און האָבן גאָרניט געוואָלט זיך אָנקערן מיטן נייעם רבין ר׳ בונם, כאָטש זיי האָבן געוואוסט ווי הויך דער ייד הקדוש האָט מחשיב געווען זיין תלמיד ר׳ שמחה בונם. ער האָט אויף אים געזאָגט, אז „בונם איז דאָס שפיצל פון מיין הארץ״. דאָך האָבן זיי געהאלטן אז דער רבי ר׳ ירחמיאל איז ראוי צו פירן די עדה און עס דארף קיין פירוד ניט זיין...

א צווייטער טייל חסידים האָט געהאלטן, אז ביידע זיינען ראוי צו זיין מנהיגים, פלעגן זיי קומען צו ביידע טישן און זיך פראווען ביי ביידע, סיי ביים רבי ר׳ ירחמיאל, דעם ייד הקדושס זון, און סיי ביים רבין ר׳ בונם.

דער דריטער טייל חסידים האָט געהאלטן, אז תורה איז ניט בירושה. משה קיבל תורה מסיני ומסרה ליהושע — פארוואָס ניט צו זיינע קינדער? וכי תעלה על דעתך אז משהס קינדער זיינען ניט ראוי געווען צו זיין מנהיגים?.. זיכער זיינער זיי ראוי געווען דערצו. אָבער אין הימל האָט מען געוואָלט יהושען... זיי האָבן געדענקט פארשיידענע רמזים וואָס דער ייד הקדוש האָט מרמז געווען אויפן גדלות פון רבין ר׳ שמחה בונם, אז קיינער פארשטייט אים ניט אזוי טיף ווי בונם...

האָבן זיך צום רבין ר׳ בונם מקשר געווען די גאָר שאַרפע בעלי מדריגה, „די אַלע וועלכע האָבן זייערע חושים, תנועות און הרגשות מקדיש געווען פארן אויבערשטענס וועג״...



דער רבי ר׳ שמחה בונם פון פשיסכא.

צווישן זיינע שארפע חסידים איז כדאי צו דערמאָנען ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער, דער שפּעטערדיקער קאָצקער רבי; ר׳ איטשע מאיר אלטער, דער ערשטער גערער רבי; דער רבי ר׳ הענעך, פון אלעקסאנדער; ר׳ יצחק וואָרקער; ר׳ שמואל שינאווער, דער בעל „רמתים צופים״ און הונדערטער אנדערע גרויסע און באוואוסטע גוטע יידן אין פוילן.

די שארפע יונגעלייט, וועלכע האָבן ניט געקאָנט סובל זיין דאָס פאָלקס־טימלעכע חסידות, ווי יידן קומען מיט זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות הפרנסה,

מיט זייערע מיחושן און זיך שואל עצה זיין וועגן שידוכים און מסחרים און פארנעמען דעם רבינס צייט מיט גשמיותדיקע ענינים: די שארפע חסידים האָבן זיך געווענדעט צו ר׳ שמחה בונם באלד נאָך דער פטירה פונם ייד הקדוש, אז ער זאָל זיי אָנווייזן ווער עס איז ראוי צו זיין דער מנהיג.

האָט ר׳ שמחה בונם זיי געענטפערט מיט אָט דעם משל: א פאסטוך האָט געפירט זיינע שאָף. ער האָט פאר זיי געזאָרגט זיי זאָלן האָבן גראָז און וואסער, און זיי אויסגעהיט פון חיות רעות, וועלף זאָלן זיך ניט אריינרייסן אין דער סטאדע און פארצוקן די שעפעלעך. איינמאָל איז דער פאסטוך איינגעשלאָפן אין מיטן העלן טאָג. מחמת זיין מידקייט איז ער פארזונקען אין א טיפן שלאָף ביז נאָך האלבער נאכט... דער פאסטוך כאפט זיך אויף, ווערט ער פארציטערט און דערשראָקן, און טוט א געשריי פון די טיפענישן פון זיין הארץ: אוי, וויי, וואו זיינען מיינע שעפעלעך אהינגעקומען? ער רייבט זיך אויס זיינע אויגן און זעט דעם הימל אן אויסגעשטערנטן, די זילבערנע לבנה שפאצירט מאיעסטעטיש צווישן זיי און זיינע שעפעלעך שטייען רויק ביים שמאָלן שטראָם וואסער און טרינקען בנעימותדיק. האָט זיך ארויסגעריסן פון זיין הארצן א תפלה: טאטע אין הימל, מיט וואָס קאָן איך אָרעמער פאסטוך די אָפדאנקען פאר דיין חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן וואָס דו האָסט געהיט די שאָף אין דער צייט פון מיין שלאָף? איך זאָג דיר צו, טאטע אין הימל, אז מהיום והלאה וועל איך אָפהיטן דיינע שאָף ווי דאָס שווארצאפל פון מיין אויג...

דאָס איז מיין תשובה אויף אייער שאלה, האָט ר׳ שמחה בונם געענטפערט די שארפע יונגעלייט. אויב איר וועט געפינען אזא שטייגער רועה נאמן, אזא איבערגעבענעם פאסטוך, נעמט אים פאר אייער רבין און מנהיג...

ווען די יונגעלייט האָבן געהערט דעם משל, האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט און אוועקגעזעצט ר׳ שמחה בונם׳ן אויף דעם כסא הרבנות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**ווער איז געווען ר׳ שמחה בונם פון פשיסכא, וועלכער האָט ממלא מקום געווען דעם ייד הקדוש?**

שמחה בונם בעניהארדט איז געבוירן געוואָרן אינם יאָר תקכ״ה (1785). זיין פאָטער, הרב ר׳ צבי, איז געווען דער וואָידעסלאווער מגיד. ער פלעגט ארומפאָרן אין פוילן, אונגארן און בעהמען און מעהרען, אין פרייסן און אין

זאקסן. ער איז געווען א פלאם־פייערדיקער דרשן און אומעטום האָבן אים די רבנים אויפגענומען מיט גרויס יראת־הכבוד, צוליב זיין לומדות און צדקות. ער האָט געמאָנט ביי יידן זאָלן תשובה טאָן, זיי זאָלן אויסבעסערן זייערע מידות סיי בין אָדם למקום און סיי בין אָדם לחברו. זיינע פלאמיקע דרשות האָט ער פארפלאָכטן מיט טרעפלעכע משלים. דער המון עם האָט זיי ממש פארצוקערט. פארן מער אויפגעקלערטן עולם האָט ער געבראכט מיינונגען פון פילאָזאָפן פון מיטלאלטער, פאר לומדים האָט ער געבראכט פארוואָרפענע שטעלן פון ש״ס בבלי און ירושלמי, פון ראשונים און פון אחרונים.

איינער פון די גרעסטע רבנים אין יענעם דור, רבי יחזקאל לאנדוי דער בעל „נודע ביהודה״ זצ״ל, אליין א פוילישער, געווען רב אין יאמפאָלע און שפעטער אין דער וועלט בארימטער קהלה קדושה אין פראָג.

אויפן „נודע ביהודה״, חאָטש ער איז געווען א מתנגד צו דער שיטה פון חסידות, אזוי ווייט אז ער זאָל האָבן אמאָל ארונטערגעוואָרפן אונטערן טיש דעם ספר „תולדות יעקב יוסף״, דאָס קלאסישע חסידישע ספר פון ר׳ יעקב יוסף הכהן, פון פולנואה, וועלכער איז אליין אויך געווען א מתנגד און איז שפעטער געוואָרן אַ פלאמיקער חסיד, געווען רב אין שאראגראד, אין ניעמעראָוו און שפעטער אין פולנואה, דאָך האָט דער הייליקער בעל שם טוב זייער פיל געהאלטן פון דעם פראָגער מתנגד דעם „נודע ביהודה״.

„רבי יחזקאל פראגער האָט באקומען א נייע נשמה, וועלכע איז נאָך אויף דעם עולם ניט געווען. זי איז געווען באהאלטן בגנזי מרומים תחת כסא הכבוד, זי האָט געווארט ביז ער וועט געבוירן ווערן...

„אין הימל האָט מען מכריז געווען, — האָט דער בעל שם טוב ווייטער מפליא געווען דעם „נודע ביהודה״ — זייט נזהר אין ר׳ יחזקאל פראגער און אין זיין תורה״...

דער דאָזיקער גרויסער מתנגד און הייליקער ייד, דער „נודע ביהודה״, האָט שטארק מפליא געווען דעם וואָידעסלאווער מגיד, דעם פאָטער פון רבי ר׳ בונם פון פשיסכא.

און אזוי שרייבט דער פראָגער רב, דער „נודע ביהודה״ אויפן וואָידעס־לאווער מגיד: „מיר האָבן געהערט וועגן אים אין אלע קהלות וואו ער איז געווען און האָט געדרשנט, און אלע רבנים האָבן אים געלויבט. איך האָב פון אים געהערט נאָך זייענדיק אין פוילן. ער איז א מוכיח און א גרויסער דרשן, זיינע ווערטער זיינען זיס און אנגענעם, זיסער ווי האָניק״...

מיט אן ענלעכער התפעלות שרייבן וועגן אים די רבנים פון קראָקע, פון קעלן אם רהיין און פון מאטערסדאָרף.

דער הערש וואָידעסלאווער, דער פאָטער פונם גרויסן חסידישן מנהיג, דער רבי ר׳ שמחה בונם פון פשיסכא, איז אליין געווען א גרויסער מתנגד צו דער שיטה פון בעל שם, ער איז געווען דער מחבר פון די ספרים „עשרה למאה״ און „ארץ הצבי״.



הגאון ר׳ יחזקאל לאנדוי זצ״ל, דער בעל „נודע ביהודה״.

דעם רבי ר׳ בונמס מוטער, שרה, איז געווען די טאָכטער פון זאלקווער רב, הרב ר׳ בצלאל, מחבר פון „בשם בצלאל״, אן אייניקל פון ר׳ יואל סירקיש, דער ב״ח זצ״ל.

א חוץ די מיוחסדיקע לומדישע משפחה, איז וואָידעסלאוו אין יענע צייט געווען אן אלט־יידישע לומדישע קהלה. אין דער דאָזיקער לומדישער סביבה איז אויפגעוואקסן שמחה בונם, וועלכער האָט ביז צען יאָר געלערנט אין חדרים און זיך אויסגעצייכנט אלס שארפער עילוי און גרויסער מתמיד.

דער וואָידעסלאווער מגיד, ר׳ הערש, זייענדיק באקאנט מיט די גדולים פון אונגארן און פון מערן, האָט אהין געשיקט, זיין זון, שמחה בונם, לערנען תורה אין יענע ישיבות.

אכט און צוואנציק יאָר האָט הרב ר׳ ירמיה מרביץ תורה געווען אין מאטערסדאָרף. טויזנטער תלמידי חכמים זיינען גרויס געוואָרן אין יענער ישיבה. דאָרט אהין האָט דער וואָידעסלאווער מגיד, ר׳ הערש געשיקט זיין צען יאָריקן בחור, שמחה בונם, לערנען...

שפּעטער האָט שמחה בונם געלערנט תורה ביי ר׳ מרדכי בענעט, א באַרימטער גאון און צדיק, הויפּט־רב פון מערן.

רבי מרדכי בענעט האָט צוזאמען מיט די גדולים אין יענעם דור, ר׳ משה, דעם ״חותם סופר״ פון פּרעשבורג; ר׳ יעקב פון ליסא, דער בעל „חות דעת״, און רבי עקיבא אייגער, פון פּויזנא, זכר כולם לברכה, זיי אלע האָבן געפירט א ביטערן קאמף קעגן די רעפאָרמער אין יענער צייט, וועלכע האָבן איינגעפירט אז דער באלעמער אין שול זאָל ניט שטיין אין דער מיט, נאָר צוזאמען ביים אָרון הקודש.

ר׳ מרדכי בענעט איז געווען א חוץ א גאון אין תורה, אויך א גרויסער מאטעמאטיקער, געהאט א גרויסע ידיעה אין פילאָזאָפיע און אין מאָדערנע וויסנשאפטן, געווען א גרויסער בעל מדקדק און געקאָנט לשון הקודש מער ווי א דורכשניטלעכער רב אין יענע מקומות. ער האָט געקאָנט אויך דייטש און אנדערע אייראָפּעישע לשונות.

פון ר׳ מרדכי בענעט האָט שמחה בונם געלערנט תורה און חכמה. זיין גאנצער מהות איז געוואָרן אויסגעפורעמט דאָרטן אין ניקלסבערג.

פון דאנעט וועלן מיר פארשטיין ווי אזוי ר׳ שמחה בונם איז געוואָרן „אנדערש״ ווי אנדערע גוטע יידן אין יענעם דור.

נאָך זיין חתונה האָט שמחה בונם אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער שיטה פון חסידות, כאָטש זיין גרויסער פאָטער איז געווען פון די שארפע

מתנגדים. ער האָט אָנגעהויבען דאווענען מיט א באזונדערן התלהבות און ברען, ער האָט זיך מיטגעכאפט צו ר׳ משה לייב סאסאָווער, וועלכער האָט דאן געוואוינט אין אפט, און שפעטער צום קאָזשניצער מגיד.

ר׳ שמחה בונם, זעענדיק מיט זיינע אויגן די גרויסע סתירה: פון איין זייט האָבן אין אשכנז און אין אונגארן געלעבט און געווירקט גרויסע גאונים



רבי מרדכי בענעט זצ״ל ביי וועמען דער רבי ר׳ בונם האָט געלערנט.

און צדיקים, און זיי האָבן מרביץ תורה געווען; און פון דער אנדערער זייט איז דער המון עם געוואָרן קאלט און אָפגעשטאנען צו דער אמונה, און דער־ווייטערט — האָט ער זיך שנעל געכאַפט, אַז חסידות איז די איינציקע רעטונג צו דערהאלטן דעם המון עם אין די ראמען פון תורה און אמונה.

די טרדות פון המון עם האָט ניט דערלויבט זיי זאָלן קאָנען ווידמען זייער צייט דער תורה, וועלכע איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון יחידי סגולה.

ממילא זיינען זיי געוואָרן דערוויטערט פון מקור. חסידות האָט אריינגעבלאָזן א רוח החיים און טהרה אין זייערע הערצער...

דאָס עסן קעסט ביים שווער, ר׳ משה בענדינער, האָט זיך געענדיקט. מיט וואָס איז מען זיך מפרנס? זייענדיק א גרויסער מקורב ביים קאָזשניצער מגיד, האָט ער אים רעקאָמענדירט צום וואַרשעווער באַרימטן נגיד ר׳ בערקאָ בערגזאָן, דער זון פון ר׳ שמואל זביטקאָווער, וועגן וועמען עס זיינען פאַרשפּרייט פאַרשיידענע אגדות ווי אזוי ער האָט געראַטעוועט טויזנטער יידן.

ר׳ שמואל זביטקאָווער, בערקאָ בערגזאָנס פאָטער, איז געווען איינער פון רייכסטע יידן אין פוילן. ער איז געווען א מקורב און אן אריינגייער ביים פוילישן קעניג. די פוילישע מלוכה האָט אים אָנפאַרטרויט די גרעסטע קאָנטראַקטן און מלוכהשע אונטערנעמונגען.

אינם יאָר תקנ״ה (1794), ווען טאַדעוש קאָשציושקאָ האָט אָרגאַניזירט דעם פוילישן אויפשטאַנד קעגן די רוסן, האָט דאַן בערקאָ יאָסאָלעוויטש צוזאַמענגעשטעלט דעם יידישן לעגיאָן און צוזאַמען מיט קאָשציושקאָן געקעמפט קעגן די רוסישע אַרמייען.

דער קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט אויף יענער זייט פון דער ווייסל, לעבן פּראַגע, ביי וואַרשע. טראָץ דעם העלדישן קאַמף האָבן די פּאָליאַקן געליטן א מפּלה און אַרום פופצן טויזנט פּאָליאַקן מיטן יידישן לעגיאָן, וועלכער האָט געציילט אַרום זעקס הונדערט מאַן, זיינען אומגעקומען אין יענער שלאַכט.

אין די גאַסן פון וואַרשע און פּראַגע זיינען געלעגן הונדערטער הרוגים צו עטלעכע טעג און זיינען ניט געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל. די רוסישע זיגער האָבן געוואָלט א תל מאַכן פון אַלע וואַרשעווער איינוואוינער.

ר׳ שמואל זביטקאָווער, דער גרויסער יידישער אדיר און גרעסטער נגיד פון פוילן, האָט זיך ניט באַהאַלטן. ער האָט אַרויסגעלאָזט א רוף צו דער קאָזאַקן־אַרמיי אין וואַרשע, אַז ווער עס וועט צו אים ברענגען א טויטן יידן, וועט באַקומען א זילבערנעם רובל און ווער עס וועט ברענגען צו אים א לעבעדיקן יידן, וועט באַקומען א גאָלדענעם רובל...

ר׳ שמואל זביטקאָווער האָט אַוועקגעשטעלט צוויי פעסער מיט גאָלדענע און זילבערנע מטבעות אין מיטן פון זיין גרויסן הויף אין פּראַגע, ביי וואַרשע די קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן ברענגען צוערשט לעבעדיקע יידן און דאַן די דערהרגעטע יידן... די פעסער גאָלד און זילבער זיינען געוואָרן ליידיק און די הצלה האָט זיך איינגעגעבן...

אזוי אנאָך האָט ר׳ שמואל זביטקאָווער געבראַכט די הונדערטער יידישע הרוגים צו קבר ישראל און אָפּגעראַטעוועט טויזנטער לעבעדיקע יידן פון אומקום...

ר׳ שמואל זביטקאָווערס זון, ר׳ בערקאָ בערגזאָן (דער זיידע פון דעם גרויסן פראַנצויזיש־יידישן פילאָזאָף אנרי בערגסאָן 1859—1941), האָט פונקט ווי זיין פאָטער געפירט זיך מיט גרויס נדבנות, געווען ביז תקע״ח פון די פירער פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה. אין יאָר 1816 פירט ער אָן א יידישע דעלעגאַציע קיין פעטערבורג אָפּצושרייען די בלבולים אז יידן נוצן קריסטלעך בלוט צו זייערע רעליגיעזע צוועקן. זייער שתדלנות האָט געפועלט און דער בילדונגס מיניסטער האָט אַרויסגעלאָזט א שטרענגן באַפעל צו אַלע גובערנאַטאָרן, אז זיי זאָלן ניט גלויבן אין די בלבולים. יידן נוצן ניט קיין בלוט, אדרבא, ביי יידן אין עסן בלוט קעגן זייער רעליגיע...

ר׳ בערקאָ בערגסאָנס ווייב, תמרל, איז געווען א גרויסע חסידותטע פון קאָזשניצער מגיד. אין אַלע זייערע מסחרים, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּרייט אין פוילן און חוץ דער מדינה, האָט זי אָנגעשטעלט דווקא חסידישע יידן, זיי זאָלן האָבן פרנסה בריוח.

ר׳ שמחה בונם, זייענדיק באַקאַנט מחוץ דער מדינה פון פוילן, האָט געקאָנט דייטש, שרייבן און רעדן. ער האָט געקאָנט לאַטיין און פויליש, האָט ער איבערגענומען פון די בערגסאָנס זייער מסחר פון געהילץ. די פוילישע וועלדער האָבן צוגעשטעלט מיט שפע ברזשאָזאָווע און דעמבאָווע סאָסנאָווע און טאָפּאָלאביימער, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן אויף טראַטוועס אויף די פוילישע טייכן ביז דאַנציג.

ר׳ שמחה בונם האָט זיך צוליב מסחר אַריינגעכאַפּט קיין לייפּציג און קיין בערלין, קיין דרעזדען און קיין ברעסלוי, אומעטום האָט ר׳ שמחה בונם געלערנט, אַלץ האָט ער געזען, זיך באַקענט מיט יענעם יידישן לעבנס־שטייגער, מתווכח געווען זיך מיט יענע רבנים און גדולי התורה.

קומענדיק צוריק קיין פוילן האָט מען אים גערופן „דאָס דייטשל", ווייל זיין הלבשה איז געווען אַביסל אנדערש ווי דער דאַמאָלסטדיקער אָנגענומענער פויליש־יידישער לבוש.

פון מיין פאָטער ז״ל האָב איך אַמאָל געהערט דערציילן צוויי עפּיזאָדן וואָס האָבן א שייכות צום רבין ר׳ בונם זצ״ל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאַנציג.

דער רבי פון לובלין, דער חוזה זצ״ל, איז געזעסן און געפּראוועט א טיש מיט תורה און זמירות, מיט התלהבות און קדושה.

דער עולם איז געווען זייער גרויס. דאָס געדראַנג און דאָס שטופּעריי צום טיש איז געווען אין לשער, ווייל איטלעכער האָט געוואָלט הערן יעדער וואָרט וואָס איז ארויסגעגאנגען פונם חוזהס מויל בקדושה ובטהרה. ר׳ שמחה בונם צוריקקומענדיק פון זיין נסיעה קיין דאנציג, האָט זיך אויך געשטופּט צווישן עולם, טראָגנדיק אביסל פאַרדייטשע מלבושים. האָבן פיל חסידים חוזק געמאַכט פון אים... איינער פון זיי האָט ארויסגענומען א קנאַפּערל (א קליין טאַשן־מעסערל) און אויפגעשניטן ר׳ שמחה בונמס בגד פון רוקן, די גאנצע נאָנט פון אויבן ביז אראָפּ...

ר׳ שמחה בונם האָט בשעת מעשה ניט מרגיש געווען, ווייל ער האָט זיך גוט צוגעהערט צום חוזהס דברי תורה.

נאָכן טיש איז געוואָרן א שטיקל רעש: אזא העזה פון א חסיד אן עזות פנים! קודם־כל האָט ער עובר געווען אויף בל תשחית — צעשניטן א בגד; צווייטנס, מבזה געווען שמחה בונמן פון וועמען דער חוזה האלט א וועלט.

דער חוזה האָט דערהערט דעם גאנצן טומל, רופט ער צו דעם עזות־פּנים און פרעגט אים: היתכן? ענטפערט דער פאַרשעמטער יונגערמאַן בזה הלשון: מיין מלמד האָט מיך געלערנט אין חדר, אז ווען עס וועט מיר שווער זיין אמאָל א פּסוק אין דער תורה, זאָל איך אריינקוקן אין טייטש אריין... איך האָב ניט פאַרשטאַנען דעם הייליקן רבינס תורה, האָב איך געוואָלט אריינקוקן אין „דייטש אריין״... האָב איך אויפגעשניטן זיין בגד (געמיינט ר׳ שמחה בונמס בגד, ווייל מען האָט אים גערופן דאָס דייטשל) און געוואָלט זען ווי אזוי „דער דייטש״ פאַרטייטש די שווערע תורה פונם רבין...

דער חוזה האָט א שמייכל געטאָן און אויסגערופן אויפן קול: ווער עס וועט ניט פאַרשטיין מהיום והלאה אונדזערע דיבורים, זאָל בעטן שמחה בונם, דעם דייטש, ער זאָל זיי מפרש זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און כך־הווה, פון יענעם טאָג אָן האָט ר׳ שמחה בונם כסדר מסביר געווען דעם חוזהס דיבורים פאַר די חסידים...

איינמאָל איז דער חוזה פון לובלין געווען שטאַרק פאַרטראַכט און

פארזאָרגט, האָט אים ר׳ שמחה בונם געפרעגט: רבי פארוואָס זייט איר אזוי באזאָרגט? זייט איר אפשר ניט מיט אלעמען?

האָט אים דער רבי פון לובלין געזאָגט: בונם, כ׳האָב עובר געווען אויף א גרויסע עבירה. אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן השמר לך פּן תשכח את ה׳ אלקיך — היט דיך דו זאָלסט ניט פארגעסן דיין ג־ט — און איך האָב היינט אויף עטלעכע רגעס פארגעסן אז ס׳איז פאראן א ג־ט אויף דער וועלט. בין איך פון דעם שטארק צעטראָגן און איך קאָן מער קיין אָרט זיך ניט געפינען... עובר געווען אויף א לאו!..

ר׳ שמחה בונם האָט באַרויקט דעם רבין פון לובלין מיט א הלכה. די משנה זאָגט אין פאה (פרק ו׳, משנה ו׳), אז ווען איינער פארגעסט אַן עומר וואָס האָט צוויי סאה, הייסט עס ניט קיין שכחה, ווייל א דבר חשוב אפילו אז מען פארגעסט עס אויף א רגע, דערמאָנט מען זיך באלד, „שכוח ולבסוף זכור" הייסט ניט קיין שכחה... קומט דאָך אויס, רבי, אז אפילו ווען איר האָט פארגעסן א רגע אינם אויבערשטן, הייסט עס ניט קיין שכחה, ווייל אָט האָט איר זיך דאָך תיכף ומיד צוריק דערמאָנט...

בונם, האָט דער חוזה זיך דערפרייט און אים ארומגענומען מיט חיבה, דו האָסט מיך ממש מחיה געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאנג האָט זיך רבי ר׳ בונם ניט געהאלטן ביי די בערגסאָנס מסחרים. צו זיין א „מענטש" ביי יענעם איז אים ניט געווען צום הארצן. דער פארצווייגטער האָלץ־מסחר האָט אים פארשלעפּט אין די מרחקים אריין און אָפּגעריסן פון זיין סביבה, האָט ער זיך גענומען צו א נייעם מקור פרנסה. ער איז געפאָרן קיין לעמבערג, זיך געשטעלט צום עקזאמען און געוואָרן א דיפּלאָמירטער אפּטייקער.

ער האָט געקאָנט לאטיין, געהאט א שארפן קאָפּ און א שטארקן זכרון וואָס איז דער חידוש אז אזא שטייגער בעל מוח האָט זיך שנעל אויסגעלערנט אפּטייקעריי.

ר׳ שמחה בונם קומט צוריק קיין פּוילן און עפנט אַן אפּטייק אין פּשיסכא (ראָדעמער קרייז). ער געווינט שנעל דעם צוטרוי אפילו פון פּריצים אין דער סביבה און ער ווערט מפורסם אלס בארימטער, פארלעסלעכער אפּ־טייקער. ער שטעלט צו מעדיצינען פאר נאפּאָלעאָנס ארמייען און ער איז זיך מפרנס בכבוד גדול.

אלטע חסידים דערציילן, אז זיצנדיק אין אפטייק, האָט ר׳ שמחה בונם עוסק געווען ניט בלויז אין רפואת הגוף, נאָר אויך און דער עיקר אין רפואת הנפש. דער ספר הזוהר, דעם האר״י הקדושס כתבים און ר׳ חיים וויטאלס „עץ חיים״ זיינען ניט אראָפּ פון דעם אפטייקערס טיש.

עס איז באקאנט זיין הוא היה אומר: פון די חכמת הרפואה האָב איך זיך אויסגעלערנט ווי אזוי צו היילן א יידיש נפש... איין טראָפּן מער קאָן אוועקהרגענען א מענטשנס גוף... און איין טראָפּן גאוה מער קאָן אוועקלייגן און מטמא זיין א נפש אחת מישראל... פונקט ווי מען דארף מדקדק זיין ביים צוזאמענשטעלן א רפואה פארן גוף, ווייל אויב מען איז ניט ריכטיק מכוון און מדקדק, קאָן דער חולה ניט האָבן קיין רפואה און אין פיל פאלן קאָן די ניט־ריכטיקע מעדיצין שעדיקן דעם גוף און אים ממיתן, אזוי אויך מוז מען מדקדק זיין מיט א חולה נפש... איין פאלשע תנועה און מחשבה זרה זיינען פוגם די נשמה...

כאָטש ר׳ שמחה בונם איז געווען א פארנומענער אין דער אפטייק, האָט ער דאָך צייט געהאט צו מאכן פארשיידענע נסיעות צו די גוטע־יידן אין יענעם דור: צום מגיד פון קאָזשניץ, צו ר׳ דוד לעלעווער, צום ייד הקדוש, און דער עיקר צום חוזה פון לובלין, וועלכער האָט אים שטארק מקרב געווען, טראָץ וואָס פיל תלמידים פונם חוזה, און באזונדערס די גרויסע חסידים פון גאליציע, האָבן ניט גורס געווען דעם גאנצן שטייגער פון ר׳ שמחה בונם׳ן זיי האָבן ניט משיג געווען ווי אזוי זייער גרויסער רבי פון לובלין, איז אַזוי מקרב „א דייטשל״, אן אפטייקער, וועלכער רעדט זיך דורך מיט פריצים און מיט גענעראלן, פאָרט קיין דייטשלאנד, פירט מסחרים און קומט צוריק מיט יענעם לבוש... רעדט אפילו פרעמדע לשונות...

דער חוזה האָט אָבער געוואוסט בעסער פון זיי ווער דער רבי שמחה בונם איז. ער האָט אים אמאָל א זאָג געטאָן: „בונם זיי מיט מיר וועל איך דיר געבן רוח הקודש פון עולם אצילות״...

דער דאָזיקער פלאימדיקער אפטייקער האָט אָבער נושא־חן געווען ביים רוב גוטע־יידן פון יענעם דור. זיי זיינען געווען מבינים אויף זיין למדנות און שכל הישר, אויף זיין קוק אויף דער וועלט און זיין התקרבות מיט אלע גדולי התורה פון אונגארן, אשכנז און מערן, אויף זיין חכמה און פיקחות.

ר׳ שמחה בונם איז שנעל געוואָרן א צענטראלע פיגור אין דער חסידישער וועלט. ער האָט דעם חסידישן דרך ניט באקומען בירושה, אדרבה זיין גרויסער

פּאַטער איז גאָר געווען א מתנגד. ער האָט פון זיך אליין דערקענט די הייליקייט פון דער חסידישער שיטה...

די גרעסטע צדיקים פון אלע דורות, דער חוזה פון לובלין, דער קאָזשניצער מגיד, דער ייד הקדוש און ר׳ דוד לעלעווער האָבן אים שטארק מפליא געווען... און די מתנגדישע גאונים, ווי זיינע רביים ר׳ ירמיה מאטערסדאָרפער און ר׳ מרדכי באַנעט, האָבן אויף אים געשריבן תהלות ותשבחות.

די שטילע קעגנערשאפט און ביטול באציונג פון א טייל תלמידים פונם חוזה צום מאָדנעם, באהאלטענעם, טיפן יונגן שמחה בונם, האָט ניט געקאָנט פארטונקלען זיין פערזענלעכקייט אין ברייטערן פארנעם...

ער איז אויסגעוואקסן א גרויסער ריז אינם הייליקן חסידישן גאָרטן...

וויפיל ער האָט זיך ניט באהאלטן מיט זיינע חצוניותדיקע מעשים, האָלץ מסחרים, פאָרן קיין דייטשלאנד, עוסק זיין זיך אין אפטייקעריי, ריידן מיט פריצים און געלערנטע משכילים, סיי יידן און להבדיל גויים — האָט עס אים גאָרניט געהאָלפן די קדושה און חכמה האָט פון אים ארויסגעשטראלט און משפיע געווען.

מבינים האָבן עס דערפילט און גאָר גרויסע האָבן עס געהאלטן פאר א זכיה צו קאָנען זיין מיט אים אין התקרבות.

קאפיטל דרייצן

## די גרויסע חתונה אין אוסטילע

ווען דער רבי ר׳ בונם האָט איבערגענומען דאָס רביסטווע, האָט מען באלד געזען, אז דאָס איז ניט קיין המון עם און פאָלקס חסידות. דאָרטן האָבן בעלי הבתים ניט געהאט קיין אָרט. עס האָבן זיך צוזאמענגעקליבן אהין קעסט יונגעלייט, וועלכע האָבן ניט געהאט קיין דאגות פרנסה, זיינען זיי געזעסן אין פשיסכא וואָכן און חדשים לאנג. דער עולם איז באשטאנען פון לומדים, שארפע קעפּ, בעלי מוח, צוזאמען מיט ש״ס און זוהר, האָט מען דאָרט אויך געלערנט דעם „מורה נבוכים״ פון רמב״ם, דעם „כוזרי״ פון ר׳ יהודה הלוי, דעם אבן עזרא, דעם „מבחר הפנינים״ פון ר׳ ידעיה הפניני, די הייליקע ספרים פונם מהר״ל פון פראָג. אויפן עולם העליון איז דער מהר״ל געווען מיין רבי, האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט.

פונקט ווי דער רבי ר׳ שניאור־זלמן פון ליאדי, דער בעל התניא, האָט אין

רייסן דערהויבן און פאַרטיפט דאָס חסידות מיט דער שיטה פון חב״ד (חכמה בינה און דעת), אזוי האָט דער ״ייד הקדוש״ און אצינד זיין תלמיד, דער רבי ר׳ בונם, דערהויבן דאָס פוילישע חסידות צו א מדריגה צו וועלכער נאָר עילויים און גרויסע קעפּ, בעלי הבנה און שארפע מוחות, האָבן געקאָנט דערגרייכן און משיג זיין.

אזוי בפירוש האָט דער רבי ר׳ בונם אמאָל א זאָג געטאָן: דער חוזה פון לובלין איז געוואָרן א רבי מיטן פסוק: ״כי לא בזה ולא שקץ ענות עני״ — (תהלים, כ״ב, כ״ה) — ער פאַרשעמט ניט און פאַראכט ניט די פיין פון אָרעמאַן, סיי אָרעם אין גשמיות און סיי אָרעם אין רוחניות... קיין לובלין האָבן געצויגן יידן אָרעמע, געדריקטע, וועמען עס האָט געפעלט פרנסה. דאָס פאָלקסטימלעכע חסידות האָט געזאָרגט פאַרן אָרעמען יידן, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות.

איך, האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט, בין געוואָרן א רבי מיטן פסוק: ״אמור לחכמה, אחותי את״ (משלי, ז׳, ד׳), זאָג צו דער חכמה, דו ביסט מיין שוועסטער...

דאָס איז אין קורצן רעזומירט די שיטה פון פּשיסכער חסידות. אלע מעשים דאַרפן געטאָן ווערן מיט חכמה, מיט דעת און מיט בינה — אָן זייטיקע פניות...

אזא שטייגער חסידות האָט געקאָנט זיין נאָר פאַר יחידי סגולה אָבער ניט פאַרן המון־עם, וועלכער האָט געזוכט מופתים און סגולות און אן אָנווייז וועלכע מסחרים אָדער וועלכע שידוכים צו טאָן.

דער רבי ר׳ שמחה בונם האָט געלערנט מיט זיין עולם חסידים טאָג־טעגלעכע שיעורים, גמרא מיט תוספות, ראשונים און אחרונים, רמב״ם, מדרש און דעם מהר״לס ספרים, און אפילו די דאָזיקע שיעורים האָבן אויך ניט ״געשמעקט״ צו א טייל חסידישע מנהיגים, ווייל דער דרך החסידות איז געווען אז דער רבי איז געזעסן ביחידות און געענטפערט אויף שאלות אין באשטימטע זמנים, און ניט זיצן און לערנען מיט תלמידים בפרהסיא...

ר׳ מאירל אפּטער, דער בעל ״אור לשמים״, האָט געקריגט אויפן דרך פונם רבי ר׳ בונם. צו אים זיינען צוגעשטאנען פיל רביים פון גאליציע, וועלכע האָבן געגלויבט אז די שיטה פונם רבין ר׳ בונם איז קעגן דער שיטה פון חסידות... צווישן די גרויסע קעגנער פונם רבין ר׳ בונם זיינען געווען באַרימטע גוטע יידן פון גאליציע: ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, ר׳ הערשעלע זדיטשויווער, דעם קאָזשניצער מגידס זון ר׳ משהלע און ר׳ יוסלע יאַריטשאָווער. די זעלבע חסידישע מתנגדים וועלכע האָבן געקריגט אויפן ״ייד הקדוש״,

האָבן זיך איצט פאראייניקט צו קריגן אויף דער שיטה פונם רבין ר׳ בונם. זיי זיינען אזוי ווייט אוועק אין התנגדות פון פשיסכער דרך, אז זיי האָבן געארבעט מעשים מען זאָל דעם רבין ר׳ בונם מחרים זיין...

דאָס פאַרעכץ קיין פשיסכא איז אָבער געוואָרן גרעסער פון יאָר צו יאָר. עס זיינען צוגעקומען נייע חסידים, לומדישע יונגעלייט, עילויים און מוח־מענטשן. זיי אלע האָבן זיך אויסגעלאכט פון די חסידישע מתנגדים. זיי האָבן מיט גרויס ליבשאפט און הערצה געטרונקען פונם קוואל פון חכמה, קדושה און טהרה. זיי האָבן געפילט און מרגיש געווען, אַז אין פשיסכא איז זייער שורש־נשמה... און פונקט ווי די ערשטע חסידים האָבן מבטל געווען די קעגנערשאפט פון די מתנגדים צום בעל שם טובס שיטה, אזוי האָבן די פשיסכער חסידים מבטל געמאכט דאָס חסידישע התנגדות...

די קעגנער פונם רבין ר׳ בונם האָבן געפונען א גוטע געלעגענהייט ארויסצוטרעטן קעגן דער נייער שיטה אין חסידות, אָדער ווי זיי האָבן געדענקט, אז דאָס איז לגמרי ניט קיין חסידישע שיטה...

אין אוסטילע, אַ קליין שטעטל צווישן הרובישויוו און לודמיר, האָט מען זיך געגרייט צו איינער פון די גרעסטע חסידישע חתונות אין יענער תקופה.

די מחותנים זיינען געווען: ר׳ דן בר׳ יצחק פון ראדזשעוויל, דער איידעם פונם הייליקן אפטער רב, רבי אברהם יהושע העשל, דער „בעל אוהב ישראל״, שפּעטער געווען רב אין יאסי און בסוף ימיו אין מעזשביזש, די שטאָט פון ר׳ ישראל בעל שם טוב, און ר׳ יוסלע הרובישויווער, דער זון פון ר׳ מרדכי בעסכיזער.

דער אָפטער רב, דער זקן פון אלע רביים פון יענער צייט, דער זיידע פונם חתן שמואל, האָט צוגעזאָגט זיין איידעם, אז ער וועט קומען קיין אוסטיליע צו דער חתונה. האָט מען איינגעלאַדן אלע גוטע־יידן פון יענעם דור זיי זאָלן קומען זיך משמח זיין אויף דער גרויסער אויסטיליער חתונה. אלע האָבן זיך מכין געווען צו קומען צו דער גרויסער שמחה אין וועלכער עס וועט זיך משתתף זיין דער עלטסטער, דער זקן פון אלע גוטע־יידן אין פוילן, דער אפטער רב.

די קעגנער פונם רבין ר׳ בונם האָבן „געזען״ מען זאָל אויך איינלאַדן דעם רבין ר׳ בונם... אויף דעם גרויסן כינוס פון אלע גוטע־יידן, וועלן זיי דאַן ארויסטרעטן קעגן אים און מען וועט אים דאָרטן מחרים זיין און מוצא זיין פון דער חסידישער באוועגונג, אָדער לכל הפחות מבזה זיין ברבים... פאַר זיין נייעם דרך אין חסידות, פאַר זיין אָפּנויג פון דעם אָנגענומענעם חסידישן

שטייגער... זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט און באמת ניט געקאָנט גאָרנישט ניט טאָן אָן דער הסכמה פונם ראש פון די גוטע־יידן, דעם הייליקן אפטער רב.

צוויי פון די גרעסטע קעגנער פונם רבין ר׳ בונם, ר׳ יעקב שמעון דייטש, פון ווישניצא, און ר׳ יוסלע יארטשאָווער, וועלכער איז אגב אויך געווען א תלמיד מובהק פונם אפטער רב, האָבן געפּרוּווט דערציילן מלשינות אויף דעם. רבין ר׳ בונם. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אז דער אפטער רב וועט ניט מקבל זיין טענות פון איין צד, האָבן זיי געזען אז מען זאָל דעם רבין ר׳ בונם איינלאַדן און בפניו וועלן זיי ארויסטרעטן קעגן אים.

ווען דער רבי ר׳ בונם האָט דערהאלטן די חתונה הזמנה, איז ער גרייט געווען צו פאָרן קיין אוסטילע און באווייזן פאר אלע צדיקים, אז די אלע מלשינות וואָס מען רעדט אויף זיין דרך זיינען ניט אמת.

ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער, דער שפּעטערדיקער קאָצקער רבי, האָט זיך אָבער איינגעשפּארט און ניט געלאָזט פאָרן דעם רבין ר׳ בונם צו יענער חתונה „אויב דער רבי וועט זיך ארויפזעצן אויפן וואָגן צו פאָרן קיין אוסטילע, וועל איך זיך אוועקלייגן פאר די פערד און זיי ניט לאָזן גיין״...

דער רבי ר׳ בונם האָט אָבער אלץ געוואָלט פאָרן, זאָגנדיק פאר דער חבריא „אויב מיר האלטן זיך אָן ביי אונדזער טישל, האָבן מיר פאר קיינעם קיין מורא ניט״... האָט ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער געזאָגט: „אויב אזוי פאָר איך מיט אייך מיט, ווייל דער דין איז אז „רב שגלה, תלמידו גולה עמו״, אויב דער רבי גייט אין גלות אריין, מוז דער תלמיד מיט אים מיטגיין.

קאָנענדיק דעם שארפן, שפּעטערדיקן קאָצקער רבין, האָט דער רבי ר׳ שמחה בונם מורא געהאט אז ער וועט ניט נושא פּנים זיין קיינעם, וועט פון דעם ארויסקומען א גרעסערער פּירוד, האָט ער באשלאָסן ניט צו פאָרן, אָבער באשטימט א דעלעגאציע וועלכע זאָל פאָרן קיין אוסטילע אים פארטרעטן און טאָמער וועט אימעצער פרעגן קשיות אויף זיין התנהגות זאָלן זיין וויסן וואָס צו ענטפערן.

די דעלעגאציע איז באשטאנען פון א גאון אין תורה, א גדול אין חסידות, א חכם, א נגיד און איינער וועלכער זאָל האָבן א כוח הדיבור.

דער גאון אין תורה איז געווען ר׳ איטשע־מאיר אלטער, דער ערשטער גערער רבי; דער חסיד איז געווען ר׳ פייוועלע גריצער; דער חכם, ר׳ זושא שעדלעצער; דער נגיד, ר׳ יששכר הורוויץ, דער איידעם פון ר׳ בערקע בערגסאָן. ער איז געווען אי א למדן און אי א נגיד; און דער דברן איז געווען ר׳ אליעזר בער גראבאָוויצער.

קיין אוסטיליע האָבן זיך פאַרזאַמלט איבער צוויי הונדערט גוטע־יידן אין ווייס־זיידענע בעקעשעס, פון גאַנץ פוילן און גאַליציע. דער אַפּטער רב, דער זקן הצדיקים און זיידע פונם חתן איז געזעסן בראש.

די אויבנדערמאָנטע קעגנער פונם רבין ר׳ בונם האָבן אָנגעהויבן צו געבן לשון אויפן פשיסכער דרך. באשר בכן מען לערנט דאָרטן ניט קיין תורה, זיי זיינען מזלזל אין פיל מצוות, זיי דאַווענען שפּעט, זיי זיינען עובר זמן תפלה און לאַכן אָפּ פון אַנדערע גוטע־יידן...

דער זקן הצדיקים, דער אַפּטער רב, האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה. אַזוי ווי דאָ זיינען געווען פאַרזאַמלט די צדיקי הדור און גדולי התורה, האָט ער געפרעגט אַ שווערע קשיא און געפרעגט ווער עס ווייסט אַן ענטפער זאָל זאָגן.

די פשיסכער דעלעגאַציע איז געזעסן ביים עק פונם גרויסן און לאַנגן טיש, ווייל קיינער פון זיי איז דאָך נאָך קיין רבי ניט געווען. ר׳ איטשע־מאיר אַלטער, זייענדיק נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, איז געזעסן ביים סאַמע סוף פונם טיש. הערנדיק דעם אַפּטער רבס קשיא, האָט ער געזאָגט צו זיין שכן אין דער שטיל, אַז לדעתו איז עס גאָר קיין קשיא ניט און ער האָט מסביר געווען דעם גאַנצן ענין.

ר׳ זושא שעדלעצער, דער חכם פון דער דעלעגאַציע, האָט אַ געשריי געטאָן אויפן קול: איטשע מאיר, למה אתה בוש? לכך נבחרת! פאַרוואָס שעמסטו זיך? צוליב דעם האָט מען דיך דאָ אַהער געשיקט!..

דער אַפּטער האָט דערהערט אַז ביים עק טיש רעדט מען עפּעס וועגן זיין קשיא, האָט ער געהייסן דעם יונגערמאַן, ר׳ איטשע מאירן, צוקומען צו אים נעענטער. ווען דער זקן הצדיקים האָט דערהערט ווי אַזוי דער יונגערמאַן איז מסביר דעם ענין און ממילא איז שוין קיין קשיא ניטאָ, איז ער שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון זיין גאונות און חריפות. פרעגט ער אים: ווער ביסטו יונגערמאַן? האָט ער אים געענטפערט אַז ער מיט נאָך פיר חסידים פונם רבין ר׳ בונם זיינען געקומען צו דער חתונה פון זיין אייניקל. דער אַפּטער רב האָט באַפוילן אַז מען זאָל די פשיסכער דעלעגאַציע זעצן נעענטער צו אים...

ווען די קעגנער פונם רבין ר׳ בונם האָבן געזען ווי אַזוי דער זקן הצדיקים איז גאָר מכבד די פשיסכער שליחים, האָבן זיי אַרויסגעשטעלט ר׳ יוסלע יאַרטשאָווער ער זאָל באַווייזן ווי אַזוי די פשיסכער מאַכן אַ תל פונם גאַנצן חסידות. ר׳ יוסלע, זייענדיק אַ מקורב ביים אַפּטער רב, האָט אויסגערעכנט אַלע חטאים אויפן רבין ר׳ בונם און אויף זיין נייעם דרך.

ר׳ אליעזר גראַבאָוויצער וועלכער איז געשיקט געוואָרן צו זיין דער

דברן, איז ארויסגעשפרונגען אויפן טיש, זיך געשטעלט פנים אל פנים צום אפטער רב און הויך אויפן קול אָפגעווענדעט אלע תרעומות, רכילות און לשון הרעס אויף זיין גרויסן רבין ר׳ בונם. ר׳ יצחק מאיר זינקאָווער, דעם אפטערס רבס זון, האָט געהאלטן אז אליעזר בער גראבאָוויצערס הויכע און הארטע דיבורים זיינען א פחיתת הכבוד פאר זיין פאָטער, דעם אפטער רב, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין טאטן און געזאָגט: טאטע, וואָס רעדסטו מיט אזא שטייגער מענטש? זעסט דאָך אז אלע זיינע איברים זיינען פול מיט עזות...

הערנדיק די ווערטער, האָט ר׳ אליעזר בער גראבאָוויצער אויפגעקנעפלט זיין וועסטל און אויפגעריסן דעם קאָלנער פון זיין העמד, און געזאָגט צום זקן הצדיקים און אלע טיש-זיצערס: אדרבה, קוקט אריין אין מיין הארצן און זעט צי דאָרטן איז פאראן עזות?..

דער אפטער רב איז שטארק נתפעל געוואָרן פון זיינע רייד און זיך געווענדעט צו זיין זון און געזאָגט: ביין, מיין זון, איך זע אז פון אלע זיינע איברים גיסט זיך יראת שמים און ניט קיין עזות חס ושלום...

ר׳ אליעזר בער האָט געטענהט, אז די הויפט-רכילות אויפן רבין ר׳ בונם איז אז דאָרטן לערנט מען ווייניק תורה. אדרבה, האָט ער אויסגערופן, ר׳ איטשע מאיר אלטער איז דער יונגסטער פון די פשיסכער חסידים, זאָלן די צדיקים וועלכע זיצן דאָ אים פרעגן די שווערסטע סוגיות און הארבסטע שטעלן אין בבלי און ירושלמי, וועלן זיי זען ווי אזוי מען לערנט אין פשיסכע תורה.

צווישן די גוטע-יידן אויף דער אוסטילער חתונה זיינען געווען א טייל, וועלכע האָבן געהאלטן מיט די קעגנער פונם רבין ר׳ בונם און א טייל האָבן געהאלטן, אז זיין דרך איז א הויכער, און כאָטש דער המון-עם חסידים קאָן זיך ניט דערהויבן אזוי הויך, טאָר מען חס ושלום זיך ניט פארטשעפען מיטן רבין ר׳ בונם...

דער זקן הצדיקים, דער אפטער רב, האָט עס געדארפט זאָגן זיין לעצט וואָרט. ער האָט געדארפט זיין דער מכריע. אלע האָבן מיט גרויס דרך־ארץ אָפגעווארט צו הערן א וואָרט פון אים.

צווישן די צוויי הונדערט גוטע־יידן אין די ווייסע, זיידענע קאַפּאָטעס איז אויך געווען דעם ייד הקדושס זון, דער רבי ר׳ ירחמיאל, טאקע פונם זעלבן פשיסכא. האָט דער הייליקער אפטער רב געזאָגט: וואָס קאָנען מיר זאָגן פון דער ווייטנס, אין לך אלא מה שעיני הדיין רואות. לאָמיר פרעגן דעם רבין ר׳ ירחמיאל פון פשיסכא. ער וואוינט דאָך אין דער זעלבער שטאָט, זיין עדות זאָגן האָט דאָך א באזונדער חשיבות, ווייל ער זעט דאָך אלץ פון דער נאָענט.

דעם רבין ר׳ בונמס דעלעגאציע האָט לכתחילה געהאט חולשת הלב פון דעם וויסנדיק אז דער רבי ר׳ בונם האָט דאָך אוועקגענומען א גרויסן עולם פונם ייד הקדוש, און ממילא איז געווען א קצת פירוד צווישן אים און צווישן דעם ייד הקדושס זון, דעם רבין ר׳ ירחמיאל. האָבן זיי מורא געהאַט פאר זיינע רייד, וועלכע האָבן געדארפט זיין דאָס וויכטיקע עדות קעגן אָדער פאר זייער גרויסן רבין ר׳ בונם.

דער רבי ר׳ ירחמיאל פון פשיסכא האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט התלהבות געזאָגט: איך זאג עדות אז דער רבי ר׳ בונם איז געווען דאָס שפיצל פון מיין טאטנס הארץ... און ער איז געווען אזוי חשוב ביי אים ווי זיין שווארצאפל פון זיין אויג... איך האָב געהערט פון מיין טאטן, דעם ייד הקדוש זצ״ל, ווי ער האָט געזאָגט: דעם אוצר פון יראת שמים האָב איך באהאלטן ביי מיין בונמען...

איך געדענקט, האָט דעם ייד הקדושס זון, ר׳ ירחמיאל, ווייטער דערציילט מיט גרויס התלהבות, אז איינמאָל איז דער רבי ר׳ בונם צוריקגעקומען פון דאנציג, איז ער אריינגעגאנגען שלום נעמען צום טאטן, האָט ער זיך פארזוימט עטלעכע שעה. ער האָט אים דערציילט פארשיידענע התנהגות פון דאנציג, וועגן מסחר און סתם דיבורים, וועלכע האָבן אין מיינע אויגן געקלונגען ווי דברים בטלים. איך האָב געהאט עגמת נפש וואָס ער איז מבטל דעם טאטן אזא לאנגע צייט. איך האָב זיך אָבער ניט אָנגערופן מיט קיין וואָרט, צוליב דרך־ארץ און כבוד אב. ווען דער רבי ר׳ בונם האָט געענדיקט זיינע מעשיות און סתם דיבורים, האָט דער טאטע זכרונו לברכה מיר באפוילן איך זאָל אים באגלייטן צו זיין אכסניא. צוריקקומענדיק צום טאַטן האָט ער צו מיר געזאָגט בזה הלשון: צי ווייסטו, ירחמיאל, וואָס ר׳ בונם האָט מיר דערציילט? זאָלסט וויסן אז ער האָט מיט מיר גערעדט פון אזעלכע הויכע ענינים וועלכע זיינען טיפער ווי דער תהום און זיי דערגרייכן ביז צום כסא הכבוד. ממש מה מלמעלה און מה מלמטה...

---

ווען די קעגנער פונם רבין ר׳ בונם האָבן געהערט דאָס עדות־זאָגן פונם רבין ר׳ ירחמיאל, דעם ייד הקדושס זון, וועלכער פירט ראביסטווע טאקע אין זעלבן שטעטל פשיסכא וואו ער רבי ר׳ בונם, און דאָס עדות זאָגן האָט איבערגעלאָזן א טיפן רושם אויף די גוטע־יידן, וועלכע האָבן אצינד געהערט דעם אמת, האָט ר׳ שמעון דייטש אליין ניט אָפגעלאָזט און ווייטער גערעדט קעגן דעם רבין ר׳ בונם.

עס האָט שוין פיל מאָל געטראָפן ביי יידן, נייע דרכים זאָלן געלערנט ווערן און זיי האָבן שפעטער אראָפּגעפירט פון דרך הישר. לאָמיר נעמען שבתי צבי ימ״ש, אין וועמען עס האָבן געגלויבט א חוץ דער המון עם, אויך רבנים און לומדים, אזוי קאָן דער נייער דרך פונם רבין ר׳ בונם אראָפּפירן פון אמתן חסידישן וועג.

דאָ האָט זיך שוין דער זקן הצדיקים, דער אפטער רב, ניט געקאָנט איינהאלטן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געשריען צו ר׳ שמעון דייטש: „איר זייט באקאנט פאר אן אלטן בעל מחלוקת, איר האָט אויך אָנגעמאכט א פירוד צווישן חוזה פון לובלין און דעם ייד הקדוש. ווען איר וואָלט געלעבט אין א וואלד, וואָלט איר זיך אויך ארומגעקריגט מיט אלע ביימער״...

דער אפטער רב האָט זיך נאָכן בענטשן און זאָגן שבע ברכות אויפ־געשטעלט און איז ארויס אין א חסידישן התלהבותדיקן ריקוד. ער האָט גענומען ר׳ איטשע מאיר אלטערן, דעם ייִנגסטן חסיד פונם רבין ר׳ בונם, און מיט אים געטאנצט...

אויף אזא אופן איז צעקלאפּט געוואָרן די גאנצע באשולדיקונג קעגן רבין ר׳ בונם און קעגן זיין נייעם דרך אין חסידות.

ר׳ איטשע מאיר אלטער, דער בעל חידושי הרי״ם, דער ערשטער גערער רבי זצ״ל, האָט תמיד דערציילט חידושים פון יענער גרויסער אויסטילער חתונה. דאָרטן האָט ער זיך באקענט מיט כמעט אלע גוטע־יידן פון זיין דור. ער האָט שטארק מפליא געווען דעם אפטער רבס תורה זאָגן. פון זיין מויל האָבן זיך געשיט פּערל, איך וואָלט ניט מיד געוואָרן שעהן לאנג צו הערן תורה פונם אפטער רב זצ״ל, האָט ער געזאָגט.

די גאנצע קלאגע און באשולדיקונג קעגן מאָדנעם התנהגות פונם רבין ר׳ שמחה בונם פון פשיסכע, איז רעהאביליטירט געוואָרן פון די גרעסטע צדיקים פונם דור...

דאָס האלטן זיך אין פשיסכא פון אזעלכע ריזן ווי דער קאָצקער רבי, דער בעל חידושי הרי״ם, דער ר׳ הענעך פון אלכסנדר, ר׳ פייוועלע גריצער, ר׳ ישעיהלע פּראגער, ר׳ יצחקל וואורקער, וועלכע זיינען שפעטער אליין געוואָרן גרויסע חסידישע מנהיגים, זאָגט געווּג עדות ווי הימל־הויך דער רבי ר׳ בונם איז געווען. ער האָט ניט געזוכט קיין נייעם דרך, נאָר פּונקט ווי זיין רבי, דער ייד הקדוש, האָט ער דערזען די ירידה פון חסידות. דער עולם רייסט זיך צו די רביים וועגן גשמיותדיקע ענינים און די מנהיגים זיינען עוסק גאנצן טאָג מיט געבן סגולות און רפואות, מיט עצות ווי צו פירן

מסחרים און שידוכים, האָט ער, ווי זיין פאָרגענגענער, דער ייד הקדוש, אָנגעהויבן פארטיפן חסידות, עס אוועקשטעלן אויף א מדריגה צו וועלכער ניט איטלעכער זאָל קאָנען גרינג צוקומען, נאָר זאָל מוזן פריער קונה שלימות זיין, ארבעטן מיט זיך, צו זיין א פונה מכל עסקיו. כדי צו קאָנען ווערן אן איש צבא און קאָנען געהערן צום לגיון של מלך...

די גרויסע תלמידים זיינע האָבן אים שטארק מפליא געווען. דער קאָצקער רבי האָט אמאָל געזאָגט אויפן רבין ר׳ בונם, אז לויט זיינע הויכע מדריגות האָט ער געדארפט קאָנען מחיה מתים זיין.

דער „חידושי הרי״ם", דער ערשטער גערער רבי, דער הויפט פון אונדזער מאָנאָגראפיע, האָט אמאָל געזאָגט דעם ווארשעווער רב, ר׳ בעריש מייזעלס, אז ווען דער רבי ר׳ יונתן אייבעשיץ, דער בעלי „כרתי ופליתי" און בעל „יערות דבש", וואָלט ניט געהאט קיין מחלוקת פון ר׳ יעקב עמדין, וואָלט ער שיעור ניט אזוי גרויס געווען ווי דער רבי ר׳ בונם...

קיין ספרים האָט דער רבי ר׳ בונם ניט געשריבן. דער ספר „קול שמחה" איז געדרוקט געוואָרן פון זיינע אייניקלעך.

דרייצן יאָר האָט דער שארפער חכם עתיק, דער גאון אין נגלה, דער בעל־הבית איבער אלע זיינע רמ״ח איברים ושס״ה גידים, דער אָדון איבער זיינע חושים און הרגשות, דער מקובל אלקי וועלכער האָט געקענט די וועלט מיט אלץ וואָס געפינט זיך אויף איר און אין איר, דער הייליקער רבי ר׳ בונם זצ״ל געפירט ראַביסטוואָ, פון יאָר תקע״ד ביז תקפ״ז. ער איז געשטאנען אין סאמע מיטן פונם שטורעמדיקן יידישן לעבן. צענדליקער טויזנטער חסידים זיינען באשטראלט געוואָרן פון זיין קדושה און חכמה.

בסוף ימיו איז ער געוואָרן א סגי־נהר און ר׳ שמואל שינאווער, דער בעל „רמתים צופים", האָט אים פאַר פאָרגעזאָגט זוהר און מדרש. ווען עס האָבן זיך דערנעענטערט זיינע לעצטע שעהן פאר זיין הסתלקות, דערציילט ר׳ שמואל שינאווער, האָט דער רבי ר׳ בונם דערהערט ווי זיין רביצין שטייט אין א ווינקל און וויינט. האָט ער זי צוגערופן און געזאָגט: וואָס איז דאָס פאר א געוויין? כל ימי האָב איך געלערנט איך זאָל וויסן ווי אזוי צו שטארבן און אצינד איז געקומען די צייט. וואָס איז שייך צו וויינען?

ארום זיין קראנקן בעט זיינען תמיד געווען די נאָענטסטע מקורבים, זיין זון ר׳ אברהם משה, דער שפעטערדיקער קאָצקער רבי; ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער; ר׳ איטשע מאיר אלטער, דער ערשטער גערער רבי; ר׳ יצחקל וואָרקער, ר׳ שמואל שינאווער, ר׳ יחזקאל קוזמירער, ר׳ יעקעלע ראדזימינער, ר׳ מרדכי

יוסף פון איזשביצע, ר׳ אלכסנדר זושע פלאָצקער (וועלכער האָט שפּעטער צוזאמענגעשטעלט און אָפּגעדרוקט דעם :קול שמחה״, חידושי תורה פונם רבין ר׳ בונם) און פיל אנדערע חסידים נאמנים, וועלכע זיינען געווען דבוק בלב ונפש אין זייער גרויסן רבין.

אין בית המדרש האָט דער עולם געזאָגט תהלים מיט גרויסע בכיות, פון דער גאנצער סביבה זיינען אָנגעקומען חסידים, זיי האָבן געוואָלט זיין נאָענט צו זייער רבין אין די לעצטע שעהן פון זיין לעבן אויף דעם עולם.

ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער, דער שפּעטערדיקער קאָצקער רבי, האָט געהאט באשטימט זמן חתונה פון זיין בכור ר׳ דוד. די חתונה האָט געדארפט געפראוועט ווערן אין אָפּאָטשנע, י״א אלול. ר׳ מענדעלע האָט ניט געוואָלט פאָרן צו זיין בכורס חתונה, ער האָט ניט געוואָלט פארלאָזן זיין רבין אין אזא מצב.

דער רבי ר׳ בונם האָט אים אָבער באפוילן בתורת פקידה, אז זאָל ניט פארשטערן זיין קינדס שמחה. ער האָט אים מפציר געווען און אים אוועקגעשיקט פון זיין קראנקן בעט קיין אָפּאָטשנע ממש א טאָג פאר זיין פטירה. א טאָג שפּעטער, צוועלף טעג אין חודש אלול, אינם יאָר תקפ״ז, איז דער רבי ר׳ בונם נסתלק געוואָרן, אלט זייענדיק פינף און זעכציק יאָר.

זיין דרך און השפעה האָט איבערגעלאָזט טיפע וואָרצלען אין פּוילישן חסידות. זיינע מקורבים, לומדים און חסידים האָבן מיט גרויס התלהבות נאָכדערציילט און נאָכגעזאָגט תורות שיחות און חכמות, זיינע פּיקחותדיקע רייד זיינען נוקב עד התהום.

די הערצה און פארערונג מצד זיינע תלמידים מובהקים צו זייער גרויסן רבין איז געווען גוואלדיק גרויס.

ווען א ווארשעווער חסיד איז געווען אין רוסלאנד צוליב זיינע מסחרים, האָט ער זיך אריבערגעכאפּט קיין טשערנאָבל אויף א שבת. אהיימקומענדיק האָט ער שטאַרק מפליא געווען דעם טשערנאָבלערס תורה. ווען ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער, דער שארפער קאָצקער רבי, האָט דעם דאָזיקן חסיד א פרעג געטאָן וואָס ער האָט געזען אין טשערנאָבל, האָט יענער חסיד געענטפערט: פון דריי זאכן בין איך בתפעל געוואָרן. זיי, די טשערנאָבלער, זיינען אויף גאנץ פרייטיק צו נאכטס, זיי זאָגן אויס גאנץ תהלים איטלעכן טאָג און ער זאָגט תורה אין הימל אריין.

ענטפערט אים דער קאָצקער, וואָס עפּעס דוקא פרייטיק צו נאכטס? מיר, אין פּשיסכא, לייגן זיך קיינמאָל ניט שלאָפן כל־זמן די פיס טראָגן אונדז

נאָך... דער טשערנאָבלער זאָגט תורה אין הימל אריין — אין פשיסכא זאָגט מען תורה ניט אין הימל אריין, נאָר אין פופיק אריין...

און דאָס וואָס זיי זאָגן אויס איטלעכן טאָג גאַנץ תהלים, דאָס פארשטיי איך גאָרניט. ווי איז דאָס מעגלעך? דאָס וואָס דוד המלך האָט געארבעט זיבעציק יאָר, זאָל מען קאָנען אויסזאָגן אין איין טאָג?..

— — — — — — — — — — — — — —

ר׳ איטשע מאיר אלטער, דער שפּעטערדיקער ערשטער גערער רבי, דער בעל „חידושי הרי״ם״, האָט אויך שטארק מפליא געווען דעם רבין ר׳ בונם.

ביז פשיסכא, האָט ער געזאָגט, איז דאָס גאַנצע חסידות געווען א פּירוש אויפן בעל שם טוב, און פון פשיסכא אָן איז דאָס גאַנצע חסידות א פּירוש אויף פשיסכא...

דער רבי ר׳ העניך הכהן, פון אלכסנדר, איינער פון די דריי גרויסע פשיסכער חסידים: דער קאָצקער און דער גערער, וועלכער האָט שפּעטער נאָך דער פּטירה פונם „חידושי הרי״ם״ זצ״ל אליין געפירט דעם עולם חסידים, האָט געזאָגט, אז דער רבי ר׳ בונם האָט געהאט דריי פּירושים: דער קאָצקער מיט זיין שארפקייט, דער גערער רבי מיט זיין גאונות אין תורת הנגלה והנסתר, און זיין חכמה האָט ער איבערגעלאָזט צו אונדז.

די גרויסע פארערונג איז ניט געקומען פון סתם חסידים, וועלכע האָבן ליב מגזם און מפליא צו זיין זייערע רביים. די הערצה איז געקומען פון הימל־הויכע, הייליקע יידן וועלכע האָבן זיך תמיד גערעכנט מיט א וואָרט, ווי דער קאָצקער, דער גערער און דער אלכסנדר רבי, זכר כולם לברכה.

ארום צוועלף יאָר האָט דער רבי ר׳ בונם געפירט זיין עדה, וועלכע איז באשטאנען, ווי שוין דערמאָנט, פון א געקליבענעם עולם, יחידי סגולה, בעלי מדריגה, שארפע מוחות, לומדים און גאונים נסתרים וועלכע האָבן באהאלטן זייערע מעשים טובים. זיי זיינען געווען אויסגעמישט מיטן המון־עם און אין געהיים געווען עובדי השם בלב ונפש.

די הימל־הויכע חכמה פון זייער רבין האָט באשטראַלט זייער תוך.

פאראן א פאָלק וואָרט: זאָג מיר ווער דיין חבר איז, וועל איך ממילא וויסן ווער דו ביסט...

צו וויסן און פארשטיין ווער עס איז געווען דער רבי ר׳ בונם, דארף מען זען ווער זיינע נאָענטע, בלב ונפש איבערגעגעבענע מקורבים זיינען געווען.

דער הימל־הויכער, שארפער קאָצקער רבי האָט געזאָגט, אז ער איז

מאמין אז דער רבי ר׳ בונם איז געווען במדריגה צו זיין א מחיה מתים... דער גאון־עולם, דער בעל „חידושי הרי״ם״, ערשטער גערער רבי, דער גרויסער פקח און חכם בחכמת אלקים, דער רבי ר׳ הענעך פון אלכסנדר, דער אוהב ישראל און עובד השם ר׳ יצחקל וואָרקער, דער גרויסער בעל מופת ר׳ יעקעלע ראַדזימינער, ר׳ יחזקאל קוזמיר דער פאָטער פון דער מאָדזיצער דינאסטיע, ר׳ מרדכי יוסף איזשביצער פאָטער פון דער ראדזינער דינאסטיע, דער זיידע פון „בעל תכלת״, ר׳ אברהמעלע טשעכאנאָווער, באַרימטער גאון און חסידישער רבי בנוסח אשכנז, ר׳ פייוועלע גריצער, פאָטער פון דער אלכסנדערער דינאסטיע (ניט פארוועקסלען מיטן רבין ר׳ העניך פון אלכסנדר), רבי אלעזר סאָכאַטשאָווער, בעל „חידושי מהרא״ך״, איידעם פון וועלט־באַרימטן ליסער רב, בעל „חות דעת״.

פון א וואלד סוחר, וועלכער האָט געפירט דאָס פוילישע געהילץ אויף טראַטוועס אויף דער פוילישער ווייסל קיין דאנציג, וועלכער האָט געקאָנט די וועלט וואָס דער אויבערשטער האָט באשאפן: פון אן אפטייקער, וועלכער האָט באקומען זיין רעכט צו פראקטיצירן אפטייקעריי אין לעמבערג, געקאָנט אויך לאטיין, דייטש, פויליש און רוסיש, ארויפצושטייגן אויף אזא הויכע מדריגה צו ווערן א רבי פון וועלט באַרימטע רביים, האָט געמוזט זיין א גרויסער מופת!

ניט געקוקט אויפן התנגדות פון אנדערע רביים וועלכע האָבן גורס געווען מאסן חסידות און זיי האָבן געגלויבט אז אזוי האָט מכוון געווען רבי ישראל בעל שם טוב, האָט מען אין פשיסכא, סיי ביים „ייד הקדוש״ און סיי ביי זיין ממלא מקומו, דעם רבין ר׳ בונם, זיך פעסט געהאלטן אויף דער הויכער מדריגה פון יחידי סגולה, בעלי מוח און בעלי רגש „בלתי לה׳ לבדו״ יידן...

קאפיטל פערצן

## קאָצק

מתנגדים האָבן ניט געקאָנט סובל זיין די שיטה פון חסידות. זיי האָבן עס פשוט ניט געקאָנט משיג זיין. איך רייד דאָ אצינד ניט פון יענע בעלי־מחלוקת אָדער סתם ניט פארגינערס, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן זעענדיק ווי דער המון־עם ווערט פארכאפט פון דער חסידישער באוועגונג.

נאָר אפילו די ערלעכע מתנגדים, די וועלכע האָבן זיך איבערצייגט אז די חסידישע מנהיגים זיינען גרויסע לומדים, אמתע צדיקים אנשי־מעשה, און זיי זיינען „בלתי לה׳ לבדו״, דאָך האָט זיך אין זיי ניט אָנגעצונדן יענער אור. עס האָט זיך אין זיי ניט צעפלאַמט יענע התלהבות וועלכע דער הייליקער בעל שם טוב האָט אַראָפּגעבראַכט פון אור הגנוז, וועלכער איז באהאַלטן פאַר צדיקים לעתיד לבוא...

ממש פונקט אזוי האָבן ניט געקאָנט סובל זיין א טייל חסידישע גוטע־יידן, באַרימטע רביים פון פוילן און פון גאַליציע, די נייע שיטה אין חסידות, וועלכע דער „ייד הקדוש״ האָט באנייט. זיי האָבן געקריגט אויפן ייד הקדוש, כאָטש זיי האָבן געוואוסט אז ער איז געווען א גאון עצום, א יושב בתענית, זיך מסגף געווען זיין גוף און ניט אַרויסגערעדט קיין דיבור אָן מייחד צו זיין יחודים. זיי האָבן מחולק געווען מיט זיין תלמיד, דעם רבין ר׳ בונם, כאָטש זיי האָבן געוואוסט אז עס האָבן זיך צו אים מתדבק געווען הייליקע יידן, שאַרפע מוחות, לומדים און צדיקים, אנשי מעשה און יחידי סגולה. זיי האָבן ניט געקאָנט סובל זיין ווי דער רבי ר׳ בונם זעצט זיך אַוועק מיט צענדליקער תלמידים און לערנט מיט זיי גמרא מיט תוספות, פוסקים, ראשונים און אחרונים... און איז מבטל דעם אָנגענומענעם דרך פון גוטע יידן צו זיצן פאַרשלאָסן אין א חדר מיוחד און אויסצוהערן בקשות פון חסידים, בקשות דאָס רוב פון גשמיותדיקע נויטן.

דאָס חסידישע התנגדות צו קאָצק האָט אָבער איבערגעשטיגן די קעגנערשאַפט פון די חסידישע גוטע־יידן צום ייד הקדוש און צום רבין ר׳ בונם...

דער קאָצקער האָט עפנטלעך „א תל געמאַכט״ צום אָנגענומענעם חסידישן דרך — אז א חסיד איז זיך צופיל סומך אויף זיין רבין...

ווען א ייד איז געקומען קיין קאָצק און זיך מתנצל געווען אז ער האָט ניט קיין פּרנסה, אָדער איז לא עלינו א חשוכי בנים, האָט זיך ר׳ מענדעלע שטאַרק צעבייזערט און מיט גרויס הקפדה געשריגן צו יענעם יידן: וואָס בין איך דען א כישוף־מאַכער, א זנאַכאַר, איך זאָל דיר געבן קינדער?.. פּרנסה ווילסטו? פון וואַנעט קאָן איך דיר געבן פּרנסה, איך אליין לעב דאָך אין דחקות!.. איך לייג זיך שלאָפן פיל מאָל אָן וועטשערע און איך ווייס ניט פון וואַנען איך וועל מאָרגן האָבן איבערצובייסן, קומסטו צו מיר בעטן פּרנסה?

דער חסיד פאַרלירט זיך אָבער ניט. ער נעמט זיך אָן מיט כוח און

זאָגט: רבי, די וועלט האלט אייך פאר א פועל ישועות, אז ווען איר בעט צום אייבערשטן הערט ער אייערע תפלות.

צעבייזערט זיך דער קאָצקער נאָך שטארקער און שרייט נאָך העכער: די וועלט זאָגט? ווער איז די וועלט? חמורים זיינען זיי, פערד אָן דעת און אָן שכל. דער נביא ירמיה האָט אויך שוין געהאט אזא פעוועל. אומרים לעץ אָבי אתה, ולאבן את ילדתני, זיי כאפן זיך אָן אין א שטיק האָלץ און ווילן געהאָלפן ווערן... פרנסה איז אין די הענט פון הקדוש ברוך הוא. די יידן אין דער מדבר זיינען אויך געקומען צו משהן מיט אהרן און געבעטן פרנסה. שטייט אין דער תורה בפירוש אז דער אייבערשטער האָט געזאָגט: הנני ממטיר לכם לחם מן השמים. איך אליין, ניט משה און אהרן... כאָטש זיי זיינען געווען שיינע גוטע־יידן.

יעקב אָבינו איז געווען א צדיק יסוד עולם. זיין צורה איז חקוקה תחת כסא לכבוד. ער איז געווען א איש תם יושב אהלים, דער מבחר שבאָבות און אז רחל האָט פאר אים געוויינט: הבא לי בנים, ואם אין מתה אָנכי, האָט זיך יעקב צעבייזערט, ויחר אף יעקב ברחל ויאמר, התחת אלקים אָנכי, אשר מנע ממך פרי בטן?.. און ביי לאהן שטייט אין פסוק: וירא ה׳ כי שנואה לאה ויפתח את רחמה. יעקב אָבינו איז געווען א רבי און ער האָט געלערנט זיינע חסידים אז ס׳איז פאראן א גאָט אויף דער וועלט וועלכער גיט פרנסה און קינדער. פון הימל האָט מען מיך דאָ אוועקגעשטעלט צו ווייזן יידן א דרך ווי אזוי צו דינען השם יתברך. דארפסט פרנסה און קינדער, בעט ביי השם יתברך. ער איז א שומע תפלת כל פה. צו די אלע בקשות דארף מען ניט קיין רבין, דער אייבערשטער איז א פועל ישועות. בעט צו אים וועסטו זיכער געהאָלפן ווערן...

אזעלכע שארפע דיבורים האָבן געהאט פליגל, זיי זיינען אָנגעקומען אין אלע חסידישע הויפן. די קעגנער פון קאָצק האָבן בפירוש געזען אז אזא התהנהגות וועט „חרוב" מאכן דעם אָנגענומענעם דרך פון חסידות, אז דער חסיד פארלאָזט זיך אויפן רבין, וועלכער דארף זיין דער סירסור, דער פארמיטלער צווישן דעם חסיד און דעם אייבערשטען...

קאָצקער שיטה איז אָבער געווען קלאָר און שארף און מען האָט זיך בכלל דאָרטן ניט גערעכנט מיט וואָס יענער זאָגט...

די מרגלים האָבן אָנגעשראָקן די יידן. זיי האָבן געזאָגט: ונהי בעינינו כחגבים וכן היינו בעיניהם. האָט דער קאָצקער מיט דעם פארפעסטיקט זיין

שיטה, בשלמה, ונהי בעיניגו כחגבים פארשטיי איך, אָבער וכן היינו בעיניהם ?.. וואָס ארט עס אייך ווי אזוי איר קוקט אויס ביי יענעם ?..

זיינע געטרייע אָנהענגער וועלכע האָבן אים באטראכט ווי א איש אלקים, פלעגן זאָגן : אמת מארץ תצמח דער אמת שפראָצט און וואקסט מ א ר ץ , וואָס באטרעפט אזויפיל ווי „מקאָצק".

ווען דער רבי ר' בונם איז נסתלק געוואָרן, י"ב אלול, איז ר' מענדעלע געווען אין אָפּאָטשנע אויף דער חתונה פון זיין זון ר' דודל. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פשיסכא א טאָג נאָך דער לויה (י"ג אלול), האָט ער פארלאנגט דעם שליסל פון זיין רבינס פארשלאָסענעם חדר. ער האָט זיך דאָרטן פארמאכט אויף עטלעכע שעה. ארויסקומענדיק פון יענעם חדר, האָט ער מגלה געווען צו זיינע מקורבים בזה הלשון : קיינער פון אייך איז ניט געווען אויף דער לויה פונם רבין, נאָר איך אליין...

דער עולם איז פארבליבן אָן א מנהיג. איטלעכער האָט מורא געהאט צו עפענען א מויל און פרעגן. די עלטערע חסידים האָבן זיך געשושקעט און געסודעט, אָבער ווער וועט האָבן די העזה צו פרעגן ? .. — איז מען געזעסן אין פשיסכא און געווארט...

א קליינער טייל פונם עולם האָט זיך מכניע געווען צו זיין זון, ר' אברהם משה, וועלכער איז פארבליבן אין פשיסכא די שארפע יונגעלייט האָבן זיך אָבער ניט געקאָנט מכניע זיין צו אים. זיי האָבן ניט אנערקענט אז חסידישע הנהגה האָט בכלל א שייכות צו ירושה. זיי האָבן געהאלטן אז משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע, און ניט צו זיינע קינדער...

נאָכן בעל שם טוב האָט איבערגענומען די עדה דער רבי ר' בער פון מעזריטש און ניט דעם בעל שם טובס זון, ר' הערש, כאָטש ער איז געווען א הצנע לכת און א צדיק יסוד עולם.

נאָכן רבין ר' בערס הסתלקות האָבן איבערגענומען פארשיידענע גדולים דאָס ראביסטוואָ : רבי שניאור זלמן אין רייסן, דער רבי ר' אלימלך פון ליזשענסק, אין גאליציע, וכו' כאָטש עס איז פארבליבן פונם רבין ר' בערן א זון אזא קדוש וטהור ווי ר' אברהם המלאך זצ"ל.

נאָכן רבין ר' אלימלך האָט דער עולם געשטראָמט קיין לובלין, צו דעם „חוזה" (איך רעכן נאָר דעם סדר וועלכער קומט צו אונזער מאָנאָפּראַפּיע „גער") פונם חוזה האָט איבערגענומען דאָס ראביסטוואָ דער „ייד הקדוש" און נאָכן „ייד הקדוש" האָט אים ממלא מקום געווען דער רבי ר' בונם, כאָטש איטלעכער האָט איבערגעלאָזט קינדער גדולים און קדושים. דער

שטייגער האָט אימפּאָנירט און נושא חן געווען ביי די שאַרפע חסידים, וועלכע האָבן ניט געזוכט ביי זייערע רביים קיין גשמיותדיקע הילף, נאָר רוחניות.

זיינען די עילויים און שאַרפע חסידים, געזעסן אין פּשיסכא און געוואַרט ווער פונם עולם (פון עולם דווקא) וועט איבערנעמען דאָס פירעכץ.

פון דער נאָענט און פון דער ווייט, זיינען אָנגעקומען חסידים. ר׳ אברהם משהלע, דעם רבין ר׳ בונמס זון, האָט געוואוסט אז עס קאָכט זיך צווישן עולם. ער אליין האָט אויך געוואָלט זיך מכניע זיין צו איינעם פונם עולם. ס׳איז אים ניט באַקומען וואָס מען האָט אים אוועקגעזעצט אויפן פאָטערס שטול. ער האָט מורא געהאַט אז זיין גרויסן פאָטערס שיטה זאָל ניט ליידן א ירידה דורך זיין אָנהויבן פירן א קליינע עדה.

האָבן אים די גדולי החסידים בפירוש געבעטן צו זיצען אין פּשיסכא און אָנהאַלטען דעם פאָטערס הויז. זיי האָבן אים ניט באַטראַכט פאַר קיין קאָנקורענט. כיבוד אם ואם איז א מצוה גדולה, האָט ער בעל כרחו מסכים געווען. ער האָט אָבער אליין פאַרשטאַנען אז ער דערגרייכט ניט צום פאָטערס קנעכל. ער איז יאָ געווען א גרויסער מבין אויפן פאָטערס חכמה און פקחות. ער האָט געוואוסט אז זיין טאַטע איז געווען א גלגול פון שלמה המלך, אויף וועמען דער פסוק זאָגט ויחכם מכל האָדם.

ר׳ אברהם משהלע האָט אָבער לאַנג ניט מאריך ימים געווען און דער עולם וועלכער האָט זיך צו אים מכניע געווען איז צוריקגעקומען צום שורש, צו קאָצק...

וואָס לענגער עס האָט זיך פאַרצויגן דאָס באַשטימען א נייעם רבין, אלץ מער איז דער עולם געוואָרן אומרויק. טייל האָבן „נתנו עיניהם״ געווען אויף ר׳ איטשע מאירן, דעם שפּעטערדיקן גערער רבין. טייל האָבן גורס געווען אז ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער זאָל איבערנעמען די הנהגה. אָבער ווער וועט בפה מלא אָפן זאָגן וואָס ס׳איז עולה אויף זיין מחשבה?..

די חסידישע אכסניות אין פּשיסכא זיינען פול מיט חסידים, אין בית המדרש איז עומדים צפופים, ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער גייט אַרויס מיט ר׳ איטשע מאירן אין נאָענטן וועלדל, אַרום פּשיסכא — זיי ווילן זיך מיישב זיין.

ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער מאַכט עס כדרכו, קורץ און שאַרף. ער ווענדעט זיך צו זיין חבר, דעם גאון בתורה און איש אלקים, ר׳ יצחק מאיר וואַרשעווער, און זאָגט צו אים בזה הלשון: פון דאַנעט דאַרף קומען די החלטה, אָדער איך צו „אייך״ אָדער „דו״ צו מיר...

(מען דארף מדקדק זיין אין זיין לשון: אָדער איך צו „אייך"... ווייל טאָמער איז ר' איטשע מאיר מסכים איבערצונעמען דאָס ראביסטווא קאָן ער אים דאָך ניט זאָגן בלשון אתה, דו, זאָגט ער איך צו „אייך"; טאָמער ווידער ניט, איז אָדער „דו" צו מיר.

ר' איטשע מאיר האָט גאָרניט געענטפערט. זיי זיינען שטילערהייט צוריק אריין אין דער אכסניא וואו דער גרויסער עולם האָט געוואַרט. ר' איטשע מאיר האָט גענומען א האנטוך, פארוואָרפן אויף זיין אקסל, זיך געאיילט און גענומען אַ שעפּ וואסער מיט א שיסל אין האנט און פארן גאנצן עולם הויך געזאָגט צו ר' מענדעלע טאָמאשאָווער: דאָ איז וואסער, זאָל זיך דער רבי וואשן...

מער האָט דער עולם ניט געדארפט הערן. זיי האָבן אלע פארשטאנען, אז דער ווארשעווער עילוי, דער גאון און צדיק, ר' איטשע מאיר, איז זיך מכניע צו ר' מענדעלע טאָמאשאָווער, וועלכער האָט שפּעטער געפירט אין קאָצק.

דאָן איז געפּראוועט געוואָרן אויף יענער אכסניא די ערשטע סעודה וואו ר' מענדעלע טאָמאשאָווער איז געזעסן אויבן אָן.

איינער פונם עולם וועלכער האָט געהאלטן אז דאָס רביסטווא פונם רבין ר' בונם פאסט זיך גיכער צו ר' איטשע מאירן, ווייל ער, פונקט ווי דער רבי ר' בונם, זיינען סבלנים, געלאסן, גערעדט מיט סבר פנים יפות, צוריקגעהאלטען — דאָס וואָס דער עולם האָט געוואָלט... ר' איטשע מאיר איז געווען נאָך מער סבלן און געלאסן, בשעת ר' מענדעלע איז געווען צו שארף, וואָס ניט איטלעכער קאָן סובל זיין. האָט יענער חסיד גענומען א כוס און דערלאנגט ר' איטשע מאירן ער זאָל בענטשן. ער האָט געמיינט דערמיט צו פּרואוון, אפשר קאָן מען נאָך משנה זיין. ר' איטשע מאיר האָט הויך, פארן גאנצן עולם געזאָגט: ניין, דער רבי זאָל בענטשן...

דאָס איז שוין געווען די ענדגילטיקע החלטה און רבי מענדעלע טאָמאשאָווער איז געוואָרן דער ממלא מקומו פונם רבין ר' בונם פון פּשיסכא.

ר' איטשע מאיר, דער בעל „חידושי הרי"ם" זצ"ל, פלעגט זאָגן: ווען דער רבי ר' בונם איז נסתלק געוואָרן, ווען איך וואָלט צוגעטאָן איין האָר, וואָלט איך גענומען דעם גאנצן עולם... דער רבי, וואָס מיינט אָבער איין האָר „זיך", קאָן אריינפאלן אין גיהנום אריין אפילו מיט די י"ב חלות... איך האָב געזען אין קאָצק א וואָר שטיק פייער, האָב איך זיך אונטערגעבויגן צוויי און דרייסיק יאָר...

מפיו לפידים יהלכו, כידודי אש יתמלטו (איוב, מ״א, י״א). פון זיין מויל האָבן זיך פלאקערן צעפלאקערט, פלאמען האָבן זיך געשאָטן... א וואָר שטיק פייער. נאָר אזא איינער ווי דער „חדושי הרי״ם״ זצ״ל איז געווען א מבין אויף אזא שטיק וואָר (אמתדיק) פייער.

צווישן חסידים האָט זיך שנעל פארשפרייט די ידיעה, אז ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער האָט איבערגענומען די הנהגה פון פשיסכער עולם און פון איין עק פוילן ביז צום צווייטן, האָט זיך דערהערט א קול: אין טאָמאשאָוו איז אויפגעגאנגען א גרויס, הייליג ליכט.

נפשו גחלים תלהט, ולהב מפיו יצא (איוב מ״א י״ג), זיין אָטעם גליט ווי ברענענדיקע קוילן און פלאמען גייען ארויס פון זיין מויל. אין קאָצק האָט מען ניט געגלעט, נאָר געטרייבערט די אָדערן פונם חסיד...

קיין טאָמאשאָוו זיינען געקומען יחידי סגולה. קיין געלויף פון חסידים האָט מען דאָרטן ניט סובל געווען, מען האָט דאָרטן בודק געווען איטלעכן חסיד בשבע בדיקות צי ער פארמאָגט עפעס אן אויסגעאַרבעטע מידה.

ר׳ זעליגל סעראָצקער, א איש תם וישר, נאָר ניט קיין למדן, קומענדיק קיין טאָמאשאָוו, האָט אים ר׳ מענדעלע מקבל געווען בסבר פנים יפות און צום סוף, ביים געזעגענען זיך, האָט ער צו אים געזאָגט: אזא ייד ווי דו, דאַרף ניט קומען צו מיר — מען זיצט הינטערן אויוון און מען זאָגט תהלים...

אויף ר׳ מענדעלעס דיבורים האָט מען געדאַרפט זיין א מבין. איינמאָל האָט ער א זאָג געטאָן צו זיין משמש, ר׳ געצל זאקילקאָווער: זאָלסט וויסן, געצל, מיט איין פוס שטיי איך אין זיבעטן הימל און מיטן אנדערן פוס אין שאול תחתית, אפשר מיינסטו אז עס איז א גרינגע עבודה? זאָג איך דיר אז עס וואָלט מיר גרינגער געווען אריינצושפּרינגען אין א ברענענדיקן קאַלך־אויוון.

קיין טאָמאשאָוו איז אמאָל געקומען א איש מכובד און א נשוא פנים. זאָגט צו אים ר׳ מענדעלע: לעת עתה קאָן איך דיר גאָרניט העלפן. אַרבעט אליין. זאָלסט קודם כל זיין א סור מרע, דאן זאָלסטו ווערן א שונא רע און ווען דו וועסט דערגרייכן צו דער בחינה פון עשה טוב — דאן קום צו מיר, וועל איך דיר העלפן...

דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע, האָט זיך געהאַלטן אין ייד הקדושס דרך, אז ווער עס קאָן זיך אליין ווייזן א פייג, דער קאָן ווייזן א פייג דער

וועלט... דער וואָס מיינט ניט זיך און האָט זיך ניט אין זינען, דעם ארט ניט וואָס אנדערע זאָגן אויף אים...

אין קאָצק, פונקט ווי אין פשיסכא, האָט מען געלערנט אי זוהר און אי דעם מורה נבוכים. פעלגט טאקע דער קאָצקער נאָכזאָגן דעם מורה נבוכים. אויפן פסוק „נעשה אָדם" זאָגן דאָך די חז"ל אז ס'איז יש מקום למינים לטעות אָדער לרדות... זיי וועלן זאָגן אז ס'איז פאראן שתי רשויות „נעשה" א לשון רבים, פונדעסטוועגן האָט די תורה געשריבן אזא לשון, ווייזן א דרך ארץ אז א גרויסער זאָל זיך בעראטן און מיישב זיין מיט א קלענערן פון אים... השם יתברך האָט זיך מיישב געווען מיט זיין בית־דין. זאָגט דער רמב"ם אין מורה נבוכים, אז די תורה האָט געוואָלט עס זאָל ארויסקומען אן אָדם השלם א גאנצער מענטש אָן פגימות און זי האָט גאָרניט מורא געהאט טאָמער וועלן טיפשים זיך טועה זיין און אויסטייטשן דעם נעשה אָדם לויט זייער אפיקורסות...

כידוע איז פאָרגעקומען גרויס התנגדות צו יענעם גאנצן חדר, צום ייד הקדוש, צום רבין ר' בונם און שפעטער צום שארפן קאָצקערס דרך. התנגדות איז א פיל זאָגנדיק וואָרט, פון התנגדות ווערט שנאה, רכילות און לשון הרע. אמאָל האָבן מתנגדים גערעדט אויף חסידים, דאן האָבן זיך אלע חסידים געהאלטן צוזאמען באהבה ואחוה, און צוזאמען אָפגעשלאָגן די טענות פון די קעגנער פון חסידים און חסידות.

שפעטער האָט זיך אָבער אריינגעריסן התנגדות צווישן חסידים אליין, רכילות און לשון הרע אין די אייגענע רייען, פירוד און שנאת חינם צווישן אייגענע איז פיל ערגער און מער שברון הלב ווי ווען התנגדות קומט פון אויסערלעכע רייען.

האָט מען אמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבין פארוואָס איז צווישן חסידים געווען אין די ערשטע צייטן אזא אהבה ואחוה און אצינד איז אזא פירוד?

דער שארפער ר' מענדעלע טאָמאשאָווער האָט געענטפערט: אין הימל איז פאראן א היכל אהבה, דער הייליקער בערדיטשעווער רב האָט געעפנט דעם דאָזיקן היכל, האָט זיך געגאָסן מיט אהבה אין אלע ווינקלעך. זיינען געקומען רשעים און האָבן אויסגענוצט די אהבה צו גשמיותדיקע און תאוה־דיקע ענינים, האָבן די צדיקי הדור געבעטן מען זאָל צוריק פארשליסן יענעם היכל אהבה... פון דאן אָן קאָן מען זוכן מיט ליכט און ניט געפינען א ברעקל אהבה...

דער חידושי הרי״ם זצ״ל דער געטרייער חסיד פון קאָצק, האָט צוגערעדט ר׳ פייוועלע גריצער און ר׳ זושא שעדלעצער, תלמידים פון פשיסכא, אז זיי זאָלן זיך אריבערכאַפּן קיין טאָמאשאָוו, צו ר׳ מענדעלען. האָבן זיי געענטפערט: טאָמאשאָוו איז א הארבער מהרש״א אָן גמרא, ניט איטלעכער מוח קאָן עס סובל זיין...

אין קאָצק האָט מען ממאס געווען דעם גאנצן עולם הזה. די גאנצע וועלט איז ניט ווערט, האָט ר׳ מענדעלע געזאָגט, מען זאָל אויף איר א קרעכץ טאָן.

ר׳ יעקעלע ראדזימינער איז געווען פון דער פשיסכער חבריא (שפּעטער געוואָרן רבי און באוויזן מופתים). פרעגט אים אמאָל ר׳ מענדעלע טאָמאשאָווער: יעקב, צו וואָס פאר א תכלית איז דער מענטש באשאפן געוואָרן? האָט דער ראדזימינער רבי געענטפערט: דער מענטש איז באשאפן געוואָרן ער זאָל אָפּהיטן זיין נשמה זי זאָל ניט נפגם ווערן.

האָט דער קאָצקער זיך צעשריגן אויפן קול: יעקב, אזוי האָבן מיר געלערנט אין פשיסכא ביים רבין ר׳ בונם? מיר האָבן געלערנט דאָרטן אז השמים שמים לה׳, די הימלען צו מאכן הימלדיק דאָס דארף כביכול אליין טאָן, אָבער והארץ, די ערד צו מאכן הימלדיק, נתן לבני אָדם, האָט ער איבערגעגעבן צום מענטשן.

אין קאָצק האָט מען געפאָדערט שלימות אָן פגימות — חסידים קליאקעס זיינען פוגם זייער רבין...

אמאָל, ווען א גרויסער עולם האָט זיך געשטופּט צום קבלת שבת, האָט ר׳ מענדעלע געזאָגט צו זיין תלמיד און חבר, דעם בעל חידושי הרי״ם: זע נאָר וואָס פאר א פּעוועל האָט זיך אין מיר אָנגעטשעפּעט. א גאנצע וואָך טוען זיי וואָס זיי ווילן. קומט ערב שבת טוען זיי זיך אָן א זיידענע קאפּאָטע מיט א טכוירענעם שטריימל און זיי ווילן זיין מחותנים מיט דעם לכה דודי... איך זאָג: כמעשהו בחול, כך מעשהו בשבת!..

פנימיות איז געווען דער הויפּט־יסוד פון קאָצקער חסידות. ניט ארויס־שרייען נאָר אין זיך ארײנשרייען; ניט ארויסלערנען, נאָר ארײנלערנען אין זיך אריין; ניט זאָגן קיין תורה אין הימל אריין, נאָר אין פּופּיק אריין...

ארײנקומענדיק אמאָל אין בית המדרש, האָט ער געזען ווי חסידים זיצן ביי די גמרות און לערנען, האָט ער פארן גאנצן עולם א געשריי געטאָן: קוקט נאָר, זיי דרייען זיך ארום מיט פאסקודסטווע און פארגלעטן זייערע בייכער מיט א פּאָר בלעטער גמרא...

ווען אימעצער פון די מקורבים האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס פאַרלאַנגט ער אַזויפיל פונם עולם, הרבה עשו כרבי שמעון בן יוחאי ולא עלתה בידם, האָט דער קאָצקער, ווי זיין שטייגער, געענטפערט קורץ און שאַרף: וואָס פאַרלאַנג איך דען פון זיי? איך וויל פון זיי נאָר דריי זאַכן: זיי זאָלן פון זיך ניט אַרויסקוקן, צו יענעם זאָלן זיי ניט אַריינקוקן און זיך זאָלן זיי ניט מיינען. און אויפן מאמר פון הרבה עשו כרבי שמעון בן יוחאי, האָט ער געענטפערט: דו פאַרשטייסט ניט דעם פירוש פון דער הייליקער גמרא, לערנסט אויבן־אויף און ביסט ניט יורד עד התהום: הרבה עשו כרבי שמעון בן יוחאי, זיי האָבן בלויז נאָכגעטאָן רבי שמעון בן יוחאי, אָבער זיי האָבן אליין ניט געהאַלטן דערביי, דעריבער איז געווען לא עלתה בידם איך וויל דאָך טאַקע אַז זיי זאָלן האַלטן דערביי, וועט עלתה בידם זיין... ווען זיי זיין לייט און אָרנטלעך, ניט סתם נאָכטאָן. לא תעשין „כן" לה' אלקיכם, פאַרן אויבערשטנס וועגן טוט מען ניט „כן" סתם אַזוי, מען מוז האַלטן דערביי. די תורה האָט געוואָרנט ביי מתן תורה: השמרו לכם עלות בהר, היט זיך ניט צו קריכן צו הויך אין דער צייט ווען איר זענט ערשט אין דער בחינה פון: ונגוע בקצהו, איר רירט ערשט אָן דעם עק, איר האַלט ערשט ביי דער התחלה.

ר' שלמה לייב לענטשנער'ס אַ חסיד, איז אַמאָל געקומען קיין קאָצק, האָט אים ר' מענדעלע געפרעגט וואָס זיין רבי מאַכט. ווען דו וועסט אַהיימקומען זאָג אים, אַז מיר האָבן אים שטאַרק ליב, נאָר עס חידושט אונדז וואָס ער שרייט אַזויפיל צום אייבערשטן ער זאָל ברענגען משיחן. זאָל ער בעסער שרייען צו יידן זאָלן תשובה טאָן. אַזוי שטייט בפירוש אין פסוק, מה תצעק אלי, האָט כביכול געזאָגט צו משהן. וואָס, איך וויל דען ניט העלפן? דבר אל בני ישראל ויסעו, רעד בעסער צו די יידן זאָלן זיך אַ רוק טאָן און בעסער ווערן, וועל איך זיי באַלד שיקן אַ ישועה...

ווי שוין אויבן דערמאָנט, האָט מען סיי אין פשיסכא און סיי אין קאָצק, געלערנט אויך דעם מורה נבוכים פונם רמב"ם זצ"ל. צורירן זיך צום מורה נבוכים, האָבן זיך אָבער נאָר געמעגט גרויסע לומדים ביי וועלכע ס'איז געווען כרסם מלא בש"ס ופוסקים. ווען דער קאָצקער האָט באַמערקט אַ חסיד, ניט קיין גרויסער למדן, איז מעיין אין מורה נבוכים, האָט ער צו אים געזאָגט אויפן אויער זאָלסט וויסן, אַז ווער עס איז מלא בש"ס ופוסקים, פאַר אים איז ער אַ מורה, און פאַר אַן עם הארץ איז ער אַ נבוכים...

ר׳ איטשע מאיר, דער ערשטער גערער רבי, איז אמאָל געפאָרן צוזאמען מיט זיין חבר און חסיד, דער רבי ר׳ הענעך פון אלכסנדר, אויף שבועות קיין טאָמאשאָוו. די נסיעה איז געווען א לאנגע. די פוילישע וועגן זיינען ניט געווען געפלאסטערט אָדער ברוקירט, די בויד האָט זיך געשלעפט און געשלעפט, און די מיטפאָרערס זיינען געשמאק געשלאָפן. די צוויי גרויסע חסידים האָבן אָבער ניט צוגעטאָן קיין אויג. זיי זיינען געזעסן און מפליג געווען דאָס גרויסקייט פון זייער רבין אין טאָמאטאָוו.

זאָלסט וויסן, האָט ר׳ איטשע מאיר געזאָגט, אזוי ווי ביי מתן תורה אויפן בארג סיני האָט מען געהערט קולות וברקים, אזוי קאָן מען הערן שבועות אין טאָמאשאָוו קולות וברקים...

דער קאָצקער דרך איז געווען אז א מענטש דארף תמיד זיין פארנומען. קיין ליידיקגייער האָט מען דאָרט ניט סובל געווען.

זיין הוא היה אומר איז געווען: איך וויל אז מיינע חסידים זאָלן ניט זינדיקן, ניט ווייל מען טאָר ניט, נאָר זיי זאָלן קיין צייט ניט האָבן דערצו.

מקורבים האָבן אמאָל א פרעג געטאָן דעם בעל חידושי הרי״ם אויפן קאָצקערס דרך, פארוואָס ער רעדט אזוי שארף און ער בייזערט זיך. האָט ער געענטפערט: ביי קיינעם פון די אָבות געפינט מען ניט אז ער האָט זיך געבייזערט, נייערט ביי יעקב אָבינו: ויחר אף יעקב, יעקב איז געווען אויסגעארבעט אין דער מידה פון אמת, תתן אמת ליעקב, ממילא איז זיין בייזערן זיך געווען לשם שמים, האָט ער געמעגט זיין אין דער הקפדה. אונדזער רבי פון קאָצק איז אן איש אמת, זיין מטיל אימה זיין, זיין בייזערן זיך — אלץ איז לשם שמים.

דער רבי ר׳ בונם האָט געפירט דעם עולם מיט אהבה, אין קאָצק פירט מען מיט יראה.

אין א פראָסטיקן ווינטערדיקן וועטער האָט דער חידושי הרי״ם זצ״ל מיטגענומען קיין קאָצק זיינע יונגע אייניקלעך, לייבלען (דעם שפעטערדיקן בעל „שפת אמת") און שלמהן. דער פראָסט האָט געקנאקט, חסידים זיינען געזעסן אין דער בויד און געציטערט. די צוויי יונגע קינדער, נאָך פאר זייער בר־מצוה, האָבן זיך געטוליעט אינם זיידענס ווינטערדיקן פעלץ און זיך צוגעהערט צו זיינע דיבורים.

ווען איינער פון די מיטפאָרער האָט געפרעגט ר׳ איטשע מאירן

פארוואָס ער האָט מיטגענומען די אייניקלעך אין אזא גרויסן פראָסט, האָט ער געענטפערט: עס איז כדאי זיי זאָלן פאַרן אָנקוקן א „וואָרן יידן״.

אין פשיסכא האָט מען געוואשן נשמות, אין קאָצק האָט מען זיי אויסגעמאנגלט און אויסגעפרעסט...

ר׳ הערש טאָמאשאָווער, דער נאמן און נאָענטסטער מקורב אין קאָצק, האָט אמאָל געזאָגט: איך קאָן עדות זאָגן אז דער קאָצקער רבי האָט ביז צו דער לעצטער רגע פון זיין לעבן אויף דעם עולם, געארבעט אין יידישקייט פונקט ווי א יונגערמאַן וועלכער הויבט ערשט אָן...

ער האָט ניט נושא פנים געווען קיינעם, ער איז געווען אין דער בחינה פון האומר לאביו ולאמו לא ראיתיו, ואת אָחיו לא הכיר, ואת בניו לא ידע.

דעם קאָצקער רבינס א ברודער איז געקומען קיין קאָצק און האָט געוואָלט אריינגיין שלום נעמען, האָט אים ר׳ פייוול משמש ניט אריינגעלאָזט. אצינד קאָן מען ניט אריינגיין.

זאָגט ער צו אים: איך בין דאָך א ברודער. ענטפערט דער משמש: אין קאָצק איז ניטאָ קיין יחסנים אלע יידן זיינען דאָ גלייך. וואַרט אונטער, ווען אלע וועלן אריינגיין שלום נעמען, וועסטו אויך אריינגיין...

שפּעטער, ווען דער ברודער איז אריינגעקומען שלום־נעמען, און ווי דער דרך איז געווען, האָט ער זיך מזכיר געווען אָבער אָן צו דערמאָנען דער מוטערס נאָמען. פרעגט אים דער רבי: ווי הייסט דיין מאמע? ענטפערט דער ברודער דערשראָקן: קאָנסט מיך דען ניט? איך בין דאָך דעם רבינס ברודער! מיר האָבן דאָך ביידע איין מאמע...

צעבייזערט זיך דער קאָצקער און זאָגט צו זיין ברודער: איך בין ניט קיין מחותן אפילו מיט מיר אליין, איך בין ניט קיין קרוב אפילו מיט מיין גוף, זאָל איך וויסן ווער דיין מאמע איז?

אזוי האָבן די גדולי קאָצק אויף אים מעיד געווען: א מלאך ה׳ צבאות האָט זיך ארומגעדרייט אויף דעם עולם. האומר לאָביו ולאמו, לא ראיתיו, ואת אָחיו לא הכיר, ואת בניו לא ידע...

און זיין גרויסער תלמיד און חבר, דער גאון ישראל וקדושו, ר׳ איטשע מאיר גערער, האָט אויף אים געזאָגט אז דער קאָצקער רבי האָט דערגרייכט די מדריגה פונם בעל שם טוב זצ״ל...

### קאפיטעל פופצען

## אין טאָמאַשאָוו ברענט אַ הייליקע פייער

אין קאָצק האָט מען ניט געהאַלטן פון קיין יחוס, אדרבה מען האָט דאָרטן כסדר מרמז געווען, אז יחוס איז אַ חסרון צו עבודת השם און צו שלימות — מען דאַרף נסים מן השמים דער יחוס זאָל ניט אריינפירן אַ מענטשן אין שאול תחתית אַריין...

זיי האָבן עס מסביר געווען מיט אַ משל, אַ פעאיקער עני בן טובים, אַרבייט פלייסיק, מיט זריזות, ביז ער אַרבייט זיך ארויף, ער ווייסט אַז ער קאָן זיך אויף קיינעם ניט סומך זיין, אם אין אני לי מי לי.

דאַקעגן אַ זונדל פון אַ נגיד, איז בטבע אַ פוילער, ער שאַרפט ניט זיינע כלים (קאָצקער לשון) ער שלאָפט רואיק, זיין טאַטע אַרבייט שוין פאַר אים... ממילא וואקסט אַזאַ זונדל אויס אַ קאַליקע, אַלע זיינע איברים און חושים זיינען פויל און לא יצלחדיק, און ער וואַקסט אַ קליאַק...

אַן עובד ה׳, וועלכער ווייסט אָבער אז ער איז אליין, ער קאָן זיך אויף קיינעם ניט סומך זיין, ארבייט ער מעשים, ער וויל דערגרייכן מדריגות, ממילא העלפט מען אים פון הימל ביז ער ווערט אַ אָדם השלם אָדער אויפן קאָצקער לשון ער ווערט אַ לאַיט. (דער היפך פון אַ קליאַק...)

ביי קיינעם פון די אָבות שטייט ניט „כי ידעתיו” נאָר ביי אברהם אבינו, ווייל אברהם האָט געהאַט אַ טאַטן אני עובד עבודה זרה, ער האָט געוואוסט, אז ער קאָן פון אים גאָר ניט באַקומען קיין הילף צו זיין דרך, אדרבה, ער איז נאָך געשטערט געוואָרן... האָט ער אזוי לאַנג געאַרבייט ביז ס׳איז געווען הכיר את בוראו... און אזא דרך האָט ער איבערגעגעבן צו יצחקן אליין ארבייטן, אליין דערגיין אליין אויסגעפונען... אברהמס דרך איז געווען חסד, און יצחקס דרך פחד. אַן אייגענער דרך...

דעריבער האָט מען אין קאָצק ניט גערעדט פון קיין יחוס אָבות, ווייל יחוס מיינט ירושה, און תורה איז ניט בירושה...

ר׳ מענדעלע קאָצקער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקמ״ז צו זיין פאָטער ר׳ לייבוש, און זיין מוטער אסתר, אין קליינעם שטעטל גוריי. נעבן זאַמאָשץ, אין דער לובלינער גובערניע, געשטאַמט האָט ער פון גאָר גרויסן יחוס ער איז געווען אַ אייניקל פון הגאון הקדוש ר׳ ישראל חריף האַלפרין, זאַסלאַווער רב, און פון הרב הגאון הקדוש ר׳ דוד האלפרין, רב אין אָסטראָה. זייער

משפחה נאָמען איז געווען טאַקע האלפרין, צוליב אַ סבה האָט ער געענדערט זיין נאָמען אויף מארגענשטערן, פונקט ווי זיין ממלא מקום, חסיד, און חבר, דער ערשטער גערער רבי האָט געהייסן ראָטענבערג, און שפּעטער געענדערט זיין נאָמען (צוליב דער זעלבער סבה) אויף אַלטער.

זייענדיק נאָך זייער יונג, האָט מען שוין דערקענט אַז מענדעלע שניידט זיך אויף אַ מערקווירדיקן וועג ער האָט זיך געשפּילט מיט אַלע חדר יינגעלעך, אויפגעשטעלט אַ קליין הייזקע פון ליים און זאַמד, צוזאַמענגעקליבן צווייגן צו פאַרדעקן אַ דאַך. ווען עמיצער פון זיינע חברים האָט צו אים געזאָגט: מענדעל, וועסט דאָך ניט גענוג האָבן צווייגן פאַרן דעכעל, האָט ער געענטפערט, איך וועל בעטן ביי ג־ט און אזוי לאַנג ווינען ביז ער וועט מיר געבן גענוג צווייגן...

זיין מלמד האָט זיך אַמאָל געשפּאַרט מיט אים, האָט זיך מענדעל געווערט און צו אים געזאָגט: מיט מיר שפּאַרט איר זיך? איך געדענק ווען כ'בין געשטאַנען ביים באַרג סיני און געהערט דעם אייבערשטן זאָגן: אנכי ה' אלקיך.

תמיד איז ער ארומגעגאַנגען פריילעך און געזונגען מיט התלהבות: „לבי ובשרי ירננו אל אל חי"! ער האָט אזוי געזונגען און געטאַנצט און די גורייער בלאָטעס און זומפּן, ניט מורא געהאַט פאַר קיין רעגן אָדער שניי.

ער האָט שוין קליינערהייט ניט געקאָנט סובל זיין ווען אַ יינגל פלעגט זאָגן שקר אָדער חניפה.

די מלמדים פון זיין שטעטל האָבן מיט אים געהאַט „צרות" ווייל ער האָט תופס געווען שנעלער ווי אַנדערע תלמידים און האָט ניט געקאָנט סובל זיין ווען דער מלמד חזרט איבער פאַר די „גראָבע קעפּ" ווידער אַמאָל דאָס זעלבע, און ווידער אַמאָל דאָס געלבע — ער האָט געגאַרט נאָך חידושים, נייע לימודים, ער האָט געשלינגען די רייד, און באַגערט אַלע מאָל נייעס. ווען ער האָט נאָר געכאַפּט דעם שניט פון לערנען גמרא, האָט ער שוין ניט בעדאַרפט קיין מלמד, ער האָט זיך פאַרטיפט אין לערנען, און ווען ער האָט ניט געוואוסט קיין פירוש אין דער גמרא, תוספות, אָדער מהרש"א, האָט זיך צעווײנט, און געשריגן אויפן קול, הייליקער ר' יוחנן איך וועל פון דאַנעט ניט אָפּטרעטן ביז די וועסט מיר ניט מגלה זיין דיין כוונה און אמתן פשט...

אָדער הייליקער רש"י, די מוזט האָבן נאָך אַ פשט אויף דער גמרא, פאַר וואָס בעהאַלסטו פאַר מיר, אויב עס איז אַ סוד שווער איך דיר צו, אַז איך וועל קיינעם ניט אויסזאָגן...

אזוי האָט ער שוין יינגערהייט זיך פאַרטיפט אין לערנען און ניט

אָפּגעטרעטן פון אָרט. ניט געגאַנגען עסען אָדער שלאָפן ביז ער איז ניט דער גאנגען דעם אמתן פשט...

גאנצע נעכט פלעגט ער זיצן אין גורייער בית המדרש און לערנען תורה לשמה.

אַ גורייער חסיד איז געקומען צו זיין גרויסן רבין פון לובלין דעם „חוזה", ביים געזעגענען זיך, זאָגט צו אים דער רבי פון לובלין, ווען די ווערסט אַהיים קומען, קוקט זיך גוט אַרום, דאָרטן ביי אייך אין שטעטל איז פאראנען אַ אור גדול, ברייננ אים צו מיר.

דער חסיד, אַהיים פאָרענדיק, האָט אַ גאַנצן וועג געקלערט און געטראַכט וועמען האָט דאָס דער חוזה געמיינט ער קאָן דאָך כמעט אַלע יידן אין שטעטל, מקטן ועד גדול, על פי רוב פשוטע — טאַקע אָרנטליכע — אָבער קנאַפּע בני תורה, אָן אַ קאָפּ (אביסל) דעת, פון מדריגות איז דאָך גאָר קיין רייד ניטאָ, טאָ אויף וועמען האָט דאָס דער רבי געזאָגט אַ אור גדול?

אַ היימקומענדיק האָט ער אָנגעהויבן חוקר ודורש צו זיין, מי יודע, אפשר געפונט זיך אַ נסתר אין שטעטל, און ער האָט פון אים עד היום ניט געוואוסט.

איינמאָל דערזעט דער דאָזיקער חסיד, אַז אין שטאָטישן בית המדרש איז ליכטיק, ווען ס'איז שוין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווער פון די שטאָטישע יידן איז דאָס אַזאַ מתמיד? ער קלערט ניט לאַנג, גייט אַריין אין בית המדרש זעט ער ווי מענדעלע לייבושעס, שטייט מיט איין פוס אויף דער ערד און מיטן אנדערן פיס אויף דער באַנק, און איז זיך מתעמק אין חושן משפט, ער איז אזוי פאַרטיפט אין לערנען, אז ער האָט אפילו ניט געהערט ווי דער חסיד איז אַריינגעגאַנגען אין בית המדרש אַריין...

זאָל דער רבי פון לובלין האָבן געמיינט דעם דאָזיקן מנחם מענדיל? ער זאָל דאָס זיין דער „אור גדול" וועמענס ליכטיקע אויגן פון הייליקן „חוזה" האָבן דערזען אַזש פון לובלין קיין גוריי? ער קאָן זיך דאָס גאָר ניט גלויבן, גייט ער אַ היים, און באַשליסט ווייטער צו זיכן, ער זוכט און נושטערט ער באַטראַכט איטלעכן „פאַרדעכטיקטן" נסתר, אָבער ער געפינט ניט...

נאָך מעריב גייט איטלעכער אַ היים עסן וועטשערע, דער שמש פאַרלעשט די לאָמפּן און פאַרמאַכט דעם בית המדרש, דער לובלינער חסיד קאָן אָבער ניט רוען, נאָך האַלבער נאַכט כאַפּט ער ווייטער אַ קוק, ווי דערשטוינט איז ער, זעענדיק דעם זעלבן בחור מענדעל לייבושעס, דרייט זיך ארויף און אראָפּ אינם טינקעל באלויכטן בית המדרש מיט א ספר אין האַנט, זיינע פיאות צעשויבערט, זיין פנים פלאַמט, זיינע אויגן ברענען און פון זיין מויל — הערט

ער — שיטן זיך פלאמיקע ווערטער, דער חסיד שטייט אונטער דער טיר פון בית המדרש, ער וויל אויפכאַפּן ווערטער, אָבער ער קאָן ניט דערהערן, אַנקוקענדיק אָבער מענדעלעס צעפלאַמט פּנים. איז ביי אים שוין אַצינד קיין ספק ניט, אַז אים, און נאָר אים, האָט דער רבי פון לובלין געמיינט...

אָבער לייבוש זיין טאַטע איז דאָך גאָר אַ מתנגד, דער חסידישער דרך האָט אים דאָך נאָך ניט געפאַנגען. ווי איז מעגלעך, אַז דער הייליקער חוזה זאָל האָבן געמיינט אַ מתנגדישן בחור? אלא מה, ער איז אַ מתמיד, און לערנט ביי נאַכט? כמה מתמידים איכא בשוקא!

אזוי זיינען פאַרלאָפן טעג און וואָכן און יענער חסיד האָט אַלץ ניט געקאָנט באַשליסן אַז דער חוזה מיט זיינע ליכטיקע אויגן זאָל האָבן געמיינט אָט אָ דעם שוואַרצן בחור...

טראַכט ער זיך, ער וועט כאַפּן אַ שמועס מיט מענדעלן, זאָל זיין אַז ער האָט אַ טעות, וואָס קאָן ער דאָ קאַליע מאַכן ווען ער וועט אים ברייננגען קיין לובלין צום חוזה? וועט ער טרעפן איז גוט, טאָמער ניט, וואָס פאַר א הפסד קאָן דאָ זיין? אדרבה, זאָל אַזאַ בחור ווי מענדעל לייבושעס, אַ שמעק טאָן אין לובלין, אפשר וועט זיך צו אים פאַרט צוקלעבן אונדזער דרך... ער איז דאָך פאָרט אַ מתמיד און ערליך קינד.

די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען, מענדעל, וואָס לערנסטו עפּעס כסדר ביינאַכט צי איז דיר קאַרג דער טאָג?

מענדעל פאַרטראַכט זיך אַ ווייל, און ענטפערט; שטייט דאָך, והגית בו יומם ולילה, ווען אַלע וועלן לערנען ביי טאָג, ווער זשע וועט עוסק זיין בתורה ביי נאַכט? די גמרא זאָגט דאָך אין תמיד ל״ב, כל העוסק בתורה בלילה שכינה כנגדו...

הערענדיק די דאָזיקע תשובות, איז שוין ביים חסיד געווען זיכער אַז נאָר אויף אים האָט דער חוזה דערזען דעם „אור גדול״.

לאָזט דער חסיד ניט אָפּ, און טוט אים אַ פרעג: מענדעל אפשר וועסטו זיך מיטכאַפּן קיין לובלין? ענטפערט מענדעל שאַרף און קורץ. וואָס האָב איך צו טאָן אין לובלין? פעלן מיר דען דאָ ספרים?

מענדעל וועסט דערשפּירן אַ טעם אין לערנען, דער רבי וועט דיר עפענען דיינע אויגן, וועסטו דערזען דאָס וואָס איז צו דיר געווען פאַרהוילן ביז אַצינד...

ווי איז עס מעגליך, האָט מענדעל זיך ווייטער געשפּאַרט, איטלעכער ייד האָט זיין חלק אין דער תורה. און איטלעכער וועלכער איז זיך מייגע אין

דער תורה, איז זוכה צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן. ראה אָנכי נותן לפניכם, ראה איז אַ לשון יחיד, און לפניכם אַ לשון רבים, געגעבן האָט מען די תורה פאַר אַלעמען גלייך — לפניכם, אָבער אריינקוקן און זען, איז יעדער יחיד באַזונדער לויט זיינע השגות און יגיעה דערזעהט ער, וואָס אַ אנדערער קאָן ניט דערזען...

דער חסיד ווערט דערציטערט הערענדיק פון יונגן בחור אַזעלכע לשונות, ער זעט פאַר זיך אַ בר דעת, אַ מבין דבר מתוך דבר, און אצינד גייט אים שוין בנפשו ממלא צו זיין דעם רצון פון חוזה, און ברייגגן מענדעלן קיין לובלין.

אָבער מענדעל איז אַ תקיף בדעתו, און ס'איז אים שווער מכניע צו זיין.

ער באַשליסט צו האַלטן דערווייל דעם גאַנצן געשפרעך בסוד, און ער וועט פרואוון אַ צווייט מאָל...

פון אַצינד אָן האָט דער לובלינער חסיד ניט אַראָפּגעלאָזט מער קיין אויג פון יענעם שאַרפן בחור. ער האָט אים כסדר נאָכגעקוקט. נאָכגעגאַנגען, און אַלץ מער אריינגעקוקט אין זיין תוך, אויפגעכאַפּט זיינע תנועות און באווע־גונגען, זיינע אָפּגעהאַקטע דיבורים און ניגונים.

ער האָט פעסטגעשטעלט, אז מענדעל בעהאַלט זיך טיף אין זיך אליין, ביי נאַכט איז ער עוסק בתורה אין בית המדרש און ביי טאָג געפינט מען אים אין וואַלד, ער צעזינגט זיך און צעפלאַמט זיך מיט די ווערטער: צמאה נפשי לאלקים, לבי ובשרי ירננו אל אל חי...

אפילו פון טאַטע מאַמע האָט ער זיך בעהאַלטן, און זיי האָבן ניט געוואוסט אַז זייער זון איז עוסק בתורה ביי נאַכט, ווייל איטלעכע נאַכט פלעגט ער שלאָפן גיין צוזאַמען מיט אַלע הויז מענטשן אין שטוב. ס'איז זיי ניט איינ־געפאַלן אפילו, אז מענדעל כאַפּט זיך ביי נאַכט ארויס דורכן פענסטער און לויפט אין בית המדרש אַריין לערנען...

איינמאָל נאָך אַ שטאַרק מפציר זיין, האָט מענדעל געזאָגט צום חסיד, אויב איר ווילט דווקא, וועל איך מיט אייך מיטפאָרן קיין לובלין ווען עס וועט אויספאַלן אַ יאַריד, ווייל איך דאַרף מיר דאָרטן קויפן אַ קנאַפּערל... (אַ קליין טאַשן מעסער).

קומענדיק קיין לובלין, האָט דער חסיד געוואָלט אים גלייך נעמען צום רבין, אָבער מענדעל האָט געזאָגט, ניין, ער מוז ערשט גיין אויפן יאַריד און געפינען אַ קנאַפּערל...

ערשט פאַרנאַכטצו ברייגגט אים דער חסיד צו רבין פון לובלין, נאָכן

שלום נעמען, פרעגט אים דער חוזה, נו, בחור, האָסט שוין איינגעהאַנדעלט אַ קנאַפּרל?

מענדעל דער יונגער בחור ענטפערט שאַרף דעם אַלטן רבין, דעם חוזה: רבי, מיט קיין רוח הקודש וועט איר מיך ניט נעמען...

דער חוזה האָט זיך מיט אים משתעשע געווען, דערזעענדיק זיין שאַרפקייט האָט ער אים איבערגעגעבן צו זיין גרויסן חסיד און איש נאמן, דעם „ייד הקדוש", ווייל ווי כ'האָב שוין אויבן דערמאָנט האָבן זיך די שאַרפע יונגעלייט לויט דער עצה און הסכמה פון חוזה געחברט מיט ר' יעקב יצחקן דעם שפּעטערדיקן „ייד הקדוש"...

ווען דער „חוזה" האָט אַמאָל אַ פרעג געטאָן דעם ייד הקדוש, צו ער האָט עפּעס גוטע יונגעלייט? האָט ער געענטפערט: מענדעל האָט אַ רצון צו זיין גוט...

תמיד פלעגט דער קאָצקער דערציילן, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צום ייד הקדוש שלום נעמען, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן „טוב לגבר כי ישא עול בנעוריו"... עס איז גוט ווען אַ מענטש נעמט אויף זיך עול מלכות שמים אין דער יוגענט צייט, די ווערטער — האָט דער קאָצקער געזאָגט — זינען אריין אין אַלע מיינע איברים איך האָב ממאס געווען גאַנץ עולם הזה, ניט געגעסן און ניט געטרינקן, נאָר בלויז להחיות נפשי... ער האָט כסדר אריינגעלערנט אין זיך ש"ס און פוסקים, ראשונים און אחרונים, און אונטער דער השפּעה פון ייד הקדוש אָנגעהויבן טועם צו זיין פון זוהר און האר"יס כתבים...

זיין כאַראַקטער איז געווען שטאָל און אייזן, קיין סיבה האָט אים ניט געקאָנט מונע זיין פון זיינע כסדריקע שיעורים און אָפּטע התבודדות, נאָכן עוסק זיין ממש יומם ולילה אין לערנען, האָט ער נאָך צייט געהאַט זיך צו פאַרטיפן אין מהר"לס ספרים.

זעלטן האָט מען אים געזען אין אַ מסיבה פון חסידים, וועלכע פלעגן זיצן עסן אַ סעודת ראש חודש, מלוה מלכה, אָדער אזוי אַ סעודת מרעים, ער פלעגט תמיד זיין אַ מתבודד און זיין פאַרטיפט און פאַרטראַכט אין די ענינים וועלכע ער פלעגט אויפכאַפּן פון זיין רבין.

דאָס וואָס ער האָט שפּעטער — שוין זייענדיק אַ מנהיג פון גרויסע חסידים — פאַרלאַנגט פונם עולם, זיי זאָלן פון זיך ניט ארויסקוקן צו יענעם ניט אריינקוקן, און זיך ניט מיינען. דאָס האָט ער קודם כל מיט זיך אליין געאַרבייט...

זיין „הוא היה אומר” איז געווען, חכמים הזהרו „בדבריכם”, זייט נזהר אין אייערע אייגענע רייד, דאָס וואָס איר פארלאנגט פון אַנדערע, באוויזט קודם כל אליין...

נאָכ'ן הסתלקות פון „ייד הקדוש” (י"ט תשרי תקפ"ד) איז מענדעלע טאָמאַשאָווער געוואָרן דער נאמן בית ביים רבי ר' בונם, פון פשיסכע.

די חבריא פון קאָצקער דאָרטן, זיינען געווען שפּעטערדיקע באַרימטע גוטע יידן אין פוילען, ר' יצחקל וואָרקער, רבי שמואל שינאָווער, דער בעל „רמתים צופים”, רבי יחזקאלע פון קוזמיר, רבי יעקלע ראַדזימינער, רבי מרדכי יוסף איזביטצער רבי איטשע מאיר אַלטער, רבי אלכסנדר זושא פלאָצקער רב, רבי אברהם טשעכאַנאָווער, רבי חנוך העניעך פון אַלכסנדר, רבי מאיר יחיאל מאָגלניצער, דעם קאָזשניצער מגידס איניקל. רבי אלעזר סאָכאַטשאָווער, דעם ליסער רב'ס איידעם, רבי פייוועלע גריצער, און פיל פיל אנדערע גדולים און קדושים וועלכע האָבן זיך געהאַלטן שטאָל און אייזן ביים רבין ר' בונם פון פשיסכא.

וואָס איז דאָ דער חידוש אַז ר' מענדעלע טאָמאַשאָווער איז דאָ געוואַקסן און באַקומען שלימות אויף אַלע געביטן פון תורה קבלה, חסידות, מידות און מדריגות...

די אַלע אויסגערעכענטע חברים זיינען געווען גדולים און קדושים, שפּעטערדיקע מנהיגים פון פוילישן חסידות. גרויסע בעלי השפעה, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט דעם בעל שם'ס דרך, און אַלע זיינען געווען בבחינת כולם אהובים כולם ברורים כולם קדושים, רבי מענדעלע טאָמאַשאָווער דער שפּעטערדיקער קאָצקער רבי, איז אָבער געווען דער אייגענארטיקסטער פון זיי אַלע, אים האָט ר' שמחה בונם, דער רבי פון יענע רביים, מוסר געווען סודות. זיך מיט אים שואל עצה געווען, אין אַ עת צרה, און טייל מאָל אויך געמוזט מבטל־זיין זיין רצון, פאַרן רצון פון זיין תלמיד, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, ווען דער רבי ר' שמחה בונם האָט געוואָלט אליין פאָרן צו דער אוסטילער חתונה און זיין תלמיד ר' מענדעל טאָמאַשאָווער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז דער רבי וועט ניט פאָרן. אויב יאָ, וועט ער זיך לייגן אונטער די פערד, און זאָלן זיי אַריבער פאָרן איבער אים...

און כך הווה, דער רבי ר' בונם איז ניט געפאָרען, נאָר געשיקט אַ דעלעגאַציע צו יענער באַרימטער חתונה... (זע קאַפּיטל דרייצן).

ווען איינער פון דער חבריא האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבין ר' בונם, פאַר וואָס ער רעכענט זיך אזוי שטאַרק מיט מענדעל טאָמאַשאָווערס

תקיפות? האָט ער באַקומען אַ שאַרפן ענטפער, זאָלסט וויסן אַז מענדעל מאַכט ניט קיין תנועה אָן כוונות, אַלע זיינע דיבורים זיינען עמוק עמוק, זיין שאַרפקייט איז לשם שמים, און זיינע דרכים זיינען בעהאַלטן...

נאָך אזא שטייגער תשובה פון רבין ר׳ שמחה בונם, האָבן שוין די תלמידים מער ניט געפרעגט, זיי האָבן אַלע אָנגעהויבן צו זען ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער, מיט אַנדערע אויגן... זיי האָבן אים אָנגעהויבן נאָכקוקן און לערנען פשט אין זיינע ווערטער...

זיין כוח העבודה איז געווען נאָר פנימיות, ער איז געשטאַנען ביים דאַוונען אָן שום תנועה, דאָס התלהבות האָט ביי אים געקאָכט און געזידט אינעווייניק...

זיין „הוא היה אומר״ איז געווען „אענך בסתר רעם״ (תהלים פ״א—ח) איך וועל דיר ענטפערן זאָגט השם יתברך, ווען? ווען דער, „רעם״ דער דינער, דער שטורעם, דער ברען, דער פלאַם, דאָס התלהבות, וועט זיין דווקא בסתר...

ער האָט אַמאָל אַ פרעג געטאָן אַ יונגען מאַן, זעענדיק ווי ער איז עוסק אין לערנען. זאָג נאָר פּיוול, ביי וואָס ביזטו יעצט עוסק? האָט דער חסיד געענטפערט, ביים ענין פון: „אם במחתרת ימצא הגנב״, צי ווייסטו דעם פשוטן פשט פון די ווערטער? הער זיך צו וועל איך דיר זאָגן, אם במחתרת אויב די וועסט „אין זיך״ טיף טיף גראָבן, דענסמאָל ערשט, ימצא הגנב, וועסטו געפינען דעם יצר הרע... אויבן אויף וועסטו גאָר ניט געפינען...

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ערשט געקומענעם חסיד, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל אין פשיסכא, און אים אַ פרעג געטאָן, האָסט זיך מטריח געווען און געקומען אַזאַ וויטן מהלך, צו ווייסטו כאָטש וואָס עס מיינט אַ חסיד? דער נייַ געקומענער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָ שטייט פאַר אים אַ שאַרפער טיפזיניגער חסיד, וואָס האָט ער אים געקאָנט ענטפערן?

רופט זיך אָן מענדעל טאָמאַשאָווער. פאַר וואָס שווייגסטו? ענטפער! ענטפערט דער נייַ געקומערנער, די גמרא זאָגט דאָך שוין, אַז דער וואָס טוט לפנים משורת הדין, דער איז אַ חסיד. לאָזט ר׳ מענדעל טאָמאַשאָווער ניט אָפּ, און זאָגט, דאָ אין פשיסכא טייטש מען אַזוי, וועלכעס איז דער דין, און וועלכעס איז לפנים משורת הדין? דער דין איז, אַז מען טאָר יענעם ניט אָפּנאַרען, לפנים משורת הדין, מיינט, מען טאָר זיך אליין אויך ניט

געוואָרן... אזוי לערנט מען דאָ אין פשיסכא איך אָבער זאָג, ווער עס קאָן אוועק וואַרפן די גאַנצע וועלט, דער איז אַ חסיד...

ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער געזעגענדיק זיך מיטן רבין ר׳ בונם נאָכן אָפּזיצן אין פשיסכא א לענגערע צייט, האָט אַ גרויסער עולם חסידים אים ארויסבאַגלייט פון רבינס בית המדרש, און אזוי זיינען זיי אים נאָכ־געגאַנגען ביז צו זיין אכסניא, ר׳ אברהם משהלע דעם רבין ר׳ בונם׳ס זון, זעענדיק וואָס פאַר אַ כבוד דער עולם טיילט צו ר׳ מענדעלן, האָט ער אַ זאָג געטאָן, צו זיין גרויסן פאָטער: זע נאָר טאַטע, דער גאַנצער עולם גייט נאָך מענדעלע טאָמאַשאָווער!..

דער רבי ר׳ בונם האָט אים אָפּגעענטפערט, זאָלסט וויסן מיין זון, אַז ער איז פון די וועלכע זיינען נוטר הברית, און זיי זיינען בבחינת מלכות... און צו מלכות קומט כבוד...

ר׳ אברהם משהלע, האָט ניט אָפּגעלאָזט, און ווייטער געפרעגט זיין פאָטער, טאַטע, מען זעט דאָך אויף אים גאָר ניט? דאָ האָט שוין דער רבי ר׳ בונם, דער סגי נהור געענטפערט מיט אַ קצת הקפדה, מיט פליישיקע אויגן קאָן מען נאָר זען חיצוניות, מיט „עיני הדעת" קאָן מען אריינקוקן טיפער, דער אייבערשטער האָט ביי מיר צוגענומען די ראיה פון מיינע פליישיקע אויגן ער האָט מיר אָבער געגעבן אַ מתנת חנם „עיני הדעת" און מיט זיי זע איך מסוף עולם עד סופו. מה מלמעלה ומה מלמטה... זאָלסט וויסן אברהם משה, אַז ואש המזבח תוקד בו... אין מענדעלע טאָמאַשאָווער ברענט, אַ הייליק פייער, און מיט זיין טיפער חכמה קאָן ער דאָס הייליקע פייער בעהאַלטן...

דער גאַנצער דאָזיקער חדר, דער ייד הקדוש זיין ממלא מקומו דער רבי ר׳ בונם, און זיין ממלא מקומו דער קאָצקער, אַלע האָבן זיי געהאַלטן אַז דער עיקר עבודת ה׳ איז נאָר בעהאַלטן אין זיך, ניט ארויסצווייזן פאַר קיינעם...

עס וועלן זיין זייער כאַראַקטעריסטיש די דאָזיקע פאַקטן, ווען דער ייד הקדוש האָט געהאַלטן ביי די לעצטן מינוטן פון זיין לעבן אויף דעם עולם, האָבן זיך געהערט יללות אין בית המדרש, די חסידים האָבן איינגעריסן, דעם ארון הקודש, געזאָגט תהלים מיט בכיות, ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער האָט אָבער ניט געזאָגט קיין תהלים ער איז געשטאַנען רואיק, אָן תנועות פאַרדבקעט, די קולות פון עולם תהלים זאָגער, האָבן בוקע רקיע געווען, און מענדעל איז געשטאַנען גאַנץ רואיק אָן אַ תנועה, צו אים, דווקא

צו אים, איז צוגעגאַנגען דער רבי ר׳ בונם, און אים געפרעגט: מענדעל וואָס ביזט אזוי מרעיש עולמות... אויב מען וויל אזוי אין הימל, ווילסטו זיך איינשפאַרן און מפציר זיין?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער זעלבער רבי ר׳ בונם האָט געלערנט זיינע נאָנטע, אז אַ ייד שטעלט זיך דאוונען, דאַרף דער גוף שטיין ווי אַ סנאָפּ שטרוי, נאָר די נשמה דאַרף דאוונען בקולות וברקים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז איינער פון די מקורבים האָט זיך אָנגעטאָן כוח און געפרעגט דעם געלאַסענעם מתונדיקן רבי ר׳ בונם, היתכן? עס שטייט דאָך: „כל עצמותי תאמרנה, ה׳ מי כמוך!" האָט יענער מקורב באקומען אָט אַ די תשובה; אויב די טייטשסט „כל עצמותי" אַלע מיינעביינער, ביזטו ניט יורד צו דעם טיפעניש פון דער כוונה, מיר טייטשן: „כל עצמותי תאמרנה" אונדזער גאַנץ עצמיות אונדזער גאַנצער תוך, עס זאָל ניט איבערבליבן איין ניצוץ פון דער נשמה פאר עפּעס אַנדערש נאָר, בלתי לה׳ לבדו... אונדזער גאַנץ עצמיות זאָלן שרייען: ה׳ מי כמוך!

יענע קדושי עליון האָבן, ניט בלויז שיין געטייטש, זיי האָבן געהאַלטן דערביי, זיי האָבן שטרענג זיך געהאַלטן ביים: חכמים הזהרו „בדבריכם", זאָגט ניט און פאַרלאַנגט ניט פון יענעם אויב איר האַלט אליין ניט דערביי...

ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער פלעגט זאָגן: אונדזער רבי, דער רבי ר׳ בונם האָט מבטיח געווען, אַז ווער עס וועט אָנרירן זיין קליאַמקע דער וועט ניט שטאַרבן אָן תשובה... און איך זאָג: ווער עס וועט ניט תשובה טאָן וועט אים פונסטער זיין די וועלט און יענער וועלט...

ווען אימיצער פון די חבריא האָט זיך אַמאָל פאַרשפּעטיקט און איז געקומען אין מיטן שיעור, האָט דער שאַרפער ר׳ מענדעלע צו אים אַ זאָג געטאָן, די ווייסט דעם חילוק פון אַ גוי ביז אַ ייד? ביי יעקבן שטייט: ויקץ יעקב משנתו ויאמר, אַז יעקב כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, הויבט ער שוין אָן צו זאָגן אָדער ער דאוונט אָדער ער לערנט... ביי פרעהן שטייט: ויקץ פרעה ויישן ויחלום שנית, ווען אַ גוי כאַפּט זיך אויף פון שלאָף לייגט ער זיך צוריק פאָפן... (שלאָפן).

רבינו מכיר, א תלמיד פון ר׳ יהודה, דער זון פון רא״ש ז״ל האָט

מחבר געווען דעם באַרימטן ספר „אבקת רוכל" וועלכער בעהאַנדעלט עניינים פון גן עדן, און גיהנום, און חבלי ימות המשיח, ער שילדערט מיט אַ שאַרף בולט לשון, אַלע צרות וועלכע וועלן קומען אויף יידן אין משיח׳ס צייטן...

נאָכן אַדורך קוקן דעם ספר „אבקת רוכל" האָט דער שאַרפער ר׳ מענדעל טאָמאַשאָווער אַ זאָג געטאָן: דער מחבר דאַרף טאָן דעם רצון פון אייבערשטן, אָבער דער אייבערשטער דאַרף ניט טאָן דער רצון פון מחבר...

י"ב אלול צו דער יאָרצייט פון רבין ר׳ בונם, פלעגן זיך די גדולי התלמידים צוזאַמענקומען קיין פשיסכא, ווען די חבריא האָט דאָרטן דערזען אָנקומען ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער וועלכער האָט שוין דאַן געפירט די עדה, האָט ער זיך אָנגערופן צום וואָרקער רבין ר׳ יצחקל, איך בין ניט געקומען צו דער יאָרצייט, איך בין ניט קיין קברות יידה, איך בין נאָר געקומען זיך צו זען מיט דיר...

די אַלטע מדרש רבה׳ס זיינען כידוע געווען געדרוקט נאָר מיטן פירוש פון מתנת כהונה, אַמאָל אויך מיט פירוש רש"י (בראשית) אַלע זייטן און עמודים זיינען געווען פול מיטן לשון פון מדרש, נאָר אַ קליינע טייל האָט פאַרנומען דער פירוש פון מתנת כהונה, אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן דרוקן די מדרשים מיט זייער פיל פירושים, איז אויסגעקומען אַז דער רוב פון עמוד איז באַשטאַנען פון די פירושים און נאָר אַ קליינער טייל פון מדרש...

ווען אימיצער האָט געוויזן ר׳ מענדעלען די נייע מדרשים האָט ער סאַרקאַסטיש אַ זאָג געטאָן: קוקט נאָר, ווי זיי האָבן זיך פאַרלייגט מיט זייערע גראָבע בייכער אויפן הייליקן מדרש.

---

זיין שאַרפקייט איז אייגענאַרטיק, זיין מטיל אימה זיין איז געווען לויטער קדושה, ריין פון וועלכע עס איז פניה...

עפּענדיק אַמאָל זיין פאַרשלאָסן חדר, און זעענדיק ווי די גדולי התלמידים זיצן אַרום אַ טיש און זיינען עוסק אין תורה, האָט ער אַ געשריי געטאָן: רביס ווילט איר ווערן?.. גרינע ווערים וועלן אויך פרעסן און גריזשן, אייער לייב...

הערענדיק אַזעלכע דיבורים, זיינען זיך אַלע צעלאָפן פון פחד...

פונקט ווי אַ חולה לייגט זיך אוועק פאַרן רופא אויפן אָפּעראַציאָנס טיש, און לאָזט זיך שניידן, ווייל ער האָט צוטרוי צום רופא אַז ער וועט אים

אויסהיילן, און געזונט מאַכן, ניט קוקענדיק אויף די גרויסע יסורים... פונקט אַזוי זיינען די גדולי תלמידים פון קאָצקער צופרידן געווען וואָס דער הימל הויכער רבי טרייבערט זייערע אָדערן און רייסט פון זיי שטיקער...

ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער, האָט געקאָנט זאָגן אויף זיך גדולות אויך, צו איינעם פון זיינע נאָנסטע האָט ער אַמאָל אַ זאָג געטאָן; זאָלסט וויסן, איך בין ניט קיין הייַנטיקער, מיין נשמה איז נאָך פון פאַרן חורבן בית המקדש, מען האָט מיך דאָ אַהער געשיקט אויף דעם עולם, כדי מברר צו זיין וואָס עס איז אמתע קדושה, און וואָס איז נאָר חיצוניות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ר׳ יצחקל וואָרקער, דער פאָטער פון דער וואָרקער ריאַנאַסטיע, דעם קאָצקערס חבר פון פשיסכא, וועלכער איז אליין געווען אַ קדוש וטהור, און דאָך להיפך פון ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער מתון אַ סבלן. אַ בעל רחמנות און אוהב ישראל, האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן צו זיין חבר ר׳ מענדעלע קאָצער בזה הלשון: מענדעל מיר זיינען עתיד ליתן את הדין, וואָס מיר זיינען מאבד ממון ישראל, יידן קומען צו אונדז פון מרחקים, זיי גלויבן אַז מיר קאָנען זיי העלפן, און אין דער אמתן מה אנו ומה חיינו, זיי זיינען זיך דאָך אין אונדז טועה...

ענטפערט אים דער קאָצקער, וואָס זיינען מיר שולדיק?

ויעש משה כאשר צוה ה׳, ותקהל העדה... ווען אַ ייד טוט דעם רצון פון אייבערשטן, טשעפּן זיך אין אים אָן יידן, און די עדה לויפט אים נאָך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַצינד וועט פאַר אונדז קלאָר ווערן, פאַר וואָס פיל גוטע יידן האָבן ניט געקאָנט סובל זיין דעם טאָמאַשאָוו־קאָצקער דרך, ערשטענס ווייל, ווי שוין אויבענדערמאַנט, האָט מען אים יענעם חדר „אַ תל״ געמאַכט פון אָנגענומענעם דרך החסידות, פשיסכא און קאָצק, האָבן געטריבן פון זיך דעם עולם זיי האָבן געזוכט יחידי סגולה, וועלכע זאָלן זיך אַרום גאַרטלען מיט אַ שטרויענעם גאַרטל, און באַדעקן דעם קאָפּ מיט אַ בלאַט פון קרויט, און אויסשרייען. ה׳ הוא האלקים!

דער קאָצקערס „הוא היה אומר״ איז געווען: „ויקחו לי תרומה״ נעמט מיך — בעט זיך דער אייבערשטער — תרומה -- אָפּגעשיידטערהייט, נבדלדיק, פון אַלע עולם הזהדיקייטן...

און ווען די גוטע יידן האָבן נאָר געטראָגן אין האַרצן אַ בלויזן פאַראיבל אויף קאָצק, האָבן שוין זייערע חסידים „מפרש" געווען און פערגרעסערט דאָס התנגדות מיט רכילות און שקרים. מיט אויסגעטראַכטע בלבולים וועלכע פּאַסן זיך גיכער פאַר משכילים און קעגנער פון גאַנצן חסידישן איינשטעל...

די פשיסכער און קאָצקער חסידים זיינען אָבער געווען דבוק אין זייערע רביים, זיי האָבן גוט געדענקט דעם רבי ר' בונם'ס קלאַסישע וואָרט, אז כאָטש די תורה האָט עדות געזאָגט אויף משהן, אַז ער איז געווען אַ „עניו מאד" דאָך האָט קרח מיט זיין עדה ניט געהאַט קיין אנדערע קריטיק אויף משהן ווי ומדוע תתנשאו... פאַר וואָס האַלט איר זיך גרויס?..

גראָד אויף די דאָזיקע מידה אויף וועלכע דער צדיק איז שטאַרק אויסגעאַרבייט, גראָד אויף די מידה קריגן אויף אים די בעלי מחלוקת...

דער קאָצקער רבי איז אַמאָל ערנסט קראַנק געוואָרן, האָבן אים די דאָקטוירים געראָטן צו פאָרן קיין לעמבערג צו אַ באַרימטן רופא. זיינען מיט אים מיטגעפאָרן די גאָר נאָענטע תלמידים, קומענדיק קיין לעמבערג זיינען זיי איינגעשטאַנען אין אַ גאסט הויז, אזא אכסניא וועלכע האָט געהאַט פיל חדרים פאַר פרעמדע אורחים יידן און להבדיל גויים.

די מקורבים וויסענדיק אַז ר' מענדעלע קאָצקער איז פיזיש ניט מיט אַלעמען האָבן זיי צו אים קיינעם ניט צוגעלאָזט...

די ידיעה אַז דער קאָצקער רבי איז דאָ אין לעמבערג, האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפרייט אין שטאָט, און הונדערטער יידן חסידים, משכילים, און סתם עמך מענטשן, האָבן באַלאַגערט יענע אכסניא, זיי זיינען געקומען זען דעם פוילישן רבין, אויף וועמען די גאַליצישע רביים האָבן מחולק געווען...

מה עשה השטן? האָט פונקט אין יענער אכסניא איבערנעכטיקט אויך אַ ערל מיט אַ לאַנגער באָרד, הערענדיק פרייטיק צו נאַכטס אַזאַ טומל ארום דער אַכסניא, האָט יענער ערל רויכערנדיק אַ ליולקע געעפענט זיין פענסטער, און ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ זען פון וואנעט קומט דער טימל?

דער המון, זעענדיק דעם מענטשן מיט דער לאַנגער באָרד, רויכענדיק פרייטיק צו נאַכטס אַ ליולקע האָבן פאַרשפרייט אַ קלאַנג אַז זיי האָבן „געזען" דעם קאָצקער רבין רויכערן אין שבת...

זיינען זיי געלאָפן צום לעמבערגער רב דעם „בעל ישועות יעקב"

און „עדות" געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען דעם פּוילישן רבין רויכערן אין שבת...

דעם קאָצקערס מקורבים זעענדיק צו וואָס פּאַר אַ חילול השם אַזאַ בלבול קאָן ברענגען, זיינען זיי אוועק בראש פון ר' יעקב בצלאל וואַרשעווער צום לעמבערגער רב און צו אים גערעדט האַרבע רייד, היתכן? חושד צו זיין זייער רבין, וועלכער איז אַ קדוש וטהור, אַ גאון בנגלה ובנסתר אין חילול שבת?

איינער פון יענע מקורבים האָט געזאָגט צום בעל „ישועות יעקב" ווען איר וואָלט מתיר געווען עגונות אויף אַזאַ שטייגער עדות זאָגן, וואָלט איר מרבה געווען ממזרים בישראל...

די מתנגדים און משכילים האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין אָט דער טייערער מציאה, און זיי האָבן געמאַכט מטעמים פון יענעם, „פרייטיק צו נאַכטס".

אָבער נאָר בלינדע שנאה, און קטנות דמוחינדיקע טיפּשים האָבן געקאָנט צו לאָזן צום געדאַנק אַזאַ שטייגער בלבול...

אַזעלכע נאמנים ווי דער בעל חידושי הרי"ם, דער ערשטער גערער רבי, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אין קאָצק כל ימי חייו ביי זיין הימל הויכן רבין, און געהאַלטן דעם קאָצקער פאַר אַ מלאך ה' צבאות וועלכער איז געווען אויסגעטאָן פון אַלע געשמיותדיקע תאוות, עד קצה האחרון. און זיין גאַנצע חבריא קדושה, ווי דער רבי ר' העניך פון אלכסנדר ר' בעריש ביאלער ר' אברהם'לע סאָכאַטשאָווער דער בעל „אבני נזר" (זיין איידעם) ר' אלעזר פולטוסקער, ר' הערש טאָמאַשאָווער, ר' יחיאל מאיר גאָסטינינער און הונדערטער אנדערע גדולים און קדושים וועלכע האָבן געקלעבט אין קאָצק, ממש נפשם קשורה בנפשו. זיי אַלע זיינען די בעסטע עדות און דער בעסטער באַווייז אויף דער קדושה און פלאַם פייערדיקע התנהגות פון קאָצק... ווייל ווען עס וואָלט חס ושלום געווען אמת, וואָלטן זיי זיך די ערשטע פורש געווען און פאַרלאָזען קאָצק...

נאָך דעם ווי משה רבינו האָט באַוויזן אַזאַ מופת, אז קרח און זיין עדה זיינען איינגעזינקען געוואָרן, ווי די תורה זאָגט עדות ופצתה הארץ את פיה... האָבן דאָך אַלע יידן געדאַרפט זען משה'ס קדושה! און דאָך האָבן זיי צומאָרגענס געשריגען אויף משהן, און געזאָגט, ניט מער און ניט ווייניקער ווי: „אתם המיתם את עם ה'", איר משה און אהרן האָט געטייט ג־טס פאָלק...

אין טאָמאַשאָוו האָט געברענט און געפלאַמט אַ הייליק פייער...

גרויסע און הייליקע יידן למדנים און בעלי מדרגה, זיינען פון יענעם פייער געלייטערט געוואָרן, יענער געטליכער פייער האָט אויסגעברענט אַלע סיגים פון זיי, און פאַרניכטעטע זייער פסולת, און זיי פאַרוואנדעלט אין קדושי עליון...

קליינע, קטנות דמוחינדיקע און טעמפע חושימדיקע מענטשן, זיינען אָבער דאָרטן צעשמאָלצן געוואָרן און האָבן זיך אין קאָצק אָפּגעבריט...

ווי צו די וועלכע ווייסן ניט ווי אזוי אומצעגיין מיט געשמיותדיק פייער, אזוי אַך און ווי צו די יעניקע וועלכע ווייסן ניט ווי אזוי זיך צו היטן פון גייסטיק און נשמהדיק פייער...

והוי זהיר בגחלתן שלא תכוה, שנשיכתן נשיכת שועל, ועקיצתן עקיצת עקרב, ולחישתן לחישת שרף, וכל דבריהם כגחלי אש...

קאַפּיטל זעכצן

## דער וואָרער ייד

קאָצקער חסידות האָט זיך צעוואקסן אין דער הויך און אין דער טיף אין דער ברייט און אין דער לענג.

אַזוי לאַנג ווי ר׳מענדעלע מאָרגענשטערן האָט געפירט זיין ראביסטווא אין טאָמאַשאָוו, אויף יענער זייט פון דער לובלינער גוברעניע, נעענטער צו דער קיר״ה׳שע גרעניץ, האָבן נאָר געצויגן אַהין יחידים געציילטע מופלגים וועלכע זיינען געווען נפשם קשורה בנפשו.

טאָמאַשאָוו איז געווען אַ ווייטער מהלך פון די געדיכטע און שטאַרק באוואוינטע יידישע געגענדן פון פוילן, א וועקלאָזן זיך קיין טאָמאַשאָוו, האָט געמיינט, אַ נסיעה אויף לאַנגע וואָכן און ניט איטלעכער חסיד אפילו זיין האַרץ האָט אים געצויגן קיין טאָמאַשאָוו האָט עס געקאָנט באווייזן, פּרנסה, גידול בנים האָט צוגעשמידט איטלעכן חסיד צו זיין היים. בני עליה זיינען דאָך אין אַלע דורות געווען מועטים, וויניק אין צאָל, הגם יענער דרך, האָט לגמרי ניט סובל געווען קיין כליאַסטערע (המון עם, אנלויף פון מענטשן), מען האָט פון יענעם חדר געטריבן דעם עולם אַ היים און אָבגעחוזקט פון די גראשענדיקע השגות פון המון עם חסידים וועלכע קומען דעם רבין פארדרייען אַ קאָפּ מיט, בני, חיי ומזוני בקשות, זיינען אָבער אין פוילן געווען די מועטים אין אַ גאָר גרויסער צאָל, זייער האַרץ האָט געבענקט

און געגאַרט הערענדיק וועגן די קולות וברקים פון טאָמאַשאָוו. דאָרטן וואו מען וואשט און מען רייניקט, מען פרעסט און מען מאנגעלט אויס יידישע נשמות, און פון קליאַקעס מאַכט מען דאָרטן לייט, מען עפענט דאָרטן די אויגן צו זען דאָס אייגענע שיפלות און דאָס גדלות פון אייבערשטן.

ווען ר׳ מענדעלע האָט מסכים געווען אין יאָר תקפ״ט. (1829) צו באַזעצן זיך אין קאָצק, נעבן ראַדזין, לוקאוו, און שעדלעץ, גאָר ניט ווייט פון ווארשא, צוליב די רדיפות פון ר׳ יאָסעלע יאַרטשאָווער, וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין טאָמאַשאָוו, תלמיד פון חוזה פון לובלין, וועלכער האָט געטראָגען אַ שנאה אין האַרצן נאָך אויפן ייד הקדוש צוליב זיין פאַרלאָזן דעם חוזה, און געפירט אויך מחלוקת מיטן רבי ר׳ בונם פון פשיסכא און אצינד מיט שאַרפן ר׳ מענדעלע. האָבן זיך חסידים אָנגעהויבן אַ לאָז צו טאָן קיין קאָצק, דער געטרייסטער חסיד און נאמן פונם הימל הויכן ר׳ מענדעל מאָרגענשטערן ר׳ איטשע מאיר אַלטער, וועלכער האָט שוין דאַן געשמט איבער גאַנץ פוילן און גאַליציע אַלץ גאון עצום און קדוש וטהור, האָט ביי אַלע זיינע אָפטע נסיעות קיין קאָצק מיטגעבראַכט נייע חסידים, שאַרפע יונגעלייט, לומדים און מופלגי תורה, אזוי אַז קאָצק איז געוואָרן אַ מרכז, אַ צענטער פונם גרעסטן פאָרעכץ פון חסידים אין קרוין פוילן.

און כאָטש דעם קאָצקער רבינס שטייגער איז ניט געווען אויסצושמועסן זיך מיט חסידים, דאָך האָט געצויגן טויזנטער יונגע לייט וועלכע האָבן זיך געוואָלט געפינען אין דער סביבה פון אַזעלכע גדולים ווי ר׳ איטשע מאיר ווארשעווער (שפּעטערדיקער ערשטער גערער רבי) ר׳ חנוך העניך פון אלכסנד ר׳ אברהם׳לע באָרנשטיין (דעם קאָצקערס איידעם) שפּעטערדיקער באַרימטער סאָכאַטשאָווער רבי, ר׳ מרדכי יוסף ליינער (באגרינדער פון איזשביצער־ראַדזינער חסידות) ר׳ יחיאל מאיר גאָסטענינער (דער תהלים ייד) ר׳ בעריש ביאַלער, ר׳ אליעזר פולטוסקער, ר׳ הערש טאָמאַשאָווער, און פיל פיל אַנדערע.

יענע חבריא האָט זיך געהאַלטן פעסט אין התקרבות און זי האָט זיך אויסגעלאַכט פון די אַלע מקטריגים אויף זייער הויכן רבין וועלכן ניט איטלעכער קאָן משיג זיין.

ווען איינער פון די באַרימטע גוטע יידן אין פוילן האָבן געפרעגט ר׳ איטשע מאירן, צו וואָס ער דאַרף נאָך פאָרן קיין קאָצק? אליין אַ גאון אין תורה, אַ קדוש מרחם, און אַ בעל מדריגה גבוהה, וועלכער קאָן אליין אָנפירן מיט אַ עדה חסידים, האָט ער באַקומען אַזאַ אַפּסאָלוטע

תשובה: עס שטייט אין פסוק: אמת קנה ואל תמכור (משלי כ״ג — כ״ג) אמת זאָלסטו קויפן אָבער ניט פאַרקויפן. איז דאָך קשה, ממה נפשך, אויב מען טאָר ניט פארקויפן, ווי אַזוי זשע קאָן מען קויפן?

איז דער תירוץ, אמת קנה, אזוי לאַנג ווי די קאָנסט נאָך קויפן קויף, און פאַרקויף ניט... ווען די וועסט שוין ניט האָבן וואו און ביי וועמען צו קויפן, דאַן ערשט קאָנסטו אָנהויבן פאַרקויפן... אין קאָצק קאָן איך נאָך אַלץ קויפן אמת, ממילא קאָן איך ניט און טאָר אָנהויבן צו פאַרקויפן...

קיינער האָט ניט אזוי טיף משיג געווען דעם קאָצקער רבין ווי זיין תלמיד מובהק ר׳ איטשע מאיר, און קיינער איז ניט געווען אזוי דבוק און קשור אין קאָצקער ווי ער. ר׳ איטשע מאיר האָט אַמאָל געזאָגט צו ר׳ ישעיהלע פראַגער, זאָלסט וויסן ישעיה, אַז ניין און נייַנציק חלקים וואָס איך פאָר קיין פשיסכא איז נאָר כדי זיך צו זען מיט ר׳ מענדעלען...

מיין זיידע ר׳ מאיר חסיד פון קויל, פלעגט תמיד דערציילן דער חידושי הרים״ס הערצה צו קאָצק. ער האָט געוויזן פאר אַ חברה יונגע לייט דעם מדרש רבה אין קהלת (פ״ג—י״א) אַז אברהם אבינו איז ראוי געווען בעשאַפן צו ווערן פאר אדם הראשון, פאר וואָס זשע דען איז אברהם געבוירן געוואָרען באמצע הדורות? נאָר כדי ער זאָל סובל זיין די דורות פאַר אים און די דורות נאָך אים...

דער קאָצקער רבי איז ראוי געווען אַז דער גאַנצער חסידישער דרך זאָל נתגלה ווערן דורך אים, נאָך פאַרן בעל שם טוב, פאַר וואָס איז זיין גרויסע נשמה אַראָפּגעקומען באמצע הדורות? כדי ער זאָל סובל זיין די ערשטע גרויסע דורות פון חסידות און די סאַמע נידעריקסטע לעצטע דורות.

דער קאָצקער רבי זצ״ל האָט דערהויבן דאָס חסידות אין פוילן צו דער סאַמע העכסטער מדריגה. פונקט ווי דער בעל התניא, ר׳ שניאור זלמן זצ״ל פון ליאַדי האָט דערהויבן דאָס חסידות אין רייסן, און ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט דערהויבן דאָס חסידות צו דער העכסטער מדריגה פון חסד און רחמים אין דער אוקריינע.

זיינע דיבורים זיינען געווען קורץ און שאַרף, חסידישע לומדים האָבן מעיין געווען און אַריינגעטראַכט אין קאָצקערס אַ וואָרט פונקט ווי אין די ווערטער פון אַ ראשון.

איך האָב עס געהערט פון מיין גרויסן פעטער דעם למדן און חסיד ר׳ מרדכי דוד בוימאן ז״ל, נפטר געוואָרען אין ירושלים, אַ תלמיד

מובהק פון סאָכאַטשאָווער רבין, דעם בעל „אבני נזר״. וועלכער איז געווען א איידעם פון קאָצקער.

איינמאָל זיינען געזעסן אין סאָכאַטשאָוו צענדליקער תלמידים ביים שיעור פון זייער גרויסן רבין, אין מיטן לערנען האָט זיך זייער רבי פאַרטראַכט, זיין פנים האָט אָנגעהויבן פלאַמען פון שמחה און התעוררות. די תלמידים האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. קיינער האָט אָבער ניט געוואָגט צו פרעגן. ביז דער ר׳ אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער האָט אליין אָנגעהויבן מגלה צו זיין זיין התפעלות.

דער גרויסער רבי האָט דאַן געהאַלטן ביים לערנען מיט זיינע תלמידים דעם ירושלמי קידושין פרק א׳ הלכה ז׳ וואו עס ווערט דערציילט אז ר׳ טרפונ׳ס מוטער האָט געבעטן די חכמים, ווען זיי זיינען געקומען מבקר חולה זיין איר זון טרפון, זיי זאָלן מתפלל זיין פאַר אים, ווייל ער איז זייער שלאַף, זי האָט געריממט איר זון טרפון ווי ווייט ער איז מקיים די מצוה פון כיבוד אם, דהיינו? ווען זי גייט שלאָפן, לייגט זיך איר זון אוועק אויף דער ערד, די מוטער זאָל אים באנוצן ווי אַ בענקל זי זאָל ארויפטרעטן אויף זיין רוקן כדי לייכטער צו דערגרייכן איר בעט. און ווען זי וויל אַראָפּ גיין פון איר בעט, לייגט זיך טרפון ווידער אַנידער, זי זאָל אויף אים טרעטן לייכטער צו דערגרייכן די ערד...

די חכמים, הערענדיק ווי ווייט דער קראַנקער זון אירער טרפון איז מקיים די מצוה, האָבן צו דער מוטער געזאָגט: רימט אים ניט אזוי, ער האָט אפילו נאָך ניט דערגרייכט די העלפט פון דער מצוה פון כבוד אם...

האָט דער סאָכאַטשאָווער רבי, דעם קאָצקערס איידעם אָנגעהויבן צו פרעגן קשיות אויף דעם דאָזיקן מאמר, היתכן? אַז ר׳ טרפונ׳ס מוטער האָט געבעטן ביי די חכמים זיי זאָלן מתפלל זיין פאר איר זון טרפון, איז דאָך דער דרך אַז מען דאַרף זוכן אַ זכות פאַר אַ חולה, ווי אַזוי זשע האָבן די הייליקע חכמים פארקלענערט זיין זכות און צו איר געזאָגט אַז אייער זון האָט אפילו נאָך ניט מקיים געווען אַ העלפט פון דער מצווה פון כיבוד אם?..

אצינד האָט דער סאָכאַטשאָווער רבי אָנגעהויבן צו דערציילן מיט גרויס התלהבות, ווען איך האָב געגעסן קעסט אין קאָצק, בין איך אַמאָל זייער שלאַף געוואָרן, די שטוב מענטשן האָבן געשיקט אַ שליח מיוחד צו מיין טאַטן, דעם ביאַלער רב, אַז ער זאָל תיכף ומיד קומען קיין קאָצק. ווייל איך בין זייער שוואַך. ווען דער טאַטע איז געקומען מיך מבקר חולה זיין,

האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מיין שווער, דער רבי פון קאָצק איז מיר אפילו ניט געקומען זען, און גאָר ניט געפרעגט די בני בית וואָס איך מאַך, האָט דאָס מיין טאַטען שטאַרק געחידושט, האָט ער זיך גענומען כוח און אריין צום פאַרשלאָסענעם רבין פון קאָצק און אָנגעהויבן וויינען... רבי איך האָב אייך געגעבן מיין טייערן זון פאַר אַ איידעם, איך בין געווען זיכער אַז איר וועט אויף אים האָבן אַ השגחה, און אצינד, הער איך אַז איר האָט אים אפילו ניט מבקר חולה געווען?

צי ווייסט איר רבי, אַז אברהמלע פלעגט זיצן צוואַנציק שעה אין מעת לעת און לערנען?..

רופט זיך אָפּ מיין שווער דער קאָצקער רבי, צו מיין פאָטער דעם ביאַלער רב, נחום, דאָס הייסט ביי דיר שוין געלערנט?..

דער טאַטע האָט געוואוסט פאַר וועמען ער שטייט, ער האָט גוט געקאָנט מיין שאַרפן שווער איז ער ארויסגעגאַנגען מיט גרוס שברון הלב, און קיינעם ניט דערציילט קיין וואָרט פון רבינס רייד.

מיין שלאַפקייט איז אין עטליכע טעג אוועק. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו פילן בעסער, ערשט ווען איך בין געזונט געוואָרן, האָט מיר מיין פאָטער דערציילט דעם שווערס דיבורים... פערציק יאָר האָב איך די דיבורים געהאַלטן אין מיין זכרון. און איך האָב אלץ ניט פארשטאַנען דעם שווערס כוונה. היתכן? איך בין געווען אַ חולה מסוכן און דער טאַטע איז מיך מזכיר פארן רבי, און ברייננגט פאר מיר אַ זכות פון לערנען צוואַנציק שעה אין מעת לעת, אין פסוק שטייט דאָך: כי בי ירבו ימיך ויוסיפו לך שנות חיים, האָט גאָר דער שווער מבטל געמאַכט מיין התמדה און געזאָגט, דאָס הייסט אויך מיר געלערנט?..

אצינד לערנדיק אין ירושלמי קידושין די מעשה מיט ר׳ טרפונס מוטער, אז די חכמים, אַנשטאָט אָנעמען פאר אַ גרויסן זכות זיין אויסער־געוויינליכע מקיים זיין די מצווה פון כיבוד אם, האָבן זיי איר נאָך אָפּגעפּלעפּט און געענטפערט, אַז ער האָט נאָך אפילו ניט מקיים געווען די העלפט פון כבוד אם.

אַצינד האָב איך ערשט פאַרשטאַנען מיין שווערס דיבורים... הערט אייך גוט צו וועל איך אייך דערקלערן און מסביר זיין דעם ענין:

איטלעכער מענטש ווערט אַראָפּגעשיקט אויף דעם עולם, ער זאָל מתקן זיין אַ געוויסן ענין, פאַרפעלט ער אָבער און איז ניט מתקן, מוז ער נאָך אַמאָל מגולגל ווערן, און ביים צווייטן אָדער דריטן גלגול, פאַריכט ער

דאָס וואָס ער האָט פאַרפעלט מתקן צו זיין ביים ערשטן גלגול. אזוי שטייט אין זהר הקדוש און אין די כתבים פון האר״י ז״ל.

ווי אזוי זשע ווייסט אַ מענטש אז ער איז מגולגל געוואָרן און ער דאַרף מתקן זיין אַ געוויסן ענין? זעט מען צו וועלכע מצווה דער מענטש האָט אַ באַזונדערע תשוקה, ווייסט מען, אַז די מצווה דאַרף ער מתקן זיין...

מען זעט למשל, אַז מענטש ליגט תמיד אין די מצווה פון צדקה. איז אַ סימן אַז ער איז אַראָפּגעקומען אויף דעם עולם מתקן צו זיין די מצווה פון צדקה וועלכע ער האָט אין ערשטן גלגול פאַרנאַכלעסיגט. אַזוי זעט מען אַ יידן וועלכער איז עוסק שטאַרק אין תפלה אָדער אין תורה. פאַרשטייט מען אַז דאָס דאַרף ער מתקן זיין.

אַז ר׳ טרפונס מוטער האָט דערציילט פאַר די חכמים, אז איר זון איז אזוי שטאַרק מקיים די מצווה פון כיבוד אם, איז דאָך אַ סימן אַז ער איז געקומען אויף דער עולם מתקן זיין די דאָזיקע מצווה, נו, אויב ער האָט שוין ווידער מתקן געווען די מצווה, קאָן ער דאָך שוין שטאַרבן...

האָבן די הייליקע חכמים געזאָגט צו זיין מוטער, זאָלסט וויסן אַז ער האָט אפילו נאָך ניט דערגרייכט די העלפט פון דער מצווה פון כיבוד אם. דעריבער דאַרף ער נאָך לעבן... און סאיז נאָך ניט געקומען די צייט ער זאָל נפטר ווערן פון דעם עולם...

ווען מיין טאַטע זכרונו לברכה, דער ביאַלער רב, דערציילט מיין שווער פון קאָצק, אז איך האָב געלערנט צוואַנציק שעה אין מעת לעת, איז דאָך אַ סימן אַז איך בין געקומען אויף דעם עולם מתקן זיין לימוד התורה, וואָס כ׳האָב ביים ערשטן גלגול מקלקל געווען, אויב אזוי, לויט מיין התמדה, האָב איך דיך שוין מתקן געווען. קאָן איך דאָך שוין נסתלק ווערן פון דעם עולם, האָט מיין שווער דער רבי פון קאָצק מבטל געמאַכט מיין התמדה און געזאָגט צו מיין פאָטער: נחום, דאָס הייסט שוין ביי דיר געלערנט..?

אָט אָ מיט די קורצע דיבורים, האָט מיין שווער מיך אויסגעבעטן, אַז ס׳איז נאָך ניט געקומען די שעה איך זאָל אַוועקגיין פון דעם עולם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פערציק יאָר האָט דער גרויסער גאון דער בעל „אבני נזר" און בעל „אגלי טל" געזוכט פשט אין זיין הימל הויכן שווערס דיבורים. און צום סוף האָט ער געפונען אַ סמך אין ירושלמי קידושין...

אזוי האָבן גדולים און קדושים, מנהיגים פון טויזנטער חסידים,

געלערנט פשט און זיך פאַרטיפט אין די רייד פון קאָצקער רבין, ווייל ער האָט ניט גערעדט קיינע סתם דיבורים, איטלעכע זאָג זיינער האָט געהאַט אַ מקור אין תנ״ך, תלמוד, זהר, און מדרשים, עס האָבן געקאָנט פאַרביי לויפן טעג און וואָכן ער זאָל ניט ארויסזאָגן אפילו קיין איינציק וואָרט, נאָר ארומגיין אין זיין חדר פאַרטראַכט און פארטיפט אין זיך. צו באווייזן ווי ווייט וואָגיק און חשוב דעם קאָצקער רבינס אַ וואָרט איז געווען ביי זיינע גרעסטע תלמידים, איז כדאי צו דערציילן די דאָזיקע רירענדיקע מעשה.

ר׳ איטשע מאיר אַלטר, דער ערשטער גערער רבי, דער גרויסער גאון אין נגלה און אין נסתר וועלכער אזי שוין דאַן געווען באַרימט צווישן אַלע גדולי ישראל האָט לאַנג יאָרן געאַרבייט אויף א חיבור אויף שלחן ערוך חושן משפט, דער דאָזיקער חיבור איז ביי אים געווען זייער טייער און חשוב, חשובער ווי אלע זיינע חיבורים.

פאַרענדיק אַמאָל קיין קאָצק צו זאַמען מיט זיין חסיד ר׳ מאיר לאנדשטיין פון ווארשא, האָט ער מיטגענומען דעם דאָזיקן חיבור צו ווייזן דעם קאָציקער רבין און הערן פון אים זיין מיינונג.

אַ לאַנגע צייט איז ר׳ איטשע מאיר געווען ביים קאָצקער אין זיין פאַרשלאָסענער חדר, זיי האָבן פיל גערעדט און זיך מפלפל געווען, ארויס־קומענדיק פון רבינס חדר, האָט זיין פנים געפלאַמט און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון ר׳ איטשע מאירס אויגן.

ר׳ מאיר לאנדשטיין איז דערשראָקן געוואָרן דערזעענדיק ר׳ איטשע מאירס צעפלאַמט פנים, קומענדיק אויף זייער אכסניא האָט ר׳ איטשע מאיר געבעטן מאיר לאנדשטיינען ברייגגען שפענדליק האָלץ, ער האָט די העלצלעך אוועקגעלייגט אויף דער ערד זיי אָנגעצונדן, און אויפן פייער אוועקגעלייגט זיין חיבור, און ווען די פלאַמען האָבן פארצערט זיין פיל יאָריקע הייליקע ארבייט האָט ער מיט שמחה געזאָגט: מצוה לשמוע דברי חכמים, דער רבי פון קאָצק האָט חושש געווען אז ווען מיין ספר זאָל געדרוקט ווערן, וועלן די לומדים אויפהערן לערנען דעם ש״ך... און ס׳איז ניט קיין יושר אַז אַ שפּעטערדיקער מחבר זאָל מדחה זיין דעם הייליקן ש״ך וועלכער האָט געלערנט תורה לשמה...

ווען ר׳ מאיר לאנדשטיין איז צומאָרגענס אריינגעגאַנגען צום קאָצקער רבין, האָט דער רבי אים געפרעגט, צו ער ווייסט עפעס וואָס ר׳ איטשע מאיר האָט געטאָן מיט זיין חיבור? האָט ר׳ מאיר לאנדשטיין געענטפערט:

איך האָב מיט מיינע אויגן געזען ווי ר׳ איטשע מאיר האָט פארברענט זיין חיבור...

דער קאָצקער רבי איז שטאַרק נתפעל געוואָרן דערפון און געזאָגט: זיין אור תורה וועט ערשט אצינד אָנהויבן צו שיינען, אַ ייד זאָל האָבן אזא גרויסן כוח מבטל צו זיין זיין רצון פאר מיינעם!..

ווען דאָס וואָלט געטאָן אַ סתם חסיד און ניט אזא שטייגער גדול ווי דער חידושי הרי״ם וואָלט עס ניט געווען אַזאַ גרויס פלא. ער איז אָבער געווען איינער פון די גרעסטע גאונים, געלערנט בקדושה ובטהרה, און גוט געוואוסט דאָס חשיבות פון זיין חיבור אויף שלחן ערוך חושן משפט, פארן בלויזן „עי״ און חשש פון קאָצקער רבין האָט ער מבטל געמאַכט זיין רצון און פארברענט אויפן מזבח פון אמונת צדיקים זיין לעבענס ווערק...

פון די און נאָך זייער פיל ענליכע עפיזאָדן קאָן מען זיך פארשטעלן דאָס גדלות פון ביידע, סיי פונם רבין פון קאָצק, און סיי פון זיין תלמיד, חכיד און ממלא מקומו דער ערשטער גערער רבי, ר׳ איטשע מאיר אַלטער זצ״ל...

אויך דער קאָצקער רבי האָט כל ימיו געשריבן אַ חיבור „אלה תולדות אדם״ דער דאָזיקער חיבור האָט געהאַט ניט מער ווי איין בלאַט, איטלעכן פאר פסח האָט ער דעם ספר פאַרברענט ביי ביעור חמץ און תמיד אָנגעהויבן שרייבן אויפסניי... און צום סוף אויך דאָס דאָזיקע בלעטל פארברענט.

די קאָצקער שיטה איז געווען איבערצולאָזן לעבעדיקע ספרים, און אַזעלכע זיינען פארבליבן אין די טויזנטער, לומדים, חסידים בעלי מדרגה, שאַרפע קעפּ, אויסגעטוענע פון עולם הזהדיקע תאוות... חסידישע מנהיגים, גוטע יידן, רבנים און בעלי השפעה.

ווייל איטלעכער בר דעת וועלכער האָט נאָר אָנגערירט די קליאַמקע פון קאָצק איז אָנגעצינדן געוואָרן מיט יענעם פלאַמיקן פייער וועלכעס ווערט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן.

די חסידים וועלכע זיינען פארבליבן אין קאָצק וואָכן, און חדשים לאַנג האָבן געלעבט צוזאַמען, פון איין טאָפּ האָבן זיי אַלע געגעסן, און ערגיץ וואו אויף אַ בוידעם זיינען זיי געשלאָפן, דאָ אַ מנין דאָרטן אַ מנין, אויסגעבעט אויף שטרוי אָדער היי, איז געקומען אַהין אַ קעסט יונגערמאַן פון אַ רייכן שווער, וועלכער האָט נאָך געהאַט די חתונה מלבושים מיטן נגידישן טערקישן טלית, זילבערנע עטרה און זיידענעם גאַרטל, האָבן זיי די אַלע צאַצקעדיקע חפצים פארזעצט, פארקויפט און אריינגעגעבן דאָס מזומן געלד אין דער

חברותא אריין, אויב אין קאָצק האָט מען ניט געקאָנט סובל זיין קיין יחוס אבות אפילו ווען די אבות זיינען געווען רבנים, לומדים און שיינע יידן, האָט מען דאָרטן, אוודאי ניט געקאָנט סובל זיין יחסנים צוליב עשירות.

די חסידים סיי די אַלטע און סיי די יונגע האָבן געוואוסט וואָס פאר אַ פנים געלד האָט אין רבינס אויגן... איש מפי איש פלעגט מען דאָרטן דערציילן, ווען דער קאָצקער רבי צוזאַמען מיט זיין חבריא ר׳ יצחקל וואָרקער, ר׳ איטשע מאיר ווארשעווער, ר׳ ישעיהלע פראַגער, און ר׳ הענעך פון אלכּ־סנדר, ווען זיי זיינען נאָך אלע געווען תלמידים אין פשיסכא,ביים רבין ר׳ בונם און זיי האָבן געליטן נויט און דחקות, ממש ניט געהאַט אויף וועטשערע און פיל מאָל געגאַנגען שלאָפן הונגעריק, איז אַמאָל אריינגעקומען אויף דער אכסניא ר׳ יצחקל וואָרקער און געזאָגט צו ר׳ מענדעל טאָמאַשאָווער, מענדעל, תמרל די ווארשעווער נגידיתטע איז געקומען קיין פשיסכא און זי וועט מסתמא איבערלאָזן — ווי איר דרך איז געווען — געלד פארן עולם. האָט ר׳ מענדעל אויפגעשפרונגען און אַ געשריי געטאָן, יצחק, געלד? פע... מוקצה מחמת מיאוס...

האָט ר׳ יצחקל וואָרקער, דער פאָטער און באַגרינדער פון דער גרויסער וואָרקער דיאנאסטיע שפּעטער דערציילט, אַז חדשים, חדשים לאַנג, האָט ער ניט געקאָנט קוקן אויף געלד, אזוי האָט אים ר׳ מענדעל טאָמאַשאָווער דער איצטיקער קאָצקער רבי, אזוי שטאַרק עס ממאס געווען.

די חסידים, די שטענדיקע יושבים זיינען ארום געגאַנגען קרוע־בלוע, א האַנטוך אָדער אַ שטריק איז געווען זייער גאַרטל, איז אַמאָל געקומען אַ בגידישער חסיד קיין קאָצק פלעגט ער איבערלאָזן משקה פאַרן עולם, מלבושים און שטיוול זאָקן און לאַטשן.

דער קאָצקער רבי אליין פלעגט ניט מקפיד זיין אויף זיין הלבשה, ער פלעגט כמעט תמיד טראָגן אין ווינטער אַ וואַטאָוון שפּענצער אַ גרויסן וואָלענעם טלית קטן און אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. ערטש ווען ער פלעגט מאַכן אַ ברכה האָט ער אָנגעטאָן זיין ספּאדעק און כאַלאַט.

אין רבינס חדר פלעגט שטיין אַ פשוט האָלצן בעטל, אַ גרויסער טיש, צוויי לאַנגע בענק און עטליכע שטולן מכבד זיין אַ אדם חשוב, וואָס עס האָט געמיינט אַ פרעמדער גוטער ייד, אָדער א יידישער שתדלן, ווייל דער היימישער עולם האָט ניט בעדאַרפט און ניט געזוכט קיינע כיבודים...

דער דאָזיקער פשיסכער קאָצקער חדר האָט אויסגעוואָרצלט און ממש

אויסגעבערענט די דריי שלעכטע מידות קנאה, תאווה און כבוד פון די חסידים נאמנים.

ווען מיין זיידע איז געקומען ראש חודש אלול דאָס ערשטע מאָל קיין קאָצק האָט אים ר׳ דודל דעם קאָצקערס זון געגעבן שלום, און געפרעגט: יונגערמאַן האָסט שוין בודק חמץ געווען?..

דער זיידע איז געבליבן שטיין אַביסל געפּלעפט און ניט פאַרשטאַנען די שאלה, ראש חודש אלול פרעגט מען אים צו ער האָט בודק חמץ געווען? האָט זיך ר׳ דודל ניט געפוילט און צו מיין זיידע געזאָגט. זאָלסט וויסן יונגערמאַן, אַז פונקט ווי פאַר פסח איז אַ ייד בודק דאָס גשמיותדיקע חמץ, אזוי דאַרף מען אין ראש חודש אלול בודק זיין דאָס נשמהדיקע חמץ... קנאה תאווה און כבוד איז סם המות, וועסטו ארבעטן איבער זיך, וועט פון דיר ווערן לאַאַט, טאָמער ניט, איז אן עבירה דיין אַהער קומען, בעסער פאַר אַ היים, אָדער פאַר ערגעץ אַנדערשוואו. דאָ האָבן ליידיקגייער און קליאַקעס קיין מקום ניט...

בכל תפוצות ישראל האָט געשמט דער גרויסער גאון און צדיק רבי עקיבא אייגער, רב אין פרידלאנד און שפּעטער אין פויזנא, אַלע גדולי ישראל האָבן צו אים געשריבן און אָנגעפרעגט זייערע שאלות, צו זיין צדקות און קדושה האָט זיך קיינער ניט געקאָנט פאַרגלייכן, זיין עניוות איז געווען באַרימט.



הגאון רבי עקיבא אייגער זצ״ל,
פויזנער רב.



רב אין קאליש און פוזנא.
זיין זון הגאון ר׳ שלמה אייגער זצ״ל,

פויזנא איז דאַן געווען איינע פון די באַרימטע יידישע קהלות, אַ מקום תורה וואו הונדערטער לומדים זיינען אויסגעוואַקסן.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט פיל מאָל באַזוכט פויזנא. ווייל אויף יענעם בית עולם רוען זיינע עלטערן הרב ר׳ ישראל משה און רחל עליהם השלום, ניט ווייט פון רבי עקיבא אייגערס קבר.

דער וועלט באַרימטער גאון ר׳ משה סופר ז״ל (חת״ם סופר) פון פרעשבורג איז געווען בזיווג שני רבי עקיבא אייגערס איידעם.



הגאון ר׳ משה סופר זצ״ל, בעל חת״ם סופר.

ר׳ שלמה אייגער, דער זון פון רבי עקיבא, רב אין קאַליש און שפּעטער פאַרנומען דעם פאָטערס רבנות אין פּויזנא, האָט דאַן נאָך געוואוינט אין ווארשא, ער איז געווען א חוץ א גאון בתורה, אויך פון די ווארשעווער נגידים, אין זיין הויז איז געווען תורה וגדולה במקום אחד, זיי זיינען אָבער אַלע געווען פון אשכנזישן טיפּ סיי זיין פאָטער רבי עקיבא דער פויזנער רב, און סיי זיין שוואָגער דער חת״ם סופר פרעשבורגער רב.

מען קאָן זיי ניט אָנרופן מתנגדים, ווייל זיי האָבן ניט געפירט קיין קאַמף מיטן חסידות, ווייל דער גאַנצער חסידישער דרך איז געווען פרעמד די אשכנזישע לומדים און רבנים.

האָט אָבער דאַן פּאַסירט עפּעס אזוינס וואָס האָט ארויסגערופן שטוינונג און פאַדרוס צו דער אייגער משפחה, ר׳ שלמה׳ס אַ זון ר׳ לייבל, איז בעאיינפלוסט געוואָרן פון חסידות, זיינע חברים אין ווארשא האָבן אים מיטגעשלעפּט קיין קאָצק...

דער לומדיש נגידישער יונגערמאַן ר׳ לייבל אייגער, וועלכער איז געגאַנגען געקליידט אין זייד און אין סאַמעט, קומענדיק קיין קאָצק האָט ער דערזען דעם הילוך פון יענע חסידים כמעט קרוע־ובלוע, געגעסן האָבן זיי פון איין שיסל און בכלל געווען וויט פון עולם הזהדיקע תענוגים, דאָך האָט עס אים געצויגן צו זייער פּנימיות, ער איז שוין דאָרטן פארבליבן טראָץ זיין גרויסן פאָטערס התנגדות וואָס זיין זון האָט זיך מתחבר געווען מיט חסידים...

אין קאָצק האָט מען אויסגעקוקט אויף אַזעלכע שטייגער לומדישע יונגעלייט צווישן יענע חבריא האָט זיך ר׳ לייבל אייגער גוט ארייגעפּאַסט.

די דאָזיקע פּאַסירונג האָט אָפּגעקלינגען אין גאַנץ פּוילן דער מדינה. רבי עקיבא אייגערס אַן אייניקל, דעם חת״ם סופר׳ס אַ שוואָגערס אַ קינד און ר׳ שלמה אייגערס אַ זון איז געוואָרן אַ פלאַמיקער קאָצער חסיד!..

אַזאַ כוח המושך האָט געהאַט קאָצק, דער חסידישער עולם איז באַשטאַנען פון געקליבענע בני עליה, שפּעטערדיקע מנהיגים פון חסידישן דרך.

רבי מרדכי יוסף לייגער, דער שפּעטערדיקער איזביצער רבי דער בעל „מי השילוח״ דער פאָטער פון דער ראַדזינער דיאנאסטיע, און ר׳ לייבל אייגער דער פאָטער פון דער לובלינער דיאנאסטיע, דער בעל „תורת אמת״ רבי יחיאל מאיר גאָסטאַנינער, דער בארימטער, „תהלים ייד״, דער רבי ר׳ הענעך פון אלכסנדר און ועל כולם דער בעל חידושי הרי״ם דער ערשטער גערער רבי, זיי האָבן דאָך אַלע פאַרשפּרייט דאָס חסידות

אין פוילן, פאַרטיפט און דערהויבן דעם בעל שם טובס שיטה צו דער העכסטער מדריגה. א חוץ זיי זיינען קיין קאָצק געפאָרן גרויסע רבנים דיינים מורה הוראה׳ס, זיי האָבן אַלע געזען אין ר׳ מענדעלע קאָצקער דעם איש אלקים וועלכער איז אויסגעטאָן אין גאַנצן פון אַלע עולם הזהדיקע תענוגים, אין קאָצק האָבן די גרויסע תלמידים ניט דערוואַרט קיין כבוד, אָדער חניפה, אַ גלעט, אָדער אַ ג״ט וואָרט, דאָרטן האָט זיי אַלעמען דער־וואַרט, שאַרפע דיבורים, שניידענדיקע קריטישע באַמערקונגען. וועלכע האָבן געהאַט איין איינציקע כוונה אויסצעוואָרצלען די עבודה־זרה׳דיקע מידות פון זוכן כבוד אָדער אַ הנאה האָבן פון חניפה און קאָמפּלימענטן...

דער קאָצקער רבי נאָך דעם ווי ס׳איז צו אים געבוירן געוואָרן זיין בכור דוד, האָט ער זיך געגצליך פורש געווען פון דרך העולם, ער האָט ניט ארויסגעקוקט פון זיינע דלת אמות. תמיד געזעסן אין זיין חדר און עוסק געווען אין תורה און אין עבודה. זיין אינערלעכער באגער איז געווען צו דערהייבן זיינע חסידים צו דער מדריגה פון בעל שם טוב, זיי זאָלן ראוי זיין די שכינה זאָל אויף זיי רוען...

ווען די קאָצקער רביצין גליקע עליה השלום איז נפטר געוואָרן, האָט ער לכתחלה גאָר ניט געוואָלט הערן פון א זיווג שני, ער האָט געלעבט ממש ווי אַ נזיר, טועם געווען נאָר כדי להחיות נפשו.

זיין נאמן בית און גרעסטער מקורב רבי איטשע מאיר ווארשעווער, דער בעל חידושי הרי״ם, דער איידעם פון ר׳ משה חלפן האָט געהאַט ביי זיך אין הויז, דעם שווערס אַ טאָכטער, זיין ווייבס אַ שוועסטער, איר איז שווער אָנגעקומען צו טאָן אַ פּאַסיגן שידוך, מחמת איר באַרימטע פּאָטער ר׳ משה חלפן איז פאַראָרעמט געוואָרן נאָך פאַר זיין פטירה, קיין נדן איז ניט געווען מסלק צו זיין, און צו סתם אַ שידוך האָט ניט זי און ניט איר משפחה געקאָנט מסכים זיין.

האָט רבי איטשע מאיר געבעטן, זיין חבר ר׳ מרדכי יוסף ליינער דעם שפּעטערדיקן איזביטשער רבין ער זאָל אריינגיין צום קאָצקער רבי און אים אָנשלאָגן דעם שידוך, ווייל דער רבי בונם האָט איר צוגעוואונטשן אַז אַלע זיבן הימלן וועלן פאַר איר אָפן זיין, און אַ גרויסן תלמיד חכם און צדיק וועט זי באַקומען פאַר אַ מאַן, נאָך אַ לאַנג יישוב הדעת האָט דער רבי מסכים געווען צום שידוך. ווען רבי איטשע מאיר האָט דאָס איבערגערעדט מיט זיין רביצין און שוועגערין, האָבן זיי געשטעלט תנאים. אַז די דאָזיקע תנאים זיינען געווען שאַרפע און געוואַגטע, זיי האָבן

געוואוסט אַז דער קאָצקער רבי איז נאָכן געבוירין ווערן פון זיין ר׳ דודל געוואָרן אַ פרוש, האָבן די נשים, די כלה און איר שוועסטער דעם חידושי הרי״מס ווייב פארלאַנגט, אַז דער קאָצקער רבי זאָל מבטיח זיין אַז ער וועט האָבן מיטן זיווג שני קינדער.

ווען ר׳ הערש טאָמאַשאָווער איז געקומען קיין ווארשא אין שליחות פון קאָצקער רבין צו זען צי די כלה איז ניט אַמאָל אַ בעלת מום, האָבן די נשים מיט אים אויסגערעדט דעם דאָזיקן תנאי, אַז ר׳ איטשע מאירס ווייב, די שוועסטער פון דער כלה מוז צוערשט רעדן מיט רבין אליין...

זי איז געקומען קיין קאָצק, און זי האָט בפירוש געפרעגט דעם רבין צו ער איז מסכים צום תנאי, אַנדערש וועט פון דעם שידוך ניט ווערן...

דער קאָצקער רבי האָט זיך לאַנג פאַרטראַכט, און לסוף מסכים געווען, צוזאָגענדיק אַז ער וועט מיט איר האָבן קינדער, און ער וועט זיי אַלעמען פירן אונטער דער חופה...

ווען דער באַשטימטער זמן החתונה איז געקומען האָט דער קאָצקער רבי אריינגערופן זיין חסיד און צוקונפטיקן שוואָגער ר׳ איטשע מאירן און צו אים געזאָגט; זאָלסט וויסן איטשע מאיר אַז מיר איז אַ ספק צו די קידושין וועלן גילטיק זיין. ווייל די גמרא זאָגט אין קידושין, מ״ט, ע״ב, אַז איינער זאָגט צו אַ פרוי זיי צו מיר מקודשת ווייל איך בין אַ צדיק, איז זי צו אים מקודש אפילו ער איז געווען אַ רשע גמור, ווייל טאָמער האָט ער אין האַרצן תשובה געטאָן... ווי איז אָבער אַז די כלה גלויבט אַז איך בין אַ רבי, און אין דער אמתן בין איך דאָך ניט קיין רבי, איז דאָך דאָ חושש צו זיין אַז די קידושין גילטן ניט... ס׳איז דאָך אַ טעות...

ענטפערט אים רבי איטשע מאיר, אַז לויט זיין מיינונג זיינען די קידושין גילטיק, ווייל פאַר וואָס גלויבט די כלה אַז איר זייט אַ רבי, ווייל דער עולם האַלט אייך פאַר אַ רבי, און דער עולם וועט קיינמאָל ניט אויפהערן אייך צו האַלטן פאר אַ רבי...

דענסמאָל ערשט האָט דער קאָצקער רבי זיך באַרואיקט און בעפוילן מכין צו זיין די חופה...

פונם זיווג שני זיינען געבוירין געוואָרן צום קאָצקער רבין זין און טעכטער, איינער פון זיינע באַרימטע איידעמס איז געווען דער וועלט בעקאַנטער גאון און קדוש ר׳ אברהם׳לע באָרנשטיין, דער שפּעטערדיקער סאָכאַטשאָווער רבי דער בעל „אגלי טל״, און אבני נזר, דער פאָטער פין דער סאָכאַטשאָווער דיאנאסטיע...

רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער פלעגט דערציילן צו זיינע נאָנטע מענטשן, אַז נאָך זיין חתונה וואָטשערע האָט זיין שווער אים איינגערוימט אין אויער אריין געדענק חתן, אַז אויפן פסוק ושמח את אשתו אשר לקח (דברים כ׳ד, ה,) זאָגט רש״י: והמתרגם ויחדי עם אתתיה טועה הוא...

קאפיטל זיבעצן

# דער אינערליכער אויפשטאנד

דער מצב אין קאָצק איז געווען זייער אָנגעשטרענגט, אַלע פוילישע וועגן האָבן געפירט קיין קאָצק, חסידים פון אַלע געגענטן און פון אַלע רביישע הויפן זיינען געלאָפן גראָד צו דעם רבין, וועלכער האָט כמעט קיינעם ניט געוואָלט זען... זיי האָבן זיך ממש געוואלגערט אויף די אכסניות, געווארט וואָכן און חדשים אַ בליק צו טאָן אויף דעם „וואָרן יידן״, וועלכער שטראָפט מיט גליענדיקע ווערטער, און רייניקט און רייבט אויס די פגימות פון דער נשמה מיט אַ אייזערנעם קאַם...

עס האָט ניט געהאָלפען די תחנונים פון די בני בית, פון דער רביצין און די קינדער, ער זאָל אַרויסקומען צום עולם, שלום נעמען, עס האָבן ניט געקאָנט ענדערן און משנה זיין דעם דרך זיינעם, זיינע נאָנטסטע מקורבים די גדולי החסידים, וועלכע זיינען מיט אים געווען חברים אין פשיסכא, ווי אַ געפאַנגענער לייב אין אַ אייזערנע שטייג איז זיך ר׳ מענדעל קאָצקער געזעסן אין זיין פארשלאָסענעם חדר ער איז געווען ענטוישט, סיי אין זיך, און סיי אין עולם, און אזוי פלעגט ער פון צייט צו צייט אַ ווארף טאָן אַ שאַרפן זאָג: „זעט נאָר וואָס ס׳איז פון מיר געוואָרן. אַ רבי פון חסידים! ווען איך בין יונג געווען, ווען כ׳האָב געקאָנט אין מיר אריינקוקן, האָבן זיך צו מיר ניט געקאָנט אָנטשעפן אַזאַ המון, איך האָב געמיינט אַז איך וועל צוזאַמען קלייבן פיר הונדערט יונגע לייט וועלכע האָבן נאָך גאָר ניט קאַליע געמאַכט, און איך וועל מיט זיי ארויסגיין אין פעלד אריין און זיי געבן מן״...

די גדולי התלמידים, האָבן פאַרשטאַנען אַז דער מצב קאָן אזוי ניט אָנהאַלטן... די סאַמע נאָנסטע האָבן שלום געמאַכט מיטן גורל, זיי האָט ניט געפעלט קיין שיריים, פאַר זיי איז געגוג געווען וואָס זיי געפונען זיך אין דער נאָנט פון אַ מלאך ה׳ צבאות וועלכער איז אַראָפגעשיקט געוואָרן פון הימל אויסצוברענען און אויסצוואָרצלן דאָס פסולת פון די בני עליה.

אָבער דער המון עם חסידים? זיי זיינען פאַרבליבן כצאן בלי רועה, אין אַנדערע הויפן איז מען מקרב דעם עולם, מען צאַצקעט זיך מיט חסידים, ממילא איז פאַראַן פרנסה בריוח, און דאָ אין קאָצק לעבט סיי דער הויף און סיי דעם רבינס משפחה אין דחקות, מען האָט דאָרטן פיינט מתנות, מנעמט ניט קיינע פדיונים...

אַ טייל חסידים האָבן אָנגעהויבן מתרעם צו זיין, זיי האָבן געפּאָדערט, אַז די מקורבים זאָלן זען אַ סוף צו מאַכן צו דעם אומנאָרמאַלן מצב.

אָבער ווער וועט וואַגן צו עפענען אַ מויל? איטלעכער האָט געציטערט, מורא געהאַט, מען זאָל פון אים ניט מאַכן קיין גל של עצמות... אין קאָצק פרעגט מען ניט, און מען רעדט ניט, אַ ברום פון יענעם לייב האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד. האָט מען זיך געהיטן אפילו פון אַ דיבור קל...

האָט זיך געפונען צווישן עולם איינער פון די סאַמער שאַרפסטע וועלכער האָט געטענהט אַז מען קאָן ניט לאָזן אַזאַ עדה קדושה אויף הפקר. וואָס וויל דען דער עולם? אַ מנהיג וואָס זאָל ארויסווייזן פנים יפות, אויסהערן יידישן צער, זאָגן אַ גוט וואָרט, געבן התחזקות, זאָלן אין קאָצק פאַרבלייבן די סאַמע אַרזים די יחידי סגולה, די וועלכע זיינען אויסגעטאָן פון עולם הזה, וואָס זאָלן אָבער טאָן דער המון עם חסידים, זיי מוזן געפירט ווערן מיט חיבה, כבקרת רועה עדרו...

דער דאָזיקער שאַרפער גרויסער חסיד איז געווען רבי מרדכי יוסף ליינער, געבוירן תקס״א, 1801, אַליין פון דער חבריא, נאָך פון פשיסכא אליין אַ גרויסער מעריץ און מקושר פון קאָצקער. ער האָט גענומען אַן עולם און איז אַוועק קיין איזביצע ארום זאַמאָשץ, לובלינער קרייז און אָנגעהויבן פראַווען רעביסטווא...

דער איזביצער איז ניט געווען קיין קטיל קני, סתם אזוי אַ חסיד פון המון עם, ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ בעל מוח, אַ בעל מדריגה ער האָט דערפילט פון די טיפעניש פון זיין נשמה אז מען רופט אים פון הימל ער זאָל איבערנעמען די עדה...

מיט אים זיינען מיטגעגאַנגען גרויסע חסידים, רבי לייבעלע אייגער, דער אייניקל פון רבי עקיבא אייגער, פון פויזנא, אַ קרוב פון חת״ם סופר פון פרעשבורג, און זון פון גאון און אדיר פון וואַרשא ר׳ שלמה אייגער, שפּעטער רב אין קאליש און פויזנא.

א ניי חסידות איז ענטשטאַנען אין איזביצע, דאָס שאַרפקייט פון קאָצק

איז אָנגעגאַנגען אויף דאָרטן, נאָר מיט אַ ביסל מתונות און מער צוגע־בויגענקייט צום עולם.

אין לובלין האָט געוואוינט אַ יונגערמאַן, אַ גאון עצום, אַ קדוש עליון, ר׳ צדוק הכהן בעקאַנט אין דער לומדישער וועלט מיט זיינע בארימטע ספרים „פרי צדיק״ אויף תורה, „צדקת צדיק״ וועגן חסידות רסיסי לילה, „תפארת צבי״, „דובר צדק״, „ישראל קדושים״, „אור זרוע לצדיק״ אוצר המלך אויפן רמב״ם, און פיל מער. א למדן פון דער ערשטער מדרגה פון אַ מתנגדישע משפחה איז ער געקומען. אָבער ער איז פערכאַפּט געוואָרן פון דער חסידישער שיטה...

אויך דער דאָזיקער משונהדיקער גאון און קדוש איז געפאָרן קיין איזביצע צו רבי מרדכי יוספן.

אין דער לומדישער וועלט האָט מען אים גערופן סתם „דער כהן״ פון לובלין.

דער דאָזיקער כהן פון לובלין האָט אַמאָל אַזאָג געטאָן אַז דער רבי פון איזביצע האָט ארויפגעשאַרט ברענענדיקע קוילן אויף מיין הארצן...

דאָס איז געווען אַ קאָצקער זאָג און דער קאָצקער דרך, ברענענדיקע קוילן אויף מיין הארצן...

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכא האָט געהאַט פאַרשיידענע פירושים, איטלעכער פון זיינע תלמידים האָבן איבערגענומען פון אים אַ בחינה, קאָצק האָט איבערגענומען די מידה פון אמת. גער האָט איבערגענומען תורה. דער רבי ר׳ העניך פון אלכסנדר — חכמה. און דער וואָרקער רבי, ר׳ יצחקל, האָט איבערגענומען פון פשיסכא אהבת ישראל. דאָס מיינט ניט אַז איטלעכער האָט ניט געהאַט אַלע מידות, דאָס מיינט אַז איטלעכער האָט גענומען איין מידה און איר אויסגעאַרבייט עד קצה האחרון, ביז צום סאמע שפּיץ...

דער וואָרקער רבי איז געווען אין זיין דור, אזוי ווי דער בערדיטשעווער רב ר׳ לוי יצחק, אין זיין דור. זיין שתדלנות האָט קיין גרעניץ ניט געהאַט. ער איז גרייט געווען צו העלפן איטלעכן עני ואביון, בלב ונפש, מיט זיין גוף און פארמעגן.

נאָך דער פּטירה פון רבי ר׳ בונם, איז ער קיין קאָצק ניט געפאָרן, ער איז געווען פון יענע חסידים וועלכע האָבן זיך מכניע געווען צו ר׳ אברהם משהלען דער זון פון רבין ר׳ בונם. וועלכער האָט בלויז געפירט צוויי יאָר. נאָך דער פּטירה פון רבין ר׳ בונם׳ס זון, האָט דער וואָרקער רבי אָנגעהויבן צו פירן אַן עדה...



דער ערשטער וואָרקער רבי,
ר׳ יצחק קאליש זצ״ל.



דער אמשינאָווער רבי, ר׳ מנחם
מענדעל קאליש זצ״ל, אייניקל
פון וואָרקער רבי.



דער אמשינאָווער רבי, ר׳ יאָסעלע
קאליש זצ״ל, אייניקל פון וואָר־
קער רבי.



דער אמשינאָווער רבי, ר׳ שמעון
קאליש זצ״ל, אייניקל פון וואָר־
קער רבי.

ער איז געווען פונקט דער היפך פון ר׳ מענדעלע קאָצקער, וועלכער האָט פאַרלאַנגט נאָר שלימות, אָן פגימות. ר׳ יצחקל וואָרקער אַלץ אוהב ישראל, האָט אין איטלעכן יידן געזען אַ אור... דאָך איז געווען שטאַרק דאָס ידידות צווישן די צוויי קעגענגעזעצטע נאַטורן, צווישן ר׳ מענדעלע קאָצקער און ר׳ יצחקל וואָרקער. דער קאָצקער רבי פלעגט מזכיר זיין די רביצין זיינע פאַרן וואָרקער רבין, און פאַרקערט אויך. כאָטש ביידע האָבן איבערגענומען בירושה דעם עולם פון רבין ר׳ בונם, דער קאָצקער דירעקט, און ר׳ יצחקל וואָרקער ערשט פון ר׳ אברהם משהלן.

ווען די קאָצקער רביצין איז קראַנק געווען און זי האָט געדאַרפט זיין אונטער אַ דאָקטאָרס אויפזוכט, האָט מען איר אַ וועקגעפירט קיין וואָרקע, זייער נאָנט פון וואַרשא, און ביים וואָרקער רבין אין הויז איז די קאָצקער רביצין געלעגן עטליכע וואָכן לאַנג, ר׳ מענדעלע פלעגט צופאָרן מבקר חולה זיין און זיך משתעשע זיין מיט ר׳ יצחקל וואָרקער. עטליכע וואָכען איז דער קאָצקער רבי געווען אין וואָרקע.

די קאָצקער רביצין גליקא ע״ה איז נפטר געוואָרן אין יאָר תקצ״ז אין וואָרקע, און דאָרטען איז ר׳ מענדעלע קאָצקער געזעסן שבעה.

די אהבה און ידידות צווישן, די צוויי גרויסע און הייליקע גוטע יידן, האָט אָבער ניט געקאָנט צוריק האַלטן דעם עולם, עס זאָל ניט פון צייט צו צייט פאָרקומען אַ צוזאַמענשטויס, איטלעכער צד האָט געוואָלט באווייזן, אַז זיין רבינס שיטה איז די ערליכע און אמתדיקע.

דער אָפיציעלער פירוד, אָדער ווי חסידים אין קאָצק האָבן עס גערופן די מרידה, איז פאָרגעקומען נאָך שמחת תורה אין יאָר ת״ר, אָבער ס׳איז ידוע אַז ר׳ מרדכי יוסף איז ניט אוועק פון קאָצק פלוצלינג, די מקורבים האָבן עס דערשפירט פון פריער, און פאַרן קאָצקער רבין איז עס אוודאי ניט געווען קיין חידוש, ווייל מען האָט אים דערציילט אַז ר׳ מרדכי יוסף זיצט אויף דער אכסניא און זאָגט תורה פאר אַן עולם... און יונגעלייט קלעבן אין אים, און לויפן אים נאָך...

האָט אָבער דער שאַרפער קאָצקער רבי בפירוש געבעטן און פאַר־לאַנגט פון זיינע מקורבים, אַז קיינער זאָל זיך מיט מרדכי יוספן ניט זאַטשעפּן, און קיינער זאָל אים ניט פרעגן פאר וואָס ער טוט אַזוי...

די פשיסכער חבריא, כאָטש איטלעכער האָט זיך פאַרנומען אויף אַ באַזונדערן דרך צו פאַרטיפן און פאַרשפּרייטן דאָס חסידות, ווי למשל קאָצק מיט קיצוניות, וואָרקע מיט אהבת ישראל, ראַדזימין מיט מופתים. גער

מיט תורה, אלכסנדר מיט חכמה א. א. וו. איטלעכער האָט מדגיש געווען אן אנדערע מידה און אויף איר געאַרבייט, האָבן אַלע גוטע יידן זיך געהאַלטן און אמתער ידידות... די קנאַת סופרים האָט מען דערקענטביים עולם און ניט ביי די רביים אליין, ביי זיי האָט געהערשט אהבה רבה, ס'איז אָבער שווער געווען עס זאָל אויך הערשן „אהבת עולם"...

צווישן קאָצקער און וואָרקער האָט אָבער געגליט אַ הייליקע חבר'שאַפט און אמתע ידידות...

ווי ווייט די אהבה און ידידות צווישן די צוויי גרויסע קעגענגעזעצטע גוטע יידן איז געווען איז כדאי צו דערציילן, ווען מען האָט דעם קאָצקער רבין געשדכנט רבי איטשע מאיר וואַרשעווער שוועגערין, די טאָכטער פון ר' משה חלפן. האָט ר' מענדעלע קאָצקער אָנגעפרעגט זיין חבר פון פשיסכא ר' יצחקל וואָרקער, וואָס ער זאָגט צום שידוך.

ר' יצחקל וואָרקער ענטפערט צו ר' מענדעלע קאָצער אַ בריוו, יום ג' י"ט אלול תקצ"ז, אין יענעם בריוו גיט ר' יצחקל וואָרקער אַן עצה אַז אַ שליח, זאָל פאָרן קיין וואַרשא גומר זיין דעם שידוך וויל ווי עס שיינט איז עס אַ גוטער שידוך, אלה דברי ידידו אוהב נפשו, בלב ונפש חפצה, המצפה לישועתו ולהצלחתו כל הימים. הק' יצחק ב"ר שמעון מוואָרקע, אין זעלבן בריוו שרייבט צו ר' יצחקל וואָרקער אַ גרוס צום קאָצקערס זון ר' דודל. ער בעט אים צו שטעלן גוטן וויין פאר זיינעטוועגן און אים מזכיר זיין פאר זיין פאָטער...

צוויי גאַנץ באַזונדערע דרכים, און דאָך אַזאַ אומבאַגרעניצטע ידידות...

אין קאָצק האָט מען געזיכט אבסלוטע שלימות, קיין איין תנועה טאָר ניט זיין שלא לשם שמים, און אין וואָרקע האָט מען זיך געפרייט ווען מען האָט ביי א סתם יידן דערזען אפילו אַ מקצת ערליכקייט.

איינמאָל האָט דער קאָצקער געזאָגט צו זיין ידיד נאמן ר' יצחקל וואָרקער. זאָלסט וויסן אַז מיין דרך איז מרומז אין דער תורה, ויקחו לי, ווען אימיצער וויל מיך נעמען, ווי רש"י זאָגט: לי, לשמי, איז די עצה נאָר: תרומה, צו זיין אפגעשיידט פון מענטשן, אפילו פון די בעסטע, אפילו פון די וואָס זיינען: מאת כל איש אשר ידבנו לבו. אפילו פון זיי צו זיין דערווייטערט...

האָט ר' יצחקל וואָרקער געענטפערט, אַז זיין דרך איז אויך פון זעלבן פסוק: ויקחו לי תרומה מכל איש, פון איטלעכן יידן. זיין אויסגעמישט מיט אַלע אין התחברות און ניט אין התבודדות...

אין יאָר תר״ז, יום ה׳ כ״ו אלול, שרייבט ר׳ יצחקל וואָרקער אַ בריוו צום קאָצקער רבין. ער איז זיך מזכיר פאר אים בזה הלשון: הנני בעת הרצון באתי לעורר הברית אהבה שנזכיר נא איש את אחיו לטובה עם כל הנלוים לטובה, ובפרט על בריאות גופי וכו׳.
זייערע פאַרשידענאַרטיקע דרכים האָבן ניט געשטערט דאָס אָמתע פריינט־שאַפט צווישן זיי, ווייל איטלעכער האָט געקאָנט דעם צווייטענס דרך. און געוואוסט אַז אַלעס איז לשם שמים די אהבה און הערצה צווישןביידער איז געווען אין לשער.

נאָך דער פטירה פון ר׳ יצחקל וואָרקער אחרון של פסח תר״ח, איז געקומען זיין זון און ממלא מקומו ר׳ מנחם מענדעל קאַליש קיין קאָצק. פרעגט אים דער קאָצקער רבי, צו ער האָט שוין געזען זיין פאָטער נאָך דער פטירה? און אַז ר׳ מנחם מענדעל וואָרקער ענטפערט, ניין, זאָגט צו אים דער קאָצקער רבי, איך האָב דיין טאַטן יאָ שוין געזען. און אויפן קאָצקער לשון האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן: איך בין געווען אויפן עולם העליון, איך האָב ארום געזוכט און געפרעגט וואו איז אונדזער ר׳ יצחקל? האָבן מיר די מלאכים געזאָגט אַז ער געפינט זיך אין אַ העכערן היכל, האָב איך געזוכט אין היכל פון בעל שם טוב האָט מען מיר געענטפערט אז ער איז אין אַ פיל העכערן היכל, האָב איך אים געזוכט אין היכל פון די אחרונים פון „בית יוסף״ פון רמ״א און אים אַלץ ניט געפונען... בין איך געגאַנגען אין היכל פון די ראשונים און אויך דאָרטן אים ניט געפונען, בין איך אַוועק אין היכל פון די הייליקע אַמוראים און כסדר געפרעגט וואו איז אונדזער ר׳ יצחקל? האָב זיי ערשט מיר געזאָגט, אַז דאָ ניט ווייט איז פאַראַן אַ פעלד, און אין פעלד, לויפט און שטראָמט אַ טייך, און דאָרטן געפינט זיך ר׳ יצחק וואָרקער. שנעל בין איך דאָרטן אהין געלאָפן — דערציילט ווייטער דער קאָצקער רבי — און דאָרטןביים טייך האָב איך געטראָפן דיין טאַטן שטיין, איינגעבויגן איבער זיין שטעקן און קוקט אריין אין די לויטערקייט פון טייך...

האָב איך אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געפרעגט יצחק, וואָס טוסטו דאָ? האָט ער מיר געענטפערט: מענדעל, זעסט דעם טייך? דאָס זיינען די יידישע טרערן וועלכע זיינען פאַרגאָסן געוואָרן אין אַלע דורות, און פון זייערע טרערן איז געוואָרן דער טייך וועלכער שטראָמט דאָ אויפן עולם העליון... שטיי איך דאָ כסדר און קאָן זיך פון דעם דאָזיקן טייך ניט אָפּרייסן...

קיינער פון יענעם דור האָט ניט זוכה געווען צו אַזאַ הערצה פונם הימל הויכן קאָצקער רבין, ווי ר׳ יצחקל וואָרקער... זיי ביידע כאָטש זייערע דרכים זיינען געווען לגמרי אַנדערש, האָבן זיי זיך פארשטאַנען און זייער ידידות האָט אָנגעהאַלטן אזוי לאנג ווי זיי זיינען געווען אויף דעם עולם...

ווען דער דאָזיקער ר׳ יצחקל וואָרקער האָט זיך אַמאָל געטראָפען מיט ר׳ מרדכי יוספן דעם איזביצער רבין, האָט זיך ר׳ יצחקל אָנגענומען דעם כבוד פון זיין חבר דעם קאָצקער רבין, און אזוי האָט ער דעם איזביצער אַ פרעג געטאָן... פאַר וואָס זייט איר אוועק פון קאָצק?

האָט אים דער איזביצער געענטפערט, איך האָב געהערט אַ רוף פון הימל מרדכי יוסף, גיי און פיר אָן עדה יידן!

האָט דער דאָזיגער ענטפערט ניט באפרידיגט דעם וואָרקער. און ער האָט צו אים ווייטער געזאָגט. מיר געפונען אין ספר שמואל. אַז גאָט האָט גערופן שמואלן, דאָך איז דער יונגער שמואל געלאָפן צו עלי כהן גדול און צו אים געזאָגט. וואָס רופסטו מיך? צו האָט דען שמואל ניט פארשטאַנען; אַז מען רופט אים פון הימל? ער האָט שוין גאָר פארשטאַנען, און גוט פארשטאַנען, און דאָך איז ער געגאנגען פרעגן זיין רבין עלי הכהן, אפילו מען האָט אייך גערופען פון הימל האָט איר געדארפט אָנפרעגן דעם רבין...

די גאָר סאַמע נאָנטע פון קאָצקער רבין האָבן פאַרשטענדליך געקוקט קרום אויף דער דאָזיקער מרידה און זייער הימל הויכן רבין, די מער מעסיקערע האָבן געשוויגן, צוליב כמה טעמים: ערשטנס האָבן זיי גוט געדענקט אַז דער, „ייד הקדוש" האָט אזוי געטאָן ביים רבין פון לובלין דער חוזה, גענומען אַ עולם און איז אַוועק, נו, האָט זיך אַצינד איבער׳חזרט די פרשה סתומה...

צווייטענס האָבן זיי געוואוסט אז ר׳ מרדכי יוסף איז אליין א געהויבענער מענטש און מיינט לשם שמים.

דריטענס איז קיין אנדערע עצה ניט געווען וואוהין דען וואָלט דער עולם זיך צעלאָפן? אַז אין קאָצק איז דער רבי געווען פארשלאָסן כמעט צוואַנציק יאָר, און ניט געוואָלט אויפנעמען קיין עולם...

נאָר דער עולם חסידים אין קאָצק האָט געשטורעמט אויף דער חוצפה פון איזביצער, אָבער די געהויבענע די יחידי סגולה אפילו עס האָט זיי ניט געשמעקט וואָס ר׳ מרדכי יוסף איז אַ וועק אָן רשות, אָבער גערעדט האָבן זיי ניט.

רבי איטשע מאיר וואַרשעווער, דער בעל חידושי הרי״ם איז ווייטער

פאַרבליבן אין גרויס ידידות מיט רבי מרדכי יוסף איזביצער. און האָט אים אפילו ניט פאַרגעוואָרפן, פאר וואָס ער איז אוועק?

די מרידה (קאָצקער לשון) איז פאַרגעקומען ווי שוין דערמאָנט אין יאָר ת"ר, פערצען יאָר האָט ר' מרדכי יוסף געפירט אין איזביצע, אַ געהויבענע עולם, קאָצקער און אַנדערע חסידים. דאָס איזביצער חסידות איז זיך צעוואַקסן עס איז געווען כמעט דער זעלבער שאַרפער נוסח פון קאָצק אָבער מיט מער צוגעלאָזנקייט, מען האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיטן עולם.

דער איזביצער רבי האָט איבערגעלאָזן אַ חוץ זיין באַרימט ספר „מי השילוח" אויך לעבעדיקע ספרים, בעלי מוח, לומדים און חסידים.

אין יאָר תרי"ד איז ער נסתלק געוואָרן. און דער עולם האָט זיך אַצינד צעטיילט, אַ טייל האָבן זיך מכניע געווען צו זיין זון דעם „בית יעקב", און אַ טייל האָבן געקריינט פאר זייער רבין, דעם מתנגדישן, זון פון דור דורות אשכנזישע גדולים ר' לייבלע אייגער... דער פאָטער פון דער נייער לובלינער דיאַנאַסטיע (ניט פאַרוועקסלען מיטן חוזה דעם רבין פון לובלין) דעם בעל „תורת אמת".

ר' לייבעלע אייגער האָט לכתחילה ניט געוואָלט אָננעמען די הנהגה פון איזביצער עולם, ער האָט בפירוש געוואָלט אַצינד נאָכן הסתלקות פון רבי' מרדכי יוסף איזביצער צוריק פאָרן קיין קאָצק, צום פלאַמיקן פייערדיקן פאַרשלאָסענעם ר' מענדעלע מאָרגענשטערן.

און אזוי האָט ר' לייבעלע אייגער געזאָגט צום גרעסטן גאון פון יענער חבריא צום „כהן" לאָמיר אַצינד זיך אומקערן קיין קאָצק.

האָט דער כהן געענטפערט, אַז ער האָט געהערט, אַז דער קאָצקער רבי איז שטאַרק משתוקק אונדז צו זען. און איך וואָלט אויך גערן געפאָרן קיין קאָצק, אָבער איך האָב מורא, אַז מיר וועלן דאָרטן ניט קאָנען סובל זיין ווי ז' ריידן אויס אויף אונדזער רבין פון איזביצע...

ווייל דער קאָצקער עולם האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן די דאָזיקע מרידה, כאָטש קיינער האָט ניט געהערט פון רבין אליין קיין דיבור קל. קעגן דעם איזביצערס פאַרלאָזן אים...

דעם קאָצקערס נאָנסטע בן בית און מקורב, ר' הערש טאָמאַשאָווער, וועלכער איז געווען צוגעבונדן צו זיין רבין בלב ונפש, זייענדיק אַמאָל אין לובלין, האָט ער זיך געזען מיט רבי לייבעלע אייגער, וועלכער האָט שוין געפירט די איזביצער עדה — נאָכן הסתלקות פון רבי מרדכי יוסף זצ"ל.

ר׳ הערש טאָמאַשאָווער האָט גוט געקאָנט ר׳ לייבעלע אייגער נאָך פון קאָצק, האָבן זיי זיך ביידע געפרייט מיט דעם צוזאַמענטרעף.

רופט זיך אָן ר׳ לייבעל אייגער, אצינד וואָלט איך געוואָלט צוריק פאָרן קיין קאָצק...

ענטפערט אים ר׳ הערש אויפן קאָצקער לשון, אויב די קאָנסט לייבל, אָפּמאַכן ביי זיך אזוי ווי עס שטייט ביים נזיר (במדבר ו׳) „והימים הראשונים יפלו" וועסט פאַרגעסן אַלץ וואָס די האָסט יונק געווען אין איזביצע, דאַן איז נאָך פאַר דיר פאַראַן אַ מקום אין קאָצק...

אָבער ר׳ לייבעלע אייגער איז שוין קיין קאָצק מער ניט צוריק געפאָרן, זיין הויף האָט אָנגעהויבן וואַקסן, חסידים זיינען געקומען פון דער גאַנצער סביבה, דער גאון און קדוש ר׳ צדוק הכהן ראַבינאָוויטש איז דאַן געווען דער שפּיגעלע פון ר׳ לייבעלע אייגערס עולם, אויך ר׳ אברהם משה מארקישאָווער איז געווען פון די גדולי חסידי לובלין.

זיין זון הרב הקדוש ר׳ אברהם, זיין ממלא מקום האָט נאָך זיין פאָטערס הסתלקות כ״ב שבט תרמ״ח (1888) איבערגענומען דעם עולם, ער האָט איבערגעלאָזט אַ חוץ זיין ספר „שבט מיהודה" אויך אַ גרויסן עולם חסידים מופלגים ער איז נסתלק געוואָרן כ״ב טבת תרע״ד ער האָט איבער־געלאָזט צוויי זין וועלכע האָבן אויך געפּראַוועט רעביסטווא ר׳ שלמהלע אייגער אין לובלין און ר׳ אלטר עזריאל מאיר אין פילאווע, ביידע זיינען אומגעקומען דורך די רשעים פון דור הי״ד.

דער איזביצער רבי ר׳ מרדכי יוסף זצ״ל, (געבוירן געוואָרען אין טאָמאַשאָוו, וואוינארט פון קאָצקער רבין, אין יאָר תק״ס, 1800) האָט איבער־געלאָזט אַ ביז גאָר רייכע גייסטיקע ירושה, זיין זון הקדוש ר׳ יעקב האָט איבערגענומען דעם איזביצער עולם נאָך זיין הסתלקות האָט איבערגענומען דעם עולם זיין זון ר׳ גרשון הענעך ראדזינער, א גאון עולם, דער באנייער פון תכלת וועלכע אלע ראדזינער חסידים טראָגן עד היום, בעל מחבר פון סדרי טהרות, און פיל אנדערע ספרים, ווי „שפוני טמוני חול" און פתיל תכלת א חוץ זיין גאונות האָט ר׳ גרשון הענעך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּויליש חסידישן לעבן, בטבע געווען אַ שאַרפער, און געפירט דעם ראדזינער הויף ביד רמה. נסתלק געוואָרן ד׳ טבת תרנ״א, אין ראדזין 21 ווערסט פון קאָצק.

זיין ממלא מקום איז געווען זיין זון ר׳ מרדכי יוסף אלעזר ליינער, אַ חכם און אַ פּיקח שאַרף ווי זיין פאָטער גרויסער עסקן און אָרגאַניזאַטאָר,

געפירט דעם ראַדזינער הויף מיט חכמה און קדושה. מיטגרינדער פון אגודת ישראל אין פוילען. דער שרייבער פון די דאָזיקע קאַפּיטלעך האָט מיט אים געהאַט פיל געשפּרעכן אין פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע און רעדאַקציאַנעלע פראַגן, און איך געדענק זיין פלינקע אָריענטאַציע שאַרפקייט און זיין טיף דענקען. ער האָט דערהויבן דאָס ראַדזינער חסידות צו אַ פאָלקס באַוועגונג. זיינע חסידים זיינען ניט בלויז געווען מצויינים מיטן פּתיל תכלת מיט דער בלאָער ציצה, זיי זיינען אַלע געווען חסידים בני דעת שאַרפע מענטשן גרויסע בני תורה. נאָך זיין פּטירה כ״ו שבט תרפ״ט האָט איבערגענומען די הנהגה פון ראַדזינער עולם זיין זון ר׳ שלמהלע הי״ד, וועלכער איז אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש.

דער היינטיקער ראַדזינער רבי ר׳ ירוחם ליינער שליט״א אַ זון פון ר׳ גרשון העניכס א ברודער, וואוינט אין ניו יאָרק

ער איז אַ גאון עצום, אַ חכם און אַ פּיקח מיט אַ ברייטן פאַרנעם.

אזוי האָט מען געזאָגט אין קאָצק: כל מחלוקה שהיא לשם שמים סופה להתקיים, די מחלוקה וועט פאַרשוואונדן און אויסגעוועפּט ווערן און דער סוף וועט זיין להתקיים עס וועט זיך ווייטער מושך זיין די גאָלדענע קייט...

ווי מיר זען איז פון יענער „מרידה״ אין קאָצק בחייו פון ר׳ מענדעלן ענטשטאַנען צוויי באַרימטע חסידישע דיאנאסטיעס די ראַדזינער און לובלי־נער... איןביידע האָבן ניט פאַרשעמט דעם חסידישן הייליקן קוואַל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי ס׳איז שוין אויבן דערמאַנט געוואָרן האָבן די געהויבענע חסידים אין קאָצק אויסגעמיטן צו ריידן וועגן ר׳ מרדכי יוסף׳ס אַנטלויפן פון רבין, ווער האָט אָבער געקאָנט פאַרמאַכן די מיילער פון המון חסידים? האָט מען טאַקע פון צייט צו צייט געהערט קריטישע באַמערקונגען אויף איזביצע.

דער שרייבער פון דו קאַפּיטלעך געדענקט, אין זיין געבורט שטאָט זאַגראָווע פלעגט אַלע יאָר קומען אַ אורח וועלכער האָט געוואוינט אין קאָנין קאָלישער קרייז, יענער אורח איז געווען פון די שרידי קאָצקער חסידים, זיין שאַרפקייט האָט אונדז יונגע בית המדרש בחורים שטאַרק אימפּאנירט, יענער אורח פלעגן שלאָפן אין גערער שטיבל אויף דער האַרטער באַנק. כאָטש פיל חסידים האָבן אים געבעטן קומען צו זיי אין הויז שלאָפן, אפילו

שבת האָט ער ניט געוואָלט גיין עסן. נאָר ער האָט זיי, „באפוילן” ברייננן די שבתדיקע סעודה אין שטיבל אריין...

מיר יונגע קונדסים האָבן געוואוסט ווי אזוי אים אָנצוטרעטן אויף זיין הינער־אויג. מיר האָבן געוואָלט ער זאָל אונדז דערציילן זכרונות פון קאָצק... ער האָט געשיט מיט שאַרפע תורות און הנהגות.

ווען מיר האָבן אים אַ פרעג געטאָן צי ער ווייסט עפּעס וועגן די איזביצער מרידה? האָט ער זיך האַסטיק אַ שטעל אויף געטאָן און געשריגן מיטן קול, פרעגט מיר ניט וועגן „אים” ער איז געווען אַ מורד אין זיין רבין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער דרך פון קאָצק האָט זיך אָבער מיט גאָר ניט געענדערט, דאָס זעלבע שאַרפקייט, די זעלבע פלאמיקע און בליציקע ווערטער האָבן ארויס־געשפּאַרט פון ר׳ מענדעלס פארשלאָסענעם חדר.

ווען עטליכע גהויבענע חסידים זיינען אריינגעגאַנגען צו ר׳ מענדעלע קאָצקער בעטן רחמים פאר אַ נכבד פון עולם, וועלכער איז ערשט געווען אַ גרויסער גביר, און צום סוף געוואָרן אַ יורד לא עלינו, ממש אַ מחוסר לחם. האָבן יענע חסידים דערמאָנט דעם רבין אַז יענער נכבד איז אַ חסיד און אַ ירא שמים האָט זיי דער קאָצקער געענטפערט: אויב ער איז אַ חסיד און אמתער ירא שמים, דאַן פעלט אים גאָר ניט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די געהויבענע חסידים זיינען געזעסן מסובין ארום דעם גרויסן טיש און געוואַרט אַז אָט אָט זאָל אריינקומען דער רבי, אַלע האָבן זיי געוואַרט מיט דרך ארץ מיט אימה און יראה, און אָט עפענט דער קאָצקער זיין טיר, זעענדיק די מסובין, גיט ער אַ געשריי: זעט נאָר ווי זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ווי די פריצים ארום מיין טיש, אפגשם כדוב שכול ואקרע סגור לבם (הושע י״ג—ח׳) איך וועל אייך באגעגענען ווי אַ צעווייטיקטער בער, וועלכער האָט פארלוירן זיינע קינדער, און איך וועל אויפרייסן זייער פארשלאָסן האַרץ...

הערענדיק אַזעלכע דיבורים זיינען זיי אַלע זיך צעלאָפן פאר שרעק...

זיי האָבן זיך אָבער שוין געהאַט פון לאַנג צוגעוואוינט צו אַזעלכע שאַרפע דיבורים וועלכע זיינען ארויסגעגאַנגען פון אַ צעפלאַמט האַרץ און פון אַ הייליק מויל וועלכעס האָט געשפּריצט מיט פייערדיקע קולות וברקים..

אזוי איז געווען דעם קאָצקערס הוא היה אומר: די סדרה פון קדושים הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „קדושים תהיו" און לאָזט זיך אויס מיט: „דמיהם בם", די תורה לערנט אונדז: אַז בלוט זאָל עס קאָסטן נאָר קדושים זאָל מען זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ר' דודל זיין זון איז אויפגעשטאַנען פון זיין מסוכנדיקע קראנק־הייט האָט אים דער פאָטער אַ פרעג געטאָן: דודל, וואָס האָט דער יצר הרע געוואָלט פון דיר אין דער לעצטער רגע ווען די האָסט געמיינט אַז די האַלטסט ביי יציאת נשמה?

טאַטע, האָט ר' דודל געענטפערט, ער האָט מיך צוגערעדט, אַז עס וועט זיין זייער שיין ווען איך וועל הויך שרייען שמע ישראל...

נו, וואָס האָסטו אים געענטפערט דודל? איך האָב אים געענטפערט מיט מיינע לעצטע כוחות, גיי אוועק פון מיר שונא ישראל, איך בין אַ קאָצקער חסיד און איך פייף אויף דיר, איך האָב פארמאַכט מיינע אויגן און שטיל געזאָגט ווידוי און שמע ישראל... און קיינער פון די בני בית האָט אפילו ניט געהערט...

דער קאָצקער רבי האָט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף זיין זונס אקסל און געזאָגט מיט אַ שטראַלענדיק פנים, דודל, ביזט אַ קאָצקער חסיד.

כאָטש די קאָצקער שיטה איז געווען: „יקוב הדין את ההר", זאָל דער דין אַדורך בויערן און לעכערן דעם באַרג, אָן פשרות, און אָן הנחות, אָן רחמים און אָן איינזעעניש, דאָך האָט ער פיל מאָל ארויסגעוויזן אייגענאַרטי־קייט און נאָכגעלאָזן פון דער אָנגענומענער שטרענקייט.

ער האָט ניט מסכים געווען צו גטן זיך צוליבן ניט האָבן קינדער אפילו נאָך דער ווי אַ מאַן האָט געוואוינט מיט זיין ווייב צען יאָר.

ווען עמיצער פון זיינע חסידים האָט געבעטן זיין הסכמה צו גט'ן זיין אשה ווייל זיי האָבן קיינע קינדער ניט געהאַט, האָט ער בפירוש געזאָגט ביין!

און ווען יענער חסיד האָט ניט אָפגעלאָזן און ווייטער מפציר געווען, האָט דער קאָצקער צו אים אַ זאָג געטאָן, ווילסטו האָבן קינדער רשעים? זאָג! דענסמאָל האָט שוין יענער חסיד רעזיגנירט און אים מער ניט מפציר געווען...

אין יאָר תרי"א האָט די וואַרשעווער רעגירונג זיך געגרייט ארויס־

צוגעבן אַ גזירה אַז יידן טאָרן ניט טראָגן זייערע יידישע לאַנגע מלבושים. זיי מוזען זיך אָפּשערן די באָרד און פּיאות און בכלל זיך אויסגלייכן מיט אַלע איינוואוינער פון קרוין פּוילען.

מיר קאָנען זיך היינט גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי שווער די דאָזיקע גזירה האָט געקאָנט טרעפן יענע פרומע יידן מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, ווען כמעט אַלע יידן האָבן געטראָגן זייער אייגענאַרטיקן לבוש מיט באָרד און פּיאות, מיטן לאַנגן כאַלאַט און יידיש היטל.

די רעגירונג אין וואַרשא האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו דער פּאָליציי, צו כאַפּן מיט געוואַלד איטלעכן ווידערשפּעניגדיקן ייד און אים אָפּשערן די באָרד און פּיאות.

אונטער דער דאָזיקער גזירה האָבן זיך בעהאַלטן אסימילאַנטן און גאַ פּטיקע קנאישע משכילים. ביי זיי איז עס געווען אַ שמחה גדולה.

אויף די וואַרשעווער גאַסן האָט זיך געטאָן חושך, מען האָט געשלאָגן מכות רצח, געכאַפּט יידישע יינגלעך און אָפּגעשוירן מיט געוואַלד זייערע פּיאות.

ס'איז געוואָרן אַ רעש אויך אין די רבנישע וועלט, מען זאָל פעסט־שטעלן דעם דין, צי גייט דאָ אַן דער דין פון ייהרג ואַל יעבור, אָדער מען קאָן נאָכגעבן?.. ווייל אויב אַ מלכות איז גוזר אַ גזירה וואָס איר כוונה איז לעבור על דת זיין, איז אפילו אויף אַ ערקתא דמסאנא, אויף שיך בענדל, ווען מען צווינגט דעם יידן, מחוייב זיך מוסר נפש צו זיין און ניט נאָכגעבן...

רבי אברהם'לע טשעכאַנאָווער דער בארימטער גאון און צדיק בנוסח אשכנז, איז ספּעציעל געקומען קיין וואַרשא זיך מיישב צו זיין מיט רבי איטשע מאירן וועגן דער דאָזיגער האַרבער גזירה. ווייל צווישן די פּוילישע רבנים זיינען געווען חילוקי דיעות טייל האָבן געהאַלטן יקוב הדין את ההר, ייהרג ואַל יעבור! ווייל אויב מען וועט נאָכגעבן משנה צו זיין די יידישע הלבשה וועלן די רשעים קומען און גוזר זיין נייע גזירות וועגן שבת שחיטה און מילה. און טייל רבנים האָבן מקיל געווען, אַז מען מוז נאָכגעבן און זיך ניט לאָזן הרג'נען.

די צוויי גדולי הדור דער בעל חידושי הרי"ם, דער שפּעטערדיקער ערשטער גערער רבי איטשע מאיר אלטר, און רבי אברהם'לע טשעכאַנאָווער האָבן מסכים געווען, אַז די כוונה פון די מוסרים די משכילים, און פון דער רעגירונג איז מעביר על דת זיין, דעריבער איז דער דין קלאָר: מסירת נפש, ייהרג ואַל יעבור, גיין אויף קידוש השם!

ווען דער תמיד קנאותדיקער שאַרפער קאָצקער רבי האָט געהערט פון ר׳ אבא טשעכאַנאָווער זיין חסיד, אַז אזוי האָבןביידע גדולי ישראל דער טשעכאַנאָווער רב ר׳ אברהם׳לע, און רבי איטשע מאיר ווארשעווער מחליט געווען, אַז מען דאַרף זיך לאָזן הרג׳נען און ניט נאָכגעבן די רשעים. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געשריגן: וואָס, אַזוי האָבן זיי גע׳פסקנט? אזוי האָבן זיי געפונען אין שלחן ערוך? איך האָב אויך אַמאָל אריינגעקוקט אין אַ ספר, איך האָב אויך אַ ידיעה אין די דראָבנע אותיות, און איך האָב ניט געזען אין ערגיץ, אַז מען דאַרף זיך לאָזן הרג׳נען, אַזעלכע צוויי גדולים זאָלן גרייט זיין מפקיר זיין יידיש בלוט?

זאָלן זיי בעסער אַ קוועטש טאָן דעם כלל ישראל, וועט קומען די גאולה...

אויספירליכער וועגן יענע גזירה וועל מיר דערציילן אין צווייטן טייל פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע. מיר האָבן דאָ נאָר דערציילט דעם מערקווירדיקע פאַקט, אַז דער שאַרפער קאָצקער רבי וועלכער האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן פון מקיל זיין, און איינגען אויף פשרות, איז גראָד ביי אַזאַ הראַבע פראַגע זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די מקילים...

קאַפּיטל אַכצען

# דער פאַרשלאָסענער לייב

גרויס און הייליק זיינען געווען אַלע פשיסכער תלמידים, אָבער ר׳ מענדעלע מאָרגענשטערן דער קאָצקער רבי, איז געווען דער אַרי שבחבורה.

ער איז געווען קודם כל אַ טיפער למדן (דאָס וואָרט גאון קלעבט זיך ניט צום חסידישן שטייגער) פשוט כפשוטו ש״ס ופוסקים ראשונים און אחרונים, אַ סיני ועוקר הרים.

דער בעל חידושי הרי״ם זצ״ל, זיין נאָנסטער מקורב, זיין איבערגעגע־בענסטער חסיד, חבר און שוואָגער וועלכער האָט געשמט אין די לומדישע וועלט אַלץ גדול בתורה, האָט געזאָגט: אַזוי לאַנג בין איך אַ למדן ביז איך קום צום קאָצקער רבינס טיר...

רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער דעם קאָצקערס איידעם דער בעל „אגלי טל״ און „אבני נזר״ איז מעיד אין דער הקדמה פון זיין ספר „אגלי טל״ אַז דעם דרך הלימוד ווי אזוי זיך מתעמק צו זיין אין לערנען האָט ער געל׳ערנט ביי זיין שווער אין קאָצק...

רבי וואָלף סטריקאָווער, דער זון פון ר׳ אברהם׳לע טשעכאַנאָווער, פלעגט תמיד מוזן איבערזאָגן חידושי תורה פון זיין גרויסן פאָטער, פארן קאָצקער רבין.

איינמאָל ווען ר׳ וואָלף לאַנדאוי האָט איבערגעזאָגט זיין לומדישן פאָטערס אַ חידוש, האָט דער קאָצקער רבי מדחה געווען דעם גאַנצן פלפול און אָפּגעוואָרפן דעם גאַנצן חידוש. ווען ר׳ וואָלף איז געקומען צוריק קיין טשעכאַנאָוו און דערציילט זיין פאָטער, אַז דער קאָצקער רבי האָט אָפּ־געוואָרפן און אָפּגעפרעגט זיין חידוש, איז רבי אברהם׳לע טשעכאַנאָווער שטאַרק נתפעל געוואָרן פון קאָצקערס עמקות, וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט זיך אָנגעזעצט מיט זיין זון ר׳ וואָלף, און איבערגעלערנט אַ גאַנצער נאַכט די דאָזיקע סוגיא און דאַן האָט ער ערשט דערזען, אַז זיין גאַנצער פלפול איז געווען געבויט אויף אַ משנה וועלכע ער האָט ניט ריכטיק תופס געווען...

וואָס מען רעדט אויף מיר, אַרט מיך ניט, ווייל וואָס בין איך דען, אַ געפּגרטע פליג, וואָס מיך אַרט יאָ, איז וואָס מען רעדט אויף די דברי תורה מיינע, ווייל פיר הונדערט יאָר האָט מען אויף דעם עולם שוין ניט געהערט אַזעלכע שטייגער דברי תורה... אזוי געזאָגט און אזוי שאַרף האָט ר׳ מענדעלע קאָצקער זיך פאַרמאָסטן אין דער סביבה פון ארזי הלבנון פון די גרעסטע לומדים און קדושים פון פוילן.

דעם קאָצקער בקיאות און חריפות האָט קיין גרעניץ ניט געהאַט. דער בעל „חידושי הרי״ם״ וועלכער איז געווען דער גרעסטער מבין וואָס עס מיינט אַ גדול בתורה, האָט געזאָגט: ס׳איז ביי מיר קיין שום ספק ניט, אַז ווען דער קאָצקער רבי וואָלט געווען אין דער צייט פון די תנאים וואָלט ער געווען אַ תנא! וואָס מיר זיינען זיך מייגע אַ גאַנצן טאָג צו פאַרשטיין דעם פשט אין אַ ראשון, כאַפּט עס דער רבי אין קאָצק אין איין רגע...

ר׳ אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער פלעגט דערציילן זיין שווערס עמקות אין לערנען נגלה: חדשים לאַנג האָב איך מעיין געווען אין אַ האַרבן רמב״ם, ס׳איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין זיין פשט און כוונה. איך האָב זיך געמאַטערט, אויפגעווען נעכט ביז איך האָט פאַרשטאַנען דעם רמב״ם, כ׳בין אריינגעגאַנגען צום שווער דער קאָצקער רבין און אים נאָכגעזאָגט דעם פשט אויף וועלכן איך האָב זיך געמאַטערט צו געפינען אַ לאַנגע צייט.

דער שווער האָט אויסגעהערט מיין פשט, און האָט מיר גאָר ניט געענטפערט צו ער איז ריכטיק צו ניט, ער האָט מיר געזאָגט, גיי און זאָג

איבער דעם פשט אין רמב"ם צו ר' איטשע מאירן וועלכער איז גראָד דאַן געווען אין קאָצק.

דער בעל חידושי הרי"ם, האָט מדחה געווען און אוועק געמאַכט מיין פשט, בין איך אריינגעגאַנגען נאָך אַמאָל צו מיין שווער, און אים דערציילט, אַז ר' איטשע מאיר האָט אוועקגעמאַכט מיין גאַנצע האָראָוואַניע. (שווערע טרחא).

דער שווער — דערציילט ווייטער ר' אברהם'לע סאָכאַטשאָווער, — האָט ווייטער גאָר ניט געזאָגט צו מיין פשט אין רמב"ם איז אמת צו ניט. גיי אריין — האָט ער באַפוילן — צום רב פון ליטאַמארסק, (דער שפּעטער־דיקער רבי ר' העניך פון אלכסנדר) און זאָג אים איבער דיין פשט, ווען דער רבי ר' העניך האָט געהערט מיין הסבר אין הארבן רמב"ם איז ער פון אים שטאַרק נתפעל געוואָרן, בין איך אַריין ווידער צום שווער און אים געזאָגט, אַז דעם ליטאַמאָרסקער רב איז שטאַרק געפעלן געוואָרן מיין הסבר.

האָט מיין שווער פון קאָצק צו מיר געזאָגט: רוף זיי ביידן אריין דאָ צו מיר...

אַלע דריי, רבי איטשע מאיר ווארשעווער, דער רבי ר' העניך, דער ליטאָמאָרסקער רב און איך זיינען מיר אַלע אריינגעגאנגען צום שווער באימה וביראה, ווען דער שווער האָט אונדז דערזען, האָט ער זיך צעשריגען ווי זיין שטייגער, און צו אונדז געזאָגט: אזוי לערנט מען תורה?!.. דער אסר'ט און דער איז מתיר, דער זאָגט אַז ס'איז גוט, און דער אַנדערע ווענדעט אָפּ? און דער שווער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן דרייצען אופנים, צו פארענטפערן דעם רמב"ם...

איך בין געווען דער יונגסטער פון אַלע, האָב איך פאַרשטאַנען און משיג געווען נאָר זעקס. רבי איטשע מאיר, וועלכער איז שוין דאַן געווען באַרימט אין דער לומדישער וועלט אלץ גאון עצום. האָט פארשטאַנען נאָר צען אופנים... און די איבריקע דריי האָט קיינער פון אונדז ניט משיג געווען, אזוי טיף האָט דער שווער פון קאָצק פארשטאַנען לערנען...

רבי אלעזר פולטוסקער דער איידעם פונם גרעסטן פוסק אין יענער תקופה רבי יעקב, דער ליסער רב דער בעל „חות דעת" איז געוואָרן איינער פון די שאַרפסטע קאָצקער חסידים.

ווען רבי איטשע מאיר ווארשעווער איז געווען אין לעמבערג ביים „ישועת יעקב" אַ וועלט באַרימטער גאון און האָט פארבראַכט מיט אים אין לערנען, האָט אים דער לעמבערגער רב געפרעגט צו ס'איז נאָך פארהאַנען

צווישן פשיסכער עולם אַזאַ שטייגער למדן, האָט ר׳ איטשע מאיר געענטפערט: מיר קאָנען זיך אפילו ניט פארגלייכן צו ר׳ מענדעל טאָמאַשאָווער...

ווען דער יסוד פון קאָצקער חסידות איז געווען גדלות אין תורה, ש״ס און פוסקים, ראשונים ואחרונים, לערנען בקדושה ובטהרה, ממש תורה לשמה. וואָס איז זיך דאָ צו חידושן וואָס אַ טייל גוטע יידן האָבן געקריגט אויפן קאָצקער דרך?..

קרוב צו צוואנציק יאָר האָט זיך דער קאָצקער רבי אָפּגעשלאָסן און ניט צוגעלאָזט צו זיך דעם עולם...

דער הייליקער ייד פון קאָצק איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג צו העכערע מדריגות, קיינער אַ חוץ די גאָר נאָנטע מקורבים האָט אים ניט גע־קאָנט משיג זיין, ער האָט זיך געקאָנט דערהייבן אָבער ניט אראָפּלאָזן. משה רבינו האָט זיך געקאָנט אראָפּלאָזן, ערטש דאַן ווען הקדוש ברוך הוא האָט צו אים אַ זאָג געטאָן: לך „רד״ כי שחת עמך...

זיין גוף איז געווען אין פארשלאָסענעם פארמאַכטן חדר אין קאָצק, אָבער זיין נשמה יתירה האָט ארום געשוועבט אין די עולמות עליונים, ער האָט זיך טאָג טעגליך באַגעגענט מיט די נביאים און אנשי כנסת הגדולה מיט די תנאים ואמוראים מיט רבי שמעון בן יוחאי מיט׳ן אר״י הקדוש מיטן מהר״ל מפראג, מיט בעל שם טוב און מיט דער גאנצער חבריא קדישא, ווי אזוי זשע האָט ער געקאָנט אויסהערן די קטנות דמוחינדיקע נויטן פון מענטשן וועלכע זיינען צוגעבונדען צו דער ערד?..

דאָס איז געווען די איינציגסטע סיבה פון זיין פארשלאָסענקייט...

ווער עס האָט אנדערש אויסגעטייטשט זיין התבודדות, דער האָט ניט יורד געווען לסוף דעתו הקדושה, דער האָט בכלל ניט משיג געווען דעם דאָזיקן פלאַמיקן יידן וועלכער האָט זוכה געווען צו זען באספקלריא המאירה אַלע דורות פאר אים און די שפּעטערדיקע שפלדיקע געפאלענע דורות נאָך אים...

פון מיינע קינדער־יאָרן עד היום הזה, האָב איך נאָכגעפאָלגט, אויס־געהערט, און אויפגעכאַפּט תורות הנהגות סיפורים, תנועות און בליציקע ווערטער פון יענעם הימל הוכין יידן, וועלכער האָט געפלאַמט און געפייערט, ווייך געמאַכט הערצער פון אייזן, דערוואַרמט, אָפּגעקילט געמיטער, און אויסגעברענט דאָס פסולת פון די וועלכע זיינען געקומען אין זיינע דלת אמות זיך מטהר זיין.

איך ווייס ניט דעם סוד פון מיין לעכצן צו אַלעם וואָס האָט אַ אָנריר מיט

קאַצק? אפשר, ווייל איך בין געבוירן געוואָרן אין כ״ב שבט איז טאָג ווען עס פאַלט אויס די קאָצקער יאָרצייט?..

אין יאָר תרפ״ג (1923) בין איך געפאָרן צענדליגער מיילן באַזוכן דאָס שטעטל קאָצק וואו עס האָט אַמאָל געברענט אַ וואָר שטיק פייער... שעה'ן לאַנג בין איך געשטאַנעןביים ארייגגאנג פונם אהל, תפלה געטאָן און געבעטן כ'זאָל זוכה זיין כאָטש צו פארשטיין זיין הימל הויכן דרך...

אין מיין משפחה האָבן זיך געפונען זקנים, וועלכע האָבן געקאָנט קאָצק, און אזוי האָבן זיי מסביר געווען דעם גאַנצן סוד פון ר' מענדעלע אנטלויפן פון עולם...

דער רבי פון קאָצק האָט זיך איינגעשפאַרט און האָט גערעדט ווי אַ בן בית צום רבונו של עולם, ניט ווי א עבד מיט תחנונים, ווילסטו אויסלייזן די יידן, שיקן משיחן איז גוט, אויב ניט, שלח נא ביד תשלח, גיב זיי אַן אנדערן רבין...

ועתה, אם תשא את חטאתם, — איז גוט — ואם אין, מחני נא מספרך אשר כתבת! נעם ארויס מיין נאָמען פון דיין ספר וואָס די האָסט געוויזן משה רבינו פאר זיין הסתלקות פון דער עולם, האָסט אים געוויזן דור דור ומנהיגיו דור דור ושוטריו, בעט איך דיך רבונו של עולם, מחני נא מספרך אשר כתבת, איך וויל ניט זיין קיין מנהיג אויב איך קאָן זיי ניט העלפן...

אזוי האָט ר' אברהם יעקב פון זאַגראווע, דער וואָלד שרייבער פון פשימע געזאָגט פאַרן עולם מוצאי שבת קודש כ״ב שבט, בשעת אַ קאָצקער יאָרצייט, אויף אַ מלווה דמלכא סעודה...

און ר' לייזער זכריה שמעונ'ס, דער גבאי פון גערער שטיבל האָט נאָכגעזאָגט פון זיין פאָטער, וועלכער איז פינף מאָל געווען אין קאָצק אַן אנדערע מימרא.

דער רבי פון קאָצק האָט ניט געקאָנט סובל זיין דעם ריח פון גשמיות, זיין גוף איז געוואָרן נשמה, און זיין נשמה איז דערהויבן געוואָרן צו אַ נשמה יתירה אפילו אין די ששת ימי המעשה, ער איז אנטלאָפן פון וואָכעדיקייט, ירמיה הנביא האָט אויך געוואָלט אנטלויפן, זעענדיק דאָס שפלות פונם דור, האָט ער געזאָגט: מי יתנני במדבר מלון אורחים ואעזבה את עמי, ואלכה מאתם...

מיין זיידע ר' רפאל הערש וועלכער איז געווען א חוץ אַ שארפער חסיד אויך א טיפער למדן האָט זיך אָנגערופן: אין לי עסק בנסתרות, עס

איז אַ בפירושדיקער רמב״ם אין הלכות דעות, אויב אַ ייד געפינט זיך אין סביבה פון וואַנעט ער קאָן זיך פון איר גאָרניט אַראָפּלערנען. ער האָט נאָך מורא זיי זאָלן אים ניט אַמאָל פאַרפירן איז די עצה זאָגט דער רמב״ם, ישב לבדו יחידי, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק ישב בדד וידום...

אזוי האָבן אַלטע חסידים אריינגעטייטש דעם קאָצקער רבינס אנטלויפן פון עולם.

די גאָר נאָנטע האָבן אָבער יאָ געהאַט רשות פון צייט צו צייט אריינצוגיין, פאר זיי האָט ער געעפענט זיין האַרץ, מיט זיי האָט ער זיך מיישב געווען און געגעבן עצות און הדרכות...

ער פלעגט אַמאָל האַסטיק אַ פראַל אויף טאָן זיין טיר אין בית המדרש אריין, אַ ווארף טאָן אַ שניידענדיקן זאָג און צוריק פארמאַכן די טיר...

פאר כל נדרי, ווען דער בית המדרש איז געווען פול עד אפס מקום, דער עולם איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין די ווייסע קיטלען איינגעהילט אין די טליתים און מיט בכיות און יללות געזאָגט „תפלה זכה״, האָט דער קאָצקער רבי אַ עפן געטאָן זיין טיר, אַ קוק געטאָן אויף דעם עולם און געפרעגט: וואָס איז היינט אַנדערש ווי נעכטן? וואו זייט איר געווען אַ גאַנצע וואָך? איר פארלאָזט זיך אויפן יום כפור? ס׳איז אמת אַז „כי ביום הזה יכפר, אָבער ווען? ווען איר וועט ניט פארגעסן דעם עיקר, „עליכם״ לטהר אתכם...

די דאָזיקע קורצע פיל זאָגענדיקע ווערטער האָבן געגליט ווי אַ אייזערנע ריט, דער עולם האָט געציטערט, גאַנצע פּרקים פון די הייליקע ספרי מוסר האָבן ניט געקאָנט אזוי טרעפלעך אריינזאָגן ווי ר׳ מענדעלע דער רבי פון קאָצק האָט מיטן איבערשטעלן דאָס איינציקע וואָרט „עליכם״ צום צווייטן טייל פון פסוק. ניט כי ביום הזה יכפר עליכם, לטהר אתכם מכל חטאתיכם. נאָר כי ביום הזה יכפר, דער טאָג יום כפור האָט אַ כוח מכפר צו זיין, אָבער ווען? ווען, עליכם לטהר אתכם, ווען איר אליין וועט זיך ארום וואַשן אויסרייניקן און מטהר זיין...

אָבער ווי כ׳האָב געהערט פון אַלטע חסידים וועלכע זיינען געקומען קיין קאָצק אויף שבועות צו קבלת התורה, דער עולם איז געווען זייער גרויס, רבנים לומדים זיינען געשטאנען צפופים אין בית המדרש, און ארום זיין וואוינונג, זיי האָבן געוואַרט מיט ליבשאַפט און מורא, זיי האָבן געוואָלט אויף אים אַ קוק טאָן, זיי האָבן געגלויבט אַז אין שבועות מוז זיין פּנים זיין מורא׳דיק, זיינע אויגן שפּריצן אוודאי מיט פייער, און פון זיין הייליק מויל רייסן זיך ארויס דינערן און בליצן, די קולות וברקים פון בארג סיני.

איטלעכער חסיד איז מהרהר בתשובה, איין קלייניקייט, זמן מתן תורתנו, און דאָ שטייט מען פאר אַ קדוש וטהור אַ איש אלקים.

הערש טאָמאַשאָווער הייסט זיין שטיל, דער רבי קומט ארויס, דער עולם הערט אויף אפילו צו אָטעמען, כדי ניט צו פארהערן אפילו אַ דיבור קל, ממש ווי ביי מתן תורה, צפור לא צווח, אלעס איז געבליבן שטיל.

ר׳ מענדעלע קומט ארויס, די מקורבים רוקן זיך אָפּ, מאכן אָרט, ר׳ דודל זיין בכור, ר׳ משה ירוחם און ר׳ בנימין די יונגערע זין, גייען נאָך, זייער פלאמיקן טאָטן. דער רבי רעדט אָבער גאָר ניט, ער הייבט אויף זיינ׳ע גרויסע ברעמען און באַטראַכט דעם עולם חדשים וגם ישנים אַלטע חסידים און ניי געקומענע פריצעס (יונגע לייטלעך), דער עולם מאַכט אַ וואַרע, פנוי מקום.

די גדולים פון עולם ווייסן, אַז דאָס איז אַ שטילקייט פאר אַ שטורם.

דער רבי דערזעט צווישן עולם רבי איטשע מאירן, זיין געטרייען חסיד, שוואָגער און זיין שפּעטערדיקן ממלא מקום, ער נעמט אים אָן ביי זיין גאַרטל און הויבט אויף זיין קול: איטשע מאיר, לך אמור להם שובו לכם לאהליכם! ווען דער אייבערשטער האָט געזען ווי די יידן שטייען צופיסענס פון בארג סיני גרייט מקבל צו זיין מדריגות, האָט ער אַזאָג געטאָן צו משה׳ן. זאָג זיי נאָר, שובו לכם לאהליכם, דאָ ביים באַרג סיני האָבן זיי אַ שטיקל צורה, לאָמיר נאָר זען וואָס פאר א פנים זיי האָבן אין דער היים?..

ביים רבין אונטער דער זיידענע קאַפּאָטע האָבן זיי אַ שטיקל פּנים, אָבער שובו לכם לאהליכם, גייט אַהיים און לאָמיר זען ווי אַזוי איר קוקט אויס דאָרטן...

דער עולם איז פארציטערט געוואָרן, ממש ויחרד כל העם אשר במחנה. די גליענדיקע ווערטער פון פלאמיקן קאָצקער רבי האָט זיי אדורכגענומען אדורך און אדורך...

זיי האָבן פארשטאַנען זיינע רייד, איטלעכער האָט דערפילט, אַז נאָר אים האָט מען געמיינט, די הייליקע ווערטער האָבן אויסגעברענט דאָס פסולת פון זייער נשמה...

צוליב אַזאַ דיבור אליין, צו הערן אים פון אַזאַ הייליק מויל האָט זיך געלוינט די טרחא און טלטול הדרך... אַזעלכע ווערטער האָבן איבער־געלאָזט א רושם.

דער עיקר עבודה איז ניט בשעת מען געפינט זיך אין די דלת אמות פונם צדיק, נאָר אגאנץ יאָר געפונענדיק זיך אין דער היים...

דער עיקר עבודה איז ניט בלויז יום כפור, נאָר איטלעכן טאָג פון יאָר, איטלעכע שעה פון מעת לעת און איטלעכע רגע פון דער שעה...

דאָס איז ניט קיין לייכטע עבודה, צו אַזאַ סאָרט חסידות האָבן זיך נאָר געקאָנט פארמעסטן יחידי סגולה געהויבענע מענטשן, בעלי מדריגה...

די גאָר נאָנטע האָבן אים פארשטאַנען, משיג געווען זיין תוך, און זיי האָבן זיך פארבונדן מיט דעם דרך בלב ונפש...

איינער פון די גרעסטע גדולי החסידות אין יענער תקופה איז געווען דער בעל צמח צדק, אייניקל פון גאון ישראל וקדושו דער רבן של כל בני הגולה ר׳ שניאור זלמן, דער בעל תניא זצ״ל געבוירן אין יאָר תקמ״ט, און נסתלק געוואָרן אין יאָר תרכ״ו. אפילו ליטווישע גדולים וועלכע האָבן געפירט מחלוקת מיט זיין זיידן דעם בעל התניא, האָבן מיט אים שלום געמאַכט, דעם בעל צמח צדק׳ס פסקים זיינען אַנערקענט געוואָרן בכל תפוצות ישראל.

דער דאָזיקער ר׳ מנחם מענדעל פון ליובאוויטש דער גאון און קדוש האָט זיך תמיד נאָכגעפרעגט ביי זיינע פוילישע חסידים וועגן קאָצקער רבין, ער האָט געהערט, אַז ער איז אַ גדול בתורה און אַ עובד את השם בקדושה ובטהרה.

ווען רבי מענדעלע פון קאָצק האָט זיך דערוואוסט, אַז ר׳ מענדעלע פון ליובאוויטש איז משתוקק זיך מיט אים צו טרעפן, האָט ער אַהין געשיקט צוויי פון זיינע שאַרפסטע יונגע לייט, לומדים מופלגים און בעלי מוח.

דער בעל צמח צדק האָט מיט גרויס כבוד מקבל געווען די קאָצקער שלוחים, די ערשטע שאלה וואָס ער האָט זיי געפרעגט איז געווען: „הייסט אייער רבי אזוי ווי איך״?

דער בעל צמח צדק האָט דאָ בעהאַלטן צוויי פראגן אין דעם וואָרט „הייסט״ דער פשוטער פשט, ווייל סיי דער קאָצקער און סיי ער האָבן געהאַט דעם זעלבן נאָמען, מנחם מענדעל, דער טיפערער פשט, פון וואָרט „הייסט״ מיינט באפעלן, פאָדערן... האָט ער געמיינט צו פרעגן צו דער קאָצקער רבי פאָדערט און פארלאַנגט פון עולם אזוי ווי ער דער ליובאַוויטשער פארלאַנגט פון זיין עולם?..

די צוויי שאַרפע יונגעלייט, האָבן גוט פארשטאַנען דעם ליובאַוויטשער

רבינס שאלה, און זיי האָבן געענטפערט: אוודאי הייסט אונדז דער רבי פון קאָצק מיר זאָלן דינען השם יתברך אָן פניה...

ווען מען האָט געבראַכט פאַרן קאָצקער רבין דעם ספר „צמח צדק" איז ער שטאַרק נתפעל געוואָרן, און געענטפערט צום ליובאוויטשער רבין מיט אַ קורץ בריוול, „מענדעל מענדעל לגזירה שוה" און דער ליובאוויטשער רבי לייענדיק דאָס קורצע בריוול האָט אַזאָג געטאָן, אצינד ווייס איך ווער עס דער גדול אין פוילען...

עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט צו זען, אַז דער קאָצקער רבי האָט שטאַרק געהאַלטן פון ווילנער גאון זצ"ל, טראָץ וואָס פון ווילנא אויס האָט זיך געטראָגן דאָס שאַרפסטע התנגדות קעגן דער גאנצער חסידישער כת.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, פאַרוואָס די גוטע יידן אין יענעם דור האָבן אויסגעמיטן צו דערמאָנען דעם גר"א צוליב די רדיפות און חרמות קעגן דער כת חסידים בכלל און קעגן די רביים בפרט.

דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטן דעם גרויסן חריף און טיפן למדן ר' מענדעלע קאָצקער, ער זאָל עפּענטליך מפליא זיין דעם גאון. די סיבות זיינען פשוט, ערשטענס האָט מען אין קאָצק געהאָרעוועט אויפן אמת, צווייטענס זיינען זי אין קאָצק געווען שטאַרקע מבינים אויף גאונות און שאַרפקייט. זיי האָבן געזען דאָס גרויסקייט פון גאון זצ"ל פון ווילנא, און זיי האָבן ניט „מורא" געהאַט צו דערמאָנען דאָס גדלות פון גאון אפילו צווישן אנדערע חסידים, ווייל איינער פון די יסודות פון קאָצקער חסידות איז געווען „ואל יבוש מפני המלעיגים" ניט צו קוקן וואָס יענער וועט זאָגן.

ווערט דערציילט צווישן די אַלטע לומדישע קאָצקער חסידים, אַז איינמאָל איז ר' מענדעלע אריינגעגאַנגען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אין בית המדרש אריין און געזען ווי צוויי פון זיינע שאַרפע חסידים זיינען מפלפּל אין אַ שווערער סוגיא יעדער באַווייזט חריפות און בקיאות, איטלעכער וויל באַווייזן, אַז ער איז גערעכט און דער צווייטער פאַרשטייט ניט, ווי דער שטייגער איז געווען צווישן לומדים.

דער רבי שטייט אַ ווייל, און הערט זיך צו צום שאַרפן ויכוח, און ער זאָגט צו זיי, צו וואָס זייט איר מבלה, אייער צייט מיט סתם פלפולים של הבל, קוקט אריין אין די הגהות הגר"א און זעט ווי דער ווילנער גנב לערנט פשט, וועט איר זען אַז איר הויפּט ניט אָן צו פאַרשטיין די גמרא...

די צוויי שאַרפע לומדים, האָבן זיך דערשראָקן, הערענדיק ווי זייער גרויסער רבי רופט אָן דעם ווילנער גאון גנב אין דערצייט ווען זיי האָבן

שוין פיל מאָל געהערט פון זיין מויל ווי ער האָט אים געלויבט און מפליא געווען.

דער קאָצקער רבי, האָט באמערקט ווי זיי חידושן זיך אויף זיין אָנרופן דעם גאון פון ווילנא מיט אַזאַ נאָמען, דערציילט ער זיי; איר זאָלט וויסן איך האָב בקבלה פון מיינע גרויסע רבים, דעם ייד הקדוש און פון רבין ר׳ בונם, אַז כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש איז אַלץ איבערגעגעבן געוואָרען צו משה רבינו עליו השלום אויפן בארג סיני, דאָס מיינט, אַז אלע הלכות משה מסיני זיינען בעהאַלטן אין די הייליקע אותיות התורה, משה האָט אונדז איבערגעגעבן כללים און מדות ווי אזוי צו דערגיין צו יענע הלכות און ווי אזוי זיך צו דערוויסן אַלע סודות התורה, נאָך דעם ווי מען איז מייגע, מען פארטיפט זיך אין די צו אין יענע פרשה פון דער תורה. אַ בשר ודם קאָן אָבער מאַכן טעותן. ער קאָן לערנען אַ מאָל אַ ניט ריכטיקן פשט, און בויען גאַנצע היכלות אויף אַ פאַלשן פלפול...

זיינען אָבער געווען נשמות ביים מעמד הר סיני וועלכע האָבן זיך ארייגגע׳גנב׳ט אין משה רבינוס מחיצה אריין, און זיי האָבן קלאָר געהערט די אַלע הלכות און פירושים ווי כביכול האָט איבערגעגעבן צו משהן בעל פה. ביי זיי איז קיין ספקות ניט פארהאַנען זיי האָבן דאָך געהערט מפי הקדוש ברוך הוא קלאָרע דיבורים...

צווישן יענע „גנבים" האָט זיך אויך געפונען דער ווילנער גאון ר׳ אליהו, דעריבער קאָן ער מיט איין וואָרט מפרש זיין די האַרבסטע סוגיות און שווערסטע קשיות...

כאַפּט א קוק אין די הגהות הגר"א וועט איר זען אַז איר פאַרשטייט ניט אפילו די פשוטע גמרא...

איך געפין פאר נויטיק דווקא יעצט צו דערמאַנען אַ ענליכן עפּיזאָד, וואָס וועט באווייזן אַז דאָס חסידות וואָס איז געווען באַזירט אויף לומדות האָט תמיד מעריך געווען דעם גאון פון ווילנא זצ"ל.

אין יאָר תרצ"ד איז דער שרייבער פון די שורות געשיקט געוואָרן פון דער אגודת ישראל צענטראַלע קיין רומעניע לטובת היהדות החרדית, זייענדיק אין טשערנאָוויץ האָב איך זיך באַגעגענט מיט אַ אייניקל פון אַ באַרימטן גוטן יידן אין יענע מקומות, מיר האָבן גערעדט און געשמועסט וועגן חסידישע און מתנגדישע שיטות. דערמאָנענדיק דאָס גרויסקייט פון ווילנער גאון, רופט זיך אָפּ יענער יונגער חסידישער רבי, אַז ביי זיין זיידען

האָט מען ניט געוואָלט קויפן דעם ווילנער ש״ס ווייל דאָרטן זיינען געדרוקט די הגהות הגר״א...

דער זיידע האָט געזאָגט, אויב דער גאון פון ווילנא איז טאַקע געווען אזוי גרויס, האָט ער בעדאַרפט וויסן, אַז דער בעל שם טוב איז געווען אַ גרויסער מענטש און ער האָט ניט בעדאַרפט צו קריגן אויף אים...

קומענדיק אהיים קיין פוילען פאָרענדיק קיין גער אויף אַ שבת, האָב איך דערציילט די ווערטער צו רבי איטשע מאיר אלטר הי״ד דעם גערער רבינס איידעם, זון פון הרב הקדוש ר׳ משה בצלאל הי״ד זון „שפת אמת״ זצ״ל.

רבי איטשע מאיר איז געווען אַ חוץ אַ גרויסער למדן אויך אַ ידען, ביבליאָגראַף און גרויסער חסיד. האָט ער צו מיר אַזאָג געטאָן, מאיר זאָג ניט מער נאָך אזעלכע שטותים, ווען דער גר״א וואָלט געווען אין דער צייט פון די תנאים וואָלט ער געווען אַ תנא אלקי, ווען ער וואָלט געווען אין דער צייט פון די ראשונים וואָלט ער געווען דער ראשון פון אלע ראשונים, מיר אַלע האָבן ניט די קלענסטע השגה פון ווילנער גאונס גרויסקייט...

דער קאָצקער רבי האָט ניט געשריבן קיינע ספרים און ניט געגעבן קיינע הסכמות צו קיין מחבר יהיה מי שיהיה.

איין איינציקע הסכמה איז יאָ פאראַנען פון אים, און דאָס איז דווקא צו אַ מתנגדישן מחבר.

אין לאָדז האָט געוואוינט אַ ליטווישער מתנגדישע למדן ר׳ אליעזר פערעלמוטער, דער פאָטער פון ראָדעמער רב הרב ר׳ אברהם פערלמוטער, בסוף ימיו געווען רב אין ווארשא און ווען פוילען איז צוריק געוואָרן אַ מלוכה אין יאָר 1918 איז הרב פערלמוטער דערוויילט געוואָרען אין נאָמען פון אגודת ישראל צום ערשטן פוילישען פארלאַמענט (סיים) זיין פאָטער ר׳ אליעזר איז ניט געווען קיין רב נאָר אַ חזן, אָבער אַ גרויסער למדן.

דער מתנגדישער למדן ווענדעט זיך צום קאָצקער רבין און בעט אים זיין הסכמה אויף זיין ספר „אבן משה״.

און דער מתנגדישער מחבר טיטולירט דעם קאָצקער רבין בזה הלשון: הסכמת כבוד קדושת שמו תפארתו, אדמו״ר הגאון הגדול החסיד המפורסם, תפארת ישראל, בוצינא קדישא, מרנא ורבנא הרב ר׳ מנחם מנדל שליט״א.

די דאָזיקע הסכמה איז געגעבן געוואָרן אַ יאָר פאר די פטירה פון

קאָצקער רבין בשנת תרי״ח נאָכן זיין אכצען יאָר פערמאַכט און פארשלאָסן און ניט געוואָלט אויפנעמען קיין עולם חסידים...

אפילו אין די יאָרן פון זיין התבודדות זיינען געקומען צו אים גדולי ישראל עוסקים בצרכי ציבור זיך מיישב זיין, פרעגן עצות אין כלל ענינים, אין די אלע פראגן איז דער קאָצקער רבי געווען דער פוסק האחרון, קיינער האָט ניט געוואָגט משנה צו זיין פון זיין רצון, ווייל זיין שאַרפער מוח און פלינקע תפיסה האָט אין אַ רגע פונאנדערגעפלאַנטער און אויפגעוויקעלט די שווערסטע פראָבלעמען וועלכע האָבן באַלעסטיקט און באשווערט די יידן אין פוילען.

אַ מעכטיקער לייב איז געזעסן פארשלאָסן אין זיין חדר, פאר זיין ברום האָבן געציטערט און געפלאַטערט גדולים און קדושים. זיין וואָרט איז געווען אַ באפעל, פאר זיין רצון האָבן מבטל געווען פירענדיקע מנהיגים זייערע לאנג אויסגעפלאַנירטע פלענער, ווייל אַלע האָבן זיי געוואוסט, אַז דער דאָזיקער הייליקער ייד האָט דערגרייכט די העכסטע מדריגה פון אמת, אלע גוטע יידן אין זיין דור זיינען געווען קודש, רבי מענדעלע קאָצקער איז אָבער געווען קודש קדשים...

אזוי האָט ער אַמאָל אַזאָג געטאָן אויף זיך אליין, צו איינעם פון זיינע סאַמע נאָנסטע: די ווייסט ווער איך בין?

ס'איז געווען אַמאָל דער רבי ר׳ בער דער מגיד פון מעזריטש, דער רבי ר׳ שמעלקע פון ניקעלסבורג. דער רבי ר׳ אלימלך פון ליזשענסק דער רבי פון לובלין דער חוזה, דער ייד הקדוש, דער רבי ר׳ בונם, איך בין דער זיבעטער, דער תמצית און קווינט אסענץ פון זיי אַלע, איך בין בבחינת שבת...

אין קאָצק האָט מען ניט באוויזן קיינע מופתים, דער גרעסטער מופת איז דאָרט געווען אריינצולייכטן אין א יידנס האַרצן אריין כדי ער זאָל ווערן אַ חסיד.

ווען אַ חסיד פון אַ אַנדערן רבין, איז אַמאָל געקומען קיין קאָצק, האָט אים דער רבי געפרעגט, וואָס זיין רבי מאַכט? האָט דער חסיד געענטפערט אַז זיין רבי באווייזט גרויסע מופתים, זאָגט צו אים דער קאָצקער, ווען די וועסט אַהיים פאָרן, פרעג אים צו ער קאָן אויך באווייזן אַ מופת צו מאכן אַחסיד...

דעם קאָצקער רבינס אַ קרוב, איז געווען אַ וואַלד שרייבער אין די נעסכיזער וועלדער, האָט מען ביי אים אַמאָל צוגע׳גנב׳ט זיין גאַנץ געלד. איז ער אריין צום נעסכיזער רבי׳ן פרעגן אַן עצה, זאָגט אים דער רבי, גיי

אהין צו דער קרעטשמע, שטיי אין דערויסן ביז שפעט ביי נאַכט, וועט מען דיר צוריק ברייגנען דיין גאנץ געלד — ער האָט אזוי געטאָן און טאַקע צוריק באַקומען דאָס געלד... דער חסיד איז שטאַרק נתפעל געוואָרן פון דעם מופת.

אַהיים קומענדיק קיין קאָצק האָט ער דערציילט ר' מענדעלן דעם דאָזיקן מופת. ער איז זיכער געווען אַז דער קאָצקער רבי וועט פון דעם אַ הנאה האָבן.

רופט זיך אָפּ דער שאַרפער רבי פון קאָצק: אַ שאָד, אַ שאָד, אַזאַ הויכער ייד, זאָל זיך אזוי נידעריק אַראָפּלאָזן...

קאַפּיטל ניינצען

## די פּטירה פון קאָצקער רבין

פונקט ווי די זון, איידער זי גייט אונטער, צעפלאַמט זי זיך, און ווערט מער צוציענד, און אַלע ווענדען זייערע בליקן צו דער שקיעה, פונקט אזוי האָבן די מקורבים אין די לעצטע טעג פאר זיין הסתלקות, דערזען אין זייער רבין פון קאָצק מער גדלות, מער התבודדות, מער עמקות און אויך מער תקיפות.

זיין גאַנץ לעבן האָט זיין נשמה געפירט זיין גוף, ווי ער אליין האָט געזאָגט צו זיין ברודער: איך בין אפילו ניט קיין מחותן מיט מיין אייגענעם גוף" אַלע זיינע רמ"ח איברים ושס"ה גידים זיינען געווען כפוף צו זיין הויכער נשמה.

ער האָט זייער ווייניק געגעסן, און איז נאָך ווייניקער געשלאָפן, ער האָט זיך ניט דערהויבן צום הימל, נאָר אַלע הימלן האָט מען אַראָפּגעבויגן צום אים... זיין הוא היה אומר: איז דאָך געווען: השמים שמים לה', צום אייבערשטן געהער, און ער דאַרף מאַכן די הימלן הימעלדיק, אָבער והאָרץ נתן לבני אָדם, די ערד צו מאַכן הימלדיק האָט ער איבערגעגעבן צום מענטשן... כל ימיו ביז צום דער לעצטער רגע האָט ער געאַרבייט אויף דעם דרך.

דערגרייכענדיק די עלטער פון צוויי און זיבעציק יאָר, אין ווינטער פון תרי"ט איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרן אויף אַ רעמאַטיזם וועלכע האָט אים צוגעשמידט צו ליגן אין בעט...

ער האָט ניט צוגעלאָזט צו זיך קיין דאָקטאָר, עס האָט ניט געהאָלפן דאָס געבעט פון זיינע קינדער, רביצין און נאָנטע מקורבים, רואיק און געלאַסן האָט ער זיך געגרייט צו אַ העכערן עולם, אין וועלכן ער איז תמיד געווען פארבענקט און דורשטיק, צמאָה נפשו לאלקים...

זיין זון דוד, שיקט אַ שליח מיוחד קיין ווארשא, צו רבי איטשע מאירן, וויסענדיק אַז ער איז דער איינציקער וועלכער קאָן אויף אים האָבן אַ השפעה.

רבי איטשע מאיר קומט, ער פארשליסט זיך מיטן קראנקן רבין. ער איז אויף אים משפיע ער זאָל צולאָזען צו זיך אַ דאָקטאָר, דער רבי איז אציגד מסכים צו רופן א רופא, ניט ווייל ער דאַרף אים, נאָר כדי זיך ניט אָקעגן צו שטעלן דעם רצון פון זיין געטרייען חסיד און חבר, רבי איטשע מאיר ווארשעווער — וועלכער האָט אכטונג געגעבן אַז אלע אנווייזונגען פון רופא זאָלן אויסגעפירט ווערן.

אין אַ פרייטיק צו נאַכטס איז דער רבי אוועקגעפאַלן צוליבן שטאַרקן דביקות ביים דאווגען. אַ דאָקטאָר איז געקומען און באַשלאָסן, אַז מען מוז אים האַקן אַן אָדער, האָט מען אָבער ניט געקאָנט ארויסנעמען די לינקע האַנט פון אַרבל, ר׳ אלעזר פולטוסקער כאַפּט אַ מעסער און שנייט אָפּ דעם אַרבל, און די רגע כאַפּט זיך אויף דער רבי און שרייט: אלעזר ס׳איז דאָך שבת! טוסט דאָך איינע פון די ל״ט מלאכות...

איך בין אַ מקלקל, און דאָס איז מותר... האָט אלעזר געענטפערט...

דאָס דרינגענסטע וואָס דער דאָקטאָר האָט בעפוילן איז געווען אַז ר׳ מענדעלע מוז שלאָפן כאָטש עטליכע שעה אין מעת לעת, דאָס האָט אָבער קיינער ניט געקאָנט פועלן ביי אים. אפילו ניט זיינע סאַמע נאָנסטע ר׳ איטשע מאיר און ר׳ הערש טאָמאַשאָווער, און אזוי האָט דער ביז צו זיין גסיסה שאַרפער קאָצקער רבי געזאָגט צו זיי, כל ימי האָב איך אכטונג געגעבן ניט צופארשלאָפן מיין צייט, זאָל איך אציגד עס טאָן? ער האָט אָבער געגומען פארשידענע מעדיצינען, און עטליכע מאָל אין טאָג געכאַפּט אַ לייכטן דרימל.

זיין מצב, איז געוואָרן בעסער, ער איז שוין אראָפּגעגאַנגען פון בעט, און געזאָגט רבי איטשע מאירן, אַז ער קאָן שוין אהיים פאָרן...

פרייטיק פרשת יתרו אין יאָר תרי״ט איז ער ווייטער אוועק געפאַלן און די דאָקטוירים אין קאָצק האָבן בעטראַכט זיין מצב פאר מסוכנדיק.

מוצאי שבת פרשת משפטים, אכט אַזייגער, שרייבט זיין זון דודל,

ווידער אַ בריוו צו ר׳ איטשע מאיר, בזה הלשון: שלום לכבוד מחותני הרב הגאון הגדול החסיד המפורסם כבוד שמו מ׳ יצחק מאיר נ״י.

„שוין עטליכע וואָכן ווי אדוני אבי מורי ורבי שיחי׳ לאורך ימים טובים איז ווידער שטאַרק קראַנק געוואָרן, בעטן מיר איר זאָלט מוחל זיין קומען באַלד אַהער, אלה דברי ידידו הנאמן, דוד, בהרב הקדוש שיחי׳ מאָרגענשטערן.

אויך די רביצין און ר׳ הערש טאָמאַשאָווער שרייבן צו צום בריוו, און בעטן ביי רבי איטשע מאירן, ער זאָל תיכף ומיד קומען.

קומענדיק קיין קאָצק האָט רבי איטשע מאיר געהערט אַז דער רבי וויל ניט נעמען קיינע רפואות, און וויל אפילו ניט ענטפערן אויף וואָס מען פרעגט אים.

רבי איטשע מאיר האָט איטלעכן געהייסן ארויסגיין פון חדר דער קאָצקער רבי האָט אים געבעטן זיצן, און אזוי האָבן זיי גערעדט אַ לאַנגע צייט... אים האָט דער רבי יאָ געענטפערט און מיט אים פריינטליך געשמועסט.

שפּעטער ווען אַלע נאָנטע זיינען צוריק אריין אין חדר פון חולה, האָט רבי איטשע מאיר צו אלעמען געזאָגט דער רבי זאָל הערן. אזוי ווי דאָס נעמען רפואות איז אַ פּקוח נפש, מוז מען דעם רבין בייטן און צווינגען מיט געוואלט, און מען דאַרף על פי דין ניט קוקן אויף כבוד...

הערענדיק דעם דאָזיקן פּסק דין פון זיין נאָענסטן מענטשן, האָט זיך דער קאָצקער רבי ווי זיין שטייגער, אַ זאָג געטאָן: מיך וויל אימיצער צווינגען? אזוי האַלט עס שוין?

אלע זיינען פארבליבן שטיל אָן תנועה, דער רבי פארטראַכט זיך, און טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, אַז ער געט זיך אונטער, און ער איז מסכים צו נעמען די רפואות...

די מקורבים האָבן אָבער געזען אַז דער מצב ווערט ערגער פון שעה צו שעה, האָבן זיי אַ וואונק געטאָן, אַז דער גרויסער עולם וועלכער איז געווען פארזאמלט אין בית המדרש, זאָל זאָגן תהלים, ווייל די מינוטן זיינען געציילטע...

באַלד האָט אויסגעבראָכן אַ גרויס געוויין, הונדערטער חסידים און בעלי הבתים פון קאָצק האָבן תהלים געזאָגט מיט גרויס התעוררות, מיט בכיות און יללות. די גאסן ארום דעם בית המדרש זיינען פול געוואָרן

מיט יידן וועלכע האָבן זיך איינגעשפּאַרט ניט צו לאָזן דעם צדיק יסוד עולם ער זאָל זיי פארלאָזן.

דאָס שאַרפקייט פונם הימל הויכן קאָצקער רבין האָט זיך אָבער פון אים ניט אָפּגעטאָן ממש ביז צו דער לעצטער רגע. דערהערענדיק די קולות און יללות פונם עולם, האָט ער א געשריי געטאָן: וואָס ווילן זיי פון מיר האָבן? זאָלן זיי זיך בעסער זעצן לערנען!..

ער רופט צו נענטער זיין אײדעם רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער, און זאָגט צו אים, בזה הלשון: ווען איך בין יונג געווען, און געקאָנט אין זיך אריינקוקן, וואָלט מיר אַזאַ המון ניט נאָכגעלאָפן... זע אברהם׳לע דו זאָלסט זיך בעסער אויסארבייטן...

ווי איך האָב געהערט פון אַלטע חסידים בני דעת, האָט דער קאָצקער רבי ביז צו די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן אויף דעם עולם, געבליצט מיט טיפזיניקע תורות וועלכע האָבן געהאַט אַ קצת שייכות צום ענין פּטירה.

זיינע ליפּן האָבן זיך כסדר בעוואויגן, מען האָט געזען אַז ער האַלט אין איין זאָגן, מען האָט אָבער כמעט גאָר ניט געהערט.
מיט אַמאָל הויבט ער אָן ריידן שאַרף און געגנוג הויך, אַלע ארום זיין בעט האָבן אים אַציגד קלאָר געהערט:

לא כן עבדי משה,

בכל ביתי נאמן הוא...

פה אל פה אֲדבר בו,

ומראה ולא בחידות.

ותמונת ה׳ יביט...

אָט אָ די ווערטער, האָט ער איבערחזרט און פיל מאָל געזאָגט, ותמונת ה׳ יביט, ותמונת ה׳ יביט, ותמונת ה׳ יביט...

ומדוע לא יראתם

לדבר בעבדי במשה...

(במדבר יב. ז—ח)

ער האָט אַ וואונק געטאָן צו רבי איטשע מאירן, ער זאָל זיך צובויגן נענטער צום בעט, און אים געפרעגט, וואָס איז דער טייטש: ותמונת ה׳

יביט? שטייט דאָך כי לא ראיתם כל תמונה? אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי גוף?..

טרערן רינען פון רבי איטשע מאירס אויגן, ער וואגט ניט צו עפענען זיין מויל, ער האָט מורא ער זאָל ניט אויסברעכן אין אַ געוויין... די ארומיקע קוקן אָן רבי איטשע מאירס פנים, ווי ס'איז פארוויינט, פאר־שטיין זיי, אז די מינוטן פון רבין זיינען געציילטע. קיינער געט זיך ניט קיין ריר פון אָרט.

דער קאָצקער לאָזט ניט אָפּ. ער וויל וויסן דעם טייטש פון ותמונת ה׳ יביט? ער ווענדעט זיך צו זיין איידעם רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער, און וויל פון אים הערן די כוונה פון די ווערטער, אָבער קיינער ענטפערט ניט, זיי ווילן בעסער הערן פון אים אליין דעם לעצטן טייטש אויף אַ פלא׳דיקן לשון פון חומש. כביכול האָט דאָך ניט קיין תמונה, ווי קאָן מען זאָגן אַז משה האָט ארייננעקוקט אין זיין תמונה?

דער זייער פיזיש שוואכער ר׳ מענדעלע קאָצקער, שטארקט זיך, און הויבט אָן ריידן כאַחד האָדם מיט אַ קלאָרן שאַרפן קול. „ותמונת ה׳ יביט" איז דער טייטש, משה רבינו האָט באַקומען אַ מתנה פון אייבערשטן, ער זאָל קאָנען קוקן מיט אַ געטליכן קוק... מסוף עולם עד סופו, מה למעלה ומה למטה, ער האָט געקאָנט ארייבקוקן אין יידישע הערצער אריין... ותמונת ה׳ מיט אַ געטליכן קוק, יביט פלעגט משה פון אצינד אָן קוקן...

זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „איך בין ערב איטלעכן יידן, ווער עס וועט אריינלייגן זיין קאָפּ אין דער תורה אריין וועט אים ליכטיק זיין בזה ובבא".

דער יסוד פון קאָצקער חסידות — תורה! האָט זיך ניט אָפּגעטאָן פונם מנהיג, אפילו אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן אויף דעם עולם. אשרי מי שבאָ לכאן ותלמידו בידו האָט דער סאָכאַטשאָווער אַ זאָג געטאָן... זיין צוואָה איז געווען קורץ און קלאָר, אריינלייגן דעם קאָפּ אין דער תורה אריין...

מען האָט דערקענט סימנים פון גסיסה, אַלע אנוועזענדע מקורבים און די קינדער האָבן אָנגעהויבן זאָגן: שמע ישראל! דער שטאַרבענדיקער רבי מענדעלע, רוקט אליין אַראָפּ זיין גרויסן סאַמעטענעם קאַפּל איבער זיינע אויגן.

און ווען די ארומשטייענדיקע ארום זיין בעט, האָבן אויך אָנגעהויבן

זאָגן „יגדל״, רוקט דער קאָצקער אוועק זיין קאָפּ פון זיינע אויגן, און גיט אַ שאַרפן זאָג: איר ווייסט ניט אַז חסידים זאָגן ניט קיין יגדל?..

ווען די רביצין האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין האָט דער קאָצקער נאָך אַ זאָג געטאָן. וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויין? מען גייט ארויס פון איין חדר און מען גייט אריין אין אַ צווייטן מער בריווחדיקן חדר...

ר׳ הערש טאָמאַשאָווער האָט אויפגעפּראַלט די פענסטער און אַ געשריי געטאָן צום גרויסן עולם וועלכער איז געשטאַנען אַרום דעם רבינס הויז שעה׳ן לאַנג ניט געקוקט אויף די גרויסע פראָסט וועלכע האָט געקנאַקט אין זיך איינגעגעסן אין די ביינער.

דער רבי איז נסתלק געוואָרן!..

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ויעל אליהו בסערה השמים.

דער גרויסער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין, פיל האָבן זיך געוואָרפן צו דער ערד און קריעה געריסן.

קיינער פון די מקורבים האָט נאָך ניט געזען רבי איטשע מאירן אזוי שטאַרק וויינען ווי דאַן, ביי זיין רבינס יציאת נשמה.

אלע קינדער און אייניקלעך האָבן זיך דערפילט פאַר׳אבל׳ט און פארלוירן... זיי האָבן זיך קריעה געריסן, און בשם ומלכות געזאָגט, דיין האמת...

די גרויסע פלאַמיקע זון, וועלכע האָט פארלויכטן טויזנטער יידישע הערצער איז אונטערגעגאַנגען אין מיטן טאָג. ר׳ הערש טאָמאַשאָווער האָט צוריק פארמאַכט די פענסטער און געעפענט די טירן אין בית המדרש אריין.

רבי איטשע מאיר האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף דער שוועל פון קאָצקער רבינס חדר, און מיט אַ צעבראָכן קול הויך געזאָגט פארן גאַנצן וויינענדיקן עולם: הצדיק אָבד, ואין איש שם אל לב, דער צדיק איז מער ניטאָ, און אצינד וועט ניט זיין ווער, עס זאָל אריינלייגן אַ יידיש וואָרט אין אַ יידענס האַרצן אריין...

די פטירה פון קאָצקער רבין איז געווען דאָנערשטיק פ׳ משפטים, כ״ב שבט, אין יאָר תרי״ט (1859) ער האָט דערגרייכט צו צוויי און זיבעציק יאָר.

את מספר ימיך אמלא, דיינע לעבענס יאָרן וועל איך דערגענצן. „א־מ־ל־א״ בעטרעפט צוויי און זיבעציק... אַ רמז פון דער סדרא משפטים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי עס איז דער מנהג ביי אזעלכע שטייגער יידן, מאַכט מען ניט קיינע שהיות מיט דער לויה, ס'איז מער כבוד, מער דרך ארץ, צוצאיילן די קבורה.

צו דער טהרה האָט מען צוגעלאָזט נאָר די גאָר נאָנטע מקורבים, ר' הערש טאָמאַשאָווער האָט געזאָגט צו דער חברה קדישא ווי אזוי זיי זאָלן זיך נוהג זיין, זיי האָבן אים טובל געווען אין דער קאָצקער מקוה, צו דער טהרה און צו דער הלבשה האָט מען גערופן אנדערע מקורבים, איטלעכער זאָל זוכה זיין צו טאָן זיין רעכט דעם מלאָך ה' צבאות, וועלכער איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דעם עולם ער זאָל אָנצינדן, בעלייכטן און דערוואַרעמען יידישע הערצער, ער זאָל מברר זיין און מבדיל זיין צווישן פנימיות און חיצוניותדיקע קדושה...

אין עטליכע שעה ארום, האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע לויה פון קאָצקער רבין. מקורבים האָבן געטראָגן די מיטה מיט זיין הייליקן גוף. צום בית־החיים איז אַ מהלך רב, דער גאַנצער וועג איז געווען בעלאַגערט מיט מלוים, די געוועלבער זיינען געשלאָסן געוואָרן, בעלי מלאָכות האָבן איבער־געלאָזט זייער ארבייט, די גאַנצע שטאָט און יידן פון די שכנישע שטעטלעך אַרום, ווי ראַדזין און טשעמערניק, לוקאוו און וואָהין, מיט זייערע רבנים בראש האָבן זיך געאיילט צו קומען צו דער קאָצקער לויה.

ארום דעם קבר זיינען געשטאַנען ר' דודל, ר' משה ירוחם, און ר' בנימין זיינע זין, ר' אברהם'לע בארנשטיין דער סאָכאַטשאָווער, זיין איידעם, רבי איטשע מאיר ווארשעווער, זיין שוואָגער, ר' ליפּמאַן ראַדאמסקער. ר' אלעזר פּולטוסקער, דער ליטאמארסקער רב, ר' הענעך. ר' אברהם'לע פּאָ־ריסאָווער, דעם ייד הקדושס אייניקל, דער בראָקער רב, ר' ברוך טשיזעווער, ר' יחיאל מאיר גאסטינינער. און פיל פיל אנדערע מופלגים און גרויסע חסידים. און אין זייער אנוועזנהייט האָט מען אַראָפּגעלאָזט דעם הייליקן גוף פון קאָצקער רבין אין קבר אריין.

אין די שבעה טעג זיינען אָנגעקומען חסידים פון דער נאָנטער און ווייטער סביבה, פון לובלין און זאמאשץ, פון שעדלעץ פון מעזריטש, און פון דער מתנגדישער בריסק, פון ביאַליסטאָק און פון אָסטראָווע, פון אסטראלענקע און פון מאַלקין פון ווארשא פון קאלושין פון ווארקע פון שידלאָווצע פון ראדעם און פון קעלץ, ווי ווייט די טרויריגע בשורה האָט נאָר דערגרייכט האָבן אפילו סתם יידן פארמאַכט זייערע געוועלבער, ווער אויף אַ גאַנצן טאָג, און ווער אויף עטליכע שעה, זיך געזעצט אויף דער

ערד ווי אבלים, חסידים האָבן געריסן קריעה און ביטער געוויינט, די בעלי יכולת האָבן געדינגען בעלי עגלות און זיך געלאָזט אין וועג אריין אויף וועגענער און אויף שליטענס, מיט גענומען חסידים וועלכע האָבן ניט געהאַט אויף הוצאות הדרך. זיי האָבן אַלע געוואוסט אַז ס׳איז שוין לאַנג נאָך דער לויה, האָבן זיי געוואָלט קודם כל מנחם אבל זיין, די קינדער און אוועק לייגן אַ קוויטל אויפן רבינס פרישן קבר.

טייל זיינען געוואָרן נייגעריק, ווער עס וועט זיין דער ממלא מקום, ר׳ דודל דער בכור, צו ר׳ משה ירוחם וועלכער איז געווען אַ בעהאַלטענער, אָבער שוין אַ גדול בישראל, צי גאָר איינער פון עולם וועט איבערנעמען די הנהגה? וועגן די אַלע עניינים האָט קיינער ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. ער זאָל חס ושלום ניט נכשל ווערן... אָבער די אַלע שאלות האָבן שוין אָנגעהויבן מאַטערן כמעט איטלעכן חסיד. מען קאָן ניט לאָזן אזא עדה קדושה אויף הפקר אָן אַ מנהיג!

איז דער עולם געלאָפן, און קאָצק איז פול געוואָרן מיט חסידים חדשים גם ישנים.

די שטימונג אין הויף איז געווען ממש ווי נאָכן חורבן, איטלעכער האָט דערפילט אין האַרצן אַ חשכות...

די משפחה אליין האָט ניט געוואוסט וואָס דאָ וועט זיך אויספּי־קעווען, די זין האָבן געשוויגן, די גאָר נאָענטע האָבן יאָ זיך געשושקעט און גע׳סוד׳עט צווישן זיך, אָבער דער המון עם וועט דאָך ניט צוגיין צו אַ מקורב און פרעגן שאלות... ער וואָלט אים דאָך קורע כדג געווען, פאר וואָס ער מישט אין אַזעלכע שטייגער עניינים...

ממלא מקום צו זיין אזא שטייגער איש אלקים, וועלכער איז ראוי געווען אַז דער דרך החסידות זאָל דורך אים נתגלה ווערן, ווען רבי ישראל בעל שם טוב איז זיך ניט מקדים. איז שווער געווען צו באַשטימען אזוי לייכט... איז דעריבער דער עולם ארום געגאַנגען נבוך, און ניט געוואוסט ווער עס וועט קומען און אנווייזן, אַז דער איז דער מנהיג, און אויף אים דאַרף מען זיך סומך זיין... און אין זיין גאַרטל דאַרף מען זיך אָנהאַלטן...

ס׳איז פאַרהאַנען אַמאָל, ווען אַ צדיק גייט אוועק איז ניטאָ קיין ברירה, און דער עולם באַשליסט שנעל אז דער איז דער ממלא מקום, ווייל קיין אַנדערער איז ניט פאַרבליבן...

אין קאָצק איז אָבער ניט אזוי געווען. דאָרטן זיינען פאַרבליבן גדולים, סיי צווישן די קינדער און סיי צווישן עולם, ווי מיר וועלן ווייטער

זען אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל, גאונים און צדיקים, חסידים ראשונים, און אנשי מעשה, יחסנים און פון זיך אליין ארויפגעאַרבייטע בעלי מדריגה. דעריבער איז די שאלה ווער עס זאָל איבערנעמען די הנהגה פון קאָצקער עולם ניט געווען אזוי לייכט צו פארענטפערן...

ר׳ הערש טאָמאַשאָווער וועלכער האָט ניט אָפּגעטרעטן פון ר׳ מענדעלן כל ימיו, איז געווען דער משק ביתו פון קאָצקער הויף, ער האָט געזאָרגט עס זאָל זיין צרכי הבית אין פרנסה, ווייל ווי ס׳איז ידוע האָט ר׳ מענדעלע קאָצקער ניט גענומען קיינע פּדיונים, און בכלל זיך ניט אָנגעקערט מיטן גאנצן ענין געלד, דער דאָזיקער ר׳ הערש, איז אויך געווען איינער פון די שאַרפסטע חסידים, און פארשטאַנען זיין גרויסן רבין אויפן וואונק, אצינד האָט ער געוואָלט וויסן וואָס פאר א דיבורים דער רבי האָט גערעדט פאר יציאת נשמה. האָט ער געפרעגט רבי איטשע מאירן, וועלכער איז געשטאַנען זייער נאָנט צום רבינס בעט, צו ער האָט געהערט דאָס רבינס לעצטע דיבורים, א חוץ די דיבורים וואָס איטלעכער האָט געהערט, „ותמונת ה׳ יביט" און זיין צוואָה, אַז ער איז ערב איטלעכן וועלכער וועט אריינלייגן זיין קאָפּ אין דער תורה אריין וועט אים ליכטיק זיין בזה ובבא.

רבי איטשע מאיר האָט געענטפערט ר׳ הערש טאָמאַשאָווערן, אַז ער האָט געהערט אלע דיבורים און קיין איינציק וואָרט איז אים ניט פארהוילן.

דער רבי עליו השלום האָט כסדר איבערחזרט די ווערטער: והנה רכב אש וסוסי אש, ויפרידו בין שניהם, ויעל אליהו בסערה השמים... (מלכים ב. ב.)

דער שאַרפער ר׳ הערש טאָמאַשאָווער פרעגט ווייטער רבי איטשע מאירן, פאר וואָס האָט איר ניט געטאָן ווי אֱלישע, אליהו׳ס תלמיד, ואלישע רואה והוא מצעק, אבי אבי רכב ישראל ופרשיו?..

מיט די שאלה, האָט ר׳ הערש טאָמאַשאָווער מרמז געווען ר׳ איטשע מאירן אז ער באַטראַכט אים שוין אַלס ממלא מקום פון קאָצקער רבי...

רבי איטשע מאיר האָט גוט פארשטאַנען ר׳ הערש׳ס שאלה, ער האָט אָבער אַ זאָג געטאָן צו אים: הערש, לאָז מיך אַצינד אָפּ, איך בין אַ שרוי בצער...

ר׳ הערש, האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזט, ער האָט ווייטער געפרעגט: מער האָט איר ניט געהערט קיינע דיבורים?..

רבי איטשע מאיר ענטפערט אים, איך האָב געהערט ווי דער רבי האָט געזאָגט ממש מיטן לשון, שטיקער מדרש פון וזאת הברכה, הן קרבו ימיך למות, באותה שעה עמד משה וקידש עצמו כשרפים וירד הקדוש ברוך הוא משמי שמים העליונים ליטול נשמתו של משה, ושלשה מלאכי השרת עמו, מיכאל וגבריאל, וזגזגאל. וכו׳ מיום שנגלית אליו בסנה לא בא לאשתו... נשקו הקדוש ברוך הוא ונטל נשמתו בנשיקת פה...

נאָך די ווערטער איז געווען יציאת נשמה.

ממש: נפשו יצאה בדברו...

א גרויסע עולם איז געקומען ערב שבת, הערש טאָמאַשאָווער האָט זיך געפּאַדערט מכין צו זיין צרכי שבת, קודם כל פאַר דער משפחה און פאַר די מקורבים, דער עולם איז געלאָפן באַשטעלן שבת אויף די אכסניות.

ס׳איז כ״ג שבט, דער טאָג איז אַ קורצער, דער עולם האָט זיך געאיילט טובל צו זיין אין מקוה, אָט שטעלט זיך ר׳ דודל דאַוונען מנחה בציבור, טרערן שטיקן אים, ר׳ הערש לויפט אונטער, גייט צו צום עמוד און זאָגט: עי, ס׳איז דאָך שבת! ר׳ דודל פאַרשטייט אַז הערש איז גערעכט בעהאַלט ער זיינע טרערן, און דאַוונט פּשוט, אָן טרערן און אָן קרעכץ...

צו קבלת שבת, ווייסט מען ניט, זאָל מען זינגען: „לכה דודי״ ווי תמיד, מיט אַ לעבעדיקן מארש, אָדער מען זאָל היינט מאַכן אַ קצת שינוי, אפשר גאָר ניט זינגען?

ר׳ דודל דעם קאָצקערס בכור, וואַרפט אריין אַ פּסוק, „וידום אהרן״, ר׳ אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער דער איידעם איז מסכים, אָבער מיט אַ צווייטן פסוק: והמשכיל בעת ההיא ידום... עס האָט בעדאַרפט מיינען אַז היינט זאָל מען ניט זינגען...

רבי איטשע מאיר דער גדול שבכולם איז אָבער ניט מסכים, ער וואַרפט אריין אַן אַנדערן פּסוק: דוד המלך האָט זיך דערהויבן נאָך העכער, שטייט למען „יזמרך״ כבוד ולא ידום...

די מקורבים ווערן נתפעל פון זיין עילויישן איינפאַל, ר׳ הערש טאָמאַשאָווער איז מקבל שבת, זינגט לכה דודי ווי ותמיד, דער עולם זינגט מיט, דאָס אבילות פאַרשוואונדט, ס׳איז שבת אין קאָצק...

שבת אין קאָצק! פונקט ווי שבת איז דער תמצית אין די נשמה פון

די ששת ימי המעשה, אזוי איז קאָצק געווען דער תמצית די נשמה פון אַלע חסידישע הויפן אין פוילען...

ניט דער שטריימל און ניט די זיידענע קאַפּאָטע האָט אין קאָצק געמאַכט דעם שבת.

די שבתדיקע קדושה האָט מען דאָרטן געקאָנט אָנטאַפּען ממש בידים, אפילו דער פחות שבפחותים האָט באַקומען אַן אנדערע צורה ווען ס'איז געקומען שבת...

אין זוהר און אין מדרש האָבן עוסק געווען די אלטע חסידים די צוציקעס און שניעקעס האָבן געלערנט גמרא מיט תוספות.

דער קאָצקער רבין אליין האָט אַמאָל אַ פרעג געטאָן זיין מחותן, דעם ביאַלער רב ר' זאב נחום בארנשטיין, אין וואָס איז עוסק אברהם'לע ביי נאַכט? האָט דער ביאַלער רב געענטפערט, אַז ער לערנט אַ גאַנצע נאַכט ש"ס ופוסקים, ער כאַפּט זיך אָבער אויך אַמאָל צו צום מדרש.

האָט דער רבי פון קאָצק שטאַרק מקפיד געווען און געזאָגט: ס'איז נאָך צייט ער זאָל עוסק זיין אין דעם פרומען לשון פון מדרש, זאָל ער בעסער האַלטן זיין קאָפּ אין דער גמרא, דאָס פרומע לשון פון מדרש וועט אָפּשוואַכן די שאַרפקייט פון זיין מוח...

נאָך קבלת שבת איז זיך דער עולם צעגאַנגען איטלעכער אויף זיין סטאַנציע, די מקורבים האָבן געגעסן צוזאַמען, קיין טיש האָט מען אָבער ניט געפראַוועט...

אפשר האָבן די גאָר גרויסע חסידים געקאָנט פאַרטרייבן פון זיך דאָס עצבות און אבילות, אָבער דער המון עם חסידים, האָט מרגיש געווען אַז נלקח ארון אלקים... אלעס איז דאָ אַ חוץ דער רבי פעלט... מען האָט געזונגען זמירות כנהוג, חסידים האָבן נאָכגעזאָגט דברי תורה פון רבין זצ"ל אויף דער היינטיקער פרשה פון משפטים, אם במחתרת — האָט דער קאָצקער געטייטשט — ווען די וועסט גראָבן אין זיך דאַן יימצא הגנב וועסטו געפונען דעם יצר הרע, און וועסט אים פאַרטרייבן פון דיר...
אַ צווייטער חסיד האָט נאָכגעזאָגט פון רבין זצ"ל: ואנשי קודש תהיון לי, מענטשלעך הייליק, אין הימל פעלן ניט קיינע מלאכים, הייליקע מענטשן זאָלט איר זיין...

את מספר ימיך אַמלא, אמלא בגמטריא ע"ב, דער רבי איז נסתלק געוואָרן פון דעם עולם, זייענדיק א בן ע"ב...

אזוי האָט קיין חסיד ניט משיח דעת געווען פונם רבין גאַנץ שבת.

מוצאי שבת נאָך הבדלה ווען דאָס שבתדיקייט האָט אָנגעהויבן צו פארשוואונדן האָט דאָס אבילות ווידער זיך אראָפּגעלאָזט אויפן עולם...

ווען אין דערויסן האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן אויפן מזרח הימל האָבן זיך שוין באוויזן ווייסע טינקל גראָע פאַסן, האָט זיך דער עולם געכאַפּט אַז זיי האָבן נאָך ניט געגעסן מלוה דמלכא, קיין סעודה האָט קיינער ניט געפּראוועט, איטלעכער האָט זיך אַ וואַש געטאָן, געכאַפּט אַ כזית חלה, יוצא זיין.

דער עולם האָט אָבער געזינגען דעם „איש חסיד היה" מיטן קאָזשעניצער ניגון מיט גרויס כוונה, און מיט טרערן אין די אויגן.

כמעט איטלעכער פסוק האָט געהאַט אַ רמז אויפן רבין פון קאָצק...

איש חסיד היה בלי מזון ומחיה,

בביתו עוסק מלבוש ואין בגד ללבוש...

בורא עולם בקנין השלם זה הבנין.

ביי די ווערטער האָט דער עולם געוויינט, זיי פילן אַז דער קאָצקער בנין איז חרוב געוואָרן, און נאָר דער בורא עולם קאָן משלים זיין און צוריק אויפריכטן דעם דאָזיקן הייליקן בנין... ווייל ופרח לו איש אמת... דער איש אמת איז אוועקגעפלויגן פון אונדז...

ווען דער עולם האָט זיך גענומען צום בענטשן איז שוין געווען גרויסער טאָג...

אַ געדעכטער שניי האָט איינגעהילט גאַנץ קאָצק, עס האָט אויסגע קוקט ווי דאָס שטעטל איז איינגעהילט אין ווייסע תכריכים...

אין יאָר תרפ"ג בין איך געווען אין קאָצק, די אָרטאָדאָקסישע יוגענט האָט מיך איינגעלאַדענט צו האַלטן דרשות פאר אגודת ישראל. איך האָב גוט באטראכט דאָס הויז אָבער בעסער געזאָגט דאָס אָרט וואו ס'איז אַ מאָל געשטאַנען דער קאָצקער בית המדרש מיטן רבינס הויף, איך בין לאַנג געשטאַנען אין רבינס אהל אויפן קאָצקער בית החיים, אַלעס וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט וועגן דעם הימל הויכן יידן, אלע זיינע תורות וועלכע איך האָב געדענקט אַלע זיינע שאַרפע דיבורים זיינען אויפגעפרישט געוואָרן אין מיין זכרון שטייענדיק באימה וביראה אין זיין אָהל.

**דער רבי ליגט אין מיטן פון אהל, זיין יונגסטער זון ר׳ בנימין ליגט רעכטס, און ר׳ דודל דער בכור ליגט לינקס.**

**אויף דער וואנט פון אהל זיינען אויסגעקריצט פייערדיקע ווערטער, וועלכע דערציילן וואָס פאר א הייליקער גוף דאָ ליגט בעהאַלטן:**

עיר גאָריי הרה וילדה, עיר טאָמאַשאָוו גדלה שעשועיה,
אוי נאָ לה, אָמרה קאָצק כי אָבדה כלי חמדתה,
פה השליך איש האלקים את אדרתו, ה״ה אדוננו
מורנו ורבנו רוח אפינו משיח ה׳, שר התורה
מקור הבינה עמוק הדעת, אלוף הגאונים וקודש הקדשים.
עמוד העולם ופלאו, רכבו ופרשיו, רבנו הגדול, ראש גולת
אריאל, מאורן של ישראל ורבנן של כל חכמי וצדיקי דורו,
כמלאָך ה׳ צבאות הוא, קדוש ונורא שמו, מרנא ורבנא
מנחם מענדל. נשמתו בגנזי מרומים ברבי יהודה זלה״ה.
והן בעוון הדור נכסף אל קדושיו והשיב אל אלקים
נפשו בשנת שבעים ושתים לימי חייו, ביום חמישי לסדר:
ואל משה אָמר עלה אל ה׳, ב״ך שבט לפרט, אוי נא
כי נלקח ארון אלהים (תרי״ט) לפ״ק,
זכותו תעמוד לדור אחרון, ובכל עת יגן עליהם ולכל
ישראל אחיהם...

**דער קבר פון דער קאָצקער רביצין חיה ע״ה בזיווג שני, געפונט זיך נאָנט ביים אריינגאנג צום אהל, אויך אנדערע קרובים זיינען בעהאלטן נאָנט ארום יענעם אהל. וועלכער האָט צוגעצויגן טויזנטער חסידים פון אלע טיילן פון פוילען.**

**די ידיעה אַז דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעל מאָרגענשטערן איז נסתלק געוואָרן האָט זיך שנעל פארשפרייט איבער גאַנץ פוילען. אומעטום האָט די ידיעה אריינגעוואָרפן די יידישע ישובים אין אַ אבילות שטימונג. אפילו חסידים פון אנדערע גוטע יידן האָבן זיך שנעל אריבערגעכאַפּט צו**

זייערע רביים, צו הערן וואָס מען זאָגט דאָרטן אצינד, וואָס פאר אַ רושם האָט דעם קאָצקערס פטירה געמאַכט אויף די גוטע יידן אליין...

אומעטום האָט מען בעדויערט, באוויינט און נאָך געזאָגט שבחים אויף דעם דורשטיקן גרויסן יידן, וועלכער איז געווען ניט דורשטיק נאָך קיין געלד, ניט דורשטיק נאָך גשמיות, ניט דורשטיק נאָך כבוד אָדער רום נאָר דורשטיק זיך צו באַהעפטן צום חי החיים...

זייענדיק נאָך אַ קליין ייִנגל האָט ער זיך צעזינגען און צעוואַרמט מיט די ווערטער: צמאה נפשי לאלקים, לבי ובשרי ירננו אל אל חי.

און ביזן לעצטן אָטעם צוג זיינעם, האָט ער כסדר געהאַלטן ביי יענע ווערטער. צמאָה נפשי לאלקים און לבי ובשרי ירננו לאל חי...

אין פייער און אין פלאַמען פון קדושה און טהרה האָט ער אדורך געשפּאַנט זיינע צוויי און זיבעציק יאָר, אָנצינדעניק טויזענטער גרויס יידישע הערצער, זיי דערלייכט, דערוואַרעמט און דערקוויקט.

און אין פייער און פלאמען איז זיין הויכע נשמה צוריק גערופן געוואָרן פון אדון הנשמות, זי איז אוועק פון קאָצק מיט:

והנה רכב אש, וסוסי אש, ויפרידו בין שניהם.

צווישן הייליקן גוף און זיין הייליקע נשמה...

יענער הייליקער פלאַם איז ניט פארלאָשן געוואָרן, ער איז פארבליבן אין די הערצער פון זיינע נאָכפאָלגער, איטלעכער לויט זיין מדריגה האָט איבערגענומען פון יענעם געטליכן פלאַם, איינער אַ שטיק פייער, דער צווייטער נאָר אַ ניצוץ דער דריטער נאָר אַ אָפּשיין...

זיין פארהייליקטער גוף איז פארבליבן אין קאָצק, זיין נשמה שוועבט אויף די פליגלן פון דער שכינה...

קאַפּיטל צוואַנציק

## קאָצקער יורשים

אַ גרויסע פארצווייגטע ירושה האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך ר' מענדעלע קאָצקער, קינדער און אייניקלעך, מקורבים און תלמידים, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן דעם קאָצקער פייערדיקן דרך, און פארשפּרייט חסידות אין גאַנץ פּוילען.

מיר ווילן קודם כל אויסרעכענען די ניי געגרינדעטע חסידישע הויפן, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן פון זיינע קינדער.

ר׳ דודל מאָרגענשטערן דעם קאָצקערס בכור (געב. תקס״ט. 1809) האָט לויט דער דרינגענדער בקשה פון די מקורבים פון זיין פאָטער איבער־גענומען אַ קליינעם טייל פון קאָצקער עולם, דאָס זיינען געווען יענע חסידים, וועלכע האָבן ניט געוואָלט פארלאָזן קאָצק וועלכע איז ביי זיי געווען חשוב ווי אַ ירושלים דלמטה, זיי האָבן געזאָגט: אויפן פסוק אין נח: הנני משחיתים את האָרץ, זאָגט רש״י את הארץ, מיט דער ערד די ערד איז אויך בימי המבול קאַליע געוואָרן. און אזוי ווי מיר האָבן אַ כלל, אז מדה טובה איז מרובה ממדה פורענית, האָט דעריבער דער אַלטער קאָצקער רבי זכרונו לברכה מקדש געווען די קאָצקער ערד. ווילן זיי פון קאָצק ניט אוועק...

זיי זיינען געגאַנגען נאָך טיפער, זיי האָבן דערמאנט דעם רבין ר׳ בונם׳ס וואָרט: ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד ולחצי שבט מנשה, זיינען זיי געקומען צו משה׳ן און געבעטן אַז זיי ווילן פארבלייבן אין עבר הירדן...

האָט דער רבי ר׳ בונם זצ״ל געפרעגט, היתכן? צי האָבן די בני ראובן ובני גד און דער האַלבער שבט מנשה ניט געוואוסט אַז דער איבער־שטער האָט צוגעזאָגט אברהם יצחק ויעקב דווקא ארץ־ישראל? צי דעריבער וואָס כביכול האָט צו זיי געגעבן פיל שאָף און רינדער זיינען זיי כפויי טובה, פארלייקענען זיי דאָס גוטס פון אייבערשטען? הנשמע כזאת, אויף די שבטי יה?

נאָר האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט: „ומקנה רב״ איז דער טייטש זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן „קנין״ אין זייער רבין משה... זיי האָבן געהערט אַז משה וועט ניט אריבער גיין קיין ארץ ישראל, נאָר ער וועט פארבלייבן אין עבר הירדן האָבן זיי געזאָגט, זיי זיינען אלץ מוחל זיי ווילן אפילו ניט קיין ארץ זבת חלב ודבש זיי ווילן פארבלייבן נאָנט צו זייער רבין...

הערענדיק אזעלכע שטייגער דיבורים, האָבן אלע גדולי החסידים מיט רבי איטשע מאיר ווארשעווער בראש, אויסדריקליך פארלאַנגט, אַז ר׳ דוד זאָל פארבלייבן אין קאָצק...

ר׳ דודל איז ניט געווען קיין קטיל קני, ער איז געווען אַ גדול בתורה, אַ חכם מחוכם, אַ שאַרפער חסיד, אַ גרויסער בעל לשון קודש, געשריבן מליצה און ספרים, ווי „אהבת דוד״ א. א. וו.

ר׳ דודל איז נפטר געוואָרן אין קאָצק כ״ב תמוז אין יאָר תרל״ג (1873).

זיינעביידע זין ר׳ ישראל פילעווער און ר׳ הערשעלע למאַזער, האָבן איבער גענומען דעם פאָטערס עולם.

ר׳ ישראל פילעווער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר ת״ר (1840), ער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין קאָצק און ניינצען יאָר געווען צוזאַמען מיט זיין גרויסן זיידע ר׳ מענדעלע.

ר׳ ישראל פילעווער איז אויך געווען אַ גרויסער למדן און שאַרפער חסיד, רבי יצחק אלחנן ספעקטאָר דער גרויסער קאָוונער רב, פון די גדולי המתנגדים טיטולירט אים בזה הלשון: בנן של קדושים, סיני ועוקר הרים, נר ישראל, פטיש החזק, עמוד הימיני.

ער האָט צווישן חסידישן עולם אָנגעהויבן מעורר זיין צו חיבת ארץ ישראל, ער האָט געוואָלט אָרגאַניזירן טויזענט חסידים, זיי זאָלן אויפ־גיין קיין ארץ ישראל און גרינדן א ישוב, אַקערן זייען און שניידן און מקיים זיין די מצוות התלויות בארץ ישראל. ער דרוקט אָפּ אַ ספר, „שלום ירושלים״.

ר׳ ישראל מאָרגענשטערן לאָזט אויך איבער אַ דור רביים, ר׳ הערשעלע ליקאָווער, ר׳ יוסלע דער קאָצקער רב, און ר׳ משה מרדכי, דער פילאָווער רבי, שפּעטער געוואוינט אין ווארשא. מחבר פון די ספרים „מדרש משה״ און „דרכי משה״.

דער יונגסטער פון ר׳ ישראל פילעווער איז געווען דער זייער שאַרפער ייד, גאון בנגלה ובנסתר, פלאמיקער רעדנער, בעל לשון קודש, און אָרגאַניזאַטאָר דער וועלט באַרימטער סאָקאָלאָווער רבי, ר׳ יצחק זעליג מאָרגענשטערן, וועמען דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט זייער גוט געקאָנט. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר ת״ש, אין אָטוואָצק, ביי ווארשא, ווען ס׳האָט צו אים דערגרייכט די טרויריקע בשורה, אַז זיין זון און בכור ר׳ מענדעל מאָרגענשטערן, ווענגעראָווער רב, און אין סאַמע יום כפור דער׳הרג׳ט געוואָרן פון די נאציס ימח שמם.

דעם סאָקאָלאָווער רבינס זון ר׳ בנימין רב אין סטערדין, ממלא מקום פון פאָטער, אַ חבר פון שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אומגעקומען פון יענע רשעים.

דעם סאָקאָלאָווער רבינס איידעם דער נאָוואמינסקער רבי פירט אצינד רביסטווא אין ברוקלין.

דער צווייטער זון פון ר׳ דודן, איז געווען ר׳ הערשעלע למאַזער, סוף ימיו געוואוינט אין פּראַגע, ביי ווארשא. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרי״ב, בחייו פון אלטן קאָצקער רבין. געוואָרן אן איידעם ביים ראַדזימינער רבין ר׳ שלמה, ער איז נפטר געוואָרן ג׳ אלול תרפ״ו (1926).

זיין זון ר׳ אברהם׳לע מאָרגענשטערן, האָט געפירט רביסטווא אין שעדלעץ. אויך זיינע צוויי ברידער האָבן געפירט אַ עדה יידן איינער אין לויוויטש, און דער צווייטער אין ווישקאָווע.



דער סאָקאָלאָווער רבי זצ״ל,
אייניקל, בן אחר בן, פון קאָצקער רבין.

די אַלע אויבענדערמאָנטע רביים זיינען געווען רינגעלעך אין דער גאָלדענער קייט פון קאָצק בן אחר בן.

אצינד קומט די סאָכאַטשאָווער דיאנאסטיע, רבי אברהם׳לע בארנשטיין געבוירן אין יאָר תקצ״ט (1839) אין בענדין, זיין פאָטער איז געווען דער ביאַלער רב הרב הגאון ר׳ זאב נחום, פון די אַלטע פשיסכער און קאָצקער חסידים.

ר׳ מענדעלע קאָצקער האָט אברהם׳לן גענומען פאַר זיין איידעם ער האָט אים געגעבן זיין טאָכטער שרה צינה פאַר אַ ווייב.

מיר קאָנען זיך אצינד ניט אפּשטעלן באריכות וועגן גדלות פון דעם דאָזיגן גרויסן גאון און בעל מוח. אויף וועמען אלע גדולים האָבן עדות געזאָגט: דער סאנדזער רב, רבי חיים האלבערשטאַם, איינער פון די גרעסטע גאונים אין זיין צייט האָט געזאָגט אויפן קאָצקערס איידעם ר׳ אברהם׳לע בארנשטיין אַז ער האָט אַזאַ מוח ווי דער רבי ר׳ יונתן אייבעשיץ.

נאָכן שווערס פּטירה איז ער געוואָרן אַ חסיד פון ערשטן גערער רבין רבי איטשע מאיר אַלטער, נאָך דער פּטירה פון ערשטן גערער רבין איז ער געפאָרן צו זאַמען מיטן גאַנצן גערער עולם צום רבין ר׳ העניך קיין אלכסנדר, ערשט נאָך דער פּטירה פון רבי ר׳ העניך, ווען דער גערער עולם האָט זיך מכניע געווען צום בעל „שפת אמת״ אייניקל פון ערשטן גערער רבין. דאַן ערשט איז רבי אברהם׳לע בארנשטיין דאַן רב אין פּארצעווע געוואָרן רבי און רב אין קראַשניעוויץ. און אין יאָר תרמ״ג האָט ער איבער־גענומען דאָס סאָכאַטשאָווער רבנות פון זיין פּארגענגער פון ר׳ אלעזר פּולטוסקער, שאַרפער קאָצקער חסיד איידעם פון ליסער רב דער בעל „חות דעת״.

רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער האָט געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע אין זיין תקופה, געווען אַ גרויסער מרביץ תורה, אָנגעפירט אַ גרויסע ישיבה, געווען אַ גרויסער פּוסק, גאון און חסידישער מנהיג, מחבר געווען די בארימטע ספרים „אגלי טל״ אויף די ל״ט מלאכות, און שאלות ותשובות „אבני נזר״ מיט זיינע מיינונגען האָט מען זיך גערעכענט אין גאַנץ פּוילען. ער האָט אָרגאַניזירט יידן זיי זאָלן עולה זיין קיין ארץ־ישראל, ער איז געווען אַ דינאַמישער פּערזענדליכקייט. ער איז נפטר געוואָרן י״א אדר, תר״ע.

זיין זון ר׳ שמואל האָט אים ממלא מקום געווען, איבערגענומען די ישיבה, דאָס רבנות און ראַביסטווא מחבר געווען דאָס בארימטע חסידישע ספר „שם משמואל״.

נאָך דער פּטירה פון „שם משמואל״ האָט איבערגענומען דעם סאַ־כאַטשאָווער עולם, זיין זון ר׳ דודל ווישאַגראָדער, אַ פּאַטריאַרכאַלישע פּער־זענדליכקייט פירער פון אגודת ישראל און מיטגליד פון דער „מועצת גדולי התורה״ אין פּוילען. געווען איז ער פריער רב אין טאָמאַשאָוו ביי לאָדז אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט. ניט צו פארוועקסלן מיט יענעם טאָמאַשאָוו. לובלינער געגענד וואו זיין גרויסער זיידע פון קאָצק איז געוואָרן רבי.

ר׳ דודל איז אומגעקומען פון די נאציס ימ״ש אין יאָר תש״ג (1943), ה׳ ינקום דמו!

דער קאָצקער רבי האָט געהאַט נאָך אַן אײדעם, ר׳ וואָלף ראפאפאָרט דער מאן פון זיין טאָכטער ברכה, אַ גאון און מיוחס, אייניקל פון ש״ך, ער האָט קיין ראביסטווא ניט געפירט, ער איז געווען שטאָט רב אין קאָצק,



הרב ר׳ דוד בורנשטיין, אדמו״ר מסוכטשוב אייניקל פון סאָכאַטשאָווער רבין בעל „אבני נזר״, אייניקל פון קאָצקער רבין.

נפטר געוואָרן אין שמיני עצרת תרס״ב (1902) זיין זון ר׳ משהלע ראפאפאָרט האָט אים ממלא מקום געווען און געוואָרן קאָצקער רב.

דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע מאָרגענשטערן האָט געהאַט נאָך צוויי זין, רבי משה ירוחם אַ מצוינדיקער מענטש מיט פיל כשרונות, אַלע חסידים זיינען זיכער געווען אַז ער וועט זיין דער ממלא מקום פון זיין גרויסן פאָטער, ער איז געווען אַ צדיק יסוד עולם, ער איז אָבער נפטר געוואָרען יונגערהייט אין יאָר תרכ״ה כ״ב סיון (1865).

דער יונגסטער פון קאָצקערס זין ר׳ בנימין, איידעם פון רבי אברהם מרדכי אלטער זון פון ערשטן גערער רבין, איז געוואָרען אַ גערער חסיד נאָכן פאָטערס פטירה, ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרכ״ו (1866) זייענדיק נאָך זייער יונג, זעקס און צוואַנציק יאָר אַלט.

חוץ די אויבענדערמאַנטע קינדער און אייניקלעך פון קאָצקער רבין, זיינען כידוע פארבליבן אַ גרויסער „דור דעה״ פון גאונים און צדיקים מפורסמים, אטייל פון זיי זיינען געוואָרן וועלט בארימטע רביים, טייל פון זיי, גרויסע חסידים בעלי מוח, אנשי מעשה, וועלכע האָבן מקבל מרות געווען, און זיך מכניע געווען צו די צדיקים וועלכע האָבן איבערגענומען די קאָצקער ירושה.

דעם גרעסטן עולם פון קאָצק האָט איבערגענומען רבי איטשע מאיר אלטער, דער ערשטער גערער רבי, אים האָבן מיר געווידמעט דאָס דאָזיקע ווערק, דעריבער וועלן מיר זיך יעצט אינם לעצטן קאַפיטל פון ערשטן טייל ביט לאַנג אפשטעלן, וועגן אים וועלן מיר נאָך דערציילן און דערציילן.

נאָך זיין הסתלקות כ״ג אדר תרכ״ו האָט איבערגענומען דעם גרויסן עולם קאָצקער־גערער חסידים דער רבי ר׳ העניך (שאַטין) פון אלכסנדר, ער איז געווען אַ חבר סיי צום קאָצקער און סיי צום גערער רבין. זיי אַלע דריי זיינען געפאָרן קיין פשיסכא צום רבין ר׳ בונם וועלכער האָט אויף זיי געזאָגט: „דריי שיינע פוילישע רביס״ חדשים גם ישנים צפנתי לכם... ער איז געווען פריער ליטאָמארסקער רב, בעקאַנט געווען ווי אַ גרויסער חכם און פיקח, געזאָגט משלים און דברי מוסר אויפן רבי ר׳ בונם׳ס שטייגער. ווען ער האָט איבערגענומען דעם גערער עולם איז ער שוין געווען אַ ייד אַ זקן מופלג ער האָט אין גאַנצן געפירט דאָס ראביסטווא פון יאָר תרכ״ו ביז תרל״א.

נאָך אים האָט איבערגענומען דעם גערער עולם דער אייניקל פון ערשטן גערער רבין דער בעל „שפת אמת״, דער צווייטער גערער רבי ר׳ אריה לייב איז געווען א גאון עצום, א קדוש מרחם ער איז געווען עטליכע מאָל אין קאָצק, און זיך באטראכט פאר א קאָצקער חסיד.

אויך וועגן אים וועלן מיר דאָ ניט מאריך זיין, באריכות ווערט דערציילט וועגן שפת אמת אין צווייטן טייל פון אונדזער ארבייט ער איז נסתלק געוואָרן ה׳ שבט תרס״ה (1905).

ווי מיר האָבן שוין דערציילט איז ר׳ יצחקל וואָרקער געווען דעם קאָצקער רבינס אַ חבר, אַ תלמיד פון פשיסכא, זיינע צוויי זין ר׳ מענדעל

וואָרקער און ר׳ יעקב דוד אמשינאווער, וועלכער האָבן איבערגענומען פון פאָטער דעם וואָרקער עולם, זיינען אָבער כסדר געפאָרן קיין קאָצק זייענדיק וואָרקער רביים. אויך זיי האָבן איבערגעלאָזט קינדער רביים ר׳ יוסלע, ר׳ שמעון, ר׳ מאיר קאליש זיין זון איז איצט וואָרקער רבי אין ארץ ישראל.

ר׳ אברהם׳לע ראבינאָוויטש, אייניקל פון „ייד הקדוש" ניט געקוקט וואָס זיין גאַנצע משפחה האָט געקריגט, ערשט אויפן רבין ר׳ בונם וועלכער איז געוואָרן דער אָפיציעלער ממלא מקום פון, „ייד הקדוש" און געזעסן אין זעלבן פשיסכא ווי דער רבי ר׳ ירחמיאל דעם „ייד הקדוש׳ס" זון — און שפעטער נאָך דער פטירה פון רבין ר׳ בונם איז דער עולם געלאָפן קיין קאָצק ניט צום ייד הקדושס קינדער. איז דאָס התנגדות צו קאָצק נאָך שאַרפער געוואָרן, און דער פירוד האָט פיל מאָל געפירט צו מחלוקת, דאָך איז ר׳ אברהם׳לע, רב אין פאָריסאָוו געוואָרן אַ שאַרפער קאָצקער חסיד שפעטער געפאָרן קיין גער צום חידושי הרי"ם. קיין אלכסנדר צום רבין ר׳ הענעך. און צום „שפת אמת" און נאָך זיין פטירה איז ער ערשט געוואָרן רבי, באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ אברהם׳לע פאָריסאָווער.

רבי יחיאל מאיר ליפשיטץ דער גאָסטינינער רבי, די וועלט האָט אים גערופן „דער תהלים ייד" ווייל ער האָט געהאָלפן זיינע חסידים אין אַלע זייערע צרות מיטן זאָגן תהלים.

רבי אברהם׳לע סאָכאַטשאָווער דעם קאָצקערס איידעם האָט געזאָגט: אַז דער גאָסטינינער רבי קאָן מיט צען קאַפּיטלעך תהלים מער אויפטאָן ווי איך מיט אַלע מיינע תפלות...

ווען דעם „שפת אמת׳ס" אַ קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט ער געשיקט זיין ברודער ר׳ שלמה׳ן אַלס שליח מיוחד קיין גאָסטינין מזכיר צו זיין דער חולה, האָט דער גאָטינינער רבי געזאָגט: איך זאָל הייסן דעם גערער רבין אויסזאָגן גאַנץ תהלים, ווייס איך איך אז דאָס איז צופיל... צען קאפּיטלעך דאַרף ער אָבער יאָ זאָגן, וועט דער חולה האָבן אַ רפואה שלמה... ווען ר׳ שלמה׳לע איז געקומען צוריק קיין גער און דאָס דערציילט צו זיין ברודער דעם בעל „שפת אמת" האָט ער אַזאָג געטאָן: צען קאפּיטלעך? ווען איך זאָג איין קאַפּיטל תהלים פארדרייט זיך מיך שוין דער קאָפּ...

דער גאָסטינינער רבי איז געוואָרן אַ שאַרפער קאָצקער חסיד, ער האָט לכתחילה מורא געהאַט צו פאָרן קיין קאָצק, צוליב דעם שאַרפן דרך. קומענדיק דאָס ערשטע מאָל צו ר׳ מענדעלע קאָצקער, האָט צו אים דער רבי אַ זאָג געטאָן: יחיאל מאיר, האָסט מורא געהאַט צו קומען ביז אַצינד?

זאָלסט וויסן אַז מיר האָבן גאָר ניט מחדש געווען. מיר צעפלאַמען און פאַר־לייכטן נאָר דאָס וואָס אַ ייד פאַרמאָגט...

און רבי יחיאל מאיר האָט פאַרמאָגט זייער פיל האַרציקייט און גוטסקייט, אַ ניצוץ פון בערדיטשעווערס הייליקע נשמה, ער איז געווען



ר׳ מרדכי יוסף אלעזר אדמו״ר מראדזין זצ״ל,
אייניקל פון „מי השילוח״, דער איזביצער
(נ׳ כ״ו שבט תרפ״ט).

אַ פאָלקס רבי, דער המון עם איז געלאָפן צו אים אויסבעטן טובות, רפואות פרנסה, דאַגות צוליב מיליטער דינסט. ער האָט געלעבט אין דחקות, ווייל פונקט ווי אין קאָצק האָט ער ניט גענומען קיינע פדיונים...

קאַצקער פלאַם אין דעם בערדיטשעווערס אהבה, האָבן זיך אין דעם תהלים ייד צוזאמענגעגאָסן.

ער איז נפטר געוואָרן כ״א שבט תרמ״ח.

וועגן איזביצער רבין, ר׳ מרדכי יוסף ליינער. וועלכער איז אוועק פון קאָצק בחייו פון רבין, האָבן מיר שוין באריכות דערציילט.

וועגן ר׳ לייבעל אייגער, אייניקל פון ר׳ עקיבא אייגער, קרוב פון חתם סופר, און זון פון ר׳ שלמה אייגער, וועלכער איז געוואָרן אַ שאַרפער קאָצקער חסיד, שפּעטער מיטגעגאַנגען מיטן איזביצער און נאָך זיין פּטירה אליין געוואָרן אַ רבי אין לובלין, האָבן מיר שוין אויבן דערמאָנט.

פון די קאָצקער חסידים וועלכע זיינען אליין געוואָרן חסידישע רביים דאַרף מען נאָך דערמאָנען ר׳ וואָלף סטריקאָווער און ר׳ מרדכי זיין זון. די באגרינדער פון דער סטריקאָווער חסידישע דיאנאסטיע קינדער פון גרויסן גאון און צדיק ר׳ אברהם׳לע לאַנדוי, פון טשעכאַנאָוו, זיי האָבן זיך שטאַרק געהאַלטן אין קאָצק.

אין קאָצק פלעגט מען דאווענען זייער שפּעט, דעם ייד הקדוש׳ס דרך. ער האָט געלערנט, כל זמן איין אבר פון די רמ״ח איברים אָדער אפילו איין אָדער פון די שס״ה גידים שלאָפן נאָך, זאָל מען זיך ניט אוועקשטעלן דאַווענען, עס דאַרף זיין, כל עצמות תאמרנה... און „כל הנשמה תהלל יה״ אין יענעם חדר האָט מען ניט געהאַלטן פון „דאווענען אויפן ניכטערן מאָגן״ אויב חסידים ראשונים האָבן געגנוג געהאַט איין שעה אויף אַ הכנה צום דאווענען (זע; ברכות פרק ה׳, משנה א׳) דאַרפן מיר האָבן אַ האַלבן טאָג... יענע חסידים זיינען אָבער ניט אַרום געגאַנגען ליידיק: זייער „הוא היה אומר״ איז געווען: והיה כי תלכון, לא תלכו ריקם... זיי האָבן פריער געלערנט, טובל געווען זיך אין מקוה גלייך געשטעלט די מחשבות דאַן ערשט זיך גענומען צום דאווענען, זיי האָבן ניט מקפיד געווען אויפן זמן תפלה לויטן שלחן ערוך, זיי האָבן געהאַלטן אַז די הכנה צום דאווענען איז אויך געדאווענט.

רבי אברהם׳לע טשעכאַנאָווער דער פאָטער פון די אויבערדערמאָנטע סטריקאָווער רביים האָט זיך אָבער געפירט בנוסח אשכנז, געדאווענט תפלה בזמנה, זייער פרי, מיט אַלע בעלי הבתים צוזאַמען.

אַ היים קומענדיק אַמאָל פון קאָצק צו זייער פאָטער און מיט דאווענדיק מיטן פאָטערס מנין האָט ר׳ וואָלף געזאָגט, אצינד פארשטיי איך די ווערטער פון די עשרת הדיברות, כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון

ימיך, אויב דו וועסט מכבד זיין דעם טאַטן, וועסט דאַוועגען מיט זיין מניך, וועסט האָבן לאַנגע טעג... אין קאָצק נאָכן דאַוועגען פאַרבלייבט מער ניט קיין טאָג. ווייל מען דאַוועגט זייער שפּעט. ביים טאַטן נאָכן דאַוועגען פאַרבלייבט נאָך אַלץ אַ גרויסער שטיק טאָג...

דער פּילצער רב, ר׳ פּינחס מנחם אלעזר רויטענבערג דעם חידושי הרי״םס א ברודערס אַ זון, מחבר פון „שפתי צדיק״ איז געווען אַ שאַרפער קאָצקער חסיד, געווען רב אין ווארשאווע, און לסוף ימיו זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו, זיין ממלא מקום איז געווען זיין זון ר׳ חנוך גד.

ר׳ דוד הערש טויב אַ זון פון ר׳ יחזקאל קוזמירער, פאָטער פון דער מאָדזיצער דינאַסטיע איז געפאָרן קיין קאָצק, און נאָך זיין פאָטערס פּטירה געוואָרן רבי אין ניישטאָט.

ר׳ נחום ישראל רב אין ליפּנא און רבי פון חסידים, איז געפאָרן קיין קאָצק זייענדיק אַליין אַ מנהיג פון חסידים.

ר׳ נח, קאָריוּוער רב און רבי, איז אויך געווען פון די קאָצקער חסידים — ר׳ אליהו לערמאַן רב אין קראָשניעוויץ, שפּעטער געוואָרן רבי אין וויסקוט און אין פּילעוו. ר׳ ברוך שפּירא, אַ ליטוואַק געוואָרן אַ קאָצקער חסיד שפּעטער אליין געפירט ראַביסטווא אין סטוטשין.

אצינד וועלן מיר דערמאָנען פון די גדולי הרבנים וועלכע זיינען געווען קאָצקער חסידים.

ר׳ אליעזר לייב, דער בראָקער רב, מחבר פון „מלואת אבן״ ער האָט געלערנט מיטן קאָצקער רבינס קינדער ש״ס און פּוסקים.

ר׳ אלעזר פּולטוסקער אַ גאון מפורסם, רב אין פּולטוסק, פּלאָצק און אין סאָכאַטשאָוו, מחבר פון ספר חדושי מהרא״ך איידעם פון וועלט באַרימטער ליסער רב, דער בעל „חות דעת״.

ר׳ נחום בארנשטיין ביאַלער רב. פאָטער פון סאָכאַטשאָווער רבי, איידעם פון קאָצקער.

ר׳ יהודה לאנדוי דער זון פון בראָדער רב ר׳ אליזער, מחבר פון „יד המלך״ זון פון וועלט באַרימטען גאון דעם בעל „נודע ביהודה״ ר׳ יחזקאל לאנדוי פון פּראָג איינער פון די באַרימסטע מתנגדים פון דרך החסידות איז געוואָרן אַ קאָצקער חסיד.

ר׳ יוסלע דוואָרטער, אַ זון פון ר׳ משה זאַלאָשינער, בעל „תקוני שבת״.

ר׳ יחיאל מיכל שעפּסער רב. ר׳ יעקב דוד, רב אין קאָזניץ, אין ווישאגראַד אַ גרויסער גאון און מחבר.

ר׳ ליפמאן ראדאָמסקער איידעם פון בעל „תפארת שלמה״ ראדאָמסקער רבי, א קעגנער פון קאָצקער דרך, זיין איידעם אָבער, ר׳ ליפמאַן איז געווען פון די שאַרפע קאָצקער חסידים.

ר׳ מנחם מענדעל זדונסקאַוואָלער געווען אַמאָל רב אין דייטשלאַנד, געקומען קיין פוילען, און געוואָרן אַ קאָצקער חסיד.

ר׳ מנחם וואָלף ירושלימסקי, שוואָגער פון ר׳ אברהם׳לע טשעכאַנאָווער רב אין לאָדז, ניט קאָנענדיק אויסהאַלטן פון די מתנגדים וועלכע האָבן אים דערקוטשעט איז געוואָרן שפעטער רב אין קאָצק.

ר׳ מרדכי, וואידיסלאווער רב, אייניקל פון בעל „קצות החושן״ רב אין סטרי.

ר׳ משה מיכל געווירץ, ביאַלער רב, ר׳ משה שלמה פארצעווער רב, מחבר פון „חשק שלמה״.

ר׳ משה׳לע ראָזוואַדאָווער אַ תלמיד פון רבין ר׳ בונם, שפעטער פון זיין זון ר׳ אברהם משה, און נאָך זיין הסתלקות, געקומען קיין קאָצק.

ר׳ מתתיהו, רב אין קאריוו, ווענגראָוו און קאָצק, דער דאָזיקער קאָצקער רב, האָט געבראַכט ר׳ מענדעלע טאָמאַשאָווער קיין קאָצק.

ר׳ נתן טשיזעווער בעקאנט מיטן נאָמען „נתקע ליטוואק״ ר׳ הערשעלע דישקעס פון אָפּאָטשנע דעם קאָצקער רבינס אַ חסיד און מחותן.

דער בארימטער ר׳ הערש טאָמאַשאָווער, דער בן בית פון קאָצק ר׳ שלום דער זגערשער רב.

און דער בארימטער ר׳ שמואל שינאווער, רב אין פארשידענע קהלות, אָבער באַקאַנט געווען אַלס שינאווער רב, ער האָט פאַרגעזאָגט מדרש פארן רבין ר׳ בונם, וועלכער איז בסוף ימיו געווען אַ סגי נהור, ער איז דער מחבר פון בארימטן ספר „רמתים צופים״ פירוש אויפן תנא דבי אליהו, ער איז געווען חסיד ביי זיבן פון די גרעסטע גוטע יידן אין זיין דור. פון רבין פון לובלין דעם חוזה. פון ייד הקדוש, פון רבי ר׳ בונם, פון קאָצקער רבין, פון ר׳ שלמה לייב לענטשנער, פון ערשטן גערער רבין דעם בעל „חידושי הרי״ם״, און פון ר׳ יצחקל נעסכיזער.

ווי שוין אויבן דערמאָנט זיינען נאָך פארבליבן טויזענטער און טויזענטער גרויסע חסידים, וועלכע זיינען ניט געווען קיינע רביים און ניט קיינע רבנים, זיי האָבן זיך פארנומען מיט מסחר און מלאכה, אָבער זיי האָבן געטראָגן אין זיך קאָצקער פייער...

אין יענעם קאַלטן און פראָסטיקן שבט, נאָכן הסתלקות פון קאָצקער

רבין, האָבן זיך געצויגן וועגענער און שליטענס אויף די געפרוּוירענע פארשנייטע פוילישע וועגן, ווי אבילים זיינען זיי געזעסן. מיט פארוויינטע הערצער, און פארבענקטע נשמות, נאָך יענעם גרויסן. אור וועלכער האָט פארלויכטן אַ גאַנצן דור, זיי זיינען געפאָרן אַהיים, ניט וויסענדיק, ווער וועט אצינד איבער נעמען די גרויסע עדה? ווער וועט אַצינד זיין דער מנהיג פון יענעם „דור דעה"?

אויף איינעם פון יענע וועגענער זיינען געזעסן די יחידי סגולה פון קאָצק, רבי איטשע מאיר ווארשעווער, דער גרעסטער, משכמו ולמעלה, פון יענע גרויסע און שאַרפע חסידים, דער וועלכער האָט דערזען אין קאָצק אַ וואָר שטיק פייער, האָט ער זיך אונטער געבויגן צוויי און דרייסיק יאָר... מיט אים זיינען געזעסן ר' שמואל שינאָווער דער אויבענדערמאָנטער בעל „רמתים צופים" און ר' ברוך סטוטשניער.

אַ גאַנצן וועג פון קאָצק ביז פאַר ווארשא, האָט ר' איטשע מאיר ניט ארויסגערעדט קיין איין וואָרט, ער איז געזעסן פארטראַכט אין זיך...

קומענדיק נאָנט צו גראָכאָוו, אַ פאָרשטאָט פון ווארשא, רופט זיך אָפּ ר' איטשע מאיר צו זיינע מיטפאָרער: וואו וועלן זיך אצינד די חסידים אהינטאָן?

אויף דער דאָזיקער פיל זאָגענדיקער פראגע, האָט ר' שמואל שינאווער אַ זאָג געטאָן: איך האָב שוין אַ רבי...

ר' איטשע מאיר ווענדעט זיך צו ר' ברוך סטוטשינער און זאָגט: ברוך, די ביזט דאָך אַ מבין, אפשר וואָלסטו זיך אריבערגעכאַפּט קיין ליובאוויטש, צו זען צו ס'איז פאַראַן דאָרטן אַ מקום פאַר אונדז?

ר' ברוך סטוטשינער ענטפערט שאַרף און קורץ אויפן קאָצקער שטייגער. צו וואָס זאָלן מיר פאָרן ערגיץ אנדערשוואו, אז מיר האָבן דאָ אַ רבי, אַלע וועלן מיר קומען צו אייך...

אזוי האָבן די גרויסע און שאַרפע צוויי קאָצקער חסידים, אין אַ ווינטער־דיקע פראָסטיקע שבט נאַכט אריינפאָרנדיק אין דער פוילישער הויפט שטאָט ווארשא, באשטימט דעם גרויסן גאון און צדיק, דעם קדוש מרחם, און בלתי לה' לבדו ייד, רבי איטשע מאיר אלטר אלס רבי פון גרויסן קאָצקער עולם, דעם „דור דעה" פון יענער תקופה.

סוף פון ערשטן טייל

# דריי טויזנט יאָר ירושלים

אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני

„זאָל מיין רעכטע האַנט פּאַראַליזירט ווערן, אויב איך וועל דיך פאַרגעסן ירושלים... זאָל מיין גומען צוגעקלעפּט ווערן צו מיין צונג, אויב איך וועל דיך ניט געדענקען, אויב איך וועל דיך ניט דערמאָנען ירושלים די ערשטע אויף מיין שמחה" (תהלים, קל"ז).

די דאָזיקע הייליקע שבועה האָבן יידן הייליק געהאַלטן אין אַלע דורות, טאָג פאַר טאָג, נאַכט ביי נאַכט, האָבן יידן געטראָגן די הייליקע שטאָט אין זייער האַרצן און אויף זייערע ליפּן.

ווען אַ ייד איז דריי מאָל אַ טאָג זיך פאַרגאַנגען אין תפלה, מעריב, שחרית און מנחה, האָט ער מיט ציטער און מיט התלהבות געבעטן ביים באַשעפער פון דער וועלט:

ולירושלים עירך ברחמים תשוב

„קער זיך צוריק מיט רחמים קיין ירושלים, געפין דאָרטן דיין רו ווי דו האָסט אַליין צוגעזאָגט; בוי זי צוריק אויף, נאָך אין אונדזער צייט: פאַרוואַנדל זי אין אַן אייביקן דויערהאַפטיקן בנין. זאָל דודס טראָן צוריק אין איר אויפגעשטעלט ווערן. ברוך אתה ה' געלויבט ביסטו ג־ט, וועלכער בויט כסדר ירושלים".

און ווען אַ ייד האָט אָפּגעגעסן זיין מאָלצייט, סיי די רייך סערווירטע פעטע סעודה, און סיי אַ שטיקל טרוקן ברויט, האָט ער ווידער ביי ג־ט געבעטן:

רחם נא ה' אלקינו על ישראל עמך ועל ירושלים עירך.

האָב רחמנות שטאַרקער ג־ט אויף דיין פאָלק ישראל און אויף ירושלים דיין שטאָט. בוי צוריק אויף ירושלים די הייליקע שטאָט נאָך אין אונדזערע טעג. געלויבט ביסטו ג־ט וואָס בויט מיט רחמים ירושלים...

און ווער האָט געהאַט די זכיה צו זען ווען דער זיידע האָט זיך אויפגעהויבן אין די ווינטערדיקע נעכט אָפּצוריכטן חצות?

אין דרויסן בלאָזט א ווינט א קאַלטער, א שרעקלעכע כסלו נאכט,ביים ליכטל זיצט א ייד אן אלטער, פארוויינט און פארטראכט. ער וויינט און ער בענקט נאָך ציון וירושלים...

האָט א ייד געפראַוועט א שמחה, געפירט א קינד צו דער חופה, האָט מען ווידער דערמאָנט ירושלים די צעשטערטע, די חרוב געוואָרענע.

דער ייד האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון ירושלים ניט בייטאָג און ניט ביינאכט.

אויב ירושלים של מטה איז געווען חרוב, האָט ער זיך דערמאנט אין ירושלים של מעלה, ווייל אָן ירושלים קאָן דער ייד ניט אויסקומען.

ירושלים איז דער טבור הארץ, דער מיטל־פונקט פונם ערד־קוגל. ירושלים איז דאָס הארץ פון ישראל דער מדינה, און פון ישראל ג־טס פאָלק. ירושלים איז די נקודה הפנימית, דאָס פינטעלע פונם ייד.

אין דער ווייטער פארגאנגענהייט האָט דוד המלך זי אויפגעבויט און זיין זון שלמה האָט דאָס בית המקדש דאָרטן אויפגעשטעלט, און אין אלע דורות האָבן די געטלעכע נביאים מיט שטורעם און מיט התלהבות געלאָזט הערן זייערע שארפע נביאישע רייד קעגן רשעות און געצנדינערייי, קעגן רויב און אומרעכט, קעגן גזילה און קעגן שקלאפעריי.

און יידן גלויביקע, גלויבן באמונה שלימה אז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט דוד מלכא משיחא זיך באווייזן אין די טויערן פון ירושלים פון רוים וועט ער אויפגיין, און לאָזן הערן דאָס לעצטע וואָרט פון ענדגילטיקער באפרייונג, דאָס וואָרט פון אחרית הימים. און ירושלים וועט ווערן די מעטראָפּאָליע פון ישראל און פון דער גאנצער אויסגעלייזטער מענטשהייט...

דריי טויזנט יאָר ירושלים! די גאנצע וועלט האָט זיך געוואָרפן אויף איר, אלע האָבן זי געוואָלט איינעמען און באזיגן. זיי האָבן זי נאָר צייטווייליק אָקופּירט, אָבער ירושלים איז געבליבן הייליק.

נבוכדנצר האָט חרוב געמאכט דאָס ערשטע בית־המקדש, דאן האָבן די רוימער באזיגט ירושלים און זי משנה השם געווען אויף „עילא קאפּיטאלינא" און חרוב געמאכט דאָס בית המקדש. שפּעטער האָבן זי פארנומען די מאכמעדאנער און דאן די קריסטלעכע נוסעי הצלב (קרייץ־פאָרער) אינם יאָר 1099. שפּעטער צוריק די מאכמעדאנער, אזוי האָבן זיך די רעליגיעזע וועלט־מאכטן געראנגלט איבער דער הייליקער שטאָט...

ירושלים של מטה האָבן זיי געקאָנט צייטווייליק באזיגן, אָבער

ירושלים של מעלה איז פארבליבן אומבארירבאר, אומשולדיק און הייליק. יידן האָבן געטראָגן ירושלים טיף אין הארצן און קיין אומה ולשון האָט זי ניט געקאָנט ארויסרייסן פון דאָרטן...

רוים און ירושלים — דער סימבאָל פון אייביקן קאמף צווישן עשיו און יעקב און מעקא און ירושלים, דער אייביקער קאמף צווישן ישמעאל און יצחק...

אויב ביי די מאכמעדאנער איז ירושלים א צווייט־ראנגיקע הייליקע שטאָט, ווייל איר הויפּט־שטאָט איז מעקא, איז ירושלים ביים יידן די ערשטע און די הייליקסטע שטאָט אין דער וועלט!

אויב ביי די קריסטן איז ירושלים א צווייט־ראנגיקע שטאָט, ווייל איר הויפּט אָרט איז דער וואטיקאן אין רוים, איז ירושלים דאָס הארץ פון ישראל, די קרוין פון אונדזער קאָפּ און דאָס הויפּט אָרט פון דער שכינה!

ירושלים איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין דער וועלט. שוין אין חומש בראשית דערציילט די תורה, אז אברהם אבינו האָט זיך באגעגנט מיט מלכי צדק מלך שלם. דער מדרש זאָגט, אז מלכי צדק איז געווען שם דער זון פון נח און דער תרגום אונקלוס פארטייטשט מלך שלם, מלכא דירושלם, דער זון פון נח איז שוין געווען מלך אין ירושלים.

ירושלים האָט באקומען פיל יידישע נעמען. עיר הצדק, די שטאָט פון גערעכטיקייט: עיר הנביאים, די שטאָט פון די נביאים; עיר הקודש, די הייליקע שטאָט.

און די אלע נעמען זיינען ניט סותר איינער דעם אנדערן, ווייל די נביאים האָבן געלערנט, געמאָנט און געפאָדערט פון ירושלים צו דער גאנצער וועלט גערעכטיקייט און הייליקייט, צדק, אמת און יושר.

דער בלוטיקער און זיגרייכער קאמף פון די חשמונאים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין און ארום ירושלים.

די יונים זיינען אריין אין היכל און פאראומרייניקט אלע אוילן. זיי האָבן ניט געוואָלט צעברעכן די מנורה ווי די בבליים און די רוימער. זיי האָבן בלויז מטמא געווען דאָס יידישע הארץ... זיי האָבן נאָר געוואָלט אסימילירן דעם יידן, א ייד א היברו מיט דער גריכישער קולטור...

אָבער די חשמונאים האָבן זייערע שמד־שטיק באזיגט...

ביזן היינטיקן טאָג איז ירושלים א ציל־ברעט פון די וועלט־מאכטן.

אלט־ירושלים, דער הייליקסטער ווינקל פון דער ערד, דאָרט וואו דאָס בית המקדש איז געשטאנען, איז עד היום אָקופּירט פון די אראבער,

און עבר־הירדן טשעפּעט זיך כסדר און ווארפט אלץ פאררעטערישע בליקן צו דער יידישער זייט, צו נײ־ירושלים.

די קריסטלעכע וועלט האָט אין ירושלים קברים, פאָדערט זי אויך ירושה.

דער יסוד פון זייער אמונה איז, אז ישו הנוצרי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין קבר און איז אוועק אין הימל אריין. אויב אזוי, איז דאָך זיין קבר ליידיק, וואָס פאר א תביעה האָבן זיי ווידער צו ירושלים?

דאָס קאַפּיטל „ירושלים" ווייזט אויס איז נאָך לאנג ניט פארענדיקט... עס וועט נאָך זיין צו זינגען און צו זאָגן. ווער וועט האָבן דאָס לעצטע וואָרט ארום ירושלים? די שווערד? די יונייטעד נעישאָנס? די אראבישע ארמייען? די יידישע חיילות? אָדער משיח בן דוד?..

דער רעליגיעזער ייד, דער אמתער מאמין, דער ייד וועלכער האָט דריי טויזנט יאָר געטראָגן ירושלים אין זיין הארצן, געבענקט און געוויינט, געבעטן רחמים צום באשעפער פון דער וועלט: ובנה ירושלים עיר הקודש במהרה בימינו — דער גלויבט און איז פעסט איבערצייגט, אז אלע שונאים און פיינט וועלן זיך צעפאלן, זיי וועלן צעשמאָלצן ווערן ווי א האָגל נאָכן זון־אויפגאנג, און גאנץ ירושלים וועט ווערן צוריק די הויפּט שטאָט פון ישראל, די שטאָט פון גערעכטיקייט, די שטאָט פון די נביאים, די אייביקע שטאָט ירושלים...

ב

הארץ קראנקהייט

רבי יהודה הלוי, געבוירן אין טאָלעדאָ, שפּאניע, ביים סוף פונם 11טן יאָרהונדערט, נפטר געוואָרן אין ארץ ישראל, אינם יאָר 1140; גרויסער דיכטער, פילאָזאָף און דענקער אין מיטלאלטער, זאָגט אין זיין בארימטן ספר "הכוזרי", אז ישראל איז דאָס הארץ פון דער גאנצער מענטשהייט, דעריבער ליידן יידן מער ווי אלע פעלקער, פונקט ווי דאָס הארץ ליידט מער ווי אלע אנדערע גלידער.

ארץ־ישראל איז דאָס הייליקסטע לאנד פון אלע לענדער, דעריבער טשעפּעט מען זיך און מען רייצט זיך מיט איר מער ווי מיט אנדערע לענדער. זיי פארגינען ניט דעם געפּלאָגטן פאָלק ישראל זיין קליין לאנד ארץ־ישראל.

עגיפּטנס שטח איז אזוי גרויס ווי דריי הונדערט מיט זעכציק טויזנט און הונדערט אכט און ניינציק סקווער מייל און זעט א בייז־וואונדער: גאנץ ארץ־ישראל — דאָס היינטיקע — האָט ניט מער ווי אכט טויזנט, אכט הונדערט מיט פערציק סקווער מייל... ברוגזן זיך די עגיפּטער און קאָנען ניט רוען, זיי העצען און פּראָוואצירן קעגן ישראל צוליב א שטיקל קיינעמס לאנד ארום עזה...

איך שטרייך אונטער דאָס היינטיקע ארץ־ישראל, ווייל דאָס אלטע היסטאָרישע ארץ־ישראל איז געווען פיל גרעסער.

עבר הירדן מיט פיר און דרייסיק טויזנט זיבן הונדערט און פופציק סקווער מייל, האָט אמאָל געהערט צו ארץ־ישראל. עבר הירדן איז אייגנטלעך געווען פריער יידיש ווי ארץ ישראל... ווייל ווי דער חומש במדבר (ל״ב, א׳) דערציילט אונדז, האָבן צוויי און א האלב שבטים שוין באזעצט עבר הירדן נאָך איידער די יידן זיינען אריבער דעם טייך ירדן...

נאָך ביי מֹשֶה רבינוס לעבן, האָבן זיך שוין דאָרטן באזעצט שבט ראובן, שבט גד און האלב שבט מנשה... און שפּעטער האָט ערשט יהושע, זיין נאָכפאָלגער, איינגענומען און צעטיילט ארץ־ישראל צו די איבעריקע שבטים.

אצינד אלט־ירושלים, חברון, יריחו, בית לחם און פיל אנדערע היסטאָרישע פּונקטן, וועלכע האָבן געשפּילט א גרויסע ראָל אינם יידישן לעבן.

עס וועט זיין אינטערעסאנט פאר אונדזערע לייענער צו וויסן, אז סיריע, מיט זעכציק טויזנט סקייער מייל צו צפון פון ארץ־ישראל, האָט אין די צייטן פון דוד המלך געהערט צו ארץ־ישראל.

אין די צייטן פון תנ״ך איז סיריע באשטאנען פון פארשיידענע לענדער, ווי ארם, צור און צידון. עס האָט געהאט אין א געוויסער מאָס אויך א הייליקייט, כמעט ווי ארץ־ישראל.

די גמרא (גיטין, ח׳) זאָגט: „הקונה שדה בסוריא, כקונה בפרוארי ירושלים״, ווען אימעצער קויפט א פעלד אין סיריע, איז פּונקט אזוי חשוב ווי ער וואָלט געקויפט א פעלד אין א פאָרשטאָט פון ירושלים...

אין איינעם פון מיינע לעצטע ארטיקלען האָב איך אָנגעוויזן אז יידן זיינען א קליין פאָלק, „כי אתם המעט מכל העמים״. אויך ארץ־ישראל איז א קליין לאנד, קלענער כמעט ווי אלע לענדער אין מיטעלן מזרח.

פונקט ווי דאָס הארץ איז קלענער ווי די הענט און פיס, ווי דער קאָפּ און די לונג און לעבער, אָבער דאָך שפּילט דאָס הארץ די וויכטיקסטע ראָל אינם לעבן פונם קערפּער. ווי עס זאָגט ריכטיק דער גרויסער דיכטער און רעליגיעזער דענקער און פילאָזאָף רבי יהודה הלוי ז״ל.

ג

פשרות לטובת שלום

די יונייטעד פּרעס פונם 15טן נאָוועמבער 1955 האָט צעטראָגן א ידיעה פון לאָנדאָן צו אלע פיר עקן פון דער וועלט, אז דער פּרעמיער מיניסטער פון גרויס בריטאניע, סער אנטאָני אידען, האָט געזאָגט: „דער אמת איז, אז אויב די דאָזיקע לענדער (ישראל און די אראבישע, מ. ש.) ווילן פרידן, מוזן זיי איינגיין אויף פשרות אין זייער שטעלונג״.

דאָס זאָל אויך זיין, ווי אנטאָני אידען האָט געזאָגט, די שטעלונג פון אמעריקע, ווי עס האָט עס פאָרמולירט פּרעזידענט אייזענהאוער דעם 9טן נאָוועמבער, 1955.

פון אויבנאויף, קען עס אויסזען צו זיין ריכטיק. ווען צוויי צדדים אמפּערן זיך און קאָנען ניט דורכקומען, מוז איינער אָדער ביידע, אויב זיי ווילן שלום, זיין נאָכגעביק. זיי מוזן מוותר זיין, נאָכלאָזן...

באטראכט מען אָבער דעם ענין טיפער, זעט מען אז זייערע רייד, סיי אנטאָני אידענס און סיי פּרעזידענט אייזענהאוערס, האָבן ניט קיין שום ממשות אין זיך.

וואָס הייסט א פשרה, אָדער א קאָמפּראָמיס אין דעם פּרט פונם סיכסוך צווישן די אראבישע לענדער און ישראל?

עס האנדלט זיך דאָך אין טעריטאָריע, אין שטחים לאנד. וואָס קאָן דאָ ישראל נאָכלאָזן, אין דער צייט ווען זי איז סיי ווי באעוולהט פון קאָפּ ביז די פיס?!...

ירושלים איז צעטיילט חברון, בית לחם און יריחו, די גרעסטע שטחים פון אלט ארץ־ישראל איז צוגעטיילט געוואָרן צו עבר הירדן. דער גאנצער עזה פּאס דארף געהערן צו ישראל!

און אצינד קומט די הויפּט־פראגע פונם אָנגעווייטיקטן פּראָבלעם: אלע אראבישע פעלקער און מדינות, ווי צעריסן און צעפּליקט זיי זאָלן ניט זיין צווישן זיך, זיינען זיי דאָך געאייניקט אין איין כוונה: צו פארניכטן

גאנץ ישׂראל, אָדער ווי זיי זאָגן עס מיט זייער לשון, אריינצושטופּן די ישׂראלים אין ים אריין.

ווי אזוי איז דאָ מעגלעך א פּשרה? די אראבישע לענדער האָבן ריזיקע שטחים: מצרים 386,198 סקווער מייל; עבר הירדן, 34,750 סקווער מייל; סיריע, 60,000 סקווער מייל (איך רעכן נאָר די מדינות וועלכע זוכן טעריטאָריעלע הנחות און פּשרות) און ישׂראל האָט נאָר היינט צו טאָג אכט טויזנט אכט און פערציק סקווער מייל.

פעלן דען שטחים אין די מדבר געגנטן פון מצרים, עבר הירדן און סיריע?

פארשטייען טאקע פּרעזידענט אייזענהאַוער און סער אַנטאָני אידען, דער פּרעמיער מיניסטער פון גרויס בריטאניע, וועלכע רעגירן איבער מיליאָנען סקווער מייל — די פאראייניקטע־שטאטן דריי מיליאָן זעקס און צוואנציק טויזנט מיט זיבן הונדערט ניין און ניינציק (3,026,799) סקווער מייל, און גרויס בריטאניע אכט און פופציק טויזנט דריי הונדערט און פערציק סקווער מייל, בלויז אין ענגלאנד אליין, א חוץ איר אימפּעריע אויף אלע קאָנטינענטן — ווי אזוי קאָנען זיי פארשטיין אז ישׂראל דארף נאָכגעבן טעריטאָריעלע הנחות און איינגיין אויף פּשרות?

ישׂראל, דאָס קליינע אָפּגעבערקלטע, ענגע לענדל דארף מסכּים זיין אויף פּשרות;!! נו, און אז ישׂראל וועט שוין מסכּים זיין (באין ברירה) אויף א פּשרה ארום דעם עזה פּאַס, וועלן שוין די אראבישע לענדער זיין צופרידן? מאָרגן וועט קומען סיריע און איבערמאָרגן עבר הירדן, און אין א וואָך שפּעטער לבנון, אלע וועלן זיי האָבן טעריטאָריעלע פאָדערונגען. און צוליב שלום וועגן מוז מען דאָך דאָכגעבן... ישׂראל וועט אלץ האלטן אין איין נאָכגעבן און אָפּרייסן שטיקער שטחים פון די אזוי אויך געקריוו־דעטע 8,048 סקווער מייל... ווי זאָגט אנטאָני אידען: אויב מ׳וויל שלום, מוז מען נאָכגעבן...

און אצינד וואָס הערט זיך מיט די אראבישע פּליטים, וואָס זיינען אנטלאָפן פון ארץ־ישׂראל?

די אראבישע פירער האָבן זיי געציילט אין א קיילעכדיקן ציפער פון „איין מיליאָן". וועט זיך דער סיכסוך פארשלעפּן נאָך עטלעכע יאָר, וועט זייער צאָל וואקסן צו אנדערהאלבן מיליאָן (ווייל די אראבער מערן זיך, כידוע, מער ווי די „מאָדערנע" ישׂראלים...). די אראבישע פירער פאר־לאנגען אז די ישׂראל גרעניצן זאָלן זיך עפענען פאר אָט די פּליטים.

ישראל ראנגלט זיך אליין מיט אירע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען: שפּייז, ארבעט, דירות, באקליידונג. אצינד ווען עס זאָלן צוקומען נאָך פוילע, ניט־ארבעטזאמע מענטשן, חוץ וואָס זיי זיינען שונאים פון ישראל, ווי אזוי זשע וועט זיך די ישראל רעגירונג מיט די אלע שוועריקייטן אן עצה געבן?

צי האָבן דאָס אנטאָני אידען און פּרעזידענט אייזענהאַוער גענומען אין באטראכט, ווען זיי האָבן אזוי שיין און וואויל פאָרמולירט זייערע באמערקונגען: „ווי קאָן עמיצער דענקען, אז עס איז מעגלעך א פרידלעכע לייזונג פון ביידע צדדים ניט איינצוגיין אויף א קאָמפּראָמיס?"

און אנטאָני אידען האָט אויך מבטיח געווען אז דאָס איז די שטעלונג פון פּרעזידענט אייזנהאַוער, לויט ווי זי איז פאָרמולירט געוואָרן דעם 9טן נאָוועמבער 1955.

אצינד וואו איז די פּאָליטישע צעמישונג און צעטומלונג, ווען אויף א באַפעלקערונג פון איין און דריי־פערטל מיליאָן, ווי ישראל די מדינה ציילט אצינד, וועלן צוקומען א מיליאָן פרעמדע און שונאים?..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז לאנג ניט דאָס זעלבע ווען ענגלאנד אָדער פראנקרייך גייען איין אויף פּשרות אין זייערע פּראָטעקטאָראטן און אָקופּירטע לענדער אויף פרעמדע קאָנטינענטן, זיי האָבן פון וואָס ארונטערצולאָזן, עס פארבלייבט אלץ פאר זיי אליין גענוג עס זאָל רינען איבערן מויל...

אָבער דאָס קליינע לאנד ישראל. וואָס איז שוין אזוי אויך גענוג „באארבעט" זאָלן אירע פירער זיך נאָך דארפן זעצן ביים טיש און גרייט זיין אויף קאָמפּראָמיסן?... אויף טריטאָריעלע פּשרות?..

ד

## וחסד לאומים חטאת

„גערעכטיקייט דערהויבט א פאָלק, אָבער פארלאָזן זיך אויף זייער חסד איז אן אומזין" (משלי, י"ד, ל"ד).

מיר הערן א גוט וואָרט פון דעם אָדער פון יענעם מלוכה־מאן. וואָס דערהויבענער עס איז יענער שטאטסמאן, אלץ חשובער זיינען זיינע רייד.

דערקלערונגען לטובת ישראל זיינען תמיד געוואונטשן, אָבער צופיל פארלאָזן זיך אויף זיי איז א זינד און אן אומזין.

זייט מדינת ישראל איז געוואָרן א לעבעדיקער פאקט, האָבן זיך שוין געביטן און האלטן זיך אין איין וועקסלען קעניגער און פרעזידענטן, פּרעמיערן און אויסלענדישע מיניסטאָרן.

דער קעניג (שאך) פון איראן איז געגאנגען און צוריקגעקומען, דער קעניג פון מצרים איז אראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין טראָן, טרומאנס טערמין האָט זיך געענדיקט און ס'איז געקומען אייזנהאוער אא״וו. אלע זייערע צוזאָגעכצן, כאָטש מיר צווייפלען ניט אין זייער אויפריכטיקייט און אין זייערע גוטע כוונות, האָבן זיי פאר אונדז ניט קיין דויערהאפטן ווערט.

די פּאָליטישע קאָניוקטורן ענדערן זיך כסדר, דאָס וואָס סאָוועטן רוסלאנד רייסט זיך אריין אין טיפערן אזיע, דאָס ווערן מחותנים מיט אינדיע און מיט די אראבישע לענדער, געווינלעך צוליב מסחר און סתם גוט־ברודערשאפט, דאָס האָט דערשראָקן די מערב מלוכות.

איך וועל גאָר ניט זיין איבערראשט צו הערן היינט מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, אז די מערב מלוכות וועלן אויך צושטעלן וואָפן צו די אראבער פאר א ביליקן פרייז...

נו, און ישראל? זיי וועלן ישראל אויך פאַרקויפן געווער. זיי זיינען דעמאָקראטיש, זיי וועלן ניט דיסקרימינירן חס ושלום קיינעם. ישראל וועלן זיי פארקויפן למשל צען דזשעט עראָפּלאנען, און איטלעכן פון די אראבישע לענדער אויך צו צען עראָפּלאנען. מצרים, סיריע, עבר הירדן, לבנון, איראק, סאודי־אראביע און תימן — איטלעכן נאָר צו צען...

קיין דיסקרימינאציע איז עס ניט עס איז אָבער לעכערלעך און א גרויסער אומזין... ווייל די אלע אויבן־אויסגערעכנטע אראבישע לענדער, כאָטש זיי האָבן איטלעכע זייערע אייגענע אינטערעסן, זיינען זיי אָבער אלע פאראייניקט אין איין מארש קעגן מדינת ישראל.

מיר קאָנען זיך אויף דעם חסד פון די וועלט־פּריצים ניט פארלאָזן...

קיינעם בין איך דאָ ניט דירעקט חושד אין שנאה צו ישראל. אלע האָבן זיי „גוטע״ תירוצים. ס'איז פשוט מסחר... טשעכאָסלאָוואקיע איז א דלפנישע מדינה. זי דארף אמעריקאנער דאָלארן. נו, האָט אמעריקע געגעבן סאודי אראביע געלד, און זי האָט געטאָן א גמילות חסד צו עגיפּטן, און דער וואפן אָפּמאך מיט טשעכאָסלאָוואקיע איז גישלאָסן געוואָרן...

ווי איר זעט, איז דאָ גאָלע „מצוות״ אין דעם „דיעל״.

רוסלאנד האָט פאר זיך אַן אָפּענעם קאָנטינענט, פּארוואָס זאָל זי ניט פּרואוון דאָס מזל?... פּרואווט זי טאקע. אירע קארפּן־קעפּ כאַפּן זיך אריבער קיין אינדיע „גוט יום־טוב ביטן", בולגאנין און כרושטשעוו ווערן מיטאמאָל פרומע לייט. זיי טוען אויס זייערע שיך ווען זיי באטרעטן גאנדהיס הייליקן מאָנומענט אָדער שריין... איטלעכער האָט זיך זיינע חשבונות.

די וועסט, די מערב מלוכות טוען זייער ארבעט און זאָרגן זיך פאר ישראל זייער וויניק...

קומט אויס אז ישראל דארף זיך אויף די וועלט־פּריצים גאָר ניט פארלאָזן: „וחסד לאומים חטאת".

ישראל האָט אָבער אויף וועמען זיך צו פארלאָזן, אין זיין הבטחה האָבן מיר צוטרוי. קוקט אריין אין דער לעצטער משנה פון סוטה. איך בין אייך מבטיח אז עס וועט אייך גאָרניט פארשאטן, דאָרט רעדט זיך וועגן משיחס צייטן, דאָרטן איז די פראגע ריכטיק אוועקגעשטעלט געוואָרן:

על מי לנו להשען?־ על אבינו שבשמים!

יידן דארפן זיך נאָר פארלאָזן אויף אונדזער פאָטער אין הימל. ער וועט צונישט מאכן אלע זייערע פּלענער. מיט די ניי־געקויפטע וואפן וועלן זיי מלחמה האלטן צווישן זיך און איינער וועט פארצערן דעם צווייטן. ישראל וועט אָבער ווידער ארויס דער זיגער.

אלה ברכב ואלה בסוסים ואנחנו בשם ה׳ אלקנו נזכיר.

מעגן אלע שונאים קומען מיט רייטוועגענער און מיט קאנאָנען, מיר אָבער וועלן קומען מיט ג־טס נאָמען...

המה כרעו ונפלו ואנחנו קמנו ונתעודד (תהלים, כ׳).

## ה

## פון וויניפּעג קיין ארץ ישראל

ווען איר קומט אויפן אינטערנאציאָנאלן פלי־פעלד אין ניו־יאָרק, זעט איר מיט אייערע אויגן אַ דור הפלגה. מענטשן פון פארשיידענע קאָלירן: ווייסע און שווארצע, ברוינע און געלע; איר הערט א סך פארשיידענע שפּראכן מיט פארשיידענע דיאלעקטן. טויזנטער מענטשן ווארטן אויפן אָפּפלי פון זייערע עראָפּלאנען צו זייערע פארשיידענע לענדער און קאָנטינענטן.

די היים־זיצערס זיינען זיכער אז נאָר נגידים און פאַרמעגלעכע קאָנען זיך דערלויבן צו פאָרן מיט אן עראָפּלאַן. דער אמת איז, אז איר טרעפט זיך מיט נגידים און קבצנים, מיט פאַבריקאַנטן און אַרבעטער, מיט ווייסע און מיט שוואַרצע, פּיצלעך קינדער און דערוואַקסענע — אַלע יאָגן זיך און איילן זיך, און ווילן אָנקומען צו זייער ציל וואָס גיכער.

אן עראָפּלאַן קיין דרום אַמעריקע האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף א שעה צייט, טומלען די פּאַסאַזשירן. זיי ריידן מיט טעמפּעראַמענט, זיי שרייען, מאַכן ניט־קאָנטראָלירטע באַוועגונגען מיט אַלע זייערע אבֿרים, ממש ווי אויף א יאַריד.

מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען מען האָט געלייגט די באַן־ליניע פון וואַרשע קיין לובלין, זיינען חסידים אַריינגעגאַנגען צום קאָצקער רבין זצ״ל און אים מיט שמחה דערציילט, אז באַלד וועט אויך אַרום קאָצק זיין א באַן־ליניע. פרעגט דער רבי, וואָס איז דאָס פאַר א שמחה? ענטפערן די חסידים: רבי, פון קאָצק קיין וואַרשע דאַרף מען פאָרן א גאַנצע נאַכט. אַצינד מיט דער באַן וועט מען קאָנען פאָרן קיין וואַרשע אין משך פון א דריי־פיר שעה. פרעגט דער רבי, צו וואָס איילן זיך מענטשן אַזוי? וואָס וועלן זיי פאַרשפּעטיקן ווען זיי וועלן אָנקומען קיין וואַרשע מיט עטלעכע שעה שפּעטער?... נאָך איז מיר קשה, האָט דער רבי געזאָגט, ווי אַזוי קאָן מען עס אָנטרויען טויזנטער נפשות אין די הענט פון איין שגץ?...

אָט דער זאָג פון יענעם שאַרפן רבין, האָט זיך מיר דערמאָנט דערנעענטערנדיק זיך צום עראָפּלאַן. מ׳האַלט זיך אין איין יאָגן און מ׳גיט זיך איבער אין די הענט פון א פּילאָט...

איך דערזע דאָס ערשטע מאָל א יידישן עראָפּלאַן — על־על. מ׳פילט זיך דערהויבן און באַגייסטערט. דאָס נאַציאָנאַלע געפיל הויבט אָן שטייגן. יידישע באַאַמטע אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פלי־פעלד. איר קאָנט מיט זיי ריידן יידיש, העברעאיש און אפילו ענגליש אויך... זיי זיינען שטרענגער ווי אָנגעשטעלטע אויף אַנדערע עראָפּלאַנען. זייערע חומרות און שטרענגע געזעצן רופן אַרויס אַביסל פאַרדרוס. פאַר אן איבעריקן פונט באַגאַזש פאַרלאַנגען זיי פון דריי ביז פיר דאָלאַר. דער עולם איז אַביסעלע אַנטוישט. אָבער באַלד פאַרשווינדט דער כעס. די שטימונג ווערט צוריק וואַרימער, יידן זיינען פאָרט ניט קיין גזלנים, מ׳קומט מיט זיי דורך...




הרב מאיר שוואַרצמאַן שטייגט איין אין אל־על עראָפּלאַן פאָרנדיק קיין ישראל.

„נתיבי אויר לישראל אל־על", לופט וועגן קיין ישראל מיט א ווייס־בלויען עראָפּלאַן, מיט יידישע אותיות צווישן פארשיידענע עראָפּלאַנען, וועלכע גייען אָפּ קיין בעלגיע, סקאנדינאוויע, ענגלאנד, פראנקרייך, אפריקע, דרום אמעריקע — דאָס דערפרייט אביסל דעם יידישן פאָרער.

רבנים ווערן ארויסגעפירט באַזונדער. מען לאָזט זיי וויסן, אַז אַלע שפייזן זיינען צוגעשטעלט געוואָרן פונם באקאנטן אָרטאָדאָקסישן באַרימטן רעסטאָראַן „שרייבער", פון ניו יאָרק. כשרע מילך, פוטער און קעז; פלייש פון דער סאטמארער שחיטה, אזוי אז די פרומסטע יידן קאָנען עסן אָן חשש.

פאָטאָגראַפערס ארבעטן מעשים. נעמען בילדער פון די רבנים און פון דעם גרויסן עולם וואָס קומט באגלייטן די פאסאזשירן פון אל־על. מיט א פארשפעטיקונג פון ארום 45 מינוט, שטייגן מיר אלע אריין אינם אל־על עראָפּלאַן.

ברכות און גוטע וואונטשן: שלום און דער עיקר „העוו א נייס טריפּ", באגלייטן אונדז פון אלע זייטן. דער יידישער עראָפּלאַן באוויזט וואָס ער קאָן, ער דערהויבט זיך איבערן נאציאָנאלן פלי־פעלד ענערגיש, און אָט זיינען מיר שוין צווישן הימל און וואסער.

אלע מיטפאָרערס זיינען יידן, און ניט סתם יידן, נאָר רבנים, רביים, אָרטאָדאָקסישע בעלי־בתים, רביצינס און פרומע יידישע טעכטער, וועלכע זאָגן צוזאמען תפילת הדרך, דער וועג זאָל זיין לחיים ולשלום.

אונדזער ערשטער „סטאפּ" האָט געדאַרפט זיין גאַנדער, ניו־פאונדלענד. צוליבן נעפּל, האָבן מיר אָבער געלאַנדעט אין אונדזער סידני, נאָוואַ־סקאָשאַ. די באַאַמטע פון יענעם פלי־פעלד, האָבן דאָס ערשטע מאָל געזען אַזעלכע שטייגער פּאַסאַזשירן, יידן מיט בערד און פיאות, פרויען מיט שייטלען, יידן זיינען יידן אפילו ווען זיי לאָזן זיך אַרויס אין אַן עראָפּלאַן, פאַרזאַמלען זיך אַלע 60 פּאַסאַזשירן אינם גרויסן וואַרט־זאַל און מען דאַוונט מנחה בציבור...

טעלעכע נאָוואַ סקאָשער יידן קומען מקבל פּנים זיין, און זיי ווינטשן זיך צו האָבן איטלעכן טאָג אין דער וואָך אַזאַ שטייגער מנין צו אַ וואָכעדיקער מנחה....

וועטשערע צייט. יידן, כידוע, כאַפּן זיך ניט באַלד צו דער אכילה. קודם־כל וואַשט מען זיך צום עסן און מען באַטראַכט די כשרע מאכלים, געפּאַקט מיט אַ הכשר. אַ חסידישער יונגערמאַן כאַפּט אָבער באַלד אַ שאלה אויף אַ טשיקן... ער זאָגט צו די רבנים, אַז לדעתו טאָר מען די טשיקן ניט עסן, ווייל זיי האָבן ניט מער ווי צו איין פיסל, און אַז עוף מיט איין פיסל איז טריפה... (געמיינט אַ קליינע פּאָרציע).

דער עולם צעלאַכט זיך פונם שאַרפן וויץ און מען צעזינגט זיך מיט התלהבות. הרב דזשעיקאָבסאָן, פון באָסטאָן, זינגט „משיח קום", אַנדערע זינגען „שבח נותנים לו". מען בענטשט מזומן ווי יידן, אַ יונג מיידל נעמט אַרויס אַ בענטשערל פון איר האַנטבייטל און בענטשט מיט... די סביבה איז אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע.

נאָך וועטשערע דאַוונט מען מעריב מי״ט אַ מנין, טויזנט פוס איבערן אַטלאַנטיק, שרייען יידן שמע ישראל, און ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים. טרערן רינען פון די אויגן ווען מען דערמאָנט זיך אַז אָט היינט־מאָרגן וועלן מיר דערגרייכן די ברעגן פון ישראל.

אַלע דאַוונען מיט אַ גאַנץ באַזונדער באַגייסטערונג, מענער און פרויען יונג און אַלט, ממש ווי דוד המלך האָט געזונגען „בחורים וגם בתולות, זקנים עם נערים יהללו את שם ה׳ — בחורים און יונגע פרויען, אַלטע און יונגע, וועלן לויבן גאָטס נאָמען"...

(ירושלים, ח״י סיון)

ו

# צווישן הימל און ערד

דער אל־על לאָזט זיך אראָפּ אויפן סאנטא מאריא פלי־פעלד. סאנטא מאריא געפינט זיך אין די אזאָרן אינדזלען, וועלכע געהערן צו פּאָרטוגאל. פאר הונדערטער יאָרן האָבן דאָרטן אַמאָל געלעבט רייכע יידן. דאָס איז געווען די גאָלדענע שפּאניש־פּאָרטוגעזישע עפּאָכע. דער מיטלאלטער האָט זיך אָנגעהויבן מיט גלאנץ און פּראכט, מיט רייכטום און גייסטיקע הויכע דערגרייכונגען, און אויסגעלאָזט זיך מיט דעם באקאנטן גירוש, ווען מען האָט אלע יידן ארויסגעטריבן פון יענע מקומות און די איבערגעבליבענע אנוסים (באהאלטענע יידן) געברענט און געבראָטן אויף שייטערהויפנס און אויטאָ־דאפעס. פּונקט ווי דער גורל פונם אייראָפּעישן יידנטום, אזוי האָט זיך געענדיקט דער גורל פון יענע ספרדישע יידן.

סאנטא מאריא איז ניט קיין שטאָט נאָר איינע פון פיל אינדזלען. מען דערפילט באלד דעם שטרענגען קאטוילישן גייסט. דער ווארט־זאל אויפן פלי־פעלד איז פול מיט אזעלכע „סטענדס" וואָס פארקויפן סואווענירס און מתנות, אָבער על פּי רוב זיינען עס צלמים און קאטוילישע סימבאָלן. פון אונדזערע מיטרייזנדע האָבן זיך ניט געפונען קיין קונים און בעלנים אויף אזעלכע שטייגער „אנטיקן". יידן זיינען אן עם קשה עורף, דורך פייער און וואסער, דורך צרות און ביז צום טויט פארפייניקונג, האָבן זיי געוואנדערט פון לאנד צו לאנד און האָבן בשום אופן אין דער וועלט ניט געוואָלט אנערקענען דעם געקרייצטן פון נצרת.

נאָך א צוויי שעהדיקן אויפהאלט דערהויבן מיר זיך ווידער. אלס קעגנווירקונג, אָפּצוואווישן די שפּורן פונם קאטוילישן איינפלוס פון יענעם פּאָרטוגעזישן אינדזל, שטעלט זיך דער עולם דאווענען שחרית בציבור. די מענער פאסאזשירן לייגן טלית און תפילין, מען דאַוונט מיט התלהבות, מען זאָגט שמע ישראל און קדושה צווישן הימל און וואסער. דער אל־על ווערט פארוואנדלט אין א בית המדרש, אפילו פרויען כאפּן זיך צום סידור, און אויב איך מאך ניט קיין טעות, האָבן אויך די דינער און די פּילאָטן מיטגעזאָגט קדוש, קדוש, קדוש, ה' צבאות...

מיר קומען אָן קיין לאָנדאָן. ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, איז דער לאָנדאָנער פלי־פעלד איינער פון די גרעסטע פון גאנץ אייראָפּע. דער

לאַנדאָנער ראבינאט שיקט ארויס א ספּעציעלן מאן אונדז צו באגריסן. ער קומט ניט מיט ליידיקן, ער ברענגט כשרע שפּייז, מילך מיטן הכשר פונם ראבינאט, זיס־געבעקס, עפּל, אראַנזשען און זיסע געטראנקען.

אויפן לאָנדאָנער פלי־פעלד נעמען ניט די באאמטע קיין אמעריקאנער קופערנע מטבעות. איך גיי צו צום טשיף און פרעג אים, היתכן? ענגלאנד דרינגט אריין אין די טיפענישן פון אפריקע, אזיע און וואו ניט? זי זוכט דאָרטן אויך קופער, און דאָ ברענגען מיר אמעריקאנער קופער און איר ווילט עס ניט נעמען?

ווי דער שטייגער, איז דער ענגלענדער קאלט, קלוג און איינגעהאלטן. ער שמייכלט און ענטפערט אָבער ניט אויף מיין באמערקונג...

אָט פאָרן מיר איבער רוים. מיר זען די אלטע יחסנדיקע רוים, די אמאָליקע הערשערין איבער לענדער און מדינות; אָט זען מיר וואולקאנישע בערג מיט אָפענע מיילער, וועלכע שפּייען פון צייט צו צייט מיט פייער און פארניכטן דערפער און ישובים, וואָס ליגן אין דער סביבה.

רוים דערוועקט אין מיר טרויעריקע קאפּיטלען אין דער יידישער געשיכטע: טיטוס הרשע האָט חרוב געמאכט דעם בית המקדש, געפאנגען גענומען די בעסטע און שטארקסטע יידישע בחורים און אָקופּירט דאָס יידישע לאנד אויף הונדערטער יאָרן: אצינד דאָס קאטוילישע רוים, וואָס האָט יידן פארביטערט און געפּייניקט, געברענט און געבראָטן אין משך פון דור־דורות לאנג.

אטען. אָט קומען מיר אָן אין דער גריכישער הויפּט־שטאָט אטען. די וועלכע האָבן אמאָל געלערנט גמרא, דארפן געדענקען די סבי דבי אתונא, די אלטע חכמים פון אטען, וועלכע האָבן דיסקוטירט מיט די חכמי התלמוד. די גריכישע קולטור פּילט זיך ביים פלי־פעלד. א גרויסע קינסטלערישע מאפּע הענגט אויף דער וואנט פונם ווארטא־זאל אין אטען, יעדער אינדזל איז באצייכנט מיט די פיל געטער און פילאָזאָפישע פיגורן.

יידן ווערן אָבער ניט נתפעל. מען שטעלט זיך אוועק אין סאמע מיטן פון דעם פלי־פעלד ווארט־זאל און מען דאוונט מעריב בציבור. די גריכן זען דאָס ערשטע מאָל אזעלכע שטייגער יידן מיט אזא שטייגער דאוונען...

אָט קומען אָן אנדערע עראָפּלאנען, פון דער שווייץ, פון די סקאנדינאווישע לענדער, און אָט קומט אָן אן אביסינישער עראָפּלאן מיטן לייב פון יהודה.

די זילבערנע לבנה באגלייט אונדזער אל־על, ווייסע ליכט־פּאסן

שטראלן און באלייכטן דעם ים, וואָס רינגלט ארום היכע וואולקאנישע בערג מיט אָפענע מיילער. אָט האָט ערשט דאָ ניט לאנג צוריק אזא פייער־לאווע פארניכטעט שטעט און דערפער אויף איינעם פון די גריכישע אינדזלען...

מיר דערנעענטערן זיך צו אונדזער ציל, אין אייניקע שעה ארום וועלן מיר לשלום אָנקומען קיין ישראל.

דער עולם איז אומגעדולדיק, קיינער שלאָפט ניט, כאָטש איטלעכער איז שטארק מיד. דער מאָרגן־שטערן באוויזט זיך, אָט דערזעט מען ווי דער הימל־זוים ווערט בלאסער און בלאסער, די זון שפּראָצט ארויס, ס׳איז נץ־החמה.

די יידישע הערצער קלאפּן שטארקער, איטלעכער שטרענגט אָן זיינע בליקן דורך די קליינע פענצטערלעך פונם אל־על עראָפּלאן.

מיר דערזען דעם ברעג פון ישראל. א וואונדערבארע פּאנאָראמע, דער זוים פונם מיטללענדישן ים זעט אויס ווי א רעגן־בויגן. סטיכיש רייסט זיך ארויס ביי איטלעכן פון דער טיפעניש פון זיין הארצן א געזאנג. דער עולם זינגט. טייל זינגען „שבח נותנים לו" און טייל „משיח קום".

דער עראָפּלאן לאָזט זיך אראָפּ. מיר שטייגן אויס. די ישראל רעגירונג באגריסט אונדז דורכן מויל פון א יונגן רב. די אגודת ישראל צענטראלע, פאָרשטייער פון צייטונגען גיבן אונדז זייערע ברכות און ווינטשן אונדז ברכה. די עלטערע דעלעגאטן פאלן צו דער הייליקער ערד און קושן איר שטויב מיט טרערן אין די אויגן, הונדערטער מענטשן זיינען טיף געריךט פונם פארכאפּנדיק בילד. פאָטאָגראפערס ארבעטן מעשים — מיר זיינען אין ישראל דער מדינה.

דער חלום איז פארווירקלעכט געוואָרן. מיט שמחה אין הארצן, מיט טרערן אין די אויגן טרעטן מיר אויף דער ערד פונם לאנד פון אונדזערע אבות.

(טבריה כ"א סיון)

ז

# אין דער היים איז גוט

מיין ערשטער איינדרוק, קומענדיק קיין ישראל, איז געווען, אז מיר, אין די גלות־לענדער, האָבן ניט קיין ריכטיקן באגריף וועגן דעם אמתן לעבן

אין דער יידישער מדינה. יידן אין ישראל לעבן זיכער, און האָבן קיין שום מורא אָדער זאָרג איבער די פּאָליטישע קאָנפליקטן מיט די אראבער און זיי באווירקן מיט גאָרניט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די ישראל איינוואוינער.

אמעריקאנער בירגער האָבן מער מורא פארן קאָמוניזם, ווי די ישראל איינוואוינער פאר דעם פּאן־אראביזם.

דער עולם זינגט און לאכט און איז אָפּטימיסטיש. יעדער ייד פילט זיך גליקלעך און צופרידן, און גלויבט באמונה שלימה, אז ישראל די מדינה וואקסט פון טאָג צו טאָג, ווערט שטארקער און פעסטער און וועט בקרוב קאָנען אויפנעמען מער עמיגראנטן, מיט קאפּיטאל, מיט ענערגיע און מיט באגייסטערונג צו בויען דאָס לאנד.

מען פילט זיך דערהויבן און מען איז טיף גערירט זעענדיק יידישע מאסן, יונג און אלט, מענער און פרויען, פרומע און פרייע, יידן ריידן העברעאיש — אלץ אָטעמט מיטן הייליקן לשון: פיצלעך קינדער ריידן און זינגען אויף העברעאיש — דער רב און דער דיין, דער סוחר און דער פאבריקאנט, דער ארבעטער און דער גאסן־קערער, דער טעקסי־דרייווער און דער אדוואָקאט, דער דאָקטאָר און דער דענטיסט, דער בעדער און דער מיסט־אויפזאמלער — אלע ריידן לשון קודש...

דער פּאָליציסט און דער צאָל־באאמטער, דער קאָנטראָלער און דער געפּעקטרעגער — אלע דענקען זיי און ריידן העברעאיש.

ס׳איז אָבער א טעות צו מיינען, אז מ׳רעדט ניט אין ישראל קיין יידיש. אלע אייראָפּעישע יידן, אפילו פון דייטשן־האָלענדישן אָפּשטאם, ריידן יידיש, א חוץ זעלבסטפארשטענדלעך, די פרענקישע יידן, די ספרדים און די וועלכע קומען פון תימן, מאראָקאָ, טוניס, קורדיסטאן, בוכארא וועלכע האָבן קיינמאָל קיין דייטש־יידיש ניט גערעדט.

דער נס פון קיבוץ גליות וואַרפט זיך שטארק אין די אויגן פון איטלעכן באזוכער אין לאַנד.

יידן פון אלע לענדער און קאָנטינענטן זיינען דורך פארשיידענע גילגולים אין פארשיידענע תקופות אויפגעגאנגען קיין ארץ־ישראל, נאָך לאנג־לאנג פריער, פארן פּאָליטישן ציוניזם, פאר היטלערס גזירות און רדיפות, האָבן אידעאליסטן, טרוימער וועלכע האָבן ניט געקאָנט סובל זיין דעם גלות מיט אלע זיינע „גליקן": זיי האָבן געבענקט צו קדושה און הייליקייט, זיי האָבן ליב געהאט דאָס הייליקע לאנד, האָבן זיי עולה געווען קיין ישראל. פון תימן און פון בוכארא, פון פוילן און פון אוקראינע, פון

בבל און פון מצרים, פון טערקיי און פון גריכלאנד. זעט מען אַט יענע טיפן אויף די גאסן פון ירושלים און תל־אביב, פון חיפה און פון צפת. זייער קליידונג, זייער לעבנסשטייגער, זייער דיאלעקט און זייער פרנסה־קוואל איז אזוי אנדערש ווי די פון אייראָפּע אַצינד געקומענע.

א געמיש פון קולטורן און ציוויליזאציעס. איר באגעגנט מאָדערנע אויטאָמאָבילן, פערד און וואָגן, און יידן וועלכע רייטן אויף אייזלען און קעמלען: יידן וועלכע וואוינען אין מאָדערנע וואוינונגען מיט אלע מאָדערנע גליקן, און יידן וועלכע לעבן זייער פרימיטיוו, מיט אָרימע באשיידענע מעגלעכקייטן.

איר באגעגנט גרויסע מאָדערנע געשעפטן, קליינהענדלער און פעדלערס, יידן וועלכע שטייען מיט זייערע „סטענדס" מיט כל מיני סחורות, געטראַנקען, לייכטע שפייזן, „קענדיס", ציגארעטן, שיך־בענדלעך און שיך־פוצער. איך האָב אין גאנץ אייראָפּע, ווי אין אמעריקע און קאנאדע ניט געזען קיין איין יידישן שיך־פוצער.

די מערהייט יידן אין ישראל קאָכן אויף נאפט־מאשינקעס און נאפט־לאָמפּן. עלעקטרישע קראפט איז דאָ טייער. זעט מען יידן מיט באָרד און פיאות פירן ארום אויף אייזלען אָדער קליינע פערד און וואָגן, פעסלעך נאפט. זיי לאָזן וויסן די יידישע באלעבאָסטעס מיט מעשענע גלאָקן, אז זיי ווארטן אין דרויסן. לויפן זיי, די באלעבאָסטעס, מיט בלעכענע באנקעס און מיט גלעזערנע פלאשן צו קויפן באהייצונג און ברען־מאטעריאל.

מען קאָן ניט פארשטיין ריכטיק די צוויי ווערטער „מדינת ישראל", אָדער „יידישע מדינה", כל־זמן מען זעט זי ניט מיט די אייגענע אויגן. פונם פרעזידענט ביזן יינגסטן סאָלדאט, זיינען אלע יידן. וואו איר קומט טרעפט איר נאָר יידן. יידישע פּאָליציי, יידישע שופטים און ריכטער, יידישע פּאָסט־באאמטע און באנק אָנגעשטעלטע, יידישע מענטשן און יידישע בהמות, יידישע עופות און יידישע פיש, יידיש ברויט און יידיש זאלץ, די ערד איז יידיש און די לופט איז יידיש, איר אָטעמט יידיש און צוביסלעך הויבט איר אָן צו דענקען יידיש... עס פאלט אייך איין א געדאנק אז יידישע חסרונות זיינען שענער ווי אנדערע, ווי יידיש־גוישע מעלות אין די גלות־לענדער... ווער רעדט נאָך יידישע ישראלדיקע מעלות — זיינען מיט גאָלד ניט אָפּצושאצן. מיין ערשטע באגעגעניש פנים אל פנים מיטן טאָג־טעגלעכן וואָכעדיקן לעבן אין ישראל, האָט אויף מיר געמאכט א גרויסן רושם...

דער ארבעטער און בעל מלאכה, דער שוסטער און שניידער, דער וועשער און היטל־מאכער — אלע ארבעטן פליסיק. זיי בויען און שאפן, כאָטש יעדערער נעמט באצאָלט פאר זיין ארבעט, דאָך ליגט אין זייער ארבעט א שטיק לשם שמים, א שטיק אידייע. מען ארבעט פאר זיך, פאר יידישן קיום און המשך. יידן האקן שטיינער, גראָבן גריבער און בויען פונדאמענטן, שטעלן אוועק פראכטפולע בנינים, מאָדערנע הייזער, וואונדערבארע פאר־צווייגטע קיבוצים און שיכונים, קבוצות און מושבות — יידן בויען דאָס לאנד אָן מורא און אָן פחד, זיי זיינען זיכער אז זיי טוען א הייליקע ארבעט.

ארום דעם פאָליטישן קעסל דרייען זיך א פּאָר מנינים פּאָליטיקער. דאָס פאָלק לאכט זיך אָבער אויס פון דער גאנצער פּאָליטיק. דאָס פאָלק פארשטייט אז קיין פּאָליטישער כוח וועט ניט קאָנען אראָפּנעמען קיין איינציקן יידן פון זיין דעראָבערטן באָדן... מוז מען ארייננכאפּן וואָס מער. גרויסע שטחים לאנד זיינען נאקעט און וויסט, זיי בעטן זיך: „קומט, יידן פון דער גאנצער וועלט. צעאקערט מיך, פארזייט מיך! בויט אויף מיר בנינים, מיר וועלן טראָגן מיט ליבע די לאסט פון די שווערסטע הייזער".

די דאָזיקע שטילע תפילה פון דער נאקעטער ערד און ליידיקע בערג, האָט זיך דערטראָגן צו מיינע אויערן...

מען לעבט ניט דאָ ווי אין אמעריקע. ניטאָ יענער לוקסוס און פארשווענדערישער לעבנס שטייגער. די פארדינסטן זיינען קלענער, אָבער די הוצאות זיינען דערפאר מאָגערער. דאָס לעבן איז דאָ ביליקער, דירה־געלט — ממש בחצי חינם...

קומט יידן, באזעצט זיך אין מדינת ישראל! האָט איר אָפּגעשפּאָרט עטלעכע סענט, פארקויפט אייער כאטקעלע און אייערע שמאטעס, און קומט קיין ישראל! אייער לעבן דאָ וועט באקומען א נייעם זין. איר וועט דאָ ווערן געזונט, יונגער און לעבסלוסטיקער — איר וועט ווערן אַ נייער יידישער מענטש.

## ח

## ערב שבת אין ישראל

מילא, פון שבת אליין איז דאָך גאָר קיין חידוש ניט. וועלכער ייד האָט דאָס ניט געהאלטן אין דער אלטער היים שבת?

אלע קלייטן, געוועלבער און קראָמען, ווארשטאטן און פאבריקלעך — אלץ האָט גערוט שבת. דער למדן און דער עם־הארץ, דער פארצייטישער און דער אויפגעקלערטער, דער פרומער און דער משכיל — אלע, ממש אלע, האָבן געהאלטן שבת.

מיין זיידע עליו השלום איז געווען א גרויסער למדן און א חסיד, א ייד א פיקח, און זיך געקאָנט אויף גוייש לשון אויסשמועסן סיי מיטן אפטייקער און סיי מיטן גלח. האָט ער מיך אמאָל מיטגענומען קיין לאָדז אויף א חתונה.

שבת זיינען מיר געגאנגען אויף דער פיעטערקאָווער גאס, דערזעט מיין זיידע א ייד שטיין אין זיין קראָם. ווענדעט ער זיך צו מיר און זאָגט: זעסט, דאָס איז א ייד אן אמתער שוטה. ער טאָר דאָך סיי ווי ניט פארקויפן אום שבת, צו וואָס־זשע שטייט ער דאָ אין זיין קראָם?..

יידן האָבן אין דער אלטער היים געמאכט אזעלכע גרויסע הכנות פארן שבת, אז פרייטיק האָט מען ממש שוין געפילט די הייליקייט פונם שבת.

יידישע פרויען האָבן געבאקן, געקאָכט, געפוצט, געוואשן און גערייניקט לכבוד שבת: בעלי־מלאכות האָבן זיך געאיילט פארטיק צו מאכן זייער ארבעט, געלאָפן אין מקוה אריין, געלאָזט זיך אָפשערן, געשניטן די נעגל, מעביר סדרה געווען.

יידן בני־תורה האָבן געלערנט מדרש, חסידים און בעלי־מדריגה האָבן זיך פארטיפט אין זוהר, דורכגעלערנט דעם רמב״ן, דעם „אור החיים — הקדוש״, דעם „שפת אמת״: א טייל האָבן זיך צוגעלייגט, געכאפט א דרעמל, כדי צו קאָנען מקבל־שבת זיין מיט קלאָרע, ריינע מחשבות און מיט אביסעלע דעת.

קינדער פלעגן טראָגן די טשאָלנטער צו די בעקערס.

פעאיקע מאמעס פלעגן נאָך צייט האָבן אויסצוצוואָגן די קעפעלעך פון זייערע קינדער. איין קלייניקייט — אָט־אָט קומט דאָך אָן דער הייליקער שבת!

פלעגט אמאָל א קאָצקער חסיד פאָרן קיין ברעסלוי צו א דאָקטאָר. שבת האָט ער געוואָלט הערן קריאת התורה, כאפט ער זיך אריין אין א דייטש־אָרטאָדאָקסישער שול, נאָך שחרית. ווען דער חזן האָט געוואָלט אָנהויבן זאָגן „צום אויסנעמעכץ״ ויהי בנסוע הארון, גיט דער קאָצקער חסיד א קלאפ אין בעלעמער און רופט אויס: הא, פארוואָס זאָגט איר ניט קיין תחנון?

ווערט דער עולם — יעקישע יידן, נעבעך, — אין כעס. „דער פּאָלנישער יודע" מוז זיין „פאררייקט" אָדער א חסר דעה: שבת זאָגט מען דען תחנון?

דער ראבינער פון שול האָט אָבער געקאָנט דעם קאָצקער חסיד. ער האָט געוואוסט אז ער איז ניט קיין חסר דעה. אדרבה, א פיקח, א למדן, א חסיד. פרעגט ער אים געלאסן: „ביי אייך זאָגט מען דען תחנון אום שבת?"

ענטפערט דער חסיד: חס־ושלום, ביי אונדז, חסידים, זאָגט מען אפילו פרייטיק ניט קיין תחנון, ווייל פרייטיק פילט זיך שוין דער הייליקער שבת, סיי ביים רב און סיי ביים בעל־מלאכה. דאָ ביי אייך, אין ברעסלוי, פילט זיך אפילו שבת אין שול אויך ניט קיין שבת. טאָ פארוואָס־זשע זאָל מען ניט זאָגן קיין תחנון?..

---

היינט ווען אלע גרויסע יידישע צענטערן זיינען חרוב געוואָרן, גלויב איך ניט, צי איר וועט געפינען אין דער גאנצער וועלט א קיבוץ יידן, וואו דער ערב שבת זאָל זיך אזוי פילן ווי אין ישראל, און גאנץ באזונדערס ווי אין ירושלים.

געדענקט, אז איך רעד אצינד ניט וועגן שבת גופא, נאָר וועגן ערב־שבת.

קודם־כל די ראדיאָ. איטלעכן פרייטיק הערט איר דורכן מיקראָפאָן אויף אלע הויפּט גאסן פון ירושלים, חזנים זינגען שטיקלעך תפילות פון שבת. אן ערשט־קלאסיקער בעל־קורא לייענט מיטן טראָפּ די ערשטע פרשה פון דער סדרה, דערנאָך לייענט ער די הפטרה מיט אזא מתיקות, וועלכע פאנגט אייער הארץ. איר שטעלט זיך ממש סטיכיש אָפּ, איר קאָנט ניט ווייטער גיין, עס איז אייך א שאָד צו פארהערן איין וואָרט.

א רב דערקלערט דעם אינהאלט פון דער פרשה פון דער וואָך, אָדער פאר א יום־טוב, דעם באדייט פון דעם אָדער יענעם יומא דפגרא — שבתדיקע פּראָגראמען אין ערב־שבת.

די ישראל ראדיאָ לאָזט וויסן ווען עס איז דער זמן פון ליכט צינדן פרייטיק און מוצאי שבת.

אויף די אויטאָבוסן ווערט אָפיציעל געמאָלדן, אז פרייטיק פאָרן זיי נאָר ביז א האלבע שעה פאר ליכט־בענטשן.

יידישע געשעפטן שליסן זיך, ניט קורץ פאר ליכט־בענטשן, נאָר שעהן

פריער: יידן איילן זיך ווי אמאָל ערב יום־כפור פאר כל־נדרי...

דער גאסן־האנדל פארשווינדט. טויזנטער יידן גייען און קומען פון מקוה, געטובלט לכבוד שבת: יידישע קינדערלעך שפאצירן שוין אויף די גאסן און שפילן זיך שוין אין קליינע גערטנדלעך אָפּגעצוואָגט, אויסגעפּוצטע, לכבוד שבת.

די ספרדישע יידן דאווענען זייער פרי. זיי זיינען מקבל־שבת ווען ס׳איז נאָך גרויסער טאָג. איר טרעפט צענדליקער אראבישע יידן פון תימנער און באגדאדער עדות, זיך איילן אין זייערע שולן. דאָרטן זיצט שוין זייער חכם (חאכאם) אויף אזא באנק מיט זיינע פיס הינטער זיין גוף, אויף אויסגעשפּרייטע טערקישע און אינדישע דיוואנעס און ער זאָגט „זוהר". ארום אים זיצן זקנים און יונגווארג, און זיי הערן זיך צו. איר הערט אויך שיר־השירים מיט אזא הארציק געזאנג.

ווען אונדזערע, אייראָפּעישע, אשכנזישע יידן, גרייטן זיך ערשט צו מקבל שבת, האָבן זיי שוין אָפּגעדאוונט.

אויף די שטיגן פון זייערע שולן שטייט זייער גבאי מיט פון לולב־בלעטער געפלאָכטענע בשמים קיישעלעך אָנגעפּילט מיט שמעקעדיקע געווירצן. ער דערלאנגט עס איטלעכן ארויסגייער פון שול, יענער מאכט א ברכה בורא מיני בשמים. טוט א שמעק, זאָגט שבת (שאבאט) שלום און גייט אהיים קידוש מאכן ווען ס׳איז נאָך גרויסער טאָג.

חסידים איילן זיך צו זייערע רביישע בתי מדרשים און קלויזן, אָנגעטאָן אין בגדי מלכות — שווארצע, זיידענע זשופּיצעס, באגארטלט מיט שווארצע, זיידענע גארטלען, מיט לאנגע, ווייסע זאָקן ביז די קני, קורצע הויזן און גלאנציקע חסידישע האלבע לאטשן, ווי די לאָרדן און פּריצים פון ענגלישן אדעל; טייערע, בעלקענע שטריימלעך באצירן זייערע לויטערע קעפּ.

די דאָזיקע שבת־קודש יידן גייען ניט אליין צום דאווענען. דאָס וועלט ביי זיי געווען א טראגעדיע. וואָס הייסט אליין גיין מקבל שבת זיין?.. זיי פירן מיט זיך זייערע קינדערלעך, פון דריי, פינף, אכט, צען יאָר און בר־מצוה ייִנגלעך, גייען נאָך דעם באשטריימלטן טאַטן צום רבין אין בית־המדרש אריין.

איר זעט ווי א יונגער טאטע, נאָך לאנג פאר די שלושים, טראָגט א קליין ייִנגעלע אויף די הענט און צוויי גרעסערע ייִנגעלעך האלטן זיך אָן ביי זיין גארטל, און אזוי גייט מען אין ירושלים מקבל שבת זיין — טאטע און קינדער.

ירושלימער אלט־געזעסענע תושבים טראָגן זייער אייגנאַרטיקן טראַכט, זייערע שטריימלעך זיינען ענלעך צו די קירהשע שטריימלעך, מיט דרייצן עקן, זייערע כאַלאַטן זיינען פון ווייסן זייד אָדער סאַטין, טייל טראָגן געבלימלטע, העלע כאַלאַטן מיט ברייטע גאַרטלען.

איר ווערט מיטגעריסן מיטן ערב־שבת. איר דערפילט די קדושה און הייליקייט פון ארץ־ישראל, און גאַנץ באַזונדערס פון ירושלים.

דער טאָג איז נאָך גרויס, די זון חלומט נאָך אפילו ניט פון אַרונטערלאָזן זיך הינטער די בערג פון יהודה און ירושלים, און דאָך קאָנט איר שוין אָנטאַפּן די קדושה פון שבת.

אַלץ איז געשלאָסן. אַלע געשעפטן, אַלע פאַבריקן, אַלע רעגירונגס־לשכות (אָפּיסעס): די פּאָסט, דער טעלעגראַף, דער אויטאָבוסן פּאַרקער, די באַן — אַלץ בלייבט שטיין. אַלע, פרומע און פרייע, סאַבראַס און ניי־געקומענע, צי מען וויל, צי מען וויל ניט — אַלץ בלייבט אומבאַוועגלעך, אַלע גרייטן זיך צום הייליקן שבת.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז דער ערב שבת אין ירושלים, האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז ער וועט קיינמאָל ניט אויסגעווישט ווערן פון מיין האַרצן.

איך האָב געפילט ווי ממש אָנצוטאַפּן מיט די הענט די הייליקייט פון ערב שבת פאַרן נאַכט, אַזוי בולט, אַזוי קלאָר, אַזוי רירנדיק, אַזוי פאַרכאַפּנדיק, אַזוי הייליק זעט אויס דער ערב שבת אין דער הייליקער שטאָט ירושלים...

איך געדענק גוט די ערב שבתדיקע שעהן אין דער אַלטער, פרומער היים. איך האָב נאָך ניט פאַרגעסן די אצילותדיקע מאָמענטן פון די גרויסע חסידישע הויפן אין פוילן, ווען הונדערטער חסידים זיינען זיך אָנגעפאָרן צו פאַרבריינגען שבת ביי די באַרימטע, הייליקע, גוטע־יידן פון יענעם דור. יענער שבת־קודש גייסט איז אָבער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ וועלט פון שנאה און האַס, מיט גוייִשער עבודה זרה און אַ געקלינגערײַ פון קריסטלעכע קירכן־גלאָקן; דאָרטן זיינען מיר געווען אַ מיעוט, אַ קליין אינדזל צווישן גרויסע שטחים ניט־יידישער סביבה.

אין ארץ־ישראל האָב איך די הייליקייט פון ערב־שבת געפילט שטאַרקער, בולטער, געפילפולער, מער ממשותדיק — ממש וימש אור, מען האָט געקאָנט מיט די הענט אָנטאַפּן די הייליקייט און די ליכטיקייט.

ווער עס נעמט מיט כלים קיין ישראל, דער קאָן אָנשעפּן מיט זיי שפע קדושה און אצילות, הייליקייט און טהרה...

געדענקט, אז איך שרייב דאָ נאָר וועגן דער קדושה פון ערב שבת — וועגן שבת אליין, אין צווייטן קאפּיטל.

ט

## שבת אין ירושלים

אלע טעג פון דער וואָך זיינען הייליק, ווייל אין זיי האָט ג־ט באשאפן הימל און ערד, ים און יבשה, דעם מענטשן און די חיות, די פיש און יעדער געפליגל, אלע פלאנצן און ביימער, בערג און טאָלן — ממש אלץ וואָס עס עקזיסטירט אויף דער וועלט.

שבת איז אָבער דער הייליקסטער טאָג ניט בלויז פון דער וואָך, נאָר פונם גאנצן יאָר. אום שבת האָט גאָט גערוט, ער האָט באטראכט זיין בריאה און געזען אז זי איז פולקאָם...

די גאנצע וועלט איז הייליק, ווייל דער וועלט־מייסטער האָט זי באשאפן. די יבשה, די ימים, די בערג און טאָלן, אלע קאָנטינענטן און לענדער, פּראָווינצן און מדינות, אלע מדבריות און ישובים — אלץ איז הייליק, ווייל גאָט האָט זיי אלעמען באשאפן מיט א באזונדער כוונה.

הייליקער פון אלע לענדער איז ארץ ישראל, ווייל דאָס דאָזיקע לאנד האָט ג־ט צוגעזאָגט צו אברהמען, צו יצחקן און צו יעקבן; הייליקער פון ארץ־ישראל איז ירושלים, מען רופט זי ניט אנדערש ווי „עיר הקודש”, די הייליקע שטאָט. דאָרטן זיינען געשטאנען ביידע בתי מקדשים, דאָרטן וועט שטיין דער דריטער בית המקדש, אין ירושלים האָבן געלעבט די יידישע מלכים, די יידישע נביאים, אין ירושלים האָט זיך די שכינה אמבולטסטן באוויזן „מעולם לא זזה שכינה משם”, קיינמאָל האָט זיך די שכינה ניט דערווייטערט פון ירושלים.

אצינד שטעלט זיך פאָר ווי עס זעט אויס דער הייליקסטער טאָג, שבת, אין דער הייליקסטער שטאָט אין דער וועלט, ירושלים?..

דער ייד וועלכער איז געבוירן אָדער דערצויגן געוואָרן אויפן אמערי־קאנער קאָנטינענט, האָט ניט קיין עלעמענטארן באגריף וואָס עס מיינט שבת.

אפילו דער ייד וואָס איז ניט קיין מחלל שבת, פילט ער אָבער ווייט

נאָך ניט וואָס עס מיינט קדושת שבת, ווייל אויף דעם קאָנטינענט איז שווער צו געפינען א שטארקע שבת סביבה, א מקום וואו די הייליקייט פון שבת זאָל זיין בולט, מען זאָל זי קאָנען אָנטאפּן מיט די הענט, מען זאָל קאָנען שעפּן מיט עמער די הייליקייט פון שבת.

אין דער אלטער היים, אין די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאנד, ליטע, גאליציע, פּוילן, רומעניע, אונגארן אא״וו, דאָרטן האָבן יידן געלעבט צווישן שונאים און מגושמדיקע גויים; דאָרטן האָבן יידן יאָרן געשאפן און געבויט שטארקע סביבות וואו יידישקייט, עכטע תורה־יידישקייט, האָט געלעבט און געצאפּלט מיט הייליקייט.

יידן זיינען על פּי רוב געווען קרעמער און בעלי מלאכות, און ווען עס איז געקומען שבת, האָבן ניט בלויז יידן געפילט אז ס׳איז א הייליקער טאָג, נאָר אפילו די ארומיקע גויים האָבן עס געפילט, ווייל זיי האָבן גאָרניט באקומען צו קויפן אום שבת.

על פּי רוב זיינען יידן געווען ארעם און דאָך זיינען זיי געווען אזוי רייך אין גייסט. זיי האָבן זיך געטובלט אין קדושה און זיך אויסגעלעבט אין די שבתים ווי פּרינצן.

א חוץ די גוטע, פיינע, ספּעציעל־צוגעגרייטע מאכלים, האָבן יידן שבת אנדערש געדאוונט, אנדערש געלערנט. דער שבת־טאָג האָט אויסגע־פורעמט א בעסערן יידן, א שענערע משפחה, און אַ אײדעלערן דור.

די קדושה פון דורות האָט זיך געטאָן דאָס איריקע און האָט ארויפגע־לייגט איר חותם אויף איטלעכן דור.

שבת אין בתי מדרשים, שבת אין הויפן פון די „גוטע יידן״: דער בעל הבית האָט געזאָגט זמירות און דער חסיד האָט געזונגען לויב־געזאנגען צו השם יתברך פאַרן חסד וואָס ער האָט יידן מזכה געווען מיט א שבת.

פּרייטיק האָט אַ ייד פארגעסן אלע זיינע דאגות, אלע צרות און ליידן, אלע זיינע חובות און טרויעריקע מסחרים. דער שבת האָט אים געבראכט א נייע נשמה, א נשמה יתירה.

א גאנצע וואָך האָט דער ייד דורכגעשטופּט די טעג ניט ריכטיק דערעסן, אָרעם זיך געקליידט, אָבער אז עס איז געקומען שבת, איז די אָרעמסטע היים געווען באלויכטן, ריין און זויבער, אלץ האָט געשמעקט און פון איטלעכן ווינקל האָט ארויסגעשיינט קדושה און הייליקייט.

די בית־הלל האָבן פארזיכערט, אז אליהו הנביא וועט שבת ניט קומען

אַנזאָגן די גאולה. משיח וועט שבת ניט קומען ניט צו צעשטערן די קדושה פון שבת, ווייל שבת אליין איז א שטיק גאולה.

אויב איר ווילט איז שבת נאָך שטארקער ווי גאולה. שבת, זאָגט די גמרא אין ברכות, איז „מעין עולם הבא", שבת איז שטארק ענלעך צו עולם הבא.

און אויב איר ווילט איז שבת נאָך שטארקער. דער רבי ר' ברוכל פון מעזשיביזש, דער אייניקל פונם בעל שם טוב, האָט געטייטש: שבת מעיין עולם הבא, שבת איז דער קוואל פון וואנעט עס פליסט ארויס עולם הבא. אלזאָ, עולם הבא איז ערשט א פּראָדוקט פון שבת... שבת איז נאָך הייליקער פון עולם הבא.

„בשבת נתנה תורה לישראל", אום שבת האָט מען יידן געגעבן די תורה. נאָר דער שבת איז מסוגל געווען מען זאָל אין אים געבן די תורה צו די יידן.

ג־ט האָט געזאָגט צו משהן: א טייערע מתנה געפינט זיך אין מיינע אוצרות, שבת איז דער נאָמען פון יענער מתנה. איך וויל די דאָזיקע מתנה אוועקגעבן די יידן. גיי משה, לאָז זיי דאָס וויסן.

פארטראכט זיך, טייערע לייענער. דערמאָנט זיך די אמאָליקע שבתים אין דער אלטער היים, וועט איר האָבן א שטיקעלע באגריף ווי עס זעט אויס שבת אין ישראל און שבת אין ירושלים.

די גאנצע ראָד־באוועגונג איז כמעט ווי פאראליזירט. איך שרייב „כמעט", ווייל עס זיינען דאָך פאראן אויך ניט־יידן אין ירושלים און יידישע פרייע הפקר־מענטשן זיינען אויך דאָ צו ביסלעך.

אָרנטלעכע ניט־פרומע, אפילו גויים, פאָרן ניט אום שבת, ניט צו רייצן די ירושלימער רעליגיעזע באפעלקערונג.

דער מאָדערנער ייד, דער איידעלער, ווערט אויך שטארק באווירקט פון יענער בולטער קדושה אין ירושלים.

א שול איז א מקום קדוש און אז מען קומט אריין אין א מקום קדוש, פאסט מען זיך צו צו יענער סביבה.

גאנץ ירושלים איז אָבער א מקום קדוש. זי געהערט ניט צו דער נטורי קרתא, ניט צו דער אגודת ישראל, ניט צום מזרחי. זי איז זעלבסטשטענדיק. זי איז געווען הייליק אין דער צייט פון די יידישע מלכים און נביאים, זי איז געווען הייליק און זעלבסטשטענדיק אין די צייטן פון די יוונים און

רוימער, אין די צייטן פון די אראבישע, טערקישע און ענגלישע ארייגדרינגער. זי איז זעלבסטשטענדיק אפילו היינט — אין מדינת ישראל.

ווער עס איז אָבער מזלזל און טוט איר גרינשעצונג, דער פּארלייקנט די קדושה פון דורות, דער פּארלייקנט דאָס אויסדערוויילטקייט פון ישראל און פון הייליקער שטאָט.

די שולן, בתי מדרשים און קלויזן ווימלען ממש מיט מענטשן אין די טויזנטער. אלט און יונג טאטעס מיט קינדער, זיידעס מיט אייניקלעך — אלע קומען זיי שבת דאוונען.

דאָס דאוונען שבת אין ירושלים איז ניט קיין עול אָדער משא, נאָר א פּארגעניגן. מען שפּאצירט צו פיר און פינף אין דער ברייט פון דער גאס, ניטאָ קיין מורא קיינער פּאָרט ניט, ניט קיין טעקסי און ניט קיין טראָק — אלץ רוט.

איך האָב שוין באמערקט אין מיינע פריערדיקע ארטיקלען, אז ירושלים איז „אינטערנאציאָנאל". איר זעט יידן פון פּוילן, גאליציע, רומעניע, דייטשלאנד, אונגארן, מאראָקאָ, טוניס, אלזשיר, בוכארא, תימן, קאווקאז, חיבר (כייבאר), טערקיי, מצרים, בבל און פון נאָך פיל אנדערע פּארוואָרפענע מקומות. איטלעכע עדה האָט זיך איר שול, איר מנהג, איר נוסח התפילה — אָבער אלע האלטן זיי דעם זעלבן שבת און לייענען די זעלבע ספר תורה אין דער זעלבער הייליקער שטאָט ירושלים.

פרויען און מיידלעך גייען דאוונען אין באגלייטונג פון קליינע קינדער ממש ווי יום־כפור צו כל־נדרי אין די גלות לענדער. ניט קיין יחידים, נאָר אין מאסן גייען יידן שבת צום און פון דאוונען.

עס וועט זיין ביז גאָר אינטערעסאנט איבערצוגעבן אז אין גאנץ ירושלים (אויך אין אנדערע שטעט אין ישראל) דוכנט מען שבת סיי צו שחרית און סיי ביי מוסף... עטלעכע מנינים כהנים אין איטלעכער שול. דאָס אליין גיט צו א יום־טובדיקע שטימונג.

אויפן אמעריקאנער קאָנטינענט האָבן די רעפאָרמער, די איינברעכער פון יידישן דת, מבטל געמאכט דאָס דוכענען אפילו יום־טוב. אין ישראל דוכנט מען אפילו יעדער שבת, סיי צו שחרית און סיי צו מוסף.

די ספרדישע און אראבישע יידן ראוונען זייער פרי. ארום 5־6 פאַרטאָג זיינען שוין זייערע שולן געפּאקט מיט יידן. מען דאוונט דאָרטן מיט אן אָריענטאלישן נוסח און ניגון, מען לייענט אין דער תורה אויך אויף אן אייגנארטיקן שטייגער. די ספר תורה ליגט ניט אויף א שולחן ווי ביי אונדז,

נאָר זי שטייט אויפגעוויקלט. אין זייער שולחן זיינען פאראן לעכער, וואו די עץ־חיימס ווערן ארייגעשטעלט און אזוי שטייט די ספר תורה, און דער בעל־קורא לייענט איין פסוק אין לשון קודש און א ייִנגל שטייט דערנעבן און זאָגט דעם זעלבן פסוק, נאָר ניט אין לשון הקודש, נאָר אין תרגום לשון.

זיי האָבן, ווייזט אויס, דערהאלטן דעם מנהג נאָך פון דער צייט פון דער גמרא, פון בבל, וואו עס איז געווען א מתורגמן, אן איבערזעצער, ווייל דאָס פאָלק האָט ניט פארשטאנען קיין לשון הקודש,האָט מען גלייך ביי לייענען די תורה איבערגעזעצט אין זייער פאָלקס שפראך.

אזא שטייגער לייענען לאָזט איבער א גרויסן רושם אויף אן אייראָפּעישן ייִדן.

איך בין זיך מודה ומתודה, אז שבת האָב איך אין ישראל געהאט א שווערע עבודה. איך האָב אלץ געוואָלט זען. איך בין געגאנגען פונם פריען באגינען ביז שפּעט נאָך הבדלה פון איין שול צו דער אנדערע, פון איין עדה צו דער אנדערער, און שטיקער געשיכטע האָב איך אָנגעטאפּט מיט מיינע הענט.

ווען וואָלט אן אייראָפּעישער ייד געקאָנט בייוואוינען א דאוונען פון יידן פון בבל, פון תימן, פון מצרים, פון אפריקע פון בוכארא? אין ירושלים האָב איך עס געזען!

אין די עשרת הדברות שטייט דער „זכור את יום השבת לקדשו", זאָגט ר' אלעזר בן חנניא, אז מען מיינט א גאנצע וואָך זאָל א ייד געדענקען צו הייליקן דעם שבת. מען דארף שוין פון זונטיק אָן אָנהויבן צוצוגרייטן שבת... טרעפט איר א פעט עוף אום זונטיק, לאָזט עס איבער אויף שבת; טרעפט איר דינסטיק גוטע פירות, לאָזט זיי איבער אויף שבת אא"וו.

מיר האָבען געדענקט שבת א גאנצע וואָך. פארנדיק איבער די געשלענגלטע וועגן אין ישראל, האָב איך געזען ביים ארייִנפאָר אין שטעט און דערפער, אין קיבוצים און קבוצות, שטייט א גרויס שילד מיט גרויסע שריפט: „בשבת ובמועד אין כניסה ברכב" — שבת און יום־טוב איז אבסאָלוט פארבאָטן ארייַנצופאָרן מיט א ראָד־פארקער.

ווען פּאָליציי מוז אמאָל ארייַנקומען אין יענע מקומות, דארף זי לאָזן דעם וואָגן אָדער מאָטאָרציקל אויסער די גרעניצן פונם קיבוץ אָדער שטאָט... און ארייַנגיין צופוס, ווי א ייד אום שבת.

שבת איז שבת.

אזוי האָבן יידן געהאלטן שבת אין ישראל אין אלע דורות, סיי

בשעת דער טערקישער אָקופּאַציע און סיי בשעת דער ענגלישער הערשאַפט. נו, איז וואָס איז דער וואונדער וואָס דאָס רעליגיעזע יידנטום וויל הײַנט אַז דער שבת זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע הפקר־מענטשן? איך שרייב „הפקר־מענטשן", ווייל איך ווייס אויף זיכער, אַז איידעלע, אנשטענדיקע, פרייַ געזאָנענע, מאָדערנע מענטשן רייצן זיך ניט מיט יענעמס געפילן און זיי פאַרשטייען גוט די הייליקייט פון ירושלים. זיי פילן אויך א רעספּעקט און דרך־ארץ סיי צום הייליקסטן טאָג פון דער וואָך — שבת, און סיי צו דער הייליקסטער שטאָט אין דער וועלט — ירושלים.

י

## שיסערייַ אין ירושלים

מיטוואָך, ערב ראש חודש תמוז, האָט ירושלים אויף א ווייל א ציטער געטאָן, דער אַראַבישער לעגיאָן פון עבר הירדן האָט געעפנט א שיסערייַ אויף דער פרידלעכער באַפעלקערונג פון דער הייליקער שטאָט ירושלים. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט פאַרשיידענע סאָרטן געווער, פון א באַהעלטעניש פון הינטער דער דיקער מויער האָבן זיי אין משך פון דרייַ טעג געלאָזט הערן אַז זיי זיינען דאָ. דער סך־הכל איז געווען דרייַ דערהרגטע און איין־און־צוואַנציק פאַרוואונדעטע מצד די יידן; 5 דערהרגטע און 25 מצד די פיינטלעכע אַראַבער.

די טרויעריקע נייעס איז שוין באַקאַנט אין דער ברייטער וועלט. וואָס איך בין דאָ אויסן איז, צו דערציילן און לאָזן וויסן די שטימונגען אין דער הייליקער שטאָט בשעת די שיסערייען.

בדרך כלל האלט זיך דער עולם גאַנץ רואיק, מען לויפט ניט און מען פאַלט ניט אַריין אין קיין פּאַניק, די באַפעלקערונג ווייזט אַרויס געדולד און זי איז זיך סומך, אַז מיט גאָטס הילף וועט די אַרמיי פאַרטיידיקן דעם כבוד פון ישראל. די זיצונגען פון דער כנסיה הגדולה זיינען ניט איבערגעריסן געוואָרן.

ווי עס איז באַקאַנט געפינט זיך דער פּרומסטער קוואַרטאַל אי ירושלים „מאה שערים" ביי דער גרעניץ פון דער אַלט שטאָט. די ערשטע קוילן ווערן טאקע אַהין אָפּגעפייערט. דער רוב פון אָט דער אולטראַ־

פרומער יידישער באפעלקערונג בלייבט אויף זייערע ערטער און רירן זיך ניט, זאָל געשען וואָס עס זאָל ניט זיין. א קליינער טייל לויפט צו זייערע קרובים אין אנדערע טיילן פון שטאָט. עס איז געווען פיינלעך צו זען ווי אלטע יידן, מענער און פרויען מיט זייער ספעציעלן ירושלימער טראכט זיינען פרייטיק געגאנגען אין די ירושלימער גאסן מיט געפעק אויף זייערע אקסלען, אין זייערע שבת קודישדיקע מלבושים, ווייסע כאלאטן, דרייצן־שפיציקע קיר״השע שטריימלעך מיט ברייטע גארטלען, טראָגן זיי חלות און קידוש־וויין און בעכער אונטער זייערע אָרעמס באגלייט פון זייערע פרויען, וועלכע טראָגן אויך ווייסע ברייטע פארטוכער, קאָלירטע קופּקעס אָדער העלע טיכלעך באדעקן זייערע האָר, טראָגן כלים צו שטעלן טשאָלענט, זיי פארגעסן ניט אפילו אין אן עת צרה אז ס׳איז שבת. אָט אזוי האָט איר זיי געזען גיין איבער די ירושלימער גאסן זוכנדיק א שעלטער זיך צו שיצן פונם שונאס קוילן.

עס גייען ארום פארשיידענע ווערסיעס און השערות צו געפונען די סיבות פארוואָס גראָד ווען עס האָט זיך געעפנט די כנסיה הגדולה, דער וועלט קאָנגרעס פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום, האָבן די אראבער פון עבר הירדן לעגיאָן געפונען פאר פּאסיק אָנצוהויבן אזא שטארקע שיסעריי מיט קוילן, הארמאטן און האנט־גראנאטן, הגם דער אמת איז, אז די אראבער דאַרפן ניט קיינע ספּעציעלע סיבות; זייער שנאה און האס איז שטארק, זייער קנאה ברענט וואָס ישראל אנטוויקלט זיך מער און מער און וואקסט אויף אלע געביטן. דאָס אליין איז שוין גענוג אָנצושרעקן די יידן און זיי ארייננווארפן אין א שטימונג פון פּאניק. האָט מען אָבער שטארק באמערקט ווי דער עולם גלויבט, אז „שולדיק״ אין דעם איז גאָר א באוואוסטער אמעריקאנער רב, וואָס האָט טעלעגראפירט צום פּרעזידענט פון די פאראייניגטן שטאטן, — אייזנהאוער, ער זאָל אויסווירקן ביי דער עבר הירדן רעגירונג מען זאָל עפענען א וועג צום כותל מערבי פאר די אויסלענדישע דעלעגאטן פון דער כנסיה הגדולה... נו, האָבן די לעגיאָנערן געענטפערט מיט א האָגל פון קוילן און שארפּנעלן...

זעלבסטפארשטענדלעך אז די דאָזיקע השערות זיינען בלויז ביליקע סענסאציעס, וועלכע קיין ערנסטע צייטונג אָדער רעגירונגס מענטשן האָבן אויף זיי קיין אכט ניט געלייגט.

אין ירושלים גופא, כאָטש זי איז ארומגערינגלט מיט די אראבישע גרעניצן, געפינט זיך אָבער פאָרט ניט דאָרטן די גרויסע דיוויזיעס פון דער

ישראל ארמיי. אין משך פון א מעת לעת האָט מען שוין געזען יידישע הארמאטן און מאסן סאָלדאטן באוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס ארומפאָרן איבער די ירושלימער גאסן. זיי האָבן בארואיקט, דערמוטיקט און דערהויבן די האָפענונג, אז די אראבער וועלן זיך אָפּשרעקן. אזוי איז טאקע געווען. יידן זיינען געווען „זיכער", אז טאָמער פייערן די אראבער פרייטיק צו נאכט נאָך איין־איינציקן שאָס, מארשירן אריין די יידישע מיליטערישע אָפּטיילונגען קיין אלט־ירושלים, און פארכאַפּן די אלט־שטאָט מיטן כותל המערבי, מיטן ירושלימער אוניווערסיטעט און הדסה שפיטאָל.

זיצענדיק אויף דער כנסיה הגדולה אינם הויפּט־סעקרעטאריאט מיט נאָך א גרופּע סעקרעטארן, זאָגט צו מיר א באוואוסטער שרייבער בזה הלשון: „איר וועט זען, אז מאָרגן שבת וועלן מיר אם ירצה השם דאוונען מנחה ביים כותל המערבי... ער האָט עס ניט געזאָגט ווי א וואונטש, נאָר ווי א זיכערקייט. יידן זיינען געווען זיכער, אז די ישראלדיקע ארמיי שטייט גרייט על כל צרה שלא תבוא ארייננצומארשירן קיין אלט־ירושלים...

דאָס אלץ זיינען אָבער בעל הבתישע גוטע וואונטשן און השערות. פון פּאָליטישן שטאנדפּונקט האלט ניט ישראל ביים אָנפאנגען א מלחמה מיט די אראבער. ישראל איז אָבער גרייט צוריקצושלאָגן יעדע אטאקע.

עס איז קלאָר, אז דאָ איז געווען א צוגעגרייטע מיליטערישע אָפּעראציע מצד די אראבער, וואָס האָט געהאט א קלאָרן פּאָליטישן ציל.

צבא הגנה לישראל, אין ראשי תיבות „צה"ל", אויף יידיש, די ישראלדיקע ארמיי, האָט ווירדיק געענטפערט אָבער ניט מיט קיין הארמאטן און האנט־גראנאטן, כדי ניט חרוב צו מאַכן די הייליקע מקומות אין אלט־ירושלים און ניט פארוואנדלען די הייליקע שטאָט אין חורבות.

עס איז באקאנט, אז ישראל נעמט ניט קיין אָנטייל אין דער אראביש־ישראלדיקער קאָמיסיע. אין דעם פאל האָט זיך ישראל אומגעקערט צו דער דאָזיקער קאָמיסיע, כדי צו באווייזן, אז די ירדן מלוכה טראָגט די פולע אחריות פאר דער שיסעריי. די יידישע פאָרשטייער אין דער יו־ען קאָמיסיע האָבן קלאָר און פעסט געלאָזט וויסן, אז ישראל וויל א רואיק לעבן פון שאפן אוןווירקן, מיר וועלן אָבער ניט דערלויבן אז יידיש בלוט זאָל זיין הפקר, — האָט שטאָלץ און מוטיק דערקלערט דער ישראל דעלעגאט.

א גרויסער רושם האָט געמאכט אין ירושלים און אין גאנץ ישראל דער פאקט, וואָס א דעלעגאט צו דער כנסיה הגדולה פון פראנקרייך, הרב ר' משה גאָלדבערג, רב פון פּאריז, געוועזענער מיטגליד פון וועד הרבנים

אין לאָדז, זיצנדיק ביי זיך אין צימער פון א האָטעל אין מאה שערים געגנט, נאָענט צו דער אראבישער גרעניץ, איז פארוואונדעט געוואָרן פון א שפּליטער פון א שראפּנעל. די גרעסטע דאָקטוירים פון הדסה שפּיטאָל האָבן זיך באמיט צו ראטעווען זיין לעבן. כמעט א וואָך צייט האָט זיך הרב גאָלדבערג געראנגלט צווישן לעבן און טויט. אלע צייטונגען און ראדיאָ אנאָנסער האָבן טאָג־טעגלעך מיטגעטיילט זיין מצב. אין דער נאכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך, זעקס טעג אין תמוז, האָט ער אויסגעהויבט זיין נשמה. ה׳ ינקום דמו.

אין צווייטן קאפּיטל וועל איך באריכות באשרייבן זיין גרויסע לוויה, וועלכע האָט צוגעצויגן כמעט גאנץ ירושלים.

היינט ווען איך שרייב דעם דאָזיקן בריוו געפינט זיך ירושלים רואיק און זיכער, מען ווייסט אז עס האלט ניט ביי קיין מלחמה, מען ווייסט אָבער ניט ווער עס שטייט הינטער דעם אראבישן לעגיאָן, ווער עס דערמוטיקט זיי און גיט זיי קוראזש?...

די לאגע איז ווידער קלאָר, ירושלים האָט ווידער באקומען איר צויבער און פּראכט; בייטאָג ברענט די זון און אין אָוונט איז קיל, א מחיה. די באוועגונג גייט אָן, דער עולם זינגט און איז פריילעך, קינדעלעך שפּילן זיך אין די גאסן און ס׳איז כמעט ניט צו דערקענען, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק זיינען געפלויגן אראבישע קוילן איבער די קעפּ פון ירושלים.

## יא

## גרויסע לוויה אין ירושלים

עס איז ניט ריכטיק וואָס אייניקע קאָרעספּאָנדענטן פון ישראל האָבן מיטגעטיילט, אז הרב ר׳ משה אליקום בריעה גאָלדבערג פון פּאריז, איז געפאלן פון אן אראבישער קויל אויף די גאסן פון ירושלים, דער אמת איז געווען, אז הרב גאָלדבערג איז געזעסן ביי זיך אין צימער פון האָטעל אין „מאה שערים״ געגנט, בשעת די שיסערייען, מיטוואָך, ערב ראש חודש תמוז, א שראפּנעל האָט ערגעץ וואו אין שכנות פון יענעם האָטעל אויפגעריסן און א שפּליטער, א ברעקל פון יענעם שראפּנעל, איז דורכגעפלויגן דורכן פענצטער און שווער פארוואונדעט דעם פּאריזער אָרטאָדאָקסישן דעלעגאַט

צו דער כנסיה הגדולה. מען האָט אים איבערגעפירט צום "זיוו" שפיטאָל פון הדסה, און דאָרטן איז ער אין א וואָך ארום נפטר געוואָרן.

איטלעכן טאָג האָט די ראַדיאָ־סטאַנציע "קול ישראל" געלאָזט וויסן דעם צושטאַנד פונם חולה, אַלע צייטונגען האָבן פּראָמינענט באַריכטעט איבער זיין מצב. דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר און דער קאָנסולאַט האָבן געוואַכט איבערן גאַנג פון דער קראַנקהייט. די כנסיה הגדולה האָט פון צייט צו צייט איבערגעריסן אירע מיטינגען, דער גאַנצער עולם דעלעגאַטן האָבן זיך אויפגעשטעלט און מיט גרויס התעוררות געזאָגט תהלים. עס איז געווען פּיינלעך צו זען ווי רביים, רבנים, ראשי ישיבה, מענער און פרויען האָבן געוויינט אויפן קול, בעטנדיק פאַרן חולה רחמים גדולים.

עס וויזט אָבער אויס, אַז אַזוי איז נגזר געווען מן השמים, דער שווער־פאַרוואונדעטער הרב ר׳ משה גאָלדבערג האָט איבערגעלאָזט זיין שטערבלעכן טייל פאַר ירושלים של מטה, און זיין נשמה איז אוועק צום ירושלים של מעלה...

דער "קול ישראל" ראַדיאָ און אַלע צייטונגען אָן אויסנאַם האָבן פּראָמינענט מודיע געווען וועגן דער פּטירה פונם קרבן פון די אַראַבישע שיסערייען. די לוויה איז באַשטימט געוואָרן אויף צוויי אַזייגער מיטוואָך, זעקס טעג אין תמוז, תשי״ד.

אין ירושלים איז ניט פאַראַן קיין חסד של אמת בנין פון וואַנען די מתים ווערן געפירט צו זייער אייביקער רו. איטלעכער שפיטאָל האָט א מתים שטיבל. דאָרט איז מען דעם נפטר מטהר, מען טוט אים זיין רעכט לויטן אַלטן הייליקן מנהג פון דער הייליקער שטאָט, און פון דאָרטן אויס פירט מען דעם בר מינן צו איינעם פון די בתי הקברות.

ווי ס׳איז באַקאַנט, איז דער הר הזיתים געווען דער צענטראַלער בית החיים פאַר ירושלים, פאַר ישראל, און פאַר אַלע יידן וועלכע האָבן געוואָלט נקבר ווערן אין ירושלים. היינט צו טאָג געפינט זיך דער הר הזיתים אין די אַראַבישע הענט, און אַזוי ווי די אייראָפּעישע "ציוויליזאַציע" דרינגט אַריין אַלץ מער אין די אַראַבישע לענדער, האָבן די לעצטע אויך איבערגענומען די "מעשים טובים" פון די אייראָפּעישע קאָליגאַנעס, צו שענדן קברים, ברעכן מצבות און אַנדערע וואַנדאַלישע מעשים.

ווי ביטער די אַראַבער זאָלן ניט זיין זיינען זיי אָבער פאָרט א טיף גלויביקע מאַסע, וועלכע גלויבט אין א יעדער וועלט. זיי האָבן פיינט דעם לעבעדיקן ייד, אָבער טאָמער דערשיסן זיי א ישראלי נאָכן "קידנעפּן" אים,

ברענגען זיי דעם טויטן שומר צוריק צו דער יידישער גרעניץ. איז אָבער גרויס דער וואונדער וואָס לעצטנס האָבן זיי געשענדעט די מצבות און קברים אויפן הר הזיתים, וואו עס געפינען זיך די הייליקע קברים פון דור דורות. זיי איירפאָפעיזירן זיך די קינדער פון ישמעאל און טוען נאָך יענע כוליגאנעס...

ניט באזיצנדיק דעם הר הזיתים האָט די ירושלימער חברה קדישא געעפנט צייטווייליקע בתי חיים אין פארשיידענע פאַרשטעט פון ירושלים, מיטן תנאי שפעטער איבערצופירן די ביינער פון די נפטרים אויפן הר הזיתים.

אין ירושלים איז אויך פאראן אן אלטער מנהג ניט צו לאָזן איבער־נעכטיקן קיין בר מינן. לוויות קומען פאָר אפילו שפעט ביי נאכט. פון דער פטירה ביז צו דער קבורה נעמט אינגאנצן אייניקע שעה.

די לוויה פון הרב גאָלדבערג האָט צוגעצויגן כמעט גאנץ ירושלים. די באוועגונג אין שטאָט ארום דעם הדסה שפיטאָל איז געווען גענצלעך אָפגעשטעלט. טויזנטער און טויזנטער יידן האָבן געשטראָמט צו יענעם געגנט. די גאסן זיינען געווען פול מיט מענטשן פון אלע ריכטונגען. פאָליציי און מיליטער־לייט האָבן געהאט א שווער שטיקל ארבעט צו האלטן אָרדנונג, קיינער זאָל חלילה ניט צעדריקט ווערן.

פאר רבנים איז געגעבען געוואָרן באזונדערע פריווילעגיעס, זיי האָט מען צוגעלאָזט צום טהרה שטיבל, מען האָט געקאָנט זען די ירושלימער מנהגים ארום דער טהרה און הלבשה. מען לייגט ניט קיין בר מינן אין קיין אָרון, מען וויקלט אים איין אין תכריכים און אין א גרויסן טלית, דאן לייגט מען אים אויף אזא פרימיטיווער מיטה, וועלכע באשטייט פון צוויי הילצערנע דרענגלעך מיט דראָטענע פארבינדונגען, און אזוי טראָגט מען דעם נפטר מיט די הענט...

ווען רבנים האָבן ארויסגעטראָגן דעם קדוש הרב גאָלדבערג ע״ה פונם טהרה שטיבל, האָט דער גאנצער עולם אויסגעבראָכן אין א יאָמערלעך געוויין. דער פראנצויזישער קאָנסול האָט זיך אויך ניט געקאָנט באהערשן, ער האָט געוויינט צוזאמען מיטן עולם מלווים. ער האָט נאָך אין זיין לעבן ניט געזען אזא מין שטייגער לוויה. טאקע פרימיטיוו, אלט מאָדיש אָבער רירענד ביז גאָר... אָן צילינדערס, אָן שווארצע קרעפענע קליידער, אָן שווארצע הענטשקעס, אָן בלומען, דערפאר אָבער מיט פיל ווארעמע טרערן, מיט טיפע יידישע זיפצן און קרעכצן.

די לוויה איז דורכגעגאנגען פיל שמאָלע ירושלימער געסלעך ביז זי האָט זיך אָפגעשטעלט ביי א בנין פון א צדקה אינסטיטוציע.

דער טבריהער רב הרב ווערנער האָט אָנגעהויבן דעם ערשטן הספד, נאָך אים הרב ווערטהיימער. עס קומט אָן דער הויפּט רב פון ישראל, הרב הגאון ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג, ער איז מספיד אין העברעיש, ער רעדט רירנדיקע ווערטער, ער רופט די אראבישע וועלט זיך צו בארויקן און געדענקען, אז „לא זו הדרך״, בעסער שלום און פרידן און לעבן צוזאמען. זיין הספד מאכט א טיפן רושם. נאָך יעדן הספד ווערט אין ירושלים געזאָגט קדיש.

דער לוויה צוג הויפּט זיך אָן רירן פון אָרט, צו דעם „בניני האומה״ וואו עס קומט פאָר די כנסיה הגדולה.

„בניני האומה״ איז איינער פון די גרעסטע בנינים אין ישראל, א זאל וועלכער נעמט אריין ביז אכט טויזנט פערזאָן. א בנין מיט פיל אולמים (זאלן), משרדים (אָפיסעס), דאָרטן איז פאָרגעקומען די נאציאָנאלע אויס־שטעלונג, כבוש השממה (דאָס איינגעמען און אָקופּירן די וויסטענישן), דאָרטן האָט זיך פארזאמלט דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום פון דער וועלט און אָפּגעהאלטן איר פערטע כנסיה הגדולה, — דאָרטן אהין האָט מען צוגעפירט דעם קערפּער פון הרב גאָלדבערג ע״ה.

דאָס איז א גאָר היבשער מהלך, די לוויה פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן עטלעכע שעה צייט. רבנים, פאָרשטייער פון דער כנסיה הגדולה זיינען מספּיד דעם נפטר, זיי באטראכטן דעם קדוש אלס א קרבן און א שליח ציבור, אזוי אז די גאנצע יידישע באפעלקערונג דארף ברענגען אן עגלה ערופה, צו קאָנען זאָגן: „ידינו לא שפכו את הדם הזה״. הרב אייזנשטאט פון ניו־יאָרק, און הרב ר׳ שלום שוואדראָן, ירושלימער שטאָט מגיד זיינען פון די הויפּט מספּידים.

אלע ירושלימער רביים מיט גערער רבין בראש, און אלע ירושלימער רבנים מיט הרב הראשי הערצאָג אין דער שפּיץ, גייען נאָך דעם ריזיקן עולם מלווים. א שוועסטער און שוואָגער פונם נפטר, וועלכע לעבן אין ישראל געפינען זיך אויך צווישן די מלווים. דער נפטר האָט ניט איבערגעלאָזן ניט קיין פרוי און ניט קיין קינדער.

פונם בנין האומה ווערט דער נפטר געפירט אין א אויטאָבוס, א גרויסער עולם פאָרט מיט צום בית החיים, און די פיס־גייער צעגייען זיך אהיים אין א געדריקטער שטימונג.

לאנג, לאנג האָט ירושלים ניט געזען אזא טיף־רירנדיקע לוויה. טויזנטער געשעפטן זיינען אינמיטן טאָג געשלאָסן געוואָרן. מענטשן האָבן

אוועקגעלייגט זייער ארבעט, סוחרים האָבן פארלאָזט זייערע געשעפטן. אלע זיינען זיי געקומען אָפּגעבן כבוד דעם נפטר.

זכרונו לברכה!

יב

# מיין באַזוך אין דער כנסת

דינסטיק, דעם 14טן סיון, בין איך אָנגעקומען קיין ישראל, און דעם זעלבן טאָג האָב איך בייגעוואוינט א זיצונג אין דער כנסת.

דער אריינגאנג איז שטארק באוואכט, ווייל עס פעלן ניט קיין פגעים, צרות און שלעק, וועלכע קאָנען זיך אריינרייסן און שטערן די זיצונגען. אויב ניט קיין פּאַרטאָ־ריקאַנער, וועלכע קומען באוואָפנט אין וואַשינגטאָנער פארלאמענט און לייגן אוועק עטלעכע קאָנגרעסלייט אויף עטלעכע וואָכן אין שפּיטאָל אריין, קאָנען אָבער דאָ קומען היציקע יונגעלייט, געשוואוירענע פארטייליים, קעגנער פון דער רעגירונג, מיט פייערדיקע צווישן־רופן, און סתם שטערער...

שטייען יידישע שוטרים ביים אריינגאנג אין דער כנסת און מ׳אַן איז בודק די איינטריט־קארטן.

דער הויפּט פון דער פּאָליציי, מר. שיטריט, איז כידוע א ספרדישער ייד. זיינען שוין ממילא „כמעט" אלע פּאָליציי־לייט ספרדישע יידן... עס זאָגט זיך נאָר אזוי „כמעט אלע". אין דער אמתן זיינען פאראן פיל שוטרים פון אנדערע יידישע שבטים אויך.

דעם ספרדישן יידן דערקענט איר אָבער באלד. זיין פּנים איז טונקל־ברוין ווי אלע שפּאניש פּאָרטוגעזישע מענטשן. זיי ריידן שנעל און מיט באוועגונגען. דער גאנצער קערפּער זייערער רעדט. מזרח־אייראָפּעישע יידן פלעגן אויך האָבן א טבע צו ריידן מיט די הענט, די ספרדישע יידן אָבער מאכן באוועגונגען מיט אלע איברים. זיי ריידן הויך און פייער־פונקען שפּריצן פון זייערע אויגן.

ווען אזעלכע חברה־לייט דרייען זיך ארום אויף די ישראלדיקע גאסן, דערמאָנען זיי אין סדר, ווי מען פלעגט זאָגן אין דער אלטער היים: „פארשאָנדעק מושי ביטש" — אלץ מוז זיין אין אָרדענונג, בסדר נכון.

כאָטש זיי וואַרפן ניט אָן קיין פּחד ווי דער אמאָליקער רוסיש־

צארישער סטראזשניק אָדער זשאנדאַר, זיינען זיי, די יידישע שוטרים, גענוג שטרענג און גרייט על כל צרה שלא תבוא צו האלטן אָרדענונג.

מיין „קאנאדער אָדלער" זשורנאליסטן און פּרעסע קארד האָט מיך געראַטעוועט. מען האָט מיך אריינגעפירט מיט כבוד אין דער זשורנאליסטן־לאָזשע און מכבד געווען מיט א בכבודיק בענקל, און געגעבן א געלעגנהייט צו זען דעם יידישן פּארלאמענט.

אין ערשטן אויגנבליק האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. כ'האָב אין דער שטיל געשעפּטשעט א ברכה, א שהחיינו וואָס איך האָב זוכה געווען מיט מיינע אויגן צו זען ווי יידישע דעפּוטאַטן דיסקוטירן דאָס יידישע געזעץ, וואָס האָט א שייכות צו באשיצן דאָס לאנד.

דער בנין פון דער כנסת איז ניט קיין גרויסער, ווייל דאָס איז דאָך דער ווייל א צייטווייליקער זיץ־אָרט פונם ישראלדיקן פּארלאמענט. ער איז אָבער זייער שיין און ציכטיק. די ווענט ווייס, די זיץ־פּלעצער האלב רונדיק, די טריבונע ברייט און באקוועם, דער רעגירונגס־טיש ניט גרויס, אָבער ער רופט ארויס רעספּעקט.

ווי פּעלגט מען זאָגן אין דער אלטער היים: ג־ט שיקט תמיד צו דעם טרינקער זיין וויין און דעם וועבער זיין פלאקס. צו מיין „הצלחה" האָט יראָד געפירט יענע זיצונג דער סגן יושב־ראש, דער וויצע־ספּיקער, ר' בנימין מינץ, פּרעזידענט פון פועלי אגודת־ישראל, א חסידישער פלאם־פייערדיקער רעדנער, מיט א שיינער שווארצער באָרד (ווי באקאנט, איז יוסף שפּרינצאק דער ספּיקער). ס'איז געווען א נחת צו הערן ווי א פועלי אגודיסט רעדט א פּליסיקן ספרדישן העברעיש און פירט אָן מיט א יידישן פּארלאמענט.

דער רעדנער איז דאן געווען דער בארימט־געוואָרענער ליבקער דעפּוטאַט אליעזר ליבנה(ליוונע).

די דעפּוטאַטן האָבן דיסקוטירט א געזעץ פאר עבריינים, פארברעכערס, ווי גרויס עס דארף זיין די שטראָף, דער מינימום און מאקסימום שטראָף פאר פארשיידענע קלענערע און גרעסערע פארברעכנס.

אליעזר ליבנה איז בארימט געוואָרן אין ישראל, און איבער דער גאנצער יידישער וועלט צוליב א מערקווירדיקן פאקט, וועלכער איז זייער כאראקטעריסטיש פאר ישראל.

כידוע איז די הערשנדיקע פּארטיי היינט צו טאָג אין ישראל די מפא"י, און א חבר פון יענער חברה דארף גיין אין שפּאן: די ווייבער טאָרן ניט טראָגן קיין מינק מאַנטלען און ניט באזיצן קיין באזונדערע אויטאָ־

מאָבילן, זיי וואוינען אין באשיידענע, קליינע הייזער, אָן משרתים און אָן גערטנער, אָן קעכינס און אָן לאקייען ביי דער טיר...

אפילו דער נשיא, דער פרעזידענט פון ישראל, יצחק בן־צבי, וואוינט זיך אויך באשיידן, און דוד בן־גוריון וואוינט אויך ניט אין קיין פאלאץ אין שדה־בוקר.

אויב איר ווילט דווקא איז עס א יידישע מידה. יעקב אָבינו האָט געשטראָפט זיינע קינדער, זאָגענדיק צו זיי: למה תתראו — באווייזט זיך ניט מיט אייער האָב און גוטס פאר פרעמדע.

וואָס טוט אָבער דער לינקער דעפּוטאט און מפא״י פּאָליטיקער? ער לאָזט זיך איינריידן פונם יצר הרע, קויפט זיך א מגרש און לאָזט זיך אויפבויען א פאלאצל... זיינען ארויס די סאָציאליסטישע צייטונגען מיט יענעם ירגזון, היתכן? אזוי מבזה צו זיין אונדזער פארטיי?

צווישן חסידים פלעגט מען זאָגן: ביסטו א למדן, טאָ גיי ארויס פון דער חברה... האָסטו ר׳ אליעזר ליבנה אזעלכע קאפיטאליסטישע אפעטיטן, טאָ טראָג זיך שוין ארויס פון דער חברה... און ס׳איז טאקע א סברא אז פאר דעם חטא וועט ער מוזן זיך אָפּטראָגן פון דער מפא״י...

חסידים דערציילן: ס׳איז אמאָל געקומען א חסיד צו זיין רבין און אים געבעטן ער זאָל צוריידן זיין איידים אָפּצוגטן זיין טאָכטער. פרעגט אים דער רבי, וואָס האָט דיין איידים אזוי געזינדיקט, אז ער דארף אָפּגטן דיין טאָכטער? ענטפערט דער חסיד: רבי, דער יונגאטש איז מזלזל מיט מים אחרונים.

ברוגזט זיך דער רבי אָן אויף יענעם חסיד און זאָגט: ס׳איז טאקע א קלות אז מען וואשט זיך ניט מיט מים אחרונים, אָבער חס ושלום צוליב דעם זאָל ער זיך גטן מיט דיין טאָכטער!?

רבי, פארענטפערט זיך דער חסיד, איך דערמאָן נאָר דעם חטא פון מים אחרונים. אין דער אמתן זינדיקט ער אונטער אויך מיט אנדערע עבירות.

איך בין ניט נאַאיוו גענוג צו גלויבן, אז אליעזר ליבנה מוז פארלאָזן די מפא״י צוליב יענעם פאלאצל. מסתמא זיינען אויך דאָ אנדערע חילוקי דעותן צווישן אים און די פארטיי־פירערס. דעם טומל און דעם רעש מאכט מען צוליב זיין לוקסוס־הויז... און דרך־אגב איז עס א גוט שטיקל פּראָפּאגאנדע...

ניט זייענדיק קיין פוילער אלע מיינע יאָרן, האָב איך פאר טשיקאַוועס

זיך מטריח געווען און זיך געלאָזט אהין צו יענעם „פּאלאַץ״ פון אליעזר ליבנה.

א האלבע שעה האָב איך זיך דאָרטן ארומגעדרייט, אלץ באטראַכט און גוט באקוקט (זעלבספּארשטענדלעך, נאָר פון דרויסן), און כ׳בין געקומען צום באשלוס, אז דאָס איז גיכער א פּאָליטישער טומל ווי א קאַפּיטאליסטישע תאווה... ס׳איז זייער ווייט פון א היגן נגידס א הויז, קבצנים און ארבעטער אין אמעריקע און אין קאנאדע וואוינען זיך (ניט אלע) אין שענערע און באקוועמערע הייזער ווי אליעזר ליבנהס „פּאלאַץ״.

אָבער פונדערוועיטנס וויל איך חס ושלום קיין דעה ניט זאָגן די יעניקע, וועלכע האָבן אויסגעפונען אז א מפא״י דעפּוטאט דאַרף וואוינען מער באשיידן און ניט אזוי „פּארשייט״ אויפרייסן די אויגן, און דער עיקר גורם זיין, אז ארבעטער זאָלן חס ושלום עובר זיין איטלעכן טאָג אויף דער גראָבער עבירה פון די עשרת הדברות — אויפן לא תחמוד — אז א ייד טאָר ניט גלוסטן, ניט צו זיין חברס ווייב און ניט צו זיין חברס הויז, און ניט צו קיין זאַך וואָס זיין חבר האָט...

## יג

# פייערליכע אויפנאמע אין דער עיריה

דער שטאָט־פּרעזידענט פון ירושלים, האָט בשעת זיין באגריסונג אויף דער כנסיה הגדולה, איינגעלאדן די דעלעגאטן פון אויסלאנד צו באזוכן דעם שטאָט־ראַט.

דער מעיאָר פון ירושלים איז ניט סתם אזוי א ייד פון א גאנץ יאָר. ירושלים האָט שוין א טראדיציע אז איר מעיאָר דאַרף זיין א רעליגיעזער ייד דוקא. דער פריערדיקער מעיאָר איז געווען מר. שרגאי, א פּוילישער ייד, א ראדזינער חסיד, וועלכער טראָגט תכלת בלויע ציצית. דער היינטיקער מעיאָר, אָדער שטאָט־פּרעזידענט, איז יצחק קריב (קאריוו), א זייער ענערגישער יונגערמאן, וועלכער שטאמט פון פּאביאניץ, לעבן לאָדז (פּוילן), א שטרענג אָרטאָדאָקסישער ייד, א בן־תורה, געלערנט אמאָל אין ישיבות, און א ביז גאָר ליבלעכער מענטש.

כאָטש יצחק קריב איז א מזרחי, אָדער גאָר הפּועל המזרחי, דאָך איז ער שטארק באגייסטערט געוואָרן פון דער כנסיה הגדולה.

ירושלים איז א הייליקע שטאָט ניט בלויז אין דער פאנטאזיע, נאָר מען דערשפירט ממש די אנדערשקייט און די פרומקייט גייענדיק אויף דער גאס. שבת אין ירושלים — איז א הערלעך קאפיטל באזונדער. איך רייד אצינד אָבער נאָר פון ירושלים אין א פּראָסטן מיטוואָך.

עס איז ניט קיין נאָווינע צו באגעגענען אין די ירושלימער גאסן יידן פון א פאטריארכאלישן אויסזען, יידן מיט ברייטע סאמעטענע קאפעלושן, ווייסע כאלאטן מיט ברייטע גארטלען, ווייסע זאָקן ביז צו די קני, לאנגע שיינע בערד און געקרייזלטע פיאות. ניט נאָר זקנים טרעפט איר אין אזא עכט ירושלימער טראכט, נאָר אויך יוגנטלעכע, ישיבה־לייט, חדר ייגנלעך, האָרעפּאשנע ארבעטער, פעדלער, קליין־סוחרים, גאסן־קערער און שיך־פּוצער.

די ירושלימער פרויען דערקענט איר אויך לויט זייער צניעותדיקער קליידונג און באַדעקטע האָר.

וואָלטן דאָך, על פי שכל, ניט געדארפט ארויסרופן די כנסיה הגדולה דעלעגאטן אזא אָנזען מיט זייער טראדיציאָנעלן לבוש און טראכט. ירושלים איז דאָך ניט ווין אָדער מאריענבאד (דאָרטן זיינען אָפּגעהאלטן געוואָרן די פריערדיקע כנסיות הגדולות). פונדעסטוועגן האָבן זיך פאָרט אויף טריט און שריט אָנגעזען די הונדערטער פרעמדע דעלעגאטן און געסט.

דער פרעזידענט פון דער הייליקסטער שטאָט אין דער וועלט, ר׳ יצחק קריב, האָט לכתחילה באשטימט דעם אויפנאם־פּלאַץ אין שטאָטישן גאָרטן. שפּעטער איז געמאָלדן געוואָרן אז דער קבלת־פּנים וועט פאָרקומען אינם בנין פונם שטאָט־ראט „עיריה״.

די אורח׳ים זיינען געווען פּינקטלעך. אינם גרויסן זאל האָבן זיך אויסגעזעצט דעלעגאטן פון זיבעצן לענדער. דער פּרעזידיום־טיש איז געווען באשטימט פאר רביים און רבנים.

יידישע פּאָליציסטן האָבן געהאלטן אָרדענונג און באאמטע האָבן דערלאנגט כיבוד — טערקישע קאפע, ישראלדיקע מיצים (פּרוכט־זאפט) און שטרענג־כשרע קיכלעך, בייגל שטרודל און לעקעך.

דער מעיאָר פון ירושלים איז מקבל פּנים די געסט. פון גרויס באגייסטערונג רעדט ער ציטערנדיק. דער שונא האָט אבי׳סל פארשטערט די גרויסע שמחה (געמיינט די אראבישע שיסערייען), די גאנצע שטאָט־פארוואלטונג איז באזאָרגט איבער דער זיכערקייט פון דער הייליקער שטאָט.

אלע פּארטייען זיינען פארטראָטן אין דער שטאָט־פארוואלטונג. דער

פרעזידענט, איז א מזרחי, דער וויצע־פרעזידענט, הרב משה פרוש (אגודה). די פרייע, מאָדערנע עלעמענטן, קאָנען ניט מוחל זיין וואָס די פירערשאפט פון דער הייליקער שטאָט ליגט אין רעליגיעזע הענט...

די איינוואוינער פון ירושלים האָבן א שטארקע אמונה, פארלאָזן זיי ניט זייערע היימען, כאָטש זיי געפינען זיך הארט ביים גרעניץ. ניטאָ קיין טאָג, אָדער אויף וועלכער עס איז זיצונג, אז עס זאָלן ניט ארויפשווימען פראָבלעמען וואָס האָבן א דירעקטע אָדער אומדירעקטע שייכות צו יידישקייט.

יצחק קריב פלעכט אריין אין זיין באגריסונג־רעדע פסוקים פון תנ״ך און מאמרים פון תלמוד, און לאָזט איבער א גרויסן רושם אויף אלע איינגעלאדענע געסט.



אויפנאַמע אין ירושלימער שטאָט ראַט. רעכטס: יצחק קאַריוו, בירגערמייסטער; סאַדיגורער רבי; ד״ר יצחק לעווין; הרב ר׳ יצחק מאיר לעווין און הרב מאיר שוואַרצמאַן.

דער צווייטער צו באגריסן איז געווען הרב ר׳ משה פרוש (אגודה), וויצע־פרעזידענט פונם שטאָט־ראט. ער דערמאָנט די דעלעגאטן, אז ער געדענקט ווי אויף דער דריטער כנסיה הגדולה, אין מארענבאד (טשעכאָסלאָוואקיע), האָט באגריסט דער וויצע־פרעזידענט פון שטאָט, אויך א ייד... אָבער יענער איז געווען אן אסימילירטער ייד וועלכער האָט געדינט א פרעמדער שטאָט, און היינט האָט איר דאָ געהערט א באגריסונג פונם ראש־

העיריה, פרעזידענט פון ירושלים עיר הקודש, וועלכער איז א ייד א שומר שבת און לייגט תפילין.

ניטאָ קיין שטאָט אויף דער גאנצער וועלט, וואו דער שבת זאָל זיין אזוי בולט ווי אין ירושלים.

עס באגריסן נאָך הרב ר׳ יצחק מאיר לעווין, געוועזענער מיניסטער אין דער ישראל רעגירונג; אהרן גודמאן (לאָנדאָן), פּאָליטישער סעקרעטאר פון דער וועלט אגודת ישראל; הרב דר. יצחק לעווין, פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין ישיבת ר׳ יצחק־אלחנן, אין ניו יאָרק; אברהם טרעגער (פון פאג״י): ר׳ ישראל מאיר קליינלערער (פּועלי אגודת ישראל): דער סאדעגורער רבי און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

דער עולם פארברענגט פריינדלעך. מען איז טועם די געשמאקע געבעקס און מען זופּט צו ביסלעך די ביטערע טערקישע קאַפע. ווער ווייסט, אפשר האָט מען אונדז מכבד געווען מיט ביטערע טערקישע קאַפע אלס זכר פון יענעם ביטערן טערקישן רעזשים... ווי להבדיל מען עסט מרור ביים סדר, לזכר אז די מצריים האָבן פארביטערט אונדזער לעבן צוויי הונדערט מיט צען יאָר...

אין דער אמתן איז די טערקישע קאַפע אין ירושלימער אויפנאם־זאל גאָר ניט געווען אזוי ביטער. אדרבה, מיר האָבן זיך פארטראכט און אָפּגעגעבן א חשבון, אז מיר זיצן אין דעם בנין פון דער שטאָט פארוואלטונג פון דער הייליקסטער שטאָט אין דער וועלט, פון דער שטאָט וועלכע די ברייטע גרויסע וועלט (אפילו די דעמאָקראטישע) האָט נאָך לעת־עתה ניט מסכים געווען אז זי איז די קרוין שטאָט פון ישראל...

מיר האָבן געדענקט בשעתן זופּן די שווארצע טערקישע קאַפע, אז מיר געפינען זיך אין ירושלים, די שטאָט וועלכע יידן האָבן געטראָגן טויזענטער יאָרן ניט בלויז אויף זייערע ליפּן, נאָר אויך אינם הארצן, אין טעג פון שמחה און פרייד און אין צייטן פון אבלות און טרויער...

מיר זיינען געווען אי בשמחה און אי פארזאָרגט, וויסנדיק אז עס דארף נאָך אויסגעקעמפט ווערן די לעצטע שלאכט איבערן סטאטוס פון ירושלים.

ארום אונדז האָבן זיך „געפּאָרעט" און זיך באשעפטיקט ניט בלויז די רעליגיעזע מיטגלידער פון ירושלימער שטאָט־ראט, נאָר אויך די ניט־רעליגיעזע פארוואלטונג־מיטגלידער האָבן אונדז פריינדלעך באגריסט, מיט

צוגעדעקטע קעפּ, מיט קליינע יאַרמעלקעס און מיט פּריינדלעכע שלום־עליכם באַגריסונגען.

צום סוף האָט מען דערלאַנגט די געסט־דעלעגאַטן דעם גרויסן פאַרצייכענונג־בוך, וואו איטלעכער האָט פאַרצייכנט זיין נאָמען און פון וואַנעט ער קומט.

מען פירט אונדז ווייזן די לשכות און אָפּטיילונגען, די פאַרצווייגטע אַרבעט פון די טיכטיקע אָנגעשטעלטע וועלכע אַרבעטן ערלעך און פלייסיק צו באַזאָרגן די איינוואוינער פון דער הייליקער שטאָט ירושלים מיט וואַסער, פּאָליציי, ריינע גאַסן, פאַרקער־קאָנטראָל, פּרייז קאָנטראָל פאַר דירות און לעבנסמיטלען פון ערשטן געברויך, לופטיקע פּאַרקן, פאַרפלאַנצטע אַלייען (שדרות) און זיי פאַרגעסן אויך ניט צו שיקן די איינוואוינער אַזעלכע צעטלעך, וועלכע דערמאָנען זיי אַז מען דאַרף אויך צאָלן צו ביסלעך שטייערן...

די אויפנאַמע אין ירושלימער שטאָט ראַט בנין האָט איבערגעלאָזט אויף די געסט־דעלעגאַטען אַ שטאַרקן רושם.

דער מעיאָר, ר׳ יצחק קריב, פאַרדינט אַ גרויסן יישר כוח...

(תשי״ד)

יד

## ביים הויפּט רב פון ישראל

פרייטיק, אַרום 10 אַזייגער פ״מ, בין איך און מיין זון, הרב אברהם־יצחק, אויפגענומען געוואָרן פון הרב הראשי, ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג, אין זיין פּריוואַטער היים אין רחביה.

רחביה איז די שענסטע געגנט פון ניי־ירושלים. מאָדערנע, ברייטע גאַסן, שיינע גערטנער, בלומען און פלאַנצונגען, יעדער בנין זעט אויס ווי אַ פּאַלאַץ, און די רעזידענץ פונם הויפּט־רב פון מדינת ישראל, איז כולו אומר כבוד. דער אַריינגאַנג, די שטיגן, דער וואַרט־זאַל — רופט אַרויס דרך־ארץ און רעספּעקט.

דער פּריוואַט־סעקרעטאַר פון דעם הויפּט־רב, אַ יונגער מאָדערנער, ענערגישער רב, פירט אונדז אַריין אין דער פּריוואַט ביבליאָטעק און איז אונדז מכבד מיט זיצן.

אינם ערשטן אויגנבליק ווערן מיר ממש פארבלענדעט און אנטציקט פון דער רייכער רבינשער ביבליאָטעק, פון דעם מעבל, פון די זילבערנע חפצים, פרוכתן, מיט וועלכע די ביבליאָטעק איז באצירט.

אָט עפנט זיך די טיר פון זיין פריוואט־דירה און עס דערשיינט דער הויפּט רב פון ישראל, הרב הגאון ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג.

מיט א ווארעמען שלום־עליכם באגריסט ער אונדז. ער בעט אונדז זיצן און באפעלט זיין סעקרעטאר צו דערלאנגען כיבוד.

זיין הדרת פנים מאכט אויף אייך א קאָלאָסאלן איינדרוק. עס זיצט פאר אייך א ייד, א גאון, א גרויסער תלמיד חכם, וועלכער איז קלאָר אין דער גאנצער תורה; אן אָנגענעמער, ליבלעכער מענטש, מיט אן איידעלן כאראקטער און בעל מידות טובות; א גרויסער געלערנטער, וועלכער האָט באקומען זיין דאָקטאָראט אין לאָנדאָן, ענגלאנד, און איז דאָך פארבליבן א שטרענג אָרטאָדאָקסישער ייד, וועלכער איז מדקדק אויפן קלענסטן מנהג און דין בישראל.

א רב וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר צוויי וועלטן, די וועלט פון תורה און שטרענג־יידישקייט און די מאָדערנע וועלט פון וויסנשאפט.

דער אָנהויב פון אונדזער שמועס איז זעלבסטפארשטענדלעך געווען תורה. ער בליצט און ווארפט פאר אייך שטעלן פון תלמוד, ראשונים און אחרונים, פון קבלה, חקירה און חסידות; ער דערמאָנט תורות וואָס ער האָט געזען אין די ספרים פונם שרייבער פון די דאָזיקע שורות; ער קאָן די וועלט, די יידישע און די ניט־יידישע; ער איז באקאנט אין אלע קעמערלעך פון די יידישע פארטיי מחלוקתן און פון דער וועלט־פּאָליטיק.

דער ייד איז אן אָדם השלם, א איש האשכולות, א מענטש אין ברייטערן זין פונם וואָרט, א גרויסע פערזענלעכקייט, וועלכער באצייט זיך אפילו צו זיינע קעגנערס מיט רעספּעקט און ווירדע: א פערזענלעכקייט וועלכע פאנגט אייער הארץ און לאָזט איבער א גרויסן רושם אין אייער זכרון.

איך האָב גוט געקאָנט זיין פאָטער, הרב הגאון ר׳ יואל הלוי הערצאָג ז״ל, רב אין לידז, ענגלאנד, און שפּעטער אין פאריז, דער רב פון דער פּאוועי שול, מחבר פונם בארימטן ספר „דברי יואל״. איך געדענק אפילו זיין מוטער און זיין גאנצע משפחה אין פאריז.

דער רב הראשי, זייענדיק פון דער פריסטער יוגנט אן עילוי מיט גרויסע פעיקייטן און אין דער סביבה פון זיין גרויסן פאָטער, איז אויס־

געוואקסן אלס גערעטענער גרויסער רב. אין יאָר 1920 ווערט ער דערוויילט אלס הויפט רב פון דובלין און אלס רב הכולל פון גאַנץ אירלאַנד. ער איז דער מחבר פון די וויכטיקע ספרים „דברי יצחק” און „שעורי יצחק”; ער באטייליקט זיך אין כמעט אלע רבנישע פּעריאָדישע אויסגאבן און אין יאָר תרצ"ז (1937), ווערט ער דערוויילט אלס הויפּט־רב פון מדינת ישראל אויפן אָרט פון הרב הגאון ר' אברהם יצחק הכהן קוק זצ"ל.


הויפט רב פון ישראל, הרב הגאון ר' יצחק אייזיק הלוי שליט"א הערצאָג.

אין זיין רייכער פּריוואט ביבליאָטעק זעט איר אנטיק־ספרים, כתב־ידן, טייערע וואונדערבארע חפצים און ועל כולם א וואונדערבארע אלטע ספר־תורה אין א זיל־בערנעם ארון־קודש. רוסישע יידן האָבן אמאָל געגעבן די דאָזיקע מערקווידיקע ספר תורה א מתנה צום רוסישן צאַר, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, איז די ספר תורה פארוואָגלט געוואָרן קיין לאָנדאָן. יידן האָבן זי צוריק אָפּגעקויפט און אַ רייכער ייד, מיטן נאָמען וויליאמס, האָט זי געשענקט צו הרב הראשי הערצאָג שליט"א.

אין אונדזערע קהלות און שולן לייענט מען — אָדער מ'זאָגט — די הפטורות פונם חומש. אין די אלטע קהלות פון די ספרדים לייענט מען די הפטורה פון א מגילה געשריבן (ניט געדרוקט), אויף פּארמעט (איך האָב אָבער בפירוש געזען לייענען די הפטורה פון אזא מגילה אין א שול אין בריסק דליטא. ווייזט אויס, אז אפילו אין אשכנזישע קהלות פלעגט מען אמאָל לייענען די הפטורה פון געשריבענע אויף פּארמעט מגילות).

די הפטורות פון פּארמעט ביי הרב הראשי הערצאָג זיינען מיט נקודות.

ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז דער הרב הראשי שליט"א אַן אנגענעמער שמועסער. זיינע באמערקונגען זיינען שארף און קורץ. מיר האָבן גערעדט זעלבסטפארשטענדלעך איבערן מצב פון יידישקייט אין ישראל און אין די תפוצות. זיין צוגאנג איז גראָד א חסידישער: מען טאָר זיך ניט מייאש זיין פון קיין יידן, אפילו ווען יענער איז א זינדיקער און א בעל עבירהניק.

א קינד פון אברהם יצחק ויעקב איז הייליק. סוף־כל־סוף וועט דער ניצוץ אלקי, דער געטלעכער פונק אין אים זיגן און אים צוריקברענגען צום יידישן קוואל.

די פארשיידענע פארטייען און ריכטונגען אפילו צווישן רעליגיעזן יידנטום, זייערע חילוקי דעות און אָן גרעניץ עקסטרעמע שיטות פארשאפן אים זאָרג און עגמת נפש. ער איז זיך פאר מיר מתנצל, דער אײדעלער, ביז גאָר סימפאטישער הויפט־רב פון ישראל.

איך נעם זיך אָן מיט מוט און באמערק אים: ווי גרויס א הויפט רב אין ישראל זאָל ניט זיין, איז ער דאָך אלץ ניט גרעסער ווי משה רבנו נו, וויפל לייד און צרות, עגמת נפש און שוועריקייט האָט משה רבנו געהאט פירנדיק דאָס יידישע פאָלק. די תורה האָט עס פאראייביקט, פארשריבן פאר דור דורות. צוליב וואָס? נאָר צוליב דעם, צו לערנען א מנהיג, א רב, אז ער זאָל זיך ניט אָפשטעלן און דערשרעקן, ניט זיין פארצווייפלט ווען עס מאכט זיך אים אמאָל עגמת נפש פון יידן... פונקט ווי א פאָטער מוז ליידן פון א קינד, אזוי מוז א מנהיג און א רב ליידן פון יידן...

דאָס פנים פון הרב הראשי שטראלט. ער איז ליבלעך און אנגענעם. עס זעט מיר אויס, אז ער איז מסכים צו מיין הנחה און איז מודה אז אזוי איז דער גורל פונם רב און מנהיג אין אלע דורות.

מיר ריידן נאָך איבער די יסודות פון יידישקייט. ער בעט מיך איבערגעבן אלע יידן, אז די יסודות זיינען: שבת, כשרות, חינוך און טהרת המשפחה. יידן מוזן היטן שבת, עסן כשרע שפייזן, דערציען זייערע קינדער אין רעליגיעזע שולן און אָפהיטן די ריינקייט און די דינים וואָס זיינען פארבונדן מיט נידה, מקוואות און פאמיליען טהרה. די יסודות האָבן אויפגע־האלטן דאָס שטארקייט און פעסטקייט פונם יידישן פאָלק אין אלע דורות, אזעלכע שטייגער משפחות וועלן זיין א ברכה פאר מדינת ישראל.

ער זאָגט צו מיר, אז ער האָט געזען אין דער וועלט בארימטער אָקספאָרד ביבליאָטעק א קרימונא כתב־יד (ער האָט אפילו דערמאָנט דעם נומער פונם כתב יד) שטייט דאָרט בפירוש אז אין יאָר תשכ״ב (אין אכט יאָר ארום, היינט איז תשי״ד), וועט קומען משיח.

לאנג, לאנג וועט ביי מיר פארבלייבן אין זכרון דער באזוך (צוזאמען מיט מיין זון, הרב אברהם יצחק) ביים הויפט רב פון מדינת ישראל, הרב הגאון ר׳ יצחק אייזיק הלוי שליט״א הערצאָג. איך האָב אָפגעשאצט זיין גייסטיקע גבורה צו שטיין אין מיטן פון אזא שפרודלדיק יידיש לעבן, אין

א לאנד וואו יידן פון פארשיידענע שבטים, יידן פון פארשיידענע לענדער און קאָנטינענטן, מיט פארשיידענע מנהגים און לעבנס שטייגערס, צו קאָנען אָנפירן אזא מחנה ישראל, איז איינע פון די גרעסטע גבורות. זאָל אים ג־ט געבן כוח, סבלנות און אויסדויער צו קאָנען פירן אזא פאָלק, א הייליק יידיש פאָלק, קינדער פון אברהם יצחק און יעקב...

טו

## יידישע נעמען, יידישע גאסן

פארוואָס האָט אברהם אבינו געהייסן עברי? ווייל עבר איז דער טייטש א זייט. די גאנצע וועלט איז געווען אויף איין זייט און אברהם אבינו אויף דער אנדערער זייט...

די קינדער פון אברהם יצחק ויעקב רופן זיך „עברים", די שפּראך רופט מען „עברית" און דאָס לאנד פון ישראל רופט מען אויך „ארץ העברים"... (בראשית, מ׳. ט"ו).

אזוי האָט דער רבי מיט אונדז געלערנט אין חדר און אזוי איז איינגעזאפּט אין אונדזער בלוט די טיפע אמונה און שטארקער גלויבן, אז יידן האָבן זיך, א דאנק זייער אפּגעזונדערטקייט, ניט אויסגעמישט מיט קיין אומה ולשון.

די גאנצע וועלט איז געווען קעגן די יידן אויף אלע קאָנטינענטן, אין אלע לענדער צווישן זיבעציק לשונות, און די יידן האָבן זיך אויסגעלאכט פון דעם רוב, קעגן דער גרויסער מערהייט.

ערשט אין די מאָדערנע, דעמאָקראטישע, ציוויליזירטע, עמאנציפּירטע לענדער, האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער חורבן פונם גייסטיקן יידנטום.

די השכלה עפּאָכע און אירע יורשים די רעפאָרם באוועגונגען, האָבן כסדר געפּריידיקט אסימילאציע: בייטן קודם כל די העברעישע נעמען אויף גויישע, דאן ריידן גויש, שפּעטער לעבן און אָטעמען גויש אא"וו.

ווען היטלער איז געקומען צו זיין טרויעריקער מאכט, האָבן געלעבט אין זיין דריטן רייך ארום זעקס הונדערט טויזנט יידן. זיין פּראָפּאגאנדע מיניסטעריום האָט אָבער אנטדעקט איבער דריי מיליאָן דייטשן וואָס שטאמען פון יידן.

דאָס זעלבע — אויב ניט אין אזא פראָפּאָרץ — איז געווען אין אונגארן, עסטרייך, רוסלאנד אא״וו.

יידן האָבן געלעבט אין אלע לענדער אין א מינדערהייט. דער גלאָריפיצירטער רוב, די אימפּאָנירנדיקע מערהייט, האָט געלאָקט און געריסן שטיקער פונם יידנטום.

אויב איר האָט געטראָפן אין אלטע קהילות פון עלזאס־לאָטארינגיע, פראנקרייך אָדער דייטשלאנד גאסן מיט א יידישן נאָמען, „יודענגאסע״ אָדער „רי־דע־זשוויף״, איז עס געווען ניט צוליב כבוד וועגן, נאָר אָן איבערבלייב פון די אלטע געטאָס... אויב איר האָט געטראָפן אין מאָדערנעם האָלאנד „מאָזעס און אראָן״ סטראאט, האָט עס געשמעקט מיט דער ביבל און ניט דירעקט מיט יידן...

אפילו ספּינאָצא (ניט שפּינאָזא, ווי מיר ריידן אויף יידיש) גאס אין אמסטערדאם און אין האאג, האָבן גאָרניט געהאט צו טאָן מיט יידן, ווייל די יידן אין האָלאנד האָבן זיך געהאלטן זייער ווייט פון ברוך שפּינאָזא, נאָכדעם ווי דער אמסטערדאמער ראבינאט האָט אים געלייגט אין חרם אריין.

עס האָט געברענט דאָס יידישע ליכט אינם הארצן פונם יידן, אָבער עפּנטלעך האָט ער זיך אָנגעטראָפן פנים אל פנים מיט א צעשטרענדיקן כוח, וועלכער האָט א תל געמאכט און פארזשאווערט און פארראָסטעט דעם אמתן גלאַנץ פונם יידנטום.

אפילו אין דער פרייער, מאָדערנער, ציוויליזירטער, דעמאָקראטישער אמעריקע, וואו יידן קאָנען דערגרייכן צו די גאָר הויכע אמטן, איז דאָס יידישע לעבן אין דער עפנטלעכקייט בלאס, קאלט, געפרוירן און א היבש ביסל פארדאָרבן (אינם רעליגיעז־קולטורעלן זין) א „דור עקש ופתלתול״, פארקרימט און פארדרייט... ווייט פונם מקור, אָפּגעפרעמדט פונם אָריגינעלן וואָרצל, אימיטאציע, א זכר פון דעם אמאָליקן, קרעפטיקן, שטארקן יידישקייט; א ווידערקול, אָן עכאָ, א בליאסק פון א גרויסער געטלעכער התגלות.

ישראל די מדינה, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, פארמעסט זי זיך צו פירן א ביטערן קאמף קעגן יענער דורותדיקער הפקרות פון פארלייקענונג אין די יסודות פון יידישקייט.

אפילו די פרייע עלעמענטן אין ישראל, וועלכע שטייען ווייט פון רעליגיע און טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן, באווייזן פאָרט דאָ און דאָרטן א נייגונג צוריקצושטעלן דעם יידישן גלאנץ.

אפילו דער פרייער ייד שעמט זיך ניט אין ישראל מיט זיין יידישן נאָמען. ער רעדט די שפּראַך פונם תנ״ך און פונם יידישן סידור, ער רופט אָן זיין גאס דווקא מיט שיינע יידישע, היסטאָרישע נעמען...

אין אמעריקע לעבן ארום פינף מיליאָן יידן (כן ירבו). האָט זיך פאר עטלעכע יאָרן געטומלט אין ניו־יאָרק (וואו צוויי מיליאָן יידן לעבן) ארום דעם פרץ־סקווער. איין קליינקייט! א גליק האָט געטראָפן די צוויי מיליאָן יידן פון גרויס־ניו־יאָרק — מען האָט אָנגערופן א סקווער אויף י. ל. פרצן...

די ראַדיאָ, די צייטונגען, די טעלעגראַפן אַגענטורן האָבן געיובלט און געשאַלט, און געלאָזט וויסן צו אלע יידן אין דער גאנצער וועלט וועגן דעם גרויסן גליק און פרייהייט פון אמעריקע. אזא חסד, אזא כבוד, אָנצורופן א גאס מיט א יידישן נאָמען פון א יידישן שרייבער.

קומט איר אָבער קיין ישראל, זעט איר דעם חילוק: „רחוב הנביאים״, נביאים גאס; רש״י גאס; מלכי ישראל גאס; ישעיה הנביא גאס; עובדיה הנביא גאס; שפת אמת גאס (נאָך דעם גערער רבין); ר׳ יוחנן בן זכאי גאס; רמב״ם גאס (ניט מיימאנידעס); ר׳ שלמה אלפאנדרי גאס (א גרויסער מקובל); ר׳ יצחק שרעברי גאס (א רעליגיעזער דיכטער); ר׳ יהודה הלוי גאס; רמב״ן גאס.

אזוי שפּאצירט איר איבער די גאסן פון ירושלים און תל־אביב, פון חיפה און טבריה, פון צפת און באר שבע. די שטעט, די גאסן, די יידן, די געשעפטן — אלע טראָגן זיי יידישע נעמען: די קיבוצים און מושבות. און אויב איר וועט ניט לאכן, וועל איך אייך מוסר זיין א סוד, אז אפילו בהמות און אייזלען טראָגן אויך יידישע נעמען...

אויך די מאָדערנע יידן האָבן זייערע נעמען: ביאליק, בן יהודה, לילייענבלום, י. ל. גאָרדאָן, ראָטשילד אלייע. אפילו ניט־יידן האָבן זייערע גאסן: קעניג דזשאָרדש דער פינפטער, אלענבי, באלפור או״וו. זיי ווערן אָבער בטל ברוב.

די יידישע גאסן אליין ציען אייער אויפמערקזאמקייט. נעמען פון נביאים, פון די חכמי התלמוד, פון מקובלים און רבנים, פון דיכטער און שרייבער.

ניט ווילנדיק פארטראכט איר זיך און קומט צום באשלוס, אז דאָס איז דער גרויסער כוח פון ישראל! און כאָטש דאָס איז נאָר א חיצוניותדיקער יידישער גלאנץ, ווייל סוף־כל־סוף איז דאָך א נאָמען ניט מער ווי אן

אויסערלעכקייט, דאָך ווירקט עס אויף אייך אזוי שטארק, ביז די טיפעניש, ביזן סאמע דנאָ פונם הארצן...

און פונקט ווי די אסימילאַציע האָט זיך אָנגעהויבן לכתחילה מיטן פארגויישן די נעמען און ענדערן דעם אויסערלעכן יידישן גלאַנץ, און שפּעטער האָט זי זיך איינגעפרעסן ווי א קענסער אויפן יידישן לייב, פּונקט אזוי האָפן מיר — אין דעם פאל פארקערט — צום גוטן (מידה טובה איז דאָך מרובה ממידת פורעניות), אזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן צוריק צום מקור, מיט דעם פאריידישן די נעמען און פאריידישן דעם אויסערלעכן גלאַנץ, און שפּעטער וועט עס אריינדרינגען טיפער און טיפער ביז ישראל וועט ווערן אן עכט נביאים־לאנד, ישראל אשר בך אתפאר, לאנד און א פאָלק וואָס אלע יידן און אלע מענטשן וועלן שטאָלצירן מיט איר...

גרויס איז דער כוח פון ישראל. מיט אָפענע אויגן זעט מען דאָרטן פיל און מיט ליכטיקע אויגן דערזעט מען נאָך פיל מער. מען דערזעט א שפּרודלדיק יידיש לעבן, א קוואל פון א ניי חיות, מען דארף אהין פאָרן א קוק טאָן, דאן ערשט קאָן מען זיך איבערצייגן ווי אמת מיינע שורות זיינען.

## טז

# סוכת שלום

די יידן וועלכע דאווענען, געדענקען גוט די ברכה פון דער פרייטיק צו נאכטיקער תפלה, הפורס סוכת שלום עלינו ועל כל עמו ישראל, ועל ירושלים. מיר בעטן ביי ג־ט ער זאָל פארשפּרייטן א סוכה פון שלום איבער אונדז איבער זיין פאָלק ישראל און איבער ירושלים. פרעגט די וועלט א קשיא: וואָס מיינט עס? אויב איבער אונדז און איבער דעם פאָלק ישראל, איז דאָך שוין ממילא איינגעשלאָסן ירושלים אויך! וואָס־זשע דארף ירושלים א באזונדער ברכה פאר שלום?

דער תירוץ איז גאנץ פשוט: ירושלים איז אן אייגנארטיקע שטאָט. דאָס וואָס מיינט שלום פאר דער גאנצער וועלט אפילו, מיינט נאָך ווייט ניט פאר ירושלים. ירושלים איז אן אויסנאם, ירושלים טראָגט אן אנדער כאראקטער, אן אנדערע קדושה, אן אנדערע הייליקייט.

וואָס דארפן מיר זיך גריבלען אין קבלה טערמינען און אין קדושה באגריפן, צי זעט איר דען ניט בעשיינפערלעך אז אפילו „פּאָליטיש" איז ירושלים ניט אונטערגעוואָרפן און ניט צוזאמענגעשמאָלצן מיט דער גאנצער פּאָליטישער אָרדענונג פון די גוטע פעלקער אפילו.

אפילו די פעלקער וועלכע האָבן אנערקענט ישראל אלס מדינה, האָבן נאָך עד היום ניט מסכים געווען מיט א פולן מויל אז ירושלים איז איר הויפּט שטאָט.

אויף איטלעכן געביט איז ירושלים אנדערש. ירושלים איז דאָס הארץ פון דער וועלט, און א הארץ האָט ניט קיין לבוש, קיין צודעק, קיין באקליידונג. דער וואָס גייט צו צום ירושלים פּראָבלעם ווי צו אן אנדער שטאָט, אָדער ענין, דער מאכט א טעות.

ס'איז מעגלעך עס זאָל הערשן שלום צווישן אונדז און צווישן אלע יידן, אָבער ירושלים מוז האָבן א גאנץ באזונדער ברכה... עלינו ועל כל עמו ישראל, איז ווייט נאָך ניט גענוג. עס דארף אויך זיין — ועל ירושלים...

די גאנצע יידישע וועלט איז געוואָרן באומרויקט צוליב דעם לעצטנס פאָרגעקומענעם קאמף צווישן די נטורי קרתא און דער פרייער, ניט־פרומער יוגנט אין ירושלים.

עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן א ווייל איבער די נטורי קרתא מענטשן אין ישראל, ווייל ניט איטלעכער האָט דאָ א ריכטיקן באגריף וועגן זייער לעבן און שיטה.

די נטורי קרתא יידן אין ישראל זיינען ניט קיין פּליטים פון אונגארן, רומעניע, דייטשלאנד אָדער פּוילן. זיי זיינען די אמתע יחסנים, די סאבּרעס פון פיל דורות געבוירענע אין ישראל; זיי, זייערע עלטערן, זייערע זיידעס און באָבעס לעבן שוין אין ישראל נאָך פון פאר דער טערקישער צייט. די נטורי קרתא יידן האָבן געליטן פון פארשיידענע אָקופּאציע מאכטן, זיי האָבן געפיבערט פון מאלאריע, געהונגערט און געלעבט זייער אָרעם; זיי האָבן איינגענומען ישראל מיט דורות צוריק... זייער עקשנות האָט זיי אויסגעשמידט אין גייסטיקע ריזן. זייער פרומקייט איז ניט פון אויבן־אויף, זיי זיינען מאמינים בני מאמינים. פאראן פון זיי אזעלכע צוגעבונדענע צום לאנד, אז פאר קיין פרייז אין דער וועלט וועלן זיי ניט פארלאָזן מדינת ישראל; פאראן צווישן זיי אזעלכע, וועלכע האָבן זייער לעבן ניט פארלאָזט ירושלים אויף איין טאָג אפילו. זייער אמונה איז פעלזנפעסט און קיינער קאָן זיי

ניט אראָפּפירן פון זייער דרך. זיי גלויבן באמונה שלימה, אז משיח וועט קומען און דאָס בית־המקדש וועט צוריק אויפגעבויט ווערן במהרה בימינו. זיי גלויבן באמונה שלימה, אז ירושלים איז חרוב געוואָרן צוליב חילול שבת, ווייל אזוי זאָגט די גמרא: „לא חרבה ירושלים אלא בשביל שחללו את השבת״ (שבת, קי״ט).

די טערקישע און די ענגלישע אָקופּאציע מאכטן האָבן זיך מיט זיי גערעכנט, ווייל זיי האָבן אין זיי געזען די אמת־רעליגיעזע יידן פון יענעם דור.

די נטורי קרתא גרופּע איז זייער קליין אין צאָל. דאָס הייסט אלס קעמפנדיקער צד, מיט גאנץ באזונדערע דרכים ווי אזוי דער קאמף זאָל געפירט ווערן. דער צד איז קליין, אָבער אלע פרומע עלעמענטן אין ישראל סימפּאטיזירן מיט זיי, ניט מיט זייערע דרכים, אָבער מיט זייער גוטער כוונה און גערעכטע פאָדערונגען.

אפילו אינם אָפּיציעלן סאָציאליסטישן אָרגאן, „דבר״, האָבען געשוואוי? רענע, ריינע, כשרע סאָציאליסטן סימפּאטיזירט מיט די קנאים פון דער נטורי קרתא. ניט ווייל זיי זיינען מסכים מיט זייער שיטה, נאָר מען גיט זיי גערעכט אז זיי האָבן א רעכט צו זייער לעבנס־שטייגער.

די נטורי קרתא מענטשן שטעלן זיך ניט אָפּ דווקא צו קעמפן מיט לינקע עלעמענטן, מיט די פרייע אפּיקורסים. זיי קעמפן קעגן דער פרומער אגודת־ישראל און קעגן דער נאציאָנאל־רעליגיעזער מזרחי.

קיינער קאָן זיי אָבער ניט באטראכטן אלס „פאררעטער״ און קעגנער פון לאנד. קיינער וועט אויף זיי ניט זאָגן אז זיי זיינען שונאי ציון, ווייל זיי זיינען פון כמה דורות שוין אין ציון. זיי האָבן אויפגעהאלטן דעם לעבעדיקן קאָנטאקט צווישן אמאָליקן ארץ־ישראל און דער היינטיקער מדינה — ווען ניט זיי, די קנאים און עקשנים, וואָלט קיין רייד ניט געווען וועגן א מאָדערנער שיבת־ציון.

איך געדענק ווי דער הויפּט־רב פון דער „עדה חרדית״, פון ירושלים, הרב הצדיק ר׳ חיים יוסף זאָנענפעלד זצ״ל, איז איינגעלאדן געוואָרן אנטייל צו נעמען אין דער צווייטער כנסיה הגדולה, אין דער שטאָט ווין, אינם יאָר תרפ״ט (1929), האָט ער זיך אנטזאָגט אנטייל צו נעמען מיטן איינציקן מאָטיוו, ווייל ער וויל זיין גאַנץ לעבן ניט ארויסגיין פון ירושלים דער שטאָט און ניט פון ארץ־ישראל דאָס הייליקע לאנד.

טויזנטער „יורדים״ זיינען ארויסגעפאָרן פון ישראל, ווייל זיי האָבן

זיך ניט געקאָנט צופּאסן צו אַ נייעס לעבנס שטייגער. צווישן די יורדים זיינען פאראן דייטשע, אונגארישע, פוילישע און ישראלדיקע יידן, אָבער קיין איינציקער פון די נטורי קרתא האָט ניט פארלאָזן ישראל!..

איר ווייסט טייערע לייענער, אז איך האָב באזוכט ישראל. איך האָב אנטייל גענומען אין דער פערטער כנסיה הגדולה פון דער אגודת ישראל. דאָס איז געווען א הערלעכער קידוש השם, זעענדיק טויזנטער און טויזנטער אָרטאָדאָקסישע יידן פון דער גאנצער וועלט קומען זיך צוזאמען און בעראטן זיך ווי אזוי צו שטארקן די יידישע אמונה און די יידישע רעליגיע — אין סאמע מיטן פונם קאָנגרעס זיינען פאָרגעקומען אראבישע אָנפאלן און איין קויל האָט געטראָפן דעם פּאַריזער רב, הרב ר׳ משה גאָלדבערג הי״ד. דער רושם איז געווען גוואלדיק. גאנץ ירושלים האָט זיך באטייליקט אין זיין לוויה, טויזנטער מענטשן האָבן געוויינט — אין יענעם מאָמענט קומט צו מיר צו א נטורי קרתא ייד און זאָגט מיט שארפע ווערטער: די אגודת ישראל איז באשטראָפט געוואָרן, ווייל זי האָט איינגעלאדן דעם פּרעמיער, משה שרת, צו דער כנסיה הגדולה...

זייער גאנצער קוק אויף דעם מאָדערנעם לעבן אין ישראל איז אן אנדערער, זיי גלויבן אין משיח בן דוד. נאָר ער וועט ברענגען די גאולה שלימה. ומפני חטאינו איז ביי זיי ניט קיין פראזע, נאָר טיפע אמונה.

ווען איך שרייב אז זיי גלויבן, מיין איך חס ושלום ניט אויסצושליסן אנדערע רעליגיעזע יידן, וועלכע גלויבן אין ביאת משיח, און אז במהרה ייבנה בית המקדש.

איינער פון זיי זאָגט צו מיר: מיר דאַווענען דריי מאָל א טאָג און מיר זאָגן ברוך אתה השם מקבץ נדחי עמו ישראל, גלויבן מיר אז נאָר השם יתברך וועט עס טאָן ווען ער וועט פארשטיין אז די צייט איז געקומען. קיבוץ גליות אדרבה, אָבער בדרך התורה.

יידן דארפן קומען קיין ישראל צו לעבן ווי יידן, לויט די געזעצן פון דער תורה. דער וואָס קאָן זיך ניט אונטערווארפן דער יידישער קאָנסטיטוציע, האָט קיין אָרט ניט אין ישראל, פּונקט ווי אן ענגלענדער מוז זיך אונטער־ווארפן די געזעצן פון ענגלאנד — אויב ניט מוז ער עמיגרירן פון לאנד.

אצינד פארשטייען מיר ווי אזוי דער קאמף האָט אויפגערודערט גאנץ ישראל, דעם פּארלאמענט, די גאנצע פּרעסע און דאָס גאנצע פאָלק.

זיי, די נטורי קרתא, זאָגן, אז זיי האָבן די זעלבע רעכט ווי די

קיבוצניקעס אין „עין חרוד״ (א לינקער קיבוץ). צי וואָלטן מיר אהין געפאָרן בויען דאָרטן א מקוה אָדער א שול? צו וואָס דווקא האָבן זיך די לינקע ארייגעקליבן אין שכנות פון „מאה שערים״? (פעסטונג פון די נטורי קרתא).

אפילו מאָדערנע פּאָליטיקערס פארשטייען אז די נטורי קרתא האָט א רעכט דערצו.

דער שטורעם איז פארביי, די געמיטער האָבן זיך אביסל בארויקט,ביידע צדדים האָבן צוביסלעך נאָכגעלאָזט. יידן זיינען פאָרט ניט קיין גזלנים (כאָטש אָנהאקן די ביינער קאָנען זיי יאָ).

בן־גוריון פארשטייט אויך, לויט ווי די איטא טיילט מיט, אז מען דארף ארום יענעם קינדער־קלוב, וועלכער האָט אזוי גערייצט די פרומע געמיטער פון דער נטורי קרתא, אויפשטעלן א וואנט מען זאָל ניט זען וואָס דאָרטן קומט פאָר.

לויט ווי די צייטונגען טיילן מיט, איז שוין איינגעשטעלט געוואָרן אין ירושלים א שטיקל שלום, לאָמיר האָפן אז עס וועט זיין שלום צווישן פאָלק ישראל און גאנץ באזונדערס אין ירושלים... ווייל ירושלים האָט א גאנץ באזונדערן באדייט, צוליב דעם „למה יאמרו הגוים״. זיי וועלן אונדז זאָגן: ווי אזוי קאָן מען אָנפארטרויען די יידן די הייליקע פלעצער פון דער קריסטלעכער רעליגיע, ווען זיי רעספּעקטירן ניט אליין זייערע אייגענע פרומע?...

דער למה יאמרו הגוים איז נאָר פּאָליטיש, אָבער ביי יידן איז ירושלים די הייליקסטע שטאָט וואו דער יידישע דת טאָר ניט פארשוועכט ווערן.

ווי די צייטונגען טיילן מיט, איז זייער פירער, הרב ר׳ עמרם בלוי, שוין באפרייט געוואָרן פון תפיסה, אָבער איך בין זיכער אז ער האָט ניט קיין חרטה, ער וועט זיך ניט אונטערגעבן. קיין כוח אין דער וועלט וועט ניט איבערצייגן די נטורי קרתא מענטשן, אז ישראל איז א מאָדערנע מדינה און מען דארף זיך פירן „לייטיש״... צו גיין אין תפיסה אריין פארן יידישן דת איז ביי זיי א שמחה, א פרייד, א מדריגה, א דערגרייכונג. זיי האָבן זיך ניט אונטערגעבן ניט אין די טערקישע צייטן און ניט צו דער ענגלישער מאכט, און אוודאי וועלן זיי זיך ניט אונטערגעבן צו קיין פּאָליצעישע טעראָר אקטן, אויב יענע זיינען געצילט צו שטערן זייער אלטן פארוואָרצלטן לעבנס־שטייגער.

זיי זיינען פּאָליטיש רייף, קלוג און געלערנט. זיי פּאָדערן ניט קיין פּריווילעגיעס — זאָגן זיי — נאָר גלייכבארעכטיקונג, דעמאָקראַטיע. אויב די לינקע לעבן זיך זייער לעבנס שטייגער אין זייערע קיבוצים, און קיינער שטערט זיי ניט, ווילן מיר זיך אויסלעבן אונדזער לעבנס שטייגער. מיר פּראָטעסטירן קעגן מאָדערנע קלובן וואו יינגלעך און מיידלעך טאנצן צוזאמען אין אונדזער „מאה שערים״, און מיר וועלן קיינמאָל ניט דולדן אז יידן זאָלן אריינפאָרן מיט זייערע אויטאָמאָבילן און וועגענער אין אונדזער הייליקער שכונה מאה שערים און מחלל שבת זיין. צו וואָס קומען זיי אהער, קיין מסחרים קאָנען זיי דאָ ניט מאכן, אלץ איז געשלאָסן שבת, נאָר וואָס דען? סתם זיך רייצן מיט אונדזערע געפילן?

יז

## אונדזערע מעלות

יידן זיינען אן עם הספר, אזוי האָבן אונדז די אראבישע געלערנטע טיטולירט. זיי האָבן עס אונדז באשאָנקען מיט דעם אמת־מערקווירדיקן קאָמפּלימענט. מען קאָן אָבער זיין פארטיפט און פארליבט אין ספרים, און דאָך זיין א בטלן, א שלים־מזל...

די תורה האָט אָבער דאָס יידישע פאָלק באצייכנט פאר אן עם חכם ונבון, א קלוג און פארשטענדיק פאָלק (דברים, ד, י). קלוג און פארשטענדיק, זעט איר, דאָס איז א פיל העכערע מדרגה.

קרח האָט געקריגט אויף משה און אהרן הכהן. ער האָט זיי פאָר־געוואָרפן באשר בכן, זיי האלטן זיך צו גרויס אין דער צייט ווען „כל העדה כולם קדושים״ — אלע אָן אויסנאם זיינען הייליקע דאָס גאנצע פאָלק זיינען גאָלע קדושים...

אציגד שטעלט זיך פאָר, ווען אַ פאָלק גאָלע קדושים, א פאָלק א קלוגס און א פארשטענדיקס, גייט אויסוויילן זיין פארלאמענט?

איטלעכער איז ראוי צו זיין א חבר אין כנסת, איטלעכער איז פעיק צו פארנעמען א מיניסטער־פּאָרטפעל, איטלעכער פארשטייט פּאָליטיק, אויב ניט בעסער — ערגער זיכער ניט — אין אלע מלוכה ענינים פונקט ווי די אדונים, די שרים. וואָס־זשע איז דאָ דער וואונדער וואָס דער וואל־יאָריד אויף די גאסן פון ישראל האָט זיך אזוי צעפלאקערט?

וואָס־זשע איז דער וואונדער וואָס איטלעכע גרופּע פּרואווט אירע כוחות און שטעלט ארויס אן אייגענע ליסטע צו דער כנסת?

יידן אין די תפוצות וואונדערן זיך הלמאי עס פיגורירן ביינצן ליסטעס, ווען די באפעלקערונג פונם לאנד דערגרייכט נאָך לאנג ניט דעם קיילעכדיקן ציפער פון צוויי מיליאָן...

און איך הקטן והשפל, קאָנענדיק דאָס לעבן אין ישראל, וואונדער זיך, פארוואָס אזוי וויניק גרופּן האָבן דאָרטן ארויסגעשטעלט ליסטעס. איך וואָלט גאָרניט געווען איבערראשט צו הערן אז דרייסיק אָדער פערציק גרופּן לויפן אין די וואלן...

## יח

# זיי ווייסן דעם אמת

די קליינע גרופּן ווייסן דעם אמת, אז זיי וועלן ניט אָנציין געגוג שטימען אפילו פאר איין מאנדאט. דאָך לויפן זיי, ניט שטיל און רויק, נאָר מיט פּאָמפּ, מיט טאראראם און מיט טומל; גרויסע, ריזיקע וואל־פּלאקאטן הענגען אויף די אלטע מויערן פון ירושלים; אלע פּארקנס און ווענט זיינען באקלעפּט מיט שרייענדיקע קולות און רופן צו ראטעווען די מדינה. איטלעכע גרופּע, אפילו די וואָס ווייסט פאָרויס, אז ס׳איז א ברכה לבטלה און ס׳איז ארויסגעוואָרפן איטלעכע פּרוטה, דאָך פארשווענדן זיי ריזיקע סומען געלט צו לאָזן וויסן זייער דעה, זייער שיטה, זייער אידייע אין באצוג צו מלוכה פירונג.

די קלענסטע גרופּע זאָגט דעות אין ווירטשאפטלעכע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראגן; איטלעכע גרופּע, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, איז זיכער אז זי, און דווקא זי, איז די בארעכטיקטע אָנצופירן דעם גאנצן מלוכה־אפּאראט: איטלעכע גרופּע, ווי אומבאדייטנדיק זי זאָל ניט זיין אין „פרידנס צייט", ווערט זי מיליטאנטיש, קריגעריש און האָפערדיק אין דער צייט פון וואלן.

ווייל דער וואל־פּעריאָד איז די איינציקע געלעגנהייט ווען מען קאָן שיסן (מיט קאלט געווער), אין אלע קעגנערס. מען קאָן ארייַנזאָגן (און מען זאָגט) אין טאטנס־טאטן אריין. אלע שוואכקייטן פונם קעגנערישן צד ווערן פארדרייפאכט און פארגרעסערט. זיי ווערן פארוואנדלט אין חטאים און אין שווערע זינד, און פארשווארצן דאָס פּנים פונם צד שכנגד.

קיינער שטייט ניט אָפּ. ניט די רייכע און ניט די אָרעמע, ניט די ארבעטער און ניט די קאַפּיטאַליסטן, ניט די פרייע און ניט די פרומע — אַלע קאָנען די מלאכה, ווייל... כולנו חכמים, כולנו נבונים — יידן זיינען דאָך ניט אבי ווער... יידן זיינען דאָך גאָלע קדושים, גאָלע חכמים, גאָלע פאַרשטענדיקע. איטלעכע גרופּע (ווי קליין זי זאָל ניט זיין), האָט אַן אייגענע פּרעסע מיט אַן אייגענעם פאַרלאַג מיט אַן אייגענער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין... און מען שמירט דאָרטן ניט די רעדער פון דער פּאַרטיי־מאַשין מיט סתם פּראָסטן אויל, נאָר מיט „שמן זית זך" — מיט קלאָרן, ריינעם איילבירטן אויל...

## יט

## די קאָאַליציע

ווי שטאַרק די מפא"י זאָל ניט זיין אין ישראל, האָט זי דאָך ניט באַקומען אַזאַ גרויסע מערהייט, אַז זי זאָל אַליין קאָנען טראָגן די אחריות פון אַ רעגירונג. האָבן זיך פאַראייניקט מזרח מיט מערב, דער סאָציאַליסט מיטן קאַפּיטאַליסט, און ביידע בשותפות געשלעפּט דעם מלוכה־וואָגן. די קלענערע האָבן דעם וואָגן נאָכגעשטופּט..." אָדער זיינען אים נאָכגעלאָפן.

אַצינד האָבן די ציונים כלליים, די אַלגעמיינע ציוניסטן, גורם געווען אַ קריזיס און געגאַנגען אויף אָפּרו (לצים זאָגן: אַזוי ווי זומער־צייט זיינען די היצן אין ישראל גרויס, זיינען די נגידים זיך צעפאָרן אָפּקילן זיך אין די אַלפּן־בערג פון פראַנקרייך אָדער שווייץ. מען קאָן זיך אָבער ניט סומך זיין אויף די בעלי לשון הרע).

גייט אַצינד אַ נייער פּאַרמעסט. די מפא"י צילט צו באַקומען אַזאַ מערהייט, אַז זי זאָל פייפן אויף די אַלגעמיינע ציוניסטן און זייע באַזייטיקן פונם פּאָליטישן לעבן אין ישראל. און אויב אַזאַ מערהייט וועט אין די וואַלן, סוף יולי, טאַקע דערגרייכט ווערן, וועט דוד בן־גוריון ווערן אויס פּאַסטוך און אפשר אויך אויס קריגס־מיניסטער, און ער וועט צוריק אַרויף אויפן זאָטל און ווערן פּרעמיער...

אָבער וואַלן זיינען פּונקט ווי אַ טשאָלנט, מען ווייס וואָס מען רוקט אין אויוון אַריין, אָבער מען ווייסט קיינמאָל ניט וואָס פאַר אַ מאכל ס'וועט אַרויסקומען — אַמאָל גוט און אַמאָל פאַרברענט. אין אַן עת־צרה וועט מען

זיך צוריק משדך זיין מיט די רעליגיעזע גרופן, מיטן הפועל המזרחי, מזרחי און אגודת ישראל. ניט געזאָרגט — א רעגירונג וועט זיין...

ישראל איז ניט פראנקרייך און ניט איטאליע. אין פראנקרייך דויערן רעגירונגס קריזיסן וואָכן־לאנג. אין איטאליע האָט איצט גענומען צוויי וואָכן צייט ביז א נייע רעגירונג איז געשאפן געוואָרן. אין ישראל האָט עס גענומען פיר־און־צוואנציק שעה...

יידן, וואָס זיי זיינען זיינען זיי, אָבער קיין גזלנים זיינען זיי ניט. יידן זיינען א מוסטער־פאָלק אין אן עת־צרה... אָבער אין פרידנס צייט זיינען זיי צעשפליטערט און צעברעקלט.

ווען ניט די עטלעכע געפּסלטע ליסטעס, וואָלט זייער צאָל דערגרייכט ביז 23, היינט דערגרייכט זייער צאָל נאָר ניינצן... ניינצן צדדים גייען ארויס אין א קאמף. הונדערט יידן מעגן דאָס פארמאָגן וואָס אזא „מלחמהלע״ וועט אָפּקאָסטן, אָבער ווער קוקט אויף געלט. געלט איז בלאָטע, גאָרניט מיט גאָרניט, לגבי אזא הייליקער מלחמה צווישן די ניינצן צדדים אין ישראל גופא.

יעדערער פון די ניינצן צדדים איז זיכער און ער גלויבט באמונה שלימה, אז ער קעמפט לשם שמים און זיין קאמף איז אן אמתע מלחמת מצוה.

## כ

# דער רעליגיעזער בלאָק

על פי שכל האָבן אלע רעליגיעזע יידן אין ישראל זיך געדארפט פאראייניקן אין איין טעכנישן בלאָק און גיין צו די וואלן פאראייניקט, אזוי ווי עס פאסט פאר פרומע, אָרטאָדאָקסישע, רעליגיעזע יידן.

אזוי האָט פארשטאנען דאָס רבנות־הראשית, דער הויפּט ראבינאט פון ישראל, אזוי האָבן אויך פארשטאנען די מועצת גדולי התורה (די העכסטע רעליגיעזע אגודה אינסטאנץ), אזוי האָבן פארשטאנען די אגודת ישראל, פועלי אגודת ישראל, דער מזרחי און דער הפועל המזרחי. עס וואָלט געווען א קידוש השם אזא פאראייניקטער, רעליגיעזער בלאָק.

וואָס־זשע טוט דער שטן? העצעט ער דעם לינקן פליגל פון הפועל המזרחי, די „למפנה״ גרופּע, אז זיי שטייט ניט אָן דער שידוך מיט די פרומע און אָרטאָדאָקסישע יידן, באשר בכן די פרומע יידן זיינען נאָר פאראינטערע־

סירט אין רעליגיעזע פראגן און זיי האָבן אויך — סאָציאַלע אינטערעסן. האָט אויך דאָס מאָל דער שטן מצליח געווען און צו קיין רעליגיעזן בלאָק איז ניט געקומען.

צוויי רעליגיעזע ליסטעס זיינען פאראן אצינד צו די כנסת־וואלן אין ישראל: אגודת ישראל פאראייניקט מיט די פועלי אגודת ישראל און דער מזרחי מיטן הפועל המזרחי.

דער שטן ווייזט אויס האָט זיך דערשראָקן, ווייל ער קאָן די קליינע אותיות און ער ווייסט, אז אין די הייליקע ספרים שטייט בפירוש, אז ווען יידן וועלן זיין פאראייניקט כאיש אחד און בלב אחד, קומט דאן די גאולה שלימה, און צו דעם קאָן דאָך דער שטן ניט מסכים זיין, ווייל וואָס פאר א חשיבות און פנים וועט דער שטן האָבן אין משיחס צייטן?

דערווייל רעגירט אין ישראל א מכלומרשטע קאָאַליציע רעגירונג: איין הפועל המזרחי, איין פּראָגרעסיווער און די איבעריקע מפא״י מיניסטאָרן.

דער כוחות פארמעסט וועט קלאָר ווערן אצינד, ביים סוף פון הײנטיקן חודש.

מי ומי ההולכים צו די וואלן וויסן מיר שוין, אָבער מי ומי וועלן זיין די זיגער, דאָס דארפן מיר אָפּווארטן ביזן סוף פון הײנטיקן חודש.

מען דארף געדענקען אז ישראל איז א דעמאָקראטיש לאנד מיט מאָדערנע אידייען פון רעגירונג און אדמיניסטראציע. איטלעכער האָט רעכט צו ווילן און דערוויילט צו ווערן: איטלעכער האָט רעכט צו זאָגן א דעה, אפילו די וואָס האָבן ניט די מאה. נו, זאָגט מען טאקע...

טומלט זיך אצינד אין ישראל. די פּארטיי־לייט שוויצן און ארבעטן „אָווערטיים", זיי שווערן ביי שווער־און־שוויגער, אז זיי מיינען נאָר לשם שמים...

און דער עולם דאָרטן? יענער עולם איז ניט קיין גולם. יענער עולם איז כולנו חכמים, כולנו נבונים — ממש ווי עס שטייט בפירוש אין דער פסחדיקער הגדה און ווי עס שטייט אין חומש דברים: יידן זיינען אן עם חכם ונבון, א קלוג און פארשטענדיק פאָלק.

גייען זיי טאקע צו די וואלן, אָבער מיט א שמייכל... זיי נעמען ניט צו ערנסט די אלע גאָלדענע גליקן און פיינע הבטחות און צוזאָגענישן פון די גליקלעכע אויסדערוויילטע. די אָרעמע מאסן וועלן ניט ווערן קיין נגידים נאָך די וואלן... און די נגידים וועלן אפילו ביי א רעכטן נצחון פון די

קאפיטאליסטן, ניט באפרייט ווערן פון שטייערן... אויב אזוי פרעגט דער פשוטער ייד, איז מה הרעש? וואָס איז דער טומל אזוי גרויס?

## כא
## גויים עסן כשר

פאר א רעליגיעזן יידן איז פיינלעך ווען ער טרעפט אַמאָל אַ יידן עסן אין א ניט־יידישן רעסטאָראַן. ווייל יידן זיינען תמיד געווען נזהר און אָפּגעהיט מיטן עסן. יידישע מאכלים האָבן געהאט א שם. די בעסטע און פעיקסטע געשולטע קעכיגס האָבן ניט געקאָנט קאָכן ניט קיין געפילטע שבת־קודשדיקע פיש און ניט קיין טשאָלנט. אונזדערע באָבעס און מאמעס זיינען אין קיין קאָך־שולן ניט געגאנגען, זיי האָבן קיין קאָך־ביכער ניט באנוצט — און דאָך האָבן זייערע מאכלים געהאט טויזנט טעמים. עסן אין א ניט־יידישן רעסטאָראַן איז געווען קעגן יידישן דין צוליב טרפות, און קעג. יידישער טראדיציע. דער גלות, די אסימילאציע און דאָס עם־הארצות, האָט געשטויסן א יידן צו פארשוועכן זיין טראדיציע און דין.

קומט איר אָבער קיין ישראל, זעט איר פונקט דאָס פארקערטע. איר זעט ווי ניט־יידן, גויים ממש, זיצן אין יידישע רעסטאָראַנען, כשר למהדרין מן המהדרין מיט א הכשר פון רבנות־הראשית און עסן מיט גרויס אפעטיט יידישע מאכלים און היימיש געקעכץ...

ווען איר זעט דאָס, פילט איר דעם תיקון און דעם כוח פון ארץ־ישראל, איר זעט א שטיק רפואה צו דער אלטער מחלה — אין די גלות־לענדער עסט א ייד אין א ניט־יידישן אָרט, און אין ישראל עסט א גוי אין א יידישן מקום...

## כב
## רויטער מגן דוד

דער רויטער קרייץ איז אן אינטערנאציאָנאלע הילף אָרגאניזאציע. בשעת מלחמה איז ער דער פארבינדונג אָפיצער, וועלכער דרינגט אריין אין די מסוכנדיקסטע מקומות. ער ברענגט הילף, שפייז, מעדיצין, בריוו פאר

געפאנגענע סאָלדאטן; ער לאָזט וויסן משפּחות אז זייער קרוב לעבט. וכדומה. אפילו אין פרידנצייט ברענגט דער רויטער קרייץ הילף ווען עס האנדלט זיך וועגן גרויסע נאציאָנאלע אומגליקן ווי שטורעם־ווינטן, פארפּלייצונגען או״ו. צו וואָס מאריך זיין? ווער ווייס עס ניט פון דער גוטער ארבעט פונם רויטן קרייץ?

איז דאָך אָבער דער קרייץ ניט גלאט כשר ביי יידן, פונם רעליגיעזן שטאנדפונקט ממש עבודה זרה, און פון נאציאָנאלן הינזיכט א שרעק־וואָרט, ווייל וויפל צרות און ליידן, פּיין און יסורים, האָט שוין דער קרייץ ניט אָנגעטאָן דעם יידישן פאָלק? אין נאָמען פון קרייץ האָט מען יידן געברענט און געבראָטן, פארטריבן און צוגערויבט זייער האָב און גוטס. די קרייץ־פאָרער האָבן דאָך געשחטן טויזנטער יידן און חרוב געמאכט הונדערטער יידישע קהילות (אין עלפטן יאָרהונדערט).

די געשיכטע איז ניט נאָר אן אלטע. אפילו היינט צו טאָג ארבעט דער קרייץ מעשים וועגן אינטערנאציאָנאליזירן ירושלים...

וואָס־זשע טוט מען אָבער פאָרט? גיש מען א יידישן נאָמען די דאָזיקע הילף־אָרגאניזאציע: אנשטאָט רויטן קרייץ — מגן דוד אדום, דער רויטן מגן דוד, ווייל מגן דוד שמעקט יידישלעך...

## כג

# גויים ריידן עברית

ווען א ייד דארף אָנקומען צום „מלכות״, דארף דערליידיקן אן ענין אין א רעגירונגס אָפּיס, צי גאָר אין א מאגיסטראט אָדער פּאָליציי סטאנציע, מוז ער ריידן דאָס גויישע לשון. רוסיש, פּויליש, דייטש, רומעניש, אונגאריש, שפּאניש, ענגליש, פראנצויזיש או״ו. דאָס האָט אזוי שטארק געווירקט אויף דער פּסיכאָלאָגיע פונם גלות יידן, אז ער האָט אויפגעכאפּט די דאָזיקע מציאה ווי אן אבן טוב, און ווי מענטשן גיבן איבער, רעדט מען שוין אפילו צווישן יידן אויך פרעמדע לשונות און ניט־יידישע שפּראכן. מען דערציילט, למשל (אפשר איז עס לשון הרע...), אז עס האלט שוין ווייט מיט דער מחלה, אז אפילוביים דאווענען אין די שולן רעדט מען פרעמד לשון, און ראבייס פירן דורך חופה צערעמאָניעס און בר־מצוהס אין פרעמדע לשונות. געוויינלעך

וועט עס אן אָרטאָדאָקסישער רב ניט טאָן, אָבער די וועלכע לויפן נאָך דעם יונגן דור טוען עס רחמנא לצלן...

אין ישראל זעט איר אָבער פונקט דאָס פאַרקערטע: גויים קומען אין יידישע אָפיסעס און אין רעגירונגס אנשטאלטן און מען דברט (דאבערט) עברית...

פאָרנדיק אין אן אויטאָבוס פון תל־אביב קיין חיפה, זיצט לעבן מיר אן איירישמאן און ער רעדט צו מיר העברעיש, און ער ציט מיין אויפמערקזאמקייט צו דעם פּרט. ביי אונדז, זאָגט צו מיר מר. פרעד דזשאָנסאָן, פון דובלין, ריידן די יהודים ענגליש און זייערע סינאגאָגן, שוין אָפּגערעדט פון זייערע היימען. און דאָ אין ישראל ריידן ניט יידן עברית...

## כד

# מערב אייראָפּעער — ווערט אַ חסיד

דער כוח פון ארץ־ישראל איז גוואלדיק גרויס. אין שיכון פאג״י, אין בית וגן, אין ירושלים, זיינען פאראן צוויי מנינים — א אשכנזישער און א ספרדישער.

ביים דאווגען באמערק איך א יונגנמאן, אפשר נאָך א בחור, א רויט־האָריקן, מיט א באָרד און לאנגע געקרייזלטע פּאות, א סאמעטענעם קאפּעליוש, מיט לאנגע זאָקן און חסידישע לאטשן. דער געשטעל איז מיר אויסגעקומען צו זיין א ריין קארפּאטאָ־רוסקער, פון אונגארן, רומעניע אָדער טשעכאָסלאָוואקיע — דער חסידישער יונגערמאן האָט געדאוונט מיט התלהבות, מיט תנועות און שטארקע באוועגונגען.

נאָכן דאוונען גיי איך צו אים און פרעג אים: פון וואנט זייט איר? — כאָטש איך האָב אין פאָרויס דערוואַרט זיין ענטפער — פון מארמאריש־סיגעט. אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן צו הערן אז ער קומט גאָר פון דער מאָדערנער שווייץ.

אויב פון דער שווייץ, אפשר זייט איר אהין פארוואָגלט געוואָרן בשעת דער מלחמה אלס פּליט?

— ניין, — ענטפערט ער, — איך בין א געבוירענער אין דער

שווייץ. איך, מיינע עלטערן און אור־עלטערן, זיינען אלע שווייצארישע געבוי־רענע. מיין גאנצער משפחה וואוינט עד היום אין לוצערן, לעבן ציריך, און מיין נאָמען איז ערלאנגער...

איך האָב געקאָנט זיין זיידן, אברהם ערלאנגער. א פרומער, שטרענג אָרטאָדאָקסישער ייד, פון דור דורות געריעדט דייטש, פון יענעם פראנקפורטער טיפּ אָרטאָדאָקסישע יידן, ווייט פונם חסידישן לעבן. און זעט א פּלא, קומט זיין אייניקל קיין ישראל, געפעלט אים גאָר דער חסידישער דרך און באהעפט זיך צו דער אולטרא־אָרטאָדאָקסישער גרופּע וועלכע שטייט נאָענט צו די נטורי קרתא און ער רעדט ניט דייטש, נאָר א זאפטיקן יידיש...

## כה

איך ווייס ניט צי ס׳איז אמת, אפשר איז עס בלויז רכילות און לשון־הרע. זאָל מיר ג־ט מוחל זיין פאר מיינע רייד („כ׳מיין פאר די געשריבענע שורות). אין די גלות לענדער, זאָגט מען, אז עס טרעפט זיך אמאָל, אז א ייד פאָרט רחמנא לצלן שבת אויף דער באַן. איז עס אוודאי ניט רעכט און ניט שיין. שבת דארף א ייד גיין אין שול אריין, דאווענען בציבור, קידוש מאכן, שלאָפן אביסל לענגער (שינה בשבת תענוג), אליין לערנען אָדער קומען אין שול אריין הערן לערנען, מעביר זיין די סדרה אא״וו. אָבער פאָרן שבת אויף דער באַן איז ניט שיין און ניט יידישלעך.

אין ישראל, זעט איר קאָן דאָס ניט פאסירן. אפילו אויפגעקלערטע יידן, היינטוועלטיקע, אפילו ניט קיין מפ״מניק, וועט ניט וואגן צו פאָרן שבת אויף דער באַן. א גוי, א ניט־איד — אוודאי און אוודאי ניט...

ווייסט איר פארוואָס? ווייל אין ישראל גייט ניט די באַן אום שבת...

דאָס איז ישראל! און פון דעם האָב איך שטאַרק הנאה געהאַט. ישראל האָט א פארבאָרגענעם כוח צו ענדערן דעם גאנצן מענטשלעכן איינשטעל. פון א דייטשן אָרטאָדאָקס מאכט ישראל א סאטמארער חסיד, ישראלס א ניט־ייד עסט כשרע מאכלים, און אן איירישמאן רעדט עברית...

טיפע כוחות פארמאָגט ישראל. מיט דער צייט וועט מען זיי אויפדעקן. זיי ליגן באהאלטן אין דעם הייליקן לאנד.

## כז

# גאַסן הענדלער אין ישראל

גערויינלעך זיינען ניט אלע יידן אין ישראל ארבעטער, וועלכע ארבעטן פאר אימעצן אין א פאבריק אָדער פעלד, אָפיס אָדער געשעפט. יידן זיינען „אויך״ געשעפטלייט, בעלי מסחר, הענדלער און פעדלער. דער אלטער טיפּ סוחרישער ייד איז אין ישראל ניט אונטערגעגאנגען, נאָר אדרבא, ער האָט צוריק אויפגעלעבט. דער חילוק איז נאָר וואָס מיר, אייראָפּעישע יידן, האָבן געקאָנט טיפּן פון נאלעווקי און פראנצישקאנער, סוחרים פון ווארשע, באלוט און פיעטערקאָווער גאסן טיפּן אין לאָדז, איז איצט ישראל „באַרייכערט״ געוואָרן מיט נייע טיפּן סוחרים, טיפּן פון אפריקאנער מאראָקאָ, טוניס און אלזשיר, פון בוכארא און תימן, און פון אראבישן שטייגער געשעפט־פירעריי. יענע יידן זיינען אונדז טייער, אָבער זייער געשעפט־שטייגער וואָלט מיר זיי מוחל געווען...

מיר וועלן אָנהויבן פון קליינהענדלעריי און שפּעטער צוקומען צו די גרויסע, ריזיקע געשעפטן.

דער גאסן־האנדל איז זייער פארשפּרייט אין ישראל. אמאָל פלעגט זיין אין דער אלטער היים באשטימטע מארק־פלעצער פאר יאטקעס, קליינע בוידן, קלייטן, געוועלבלעך און קראָמען, וואו יידן פלעגן זיצן און ווארטן אויף קונים. אין ווינטער פלעגן זיי זיך ווארמען ביי פייער־טעפּ און אין זומער ביי אויפגעפראלטע טירן הנאה האָבן פון דער זון...

אין די גרויסע שטעט אין ישראל זיינען אויך פאראן אזעלכע מארק פלעצער. אָבער דאָרטן דארף מען האָבן א חזקה, מען דארף צאָלן דירה־געלט, עס איז אן ענין פון מסיג גבול זיין, אריינקריכן אין יענעמס דלד אמות. איז דער אָריענטאלישער סוחר געפאלן אויף א המצאה: ער שפּרייט אויס א ליילעך אָדער א קאָלדרע ביי א שאָטן פון א הויז אָדער גרויס געשעפט, און צעלייגט זיינע סחורות און אנטיקן. ער זיצט אויף דער ערד, זיינע פיס הינטער זיך און ער רופט אויס זיינע „מציאות״. דורכגייערעס שטעלן זיך אָפּ, כאפּן א קוק, איינער באטראכט די סחורה, א צווייטער דעם סוחר, א דריטער דעם קונה, ווי מען דינגט זיך, מען שרייט און מען פילדערט, און ענדלעך קומט מען דורך.

איר טרעפט א יידן גיין מיט צוויי שווערע וואליזקעס אָדער קעסטלעך

אין זיינע הענט. אונטער זיינע אָרעמס טראָגט ער אויך עפּעס, און ארום זיין האלדז ווידער עפּעס (כאָטש די היצן זיינען גרויס). אזוי גייט ער פון איין גאס צו דער צווייטער. אים דאכט זיך אז דאָ וועט ער מצליח זיין. שטעלט ער זיך אָפּ, פארשפּרייט א פּלאכטע, פּאקט אויס זיין סחורה און הויבט אָן אויסזינגען די מעלות פון זיינע מציאות.

געלט, מעות מזומן, איז ניטאָ צופיל אין ישראל. אָבער סחורות וואלגערן זיך ממש אין די גאסן...

פארשיידענע פּרוכטן, ווי פלוימען, עפּל, מאראנצן, גרעיפּ־פּירות, וויינטרויבן, באנאנעס און סאבראס, זיתים (איילבירט, אָליווס), טייטלען, פייגן און באָקסער.

אויב איר האָט שוין אמאָל טועם געווען די אלע פּרוכטן, האָט איר אויף א סאברא זיכער נאָך קיין „שהחיינו" ניט געמאכט. סאברא איז א פּרוכט וואָס וואקסט צווישן ניט פארפלאנצטע דערנער און ווילדע צווייגן. סאברא פּרוכט זעט אויס גרין און מען צעשטעכט זיך די הענט ווען מען באריִרט עס. אויסערלעך זעט עס אויס ווילד און שטעכיק, אָבער די יאָדרע, דאָס אינעווייניקסטע, האָט טויזנט טעמים — ס'איז א מחיה צו עסן אזא פּרוכט.

טישלעך און בענקלעך אָנגעלייגט מיט פארשיידענע געבעקסן ווי זעמעלעך, בייגל, טאָרט, שטרודל, זיסע קיכלעך און אייער קיכלעך און די אראבישע עוגות. דאָס זיינען אזעלכע פּלעצלעך, אָדער בעסער געזאָגט מצות, זייער דיקע, די גאָר פּארצייטיקע מצה (עד היום עסן זיי די אָריענטאלישע יידן אפילו אין פּסח) געבאקן ניט ווי מאנישעוויטש באקט זיי אין ניו־דזשוירסי, אָדער סינסינאטי, דין און פיין, מעשה פריץ, נאָר גראָב און דיק, אזוי ווי עס שטייט אין חומש — עוגות מצות.

פארשיידענע צוקערווארג, ווי שאָקאָלאד, וואפלס, געפילטע צוקערלעך און לאנג־געצויגענע שטעקלעך פון צוקער און מאלטס אין בונטע קאָלירן.

ווי איר זעט, קאָן מען חס ושלום ניט פארחלשט ווערן אויף די גאסן פון די גרויסע שטעט אין ישראל.

זעט איר, אייז־קרים קאָנט איר שוין ניט באקומען אויף אזא פּרימיטיוון וועג. ווייל אייז־קרים האָט א טבע אז עס ווערט צעשמאָלצן און פארנעמט ניט קיין ווארעמקייט. און אין ישראל איז כידוע זייער ווארעם ווילט איר אן אייז־קרים מוזט איר זיך מטריח זיין און גיין אין אַ קראָם. דאָרטן קאָנט איר זיך אוועקזעצן און כאפּן דעם אָטעם, טרינקען אַ גלעזל סאָדע וואסער, וויין און אפילו א לחיים אויף פינף און ניינציקער טרונק בראָנפן. טאָמער

ווילט איר דוקא אַן אייז־קרים, מוזט איר וואַרטן אויפן מאָגערן יינגל מיט א קליינעם אייז־קרים באָקס וואָס וועט פארביילויפן די גאַס און אייך פאַרקויפן א גלידה...

איר באַקומט אין גאַס אַ פריש־געפּרעגלטן קאָטלעט, געפּרעגלט אויף אַן אָריענטאַלישן שטייגער. דער „סוחר" זיצט זיך מעשה פּריץ אויף אַ שטיל און האַלט אין זיינע ביידע הענט א מעטאַלענע שפּיז, ארום וועלכער עס איז ארומגעוויקלט א געמיש פון ירקות מיט פיש אָדער פלייש. אזוי פּרעגלט זיך עס עטלעכע מינוט אויפן פייער און דאָס דאַרף זיין א מחיהדיק מאכל, לויט ווי יענע יידן און להבדיל, די אַראַבער גיבן איבער... דער ריח פון האָלץ־קוילן און פון שטויב פון דער גאַס מיטן ריח פון גאַזאָלין, מישן זיך צוזאַמען, און די קאָטלעטן באַקומען דעם אמתן טעם...

אָבער וואָס גייט עס אונדז אָן? מסחר איז מסחר. מען שטייט אין ליין, מען וואַרט אויף אַזא געבראָטנס און געפּרעגלט מאכל.

מען באַקומט אויף די גאַסן צו קויפן אויך קליידער און גאַלאַנטעריי סחורות, ווי העמדער, בינדעס, נאָז־טיכלעך, פרויען שאַלן, שיך־בענדלעך ציין בערשטלעך, פּודער און אויך תמריקי־נשים, שמינקע, ליפּן־פאַרב און אזא שמירעכץ צו גלאַנצן און פאַרבן די נעגל.

שוסטערס צעשפּרייטן זיך מיט זייערע וואַרשטאַטן אויף די גאַסן פון ישראל ווי א בן־מלך אין זיין פּאַטערס ווייַנגאָרטן. געוויינלעך זוכן זיי אַן אָרט ביי א וואַנט וואו דער שאָטן שיצט זיי פון די ברענענדיקע היצן.

צענדליקער פּאָר שיך, שוין פאַרריכטע און אָפּגעפּוצטע, באַצירן זיין מקום, קאַפּיטעס און צוועקלעך, העמערלעך און שטיקלעך לעדער, שיך־בענדלעך און בלעכענע באַקסעלעך מיט הילצערנע און מעטאַלענע נעגל שטייען אויסגעשטעלט פּונקט ווי טייערע שטיינער אין א פּרינצלעכער קרוין.

ארום דעם שוסטער זיצן סתם ליידיק־גייער, דערציילן מעשהלעך און וויצן, און גיבן דעם שוסטער מוט און פריילעכקייט, ווי להבדיל, אין די גרויסע פאַבריקן הערן די אַרבעטער און בעלי מלאכות ראַדיאָ פּראָגראַמען.

אין די צוריקגעשטאַנענע גאַסן, וואו עס וואוינען די ספרדישע אָרעמע יידן טרעפט איר אפילו א שערער (באַרבער אויף אמעריקאַניש), אויף דער גאַס, וועלכער שערט זיינע קליענטן, מיט קיין מאָדערנע מכשירים באַנוצט ער זיך ניט, קיין עלעקטרישע מאַשינקעס האָט ער ניט, קיין ברייטע פריצישע באַוועגלעכע שטול דאַרף ער אויך ניט, דירה־געלט צו צאָלן פאַר א שאַפּ האָט ער אפשר ניט — נו, פאַרוואָס טויג ניט טאַקע די גאַס אליין?.. זיצט

אזא שערער אויף דער ערד און זיין קליענט קניט פאר אים ווי פאר א גלח, און יענער שערט אים זיינע האָר...

דאָס איז דער אָריענטאַלישער טיפּ סוחר. איר דאַרפט זיך אָבער גאָר ניט פאַרשעמען ווען איר קומט אין די רייכע געשעפטן. דאָרטן טרעפט איר פון כל־טוב. אלערליי סחורות פון די טייערסטע און בעסטע, עלעגאנטע, ריזיקע, מאָדערנע געשעפטן ניט אָרעמער ווי אין ניו־יאָרק, מאָנטרעאל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג.

יענע מאָדערנע געוועלבער זיינען אויסמעבלירט פּונקט ווי אויף דער פינפטער עוועניו אין ניו־יאָרק — איר זעט רייכקייט און לוקסוס, טייערע קליידער, צירונג, שוכווארג, מעבל, רעסטאָראַנען, ביר־האַלעס און אייז־קרים־פּאַרלאָרס.

מאָדערנע וועשערייען, שניידער געשעפטן, קינדער שפּילצייג געשעפטן — וואָס אייער הארץ גלוסט נאָר, אלץ באַקומט איר היינט אין ישראל.

איר זעט גרויסע ביכער און ספרים־געשעפטן, זילבערנע און באַזילבער־טע חפצים, מנורות, לייכטער, חנוכה־לאָמפּן, בעכערס, בשמים ביקסלעך לעפל, גאָפּל, מעסער, שבת קודש מעסער, צירונג פאר ספרי תורות, פרוכתן און תורה מענטלעך.

איר דאַרפט נאָר האָבן א פּאָר דאָלאַר אין קעשענע און איר וועט האָבן פון כל־טוב.

צווישן די גאָר גרויסע רייכע לוקסוס געשעפטן און די גאָר אָרעמע אָריענטאַלישע גאסן מסחרייען, געפינען זיך די קליינע הענדלער און פרימי־טיווע געוועלבלעך. זיי, זאָגט מען, איז ערגער פון אלעמען.

די גאָר קליינע, וועלכע פאַרשפּרייטן זייערע סחורות אויף דער ערד, זיי איז וואויל ווי די וועלט. זיי האָבן גאָרניט און זיי דאַרפן גאָרניט. קיין דירה־געלט צאָלן זיי ניט, און קיין שטייערן אויך ניט, ווייל זיי האָבן ניט קיין מקום קבוע פאר זייערע סחורות אין דער שכונה (קוואַרטאל), היינט שטייען זיי דאָ און מאָרגן ערגעץ אנדערש. קיין אָנגעשטעלטע האלטן זיי אויך ניט, וויפל זיי פאַרדינען איז כולו ריוח.

די גאָר גרויסע, עלעגאנטע געשעפטן דאַרפן שוין זייער פיל אויפצו־האלטן זייערע מסחרים, מאַכן זיי אָבער א פיין לעבן... טוריסטן און סתם לוקסוס זוכערס ברענגען פדיון, און פאר זיי דאַרף מען זיך ניט זאָרגן.

שווער איז אָבער דעם קליינהענדלער, די קליינעאָרעמע שפּייז און גאלאנטעריי קלייטן. זיי מוזן צאָלן גרויסע שטייערן. זיי האָבן אנדערע הוצאות

אויך. זייער לעבנס שטייגער איז שוין א העכערער, אָבער די פאַרדינסטן זיינען אָרעמע.

פאַראַן נאָך פאַרשיידענע מיני מסחרים אין ישראל, ניט ריידנדיק איצט פון די גרויסע פאַבריקן אָדער ציטרוס פּרוכט גערטנערייי, נאָר פון אָרעמע פּעדלערס וועלכע פירן מילך, נאַפט פּירות און ירקות אויף קליינע וועגעלעך געשפּאַנט מיט אַן אייזל אָדער מויל־אייזל.

„תנובה" איז איינע פון די רייכסטע מילך־פּראָדוצירערס און דאָך פאַרמאָגט זי ניט ווי אין די היגע לענדער קיין וועגענערס צוצושטעלן די מילך פּראָדוקטן אין די פּריוואַטע וואוינונגען. פאָרן יידן אויף בייסיקלעך מיט צוויי אָדער דריי רעדער, „רייכערע" האָבן שוין אַן אייזעלע נאָך רייכערער האָבן שוין א מויל־אייזל, מען אַרבעט, מען מסחרט, מען דרייט זיך און מען קומט דורך, מען מאַכט חתונה קינדער און מען פירט א וועלט.

דער גרויסער עיקר איז, אַז מען איז צופרידן. זיי זיינען גליקלעך, אַז זיי חידושן זיך אויף אונדז. הא, קלוגע יידן, פּראַקטישע מענטשן, און דאָך האָט איר קיין שכל ניט. וואָס זיצט איר דאָרטן אין די אמעריקעס? וואָס קומט איר ניט אהער וואוינען מיט אונדז צוזאַמען? וואָס היט איר פרעמדע ווייגערטער און אייער אייגענעם ווייגאָרטן פאַרלאָזט איר?..

יענע יידן פאַרשטייען אויך צו ביסלעך אין די דראָבנע אותיות. זיי זאָגן ניט קיין מליצות, זיי ברענגען אייך א לעבעדיקן פּסוק פון שיר השירים: נטרתי את הכרמים — אָבער — וכרמי שלי לא נטרתי...

## כח

# בלינדע אַרבייטלאָזע דעמאָנסטראַציע

אַרבעטלאָזיקייט איז א שווער פּראָבלעם, אפילו אין די גרויסע, מיט גאָלד אָנגעשטאָפּטע, מדינות. וויפל די מלוכה־קאַסע שטיצט דעם אַרבעטלאָזן, גייט ער אַלץ אַרום א הונגעריקער און א פאַרשעמטער... ער וויל ניט לעבן אויף צדקה און וויל ניט אָנקומען צום חסד פון דער געזעלשאַפט. ער וויל אַרבעטן און פאַרדינען א שטיקל ברויט, מיט א דאַך איבערן קאָפּ; ער וויל דערנערן זיין משפחה, ער וויל זיך מאַכן נוצלעך.

די אומשטענדן זיינען אָבער גורם, אַז פון צייט צו צייט געפינען אפילו קוואַליפיצירטע אַרבעטער „מיט גאָלדענע הענט" קיין אַרבעט ניט.

איז זיי נעבעך ביטער. פּראַקטישע ארבעטער און בעלי־מלאכות שפּאָרן צו ביסלעך און לעבן אויסגערעכנט, זיי באהאלטן אביסל געלט פאר א רעגנדיקן סעזאָן.

ווי איז אָבער דער דין, ווען אפילו דער פיינסטער ארבעטער, דער גרעסטער שפּאָרער, פארדינט ניט אפילו אין די גוטע צייטן צופיל, און ער קומט קוים־קוים אויס מיט חיונה? וואָס זאָל אזא שטייגער מענטש טאָן, ווען קיין ארבעט איז ניטאָ?

די ארבעטער אין ישראל ארבעטן פלייסיק און געטריי. זיי זיינען אידעאַליסטיש און איבערגעגעבן, זיי פילן אז זיי העלפן בויען א יונג לאנד, א נייע היים פאר זיך און פאר זייערע קינדער. א היים פאר זיך און א היים פארן פאָלק. אזא ארבעט טוט אביסעלע באגייסטערן און דערהויבן, און ווען די פארשיידענע פּאָליטישע חילוקי דעות און פארטיי־רייסענישן וואָלטן ניט פארסמט די מוחות פונם ארבעטנדיקן מענטשן, וואָלט זיין ארבעט — דאָס בויען דאָס יידישע לאנד –– געקאָנט באטראכט ווערן ווי א קדושה און הייליקייט.

די בעסערע, איידעלערע ארבעטער לאכן זיך טאקע אויס פון די אלע גליקן פון די סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע אידייען. זיי וויכן פון פּאָליטיק און זאָלן זיך די פירער רייסן ביי זייערע קעפּ... גיט אונדז ארבעט! מיר זיינען גרייט צו בויען און שאַפן, האקן שטיינער און זיי צעמאָלן אויף צעמענט, בויען שאָסייען און בנינים, אקערן און זייען, פלאנצן און שניידן פרוכט, האָדעווען בהמות און עופות, און אויך קינדער; עפנט פאבריקן, שווערע אינדוסטריעס — ארבעטער שטייען גרייט צו אלערליי ארבעטן: שפּינען און וועבן, סטאָלעריי און שלאָסעריי, שניידעריי און שוסטעריי, צו עלעקטריש ארבעטן. אלע ארבעטן ווילן זיי ארבעטן, אָבער שאפט ארבעט, גיט זיי צו פארדינען!

אין ישראל איז דאָס פּראָבלעם אביסעלע שארפער, ווייל צענדליקער טויזנטער עולים פון די מזרח־לענדער זיצן אין מעברות. זיי טויגן זיך ניט אויס צו קיין קוואַליפיצירטער ארבעט, ווייל וואו האָבן זי געקאָנט אייסלערנען פאכן? אין תימן? אין דער אָרימער מאַראָקאָ? אלזשיר אָדער טוניס?

די פעיקערע רייסן זיך צו מאָדערנער ארבעט און זיי „כאפן" באלד די תורה. פיל שטייגן איבער אפילו די דיפּלאָמירטע אייראָפּעישע יוגנט מיט זייער פלייס און אינטעליגענץ. אָבער דאָס זיינען אלץ יחידים און קליינע

גרופּעס. דער רוב „זוכט ארבעט״. און צופיל ארבעט איז ניטאָ. ווערן זיי געהעצעט פון ביליקע פּאָליטישנס מאכן דעמאָנסטראציעס.

אויף וויפל דאָס איז א גוטע רפואה ווייס איך ניט, אָבער עס ווירקט זייער אויף די אורחים, אויף די טוריסטן, דער פרעמדער טוריסט וועלכער קומט אויף א ווייל און וויל זען בלויז אידיליע, בלויז הארמאָניע, בלויז דאָס גוטע און שיינע פון ישראל, ווערט ער אָבער פלוצים וואך ווי נאָך א זיסן חלום.

וואָס קומט דאָ פאָר?

פון איין זייט הערט מען ווי די גדולים אפּעלירן צום וועלט־יידנטום: קומט וואוינען אין ישראל, שיקט אייערע קינדער אהער! ישראל דארף האָבן א נייע עליה, א שטראָם פון נייע עולים! און דאָ האָבן די שוין געקומענע קיין ארבעט ניט...

א טייל דערקלערן עס אזוי: ס׳איז א פּאָליטישע דעמאָנסטראציע קעגן דער רעגירונג, ווייל אין דער אמתן, ווער עס וויל ארבעטן, באקומט ארבעט.

ווייס איך ניט צי דאָס איז דער אמתער אמת...

איך האָב בייגעוואוינט אזא שטייגער מערקווירדיקע דעמאָנסטראציע פון א גרופּע בלינדע יידן, מענער און פרויען. זיי האָבן מארשירט איבער די גאסן פון ירושלים אין א געשלאָסענער קייט. פּאָליציי האָט זיי באגלייט. זייער ציל איז געווען צום בנין פונם ישראל פארלאמענט — צו דער כנסת.

טויזנטער מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און צוגעהערט צו זייערע דירנדיקע אויסרופן. און אזוי איז געווען דער נוסח: דער אָנפירער פרעגט אויפן קול מיט א ריזיקער טענאָר שטימע: מה אתם רוצים (וואָס פארלאנגט איר)? און אלע בלינדע דעמאָנסטראטן ענטפערן: עבודה ושיכון (ארבעט און דירות)! מה חסר לכם (וואָס פעלט אייך)? און אלע צוזאמען ענטפערן ווי אן איינגעשטודירטער כאָר — עבודה ושיכון (ארבעט און וואוינונגען)...

איר ווערט מיטגעריסן מיט דער מארשירנדיקער דעמאָנסטראציע פון די אומגליקלעכע בלינדע. מענטשן גייען זיי נאָך. מען קאָן זיך ניט אָפּרייסן פון זיי. יידישע בלינדע בעטן ארבעט און וואוינונגען... און בשעת מעשה דערמאָנט זיך מיר א קליין מעשהלע:

אן אָרימער ייד איז אריינגעקומען ערב פּסח צום בריסקער רב פרעגן א שאלה. אזוי ווי ער האָט ניט קיין וויין צום סדר, צי מעג ער נעמען מילך? דער גרויסער בריסקער רב עליו השלום האָט זיך א ווײַלע פארטראכט, ארויסגענומען צען רובל און געגעבן דעם יידן, גייט און קויפט וויין אויף ארבע כוסות...

ווען דער ייד איז ארויס פונם רבס הויז, פרעגט די רביצין דעם רב אויך א שאלה: בריסקער רב, ווייַן אויף ארבע כוסות קאָסט דאָך ניט מער ווי א האלבן רובל, צו וואָס האָסטו אים דערלאנגט א קנאקנדיקן צענערל?

ענטפערט דער רב: וואו איז דייַן שכל בריסקער רביצין? דו האָסט ניט פארשטאנען דעם יידנס שאלה. אויב ער פרעגט מיך צי ער מעג נוצן מילך אויף ארבע כוסות, איז דאָך א סימן אז ער האָט קיין פלייש אויך ניט... ווייל אויב ער זאָל האָבן פלייש אויף יום טוב, ווי אזוי זשע וועט ער טרינקען מילך ביים סדר? האָב איך אים געגעבן צען רובל ער זאָל צוגרייטן ניט בלויז ווייַן, נאָר אויך פלייש און פיש, און אפשר אויך א פּאָר שיך פאר א קינד.

ווען די אָרימע בלינדע האָבן געשריען אויף די גאסן פון ירושלים גיט אונדז ארבעט און דירות, איז דאָך א סימן, אז עס פעלט זיי פיל מער. אויב מען האָט ניט קיין דירה, האָט מען ניט קיין מעבל, קיין קארפּעטס, קיין מלבושים ווי עס דארף צו זייַן, און אויב מען האָט ניט קיין ארבעט, האָט מען ניט צו עסן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די ארבעטער און פּקידים (אָנגעשטעלטע) „מאכן א לעבן". זיי פאר־דינען אויף חיונה. אָבער דער לעבנססטאנדארד איז העכער ווי די מעגלעכ־קייט צו קאָנען פארדינען.

דאָס לעבן אין ישראל איז מאָדערניזירט און שטייט אויף א העכערער מדריגה, און די פארדינסטן זייַנען באשרענקט, מען וויל זייַן שיין געקליידעט, מען וויל האָבן א ראדיאָ, אן עלעקטרישן אויוון און אייז־קאסטן. פארוואָס טאָקע ניט? יידן זייַנען דאָך בני מלכים (פּרינצן). דער רוב קומט דאָך פון ציוויליזירטע מדינות אין אייראָפּע, זיי קאָנען ניט אָפּקאָכן אביסל וואַרעמס אויף א נאפט־מאשינקע, מיט אַ האָלץ־ און־קוילן אויוון איז אויך שווער צו באנוצן זיך, צוליב די גרויסע היצן — מוז מען האָבן אן עלעקטרישן אויוון, און אזא לוקסוס קאָסט דאָרטן אין ישראל קורחס אוצרות.

ניט בלויז דער ארבעטער און פּקיד באקומט קארגע שכירות. אפילו די סאמע קאָרפּן־קעפּ, די מיניסטאָרן און פּארלאמענטאריער, די אָפּיצערן און גענעראלן. אויך זייערע שכירות זייַנען לגבי די שכירות אין אנדערע לענדער זייער קליין. דאָס זעלבע איז מיט לערער און דערציער, מיט דאָקטוירים,

דאנטיסטן און קראנקען־שוועסטער — אלע מאכן זיי א לעבן און וואוינען זיך בעלי־בתיש, אָבער ווייט פון לוקסוס און מותרות...

איינע פון די שארפסטע פּראָבלעמען אין ישראל איז „שיכון" — דירות און וואוינונגען. דירה־געלט איז זייער ביליק. די רעגירונג לאָזט ניט הייבן דאָס דירה־געלט. אָבער צו באקומען א דירה פון צוויי־דריי חדרים, איז זייער שווער. מען מוז באצאָלן „דמי מפתח" (שליסל־געלט).

וואוינט אימעצער שוין לאנג אין א דירה, קאָן ער צאָלן ארום צען דאָלאר א חודש פאר א פיינער, זייער באקוועמער דירה. קומט ער אָבער זי דינגען, מוז ער באצאָלן ארום צוויי טויזנט דאָלאַר (ניט פונטן) שליסל געלט.

ווען אימעצער מאכט חתונה א קינד אין ישראל, רעדט מען טאקע ניט פון קיין נדן, אָבער דער פאָטער פון דער כלה „מוז" באזאָרגן א דירה אלס מתנה. אויב ניט, האָט מען ניט חתונה, מעןווארט.

וויפל די רעגירונג שטעלט אליין ניט אויף שיכונים. גאנצע בלאָקן, און זי דערמוטיקט פריוואטע איניציאטיווע, קאָן אלץ ניט געלייזט ווערן דאָס שארפע דירות פּראָבלעם.

מיט אמעריקאנער פינף טויזנט דאָלאר און העכער קאָן מען קויפן אָדער אויפשטעלן שיינע, באקוועמע און פּראכטפולע הייזער. איז אָבער די פראגע: פון וואנעט נעמט א דורכשניטלעכער ייד אין ישראל פינף טויזנט דאָלאר?..

## כט

# עם הספר — עם „הארץ"

קרוב צו צוויי טויזנט יאָר זיינען יידן געווען אין גלות, צעזייט און צעשפּרייט איבער פארשיידענע קאָנטינענטן, פון צייט צו צייט געמוזט וואנדערן פון איין לאנד צום צווייטן: פון ארץ־ישראל, קיין בבל, טערקיי, שפּאניע, פּאָרטוגאל, האָלאנד, דייטשלאנד, פּוילן רוסלאנד: אין אפריקאנישע שטעט און ישובים אין אזיע גופא אין תימן אא"וו.

יידן האָבן ניט געהאט קיין אחיזה צו דער ערד. אין א טייל אייראָפּעישע לענדער איז געווען פארבאָטן יידן זאָלן באזיצן לאנד, ממילא האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר און האנדל צו ציען דערפון פּרנסה.

די רשעותדיקע גויים האָבן ניט געדולדעט דעם יידן ער זאָל זיך

איינבירגערן אויף זייער ערד — האָט דער ייד זיך גענומען בויען פאַלאַצן און ריזיקע בנינים פון גייסט. זיי האָבן געלערנט, געשריבן, געדרוקט און איבערגעלאָזט אייביקע אוצרות פאַר די קינפטיקע דורות.

דער תנ״ך, די משנה, דער תלמוד, די מדרשים, דער זוהר, ספרי מוסר, חסידות, שאלות ותשובות פון ראשונים און אחרונים. אָט די אַלע פאַלאַצן און ריזיקע בנינים פון יידישן גייסט, האָבן גוים אויך געוואָלט צעשטערן, זיי האָבן פאַרברענט דעם תלמוד, דעם רמב״מס ספרים און פאַרבאָטן צו לערנען די תורה.

אָבער יידן האָבן מיט מסירת הנפש אויפגעהאַלטן זייערע פעסטונגען און זיך ניט אונטערגעגעבן — געשריבן, געלערנט, געדרוקט און פאַרשפּרייט תורה און יידיש וויסן צווישן די מאַסן.

מיטן אויפקום פון מדינת ישראל, ווען יידן האָבן באַקומען א מעגלעכ־קייט צו באַזיצן אייגענע ערד, האָבען זיי זיך געוואָרפן אויף איר ווי א הונגעריקער מענטש וואַרפט זיך אויף שפייז. פעלדער און וועלדער, גערטנער און פרדסים, גראָבן קאַנאַלן, באַוואַסערן טרוקענע שטחים, טריקענען זומפּיקן באָדן — אָט די ארבעט האָט פאַרשלונגען די בעסטע כוחות פון יונגע יידן אין ישראל.

איז אנטשטאַנען א מורא אַז דאָס פאָלק ישראל וואָס איז ביז אַצינד געווען אַן „עם הספר״, זאָל אַמאָל ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן „עם הארץ״, א פאָלק פון לאַנד...

פון איין עקסטרעם, פון גאַלע גייסט, פון גאַלע ספרים־וועלט, זאָל אַמאָל דער ישראל־ייד ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין א פּויערים־עלעמענט, אָפּגעריסן פונם ספר, פון תורה, פון גייסט.

ווען א ייד דאַרף אַקערן אין צייט, פאַרזייען אין צייט, שניידן אין צייט, דרעשן אין צייט — „תורה מה תהא עליה״, וואָס וועט זיין מיט דער תורה?

איז געקומען הרב יהודה־לייב מימון שליט״א, א זייער אינטערעסאַנטער רירעוודיקער, ענערגישער און וואַרעמער ייד, א מענטש מיט וויזיע און פלאַם־פייערדיקע אַמביציעס, א שרייבער און מחבר, א חוקר און עמקן, א בעל זכרון וואָס געדענקט א וועלט מיט עפּיזאָדן און געשיכטלעכע פּאַסירונגען, און האָט פאַרווירקלעכט א שיינעם חלום.

נאָך דער פּטירה פון הרב הראשי, הגאון הצדיק, ר׳ אברהם־יצחק

הכהן זצ״ל קוק, האָט ער, צו פאַראייביקן זיין נאָמען, געגרינדעט דעם „מוסד הרב קוק״.

דער דאָזיקער „מוסד הרב קוק״ איז ניט סתם אזוי א פארלאג וואו עס ווערן געדרוקט און פארקויפט ספרים. דער דאָזיקער מוסד איז פארבונדן מיט א ריזיקער אידייע צוזאמענצוקלייבן אלע פארוואָרפענע זעלטענע כתבי יד, מאנוסקריפטן און ניט־געדרוקטע ספרים פון יידישע גדולים אין פאַר־שיידענע דורות, וועלכע זיינען געלעגן באהאלטן אין גניזות הונדערטער יאָרן, און צוריקברענגען די טייערע אוצרות פון יידישן גייסט פון די גלות־לענדער קיין ישראל.

דער „מוסד הרב קוק״ זעט אויס ניט ווי א ביבליאָטעק בנין, נאָר ווי א מוזעום פון גאָר גרויסן פארנעם. דער בנין מאכט א גוואלדיקן רושם אויף איטלעכן באזוכער.

צענדליקער ארבעט־צימערן וואו עס זיצן רבנים, שרייבער און געלערנטע, און גריבלען זיך אין אלטע כתבי־יד פון תימן און מאראָקאָ, פון שפאַניע און פאָרטוגאל, פון טערקיי און פון אָקספאָרד אין ענגלאנד.

קרוב צו זעקס הונדערט ספרים אויף פארשיידענע געביטן, ווי תנ״ך און מפרשים, ש״ס ופוסקים, תפלה און פיוט, קבלה און חסידות, ארץ־ישראל, מאָנאָגראפיעס פון גדולי ישראל, מוסר און דרוש, אא״וו, א וויסנשאפטלעכע אויסגאבע פון אלע ספרים פון דעם רמב״ם — עס איז אוממעגלעך אויס־רעכענען אלע ספרים און געביטן אויף וועלכע דער מוסד הרב קוק האָט זיך פארמאָסטן.

א קוזשניע פונם יידישן גייסט, אָדער ווי די העברייער רופן עס — בית היוצר.

הרב מימון, דער בויער און שאפער פונם דאָזיקן מוסד, האָט דאָ באוויזן זיין לעבנס־ווערק, זיין פאנטאזיע, זיין נשמה, זיין גייסט.

הרב מימון, געוועזענער מיניסטער פאר רעליגיע אין דער ישראל רעגירונג, איז שוין ניט קיין יונגערמאן, ווען מען קוקט אריין אין זיין געבורטשיין, אין זיין תעודת לידה: קוקט מען אָבער ווי אזוי דער מענטש ארבעט, מיט וואָס פאר א כוח און פלייס, זעט מען אז ער איז אין די מיטעלע, קרעפטיקע יאָרן — פול מיט פלענער און אויפטוען, ווייטע חלומות וועלכע וועלן פארווירקלעכט ווערן היינט אָדער מאָרגן.

הרב מימון שליט״א טראָגט זיך ארום מיט א פלאן אויפצושטעלן די

סנהדרין אינסטיטוציע, דעם העכסטן יידישן בית דין, וועלכער זאָל אנערקענט ווערן פון אלע יידן פון מדינת ישראל און פון אלע תפוצות, אלס די העכסטע אויטאָריטעט פון גייסט און געזעץ ביים יידישן פאָלק.

נו. ווי יעדער אידייע טרעפט אויך די אידייע אָן אויף קעגנער און מתנגדים. וויל איך זיך איצט ניט אָפּשטעלן אויף דעם עצם ענין פון סנהדרין בזמן הזה. איך וויל נאָר פארצייכענען דעם קאָלאָסאלן רושם וואָס עס האָט אויף מיר געמאכט זייענדיק אינם בנין פון מוסד הרב קוק. דאָרטן איז דאָ א זאל מיט איבער טויזנט זיץ־ערטער, און אינם זאל א זיץ־אָרט פאר די סנהדרין אין פאָרם פון א חצי עגול, א האלבע לבנה, ווייל אזוי זייִנען געזעסן אמאָל די סנהדרין אין ירושלים, כדי איינער זאָל קאָנען זען דעם צווייטן...

א ריזיקע ביבליאָטעק פון צענדליקער טויזנטער ספרים אויף אלע שפראכן, א מוזעום פון תשמישי קדושה, קונסט־אויסארבעטונגען פון כתרים, ידן צו ספרי תורה, בעכערס, בשמים ביקסלעך, פּרוכתן, שופרות אא״וו.

צוויי־און־צוואנציק שטודיר־חדרים פאר רבנים, מחברים, פאָרשער און שרייבער.

פאָטאָגראפיעס פון גדולי ישראל פון אלע לענדער.

איך געדענק ניט די נעמען פון אלע פאָרשער און ארבעטער דאָרטן. איך געדענק אָבער יאָ דעם יונגן, ענערגישן, פלאמיקן דיכטער, פינחס פּלאי, וועלכער האָט רעדאקטירט דאָס ספר „אמונים״, א זאמלונג פון שירים פון צוואנציק רעליגיעזע דיכטער (דער שרייבער פון די שורות האָט זיך אויך באטייליקט אין יענער וואונדערבארער אויסגאבע).

הרב מימון, ווי אויבן דערמאָנט איז ענערגיש. זיין פּלייס זעט זיך אָן אין אלע ווינקעלעך פונם מוסד הרב קוק. ער האָט א ידיעה אין אלע געביטן פון תורת און חכמת ישראל. ער איז א גרויסער משפיע און בויער.

דער מוסד הרב קוק איז א גרויסע אידייע און איר שעפער און בויער. הרב מימון איז א גרויסע פּערזענלעכקייט.

איטלעכער ייד וועלכער האָט נאָר די מעגלעכקייט און זכיה צו באזוכן דאָס הייליק לאנד און אויפגיין קיין ירושלים עיר הקודש, דארף ניט פארפעלן צו באזוכן דעם גרויסן „מוסד הרב קוק״. ער וועט זען וואָס יידן האָבן געשאפן אין משך פון טויזנטער יאָרן, ער וועט אינסטינקטיוו דערפילן אז די גאָלדענע קייט פון דורות ווערט ווייטער געשמידט...

ל

# ווען צופיל שפע איז אַ חסרון

„וואָס צופיל איז אומגעזונט״, זאָגט אַן אלט יידיש שפּריכוואָרט.

רעגן איז א ברכה, אָן רעגן וואקסט ניט, די פעלדער טריקענען די תבואות ווערן פארוועלקט. א טרוקן יאָר קאָן פאראורזאכן א הונגער. רעגן איז א ברכה. ווען? ווען ער קומט אין צייט און דער עיקר מיט א מאָס... צופיל רעגן איז א קללה, די תבואות ווערן פארפוילט, די פארמערס קאָנען ניט שניידן, ניט ארבעטן, און האָבן גאָר ניט צו פארקויפן. עס טויג ניט ווען עס רעגנט צופיל...

מענטשן ארבעטן שווער אויף פּרנסה. קערן די גאסן פירן מיסט, האקן שטיינער, לאָזן זיך אראָפּ טיף אינם בויך פון דער ערד, גראָבן און האקן קוילן, זוכן נאפט, אויל און אנדערע מינעראלן און כעמישע שטאָפן.

פישערלייט לאָזן זיך ארויס אין די פריע שעהן, טיילמאָל אויך ביינאכט, אויף די אָפענע טייכן. זיי האָבן ניט מורא פאר א פארקילונג, פארן שטורעם־ווינט. זיי כאפּן פיש זיך מפרנס צו זיין. מענטשן ארבעטן אין פאבריקן שעהן לאנג, עסן זיך אָן מיט שטויב און טרינקען שוויס, צוליב פּרנסה.

טייל לאָזן זיך אויף מסוכנדיקע וועגן. „יצא אָדם לפעלו״ זוכן פּרנסה. מען זוכט צו מאכן א גילדן, א ריוח: וויל אָפּשפּאָרן אויף פארן מאָרגן. פארוואָס טאקע ניט?

ארבעט איז זיס, מען איז גליקלעך און צופרידן ווען מען „מאכט״ צוביסלעך געלט, אָבער די נאטור פונם מענטשן איז דאָך ווי די חכמים אין דער גמרא האָבן פעסטגעשטעלט: „מי שיש לו מנה, רוצה מאתים״, ווער עס דערגרייכט די סומע פון הונדערט גילדן, חלומט שוין וועגן צוויי הונדערט, און ווער עס האָט שוין טויזנט, וויל שוין צוויי טויזנט...

צופיל עשירות טויג אויך ניט. ווי זאָגט שלמה המלך אין קהלת: זיס איז דער שלאָף פונם ארבעטער. צי ער עסט ווייניק צי צופיל. אָבער די זעט פונם עושר לאָזט אים ניט שלאָפן... א קרענקלעכן ווייטיק האָב איך געזען אויף דער וועלט: עושר שמור לבעליו לרעתו (קהלת, ה׳, י״א, י״ב) עשירות זאָל גורם זיין שלעכטס צום אייגנטימער.

אלץ וואָס עס איז צופיל, טויג ניט, אפילו זיסקייט איז נאָר זיס, ווען עס קומט מיט א מאָס. צופיל האָניק איז ביטער ווי גאל און — שעדלעך.

קולטור, ליטעראטור, צייטונגען, זשורנאלן און פעריאָדישע אויסגאבן זיינען דאָך גוטע סימנים, אז די באפעלקערונג איז באוואוסטזיניק, אינטע־ליגענט, באלעזן אא״וו. קומט איר אָבער קיין ישראל און איר דערזעט די גרויסע שפע פון דעם מין, הויבט אָן שווינדלען פאר די אויגן. צופיל האָניק, צופיל זיסקייט, צופיל צייטונגען און זשורנאלן, צופיל אויסגאבן.

וואָלט איר געגלויבט אז אין ישראל זיינען היינט צו טאָג פאראַן זיבן און פערציק פארלאגן, וועלכע פראָדוצירן ביכער און פארשיידענע פעריאָדישע אויסגאבן?

איר שפאצירט איבער די גאסן פון ירושלים, תל־אביב, חיפה, יפו און איר שטעלט זיך אָפּ אויף א ווייל ביי א צייטונג קיאָסק, פארמאָגט איר ניט אזויפיל פינגער וויפל צייטונגען איר דערזעט, אָדער איר הערט אויסרופן.

מיר קאָנען די וועלט ניט ענדערן מיר זיינען צו שוואך איינצוהאלטן די וועלט־רעדער. די מענטשהייט איז צעטיילט אויף עטלעכע לאגערן: די קאפיטאליסטישע און די סאָציאליסטישע, די רעליגיעזע און די אנטי־רעלי־גיעזע. פארשטייען מיר אז עטלעכע צייטונגען דארפן זיין, ווייל יעדערער פארטיידיקט זיין שיטה, זיין לעבנס פילאָזאָפיע און זיין אידייע.

אָבער ס׳איז מערקווירדיק צו זען אז די קאפיטאליסטישע מחנה אין ישראל האָט פארשיידענע צייטונגען. אזוי אויך די סאָציאליסטישע און די רעליגיעזע ווי די אנטי־רעליגיעזע. יעדער קליינע גרופּע און אומבאדייטנדיקע פארטיי האָט אן אייגענעם אָרגאן מיט אן אייגענעם פארלאג. די פּראָדוקציע פונם געדרוקטן וואָרט שטייגט איבער אין פּראָפּאָרציע אלע לענדער פון דער ציוויליזירטער וועלט. טעגלעכע גרויסע צייטונגען ווי דער „הארץ״, „דבר״, „המודיע״, „על המשמר״, „שערים״, „הצופה״, „הקול״ „זמנים״ „ידיעות אחרונות״ „מעריב״ און צענדליקער אנדערע וואָכנבלעטער און פעריאָדישע שריפטען, ליטערארישע, סוחרישע, פינאנץ באריכטן, טעאטער שריפטן — ווער קאָן זיי אלעמען אויסרעכענען?

ווען איך בין געגאנגען אויף די גאסן פון ישראלדיקע שטעט און געזען פיל יידן, האָב איך שטיל געבעטן א תפלה: רבונו של עולם, כן ירבו! זאָלן זיי זיך מערן. בין איך פארבייגעגאנגען א ישיבה, א חדר אָדער א שול, א קינדער גאָרטן און א שפּיל־פּלאַץ, און געזען יידישע קינדערלעך, האָב איך געבעטן א תפלה: כן ירבו: האָב איך געזען יידישע פּרדסים, ציטרוס־

גערטנער, באוואקסענע פעלדער מיט תבואה,ביימער מיט זיתים (אָליוון), וויינגערטנער און ירקות בייטן, האָב איך געבעטן כן ירבו: האָב איך געזען נייע גאסן, נייע שכונות, נייע הייזער, נייע קיבוצים און נייע מושבים, נייע דערפער און נייע קבוצות האָב איך געבעטן כן ירבו.

ווען איך האָב אָבער דערזען די גרויסע שפע פון צייטונגען און אויסגאבן, האָב איך בפירוש געבעטן: אל ירבו, זאָלן זיי זיך ניט מערן... ווייל צופיל צעשפליטערטקייט, צופיל קלייזלעך איינער וויל ניט און קאָן שוין אפשר ניט מער פארשטיין דעם צווייטנס שפראך. ישראל איז צו יונג, צו קליין, צו אָרעם צו קאָנען פארטראָגן אזא דור הפלגה, אזא צעשפליטערטקייט.

ישראל נויטיקט זיך אין מענטשן־מאטעריאל, אין פינאנציעלער הילף. וואָס מער מענטשן און מער קאפיטאל עס וועלן אריינפליסן אין ישראל, וועט די מדינה געשטארקט ווערן. ישראל נויטיקט זיך אין קוואליפיצירטע פאכ־מענער. ישראל נויטיקט זיך אין נייע מערק, לענדער וואָס זאָלן קויפן אירע פיינע סחורות. אָבער מער פון אלעמען נויטיקט זיך ישראל אין א ח ד ו ת.

די כוחות ווערן צעשפליטערט, די ענערגיע ווערט אויסגענוצט צו באקעמפן איינער דעם אנדערן, און די רעגירונג קאָן דאָ גאָרניט אויפטאָן, ווייל... ווייל ישראל איז א דעמאָקראטיש לאנד און דאָרטן הערשט „פרידאָם אָף ספיטש"... און יידן פעלט ניט אויס קיין רייד.

צווישן פרעמיער פון קוועבעק, מאָריס דופלעסי, און פריים־מיניסטער פון קאנאדע, לוי סען לאָראן, איז פאָרגעקומען א שטיקל מחלוקה איבער א פראגע וועגן באזונדערע שטייערן פאר קוועבעק. האָט דער לעצטער געלאָזט וויסן, אז ביי אים שטייט קאנאדע פאר קוועבעק. דאָס מיינט פשוט, די גאנצקייט פון דער מדינה איז קודם, דאן ערשט קומט די זאָרג פאר דער פראָווינץ.

איך האָב געפילט, זייענדיק אין ישראל, און אצינד לייענדיק די טעגלעכע ישראל פרעסע, אז עס איז נאָך לעת עתה א מאנגל צווישן אחינו בני ישראל און מדינת ישראל וועגן קאָלעקטיווער פאראנטוואָרטלעכקייט, וועגן נאציאָנאלער אחריות, אז קודם כל קומט די מדינה און דאן ערשט די פארטיי.

איך בין אָבער איבערצייגט, אז דאָס איז נאָר אן איבערגאנג פעריאָד און סוף כל סוף וועט זיגן דער אמת, אז די מדינה איז דער הויפט אידעאל און דאן ערשט קומען די יחידישע, די אינדיווידועלע גרופן.

איך האָב זיך פארטיפט אין דער דאָזיקער פראגע, זיך אליין געפרעגט און אליין פארענטפערט.

ווי קומט עס וואָס יידן, וועלכע זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַן אייגענער מדינה, נאָך אַן אייגענער ווירטשאַפט, נאָך אַן אייגן יידיש לעבן אין אַן אייגן לאַנד, זאָלן פֿאַרציען דאָס פּריוואַטע, קלייזלדיקע, דאָס צעשפּליטערטקייט ?

דער תירוץ איז פּשוט. איטלעכע פּאַרטיי „גלויבט" אַז זי האָט גורם געווען און מיטגעהאָלפֿן מער צו שאַפֿן די מדינה, ווי די אַנדערע פּאַרטיי. זי, און נאָר זי, האָט געטראָגן מער ציגל צום בנין. נו, אויב אַזוי, וויל זי ניט און „קאָן" ניט צעשמאָלצן ווערן אינם קעסל פֿון דער מדינה. זי מוז לייגן איר חותם אויף אַלץ וואָס קומט פֿאָר אין ישראל. אַזוי זאָגן אַלע פּראַטייען. זאָגן אַליין וואָלט ניט געשאַדט — אַזוי שרייבן זיי און אַזוי פּריידיקן זיי אין די צענדליקער צייטונגען, ביכער, זשורנאַלן און פּעריאָדישע אויסגאַבן.

פֿון דאַנעט נעמט זיך די גרויסע שפּע פֿון 47 פֿאַרלאַגן און צענדליקער צייטונגען. מען וויל דער עולם זאָל ניט פֿאַרגעסן, ווער איז געווען דער אמתער בויער און גרינדער פֿון דער מדינה.

ישראל איז אַן עם חכם ונבון, אַ קלוג און פֿאַרנינפֿטיק פֿאָלק, צופֿיל זאָרגן דאַרף מען ניט זיי וועלן זיך דאָרטן אויסניכטערן. די אַלע איינ־ריידענישן אין כוחות, די גאַנצע ענערגיע און וויזיע פֿון יחידים וועט נאַציאָנאַליזירט און איינגעשפּאַנט ווערן אינם רייטוואָגן פֿון דער מדינה. די צענטראַל אידייע וועט זיין דער שטאַט און ניט די פּאַרטיי, דאַן וועט ישראל געשטאַרקט ווערן אינערלעך און געקרעפֿטיקט ווערן אויסערלעך.

לא

## דער ים כנרת

מ'ווערט ממש באַצויבערט זעענדיק דעם שטילן פֿאַרחלומטן ים כנרת. מוזיק און געזאַנג־טענער, ניגונים פֿון אור־אַלטע צייטן, דערגרייכן צו דיין אויער.

פֿאַרוואָס רופֿט מען יענעם ים דווקא כנרת? ווייל כינור איז דער טייטש פֿון אַ האַרפֿע. פּונקט ווי אַ האַרפֿע איז ברייט אונטן און העכער ווערט זי אַלץ שמעלער, פּונקט אַזוי זעט אויס דער דאָזיקער ים כנרת. אויף צפֿון זייט איז ער ברייט האַלב רונדיק און צו דרום־זייט ווערט ער אַלץ שמעלער און שמעלער.

די יידן וואָס לערנען חומש מיט רש״י, געדענקען אז מיט די יידן אין דער מדבר איז מיטגעגאנגען „בארה של מרים״, מרימס ברונעם. זיי געדענקען אויך דעם: אָז ישיר ישראל את השירה הזאת, עלי באר ענו לה (במדבר כ״א) „קוואל ארויף ברונעם, זינגט אלע צו אים״. דאָס איז דער ברונעם וואָס הארן האָבן אים געגראָבן און פירשטן פון פאָלק האָבן אים אויסגעהאקט מיט זייער סצעפּטער און שטעקן (דאָרטן).

אָט יענער ברונעם, וואָס האָט מיטגעוואנדערט מיט אונדזערע עלטערן אין דער מדבר פערציק יאָר, דער ברונעם איז באהאלטן געוואָרן אין ים כנרת, ווען די יידן האָבן דערגרייכט די גרעניצן פון ג״טס צוגעזאָגטן לאנד.

רש״י ברענגט אין פרשת חוקת אויף דעם פסוק: „ונשקפה על פני הישימון״ אז דער ברונעם ווערט באמערקט ווען מען שטייט אויפן אָרט ישימון, זעט מען אין ים כנרת ווי א כברה, א זיפּ, און דאָס איז מרימס ברונעם. אזוי זאָגט רבי תנחומא, ברענגט רש״י.

און אין ירושלימי, כלאים, פרק ט׳, זאָגט רבי חייא אויך דאָס זעלבע, וואָס רש״י ברענגט פון מדרש תנחומא.

עלף קילאָמעטער איז די ברייט פונם ים כנרת, און צוויי־און־צוואנציק די לענג. מען זעט אָבער א גרויסע נאטורוואונדער. שטייענדיק ביים ברעג פון כנרת, קאָן מען אריבערקוקן אויף דער סירישער גרעניץ. עלף קילאָמעטער איז א נשקשהדיקער מהלך, און דאָך זעט מען אזוי קלאָר, אזוי בולט, ממש ווי איבער דער גאס. דעם דאָזיקן וואונדער דערקלערן די טבריאער יידן, ווייל די לופט איז דאָרטן אזוי ריין, אזוי קלאָר, אזוי דורכזיכטיק, אז דאָס אויג קאָן זען אויף אזא ווייטן מהלך, ממש ווי איר וואָלט געקאָנט אויסשטרעקן אייערע הענט און אָנטאפּן די סירישע טעריטאָריע.

צוויי הונדערט מיט צוועלף מעטער נידעריקער פון דעם פלאך פונם מיטללענדישן ים, איז דער דאָזיקער מערקווירדיקער ים כנרת.

די פרוכט וואָס וואקסט אין יענעם געגנט איז זיס און שיין. אין דער גמרא מגילה (דף ו׳), פרעגט זיך אויך פארוואָס רופט מען דעם דאָזיקן ים כנרת? ווייל, ענטפערט די גמרא, אירע פרוכט ארום די ברעגן זיינען אזוי זיס ווי די קלאנגען פון א הארפע (כינור).

ווי איר זעט, איז דער ים כנרת „פארבונדן״ מיט זיסע קולות און הארציקע טענער. האָבן מיר עס ממש דערהערט בשעתן באָדן זיך אין יענעם ים.

מיר האָבן קיין צייט ניט געהאַט צו כאַפּן די באַרימטע פיש פונם ים כנרת. מיר האָבן זיך אָבער אָפּגעפרישט אין זיינע וואַסערן.

איך האָב ניט געקאָנט צוריקפאָרן אין גלות אריין, ניט באַדניק זיך אין די וואַסערן פון ישראל.

אין ירדן, אין כנרת, אין די חמי טבריא, אין ים המלח און אין מיטללענדישן ים ביי די ברעגן פון יפו.

לויט דער גמרא האָט דער ים כנרת נאָך א וואונדערבאַרע אייגנשאַפט: דער ירדן פליסט דורך דעם ים כנרת, און דאָך זעט א פלא, דיביידע וואַסערן מישן זיך ניט אויס (בראשית רבה, פ"ד).

אפילו אין מיטן העלן טאָג, האָט מען געקאָנט גוט זען די גרעניץ־וואָך פון די סיריער שפּאַצירן אויף יענער זייט פונם ים כנרת.

## לב

ווי אויבן דערמאָנט, געפינט זיך די שטאָט טבריא ביים ברעג פון ים כנרת. ווייל איך אָבער אַצינד ניט דערציילן וועגן דער שטאָט גופא, איר היסטאָרישע באַדייטונג און באַרימטע קברים, וואָס געפינען זיך אין דער הייליקער שטאָט טבריא, די קברים פון רבי יוחנן בן זכאי, פון רבי עקיבא, רבי מאיר בעל הנס (אז דעם רמב"מס קבר געפינט זיך אין טבריא האָבן מיר באַריכות געשריבן אין דער סעריע „דער רמב"ם, זיין לעבן און שאַפן"). איך וויל זיך אַצינד, אויסדריקליך באַגרעניצן מיטן ים כנרת, און די באַרימטע „חמי טבריא", די הייסע וואַסער קוואַלן, וועלכע פליסן אָן אויפהער פון ששת ימי בראשית.

פינף הייסע, היילנדיקע, מינעראַל וואַסער־קוואַלן פליסן און שטראָמען אַרויס פונם באַרג איבערן ים כנרת.

די נאַטירלעכע, הייסע וואַסער־קוואַלן זיינען באַקאַנט מיט זייער היילקראַפט, נאָך פון די צייטן פונם תלמוד. אפילו פון רוים פלעגן קומען רייכע פּריצים און פירשטן זיך היילן אין יענע וואונדער־קוואַלן.

דאָס וואַסער אליין איז זייער הייס. מען מוז עס קילן מיט קאַלט־וואַסער, אַנדערש קאָן מען זיך ניט באָדן.

ווען מען נעמט א רוי איי, מען וויקלט עס איין אין א נאָז־טיכל און מען האַלט עס אין וואַסער עטלעכע סעקונדן, ווערט עס האַרט געקאָכט. פון דער המצאה האָב איך געהערט ווען איך בין נאָך געווען אַ יונג קינד.

זייענדיק אצינד אין ישראל, האָב איך עס אויסגעפּרואווט און געזען אז עס איז ריכטיק.

די חמי טבריא האָבן ארום 62 גראד היץ. זיי אנטהאלטן שוועבל, זאלץ, אייזן און כלאָר־מאגנעזיום.

דער טעם פונם וואסער איז ניט אנגענעם, ווייל די מינעראלן פילן זיך ארויס ביטער, געזאלצן, און דערפאר זיינען זיי א הילף צו פארשיידענעם רומאטיזם און אנדערע חולאתן און מיחושן, ווי פארשיידענע עקזימעס.

די הייל־קראפט פון די חמי טבריא, זיינען ווירקזאמער ווי די וועלט־בארימטע הייל קוואלן פון וויסבאדען און אאכען (דייטשלאנד).

טבריא קאָן זיך און וועט זיך בעזרת השם אנטוויקלען אלס וועלט קור־אָרט. מענטשן קומען שוין היינט פון אלע טיילן פון ישראל זיך באָדן אין די הייסע וואסער־קוואלן פון טבריא.

פארגעסט ניט אז אין די ווארימע לענדער טרעפן מיר הויט־אנטצינדונגען און הויט־קראנקהייטן, און אין די חמי טבריא געפינען יענע חולאים א רפואה.

טויזנטער טוריסטן, וועלכע באזוכן דאָס לאנד, קומען אויך קיין טבריא צו נעמען עטלעכע בעדער.

מען דארף אָבער גאָרניט ליידן, ניט אויף רומאטיזם און ניט אויף הויט־אָנצינדונג. איך זאָג אייך עדות אז ס'איז א מחיה צו נעמען זיך דאָרטן א באָד אפילו פאר א געזונטן מענטשן.

טבריא קומט אין באטראכט אלס ווינטער קור־אָרט, ווייל זומער איז דאָרטן צו הייס.

לג

## די חמי טבריא

אז געלט קומט אמאָל צונויף, דאָס ווייסן שוין היינט אלע, סיי גבירים און סיי קבצנים, פארצייטנס האָט א ייד געדארפט געלט אויף שכר לימוד, ער וועט דאָך חס ושלום ניט לאָזן אויסוואקסן זיינע קינדער אלס „גויים". פרייטיק דארף מען באצאָלן פאר מרחץ, און דער שערער שערט אויך ניט בחינם: אצינד נדן פאר א טאָכטער און הוצאות החתונה, אויסשטייער, כלי־זמר, רח"ש וכדומה.

היינט ווען מען קומט קיין ישראל, זעט מען ערשט צו וואָס מען דאַרף האָבן געלט. איטלעכער שפּאַן ערד דאַרף באַאַרבעט ווערן, איטלעכע שטאָט דאַרף זיך אַנטוויקלען, אינדוסטריעס, פאַבריקן, הויכע קוימענעס, פּאַרקן, גערטנער, חדרים, ישיבות, שולן, קינדער היימען שפּיטאָלן הייזער וואוינונגען שאָסייען פאַרם מאַשינען אויסטריקענען זומפּן באַוואַסערן, דעראָבערן דעם נגב, פאַרפלאַנצןביימער — מאַלע וואָס מען קאָן נאָך אַלץ אויסרעכענען.

קומט קיין טבריא, צו די הייסע וואַסער־קוואַלן, וועט איר זען, צו וואָס מען דאַרף געלט!

נייע בנינים, מאָדערנע באָד־צימערן — טבריא וואָלט געוואַקסן ווי אויף הייוון. ג־ט האָט צוגעגרייט פינף הייסע וואַסער קוואַלן פון גאָר גרויסער הייל־קראַפט. ער האָט געשיקט די רפואה פאַר דער מכה. אַצינד דאַרפן קומען רייכע מענטשן, אינוועסטירן קאַפּיטאַל און אויפבויען אַ וועלט־באַרימט קור־אָרט, מענטשן זאָלן קומען פון ארבע פינות העולם.

אַזוי האָט ג־ט די וועלט באַשאַפן. ער האָט געגעבן דער ערד גוואַלדיקע כוחות, טייערע איינגעשאַפטן זי זאָל וואַקסן און אַרויסגעבן פלאַנצן און גרעזער, מינעראַלן און טייערע מעטאַלן, אָבער דו, בן־אדם, דו מענטש, זייַ ניט פויל, נעם אַ לאָפּעטע, גראָב, אַקער און פאַרזייַ, וועסטו האָבן שפּייַז און אוצרות לרוב.

דערווייל זיינען די „חמי טבריא" נאָך פּרימיטיוו. מען קאָן זיי נאָך ניט פאַרגלייכן מיט מאַריענבאַד און קאַרלסבאַד. ווי שוין דערמאָנט, מען דאַרף האָבן מעות מזומן. אָבער אפילו אין די פּרימיטיווע באָד־צימערן וואַרפן זיך דורך יעדער יאָר טויזנטער היימישע אשכנזישע און ספרדישע יידן און טוריסטן פון אַלע לענדער.

צי דאַרף מען יאָ אָדער ניט, צי עס טוט אים אַ בייס אָדער אַ קראַץ ערגעץ־וואו אין פּלייצע, צי ניט — אַז מען קומט קיין טבריא, אין גליל התחתון, מוז מען זיך באָדן אין די חמי טבריא, ס'איז אַ רפואה און אויך אַ סגולה; אַ רפואה ווער עס דאַרף שוין זיך היילן, און אַ סגולה ניט צו ליידן שפּעטער פון פאַרשיידענע אָנשיקענישן.

אויטאָבוסן און טעקסיס פירן אייך צו די באַרימטע אור־אַלטע הייסע וואַסער־קוואַלן, וועלכע פליסן פונם באַרג לעבן ים כנרת. די הייסע וואַסער קוואַלן דאָרטן ווערן זיי אויסגעקילט מען זאָל זיך קאָנען באָדן.

דאָרטן איז אַ גאַנצער יאַריד, ווי אַמאָל אין אַן ערב יום־כיפּור אין

א מרחץ. אלע איילן זיך, איטלעכער וויל זיין דער ערשטער, קיינער האָט קיין צייט ניט, אפילו זיך אָפּצורוען פעלט צייט. וואָס אנדערע האָבן געבויט אין משך פון יאָר־הונדערטער, מוז ישראל „אָפּמאכן" אין איין צענדליק יאָר. א חוץ געלט, פעלט אין ישראל אויך צייט.

מילא, מיט געלט קאָנען יידן פון די תפוצות ארויסהעלפן ישראל. אָבער מיט צייט... וואו נעמט מען צייט?..

## לד

# יידישע דערפער

וועלכער שטאָטישער ייד, מאן און פרוי, האָט עס ניט באזוכט אמאָל א דאָרף אין דער אלטער היים?

וועלכער יידישער סוחר, קרעמער, בעל מלאכה האָט עס ניט געהאט צו טאָן מיט גויישע דאָרפס־לייט?

ממילא האָבן מיר אלע געקאָנט זייער ביז גאָר פרימיטיוון לעבן שטייגער, זייערע ביז גאָר אָרעמע וואוינונגען אָדער כאטעס פון ליים אָדער בעלקעס און מיט שטרוי באדעקטע דעכער; זייער הלבשה, זייער אָרעמע שפּראך, זייער פאנאטישע פרומקייט, זייער גרייטקייט אויף א וואונק פונם דאָרפישן גלח צו פּאָגראָמירן אָדער צו באראבעווען יידישע היימען און געוועלבלעך.

זעלטן ווען א פויער האָט זיך געקאָנט אונטערשרייבן לייענען א בוך אָדער א צייטונג. מיטן זון אונטערגאנג זיינען זיי געגאנגען שלאָפן צוזאמען מיט די הינער און קאטשקעס, און ווען דער האָן האָט א קריי געטאָן זיינען זיי אויפגעשטאנען. זיי האָבן געארבעט ווי בהמות, געגעסן ווי פערד און זייער וויסן האָט ניט אריבערגעשטיגן דאָס וויסן פון עופות.

געוויינלעך האָבן זיך געטראָפן אויך אויסנאמען, אָבער דער כלל פונם דאָרפישן לעבן איז געווען זייער ענלעך צו מיין שילדערונג.

ניט איטלעכעס דאָרף האָט געהאט א קאָשטיאָל מיט א שול פאר קליינע קינדער (גרויסע זיינען בכלל ניט געגאנגען אין שול). איר האָט געקאָנט זען אין א זונטיק גייען מיילן ווייט אין קאָשטיאָל אריין. די מער פארמעגלעכע זיינען געפאָרן אויף וועגענער, אָפּגעשטעלט זיך ביי איטלעכער קרעטשמע, אָנגעפּאָיעט די סוסים און אליין געכאפּט א כוסה...

קומט מען אָבער קיין מדינת ישראל און איר כאפּט א קוק אויף יידישע דערפער און פארפירט א שמועס מיט יידישע פויערים, און איר באטראכט יידישע בהמות און יידישע עופות, זעט איר דעם קאָלאָסאלן אונטערשייד און אייער הארץ ווערט אָנגעפילט מיט פרייד און געזאנג. עס רייסן זיך ארויס פון די טיפענישן פון אייער הארץ די ווערטער: מה גדלו מעשיך השם! ווי גרויס זיינען דיינע וואונדערלעכע מעשים גאָט!

די דערפער זיינען קולטעווירט, פיין פארפלאנצט מיט פארשיידענע ביימער, אלייען, גאסן, וואסער־לייטונג, עלעקטרישע באלייכטונג, מאָטאָר מאשינען, קינסטלעכע באוואסרונג, שיינע בנינים, באראקן מיט מאָדערנע איינריכטונגען ווארשטאטן פאר שלאָסעריי, טישלעריי, וועב מאשינען.

פיינע שול בנינים מיט אלע מאָדערנסטע שול מכשירים.

און אצינד די פויערים אליין? אין די מאָדערנע לינקע קבוצות אָדער קיבוצים טרעפט איר זייער פיל אקאדעמיש געבילדעטע יונגע מענטשן מיט דאָקטאָר טיטולן, גימנאזיע דיפּלאָמירטע יונגנט וועלכע רעדט א חוץ העברעיש אויך אייראָפּעישע שפראכן, לייענען א חוץ זייער פּארטיי צייטונג אויך ביכער און זשורנאלן, מאָנאטלעכע און פּעריאָדישע אויסגאבן... רייכע ביבליאָטעקן טרעפט איר אין איטלעכן דאָרף.

און אין די רעליגיעזע דערפער זעט איר א פיין געבויטע שול אָדער בית־המדרש מיט ספרי תורה און ספרי קודש. דאָרטן דאוונט מען טאָג־איין, טאָג־אויס מיט מנין, מען לערנט א שיעור גמרא, שלחן ערוך בציבור, מען פּראוועט שבת שלש סעודותן מיט זמירות ווי אין די אלטע חסידים שטיבלעך אין אייראָפּע; חדרים פאר יונגלעך, בית יעקב שולן פאר מיידלעך; מאָדערנע מקוואות אין איטלעכן רעליגיעזן קיבוץ. גרויסע שטעט אין קאנאדע מעגן זיך אראָפּנעמען א מוסטער פאר אזעלכע בנינים.

די רעליגיעזע פויערים זיינען בני־תורה. צווישן זיי זיינען פאראן למדנים, חסידים, אנשי מעשה, באוואוסטזיניקע און טייערע מענטשן.

איר טרעפט קבוצות וועלכע זען אויס ווי רייכע פּריצישע הויפן, אָבער קיין פּריץ איז דאָרט ניט פאראן.

מען רופט צוזאמען דעם עולם מיט דער הילף פון א מיקראָפאָן.

אין די גרויסע היצן איז דאָס טרינקוואסער אָפּגעקילט מיט דער הילף פון עלעקטרישן אייז מעכאניזם.

טייטלען און איילבירטן ביימער באשיינען פיל דערפער אזש זיי פארכאפּן דעם טוריסטס אויג...

דאָס קאָלעקטיווע צוזאמענלעבן מאכט אויף אייך א רושם, צי איר זייט מסכים מיט דער שיטה צי ניט.

א בהמה אין מדינת ישראל איז א גאנצע יחסנטע, ווייל ווי איר ווייסט גיבן בהמות מילך, און מילך איז א נארהאפטע שפייז פארן מענטשן. איר קומט אין א קבוצה און איר טרעפט בהמות וועלכע ווערן באזאָרגט מיט כל טוב. די שטאלן זיינען ריין, ציכטיק. איטלעכע בהמה איז אָפּגעטיילט פון דער אנדערער. זיי טרינקען וואסער ניט פון איין קאָרעטע, דאָס ווייזט אויס, איז ניט היגיעניש גענוג... האָט יעדער בהמה אזא באזונדערע שיסל. זי דארף נאָר א לעק טאָן מיט דער צונג, גיסט זיך שוין פרישע וואסער לרוב... נעמט זי אוועק איר מאָרדע פון יענער שיסל, הערט אויף דאָס וואסער צו פליסן...

זיי ווערן געמאָלקן מיט עלעקטרישע מאשינען — אלץ ווערט פריער דיזענפעקצירט: די מאשינען, די מילך־קאנען און אלע כלים וואָס זיינען פארבונדן מיט דער מילך פּראָדוקציע.

די דאָרפסלייט באקומען מילך צו דער זאט. דאָס איבעריקע ווערט געשיקט אין שטאָט אריין. ניט אזוי צוליב רחמנות וועגן, אז אויך א שטאָטישער ייד זאָל קאָנען טרינקען א הייסע טעפל מיט מילך, נאָר דאָס איז, זאָגן די לצים פון ישראל, אן ענין פון ביזנעס...

דער ריזיקער קאָאָפּעראטיוו „תנובה״, זאמלט די מילך, מאכט פּוטער, קעז, סמעטענע און פּוטער־מילך, און אזוי גייט דער מסחר...

פון צייט צו צייט זעט איר אויך בהמות העלפן דרעשן און טאָן פעלד־ארבעט.

וואויל איז דער בהמה אין ישראל, מ׳צאצקעט זיך מיט איר, מען ווייסט איר נאָמען, איר עלטער, איר יחוס; מען זאָגט אייך גלייך וויפל מילך זי גיט א יאָר, א חודש, א טאָג.

ווערט א בהמה ניט מיט אלעמען? נו, פרעגט שוין גאָרניט. מען איז זיך מיט איר מטפל, מען קומט זי מבקר חולה זיין, מ׳ברענגט דאָקטוירים וועטערינארן, מ׳פארבינדט איר א וואונד, און ווען יענע רייכע וואונדערלעכע דערפער וואָלט געווען אביסל מער רעליגיעז לעבן, וואָלטן זיי זיכער אויך תהלים געזאָגט פאר א בהמהס געזונט...

אין דער אמתן איז עס ריכטיק אזוי, ווייל איר געדענקט דאָך זיכער ווי דוד המלך זאָגט אין תהלים: אָדם ובהמה תושיע השם... סיי דעם מענטשן און סיי די בהמה העלפט גאָט.

אצינד די עופות אין ישראל? ווער עס האָט ניט געזען ווי אזוי מ׳ברענגט אויף עופות אין ישראל, דער האָט נאָך עפּעס שענערס ניט געזען.

עופות לויפן ניט סתם ארום אין די גאסן אָדער הויפן. זייער שטייג איז אויך ניט צוזאמענגעקלאפּט סתם אזוי זיך אויפן אלטן פּרימיטיוון שטייגער פון ברעטער.

די עופות שטייגן ווערן פּלאנירט פון אינזשענערן און ארכיטעקטאָרן. לאנגע, לאנגע קאָרידאָרן פירן אייך אין אזא שטייג פון עופות. פון ביידע זייטן פונם קאָרידאָר געפינען זיך די גליקלעכע ישראל עופות. זיי באקומען צו עסן און צו טרינקען צו דער זאט (הלוואי אויף די יידן אין די מעברות געזאָגט געוואָרן) פּונקט אין צייט, ווי זיי וואָלטן געווען אויף א דאָקטאָרס דיעטע.

זייער אייער לייגן איז הפלא ופלא. כאָטש די גאנצע שטייג איז פון דראָט און אייזן, דאָך ווערט קיין איין איי ניט צעבראָכן, נאָר עס פאלט גלייך ארויס פון שטייג אין א ספּעציעלן מקום און דער שומר פאָרט מיט אזא וואָגן אין דער לענג פונם קאָרידאָר און קלייבט צוזאמען די אייער. מען צעטיילט וויפל מען דארף און די איבעריקע פארקויפט מען אין שטאָט אריין — זאָלן יענע אויך הנאה האָבן פון תוצרת הארץ...

בכלל קאָן מען גאָרניט פארגלייכן די ישראל דערפער, ישראל פויערים און אלץ וואָס עס געפינט זיך דאָרטן, מיטן דאָרפישן לעבן אמאָל אין דער אלטער היים.

די ישראל דערפער זיינען קולטווירט, פיין פארבויט, מעכאניזירט, פארפלאנצט, פארזייט און די ישראל פויערים שטייען אויף א גאָר הויכער מדריגה.

די פרייע האָבן אלע קולטורעלע הצטרכותן, ווי ביבליאָטעקן, מוזעומס, קינאָ־טעאטערס, פאָרלעזונגען, טאנץ־אָוונטן אא״וו.

די רעליגיעזע דערפער האָבן פיינע בתי מדרשים, מקוואות, חדרים, בית־יעקב שולן, שיעורים אין תורה און רעליגיעזע ליטעראַרישע אויסגאבן, צייטונגען און זשורנאלן וכו׳.

וואונדערבאר זען אויס די יידישע דערפער, נאָך שענער און אינטערע־סאנטער זען אויס די יידישע פויערים דאָרטן — זיי זיינען ערד ארבעטער, בהמות און עופות ציכטער — זיי זיינען אָבער אויך נאָך עפּעס... און דער נאָך עפּעס שפּילט אַ גאָר גרויסע און וויכטיקע ראָל. זיי זיינען אויך שומרים מיט געווער. זיי שלאָפן ניט ביינאכט, זיי וואכן און היטן זייער

פראצע. מיט אָפענע אויגן דרינגען זיי אריבער דעם שונאס גרעניצן, טאָמער פארגליסט זיך אימעצן צו מאכן אן אָנפאל... באצאָלן זיי, ניט ווי עס שטייט אין חומש, נפש תחת נפש, א קאָפּ פאר א קאָפּ, נאָר זיי באצאָלן כפל כפלים...

צי דאָס איז ריכטיק, צי ניט? דאָס געהערט ניט אצינד צו מיין טעמע. איך באמערק נאָר, אז דער יידישער פויער איז אי א לאנדווירט, אינם פולן זין פונם וואָרט, אי א שומר, א סאָלדאט און א העלד פון ישראל...

## לה

# גרויסער כוח פון ישראל

גרויסער כוח פון ישראל.

אין דער אלטער היים, אין אייראָפּע, כאָטש דאָס גאנצע יידישע לעבן איז דאָרטן געווען על פי רוב רעליגיעז, שולן און בתי מדרשים, חסידים־שטיבלעך און קלויזן זיינען געווען פול מיט מתפללים און לומדי תורה, האָט אָבער דאָך די „גאס", די וואָכעדיקע און מסחרדיקע גאס, א תל געמאכט פון דער אונטערוואקסנדיקער יוגנט. ווייל די גאס האָט שוין געשמעקט מיט „פריי־גייסט", מיט ביטול התורה, מיט עולם־הזהדיקייט.

האָבן עלטערן געוואָלט פארהיטן זייערע קינדער זיי זאָלן ניט נחמץ ווערן, האָבן זיי געזען די זין זאָלן לערנען תורה אין ישיבות, בתי מדרשים און ביי פריוואטע מלמדים. די טעכטער זיינען געווען הינטער דער מאמעס פארטוך, ווייל די גאס איז שוין געווען אויפגעקלערט, צעלאָזן און אביסל פארשייט.

די פאבריק, דער ווארשטאט, איז געוואָרן פארסמט פון סאָציאליזם, די חברה האָבן זיך פארמאָסטן אראָפּצוווארפן דעם צאר אין מלכות רוסלאנד, און קייזער פראנץ יאָזעפן אין די קיר"השע מדינות.

די ריין רעליגיעזע סביבה איז פארבליבן אין די דלד אמות פון בית המדרש. די תורה האָט באשיצט און באשירעמט, און די חסידים־שטיבלעך האָבן אריינגעגעבן א נייע נשמה, התלהבות און עקסטאז, שמחה און פרייד.

יידישע פעלדער און גערטנער זיינען אין דער אלטער היים געווען

ווייניק, און די וועלכע זיינען יאָ געווען, האָבן געהערט צו ארענדארן, ישובניקעס, גראָבע קעפּ עם הארצים, פּראָסטאקעס.

געווען זעלבסטפארשטענדלעך אויך אויסנאמען וואו חסידישע לומדישע יידן האָבן געהאט לאנד, פעלדער, בהמות, עופות — ממש ווי די פּריצים. זיינען אָבער די ארבעטער געווען גויים, ערלים, און די פּריצישע קינדער האָבן געלערנט תורה, געפאָרן צו גוטע־יידן, אָדער להבדיל אין די פּוילישע גימנאזיעס און שולן. קיין עכט־יידיש דאָרפיש לעבן האָט מען ניט געזען.

קומט איר אָבער קיין ארץ־ישראל, זעט איר ממש וואונדער, נסים ונפלאות. יידיש־דאָרפיש לעבן, צאפּלדיק, התלהבותפול. מיט שמחה און געזאנג אקערט מען און מען פארזייט, מען בויט און מען שאפט, מען פּאשעט בהמות, שאָף און רינדער, מען ציט אויף עופות, מען פלאנצט גערטנער פון טרויבן און ציטרוס פרוכטן, מען ארבעט פון סאמע באגינען ביז לאנג נאָך זון־אונטערגאנג.

מען דאוונט אָבער מיט מנין, מען וואשט זיך צום עסן, מען זינגט בציבור „שיר המעלות בשוב ה׳ את שיבת ציון היינו כחולמים״, מען לערנט צו ביסלעך און מען בענטשט און מען לויפט אין פעלד אריין...

לו

קיבוץ חפץ חיים.

די „פּועלי אגודת ישראל״ חברים צו וועמען דער דאָזיקער וואונדער־בארער קיבוץ געהערט, האָבן א שם אין ישראל אלס פעיקע, ענערגישע, ארבעטזאמע מענטשן. זיי פארמאָגן התלהבות, וויזיע זריזות און גוואלדיקע שעפערישע כוחות.

זייערע פאָרשטייער פארטרעטן זייער שיטה און שטרענג רעליגיעזע אידייען אין אלע רעגירונג און מוניציפּאלע אינסטיטוציעס. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען דעם געשיקטן פירער ר׳ בנימין מינץ, וועלכער פארנעמט אזא הויכן אמט ווי וויצע־ספּיקער פון דער כנסת, דער ישראלדיקער פּארלאמענט; הרב קלמן כהנא, דעפּוטאט אין כנסת; ר׳ ישראל אידלמאן, וויצע מעיאָר אין פּתח־תקוה; ר׳ יעקב בראנער, רעדאקטאָר פון „שערים״, טעגלעכע צייטונג אין תל־אביב; ישראל־מאיר קליינלערער, פאָרשטייער אין ירושלימער עיריה (שטאָטראט), און צענדליקער אנדערע וויכטיקע פאָרשטייער.

ווען איר קומט אין קבוץ חפץ־חיים זעט איר א פּלאַדיקע דערשיינונג.

איר האָט דאָ צו טאָן מיט בלויז רעליגיעזע פעסט־איבערצייגטע, באוואוסט־זיניקע מענטשן, וועלכע קאָנען גוט לערנען, גוט דאווענען, גוט ארבעטן, גוט אקערן און גוט פלאנצן, און אלץ וואָס זיי טוען איז גוט.

יידן בני־תורה זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין ערד ארבעטער און גערטנער, אין בעלי מלאכות, אין באָטאניקער און אינזשענערן, אין שוסטער און שניידער, אין שלאָסערס און עלעקטרישע מעכאניקערס, און דאָך זיינען זיי טריי פארבליבן זייער אמונה, זייער תורה, זייער גלויבן און זייער לעבנסשטייגער.

יידישע פארמערס געפינט איר אויך אין אנדערע לענדער, אָבער א שטרענג רעליגיעזע הייליקע סביבה פון תורה און חסידות, פון יידישער שמחה און פרייד — דאָס געפינט איר נאָר אין ישראל.

קיבוץ חפץ חיים האָט א פיינע, גרויסע שול צום דאווענען, א בית־המדרש צום לערנען, א מקוה מיט אלע מאָדערנע איינריכטונגען, חדרים פאר יינגלעך, בית יעקב שולן פאר מיידלעך. א גרויסער עס־זאל וואו אלע עסן צוזאמען און בענטשן צוזאמען, און זינגען צוזאמען.

דער רב פונם קיבוץ, הרב ר׳ קלמן כהנא, איז א חוץ א דעפוטאט אין כנסת, א ייד א תלמיד חכם, א דענקער און באגאבטער שרייבער. זיין באשיידענע וואוינונג איז אָנגעפילט מיט ספרים — ניט מיט קיין רייכע מעבל.

אלע קליינע קינדער פונם קיבוץ חפץ חיים שלאָפן אין א באזונדער בנין, זיי ווערן דאָרט באוואכט און דערצויגן פון ספעציעלע אויפזעערינס, ווייל טאטע־מאמע האָבן ניט קיין צייט פאר זיי, מען דארף ארבעטן.

דער קיבוץ איז רייך אין גייסטיקע כוחות, ער וואקסט זיך פאנאנדער פון יאָר צו יאָר. דער אומזאץ פון לעצטן יאָר איז געווען ארום פיר הונדערט טויזנט ארץ־ישראל פונט.

## לז

## נייע ברכות

אפילו דער פרומסטער ייד ווערט נתפעל הערנדיק נייע ברכות אין ישראל. דער גלות־ייד קאָן שוין זיינע אלטע און אייביק פרישע ברכות. עס זיינען אָבער פאראן אין ישראל נייע ברכות, וועלכע דער גרעסטער אָפגעהיטער ייד אין גלות האָט זיי נאָך ניט געזאָגט.

דהיינו? א ברכה פארן אָפּשיידן מעשר. אָט זע איך א פרוי פליקט אָפּ וויינטרויבן, גרויסע טרויבן ווי וועלשענע ניס, לעבעדיקע הענגלען — טאקע ווי אין די הייליקע שריפטן פונם תנ״ך. זי קומט צו צום אויפזעער און בעט אים אָפּשיידן מעשר. דער אויפזעער מאכט א ברכה: ברוך אתה ה׳ אלקנו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו להפריש תרומות ומעשרות.

א צייט לאנג האָב איך ניט געקאָנט קומען צו זיך פון התפעלות, וויסנדיק אז איך האָב שוין אריבערגעשפאנט מיין פופציקסטן לעבנס־יאָר, געהאט א שטרענג רעליגיעזע דערציונג פון תורה און חסידות, און דאָ הער איך גאָר א נייע ברכה, וועלכע איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געהערט!

אז א ייד פארפלאנצט פרוכט־ביימער אין ישראל, טאָר מען — לויט די געזעצן פון דער תורה — ניט עסן די ערשטע פרוכט: שלוש שנים יהיה לכם ערלים לא יאכל (ויקרא, י״ט, כ״ג).

פופציק יאָר האָב איך געלערנט די פּ׳ פון קרושים, וכי תבואו אל הארץ — און ווען איר וועט קומען אין יענעם לאנד (ארץ ישראל) און איר וועט פארפלאנצן פרוכט ביימער, זאָלט איר לאָזן אומבאשניטן זייער פרוכט, דריי יאָר זאָל עס זיין פאר אייך אומבאשניטן, עס זאָל ניט געגעסן ווערן.

און אויפן פערטן יאָר זאָל זייער גאנצע פרוכט זיין הייליק, א לויב פאר ג־ט, ערשט אין פינפטן יאָר מעגט איר זייער פרוכט עסן. די מצוה גיב איך אייך כדי עס זאָל אייך וואקסן מער פרוכט, אני ה׳ אלקיכם, איך אייער שטארקער ג־ט בין עס אייך מבטיח (דאָרטן).

די פרוכט פון פערטן יאָר האָט דער בעל הבית געדארפט עסן נאָר אין ירושלים, מען האָט אָבער געקאָנט אויסלייזן די פרוכט פונם פערטן יאָר, כדי איינצושפּאָרן זיי צו פירן אזא וויטן וועג, און פארן געלט קויפן אין ירושלים שפייז... ביי אזא אויסטויש האָט מען געמאכט א ברכה, ווייל עס שטייט אין חומש „קודש הלולים״, הלול אָדער הלל מיינט לויבן.

האָבן מיר דאָס אלץ געלערנט אין חדר און געוואוסט אז ווען משיח וועט קומען און יידן וועלן עולה זיין קיין ארץ־ישראל און זיי וועלן פארפלאנצן ביימער, וועט מען פראקטיצירן די שיינע מצוה.

ווי איבערראשט בין איך געוואָרן זעענדיק ווי א יונגער בחור שניידט אָפּ שיינע, זאפטיקע הענגלען טרויבן, דער אויפזעער מאכט אים אויפמערקזאם אז יענער כרם (וויינגאָרטן) איז אין פערטן יאָר פון פארפלאנצן, דארף מען יענע פרוכט אויסלייזן.

שטעלט אוועק יענער בחור דעם סל ענבים (בעסקעט טרויבן) און לויפט צום וואסער טענק, וואשט זיך זיינע הענט און מאכט א ברכה: אשר קדשנו במצותיו וצונו על פדיון נטע רבעי...

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן יענעם רושם! איך האָב געפילט גאולה מאָמענטן אין יענער שעה.

נייע מענטשן, ניי לעבן, נייע פעלדער, נייע וויינגערטנער, נייע ברכות!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס אז איר אלע האָט שוין אמאָל געבענטשט אתרוג. אָבער צי האָט איר שוין געזען ווי אתרוגים וואקסן?

קומט קיין ישראל און גאנץ באזונדערס אין קיבוץ חפץ חיים, טוט א קוק ווי אזוי גאנצע בייטן מיט אתרוגים־ביימער וואקסן, און חסידישע, פרומע יונגעלייט, יידן בני תורה פאָרען זיך ארום זיי. מיר, יידן אין גלות, זינגען הלל מיטן אתרוג און לולב נאָר סוכות, און דאָרטן אין די פרומע קאָלאָניעס און קיבוצים, זינגען זיי הלל ארום די אתרוגים ביימער א גאנץ יאָר.

## לח

## פרויען גלייכבארעכטיקונג

פרויען האָבן גלייכע רעכט מיט מענער... זיי ארבעטן אין הויז, אין גאָרטן, אין פעלד, צווישן בהמות און עופות. איר דערקאָנט גלייך א רעליגיעזע פרוי פון א רעליגיעזן קיבוץ. זייערע מלבושים זיינען צניעותדיק, די האָר באדעקט, זיי דאוונען, וואשן זיך צום עסן און בענטשן. זיי האָבן גלייכע רעכט מיט די מענער. זיי ווילן ניט אז די מענער זאָלן האָבן דעם גאנצן עולם הבא — „פיפטי־פיפטי", גלייך אויף גלייך...

ס'מאכט א גוואלדיקן רושם שוין די ווארעמע רעליגיעזע סביבה אליין: א גאנצער קיבוץ, כמעט א שטאָט מיט אלע רעליגיעזע און מאטעריעלע הצטרכותן, און דאָך אזוי באוואוסטזיניק רעליגיעז, מיט אזויפיל שמחה און פרייד, מיט אזויפיל בטחון און צופרידנקייט.

אָט ווערן איבערגעריסן די לימודים אין די דערציונג אנשטאלטן,

קינדער לויפֿן ארויס פון די חדרים, דערנעענטערן זיך און גיבן אָפּ שלום־עליכם.

איך פרעג א צוועלף יאָרקן בחורל וואָס פאר א צייטונג ער לייענט? דעם „המודיע״? (אגודת ישראל), „שערים״? (פועלי אגודת ישראל), דעם „דבר״? (מפא״י), „הארץ״ (אלגעמיינע ציוניסטן), אָדער דעם „הצופה״? (מזרחי).

דרייסט ענטפערט דער בחור:

— איר ווייסט, איך וועל א סך קליגער זיין, ווען איך וועל זיי אלע ניט לייענען. זיי צעטומלען נאָר די מוחות.

אזוי רייף, אזוי קלוג זיינען די קינדער אין ישראל!

## לט

ווען איר זעצט זיך אריין אין אן אויטאָבוס זעיט איר שוין א געבענ־טשטער. ווייל פיל פּאסאזשירן דארפֿן שטיין א גאנצן וועג צוליב ענגשאפט. די באוועגונג וואקסט פון טאָג צו טאָג, מענטשן פאָרן פון שטאָט צו שטאָט פון דאָרף צו דאָרף.

ניט בלויז טוריסטן וואָס קומען כאפּן א בליק, נאָר אויך ישראלדיקע בירגער, האָבן ליב צו פאָרן: עלטערן צו קינדער אין די קיבוצים, קינדער באזוכן זייערע עלטערן אין די שטעט, סוחרים, מעקלערס, פּקידים, אָנגע־שטעלטע, סוכנים (אגענטן), סאָלדאטן און פּאָליציסטן, רבנים, כלי קודש — אלע טיפּן מענטשן טרעפט איר אין די אויטאָבוסן. ווען זיי דערשמעקן אז איר זייט א פרעמדער, דערלאנגט אייך איטלעכער דעם ברייטן שלום־עליכם און ער הויבט אָן צו שפּינען א וואָרט מיט א וואָרט, ביז עס ווייזט זיך ארויס אז איר זייט זיינער א לאנדסמאן, א בן־עיר, און ווען ניט דאָס וואָס די פּאסאזשירן דארפֿן אראָפּגיין, וועקסלען אן אנדער אויטאָבוס ביי א פּרשת דרכים (קרייץ־וועג אָדער דזשאָנקשאָן), וואָלט איר זיך דערוואוסט, אז יענער מיט־שמועסער איז גאָר אייערער א קרוב...

און דער אמתן זיינען דאָך אלע יידן ניט בלויז חברים, נאָר אויך ברידער. מיר שטאמען דאָך אלע פון אברהם, יצחק און יעקב, פון שרה, רבקה, רחל און לאה.

שיין זיינען די יידישע שטעט אין ישראל. זיי זיינען אייגענארטיק, יידישלעך. זיי דערמאָנען די ביבלישע צייטן, איר באגעגנט זיך פּנים אל

פנים מיט פאַטריאַרכאַלישע, תנכישע געשטאַלטן, אָבער נאָך פיל מער צויבער און צוציונג־קראַפט האָבן די יידישע ווענן.

שמאָל זיינען די שאָסייען. זיי שלענגלען זיך צווישן הויכע בערג, צווישן פעלדער און גערטנער. איר ווערט פאַרכאַפּט זעענדיק ווי יידן באַאַרבעטן און באַוואַסערן זייערע פעלדער.

די קינסטלעכע באַוואַסערונג — דאָס איז שוין מאָדערנע שטיקער ציוויליזאַציע. מעטאַלענע און דאָך זייער לייכטע אלומינום רערן ליגן אויסגע־לייגט אויף די יידישע פעלדער. די רערן זיינען געלעכערט און אַ וואַסער־שטראָם באַשפּריצט אַזוי אַ נאָך די פעלדער. די רערן זיינען לייכט אַז אַ קינד קאָן זיי טראָגן, כדי זיי צו טראָגן איבער אַלע טיילן פון די פעלדער און גערטנער.

אָט באַגעגנט איר קעמלען, וועלכע פירן, ווי אין די אור־אַלטע צייטן, שווערע משא; אייזלען געשפּאַנט אין דאָרפישע וועגנער מיט היי, שטרוי, ירקות און פּרוכט. גאַנצע וועגנער מיט וואַסער־מעלאָנען, בוראַקעס, גערשטן, קאָרן און האָבער.

דאָס „היטשהייקן", דאָס אַרויסגיין הינטער דער שטאָט און וואַרטן ביז אימעצער וועט זיך אויף אייך מרחם זיין און אייך מיטנעמען, דאָס איז זייער פאַרשפּרייט אויף די ישראלדיקע ווענן.

מילא די קאָנדוקטאָרן און אויטאָבוס פירער זיינען „אכזרים", זיי ווילן קיין בחינמדיקן פּאַסאַזשיר ניט אויפנעמען. פאַר זיי דאַרף זיין צוגעגרייט מעות־מזומן, אָבער פּריוואַטע אויטאָמאָבילן און זעלנערישע טראַק־פירער, שטעלן זיך יאָ אָפּ און נעמען אויף, ווער אַ תימנער אויסגעדאַרטן יידן מיט לאַנגע געקרייזלטע פּאות, וועלכער טראָגט אַ שווערן זאַק אויף זיינע פּלייצעס, אָדער אַ תימנער יונג מיידל, וועלכע האָט איינגעקויפט אַ מציאה אין שטאָט און זי האָט ניט, אָדער וויל שפּאָרן די הוצאות פון אויטאָבוס צו איר מעברה אָדער דאָרף.

איר טרעפט זייער פיל סאָלדאַטן, וועלכע היטשהייקן און וואַרטן אויף די ווענן מען זאָל זיי מיטנעמען.

איר פאָרט אויף אַ שמאָלן כביש (שאָסעי) אויף אַ באַרג און אין ביידע זייטן זעט איר טיפע טאָלן, און אין די טאָלן וואוינען די בעדוינער, דאָס זיינען אַראַבישע שבטים, וועלכע זיינען גראָד זייער פריינדלעך צו יידן און צו דער מדינה.

זיי דערמאָנען די אהלי קדר פון שיר השירים, זיי זיינען שוואַרץ ממש

ווי די נעגערס. זיי וואוינען אין געצעלטן, וואנדערן פון מקום צו מקום מיט זייערע פיל ווייבער און קינדער, קעמלען און אייזלען: זיי לעבן ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק — זייער פרימיטיוו. זייערע קינדער באלאגערן אונדזער אויטאָבוס און בעטן באקשיש, נדבות. איטלעכער דערלאנגט זיי קליינע מטבעות. זיי זיינען זייער צופרידן פון די יידן. זיי ריידן נאָר אראביש און מיר זיינען אביסל שטומפיק אויף דער אראבישער עברי — ריידן מיר מיט די הענט...

מיר דערנעענטערן זיך צו זייער געצעלט און עס דאכט זיך אונדז, אז אָט שטייען מיר פאר מענטשן מיט א לעבנס־שטייגער פון דריי־פיר טויזנט יאָר צוריק.

כ׳בין אייך שוין מוחל זייער מעבל און הלבשה, אָבער אינטערעסאנט איז ווי זיי דרעשן זייערע תבואות.

בינטלעך מיט פולע זאנגען ליגן אויף דער ערד און קעמלען דריין זיך ארום און ארום, ווי זיי וואָלטן ארויסגיין אין א טאנץ, און מיט זייערע פיס טרעטן זיי און דרעשן אויס די קערנער פון די גאָלדענע זאנגען.

ברויט קאָסט אזוי ביליק אין ישראל און עס האָט טויזנטער טעמים, כמעט ווי דער מן אין דער מדבר, איטלעכער האָט געקאָנט טועם זיין אינם מן וואָס פאר א טעם זיין הארץ האָט געגלוסט. דער ליטוואק באקומט אין ישראל זיין היימיש ברויט מיט זיינע בולקעס, דער רומענישער און אונגא־רישער, דער דייטשער און פראנצויזישער ייד באקומט זיין ברויט און ווייסע זעמל, דער פוילישער און גאליציאנער ייד באקומט זיין ברויט ממש ווי אין ווארשע, לובלין, קעלץ, קראָקע, לעמבערג אָדער בראָד — ראָזאָווע, שווארץ ברויט, בייגל און קיכלעך. און דער תימנער אָדער אפריקאנער ייד באקומט זיינע עוגות. אלץ אזוי ביליק, ממש בחצי חינם, און דאָך שטייען די בעדויינער און ארבעטן אזוי צוזאמען מיט זייערע קעמלען ארויסצובאקומען א שטיקל ברויט אויף אזא פרימיטיוון אופן.

ארום די בעדויינער געצעלטן זעט איר שווארטע ציגן, וועלכע פארזאָרגן מילך לרוב פאר די אויסגעדארטע שווארצע קינדער זייערע.

איר פאָרט אביסל ווייטער טרעפט איר א גרויסע שטאָל פאבריק. דאָרט פאבריצירט מען מעטאלענע רערן פאר יעדער געברויך, וואסער און קאנאליזאציע רערן.

ארץ־ישראל איז קליין, אָבער איר טרעפט אויף קורצע און ענגע שטחים א געמיש פון מאָדערנע ציוויליזאציע און פרימיטיוון לעבנס־שטייגער.

איך וויל דאָ אצינד ניט באשרייבן אלע, היסטאָרישע מקומות. דאָס וועל איך בעזרת השם טאָן ביי אן אנדער געלעגענהייט. איך וויל אָבער באַמערקן אַז אויף שריט און טריט באגעגנט איר נייע היסטאָרישע מאָנומענטן פון געפאלענע קעמפער פאר דער באפרייונג פון ישראל, אויסגעקריצט זייערע נעמען און ווען זיי זיינען געפאלן.

א ציטער כאפט אייך ארום, איבערלייענענדיק הונדערטער נעמען דאָ און דאָרטן פון יידישע בחורים, וועלכע זיינען געפאלן אין קאמף מיט די ענגלענדער.

איינער אזא מאָנומענט האָט אויף מיר געמאכט א שטארקן רושם. פאר תל אביב, אין א פאָרשטאָט, דאָרט וואו עס קרייצן זיך עטלעכע וועגן, שטייט א מאָנומענט לכבוד דוב גרונער, ווע‎מען די ענגלענדער האָבן אויפ־געהאנגען אין דער אלטער תפיסה אין עכו.

דער מאָנומענט איז אויסגעהאקט פון ריינעם גראניט. צוויי לייבן, איינער א גרויסער, א „שטארקער”, מיט א גרויסער טשופרינע, מיט פעסטע מוסקלען, מיט א לאנגן עק און א באוואקסענעם קנאָפּ אין דער שפּיץ, ראנגלט זיך מיט א קליינעם, יונגן לייב, יונג ווי א צוציק, קוקט אויס „שוואך” און קליין.

דאָס זאָל באדייטן: דער גרויסער לייב איז דער לייב פון גרויס־בריטאניע און דער קליינער לייב איז דער לייב פון יהודה... גור אריה יהודה (בראשית, מ״ט, ט׳), און דער גריוסער לייב האָט אָנגעוואָרפן א פחד און א מורא אויפן לאנד פון יהודה, און דער קליינער, שוואכער לייב האָט זיך פארנומען צו פירן א קאמף מיטן אלטן גרויסן און שטארקן לייב, דעם ענגלענדער... און אזוי לאנג האָט דער קליינער לייב געביסן און צרות אָנגעטאָן דעם גרויסן לייב, ביז ער האָט אים באזיגט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קאלטער, הארטער גראניט־שטיין דערציילט עס אלץ. ער דער־ציילט עס אין אזא שפראך וואָס ניט איטלעכער קאָן לייענען... ווייל ווערטער זיינען דאָרטן כמעט ווי ניטאָ. איר לייענט בלויז צוויי ווערטער. צוויי און ניט מער: לדוב גרונר...

און ווען ג־ט האָט אייך באשאָנקן ניט מיט פעיקייטן צו קאָנען חנפענען און בלאָפן, נאָר מיט געפיל און שכל, מיט פארשטאנד און קונסט,

דאָן קאָנט איר לייענען די גאנצע געשיכטע פונם נייעם קאמף פון אונדזער דור פון יענעם מאָנומענט.

איר קאָנט דאָרטן לייענען און דערזען שטיקער געשיכטע, א ביטערער גערא־נגל צווישן צוויי לייבן, דער שטארקער און מעכטיקער בריטישער לייב, דער וועלכער האָט תמיד געוואונען און שטענדיק געזיגט, איז געביסן געוואָרן פון א קליינעם, ערשט געבוירענעם, יונגן און שוואכן לייב, וועלכער רופט זיך דער לייב פון יהודה. אָדער ווי יעקב אָבינו האָט באצייכנט דעם שטארקסטן פון זיינע זין — גור אריה יהודה...

דער שטארקער לייב פון בריטאניע האָט באקומען אזא געפערלעכן ביס פונם יונגן לייב פון יהודה, אז ער האָט זיך געמוזט אָפּטראָגן צוריק צו זיין אינדזל...

דאָס איז דער מאָנומענט פאר דוב גרונער, וועלכער איז געהאנגען געוואָרן אין דער עכו תפיסה און געפונען זיין קבר צווישן אנדערע „הרוגי מלכות" אויפן אלטן הייליקן בית עולם אין צפת...

מ

## ניט געוואונטשע עולים

ניט אלע עולים — ווייזט אויס — זיינען געוואונטשן אין ישראל. די גבירים און נגידים, זיי רירן זיך דאָך דערווייל ניט פונם אָרט, זיי האָבן מורא אז די סאָציאליסטישע רעגירונג דאָרטן, זאָל ניט „א תל" מאכן פון זייער קאפיטאל... וויפל מען זאָל זיי ניט מבטיח זיין, אז פארקערט, די רעגירונג־קרייזן זיינען צופרידן צו זען יידן נגידים און גבירים זאָלן אינוועס־טירן וואָס מער קאפיטאל, זאָלן בויען און שאפן, קומען און לעבן צווישן אחינו בני ישראל.

שרעקן זיך די קאפיטאליסטן. זיי ווילן „א טובה טאָן", זיי ווילן אריבערפאָרן, געבן א קוק, נהנה זיין פון די דערגרייכונגען, זיי ווילן געבן נדבות און שטיצן אויף רעכטס און אויף לינקס, אָבער אליין פאָרן — „דערווייל" נאָך ניט.

זיי ווייסן א פנים ניט דעם סוד, אז סאָציאליסטן זיינען קעגנער פון קאפיטאל אזוי לאנג ווי זיי זיינען אין דער מינדערהייט. קומען אָבער די

זעלבע סאָציאַליסטן צו דער מאכט, איז זייער גאַנצער סאָציאַליסטישער „הייליקער פראָגראַם" ניט געפערלעך... מען קאָן מיט זיי דורכקומען...

רעליגיע און קאַפּיטאַל, זיינען כידוע געווען אסור ווי חזיר ביי די אידעאַליסטן און פרומע סאָציאַליסטן. זיי האָבן געגלויבט „באמונה שלימה", אַז די צוויי זאַכן האָבן „חרוב געמאַכט די וועלט"... אַזוי לאַנג ווי רעליגיע און קאַפּיטאַל וועלן האָבן וועלכע ס'איז דעה, וועט די וועלט גיין מטה מטה, און זי וועט חלילה קיין תקומה ניט האָבן...

דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל ווען דער סאָציאַליזם איז געווען אין די קינדער־יאָרן, ווען גאָלע אידעאַל און הוילע רוחניות האָט געברענט אין די הערצער פון אירע טרעגער.

די היינטיקע סאָציאַליסטן זיינען פּראַקטישער. זיי שרעקן זיך ניט מער פאַר רעליגיע. והא ראיה, מען זיצט צוזאַמען אין איין רעגירונג, מען זעט עין בעין, אַז רעליגיע איז ניט אַזוי „שעדלעך" און די רעליגיעזע מיניסטאָרן זיינען גאָר ניט אַזעלכע בטלנים. זיי פירן אָן מיט וויכטיקע אַמטן, הרב איטע־מאיר לעווין, משה שפּיראָ און פּינקס זיינען גאָר געשיקטע, באַוואוסטזיניקע, קלוגע, פּעיקע יונגעלייט, מיט וועלכע די סאָציאַליסטישע מערהייט שעמט זיך גאָר ניט...

אַצינד זיינען די סאָציאַליסטן דערגאַנגען נאָך אַ סוד, אַז קאַפּיטאַל (רחמנא לצלן) קומט (בשעת הדחק) אויך צונוץ... און אָן קאַפּיטאַל קאָן מען ניט בויען און שאַפן.

השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני אָדם...

האָבן די סאָציאַליסטן, בזמן הזה, נאָכגעלאָזט פון זייער פרומקייט, און זיי זען איין, אַז קאַפּיטאַל איז נאָך (אַזוי לאַנג ווי דער יצר־הרע איז דער מושל אויף דעם עולם) נוצלעך... דערמוטיקט מען די קאַפּיטאַליסטן זיי זאָלן קומען, ניט אַ קוק טאָן און קושן די ערד, נאָר טאַקע בויען און שאַפן, אינוועסטירן מעות מזומן זיינען אָבער די נגידים פּחדנים, האָבן זיי דערווייל נאָך מורא עולה צו זיין ווער־זשע דען זיינען די עולים?

עני ואביון יהללו שמך...

די געדריקטע, די פאַרפאָלגטע, די וועלכע ברענגען מיט זיך ניט פיל קאַפּיטאַל, נאָר קוים להחיות את נפשם, צו דערהאַלטן זייער נשמה.

מילא, איז סיי די רעגירונג און סיי דאָס פאָלק צופרידן אפילו פון

די אָרימע עולים. סוף־כל־סוף וועלן זיי זיך צופּאַסן צו די נייע לעבנס־באַדינגונגען און זיי וועלן ווערן נוצלעך און פּראָדוקטיוו...

א נייער סאָרט עולים האָבן זיך א לאָז געטאָן אויף ישראל. מיט שטורעם און רעש ווילן זיי אריין אין די ישראל גרעניצן, און זיי זיינען א צרה פאר ישראל...

די נייע עולים זיינען די מחנות היישעריקן...

זיי זיינען ניט קיין געווינטשטע געסט אפילו אין זאטע לענדער מכל־שכן ווען אין ישראל פעלט שפּייז אָן זיי אויך, און די היישעריקן וועלן זיך ניט רעכענען מיט די געזעצן פונם באשפּייזונג מיניסטעריום. זיי האלטן ניט פון קיין שפּייז ראציאָנירונג. זיי לאכן זיך אויס פון די ניי־מאָדערנע באשפּייזונג סיסטעמען. זיי זיינען הונגעריק...

זיי קומען מיט שטורעם, זיי פארדעקן דעם הימל, זיי קומען מחנות־ווייז. זיי זיינען ניט קיין געוואונטשטע עולים.

אינם ערשטן אויגנבליק האָב איך געדענקט אז די היישעריקן זיינען בזמן הזה א שטיקל ישועה פאר ישראל, ווייל עס איז דאָרטן אין ישראל א גרויסער דוחק אין שפּייז בכלל און אין פליישׁ בפרט. נו, געפינען מיר דאָך בפירוש אין חומש ויקרא, אין דער סדרה שמיני, אז —

את אלה מהם תאכלו. את הארבה למינהו, ואת הסלעם למינהו, ואת החרגול למינהו, ואת החגב למיניהו...

די תורה דערלויבט בפירוש צו עסן א טייל מינים היישעריקן. דעם ארבה, דעם סלעם, דער חרגול און חגב.

מיר דאָ ווייסן ניט גענוי ווי אזוי זיי קוקן אויס, אָבער אין ישראל, וואו עס לעבן איצט גרויסע פּוסקים און תורה־אויטאָריטעטן, האָבן מיר לכתחילה געדענקט אז די היישריקן זיינען א שטיקל ישועה...

אָבער עס ווייזט אויס, איינס פון די ביידע: אָדער די מחנות היישריקן, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן א שרעק אויף דעם ישוב אין ישראל, זיינען ניט פונם כשרן סאָרט היישעריקן, אָדער מען האָט זיך ניט געכאפּט צו באנייען א זאך וואָס אלע דורות האָבן געהאלטן פאר ניט באנוצבאר, צוליב פארשיידענע טעמים...

ווי עס זאָל ניט זיין, שמעקט דער גאנצער ענין מיט ביבלישע ריחות. א ווינט האָט אָנגעטראָגן מחנות־מחנות היישריקן. זיי האָבן פארדעקט די הימלען ארום צפת, פתח תקוה און תל אביב.

און אצינד? די היישעריק געפאר איז גרינגער, ווייל — א שטארקער שטורעם ווינט האָט זיי אוועקגעטראָגן ווייט-ווייט אויסער די גרעניצן פון ישראל.

ווער עס געדענקט חומש, דעם קלינגען די ידיעות אזוי באצויבערנדיק...

„און משה מיט אהרן זיינען געקומען פאר פרעהן און צו אים אזוי געזאָגט: אזוי האָט געזאָגט דער ג־ט פון די עברים: שיק ארויס מיין פאָלק ישראל, אויב ניט וועל איך ברענגען אין דיינע גרעניצן א היישעריק און ער וועט א תל מאכן פון דער גאנצער תבואה.

„און ג־ט זאָגט צו משהן: שטרעק אויס דיין האנט אויף מצרים, און א שטורעם ווינט האָט אָנגעיאָגט א היישעריק מחנה אויף מצרים...

„און ווען פרעה האָט צוגעזאָגט ארויסצולאָזן די יידן, איז ווידער געקומען א שטורעמווינט און האָט פארטריבן די היישריקן פון מצרים"...

יעדער געשעעניש אין ישראל, סיי די גוטע און סיי חס וחלילה די ניט געוואונטשטע, טראָגט דעם געשמאק פונם תנ"ך...

די ניט־געוואונטשטע עולים, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן א שרעק אויף ישראל, האָט א רוח זיי פאריאָגט. א שטארקער, שטורמדיקער רוח קדים, פונקט ווי מיר לערנען אין חומש... יאָ, אין ישראל איז דער חומש לעבעדיק, סיי דאָס גוטע, דאָס פרומע, און סיי דאָס ניט געווינטשטע — אלע זיינען פרשיות פונם חומש...

## מא

# מיין באזוך אין דער ישראל ארמיי

דער הויפט־רב פון דער ישראל ארמיי, דער ביז־גאָר ענערגישער יונגער גאון און געלערנטער, הרב ר' שלמה גורן, האָט פונם פרעזידיום־טיש פון דער כנסיה הגדולה אין ירושלים, שריפטלעך איינגעלאדן דריי רבנים צו באזוכן די ישראל ארמיי.

די איינגעלאדענע זיינען געווען הרב דר. אלי' יאָנג, הרב דר. הערבערט ס. גאָלדשטיין (ביידע פון ניו יאָרק) און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

אין א געוויסן מיטוואָך, ארום 8 אזייגער איינדערפרי, קלאפט אָן א ישראל אָפיצער אין מיין וואוינונג אין בית וגן, אין ירושלים. דער יידישער

אַפּיצער טראַגט, א חוץ זיין שיינעם מיליטערישן מונדיר, אויך א שיינע באָרד, און ער רעדט א פיינעם העברעיש און א זאפטיקן יידיש...

אין א מיליטערישן אויטאָמאָביל ווער איך געפירט צום שווער פון הויפּט רב. דאָרטן ווארט אויף אונדז דער הרב הראשי פון דער ישראל ארמיי (ווייל זיין פּריוואטע רעזידענץ איז אין תל־אביב).

אריינקומענדיק צום שווער פונם הויפּט־רב פון דער ישראל ארמיי, ווערן מיר באלד דערשטוינט און איבערראשט, אביסל דערשראָקן אין גלייכצייטיק באגייסטערט פון דער גרויסער פּערזענלעכקייט פונם הרב הראשים שווער.

זיין אויסזען רופט ארויס גרויס דרך ארץ. עס דאכט זיך אייך, אז איר שטייט פאר א פּארצייטיקן חכם אָדער פרומען נזיר. זיין נאָמען איז הרב ר' דוד כהן. א לאנגע באָרד מיט לאנגע ניט געשוירענע האָר, גרויסע לאָקן באדעקן זיינע אקסלען; א גרויסער מקובל, וועלכער איז עוסק טאָג און נאכט אין די סודות פון דער תורה: א ייד, וועלכער ציילט זיינע ווערטער ביים ריידן אין דער וואָכן, און האלט פארמאכט זיין מויל גאנץ שבת (חוץ צום דאווגען און לערנען), א חוץ דעם רעדט ער ניט. ממש גאָרניט, צוויי און פערציק טעג אין יאָר, ניט ערב ראש חודש, ניט ראש חודש אלול... ער עסט קיינמאָל ניט קיין פליש, ער איז א וועגעטעריאנער און גייט קיינמאָל ניט ארויס פון הויז. א מנין מקובלים קומען צו אים און דאווגען דאָרטן בציבור

לויט מיין שילדערונג פון הרב דוד הכהן, וואָלט איר דאָך זיכער געדענקט אז אזא שטייגער ייד איז א פרוש פון דער גאנצער וועלט און האָט ניט קיין מגע ומשא מיט אנדערע קולטורן און שפּראכן. מאכט איר, טייערע לייענער, א שטיקל טעות. דער דאָזיקער מערקווירדיקער מקובל און נזיר האָט געענדיקט דעם בערלינער אוניווערסיטעט און רעדט (ער קאָן ריידן) עטלעכע שפּראכן א חוץ העברעיש און יידיש, ער איז געווען איינער פון די נאָענטסטע און אינטימסטע פריינט פון הרב ר' אברהם־יצחק הכהן קוק זצ"ל, און ביז היינט איז ער פארעכנט אלס ראש הישיבה פון הרב קוקס גרויסן תורה אנשטאלט.

ער וואוינט זיך באשיידן, חדרים פול מיט ספרים, דער טיש פארלייגט פון מאנוסקריפּטן און כתב ידן, זיין גאנץ וועזן, אלע זיינע חושים זיינען אריינגעטאָן אין די הייליקע אותיות...

די רביצין איז אונדז מכבד. מיר זיצן ארום זיין שרייב און לערן־טיש. מיט געציילטע ווערטער, רויק און געלאסן באגריסט אונז דער מקובל. עס האָט מיר אויסגעזען און אויסגעדאכט, ווי ער וואָלט ריידן צו אונדז, און ער אליין איז פארטראָגן אין אנדערע, שענערע עולמות...

אַט דאָס איז געווען די הקדמה, דער פּאָר־באַזוך, די איינלייטונג, דער פּרוזדור, דאָס פאָדערהויז צום באַזוך אין דער יידישער אַרמיי.

אַזוי זעט אויס דער שוועה פון דעם הויפּט־רב פון ישראלס אַרמיי.

דער הויפּט־רב אליין איז אויך אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, אַ גרויסער גאון אין תורה; אַ געשיקטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ פיינער אָראַטאָר: אַ גוטער שרייבער, מיט־רעדאַקטאָר פון „מחניים", מיליטערישער רעליגיעזער זשורנאַל; אַ געשולטער פּאָליטיקער און זייער אַנגענעמער ליבלעכער מענטש.



הרב שוואַרצמאַנ'ס באַזוך אין דעד ישראל אַרמיי. אויפן בילד: הרב ד"ר לעאָ יאַנג; הרב הערבערט גאָלדשטיין און הויפּט רב פון דער אַרמיי, הרב שלמה גורן. אויך הרב אברהם יצחק שוואַרצמאַן, זון פון הרב מאיר שוואַרצמאַן.

זיין שווארצע באָרד רופט ארויס רעספּעקט, זיין מיליטערישער מונדיר רופט ארויס התפּעלות, אַ ייד אַ למדן, אַ פרומער יונגערמאַן, כמעט אַ קנאי, טראָגט די מיליטערישע בגדים אַזוי ווירדיק.

דער מיליטערישער הויפּט רב האָט דעם ראַנג פון „אלוף משנה" — פּאָלקאָווניק אָדער קאָלאָנעל. די אַנדערע מיליטערישע רבנים, אַלע אין אַ טראַדיציאָנעלער צורה מיט אַ פיינער באָרד און טייל אויך מיט פּיאות הינטער זייערע אויערן.

מיר, די דריי געסט־רבנים, האָבן באַקומען אַ מיליטערישן באַפעל... ביט צו דערמאָנען פאַר קיינעם, און אוודאי ניט פאַר צייטונגען, נעמען פון די

מיליטערישע מחנות, געווער און סטראטעגישע פונקטן אין ישראל. מיר קאָנען דערציילן אלגעמיינע איינדרוק, אינטערעסאנטע עפּיזאָדן און קאָמישע פּאסי־רונגען. אָבער חס וחלילה אויסזאָגן עפּעס פון מיליטערישן חדר...

קודם כל האָט מען מיט אונדז געקנעלט די מיליטערישע ראנגען, ווי אזוי מען רופט זיי אין העברעיש:

רב אלוף — גענעראל. אלוף — בריגאדיר. אלוף משנה — קאָלאָנעל. סרן — קאפּיטאן. סגן סרן — לייטענאנט. סמל — סארדזשענט. רב טוראי — קאָרפּאָראל. טאָמער בין איך ניט חס ושלום פּינקטלעך אין דער איבערזעצונג, וועט מיר די ישראל ארמיי מוחל זיין. איך בין דאָך פּאָרט ניט מער ווי א בשר ודם...

די ישראל ארמיי, פּונקט ווי אלע ארמייען ביי פאַרשיידענע פעלקער, באשטייען — כידוע — פון מענטשן פונם פאָלק. אויב, למשל, דאָס קאנאדער אָדער אמעריקאנער פאָלק טראָגט אויסערלעך אן איינהייטלעכן לבוש און טראכט, זיינען די סאָלדאטן אין דער ארמיי אויך איינהיילטעך אין זייער חיצונותדיקן הילוך... א קליין ביסל אנדערש איז דאָס פאָלק ישראל און ממילא אויך די ישראל ארמיי.

דער גרויסער טייל ישראלים זיינען מאָדערן און טראָגן אייראָפּעישע קליידונג. דער קלענערער טייל זיינען אריענטאלישע און מזרח יידן, טראָגן **בערד און פּיאות**, און זיינען ניט בלויז רעליגיעז, נאָר שטרענג פרום, מיט טלית און תפילין, מיט ציצית און מזוזות. קומט אזא מענטש אין דער ארמיי, וויל ער גאָר ניט פאַרציכטן אויף זיין לעבנס־שטייגער. און פאַרוואָס זאָל ער יאָ פאַרציכטן? צי איז ער דען ביי פּאָניען? אָדער אפילו אין דער אמעריקאנער ארמיי, וואו מ.האָט פּאַראיאָרן געמאכט אזא טומל מיט א פרומען יידישן ליבאוויטשער חסיד, וועלכער האָט פּראָטעסטירט ווען מען האָט אים געצוואונגען אָפּצושערן זיין באָרד?

זעט איר אויף שריט און טריט אין כמעט אלע מיליטערישע אָפּטיי־לונגען סאָלדאטן געשיקט און ענערגיש, ארבעטזאם און טיכטיק, און זיי טראָגן מיט שטאָלץ שיינע, באפּוצטע בערד. און תימנער סאָלדאטן טראָגן געקרייזלטע פּיאות. קיינער לאכט ניט פון זיי, קיינער שפּעט זיי ניט נאָך ווייל... זיי זיינען גראָד די פעיקסטע און מער אינטעליגענטערע סאָלדאטן... זיי זיינען זייער ערנסט און זיי קאָנען זיך שלאָגן אויך. ווי צו אן אראבישן ארייננדרינגער, וועלכער פאלט אריין אין די הענט פון אזא פרומען סאָלדאט... ביי אים איז דאָך א חוץ די נאציאָנאלע באוואוסטזיניקייט אויך דאָ א מצוה

פון „מחה תמחה את זכר עמלק״... און דאָס איז ידוע צו אלעמען, אז א מצוה טוט מען מיט מער פלאם, מיט מער התלהבות ווי סתם א נאציאָנאלע פליכט...

רעליגיעזיטעט מיינט נאָך ווייט ניט אמתדיק יידישקייט. ווען אין אנדערע ארמייען, ביי אנדערע פעלקער איז גענוג ווען די סאָלדאטן שטעלן זיך אויס אין א שורה און זאָגן צוויי־דריי מינוט א „פרעיער״, זיינען זיי שוין יוצא פאר זייער רעליגיע...

אמתדיק יידישקייט פארלאנגט צו דאוונען מיט א מנין, אין טלית און תפילין, לייענען אין דער תורה, וואשן זיך צום עסן,ריידן א דבר תורה אין מיטן דער סעודה און בענטשן מיט מזומן... היטן שבת כדת וכדין, מאכן קידוש און עסן טשאָלנט, זינגען זמירות, און ביי חסידים, טאקע באכן א רקידהלע אויך...

מיינט איר דאָך, אז די פרומע יידישע סאָלדאטן זיינען נעבעך אין „גלות״ בשעת זייער מיליטער דינסט? מאכט איר במחילה א גרויסן טעות...

מב

## דאָס רעליגיעזע לעבן אין דער ישראל ארמיי

יידישע סאָלדאטן אין פרעמדע ארמייען האָבן זיך געמוזט צופאסן צום גייסט און לעבנסשטייגער פון דער אָדער יענער מדינה. אז מען האָט באפרייט יידישע סאָלדאטן צו די סדרים־נעכט און ראש־השנה — יום כפור, איז דאָס געווען א „גרויס גליק״. קיין כשרע שפייזן האָט מען ניט באקומען. אויב א רעליגיעזער סאָלדאט האָט זיך איינגעעקשנט און דוקא געוואָלט לייגן תפילין, האָט ער עס געדארפט טאָן, ווען אלע סאָלדאטן זיינען נאָך געלעגן אויף זייערע געלעגערס, מען זאָל פון אים ניט אָפלאכן. פון היטן שבת איז געווען זעלבסטפארשטענדלעך אן אומעגלעכקייט.

די ישראל ארמיי איז די איינציקע אין דער וועלט וואו א רעליגיעזער סאָלדאט האָט א ווארימע יידישע סביבה. ניט בלויז ווייל מען רעדט דאָרטן העברעיש, ווייל אין דער אמתן רעדט מען אין דער ארמיי אויך פויליש, דייטש, פראנצויזיש, אראביש, רוסיש, אונגאריש, רומעניש און וואָס פאר א

שפראך איר ווילט, הערט איר אויך צווישן די סאָלדאטן — א קיבוץ גליות זעט איר אין יעדען לאגער...

הויפט־יסודות פון דער תורה פארפליכטן אין דער יידישער ארמיי.

קיין ניט־כשרע שפייזן ווערן ניט סערווירט. זיי געפינען זיך אפילו ניט אין די מיליטערישע שפייכלערס. די מיליטערישע קיך איז הונדערט פראָצענט כשר. אלע כלים זיינען באצייכנט מיט סמנים — „מילכיק" און „פליישיק", בשר, חלב.

ס'איז ניטאָ קיין איינציקע קיך אין דער ישראל ארמיי, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען א משגיח, וועלכער גיט אכטונג אויף כשרות. אפילו צוויי סינקס זיינען פאראן אין יעדער קיך פאר מילכיקע און פליישיקע כלים צו וואשן.



הרב מאיר שוואַרצמאַן אַדרעסירט ישראל סאָלדאַטן.

א באזונדער שול פאר משגיחים, וועלכע ווערן געלערנט און געשולט, זיי זאָלן וויסן די דינים וואָס האָבן א שייכות צו כשרות און שבת. ספּע־ציעלע מנקרים, יידן וועלכע קאָנען טרייבערן, זאלצן און ווייקן דאָס פלייש.

אין יעדער רעגימענט (גדוד), קאָמפּאני (פלוגה), בריגאדע (חטיבה) אָדער פלוטון (מחלקה), איז פאראן א שול, א בית הכנסת, מיט אן אָרון־

הקודש, שולחן און ספרים לרוב, וואו די רעליגיעזע סאָלדאטן קומען דאווגען בציבור און לערנען ווען זיי האָבן צייט.

מען צווינגט ניט קיינעם, די פרייע שלאָפן א האלבע שעה שפעטער, די פרומע זיינען זיך מקדים, זאָגן א קאפיטל תהלים, לערנען א פרק משניות און דאווגען מיט מנין.

ווי הייליק זיינען אזעלכע יידישע זעלנערס, וועלכע זיינען מקדש השם צען מאָל א טאָג. נאָך דער סלוזשבע, לויפן די פרייע סאָלדאטן זען א מואווי, אָדער כאפּן א קערטל; די פרומע זעלנער פארזאמלען זיך אין בית־המדרש (אין א מיליטערישן באראק) און מען הערט א שיעור פון א מיליטערישן רב, מען הערט א לעקציע איבער גדולי־ישראל, איבערן ווילנער גאון, דעם בעל שם טוב, בעל התניא (חב״ד) אָדער קאָצקער רבין.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין אזא מיליטערישן לאגער, האָבן מיר געטראָפן עטלעכע סאָלדאטן זיצן ערנסט און צוהערן זיך צו א פאָרטראג איבער חסידות... נאָכן פאָרטראג האָט א יונגער סאָלדאט געדאווגט פארן עמוד מנחה מיט אזא התלהבות און ווארימקייט, אז עס האָט זיך מיר געדוכט אז איך געפין זיך אין אמאָליקן פוילן אין א חסידישן שטיבל.

נאָכן דאווגען האָט מען סערווירט די טישן לכבוד די געסט. דעם הויפּט־רב פון דער ארמיי, הרב ר׳ שלמה גורן האָט אונדז באגריסט און מיר האָבן געענטפערט.

אויך דער שרייבער פון די שורות האָט געהאלטן א פייערדיקן רעפעראט אין העברעיש. די ישראל סאָלדאטן שלינגען די ווערטער און צום סוף גייט מען א רקידהלע.

טרערן גיסן זיך פון אונדזערע אויגן. טרערן פון פרייד און פון שטאָלץ. ווייל איז אונדז, וואָס מיר האָבן זוכה געווען דאָס אלץ צו זען.

עס רייסן זיך ארויס סטיכיש די הייליקע ווערטער: מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ — וואו איז נאָך פאראן אויף דער גאנצער ערד אזא פאָלק ווי ישראל!

שאבלאָן און באנאל קלינגען שוין די ווערטער פון די אָפיציעלע מיליטער־לייט ווען זיי באזוכן זייערן א רעגימענט אין א פרעמדער מדינה, אָדער גאָר אויפן פראָנט. אלע כמעט האָבן איין נוסח, ווען זיי קומען צוריק און גיבן אָפּ א רעפּאָרט — „די מאָראל פון אונדזערע סאָלדאטן איז זייער הויך״... בין איך צו אָרים אין שפּראַך, איך ווייס ניט אצינד וואָס מען זאָגט ווען מען טרעפט אזעלכע בראווע, שטאָלצע, באוואוסטזיניקע, רעליגיעזע,

טיף־גלוביקע יידישע זעלנער, וועלכע זיינען גרייט ממש אויף מסירת נפש פאר זייער גאָט, תורה און לאנד!

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געשטעלט דעם הויפט־רב פון דער ארמיי א פראגע (אויף העברעיש זאָגט מען א שאלה...): ווי אזוי איז די באציונג פונם פרייען סאָלדאט צו זיינע רעליגיעזע ברידער?

זיין ענטפער: עס זיינען פאראנען פארשיידענע פרייע עלעמענטן. די וועלכע זיינען דורכגעפרעסן מיט דעם פרייגייסט, להכעיסניקעס, די האָבן לגמרי ניט קיין באציונג צום רעליגיעזן סאָלדאט, זיי זען אים אפילו ניט. ממילא האָבן זיי פאר די פרומע זעלנער קיין וואָרט ניט. די נייטראלע, די וועלכע זיינען געווען אין דער בחינה פון „תינוק שנשבה בין הגוים", א קינד געפאנגען צווישן פרעמדע, זיי רעספעקטירן די רעליגיעזע סאָלדאטן, זיי „כאפן" זיך אריין אין שול אריין, הערן זיך צו צום לערנען און ווערן פיל מאָל מיטגעריסן, זיי דערווארימען זיך מיטן עכט־יידישן ליכט...

שבת אין דער יידישער ארמיי איז א הערלעך קאפיטל פאר זיך.

„אסור לעשן בשבת" — עס איז שטרענג פארבאָטן אין אלע אָפּ־טיילונגען צו רויכערן אום שבת, דאָס איז א מיליטערישער פארבנט פאר אלעמען, אפילו פארן ניט פרומען...

מען קאָכט ניט שבת אין די קיכן, מען גרייט אלץ אָן פרייטיק — ממש ווי ביי רעליגיעזע יידן.

אלע סאָלדאטן באקומען וויין קידוש צו מאכן, איטלעכער סאָלדאט באקומט א תנ"ך, א סידור. ער געפינט אויך ש"ס, שלחן ערוך און אנדערע ספרים אין די מיליטערישע ביבליאָטעקן ביי איטלעכער מיליטערישער שול אָדער בית־מדרש.

דער מיליטערישער הויפט־ראבינאט שטייט אויף א גאָר הויכער מדריגה. ער לאָזט ניט דעם רעליגיעזן זעלנער פאַלן. אַדרבה, דער רעליגיעזע סאָלדאט באקומט אינספיראציע און נייע באגייסטערונג...

ווען א פרייער סאָלדאט קומט צו די איבונגען אביסל „פארשלאָפן", קומט שוין דער רעליגיעזער סאָלדאט א געדאווענטער און א געבענטשטער...

רעליגיעזע סאָלדאטן האָבן ליב צו הערן נגינה, חזנות. בעט ביי מיר דער הויפט־רב פון דער ישראל ארמיי, איך זאָל אפעלירן צו די יידן אין קאנאדע און זיי בעטן צו שיקן חזנישע רעקאָרדס פאר די יידישע זעלנערס אין ישראל.

ווער עס וועט לייענען די דאָזיקע שורות און וויל העלפן שטארקן דעם גייסט פון די סאָלדאטן אין ישראל, זאָל צוזאמענבנעמען זיינע חזנישע רעקאָרדס און מיר טעלעפאָנירן אָדער שרייבן, וועלן מיר צוזאמען זיי שיקן צום הויפּט־רב פון דער ישראל ארמיי, הרב ר׳ שלמה גורן.

אזוי זיינען מיר געפאָרן פון איין לאגער צום צווייטן אין פארשיידענע פונקטן אין ישראל. מיר האָבן געוואונען דעם צוטרוי ניט בלויז פונם מילי־טערישן ראבינאט, נאָר אויך פון אנדערע אָפיצערן. מען האָט אונדז אריינ־געפירט אין אמוניציע סקלאַדן וואו עס געפינט זיך דאָס הייסע געווען פון ישראל. אָבער וועגן די אלע „הייסע זאכן" זיינען מיר לכתחילה געוואָרנט געוואָרן צו מאכן א שוויג...

איך האָב זיך דורכגערעדט מיט סאָלדאטן, וועלכע שטאמען פון פוילן, דייטשלאנד, רוסלאנד, ליטע, מאראָקאָ, תימן און בוכארע. אלע זיינען זיי צופרידן און באגייסטערט וואָס זיי האָבן די מעגלעכקייט צו שטיין גרייט צו פארטיידיקן דאָס הייליקע לאנד, דאָס לאנד וואָס האָט צוויי טויזנט יאָר געוואַרט אויף אירע קינדער זיי זאָלן זיך אומקערן אהיים...

## מג

# הויכע מאָראל פון דער ארמיי

דערציילט מיר הרב שלמה גורן, מיליטערישער הויפּט־רב פון ישראל: אינמיטן ברען פון דער מלחמה, ערב שבת נאָך זון אונטערגאנג, איז אָנגעקומען א באפעל פונם גענעראל שטאב צו מארשירן צום פראָנט. די הכנות און צוגרייטונגען זיינען געמאכט געוואָרן פלייסיק און שנעל — בשעת מלחמה קאָן מען זיך ניט רעכענען מיט די שבת־געזעצן — אָבער יידן זיינען פאָרט יידן, מאכן זיי קידוש בציבור און דאן ערשט מארשירן זיי צו באגעגענען די אראבישע שונאים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיינען געווען באגייסטערט זעענדיק ווי א מיליטערישע וואך סאלוטירט דעם אלוף משנה (קאָלאָנעל), דעם הויפּט־רב פון דער ישראל ארמיי — הרב שלמה גורן.

א רב א גאון, א שטרענג־אָרטאָדאָקסישער, פרומער ייד, מיט א

שיינער, שווארצער באָרד, וועט מיט מיליטערישן כבוד אויפגענומען אריינ־קומענדיק אין א מיליטערישן לאגער מיט זיינע געסט־רבנים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז מיליטעריש שטרענג פארבאָטן ארויסצופירן פון די שפּייז־שפּיכלערס, וועלכע עס איז זאָל ניט זיין שפּייז אָן א הכשר פונם מיליטערישן ראבינאט.

קיין קיך טאָר ניט אריינלאָזן קיין שפּייז אָן א רבנישן הכשר.

מען האָט אונדז געוויזן ניט בלויז די פיזישע קראַפט פון ישראל, ווי כל־ערליי געווער, הארמאטז, קוילן־ווארפּערס, ביקסן, רעוואָלווערן, דינאמישע כל־ערליי געווער, הארמאטן, קוילן־ווארפּערס, ביקסן, רעוואָלווערן, דינאמישע לאָזן, מיר זיינען פאָרט בירגער פון פרעמדע מדינות...) נאָר אויך די שפּייז־מאגאזינען, ווי געפּרווירענע פליישן, קאָנסערוון פון וויניפּעג, סארדינען, ירקות, פרוכט, גאנצע פעסער מיט אויל, רייז, גרויפּן, זאלץ און צוקער.

איידער מען גיט ארויס שפּייז פאַר די מיליטערישע קיכן, ווערן די פליישן געטרייבערט, געוויקט און געזאלצן, לויט יידישן דין, און די פרוכט און ירקות ווערן געמעשרט...

די וואָס האָבן אמאָל חומש געלערנט ווייסן אז אין ארץ־ישראל טאָר מען ניט עסן קיין תבואה, פרוכט און ירקות בעפאָר מען גיט ניט אָפּ מעשר, צען פּראָצענט פארן לוי אָדער פארן אָרימאן.

די רעליגיעזע יידן אין ישראל עסן ניט קיין שפּייז, וועלכע איז מחוייב געמעשרט צו ווערן, ביז זיי נעמען ניט אראָפּ מעשר.

עס זיינען פאראן הונדערטער דינים ארום תרומות און מעשרות. מען מאכט אויך א ברכה, ווען מען גיט מעשר. דער מיליטערישער ראבינאט גיט אכטונג אויף דעם אלעם.

מען האָט אונדז געוויזן שפּייזן כשר לפּסח, גאנצע מאגאזינען אָנגע־פּאקט מיט יום־טובדיקע שפּייזן, פעסלעך וויין און אויל כשר לפּסח...

אם אין קמח, אין תורה — אָן שפּייז קאָן מען אויך ניט זיין גרייט צו באגעגענען א שונא.

די שפּייכלערס זיינען מאָדערן געבויט, מיט עלעקטרישער טעמפּערא־טור קאָנטראָל, ווייל די טעמפּעראטור וואָס איז גוט פאַר פלייש איז ניט גוט פאר פרוכט אָדער גרינסן. אזעלכע מאָדערנע קיכן ווי ביי דער ישראל ארמיי, זעט מען ניט אפילו אין פיל רייכערע מדינות ווי ישראל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

סאָלדאטן זיינען טאקע העלדן, גיבורים און גייסטיקע און פיזישע ריזן, אָבער מיט אייניקע זאכן זיינען זיי געגליכן צו א בשר ודם. א מענטש ווען ער שטארבט, דארף מען אים טאָן זיין רעכטס, און א סאָלדאט, ווען ער שטארבט אָדער ווערט געהרגעט, דארף מען אים אויך טאָן זיין רעכטס און מקבר זיין לויטן יידישן דין.

האָט דער מיליטערישער רב צוזאמענגעשטעלט א מיליטערישע „חברה קדישא", וועלכע באשעפטיקט זיך מיט מתים, הרוגים, בית הקברות אא"וו.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען פירט אונדז אין דער מיליטערישער הויפּט־שול. דאָס איז שוין ניט סתם א באראק, נאָר א פיינער בנין, א ריזיקע שול, פאר הונדערטער סאָלדאטן, מיט א פיין־געשניצטן אָרון הקודש און שלחן.



הרב שוואַרצמאַן, הרב גאָלדשטיין, הרב הראָשי שלמה גורן, הרב אברהם יצחק שוואַרצמאַן.

די ווענט זיינען באצירט מיט פאסיקע פּסוקים פון תנ"ך, וועלכע האָבן א מיליטערישן אָדער זיגרייכן באדייט. למשל, ה' צבאות עמנו, משגב לנו אלקי יעקב סלה; אָדער, קומה ה' ויפוצו אויביך, וינוסו משנאיך מפּניך — דערהויב און באוויז זיך גאָט, וועלן זיך צעלויפן און צעפאלן דיינע שונאים...

לעבן דער גרויסער שול, זעט איר א פיינע ביבליאָטעק מיט פאר־שיידענע ספרים און ביכער. די ווענט זיינען באצירט מיט בילדער פון גדולי

ישראל, פון ווילנער גאון, בעל שם טוב, חפץ־חיים, חזון איש, הרב ר׳ משה בלוי, ר׳ זאב יעבץ, הרב מאיר בערלין און פיל אנדערע.

אויב ס׳איז נאָך ניט גענוג צו דערהאלטן דעם רעליגיעזן גייסט פון ישראל סאָלדאט, קומט דער מיליטערישער ראבינאט און גיט ארויס פעריאָ־דישע שריפטן „מחניים״, אונטער דער רעדאקציע פון מנחם הכהן. פאר איטלעכן יום־טוב ווערט ארויסגעגעבן א ביז גאָר אינטערעסאנטער, פיין אילוסטרירטער ליטעראַרישער זשורנאל: אויף חנוכה „מסכת לשמונת ימי חנוכה״: פאר די ימים נוראים, „מסכת לחייל לימים נוראים ולחג הסוכות״.

די לייט־ארטיקלען ווערן געשריבן פון הרב שלמה גורן, הויפט־רב פון דער ישראל ארמיי. עס ארבעטן מיט אזעלכע פערזענלעכקייטן ווי הרב ר׳ י. ל. הכהן מימון, געוועזענער רעליגיע מיניסטער אין ישראל; דיכטער י. צ. רמון; דיכטער פינחס פלאי און פיל־פיל אנדערע.

ניט בלויז דער רעליגיעזער סאָלדאט איז אזוי גוט פארזאָרגט עס זאָל אים גאָרנישט ניט פעלן. דער מאָדערנער, ניט־רעליגיעזער זעלנער אין ישראל, האָט אויך פון כל־טוב: ביבליאָטעקן, פעריאָדישע אויסגאבן, קאָנ־צערטן, פאָרלעזונגען און פאַרשטעלונגען.

איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט א ניט־רעליגיעזן ישראל זעלנער און אים געפרעגט, צי עס קומט אים ניט אָן שווער צו עסן כשרע שפייזן און קידוש מאכן שבת? צעלאכט ער זיך און ענטפערט: ביז היינט איז נאָך קיין ישראל סאָלדאט ניט קראנק געוואָרן פון די כשרע שפייזן און א גלעזל ווייַן שבת איז אויך ניט שלעכט... וואָס דענקט מען ביי אייך, אין די תפוצות, אז מיר פרייען, זיינען שוין קיין יידן ניט?..

עס איז צו באוואונדערן די ישראל סאָלדאטן, זייער אינטעליגענץ, זייער הומאָר, זייער איבערגעגעבנקייט, זייער ערנסט, זייער גבורה, זייער פאראנטוואָרטלעכקייט און זייער גרייטקייט אָפּצושלאָגן יעדער אטאקע מצד א שונא.

אפילו די ניט־רעליגיעזע זעלנער געדענקען דעם פסוק „נפש תחת נפש״. א קאָפּ פאר א קאָפּ; עין תחת עין, אן אויג פאר אן אויג...

און די אראבער ווייסן עס זייער גוט. די אראבישע וועלט אָרגאניזירט זיך, מיט דעם כוח פון רוסלאַנד, אמעריקע און ענגלאַנד, שטארקן זיך זייערע ארמייען. זיי ווערן באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, דער מזרח־מערב קאָנפליקט ליגט די אראבער אין דער לינקער פיאה, זייערע כוונות זיינען אנדערע — צו באפאלן די יונגע מאָדערנע ישראל־מדינה.

די יידישע ארמיין פילן און ווייסן עס. שלאָפן זיי ניט און וואכן ביי די גרעניצן פון ישראל...

אָט שטייען פאר מיינע אויגן די הייליקע ווערטער, וועלכע לויכטן אראָפּ פון דער צענטראלער מיליטערישער שול: „קומה ה׳ ויפוצו אויביך, וינוסו משנאיך מפניך״, דערהויב און באווייז זיך גאָט, וועלן זיך צעפאלן און צעלויפן אלע דיינע שונאים...

מד

## צום 5-טן יאָר יאָר מדינת ישראל

נאָך שרעקלעכע געבורט־ווייען, נאָך לאנגע־לאנגע חבלי־לידה, איז געבוירן געוואָרן די יידישע מדינה.

עס ווייזט אויס, אז עס זיינען ניט גענוג געווען יענע ליידן און יסורים, אונטערדריקונגען און צרות וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געליטן אין משך פון זיין לאנגן, הארטן, מיט דערנער און ווילדע גראָזן באוואָקסענעם גלות־וועג.

פונקט ווי א פרוי, וועלכע פארגייט אין טראָגן: זי שוואנגערט און שוואנגערט, פילט ניט מיט אלעמען, עס איבלט איר און דרייט איר דער קאָפּ — דאָס זיינען אָבער נאָך ניט קיין סימנים פון געבורט.

וואָס שטארקער די ווייען, וואָס אָפטער די שמערצן, אלץ נעענטער דער גליקלעכער מאָמענט פון געבורט...

די לעצטע פארניכטונג און פארטיליקונג פון א דריטל פונם יידישן פאָלק, די אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען, די איבערמענטשלעכע ליידן, האָבן ענדלעך דערנעענטערט די געבורט־ווייען — מדינת ישראל איז געבוירן געוואָרן...

א גרויסע שמחה האָט ארומגעכאפּט אלע יידן אויף אלע קאָנטינענטן. עפּעס אן אניערלעכער שטאָלץ האָט באהערשט דעם רייכן און דעם אָרימען, דעם געלערנטן און דעם „עמך יידן״.

איין קליינינקייט — יידן זיינען ווידער געוואָרן א פאָלק מיט אן אייגן לאנד, מיט אייגענער פאָליציי, מיט אן אייגענער ארמיי, מיט אן אייגענעם פּרעזידענט און פּרעמיער מיניסטער, מיט א גאנצן מלוכה־אפּאראט, מיט אלע מעלות און חסרונות פון אן אומאָפּהענגיקער מדינה.

א ניי געבוירן קינד מוז אָבער געפלעגט און באַזאָרגט ווערן. עס קאָן אַליין זיך ניט דערנערן. און וואָס גרעסער דער יחסן פונם ניי־געבוירענעם קינד, אַלץ גרעסער און פּינקטלעכער איז די באַזאָרגונג און באַדינונג.

און מדינת ישראל איז א יחסנדיק קינד. דערויף האָבן פאָרויסגעזאָגט גאָר גרויסע מענטשן, משה רבינו און אַלע אנדערע נביאים, האָבן יידן פארשטאַנען און פארשטייען עד היום זייער פליכט, זייער חוב און זיי קומען און זיי העלפן. זיי שטייען אויף דער וואך און זיי הערן זיך צו צו יעדער פּאַסירונג, צו אַלץ וואָס געשעט אינם הייליקן לאַנד.

ס׳איז ניט סתם אזוי א קינד צווישן קינדער. ס׳איז אן אויסגעבענקט קינד, מיט טרערן און הארצוויייטיק, מיט שלאָפלאָזע לאַנגע נעכט נעכט אין וויטיקן, יסורים און פּיין, ליידן און צרות. מיט אזא קינד מוז מען זיין פאָרזיכטיקער ווי מיט א דורכשניטלעך נאָרמאַל געבוירן עופהלע.

פּונקט ווי אַלע אנדערע ניי־געבוירענע קינדער, האָט אויך מדינת פאר ליב און גאָרניט מתרעם געווען.

פאר אונדזערע אויגן זיינען אויך אויפגעקומען אנדערע אייראָפּעישע לענדער. מיר געדענקען ווי פּוילן, ליטע, טשעכאָסלאָוואַקיע און אונגאַרן האָבן באַקומען זייער אומאָפּהענגיקייט; מיר געדענקען ווען רומעניע איז פון א קליין לאַנד פון 5 מיליאָן מענטשן, מיטאַמאָל געוואָרן א לאַנד פון 18 מיליאָן איינוואוינער — ווען מען האָט זי מכבד געווען מיט בוקאָווינע, זיבענבירגען און בעסאַראַביע — דאָרטן איז אויך ניט אַלץ צוגעגאַנגען גלאַטיק, דאָרטן איז אויך געווען שווער און ביטער ביז יענע מדינות האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס - פּאָליטיש און עקאָנאָמיש.

אַצינד פארגעסט ניט דעם גרויסן חילוק: יענע אייראָפּעישע מלוכות האָבן געירשנט, אָדער בעסער געזאָגט, אָפּגענומען זייער רויב פון די אָקופּירטע הערשער. גאַנצע, אויסגעשטאַטעטע, איינגאָרדנט ווירטשאַפטן; דער גאַנצער מלוכה אפּאַרט איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. די שפּראַך איז גאָר געווען אן אנדערע... אַנשטאָט רוסיש און דייטש — פּויליש; אַנשטאָט רוסיש — ליטוויש; אַנשטאָט דייטש, אין בואָקווינע — אונגאַריש אין זיבנבורגען און רוסיש אין בעסאַראַביע, איז די אָפיציעלע שפּראַך געוואָרן רומעניש...

אָבער די גאַנצע מלוכה איינאָרדענונג, ווי באַן, טעלעגראַף, שול געביי־דעס, מלוכה בנינים, פּיין באַארבעטע און באַוואַסערטע פעלדער און וועלדער, אַליי איז געווען צוגעגרייט פון פאָרויס. אין מדינת ישראל האָבן די אָקופּירטע

הערשער ניט איבערגעלאָזט פיל, א חוץ מיליטערישע באראקן און אביסל יגון ואנחה. אלץ האָט מען געמוזט אָנהויבן פון בראשית... און אלע ווייסן, אז פאר בראשית איז געוועזן תוהו ובוהו פוסט און לער...

ריזיקע שטחים לאנד, בערג און טאָלן, פארלאָזן, ניט באאקערט פאר טויזנטער יאָרן, ניט באוואסערט, ניט קולטואווירט... און די נייע בויער, די חלוצים, ווייניק דערפארן, אָן טראדיציע פון לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט און מי, האָבן פארקאטשעט זייערע ארבל און אָנגעהויבן בויען און אקערן, זייען און שניידן...

אצינד דער קיבוץ גליות? דאָס דאָזיקע וואונדערבארע קאפיטל איז נאָך ניט ריכטיק באארבעט געוואָרן. יידן פון תימן און פון מאראָקאָ, פון דייטשלאנד און פון האָלאנד, פון פוילן און פון רומעניע — ממש פון ארבע פינות העולם.

פון אינדיע און אפגאניסטאן, יידן וועלכע זיינען געווען אָפגעריסן פונם אלגעמיינעם שטאם, האָבן געוואוינט אין היילן, צווישן אור־אלטע בערג אין די זאמדיקע געגנטן פון פארשיידענע מדבריות, קומען צו רייטן אויף אייזלען און קעמלען, לאנגע קאראוואנען שלעפן זיך אויף ניט אויסגעטראָטענע וועגן, זיי גייען אויף קיין ציון; אויף שיפן און באנען, אויף אויטאָמאָבילן און עראָפּלאנען קומען יידן צוריק אהיים קיין ישראל.

די „אויסגעשפיגענע" פון דער ציוויליזירטער איראָפּע, די וועלכע האָבן איבער טויזנט יאָר באַרייכערט און באַפעסטיקט, באַזונגען און באַוואוסט־זיניק געמאכט פרעמדע מדינות, זיינען אהיימגעקומען קיין ציון נאקעט און באָרוויס, הונגעריק און קראנק.

די יידן פון תימן און פון איראק, פון סיריע און פון לבנון, האָבן אויך קיין אוצרות ניט מיטגעבראכט. אלע זיינען זיי געקומען און האלטן אין איין קומען... וואָס איז דאָ דער וואונדער, אז די עקאָנאָמישע לאגע אין ישראל איז ניט אזוי ווי אין די פאראייניקטע שטאטן?..

ס'איז דאָ א גרויסע האָפנונג, אז ניט ווייט איז דער טאָג, ווען אחינו בני ישראל וועלן אויך אָנהויבן שטראָמען פון די סאָוועטישע לענדער. קיין גאָלד און בריליאנטן וועלן זיי ווארשיינלעך אויך ניט מיטברענגען.

וואָס איז דאָ דער חידוש, אז מען דארף אין ישראל די הילף פון יידן אין די תפוצות?..

ווען ישראל זאָל פינף־און־צוואנציק יאָר ניט האָבן קיין דאגות און זאָרג פאר די „גוטע" שכנים, פאר די אראבישע מדינות, און ישראל זאָל

ניט דארפן אויסגעבן דעם גרעסטן טייל פון איר מלוכה־בודזשעט פאר צוגרייטונגען טאָמער, ווער ווייס, אפשר, וועט א שכן אראָפּ פון זינען און באפאלן ישראלס גרעניצן...

ווען ניט יענע מורא, וואָלט ישראל אין משך פון אזא קורצער צייט אויסגעוואקסן ווי א שטארקע, מעכטיקע, עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקע מלוכה, די שטארקסטע און באדייטנדיקסטע אויף יענעם קאָנטינענט...

נו, ווער איז שולדיק אין דעם? איך גלויב ניט אז ישראל רייסט זיך צום „פייט"... די ישראלדיקע יונגע ארמיי האָט געדולד. זי איז ניט בלוטדורשטיק, זי וואָלט מוחל געווען דעם כבוד צו זיין די זיגער... אגב וואָלט די ארמיי געקאָנט אויסגענוצט ווערן פאר פּראָדוקטיווע צוועקן... זיי וואָלטן זיך זייער שטיקל ברויט פארדינט.

דער וועלט־געראנגל צווישן מזרח און מערב, דאָס „גוט יום־טוב ביטן" פון די אָריענטאלישע פרינצן און פרינצעסינס, וואָס לויפן ארום איבער דער וועלט, כלומרשט זיך אויסצומענטשלען און צו כאפּן א קוק סתם אזוי אויף די וואונדער פון אייראָפּע און אמעריקע, דאָס זיינען ניט קיין געהויבענע סימנים... און זיי קאָנען מדינת ישראל ניט אריינגעבן קיין גרויסע האָפע־נונגען.

אָבער אָן מורא! אָן פחד! ישראל איז געוואָרן א מדינה און זי וועט בעזרת השם בלייבן שטארק, פעסט, צעמענטירט.

בן חמש שנים למקרא.

אונדזער חכמים האָבן געלערנט, אז ווען א קינד ווערט אלט 5 יאָר, הייבט מען אָן מיט אים לערנען חומש... וואָס שטייט דאָרטן אין אלטן און אין אייביקן נייעם חומש?

ווען יעקב אבינו האָט געהאלטן ביים שטארבן, האָט ער צוזאמענגערופן זיינע קינדער, די הייליקע שבטים, די ערשטע בויער פונם יידישן פאָלק, און אזוי האָט דער אלטער יעקב גערעדט צו זיינע קינדער בשעת די שכינה איז געשטאנען אים צו קאָפּנס:

„האָספו" ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים...

פאראייניקט זיך, לעבט בשלום און אין אחדות, דאן וועל אייך פאָראויסגאָזן וואָס עס וועט פאסירן מיט אייך אין אחרית הימים... ווען

עס וועט זיין „האספו״, פארזאמלט, פאראייניקט, דאן וועט איר זיין שטארק, פעסט, גרויס און מעכטיק. (תשי״ג)

מה

# זעקס יאָר מדינת ישראל

שבת פינף טאָג אין חודש אייר, איז די יידישע מדינה אלט געוואָרן 6 יאָר.

ניט בלויז די ישראלים אין דער מדינה זיינען מלא שמחה, נאָר אלע יידן בכל מקום שהם, וואו זיי געפינען זיך, אין אלע לענדער און אויף אלע קאָנטינענטן, זיינען באגייסטערט און באשטראלט פון יענע נסים, וואָס ג־ט האָט באוויזן מיט זעקס יאָר צוריק, ווען דאָס יידישע לאנד איז אויפגעשטאַנען תחית המתים...

ניט געקוקט אויף די פּאָליטישע חילוקים און דיפערענצן צווישן דער גרויסער צאָל פּארטייען אין ישראל, פון די עקסטרעם רעכט ביז די עקסטרעם לינקע, פילן אלע — ממש אלע — דערהויבנקייט, באגייסטערונג, התלהבות און צופרידנהייט אינם יום העצמאות, אינם טאָג ווען ישראל איז אָפיציעל אנערקענט געוואָרן אלס פאָלק און אלס מדינה.

איך בין זיכער אז די קעגנערשאפט צו דער יידישער רעגירונג און צו איר אידייען־גאנג, סיי די קעגנערשאפט וואָס קומט מצד די רעליגיעזע קרייזן און סיי די וואָס קומט פון די ראדיקאלע מענטשן, פארגעסן זיי אלע אינם דערהויבענעם טאָג די אלע חילוקי־דעותן און זיינען זיך משמח מיט א אינערלעכער שמחה, וואָס מיר האָבן זוכה געווען, אז בימינו תוושע יהודה, אז אין אונדזער צייט זאָל יהודה געהאָלפן ווערן...

עס בלייבט נאָך צו האָפן, אז עס זאָלן זיך שוין דערנעענטערן די טעג ווען עס וועט אויך זיין וישראל ישכון לבטח... ישראל זאָל רוען, און זיין זיכער, אז אירע שכנים וועלן זי ניט אטאקירן... ווייל ליידער איז די פּאָליטישע לאגע אין יענעם ווינקל, ווייט נאָך פון צו זיין א רויקע און א זיכערע.

ווען א מענטש איז געזונט און שטארק, ווירקט ניט אויף אים קיין אומבאדייטנדיקער געשוויר אָדער מכה. פילט אָבער א מענטש ניט מיט אלעמען, ער קרעכצט און קרענקט אונטער פון צייט צו צייט, ער האָט שלאָפ־

לאָזע נעכט און קאָן ניט עסן קיין נאָרמאלע שפייזן, דאן ווירקט אויף אים יעדער אומפינקטלעכקייט אינם קערפער. א שניט פון א מעסער אין איינעם פון זיינע פינגער, א קליין געשווירל, מאכט אים אזוי נערוועז, ווי ער וואָלט געהאט ווער ווייסט וואָס פאר א מחלה, לא עלינו.

אין דער פּאָליטיק, רבותי, איז פונקט דאָס זעלבע, ממש ווי איין טראָפּן וואסער...

די אלע אינצידענטן אויף די ישראל־אראבישע אָדער מצרישע גרעניצן, וואָלטן אין פרידנס־צייט געווען ממש א קינדער־שפּיל א לאָקאלער ענין.

בזמן הזה אָבער, ווען די וועלט איז קראנק און די גרעסטע מעדיקער (לייען פּאָליטיקער) זוכן רפואות צום קראנקן קערפער, און וואָס מער זיי זוכן, אלץ מער פארפלאָנטערן זיי זיך און אלץ מער ווערט דער קערפער אָפּגע־שוואכט און מסוכנדיקער: אין אזא צייט, קאָנען קליינע אינצידענטן א תל מאכן פון דעם געזונט און אוועקהרגענען גאנצע וועלט־טיילן.

צווישן די פיל נסים וואָס זיינען געשען אין מצרים, דערציילן די יידישע ספרים, איז געווען זייער קענטיק דער נגוף ורפוא — פאר די מצרים איז עס געווען א מכה און פאר די יידן א רפואה... פאר די מצרים חושך און פאר די יידן אור במושבותם, ליכט אין זייערע היימען...

מדינת ישראל איז פאר אירע שכנים א גרויסע מכה אין האלדז.

וואָלטן די אראבישע הערשער געווען פאראינטערעסירט צו הייבן דעם לעבנס־שטייגער פון זייערע מאסן, וואָלטן זיי געדארפט קושן די ערד פון ישראלס גרעניצן. זיי וואָלטן געדארפט לערנען מיט זייערע קינדער ישראלס אידייען און ישראלס לעבנס־שטייגער.

זיי האלטן זיך אָבער ביי זייער אלטער טראדיציע, אז דאָס פאָלק דארף לעבן אין פינצטערניש, גיין באָרוויס אָן היגיענישער און אָן מעדיציני־שער פארזאָרגונג, אָן סאָציאלע געזעצן — שקלאפן אין דער פרימיטיווסטער פאָרם, ממש ווי אין די פארצייטיקע יאָרן.

פאר זיי טויג ניט מדינת ישראל, ווייל זי ווייזט די אראבישע מאסן א מאָדערנעם לעבנס־שטייגער, פרייהייט, דעמאָקראטיע, בעסערע לעבנס־באדינגונגען פאר די אָרימע מאסן און ארבעטער.

נעמט, למשל, די פרוי. אין די אראבישע פרימיטיווע לענדער האָט א פרוי א קנאפע דעה, ניט בלויז אינם לעבן פון דער מדינה, נאָר זי האָט דאָרט אפילו ניט קיין דעה אין איר אייגענעם משפחה קרייז. דער מאן מעג

נעמען צו עטלעכע ווייבער: ער דרייט זיך ארום כמעט פוסט־און־פאס און זיינע פרויען באזאָרגן די גאנצע אָרימע ווירטשאפט... זייערע פנימער דארפן זיין מיט א שלייער פארדעקט צוליב צניעות... און דאָ קומט גאָר מדינת ישראל און וויזט פאר די פערציק מיליאָן „פרומע" אראבער א מאָדערנעם לעבן מיט מאָדערנע (אפשר שוין צופיל מאָדערנע) מלבושים און קליידונג, מיט טענץ און געזאנג, מיט יוניאָנס, וועלכע זיינען גורם אז די ארבעטער דרייען זיך ארום האלבע טעג ליידיק... מיט טעאטערס און קאָנצערטן, מיט פארוויילונגען ווי אין לאָנדאָן און פאריז, ווי אין ניו־יאָרק, און אין בוקארעשט, ווי אין אמסטערדאם און אין בריסל.

דאָס קרענקט די אראבישע רעדל־פירער, דאָס מאכט זיי נערוועיש און ווילד...

ס'איז ניט גענוג וואָס די עגיפּטער האָבן באזייטיקט זייער תכשיט, דעם קעניג פרעה, פאר זיין הוליטייסטווע לעבן אין לוקסוס און אויסגע־לאסנקייט. דאָס איז גוט פאר די קעניגן, פאר די פרינצן און פירער, אָבער דער המון עם דארף מעלקן די ציגן און קעמלען, און די פאריזער שאמפּאניער ווײַנען דארפן טרינקען די פון מחמד געזאלבטע הייליקע הערשער.

מדינת ישראל איז א מכה פאר די אראבער. דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג.

וואָלט אָבער ניט צוגעקומען קיין אנדערע סיבות, וואָלטן סוף־כל־סוף די אלע דיפערענצן זיך מיט דער צייט אויסגעגליכן, ווייל ווי לאנג קאָן מען האלטן די מאסן אין פינצטערניש?

די אראבער וועלכע לעבן אין ישראל זיינען סוף־כל־סוף די זיכערסטע בריק צווישן מדינת ישראל און די אראבישע שכנים. זיי ווען אין משך פון איין תקופה אומדירעקט רעוואָלטירן קעגן זייער אלטן לעבנס שטייגער און אָנשטעקן זייערע ברידער אויף יענער זייט גרעניץ פון ישראל מיטן מאָדערנעם לעבענס שטייגער.

דאָ קומען אָבער די פּאָליטישע סיכסוכים צווישן די גרויסע וועלט־מאכטן, צווישן מזרח און מערב.

די אראבער האָבן סחורה. זיי האָבן אויל, רייז און באוול (קאטן), חנדלט מען זיך צו זיי. סיי מזרח און סיי מערב וויל ארייַנשטעלן א פוס אין די אראבישע לענדער. צי דער פוס איז באשטיוולט מיט גראָבע שטיוול, אָדער מיט „איידעלע" אָקספאָרד שיך, איז דאָ קיין גרויסער אונטערשייד ניט....

ממילא פארקוקן זיי, די גרויס־מאכטן, ווען די אראבער איגנאָרירן, דענער־ווירן און פראָוואָצירן די ישראל גרעניצן און ווילן ניט קיין שלום.

וואָס מיינט א שלום צווישן פעלקער? עס מיינט קודם־כל האנדל־באַציאונגען, פרייע אין, און אויסרייזע פאר דער באפעלקערונג, עפענען די גרעניצן אא״וו.

נו, פרעג איך אייך, צי לוינט זיך עס פאר די „פרומע״ אראבער, אז זייערע שייכן זאָלן מעגן באזוכן תל־אביב, חיפה און ירושלים? לוינט זיך פאר זיי, אז זייער „עמך״ זאָל צוזען דעם מאָדערנעם לעבנס שטייגער פון ישראל?..

ניין, עס לוינט זיך זיי בפירוש ניט!

צוליב וועלט־געראנגל צווישן מזרח און מערב, הערט מען ניט און מען זעט ניט די גרויסע דערגרייכונגען פון דער יונגער זעקס־יאָריקער יידישער מדינה.

די פרייד און שמחה פונם יידישן פאָלק ווערט פארשלונגען און פארטויבט, צעשמאָלצן און צערונען צווישן די פייערן פון מזרח און מערב; די יידישע באגייסטערונג ווערט צעמאָלן צווישן די גרויסע מיל־שטיינער פון דער וועלט־פאָליטיק.

איז דאָס ליידער דער אמת. אָבער יידן זיינען אן אלט פאָלק, א פאָלק פון נסיונות, א פאָלק וואָס טראָגט טיף אין הארצן די אידעאלן פון די נביאים. אזא כּאָלק פאלט ניט פון זיין מוט און ווערט ניט צעטומלט אין צייטן פון קריזיס. פון פייער און וואסער קומט ישראליק לעבעדיק ארויס, זינגען די זינגער, דאָס יידישע ליד.

די פרייד און התלהבות פון „יום העצמאות״ דארף צו עפּעס מחייב זיין, ניט בלויז די יידן אין ישראל דער מדינה, נאָר אלעמען, ממש אלעמען. סיי די רעגירונג סיי דאָס פאָלק און סיי אלע יידן אין די תפוצות — אלע דארפן זיך אָנשליסן צו שטארקן און פארפעסטיקן סיי די טעריטאָריעלע גרעניצן און סיי די גייסטיקע גרעניצן פון ישראל סבא. דאן האָט ג־ט מבטיח געווען אז עס וועט ניט זיין קיין מורא און קיין פחד פאר די שכנים —

וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך ויראו ממך (דברים, כ״ח י׳)

„ווען אלע פעלקער וועלן דערזען, אז ג־טס נאָמען אינספּירירט דיך צו דיין קאמף, וועלן זיי אלע פאר דיר מורא האָבן״...

פון יאָר צו יאָר וועט ישראל געשטארקט ווערן גייסטיק, פּאָליטיש, עקאָנאָמיש, מיט כבוד און רום צווישן אלע פעלקער אויף דער ערד...

(תשי״ד)

מו

# זיבן יאָר מדינת ישראל

זיבן יאָר ראנגלט זיך מדינת ישראל מיט פארשיידענע כוחות, וועלכע ווילן שעדיקן איר עקזיסטענץ און אָפּשוואכן איר קיום. אויף פארשיידינע פראָנטן קעמפט די יונגע מדינה מיט איין מאָל. דאָס איז באמת אן ערנסטער קאמף, אָבער ישראל איז מוטיק און שטאָלץ, זיכער און פול מיט בטחון און אמונה אז דער שומר ישראל שלאָפט ניט און דרימלט ניט, נאָר וואכט איבער זיין פאָלק און איבער זיין לאנד ישראל. ווער זיינען דאָס די פינצטערע כוחות, וואָס קעמפן קעגן ישראל?

זיי זיינען ניט „מעור אחד״, ניט פון דעם זעלבן שניט און כאראקטער. זיי האָבן פארשיידענע קוואלן און צו איטלעכן פינצטערן צעשטערונג־כוח דארף מען האָבן באזונדערע כלי־זין, וואפן וועלכע זיינען צוגעפּאסט צו איין שונא, טויגן ניט פאר א צווייטן, ווייל עס זיינען פארשיידענע פראָנטן, אויף וועלכע ישראל מוז זיין גרייט צוריקצושלאָגן דעם אָדער יענעם שונא. און אומשעדלעך מאכן די געפארן וואָס לויערן אויף זיין יונג לעבן און עקזיסטענץ.

היינט צו טאָג, ערב דעם זיבטן יום העצמאות, איז דער פּאָליטישער קעגנער דער שטארקסטער.

דער ביטערער געראנגל צווישן מזרח און מערב, צעטומלט ניט ווייניק די געמיטער פון ישראל. יעדערער פון די אויבנדערמאָנטע צדדים איז גרייט צו פארזעצן טאטע־מאמע און איינשטעלן דעם וועלט־שלום, אינם קאָן פון פּאָליטישער געמבלעריי, פון פינצטערער יאָגעניש נאָך מאכט איינפלוס כבוד און רום.

מען באוואָפנט נעבטיקע, בלוטיקע שונאים; מען שטעלט צוריק אויף זייערע פיס פינצטערע כוחות וועלכע האָבן חרוב געמאכט מדינות, געשחטן און פארטיליקט מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן נאָר דערפאר, ווייל זיי געהערן צו אן אנדער ראסע.

דער רוסישער בער האָט אָנגעוואָרפן מורא, פחד, שרעק און אנגסט. זוכט מען זיך צוחנפענען צו פארשיידענע שלעק און פורעניותן. עס דוכט זיך זיי אז אָט־אָט טרינקען זיי זיך. כאַפּט מען זיך אָן אָן א שטרוי, מען וויל זיך כלומרשט ראַטעווען, און מען טראַכט ניט, אז מען שטעלט אין געפאר אנדערע.

גיט נאָר א קוק ווי מען חנפעט זיך צו די קליינע, שוואכע, כמעט אומבאַדייטנדיקע אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער ארענע אראבישע לענדער?

מילא, כ׳בין זיי שוין מוחל די ממתקים, די פעטע מיליאָנען וואָס פליסן דורך די אויל רערן צו יענע מקומות. ס׳איז אָבער הימל־שרייענדיקע עוולות פאר די וואָפן און כלי זיין, פאר די אָפיצערן און גענעראַלן, און דער עיקר פאר זייערע גוטע עצות און פאר דער דערמוטיקונג וואָס מען גיט זיי. אַ׳ן דאָס איז דירעקט גורם די אלע אינצידענטן וואָס קומען פאָר כמעט ביי אלע ישראלדיקע גרעניצן. מען זוכט א וועג, א געלעגנהייט ווי אזוי צו פּראָוואצירן, ווייל היינט איז זייער צייט. אם לא עכשיו אימתי? ווער וועט זיי אצינד שטערן?

אדרבה מען חנפלט זיך צו זיי, מען וויל פון די אראבישע מדבר־זאמדן אויפבויען א דיקע שוץ־וואנט קעגן דעם רויטן שונא.

און די אראבער? וואָס איר ווילט זאָגן קעגן זיי, זאָגט. כיטרע זיינען זיי שוין איינמאָל... זיי קאָנען זיך אויף פּאָליטישע קאָניוקטורן.

גיב זיי דעם נגב, עפנט פאר די אראבישע פליטים די טויערן פון ישראל, און ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג אז דער אפּעטיט קומט מיטן עסן. זיי וועלן פאָדערן אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים — און דאָס אלץ פארן פּרייז אז זיי זאָלן זיך חברן מיטן מערב... זיי זאָלן זיך אנטקעגן שטעלן דער רוסישער געפאר...

דאָס איז א געפערלעך שפיל אפילו פאר אלטגעזעסענע, גוט איינגעוואָרצלטע מדינות און פעלקער, על אחת כמה וכמה פאר אזא יונגער מדינה ווי מדינת ישראל!

די ציוויליזירטע פעלקער האָבן פּה אחד אנערקענט אז פרויען און שקלאפן־הענדלעריי איז אוממאָראַליש, פארבאָטן. אָבער פעלקער און מדינות הענדלעריי איז אלץ נאָך מותר. דער פּאָליטישער גערא‌נגל איז נומער איינס.

אצינד קומט דער עקאָנאָמישער געראנגל, דער מאנגל אין פרעמדער וואליוטע, אין אויסלענדישן קאפּיטאַל, אין אָפּזאַץ מערק פאר ישראלדיק סחורות און האנדלס באַציונגען מיט אויסלאנד. כאָטש די אלע געראנגלענישן

אויפן געביט פון עקאָנאָמיק זיינען ניט פארבונדן מיט סכנת נפשות דאָך זיינען זיי געפערלעך ווען זיי קומען בבת אחת, צוזאמען און גלייכצייטיק מיט אנדערע צרות.

פאראן פארשיידענע מחלות וואָס זיינען ניט געפערלעך ווען זיי קומען באזונדער. אָבער זיי טוען שאָדן ווען זיי קומען צוזאמען.

ארץ־ישראל איז א לאנד פון זבת חלב ודבש, עס פליסט מילך און האָניק. איז עס אמת שוין דערפאר ווייל עס שטייט אזוי אין דער הייליקער תורה.

אָבער פארגעסט ניט, ווען מ׳מעלקט מילך און מ׳וויסט ניט ווען אויפצוהערן, דאן גיסט זיך בלוט פון די דדים... און האָניק ווען מען זאמלט אים, ווערט מען זייער אָפט צעשטאָכען פון די בינען...

וואָלט ישראל ניט געהאט קיין אנדערע דאגות ווי די עקאָנאָמישע, וואָלט זי זיך שנעל ארויסגעפּלאָנטערט פונם געווירבל, און זיך שנעל געשטעלט אויף אירע פיס. אָבער ווען פון איטלעכן ישראל פונט דארף א גרויסער (אויב ניט דער גרעסטער) טייל פארנוצט ווערן פאר פארטיידיקונג, פאר אויסשטאטן א לעבעדיקע שטארקע ארמיי זי זאָל שטיין גרייט לעת מצוא, און א חוץ מעות מזומן דארפן די פעיקסטע און בראווסטע יונגעלייט מאָבי־ליזירט ווערן צו טראָגן הויך די פאָן פון פארזיכערן די גרעניצן פונם לאנד, וואָס איז דער וואונדער וואָס די לאגע דאָרטן איז ניט אזוי ווי עס באדארף צו זיין?..

אויב די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאגע וואָס באשווערט דעם צעוואקסן זיך פון ישראל, איז פאר אייך וויניק, קאָן איך אייך אָנווייזן נאָך א שטיקל מחלה. כאָטש אליין פאר זיך איז זי ניט קיין מסוכנדיקע, אָבער ווי אויבנדערמאָנט, בשכנות און צוזאמען מיט אנדערע מחלות, איז זי אויך נישקשה פון א קרענק.

און דאָס איז די אינערלעכע צעשפּליטערטקייט און צעפּיצלטקייט...

דער בארימטער עפּאָכע ־ מאכנדיקער גרויסער דערפינדער, טאָמאס עדיסאָן, איז אמאָל געשטאנען ביים ברעג פון אטלאנטישן אָקעאן און זיך פארטראכט זעענדיק ווי די ים־כוואליעס שטורמען און ברויזן, ווארפן זיך אין אומרו מיט קראפט און גוואלדיקער ענערגיע, זאָל ער האָבן אויסגערופן: וויפל נוצן וואָלט די מענטשהייט געקאָנט האָבן פון דער גוואלדיקער ענערגיע,

וועלכע גייט אָט־דאָ לאיבוד... וואו געפינט מען א וועג צו קאָנען צוימען און אויסנוצן די גוואלדיקע מאכט און ענערגיע פונם ים?

זייענדיק לעצטן זומער אין ישראל און לייענענדיק די פארשיידענע טעגלעכע און פעריאָדישע ישראלדיקע העברעישע צייטונגען וואָס קומען צו מיר אין ווינּיפעג, באטראכט איך אויך די גוואלדיקע ענערגיע וואָס פארטייען און ריכטונגען, גרופּן און גרופּקעלעך, נוצן אויס פאר ניט פּראָדוקטיווע צוועקן. וויפל נוצן וואָלט מדינת ישראל געקאָנט האָבן פון יענער ענערגיע?

רבונו של עולם, וואו געפינט מען א וועג צו קאָנען צוימען און קאָנצענטרירן די אלע כוחות און ענערגיע וואָס גייען לאיבוד?

און טראָץ דעם אלעמען, זעט דעם גרויסן וואונדער: אינגאנצן זיבן יאָר ווי מדינת ישראל איז געבוירן געוואָרן, און טראָץ אלע צרות און ליידן, טראָץ אלע פינצטערע כוחות, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אינערלעכע היימיש־יידישע צרות, טראָץ דעם אלעמען איז — עם ישראל חי! מען לעבט, מען איז זיכער, מען פאלט דאָרטן ניט פון מוט. אדרבה, מען איז שטאָלץ און דערהויבן, זיכער און פול מיט בטחון.

להכעיס אלע שונאים, אויף צעפּיקעניש אלע קעגנער ווערט ישראל פון יאָר צו יאָר שטארקער און פעסטער, גרעסער און רייכער!

דאָס וואָס אנדערע פעלקער האָבן געשאפן און געבויט אין משך פון הונדערטער יאָר, האָט ישראל געשאפן אין משך פון זיבן יאָר.

זענען דאָס די ניכטערע, קלוגע, איידעלע פעלקער? פארטראכטן זיי זיך ניט א ווײַלע און פרעגן זיך זעלבסט: ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין, אז אין משך פון איין שמיטה יאָרן זאָל א פאָלק זיך אזוי קאָנען דערהויבן, צעוואקסן, פאנאנדערבליען און שטארקן!

זענען זיי דען ניט, אז הינטער די אלע געשעענישן באהאלט זיך ג־טס מעכטיקע קראפט און מעכטיקער כוח?

צוזאמען מיט אונדזערע ברידער און שוועסטער אין ישראל און אין אלע תפוצות, אויף אלע קאָנטינענטן, פייערן מיר בציבור דעם גרויסן פייערלעכן טאָג פון יום־העצמאות.

אונדזערע אויגן זיינען געווענדערט צום הימל מיט א שטילער, רירנ־דיקער תפלה:

שומר ישראל! שמור שארית ישראל וארץ ישראל!..

(תשט"ו)

מז

# אכט יאָר מדינת ישראל

מיט אכט יאָר צוריק, ווען די פאראייניקטע פעלקער האָבן אנערקענט א טייל פונם אלטן היסטאָרישן ארץ־ישראל אלס א יידישע מדינה, זיינען מיר צוזאמען מיט אלע קלאָר־דענקענדע מענטשן געווען זיכער, אז אלץ וועט גיין כשורה, אָן שטרויכלונגען, אָן מכשולים אָן באזונדערע זאָרג פאר די אזוי אויך שוין בעוולהטע גרעניצן. ישראל איז גערופן געוואָרן צום לעבן, וועט זי זיך, לאנגזאם אָבער זיכער אנטוויקלען אויף אלע געביטן אויף וועלכע א מאָדערנע מדינה איז געבויט און פארפעסטיקט.

מיר זיינען געווען שטאָלץ, און עס האָט אונדז א הנאה געטאָן וואָס ניט בלויז איין פּאָליטישע וועלט ריכטונג האָט אונדז אנערקענט, נאָר טאקע ביידע, סיי מזרח און סיי מערב האָבן זיך געאיילט עפנטלעך צו אנערקענען די יידישע מדינה...

כאָטש די אראבישע שכנים האָבן זיך דאן — מיט אכט יאָר צוריק — ניט געאיילט צו אנערקענען מדינת ישראל. עס איז זיי ניט אָנגעשטאנען צו האָבן ישראל אלס שכן, האָבן מיר זיך פון זייער ברוגז ניט גענומען צום הארצן: קנאה, שנאה פון אָפּגעשטאנענע אזיאטישע ניט אָרגאניזירטע פעלקער האָט פאר אונדז ניט פיל געמיינט. דער עיקר „די וועלט" איז מיט אונדז, די גרויס־מאכטן: רוסלאנד, אמעריקע, ענגלאנד און פראנקרייך, און כמעט אלע מיטגלידער פון דער יו־ען האָבן דאָך געשטימט פאר אונדז. וואָס־זשע איז דאָ וואָס מורא צו האָבן?

ווער עמען זאָל עס איינפאלן צו גלויבן אז די זעלבע פעלקער, וועלכע האָבן אנערקענט מדינת ישראל, זאָלן אצינד נאָך אכט יאָר, דירעקט צי אומדירעקט גורם זיין אזא העצע, אזא שנאה און אזא אויפגעבלאָזענעם האס פון די אראבער צו דער יידישער מדינה?

ווען די לופט שמעקט מיט מלחמה, דארף מען זיך צוהערן צו די רייד פון סטראטעגיקער, פון קריגס־העלדן, ווייל זיי זיינען דאָך ספעציאליסטן און מבינים, פאכמענער און געוואגטע איינשטעלער.

ווילן מיר הערן די רייד פון א באקאנטן פעלדמארשאל, פון א בארימטן גענעראל, אָבער ניט פון פעלדמארשאל מאָנטגאָמערי און ניט פון מארשאל זשוקאָוו, ניט פון גלאָב פּאשא, דעם פוקס פון עבר הירדן, און אפילו ניט

פון גענעראל יגאל יאדין פון ישראל, נאָר דווקא פון דוד מלך ישראל, וועלכער איז געווען א חוץ דער מלך פון א גרויס ארץ־ישראל, — ארייננגערעכנט סיריע און עבר הירדן, — אויך א קריגס־העלד, א געוואגטער גבור פון זיין פריסטער יוגנט אָן, אָט אָ דער אומשטערבלעכער קעניג און העלד, זינגט אינם הונדערט פיר און פערציקסטן קאַפּיטל תהלים:

לדוד, ברוך ה׳ צורי המלמד ידי לקרב אצבעותי למלחמה

„געלויבט איז ג־ט מיין שטארקער פעלדז, וועלכער לערנט מיינע הענט צו פירן קריג און מיינע פינגער צו מלחמה״.

ברוק ברק ותפיצם, שלח חציך ותהמם.

„שיק א בליץ און צעשפרייט זיי, שיק דיינע פיילן און פארטומל זיי״...

שלח ידך ממרום פצני והצילני ממים רבים מיד בני נכר

„שטרעק אויס דיינע הענט פון דער הויך, נעם מיך ארויס און זיי מיך מציל פון די שטורמדיקע גרויסע וואסערן פון די הענט פון די פרעמדע:

אשר פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר

„וואָס זייער מויל רעדט פאלשקייטן און זייער רעכטע האנט איז שקר״...

וואו זיינען אצינד די גרויסמאכטן וועלכע האָבן אנערקענט און פאר־זיכערט מדינת ישראל?

פארוואָס שטעלן זיי ניט אָפּ און פאראליזירן ניט די גרויסע אפעטיטן פון די אראבישע לענדער?

זייער לאנגזאמע און ניט גענוג ווירקזאמע שריט זיינען ניט גענוג אָפּצושטעלן דעם וואפן־געיעג און דעם פארמעסט פון די אראבישע שכנים אָפּצואווישן חלילה מדינת ישראל.

לאָמיר זאָגן, — און אין דעם בין איך אויך זיכער — אז קיין ריכטיקע מלחמה וועט ניט אויסברעכן צווישן ישראל און אירע שכנים. אָבער דער נערוון־קריג, די אָנגעשטרענקטע געשפאנטע שטימונג וועלכע ציט אָפּ אלע כוחות פון דער שעפערישער יונגער יידישער מדינה צו איין פונקט — „מלחמה צוגרייטונג״, די קאָלאָסאלע חובות און גרויסע בודזשטן, דאָס מענטשן מאטעריאל און דאָס ארייננווארפן „די וועלט״ אין א מלחמה פאניק, קאָנען די גרויסמאכטן דאָס אלץ ניט אָפּשטעלן?

אזוי האָט געזונגען דער מלך פון ישראל, דוד מלכא משיחא:

„שטרעק אויס — ג־ט — דיין האנט און זיי מיך מציל פון די הענט פון פרעמדע, וואָס זייער מויל רעד פאלשקייט און אפילו זייער רעכטע האנט איז שקר"...

## מח

דער הויפט ראבינאט רופט

פון ירושלים עיר הקודש, האָבן אלע אנערקענטע רבנים אין דער גאנצער וועלט דערהאלטן א טיף־רירנדיקן אפיל פונם הויפט ראבינאט, אונטערגעשריבן פון הרב יצחק אייזיק הלוי הרצוג און פון הרב יצחק נסים. די הויפט רבנים פון ישראל, און אזוי רופן זיי צו אלע יידן אין דער וועלט:

אחינו בני ישראל אין אלע גלות לענדער, הערט זיך צו צו אונדז, ווענט זיך אויך ג־ט צו אייך צוהערן.

ס'איז א שעת חירום, א שטורעמדיקע סכנותפולע צייט פאר מדינת ישראל, אונדזער פארזיכערונגס־פּאַרט און פעסטונג פון אונדזער קיום, אָט די ערנסטע שעה רופט צו אייך יידן אין דער גאנצער וועלט, פאראייניקט אייך און זייט נשמהדיקע שותפים אין אזא עת צרה פונם גאנצן פאָלק.

פונם העכסטן רעליגיעזן מוסד אין ישראל האָבן מיר באשטימט דעם טאָג זונטיק, ד' אייר תשט"ז (אפריל 15)) אלס טאָג פון תשובה און תפלה פאר מדינת ישראל און פאר דעם גאנצן יידנטום.

אין דעם טאָג, די יאָרצייט פון די מלחמה און באפרייאונגס געפאלענע, זאָל דאָס גאנצע פאָלק זיך פארזאמלען צו תשובה און תפלה, צו רופן צו ג־ט ער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיין פאָלק, און פון דער צרה זאָל ער אונדז אויסלייזן מיט א הילף פאר ישראל.

יעדער רב אָדער גבאי אין זיין קהלה זאָל פארשטיין זיין פליכט און זאָל וויסן זיין אויפגאבע אין אזא ערנסטער שעה.

און מיר זיינען מתפלל אז ג־ט זאָל צוהערן דאָס געבעט פון רבים און זאָל אונדז ברענגען א ישועה ורחמים...

דער הויפט ראבינאט פון מדינת ישראל צייכנט אויך אָן דעם סדר היום פון דער פאָלקס און מאסן צוזאמענקום:

נאָך מנחה דאוונען, אבינו מלכנו שלוש עשרה מידות, תחנון, יהי רצון

מלפני אבינו שבשמים אחינו כל בית ישראל, פסוק בפסוק תהלים כ׳, מ״ה, מלכנו אבינו שבשמים אחינו כל בית ישראל, פסוק בפסוק תהלים כ׳, מ״ה, פ״ג, תפלה לשלום המדינה און דרשות פון רבנים.

פיר טעג אין חודש אייר, איין טאָג פארן יום העצמאות, דארפן זיך אלע יידן אין דער וועלט פארזאמלען אין די שולן תפלה צו טאָן פארן שלום פון מדינת ישראל.

דאָס איז אן אלטער סטראטעגישער יידישער צוג, אין אן עת צרה צו פארזאמלען דאָס פאָלק און תפלה טאָן.

אזא תפלה־דעמאָנסטראציע אין אלע קהלות אויף דער וועלט, וועט זיין ווירקזאם ניט בלויז כלפי פנים, נאָר אויך כלפי חוץ. זאָלן די פעלקער זען אז מיר פארלאָזן זיך ניט בלויז אויף זיי, זאָלן זיי וויסן וואָס פאר אַ מיינונג מיר האָבן וועגן זייער חסד און פארשטענדעניש.

מט

נצח ישראל לא ישקר

נאָך אכט יאָר מדינת ישראל שטייען מיר ווייטער פנים־אל־פנים פאר א גרויסער סכנה.

די צערייצטע מזרח און מערב פאָליטיק, דאָס געיאָגעניש נאָך בייע ספערן פון איינפלוס, זיינען עס די אמתע סיבות פון דער מלחמה שטימונג אין ישראל.

די אראבישע מדינות געפינען זיך אין א „גליקלעכער" לאגע, זיי ווערן געשמייכלט פון לינקס און פון רעכטס, און ביי פעלקער מיינט געשמייכלט צו ווערן ניט בלויז א ביליקער קאָמפלימענט פון וועמען נאראָנים ווערן נתפעל און גלויבן אין אים...

ביי פעלקער מיינט „געשמייכלט" צו ווערן מיליאָנען דאָלארן, וואפן און הבטחות, וואפן אויף אן אמת, און מיליאָנען ניט בלויז „שווה כסף", נאָר מעות מזומן.

וואָס־זשע איז דאָ דער בייזער וואונדער וואָס די צעבאלעוועטע אראבישע לענדער פאָכען מיט זייערע שווערדן?

און דערוויל, ביז יענער מזרח און מערב קאָנפליקט וועט געשליכטעט ווערען, דערוויל ציטערט דאָס שעפעלע ישראל „שה פזורה ישראל".

אינם גרויסן תפלה־טאָג וועלן אונדזערע אלעמענס הערצער זיין געווענדעט צו ג־ט מיט דער אלטער און אייביק נייער תפילה:

צור ישראל קומה בעזרת ישראל!

(תשט״ז)

ג

# ניין יאָר מדינת ישראל

אלע וויסן מיר די נעמען פון אונדזערע הייליקע אָבות: אברהם, יצחק און יעקב.

ווען יעקב האָט זיך געראנגלט מיטן שר של עשיו און האָט אים באזיגט האָט ג־ט געענדערט זיין נאָמען: מען זאָל דיך ניט מער רופן יעקב נאָר ישראל.

כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל (בראשית, ל״ב, כ״ט).

ווייל דו האָסט זיך געראנגלט מיט א געטלעכן שליח, מיט א מלאך, און מיט שטארקערע ווי דו ביסט, מיטן עשיו און מיט לבנען, און דו האָסט זיי באזיגט, דעריבער פּאסט דיר ניט דער נאָמען יעקב, וועלכער מיינט, בידעריק ווי דער פוס־זויל (עקב), נאָר ישראל זאָל מען דיך רופן, ווייל ישראל מיינט שררה, הערשאפט, ישר אל, הערשן מיט געטלעכן כוח און הייליקער קראפט.

דעריבער רופט מען סתם יעקבס קינדער בני ישראל, עם ישראל און דאָס יידישע לאנד ארץ־ישראל.

ר׳ יצחק וואָרקער ז״ל, האָט אמאָל צוגערופן זיין חסיד ר׳ בנימין דוד, ווארשעווער דיין, און אים געפרעגט: פארוואָס רופט מען אונדזער הייליק לאנד ארץ־ישראל, אויף יעקבס נאָמען? פארוואָס ניט ארץ אברהם, ארץ־יצחק?

האָט ר׳ בנימין דוד, דער ווארשעווער דיין, אזוי געענטפערט זיין רבין: ווען מען וואָלט גערופן אונדזער לאנד ארץ־אברהם, וואָלטן די בני ישמעאל, די אראבער אויך געהאט א חלק אינם הייליקן לאנד, ווייל ישמעאל איז דאָך געווען אברהמס א זון; וואָלט מען גערופן אונדזער לאנד ארץ־יצחק, וואָלטן די קינדער פון עשיו׳ן אויך געהאט א חלק אינם לאנד, עשיו איז

דאָך געווען יצחקס זון. מען רופט אונדזער לאַנד ארץ־ישראל, ווייל נאָר יידן האָבן א חלק אינם הייליקן לאַנד און ניט די בני ישמעאל, און ניט די בני עשיו...

נא

# וואָס איז פּאָליטיק

מען האָט אַמאָל געפרעגט א פילאָזאָפישן מענטשן ער זאָל דערקלערן, וואָס פאַר א מין באַשעפעניש איז פּאָליטיק. האָט ער געבעטן דריי טעג און דריי נעכט צייט ער זאָל זיך קאָנען פאַרטראַכטן און באַקענען מיט דער דאָזיקער בריה, דערנאָך וועט ער געבן א תשובה.

נאָך דריי טעג און דריי נעכט טראַכטן־ האָט ער געלאָזט וויסן זיין מיינונג און ער האָט צו זיינע תלמידים אַזוי געזאָגט: שקר און חניפה האָבן זיך משדך געווען. זיי האָבן געפּראַוועט א גרויסאַרטיקע חתונה און צום גרויסן אומגליק פון דער וועלט איז פון זיי געבוירן געוואָרן א קינד מיטן נאָמען פּאָליטיק...

מיט ניין יאָר צוריק האָבן אַלע — כמעט אַלע — פעלקער אַנערקענט מדינת ישראל. רוסלאַנד און אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך, און אַלע ציוויליזירטע פעלקער א חוץ די אַראַבישע און נאָך עטלעכע אַזיאַטישע לענדער. זיי האָבן גאַראַנטירט די גרעניצן פונם יידישן לאַנד. אַלץ איז געווען אין דער בעסטער אָרדענונג.

ישראל האָט אין משך פון די ניין יאָר באַוויזן גאָר גרויסע זאַכן אויף אַלע געביטן פון מדינה לעבן: אויסגעשולט אן אַרמיי, אויפגעבויט אן אינדוסטריע, קולטואווירט גרויסע און ווילדע מדבר שטחים, פאַרשפּרייט א נעץ פון שול־וועזן, עקאָנאָמיש און פינאַנציעל זיך גוט אַנטוויקלט. דאָס וואָס אַנדערע לענדער, רייכערע און עלטערע, האָבן געאַרבעט הונדערטער יאָרן צו דערגרייכן, האָט ישראל מיט דער געטלעכער הילף באַוויזן אין קוים ניין יאָר. און ווען ניט די מלחמה און רויבגייציקע אַראַבישע שכנים, וואָלט מדינת ישראל היינט געבליט און זי וואָלט געווען א מוסטער, ניט בלויז צווישן אָפּגעשטאַנענע פעלקער, נאָר זי וואָלט אפילו געווען א מוסטער צווישן אַלטע, אייראָפּעישע לענדער.

די מזרח און מערב פּאָליטיק האָט אַריינגעוואָרפן ישראל אין א פּאַניק,

אין א כסדרדיקן קריג־צושטאנד. אלע ישראל פירערס געדאנקען זיינען קאָנצענטרירט ביי די גרעניצן פון לאנד. מען האָט מורא, מען ציטערט, אז מערדער־באנדעס זאָלן ווידער אמאָל ניט באפאלן יידישע גרעניץ־פונקטן.

סיי מזרח און סיי מערב האָבן אָנגעשיט די קעשענעס פון די אראבער מיט שווערע מיליאָנען און מיט די מאָדערנסטע קריג־וואָפן. מען הנדלט זיך צו זיי, מען קעכלט זיי און מען זוכט זייער פריינדשאפט. מזרח וויל איבעריאָגן מערב און מערב זוכט איבערצויאָגן מזרח...

מען זאָגט שקרים און מען חנפעט אויף וואָס די וועלט שטייט.

דאָס טוען ניט יחידים. זיי וואָלט מען געשטעמפלט אלס ליגנער און נידעריקע באשעפענישן...

פעלקער מעגן, זיי מעגן זאָגן שקר און זיי מעגן חנפענען; זיי מעגן העצען צו מלחמה און אומברענגען אומשולדיקע מיליאָנען: זיי מעגן פאר־קריפלען די וועלט — אלץ מעגן זיי.

און ווען א זון אָדער א טאָכטער פון אזא פאָליטישן פרעגן זייער פאָטער צווישן פיר אויגן: היתכן?

א יחיד טאָר אפילו ניט אויסהאקן ביי זיין שכן א פענצטער, אָדער אונטערהאקן א בוים, און פעלקער שכנים מעגן פארביטערן און הרגענען, מאָרדן און רויבן?..

ענטפערט ער: ס'איז פיקוח נפש, און פיקוח נפש איז דוחה שבת...

מיר טוען דאָס אלץ כדי צו פארמיידן א דריטע וועלט־מלחמה...

מערב איז זיכער אז ווען רוסלאנד געלינגט ארייננצושטעקן א פוס אינם מיטעלן מזרח, צעפלאקערט זיך א וועלט־מלחמה...

און מזרח איז אויך זיכער אז ווען דער מיטעלער מזרח וועט חלילה באהערשט ווערן פון די קאפיטאליסטישע מערב לענדער, דאן ווערט פון דער וועלט א בר־מנן, א מת־מצוה, און ס'וועט ניט זיין ווען עס זאָל זי מקבר זיין און טאָן איר רעכטס...

## נב

# ישראלס געוואגטקייט

ישראל האָט מוט, ישראל האָט כוח. א געהיימער געטלעכער כוח באהערשט אלע איינוואוינער פון דער יידישער מדינה.

סיי די ארמיי און סיי די ציווילע באפעלקערונג, סיי די זקנים און סיי די יוגנטלעכע, סיי די רעליגיעזע מאסן און סיי די אויפגעקלערטע, מאָדערנע מענטשן — אלע ווי איינער זיינען גרייט צו פארטיידיקן זייער לאנד.

ישראל האָט געוואגט צו פארנעמען דעם עזה־פאס. ישראלס ארמיי האָט אריינגעמארשירט אין מדבר־סיני, ניט בלויז די אראבישע לענדער האָבן געשטוינט און געציטערט, נאָר די גאנצע וועלט איז געשטאַנען מיט אַ פארכאפטן אָטעם און ניט געקאָנט דערקלערן ישראלס געוואגטקייט!

אפילו די פירער פון די פאראייניקטע פעלקער מיט אמעריקע בראש האָבן זיך דערשראָקן...

די אויל־מאגנאטן אין אמעריקע האָבן, ווייזט אויס, מורא געהאט אריינצופאלן אין ישראלס הענט...

אמעריקע האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אז ישראל זאָל זיך צוריקציען פון יענע פארכאפטע מקומות. זי האָט געסטראשעט מיט סאנקציעס.

אמריקע האָט איינגעהאלטן מיליאָנען דאָלארדיקע הלוואות און סתם שטיצע: זי האָט ניט דערלויבט אמעריקאנער יידן צו באזוכן מדינת־ישראל טאָמער וועט אימעצער אריינווארפן עטלעכע פרוטות אין דער ר׳ מאיר בעל הנס פושקע...

זי האָט צוגעדריקט צו דער וואנט, און ישראל האָט געגלויבט און זיך צוריקגעצויגן.

איטלעכער בר־דעת האָט פארשטאנען ישראלס לאגע, אז אנדערש האָט ישראל ניט געקאָנט טאָן.

שפעטער ערשט האָט זיך ארויסגעשטעלט די קאָמישע לאגע, אז סיי אמעריקע און סיי די יו־ען האָבן צוגעזאָגט און מבטיח געווען אָן דער הסכמה פון די אראבישע מדינות, אזוי לאנג ווי די ישראל ארמיי איז געשטאַנען אין מדבר־סיני און אין עזה־פאס, האָט באסער געשוויגן און דער קעניג סאוד פון סאודי אראביע האָט געזופט טערקישע קאָפע... האָט זיך אָבער ישראל צוריקגעצויגן פון עזה און פון שארם־על־שייך, האָבן זיי ביידער באקומען לשון און זיי שפריצן מיט גיפט און מיט שנאה פונקט ווי פריער...

נג

# ישראלס רייפקייט

ישראל איז אין משך פון די ניין יאָר געוואָרן א חוץ שטארקער און געוואגטער, אויך רייפער. ס'איז איר שווער אצינד אָפּצונארן...

ווער עס גלויבט אז יענער מיטל־מזרח ווינקל איז נאָר א שטרייט־פונקט צווישן ישראל און די אראבישע שכנים אליין, דער זאָל מיר מוחל זיין ווען איך וועל אים אָנרופן טיפש.

ישראל אליין וואָלט זיך אן עצה געגעבן מיט אזעלכע קריג־העלדן ווי עס זיינען נאסערס און קינג הוסיינס ארמייען. די צרה איז — ווער עס שטייט הינטער די אראבער:

א טייל ווערן געשטיצט פון מזרח מיט כל־ערליי וואָפן, און א טייל אראבישע לענדער ווערן געשטיצט פון די מערב מאכטן מיט מעות מזומן...

דער טומל אין דער קליינער, אָרעמער ירדן־מלוכה באווייזט עס אונדז קלאָר. זאָלן זיי דאָרט שלאָגן קאָפּ אָן וואנט...

וועט אָבער דאָרטן אויסברעכן א שטיקל קאָנפליקט, און אפילו נאָר א קליין מלחמהלע — איראק און סיריע זאָלן זיך וועלן צעטיילן מיט יענעס לענדל — דאן זאָג איך אייך נביאות, אז ישראל וועט ארייננמארשירן קיין אלט ירושלים, קיין חברון און קיין בית לחם, און צוריקנעמען דאָס וואָס איז אונדזערס...

ווער קאָן וויסן די וועגן פון דער השגחה העליונה? אפשר פירט מען דאָרטן אזוי, אז די אראבער אליין זאָלן זיך צוערשט צעקריגן, און דאן?..

און דאן וועלן יידן זיך ארומכאפן מיט דער כותל המערבי, צוקומען צים הדסה שפיטאָל און גיין צו קבר אָבות קיין חברון און אויפן הר הזיתים...

ניין יאָר מדינת ישראל האָט אונדז באוויזן אז ישראל איז שטארק, געוואגט און רייף. אונדזער תפלה איז:

צור ישראל, קומה בעזרת ישראל!

(יום העצמאות, תשי"ז)



story day in and day out, the same worries and harrassing anxieties — Egypt and her water crises.

After such crises there is renewed a stronger and more mighty song in all major tonalities: Az Yashir!:

"I will sing unto the L-rd, for He is highly exalted;
The horse and the rider hath He thrown into the sea."

# לוח התיקון

| זייט | שורה | דארף זיין |
|---|---|---|
| 31 | 19 | קלוג, ניט קלוב |
| 36 | 2 | צעזינגען, ניט צעזונגען |
| 36 | 9 | געזינגען |
| 38 | 12 | צווייג־מעסער |
| 52 | 30 | אין יאָר תש״י |
| 52 | 31 | גרויסע שאָדענס |
| 57 | 24 | בלויזן, ניט מלויזן |
| 86 | 17 | ווען אַ פרעמדער |
| 174 | 17 | יידישן דת |
| 175 | 3 | פיזישער אָנגריף |
| 175 | 11 | זיי אָפּווישן |
| 177 | 6 | מטמא געווען |
| 198 | 14 | גאָלע קדושה |
| 232 | 29 | געפאָרן קיין מצרים |
| 241 | 27 | גבירים |
| 253 | 6 | איינקויפער |
| 255 | 27 | ראָטנבערג |
| 257 | 10 | האָט געזאָגט |
| 259 | 7 | אַריינלאָזן |
| 263 | 8 | זמן החופה |
| 263 | 13 | און להבדיל גויים האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די פּלויטן |
| 263 | 32 | בעטל, ניט מעטל |
| 278 | 25 | בעל שם |
| 279 | 7 | מיטגעזינגען |
| 279 | 10 | געזינגען |
| 294 | 31 | וואָלט זיך געהויבן |
| 295 | 8 | זיי האָבן געוואוסט אַז ר׳ משה חלפן זוכט פאַר זיין טאָכטער אַ כלי מפואָר וועלכע זאָל פאַרשיינען די וועלט. |
| 300 | 6 | נאָכדעם ווי דער חתן |
| 308 | 25 | ר׳ יעקב יצחק ראַבינאָוויטש |
| 311 | 31 | אַז דעם בעל לשון הרע |
| 312 | 20 | ר׳ איטשע מאיר האָט אַ מאָל |
| 313 | 13 | זאָל האָבן אַ מאָל |
| 314 | 5 | מיטן חרם |
| 318 | 3 | פאַרן אויבערשטענס וועגן |
| 319 | 22 | איבערגעגעבענעם |
| 320 | 3 | זיי זאָגן תשובה טאָן |
| 338 | 13 | אַז ער האָט ניט |
| 353 | 27 | האָט ער זיך צעוויינט |
| 363 | 11 | דיאַנאַסטיע |
| 371 | 6 | אַז אַ מענטש |
| 379 | 1 | פון זיין זון דוד׳ל |
| 382 | 1 | אויך דאָרטן |
| 385 | 10 | וואַרשעווערס |
| 397 | 12 | ערשט |
| 417 | 9 | יוצא צו זיין |
| 443 | 2 | מלכים, ניט קעניגער |
| 443 | 30 | געשלאָסן |
| 461 | 30 | דאַווענען |
| 469 | 7 | צו די |
| 472 | 20 | דעם עניין מים אחרונים: |
| 474 | 6 | מיט אַ פּאַטריאַכאַלישן |
| 490 | 11 | אָנציען |
| 494 | 15 | זיצן |
| 504 | 2 | צו מאַכן |
| 513 | 14 | פאַרנונפטיק |
| 520 | 17 | קאפע מיט מילך |
| 520 | 28 | וואָלטן געווען |
| 529 | 27 | שוואַרצע |
| 547 | 25 | איינגעאָרדענטע |

Profound and holy are the words of our old sages!

In each generation a person is obligated to ponder upon how he himself would have gone out of Egypt . . .

In the present day, Egypt is again engineering a water crisis. The Arabs believe that waters will cause the annihilation of Israel. But through water they wanted to destroy Israel and through water were the Egyptians themselves destroyed . . .

They forget, however, that the Jews are always saved from the threat of water.

Every inch of the sacred feast of Pesach inspires strength and courage, is budding with redemption and trust, with happiness and joy.

Once before did we march through Egyptian waters, and the entire nation with Moses the redeemer, sang: Az Yashir!

The Suez and Aquaba waters bring on unrest to Israel, but the day is near when the words of the prophets will be heard:

"Therefore with joy shall ye draw **water** out of the wells of salvation."

Isaiah 12

The central motif, the motto of Pesach is "You will remember all your life — the exodus from Egypt." Be it when you practice the day-to-day mitzvoh, be it the Shabbat or the holidays.

Who knows the ways of G-d's Providence? Perhaps because Jews have slowly begun to forget the exodus from Egypt, are we being reminded of the old and ever-new

## C

### The Ever Present Water Crisis

Today there also exists a water crisis. The Suez Canal and the Gulf of Aquaba. With these waters, the present day Pharaoh intends to combat Israel.

Exodus 1

It is evident, that the present dictator of Egypt, Abdul Gamal Nasser, does not know the history of the ancient Egyptians . . .

His forefathers wanted to drown the future of Israel in the sea; his great great grandfather believed that when he would throw Jewish children into the sea, the nation of Israel would collapse.

The new Pharaoh also wants to encroach upon the State of Israel by closing the water-ways to her ships.

He forgets, this ruler of Egypt, that all that once happened can and will, with G-d's help recur.

Jews went through fire and water and they were saved! At the birth of the Jewish child in Egypt, the old Pharaoh wanted to drown it in the sea...at the exodus of the Jewish nation from Egypt, the old Pharaoh wanted to drown them in the sea.

The new Pharaoh has the same intention, the same politics, the same strategic tactics; either closing the water-ways, or to push Israel into the sea...it is the old story which is revived in each generation.

"In each generation they fall upon us and want to exterminate us, but the Holy One, blessed be He, is our constant savior."

Haggadah

